פּראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

מארקס — ענגעלס — לענין-אינסטיטוט באַם צק אלקפּ(ב)

# לענין

## וולאדימיר איליטש

קורצע באשרײַבונג פונעם לעבן און טעטיקייט

אָגיז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, מאָסקווע 1945

# I

וולאדימיר איליטש אוליאנאָוו (לענינ) — דער גרינדער פונעמ באָלשעוויזמ אונ פונ דער ערשטער אינ דער וועלט סאָציאליסטישער מעלוכע, — איז געבאָרנ געוואָרנ דעמ 10 (22) אפּרעל 1870 יאָר אינ דער שטאָט סימבירסק אפ דער וואָלגע (איצט אוליאנאָווסק).

זײַנ פאָטער, איליא ניקאָלײַעוויטש, האָט געשטאמט פונ מעשטשאנעס פונ דער שטאָט אסטראכאנ. נאָכ דעמ, ווי ער האָט געענדיקט די גימנאזיע אונ דעמ קאזאנער אוניווערסיטעט, איז ער אינ מעשעכ פונ 14 יאָר געווענ א לערער פונ מאטעמאטיק אונ פיזיק אינ פּענזע אונ אינ ניזשני-נאָווגאָראָד (איצט גאָרקי), פונ 1869 יאָר אָנ — אינספּעקטאָר אונ דערנאָכ דירעקטאָר פונ די פאָלקס-שולנ אינ סימבירסקער גובערניע. פאר די לאנגע יאָרנ דינסט האָט מענ אימ אריבערגעפירט אינ אדל-שטאנד. דאָס איז געווענ א געבילדעטער, פּראָגרעסיווער רוסישער מענטש, וואָס האָט זיכ מיט לײַב-אונ-לעבנ אָפּגעגעבנ דער אויפקלערונג פונ די פאָלקס-מאסנ. אנ ארבעטזאמער, ענערגישער, שטרענג בא דער ארבעט סײַ צו זיכ, סײַ צו די ארומיקע, א מענטש, וואָס האָט העכער פונ אלצ געשטעלט די אינטערעסנ פונ דער ארבעט, האָט אי. נ. אוליאנאָוו געשטרעבט צו דערציִענ די דאָזיקע אײַגנשאפטנ אויכ בא זײַנע קינדער. ער איז געשטאָרבנ דעמ 12 יאנואר 1886 יאָר.

לענינס מוטער, מאריִא אלעקסאנדראָוונא בלאנק, איז געווענ א דאָקטערס א טאָכטער. דאָס איז געווענ א מערקווירדיקע פרוי, א געבילדעטע, הויכ קולטורעלע אונ קלוגע. זי האָט פארמאָגט גרויסע ווילנסקראפט אונ א פעסטנ כאראקטער. זי איז געווענ גוט באקאנט מיט דער קינסטלערישער ליטעראטור, סײַ מיט דער רוסישער, סײַ מיט דער אויסלענדישער, האָט גוט באהערשט פראנצויזיש, דײַטש אונ ענגליש, האָט זיכ א סאכ פארנומענ מיט מוזיק. אָפּגעגעבנ זיכ אינגאנצנ דער מישפּאָכע, האָט זי אָנגענומענ אלע מיטלענ צו דערציִענ אירע קינדער אזוי, אז זיי זאָלנ זײַנ אָרנטלעכע, געבילדעטע, אידייִשע מענטשנ.

אלע קינדער פונ די אוליאנאָווס זײַנענ געוואָרנ רעוואָלוציאָנערנ: דער עלטערער זונ אלעקסאנדער — א נאראָדאָוואָלעצ; די איבעריקע, כוצ דער פרי-פארשטאָרבענער אָלגא, — אננא, וולאדימיר, דמיטרי, מאריִא — באָלשעוויקעס.

לענינ איז געווענ א לעבעדיק, זייער באגאבט קינד. צו פינפ יאָר האָט ער זיכ שוינ אויסגעלערנט לייענענ. צו נײַנ יאָר איז ער אָנגע-

קומענ אינ ערשטנ קלאס פונ דער סימבירסקער גימנאזיע. אדאנק זײַנע אויסערגעוויינלעכע פײִקײַטנ אונ דער ערנסטער באציִונג צו די לימודים האָט ער זיכ געלערנט אויסגעצײכנט אונ פלעגט אריבערגײנ פונ אײנ קלאס אינ אנדערנ מיט באלוינונגענ פונ דער ערשטער מאדרײגע. ווענ ער האָט געענדיקט די גימנאזיע, האָט ער גוט געקענט לאטײַנ, גריכיש, פראנצויזיש אונ דײַטש. וולאדימיר איליטש האָט גוט געקענט אויכ געשיכטע אונ ליטעראטור. באזונדערס האָט ער געהאלטנ פונ יענע ליטעראריִשע ווערק, וואָס די העלדנ זײערע האָבנ פארמאָגט א שטארקנ אײַזנפעסטנ כאראקטער.

זײַנ קינדהײַט אונ יוגנט האָט לענינ פארבראכט אינעמ וואָלגע־קאנט — אינ סימבירסקער, קאזאנער אונ סאמארער גובערניעס. דאָס זײַנענ געווענ טיפיש פויערשע גובערניעס. דאָ האָט ער פונ דער נאָענט געזענ דאָס פויערשע לעבנ, דעמ דאלעס אונ די פינצטערניש, דעמ אומענטשלעכנ יאָכ אונ די רויבערישע עקספלואטאציע, וואָס האָבנ געהערשט אינ דאָרפ, ער פלעגט דאָ שטענדיק האָבנ פארבינדונגענ מיט ארבעטס־מענטשנ. ער האָט געזענ, ווי באגלײַכ מיט די רוסישע ארבעטנדיקע מאסנ ווערנ אונטערדריקט די פילצאָליקע נאציאָנאליטעטנ — טשוּוואשנ, מאָרדווינער, טאָטערנ אא. שוינ אינ די יוגנט־יאָרנ האָט ער אָנגעהויבנ האסנ די אונטערדריקונג, וואָס עס האָבנ געהאט אויסצושטײנ די ארבעטנדיקע מאסנ, אָנגעהויבנ האסנ דעמ נאציאָנאלנ יאָכ.

לענינס לערנ־ אונ יוגנט־יאָרנ זײַנענ צונויפגעפאלנ מיט אײנעמ פונ די פינצטערסטע פעריאָדנ אינ דער געשיכטע פונ רוסלאנד. די דאָזיקע יאָרנ האָט לענינ שפעטער אָנגערופנ — פעריאָד פונ „צעיושעטער, אומגעהײער זינלאָזער אונ כײַישער רעאקציע“[1]. דער צאריזמ האָט טריומפירט, ווענ ער האָט צעגראָמירט די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג פונ די 70־ער יאָרנ. נאָכ דעמ, ווי די נאראָדאָוואָלצעס האָבנ אינ 1881 יאָר דערהארגעט אלעקסאנדער דעמ II, האָט זיכ די זעלבסטהערשערישע רעגירונג געשטעלט מאכנ צוניִשט אפילע די נעבעכדיקע רעפאָרמעס פונ די 60־ער יאָרנ. די פולע מאכט איבער די פויערימ האָבנ באקומענ די זעמסקע נאטשאלניקעס, באשטימט פונ צווישנ דעמ אדל. עס איז פארווערט געוואָרנ ניט בלויז די דעמאָקראטישע, נאָר קימאט די גאנצע ליבעראלע פרעסע. די רעאקציע האָט געבושעוועט אויכ אינ די שולנ; דאָס מיניסטעריומ פאר פאָלקס־בילדונג, אָדער, ווי לענינ פלעגט עס שפעטער אָנרופנ, „מיניסטעריומ פאר פאָלקס־פארפינצטערונג“, האָט געשטרעבט אויסצובילדנ פונ דער שטודירנדיקער יוגנט טרײַע מעשאָרסימ פונ דער זעלבסטהערשונג. דער גרענעצלאָזער ווילקיר פונ דער צארישער רעגירונג, די אבסאָליוטע רעכטלאָזיקײַט אונ די אומדערהערטע אונטערדריקונג פונ די ארבעטער אונ פויערימ, דער ווילדער נאציאָנאלער יאָכ, די פאכדאָנעס פונ די ליבעראלנ אונ זײערע עקלהאפטע קריכנ אפ אלע פיר פאר די רעאקציאָנערנ — אָט דאָס איז דאָס בילד פונ דעמ דעמאָלטיקנ רוסישנ לעבנ.

לענינ האָט פרי אָנגעהויבנ צו פארטראכטנ זיכ וועגנ דעמ ארומיקנ לעבנ, אויפמערקזאמ זיכ צוהערנ צו די פאָליטישע שמועסנ פונ די רע־

---

[1] לענינ. ווערק, 4־טע אויפלאגע, ב. 1, ז. 237.

וואקסענע. ער האָט א סאך געלייענט אונ האָט שוינ אינ דער פריער יוגנט געהאט איבערגעלייענט דאָס בעסטע, וואָס עס האָט געגעבנ די רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראטישע פובליציסטיק אינ רוסלאנד. אינ עלטער פונ 14—15 יאָר האָט זיך לענינ באקענט מיט טשערנישעווסקיס ראָמאנ „וואָס דארפ מענ טאָנ?“, וועלכער האָט געמאכט אפ אימ א שטארקנ רושעמ. ער האָט אויך געלייענט דאָבראָליובאָווס אונ פיסארעווס ווערק אונ אנדערע ביכער, וועלכע מע האָט דעמאלט געהאלטנ פאר „פארווערטע“. ער האָט גוט געוווסט די פאָעטנ דעמאָקראטנ פונ נעקראסאָווס פעריאָד.

א גרויסע ווירקונג אפנ יונגנ לענינ האָט געהאט דער עלטערער ברודער אלעקסאנדער, מיט וועלכנ ער האָט זיך שטארק געכאווערט. אלעקסאנדער איז געווענ אנ ערנסטער באָכער, וואָס האָט זיך שטרענג באצויגנ צו זיך אונ צו זײַנע פליכטנ. ווענ אלעקסאנדער איז זומערצײַט, אינ די יאָרנ 1885 אונ 1886, געקומענ אפ די קאניקולנ אהיימ פונ פעטערבורג, וווּ ער האָט זיך געלערנט אינ אוניווערסיטעט אפנ פיזיש-מאטעמאטישנ פאקולטעט, האָט ער געבראכט מיט זיך מארקס' „קאפיטאל“. שוינ דעמאלט האָט זיך לענינ אָנגעהויבנ באקענענ מיט דעמ דאָזיקנ ווערק.

בא לענינענ האָט זיך פרי אָנגעהויבנ אויסבילדנ א פײַנטלעכע באציונג צו דער גאנצער געזעלשאפטלעכ-פאָליטישער אָרדענונג אינעמ צארישנ רוסלאנד. שוינ אינ די עלטערע קלאסנ גימנאזיע איז ער געווענ רעוואָליוציאָנער געשטימט. די דאָזיקע שטימונגענ האָבנ זיך געלאָזט פילנ אינ זײַנע שול-ארבעטנ. אָפגעבנדיק אימ איינמאָל זײַנע א שריפטלעכע ארבעט, האָט אימ דער גימנאזיע-דירעקטאָר געזאָגט מיט אנ אומצופרידענעמ טאָנ: „וועגנ וועלכע אונטערדריקטע קלאסנ שרײַבט איר עס דאָ, וואָס פאר א שײַכעס האָט עס אהער?“

אנ איבערבראָכ אינ לענינס לעבנ איז פאָרגעקומענ אינעמ יאָר 1887, ווענ ער האָט זיך ענדגילטיק געשטעלט אפנ רעוואָליוציאָנערנ וועג.

אָנהייב יאָר 1887 האָט די מישפּאָכע אוליאנאָווס געטראָפנ א גרויסער אומגליק. פאר אָנטיילנעמענ אינ צוגרייטנ דעמ אטענטאט אפנ לעבנ פונעמ צאר אלעקסאנדער דעמ III איז דעמ 1 מארט ארעסטירט געוואָרנ אינ פעטערבורג וולאדימיר איליטשס ברודער — אלעקסאנדער אוליאנאָוו. גלײַכצײַטיק איז ארעסטירט געוואָרנ אויך די עלטערע שוועסטער אננא, וואָס האָט זיך אויך געלערנט אינ פעטערבורג.

א נאָענטער פרײַנט פונ דער מישפּאָכע אוליאנאָווס — וו. וו. קאשקאדאמאָווא דערציילט אינ אירע דערינערונגענ, וויאזוי זי האָט, באקומענדיק פונ פעטערבורג די יעדיע וועגנ אלעקסאנדערס ארעסט, ארויסגערופנ לענינענ פונ גימנאזיע (ער האָט זיך דעמאלט געלערנט אינ לעצטנ קלאס — אינ אכטנ), קעדיי זיך מיט אימ אנ אייצע האלטנ, וויאזוי צוצוגרייטנ מאריא אלעקסאנדראָוונא צו אָט דער שווערער יעדיע. דורכגעלייענט דעמ בריוו, האָט לענינ לאנג געשוויגנ, די ברעמענ זײַנענ בא אימ צונויפגעצויגנ געוואָרנ. „ס'איז אקעגנ מיר געזעסנ, — שרײַבט זי אינ אירע דערינערונגענ, — שוינ ניט דאָס פריערדיקע זאָרג-

לאָזע, לעבנסלוסטיקע יינגל, נאָר א דערוואקסענער מענטש, וואָס האָט זיכ טיפ פארטראכט איבער א וויכטיקער פראגע.

„דער איניענ איז דאָכ טאקע אנ ערנסטער, — האָט ער געזאָגט: — עס קאָנ זיכ שלעכט ענדיקנ פאר סאשענ“.

מאריא אלעקסאנדראָוונאס אלע פרווונ צו ראטעווענ דעמ עלטערנ זונ פונ טויט האָבנ קיינ דערפאָלג ניט געהאט. ער איז אופגעהאנגענ געוואָרנ אינ דער שליסעלבורגער פעסטונג דעמ 8 מײַ 1887 יאָר.

ווי נאָר עס איז באוווּסט געוואָרנ וועגנ אלעקסאנדער אוליאנאָווס ארעסט, האָט זיכ די גאנצע סימבירסקער ליבעראלע „געזעלשאפט“ אָפגעטרייסלט פונ דער מישפאָכע אוליאנאָוו; צו זיי האָבנ אופגעהערט צו קומענ אפילע די נאָענטסטע באקאנטע. אָט די אלגעמיינע פאכדאָ-נעס האָט געמאכט אפנ יונגנ לענינ זייער א שטארקנ אײַנדרוק. ער האָט דערקענט דעמ עמעסנ ווערט פונ דער ליבעראלער פלוידערײַ.

דעמ ברודערס טויט האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אפ לענינס באשלוס צו גיינ מיטנ רעוואָליוציאָנערנ וועג. נאָר ווי גרויס עס איז ניט געווענ די פיעטעט צו דעמ ברודערס העלדישקײַט, האָט לענינ שוינ דעמלט געהאלטנ, אז טעראָר איז ניט דער ריכטיקער וועג פונ קאמפ קעגנ דער זעלבסטהערשונג, ער דערגרייכט ניט דעמ ציל. ווענ לענינ האָט זיכ געהאט דערוווּסט, אז אלעקסאנדער נעמט אָנטייל אינ א טע-ראָריסטישער אָרגאניזאציע, האָט ער געזאָגט: „ניינ, מיר וועלנ גיינ ניט מיט אזא וועג. ניט מיט אזא וועג דארפ מענ גיינ“.

געענדיקט די גימנאזיע מיט א גאָלדענעמ מעדאל, איז לענינ דעמ 13 אויגוסט 1887 יאָר אָנגעקומענ אפנ יורידישנ פאקולטעט פונעמ קאזאנער אוניווערסיטעט.

לענינ האָט אינגיכנ אָנגעקניפט אינ קאזאנ פארבינדונגענ מיט די רעוואָליוציאָנערנ אונ האָט אָנטייל גענומענ אינ א סטודענטיש קרײַזל פונ א „העכסט שעדלעכער ריכטונג“, לויט דער אָפשאציקונג פונ דער צארישער אָכראנקע. צווישנ די סטודענטנ האָט זיכ לענינ אויס-געטיילט אינ אלע הינזיכטנ. ער איז געווענ רעוואָליוציאָנער געשטימט, ענערגיש, אָנגעלייענט, פלעגט מיט איבערצײַגטקײַט פארטיידיקנ זײַנע אָנשויונגענ. אינ אוניווערסיטעט איז לענינ געווענ אונטער א ספעציע-לער אופזיכט פונ דער זשאנדארמעריע אונ פונ דער אוניווערסיטעט-אדמיניסטראציע.

די צארישע רעגירונג האָט אכטונג געגעבנ, אז די אוניווערסיטעט-קאטעדרעס זאָלנ פארנעמענ בלויז פראָפעסאָרנ רעאקציאָנערנ. זי האָט פארפאָלגט אלע סטודענטישע אָרגאניזאציעס. ס'איז אײַנגעשטעלט גע-וואָרנ א באזונדערס שטרענגע אופזיכט איבער די סטודענטנ; אלע קרײַזלעכ אונ געזעלשאפטנ, אפילע אזעלכע, וואָס האָבנ זיכ געשטעלט די אופגאבע צו געבנ מאטעריעלע הילפ, האָט מענ כוישעד געווענ אינ אנטירעגירונגס-צילנ. פאר אָפאָזיציאָנעלע ארויסטרעטונגענ פלעגט מענ די סטודענטנ ארײַנזעצנ אינ קארצער. די פאָליטיק פונ פאָליציייִשע פארפאָלגונגענ האָט ארויסגערופנ צווישנ די סטודענטנ שארפע פראָ-טעסטנ. די דירעקטע סיבע, וואָס האָט פארשטארקט די סטודענטישע אומרוענ אינ 1887 יאָר, איז געווענ דאָס, וואָס מע האָט גענומענ דורכ-

פירנ דעמ רעאקציאָנערנ אזויגערופענעמ „אוניווערסיטעט־סטאטוט פונ 1884 יאָר“. סאָפ נאָיאבער האָבנ זיכ אָנגעהויבנ סטודענטישע אומרוענ אינ מאָסקווע, אונ זיי האָבנ זיכ זייער שנעל אריבערגעוואָרפנ אינ דער פראָווינצ. דעמ 4 דעקאבער 1887 יאָר האָבנ זיכ אָנגעהויבנ אומרוענ אויכ אינעמ קאזאנער אוניווערסיטעט. לענינ האָט גענומענ דעמ סאמע טעטיקנ אָנטייל סײַ אינ די באראטונגענ, וואָס האָבנ צוגעגרייט די ארויסטרעטונגענ פונ די סטודענטנ, סײַ אינ די ארויסטרעטונגענ גופא.

די צארישע אדמיניסטראציע האָט לאנג ניט געטראכט, — אפ די סטודענטנ האָט זיכ טייקעפ א שאָט געטאָנ א האָגל רעפרעסיעס. אינ דער נאכט פונ 4 אפנ 5 דעקאבער איז לענינ ארעסטירט געוואָרנ אינ זײַנ וווינונג; גלײַכצײַטיק איז ארעסטירט געוואָרנ אויכ א ריי אַנדערע אקטיווע אָנטיילנעמער אונ אָרגאניזאטאָרנ פונ דער רעוואָליוציאָנערער סטודענטישער באוועגונג.

„— וואָס בונטעוועט איר, יונגערמאנ? עס שטייט דאָכ א וואנט פאר אײַכ“, — האָט געזאָגט צו לענינענ דער פריסטאוו, וואָס האָט אימ באגלייט צו דער טורמע.

„— א וואנט, אָבער א פוילע, גיב זי א שטויס — אונ זי פאלט זיכ פאנאנדער“, — האָט געענטפערט לענינ.

אינ טורמע זיצנדיק האָבנ די סטודענטנ זיכ איינמאָל צונויפגעקליבנ אונ אָנגעהויבנ פרעגנ איינער באמ צווייטנ, וואָס וועלנ זיי טאָנ, ווענ מע וועט זיי באפרײַענ. ווענ די ריי איז דערגאנגענ צו לענינענ אונ מע האָט געפרעגט בײַ אימ: „נו, אונ דו, אוליאנאָוו, וואָס טראכטסטו צו טאָנ דערנאָכ?“ — האָט ער געענטפערט, אז פאר אימ איז דאָ נאָר איינ וועג — דער וועג פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ.

דעמ 5 דעקאבער איז לענינ אויסגעשלאָסנ געוואָרנ פונ אוניווערסיטעט, אונ אינ צוויי טעג ארומ, דעמ 7 דעקאבער 1887 יאָר, איז ער ארויסגעשיקט געוואָרנ אינ דאָרפ קאָקושקינאָ, קאזאנער גובערניע, אונטער געהיימער פאָליציי־אויפזיכט. דאָרט האָט זיכ אויכ באזעצט זײַנ שוועסטער אננא איליניטשנא — די פארשיקונג קיינ סיביר האָט מענ איר פארביטנ אפ אָפענער פאָליציי־אויפזיכט.

אזוי האָט דער זיבעצניאָריקער לענינ אינ דעמ ערשטנ צוזאמענשטויס מיט דער צארישער זעלבסטהערשונג אָנגעהויבנ זײַנ רעוואָליוציאָנערנ וועג. פונ דעמלט אָנ האָט לענינ זײַנ גאנצ לעבנ אָפגעגעבנ דעמ קאמפ קעגנ דער זעלבסטהערשונג אונ קעגנ דעמ קאפיטאליזמ, צו באפרײַענ די ארבעטנדיקע פונ יאָכ אונ עקספלואטאציע.

די צארישע אָכראנקע האָט אפ איר שטייגער אָפגעמערקט דעמ אָנהייב פונ דער רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט פונעמ זיבעצניאָריקנ לענינ. די זשאנדארמענ האָבנ מיטגעטיילט דעמ קאזאנער גובערנאטאָר, אז לענינ, וואָס איז ארויסגעשיקט אינ דאָרפ קאָקושקינאָ, האָט „גענומענ א טעטיקנ אָנטייל אינ אָרגאניזירנ רעוואָליוציאָנערע קרײַזלעכ צווישנ דער קאזאנער שטודירנדיקער יוגנט“. דעמ 27 דעקאבער 1887 יאָר איז איבער אימ אײַנגעשטעלט געוואָרנ א קעסיידערדיקע געהיימע אויפזיכט מיצאד פאָליצייִשע שפיקנ. פונ דעמלט אָנ האָט די זשאנדארמעריע ניט אראָפגענומענ קיינ אויג פונ לענינענ אונ פונ דער גאנצער

מישפּאָכע אוליאַנאָווס. וועגנ יעדנ טראָט לענינס זיינע געפלויגנ פּאָליציישע מיטיילונגענ אינעמ פּאָליצײ־דעפּאַרטאַמענט.

בא א יאָר צייט האָט לענינ פאַרבראַכט אינעמ קליינעמ, פאַרוואָרפענעמ דערפל. ער האָט א סאַך געלייענט און האָט זיך פלייסיק פאַרנומענ מיט זעלבסטבילדונג. שוינ דעמלט האָט לענינ ארויסגעוויזנ די פייִקייט סיסטעמאַטיש צו ארבעטנ לויט א שטרענגנ דורכגעטראַכטנ פּלאַנ. פונ די פריִע יונגט־יאָרנ אָנ האָט ער אקשאָנעסדיק אַנטוויקלט אינ זיך א קאָלאָסאַלע ארבעטספייִקייט.

אָנהייב אָקטיאַבער 1888 יאָר איז לענינ דערלויבט געוואָרנ אריבערצופאָרנ קיינ קאַזאַנ, וווּ עס האָט געוווינט זיינ מוטער מאַריִא אַלעקסאַנדראָוונא מיט די ייִנגערע קינדער. אָנקומענ אינ אוניווערסיטעט האָט מענ אים אָבער ניט דערלויבט. ווענ לענינ האָט זיך געווענדט מיט א ביטע, מע זאָל אים דערלויבנ ארויספאָרנ קיינ אויסלאַנד, כּדי דאָרט פאָרצוזעצנ זיינ בילדונג, האָט דער פּאָליצײ־דעפּאַרטאַמענט פאָרגעלייגט דעמ גובערנאַטאָר: „קיינ אויסלענדישנ פּאַס ניט ארויסגעבנ אים“.

אינ קאַזאַנ האָט זיך לענינ באַקענט מיט אָנטיילנעמער פונ פאַרשיידענע אומלעגאַלע רעוואָליוציאָנערע קרייזלעכ. מאַרקס' ווערק, אינ אָריגינאַל און איבערזעצונג, פלעכאַנאָווס ביכער, וואָס זיינענ געווענ געווענדט קעגנ דעמ פּאָפּוליזמ, — באַזונדערס „אונדזערע מיינונגס־פאַרשיידנהייטנ“, — פלעגט מענ אינ אָט די קרייזלעכ לייענענ און הייס באַהאַנדלענ זיי. אינ די פּאָליצייִשע ראַפּאָרטנ איז, אויפנ גרונט פונ דער געהיימער אויפזיכט איבער לענינענ, געזאָגט געוואָרנ, אז ער „האָט א שעדלעכע ריכטונג“, פירט „באַקאַנטשאַפט מיט פאַרדעכטיקע פּערזאָנענ“.

הארבסט 1888 יאָר האָט לענינ אָנגעהויבנ ערנסט צו שטודירנ קאַרל מאַרקס' „קאַפּיטאַל“. דער דאָזיקער בוך האָט געמאַכט אויפ אימ אנ אומגעהייער שטאַרקנ איינדרוק. „מיט גרויס היץ און באַגייסטערונג, — שרייבט א. אי. אוליאַנאָווא־יעליזאַראָווא אינ אירע דערינערונגענ, — האָט ער מיר דערציילט וועגנ די יעסוידעס פונ מאַרקס' טעאָריע און וועגנ יענע נייע האָריזאָנטנ, וועלכע זי אַנטפּלעקט... פונ אימ האָט מאַמעש געעטעמט מיט מונטערנ גלויבנ, און דער גלויבנ פלעגט זיך איבערגעבנ אויכ די מיטשמועסער. ער האָט שוינ דעמלט געקענט איבערצייגנ און מיטרייסנ מיט זיינ וואָרט. שוינ דעמלט האָט ער, בייםנ שטודירנ עפּעס, בייםנ אויסגעפינענ נייע וועגנ, ניט געקענט ניט טיילנ זיך דערמיט מיט אַנדערע, ניט פאַרווערבירנ זיך קיינ אָנהענגער. אזוינע אָנהענגער, יונגע מענטשנ, וואָס האָבנ אויכ שטודירט מאַרקסיזמ אינ זייערע געווענ רעוואָליוציאָנער געשטימט, האָט ער איינגיכנ געפונענ אינ קאַזאַנ“ [1].

צו יענער צייט טאַקע איז לענינ אריינגעטראָטנ אינ איינעמ פונ די קאַזאַנער מאַרקסיסטישע קרייזלעכ, וועלכע עס האָט אָרגאַניזירט נ. יע. פעדאָסייעוו, וואָס איז טראַגיש אומגעקומענ אינ סיבירער פאַרשיקונג אינ 1898 יאָר. די כאַדאָשימ, וואָס לענינ האָט אָנטיילגענומענ

---

[1] א. אי. אוליאַנאָווא־יעליזאַראָווא. דערינערונגענ וועגנ איליטשנ, 1934, ז. 31.

אינ פעדאָסייעווס קרײַזל, האָט ער ניט אופגעהערט אקשאָנעסדיק צו ארבעטנ איבער זיכ, צו ארבעטנ איבערנ באהערשנ די טעאָריע פונ מארקסיזמ.

דעמ מארקסיזמ איז דעמאלט אומגעהייער שווער געווענ זיכ דורכצושלאָגנ א וועג אינ רוסלאנד. דער פאָלקיזמ האָט נאָכ אלצ פעסט געהאלטנ אונטער זײַנ אײַנפלוס די רעוואָליוציאָנער געשטימטע אינטעליגענצ אונ האָט מער פונ אלצ געשטערט דער פארשפרייטונג פונעמ מארקסיזמ. כאראקטעריזירנדיק דעמ דאָר רעוואָליוציאָנערנ פונ די 80-ער יאָרנ, האָט לענינ געשריבנ: „פיל פונ זיי האָבנ אָנגעהויבנ רעוואָליוציאָנער צו דענקענ אלס נאראָדאָוואָלצעס. קימאט אלע האָבנ אינ דער פריער יוגנט היסלאוועסדיק פארהערלעכט די העלדנ פונ טעראָר. דאָס אָפזאָגנ זיכ פונ דעמ באצויבערנדיקנ אײַנדרוק פונ דער דאָזיקער העראָיענ-טראדיציע האָט געקאָסט קאמפ, פלעגט ברענגענ צו אנ אײַנרײַס מיט די מענטשנ, וועלכע האָבנ אומבאדינגט געוואָלט בלײַבנ טרײַ דער „נאראָדנאיא וואָליא“ אונ וועמענ די יונגע סאָציאַל-דעמאָקראטנ האָבנ שטארק געאכט. דער קאמפ האָט געצוווּנגענ צו לערנענ זיכ, צו לייענענ אומלעגאלע ווערק פונ אלערליי ריכטונגענ...“[1].

די צאָל אָנהענגער פונ דער מארקסיסטישער לערע איז דעמאלט אינ רוסלאנד געווענ ביז גאָר אומבאדײַטנדיק. וולאדימיר איליטש איז געווענ איינער פונ די ערשטע רוסישע מארקסיסטנ. פרי, נאָכ אלס גאָר יונגער באָכער, האָט ער שוינ פארשטאנענ די פעלערהאפטיקײַט פונעמ פאָלקיסטישנ וועג, פארשטאנענ די צוועקלאָזיקײַט אונ שעדלעכקײַט פונ די טעראָריסטישע מעטאָדנ פונ קאמפ קעגנ צאריזמ. אינ דער טעאָריע פונ מארקסיזמ האָט זײַנ פאָרשנדיקער, שארפער אונ ניכטערער אינטעלעקט דערזענ א מעכטיק געווער, וואָס זיכערט דעמ זיג אינעמ קאמפ קעגנ דער אָרדענונג פונ פאָליטישער רעכטלאָזיקײַט אונ רויבערישער עקספּלואטאציע פונ די פאָלקס-מאסנ.

די אופלעבונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעט אינ קאזאנ האָט באאומרויִקט די זשאנדארמענ. אינ יול 1889 יאָר איז ארעסטירט געוואָרנ פעדאָסייעוו. עס איז צעגראָמירט געוואָרנ אויכ דאָס קרײַזל, אינ וועלכנ עס האָט אָנטייל גענומענ לענינ. דאָס מאָל אָבער האָט לענינ אָפּגעגליקט—ער האָט אויסגעמיטנ א נײַעמ ארעסט, וואָס וואָלט געהאט פאר אימ ערנסטערע פאָלגנ, איידער דער ערשטער. געשענ איז עס דערפאר, ווײַל מיט צוויי כאדאָשימ פאר די מאסנ-ארעסטנ פונ די מיטגלידער פונ פעדאָסייעווס קרײַזלעכ, דעמ 3 מײַ 1889 יאָר, איז די גאנצע מישפּאָכע אוליאנאָווס אריבערגעפאָרנ וווינענ אינ סאמארער גובערניע. צוערשט האָט לענינ געוווינט מיט דער מישפּאָכע אינ א כוטאָר לעבנ דעמ דאָרפ אלאקײַעווקע, 50 ווערסט פונ סאמארע, אונ זײַט הארבסט 1889 יאָר — אינ סאמארע. אויכ דאָ האָבנ די זשאנדארמענ אונ דער קוראטאָר פונעמ קאזאנער בילדונגס-קרײַז אָרגאניזירט א קעסיידערדיקע אופזיכט איבער לענינענ אונ איבער זײַנ גאנצער מישפּאָכע.

---

1 לענינ. ווערק, ב. IV, ז. 499.

לענינ איז געקומענ צו פאָרנ קיינ סאמארע אלס איבערצײַגטער מארקסיסט.

סאמארע איז דעמלט געווענ א פעסטונג פונעמ פאָלקיזמ. צווישנ די, וואָס האָבנ זיכ געפונענ אונטער אופזיכט, און צווישנ די פארשיקטע (פונ די פאָליציייִשע מאטעריאלנ איז צו זענ, אז אזוינע איז דאָרט געווענ א מאנ 40) האָבנ לאכלוטנ געהערשט די אָנהענגער פונ דער פאָלקיסטישער ריכטונג — סאָנימ פונעמ מארקסיזמ, וועלכע האָבנ ניט פארשטאנענ די געזעצנ פונ דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. די פאָלקיסטנ האָבנ געהאלטנ, אז דער קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד איז א „צופעליקע" דערשײַנונג, און האָבנ געלייקנט אינ דער מעגלעכקײַט פונ זײַנ אנטוויקלונג. זיי האָבנ געלייקנט די אוואנגארד-ראָליע פונעמ ארבעטער-קלאס אינ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג און האָבנ געגלייבט, אז דער סאָציאליזמ וועט קומענ דורכ דער פויערשער געמיינדע.

צו דער צײַט, ווענ לענינ איז געקומענ צו פאָרנ קיינ סאמארע, זײַנענ דאָרט געווענ עטלעכע קרײַזלעכ פונ דער רעוואָליוציאָנער געשטימטער שטודירנדיקער יוגנט. איינס פונ די אָנגעזעענסטע איז געווענ א. פ. סקליארענקאָס קרײַז. אינעמ קרײַז האָט מענ זיכ פארנומענ מיט היסטאָרישע, עקאָנאָמישע און פילאָסאָפישע פראגנ, מע האָט שטודירט די פויערימ-פראגע. די אלגעמיינע ריכטונג פונ אָט דעמ קרײַז איז געווענ א פאָלקיסטישע. סקליארענקאָ האָט אויכ געהאט פארבינדונגענ מיט ארבעטער, באזונדערס מיט אײַזנבאנ-ארבעטער. אונטער דעמ אײַנפלוס פונ לענינענ, וואָס האָט באקאנט געמאכט די אָנטיילנעמער פונעמ קרײַז מיט דער מארקסיסטישער לערע, האָט זיכ סקליארענקאָ אינגיכנ צעשיידט מיט זײַנע פאָלקיסטישע אָנשויונגענ און איז געוואָרנ א מארקסיסט.

אינ סקליארענקאָס קרײַז און אינ די אנדערע אומלעגאלע קרײַזלעכ פונ דער רעוואָליוציאָנערער יוגנט פלעגט לענינ ארויסטרעטנ מיט דער פראָפאגאנדע פונ מארקסיזמ און מיט דער קריטיק פונ פאָלקיזמ. ער האָט געהאלטנ רעפעראטנ וועגנ דעמ בוכ פונ דעמ באוווסטנ פאָלקיסט וו. וו. (וו. פ. וואָראָנצאָוו) „דער גורל פונעמ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד", וועגנ די ארבעטנ פונ די פאָלקיסטנ מיכײַלאָווסקי און יוזשאקאָוו, וועגנ די „עטיודנ וועגנ אונדזער געזעלשאפטלעכער נאָכרעפאָרמע-ווירטשאפט" פונעמ פאָלקיסט ניקאָלײַ — אָנ (נ. פ. דאניעלסאָנ). ער האָט אויכ געהאלטנ א רעפעראט וועגנ ק. מארקס' בוכ „דער דאלעס פונ פילאָסאָפיע". אינ אָט די רעפעראטנ, שטרײַטנ און שמועסנ פלעגט לענינ שוינ דעמלט אלעמענ איבערראשנ מיט זײַנ טיפנ קענענ דעמ מארקסיזמ. די אָנטיילנעמער פונ די סאמארער קרײַזלעכ האָבנ מיטגעטיילט אינ זייערע בריוו, אז אינ סאמארע געפינט זיכ דער אונטעראופזיכטיקער סטודענט אוליאנאָוו, וואָס טיילט זיכ אויס מיט זײַנ אינטעלעקט און געבילדעטקײַט.

אינ סאמארע האָט לענינ ניט אויפגעהערט פלײַסיק צו שטודירנ מארקס' און ענגעלסעס ווערק, דעריקער אפ דײַטש און פראנצויזיש, ווײַל זייער וויניק ארבעטנ זייערע זײַנענ געווענ דערשינענ אפ רוסיש. לענינ גופא האָט איבערגעזעצט אפ רוסיש מארקס' און ענגעלסעס

„מאניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי". דעמ מאנוסקריפט פונ דער איבערזעצונג האָט מענ געלייענט אינ די סאמארער קרייַזלעכ; ער איז פארניכטעט געוואָרנ בייַ די פאָליציייִשע אונטערזוכונגענ.

לענינ האָט געזוכט צו באקענענ זיכ מיט דער פארגאנגענהייט פונ דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, האָט געשמועסט אפ די דאָזיקע טעמעס מיט די אָנגעזעענסטע נאראָדאָוואָלצעס, וואָס האָבנ זיכ נאָכ דער פארשיקונג באזעצט אינ סאמארע.

לענינענ איז פרעמד געווענ דאָס סכאָלאסטישע, אבסטראקטע אויפאסנ די מארקסיסטישע טעאָריע. פאר אימ איז דער מארקסיזמ שטענדיק געווענ ניט קיינ טויטע דאָגמע, נאָר א לעבעדיקע ריכטליניע אינ דער רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט. פראָפאגאנדירנדיק די לערע פונ מארקס—ענגעלס, איז דער צוואנציקיאָריקער לענינ צוגעטראָטנ צומ טיפנ דערלערנענ די עקאָנאָמישע אונ פאָליטישע אנטוויקלונג פונ רוסלאנד.

לענינ האָט גרינטלעכ שטודירט די עקאָנאָמישע פאָרשונגענ פונ די פאָלקיסטנ. ער האָט קאָנטראָלירט אונ זעלבשטענדיק איבערגעארבעט דעמ גאנצנ פאקטישנ מאטעריאל, וואָס אפ זייַנ גרונט האָבנ די פאָלקיסטנ געבויט זייערע פאלשע אויספירנ. ער האָט זיכ אָנגעהויבנ פארנעמענ מיט סטאטיסטיק, האָט דערלערנט א קאָלאָסאלנ מאטעריאל וועגנ דער עקאָנאָמישער לאגע פונ רוסלאנד, באזונדערס די אָנגאבנ פונ דער זעמסקער סטאטיסטיק וועגנ דער פויערימ-ווירטשאפט. „די זעמסקע סטאטיסטיק, — האָט דעמלט געשריבנ לענינ — גיט א קאָלאָסאלנ אונ ביז גאָר דעטאלנ מאטעריאל וועגנ דער עקאָנאָמישער לאגע פונעמ פויערטומ"[1].

טעאָרעטיש דערלערנענדיק די פויערימ-ווירטשאפט, פלעגט לענינ די אויספירנ זייַנע קאָנטראָלירנ אינ דער פראקטיק, דירעקט זיכ באקענענדיק מיטנ לעבנ פונעמ פויערטומ. אינ משך פונ די פינפ זומער-סעזאָנענ (1889—1893), וואָס ער האָט פארבראכט אינ אלאקייעווקע, פלעגט לענינ אָפט שמועסנ מיט די פויערימ, אויפמערקזאמ צוקוקנ זיכ צו זייער שטייגער. לויט לענינס ביטע האָט סקליארענקאָ דורכגעפירט א סטאטיסטישע אויספאָרשונג פונ דרייַ וואָלאָסטנ פונעמ סאמארער אויעזד. דאָס קארטל פונ דער דאָזיקער אויספאָרשונג פונ יעדנ הויפ האָט לענינ אליינ צונויפגעשטעלט.

זייַנע אויספירנ, וואָס זייַנענ ארויסגעדרונגענ פונ טיפנ אונ זאָרגזאמענ דערלערנענ די רוסישע עקאָנאָמיק, האָט לענינ פאָרמולירט אינ דעמ אויסגעצייכנטנ ארטיקל „די נייַע ווירטשאפטלעכע באוועגונגענ אינעמ פויערימ-לעבנ (אָנגעשריבנ פרילינג 1893 יאָר) — די ערשטע פונ זייַנע ליטעראַרישע ארבעטנ, וואָס זייַנענ צו אונדז דערגאנגענ. אינ אָט דעמ ארטיקל האָט ער געגעבנ א קריטישנ אנאליז פונ וו. פאָסטניקאָווס בוכ „די דאָרעמ-רוסישע פויערימ-ווירטשאפט", וואָס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ אפנ סמך פונ זעמסקע סטאטיסטישע ידיעות אונ דעמ אויטאָרס פערזענלעכע באאָבאכטונגענ אינ יעקאטערינאָסלאווער, כערסאָנער אונ טאווּרישער גובערניעס. לענינ האָט הויכ געשעצט דעמ

[1] לענינ, ווערק, 4-טע אויפלאגע, ב. I, ז. 3.

טייל פונ בוכ, ווו פּאָטשניקאָוו האָט אפּ א רײַכנ פאקטישנ מאטעריאל באווײַזנ, אז צווישנ דעמ רוסישנ פּויערטומ עקזיסטירט א דיפערענציאציע. לענינ האָט אָבער אָפּגעוואָרפנ זײַנע ליבעראל-פּאָלקיסטישע אויספירנ און פאַרשלאָגנ. דער ארטיקל באווײַזט, מיט וואָס פאר א טיפקײַט און זעלבשטענדיקײַט דער יונגער לענינ האָט אָנגעווענדט דעמ מעטאָד פונ מארקסיזמ באמ אנאליזירנ די קאָמפּליצירטסטע פראגנ פונעמ רוסישנ לעבנ.

אינ זײַנ קאָרעספּאָנדענצ פונ יענעמ פעריאָד האָט לענינ אפּ אזא אופנ פאָרמולירט די אויספירנ, וואָס זײַנענ ארויסגעדרונגענ פונ אָט דעמ ארטיקל זײַנעמ:

„די האנאָכעס, וואָס זײַנענ געבראכט געוואָרנ אינ אימ, זײַנענ פאר מיר א יעסאָד פאר פיל מער וויכטיקע אונ א סאכ ווײַטער גייענדיקע אויספירנ, איידער דאָס איז געמאכט געוואָרנ אינ דעמ ארטיקל גופע. די צעלייגונג פונ אונדזערע קליינ-פראָדוצירער (פּויערימ אונ קוסטארנ) האלט איכ פארנ גרונט- אונ הויפּט-פאקט, וואָס מאכט קלאָר די פראגע וועגנ אונדזער שטאָטישנ קאפּיטאליזמ אונ גרויס-קאפּיטאליזמ, א פאקט, וואָס צעשטערט דעמ מיפ וועגנ דער ספּעציפישער סטרוקטור פונ דער פּויערימ-ווירטשאפט (דאָס איז פונקט אזא בורזשואזע סטרוקטור מיט דעמ אונטערשייד בלויז, וואָס זי איז פיל מער נאָכ ארומגעוויקלט מיט פעאָדאלע פענטעס) אונ וואָס צווינגט צו זענ אינ די אזויגערופענע „ארבעטער“ ניט קיינ קליינ הײַפל באזונדער אוועקגעשטעלטע פערזאָנענ, נאָר בלויז די אויבער-שיכטנ פונ יענער קאָלאָסאלער מאסע פּויערטומ, וואָס זי לעבט שוינ איצט מער פונ פארקויפנ איר ארבעטס-קראפט, איידער פונ דער אייגענער ווירטשאפט“[1].

לענינ האָט גערעכנט אָפּצודרוקנ זײַנ ארטיקל אינ איינעמ א לעגאלנ ליבעראל-פּאָלקיסטישנ זשורנאל. די רעדאקציע פונעמ זשורנאל האָט זיכ אָבער אָפּגעזאָגט צו דרוקנ אנ ארבעט, וואָס איז געווענ געווענדט קעגנ פּאָלקיזמ. לענינס ארטיקל איז אָפּגעלעגנ אינ די ארכיוונ 30 יאָר אונ ערשט אינ 1923 יאָר האָט מענ עס געפונענ אונ פארעפנטלעכט.

הארבסט 1889 יאָר פרוווט לענינ באקומענ א דערלויבעניש צו האלטנ אלס עקסטערנ עקזאמענ פארנ יורידישנ פאקולטעט אינ א וועלכער-ניט-איז הויכשול. אפּ איינער א באקאָשע לענינס האָט דער בילדונגס-מיניסטער דעליאנאָוו אָנגעשריבנ: „פרעגנ וועגנ אימ דעמ קוראטאָר אונ דעמ פּאָליצײַ-דעפּארטאמענט“. אפּ דער דאָזיקער אָנפראגע האָט דער דירעקטאָר פונעמ פּאָליצײַ-דעפּארטאמענט דורנאָוואָ געענטפערט: „בײַמ אוליאנאָוו האָט געוווינט אינ קאזאנ, איז באמערקט געוואָרנ, אז ער האָט באצויגנ מיט מענטשנ פּאָליטיש ניט קאָשערע, דערבײַ זײַנענ אייניקע פונ זיי איצט צוגעצויגנ געוואָרנ צו אויספאָרשונג אלס באשולדיקטע אינ מעלוכע-פארברעכנ“. אונ לענינ האָט באקומענ אנ אָפּזאָג. די צארישע רעגירונג האָט באשלאָסנ ניט צו דערלאָזנ אימ אינ אוניווערסיטעט אלס „פּאָליטיש ניט קאָשערנ“. ערשט

[1] לענינ-זאמלונג XXXIII, ז 15—16.

פרילינג 1890 יאָר האָט לענינ, ענדלעכ, באקומענ די דערלויבעניש צו האלטנ אלס עקסטערנ עקזאמענס פארנ יורידישנ פאקולטעט באמ פעטערבורגער אוניווערסיטעט.

סאָפ אווגוסט 1890 יאָר פאָרט לענינ קיינ פעטערבורג קלאָר צו מאכנ די באדינגונגענ פונ אָפגעבנ די פאָרשטייענדיקע עקזאמענס. אומגעקערט זיכ קיינ סאמארע, הייבט לענינ אָנ, באגלייכ מיט דער טיפער ארבעט איבער מארקסנ, אקשאָנעסדיק שטודירנ די יורידישע דיסציפלינענ, ערנסט צוגרייטנדיק זיכ צו די עקזאמענס.

דעמ צוואנציקיאָריקנ לענינ איז פאָרגעשטאנענ אינ א קורצנ טערמינ, אינ משכ פונ איינ יאָר, זעלבשטענדיק דורכשטודירנ דעמ גאנצנ פיריאָריקנ אוניווערסיטעט-קורס. כוצ דעמ האָט מענ צו דער באקאָשע אינ דער עקזאמענס-קאָמיסיע געדארפט בײלייגנ א שריפטלעכע היימישע ארבעט איבער קרימינאל-רעכט. אינ דער עקזאמענס-קאָמיסיע האָט זיכ געפאָדערט אָנצושרײבנ א שריפטלעכנ ענטפער אפ א פאָרגעבענער טעמע, אונ דערנאָכ אָפגעבנ עקזאמענס אפ דאָגמע אונ געשיכטע פונ רוימישנ רעכט, ציוויל-רעכט אונ ציוויל-פראָצעס, האנדלס-רעכט אונ האנדלס-פראָצעס, קרימינאל-רעכט אונ קרימינאל-פראָצעס, געשיכטע פונ רוסישנ רעכט, קירכנ-רעכט, מעלוכע-רעכט, צווישנפעלקערלעכנ רעכט, פאָליציי-רעכט, פאָליטישער עקאָנאָמיע, סטאטיסטיק, פינאנצ-רעכט, רעכט-ענציקלאָפעדיע אונ געשיכטע פונ דער רעכט-פילאָסאָפיע. קעדיי דאָס אלצ אָפצוגעבנ, האָט מענ געדארפט ערנסט דורכשטודירנ א קאָלאָסאלע מאסע ספעציעלע ליטעראטור.

אנא איליניטשנא אוליאנאָווא-יעליזאראָווא דערציילט, וויאזוי לענינ האָט געארבעט, בײמ ער האָט זיכ געגרייט צו די עקזאמענס. „דעמלט האָבנ זיכ פילע געוווּנדערט, — שרײבט זי, — וואָס, זײענדיק אויסגעשלאָסנ פונ אוניווערסיטעט, האָט ער פאר א וואָסער-ניט-איז יאָר, אָנ קיינ שומ זײטיקער הילפ, ניט אָפגעבנדיק קיינ קורס- אונ סעמעסטער-עקזאמענס, זיכ צוגעגרייט אזוי גוט, אז ער האָט אָפגעגעבנ די עקזאמענס צוזאמענ מיט זײנ קורס. כוצ די אויסגעצייכנטע פײיקײטנ, האָט וולאדימיר איליטשנ דערינ געהאָלפנ זײנ גרויסע ארבעטספײיקײט“[1].

ווינטער-צײט אינ סאמארע אונ זומער-צײט אינ כוטאָר אלאקײעווקע האָט לענינ געארבעט אָנ איבערײס. אינ אלאקײעווקע, דערציילט אנא איליניטשנא, „האָט ער זיכ אײנגעאָרדנט אינ אָפגעזונדערטנ קאבינעט אינ א געדיכטער לינדנ-אליי... אהינ פלעגט ער אוועקגיינ, אָנגעלאָדנ מיט ביכער, נאָכנ אינדערפריִיִקנ טיי, מיט אזא פינקטלעכקײט, פונקט ווי אפ אימ זאָל געווענ ווארטנ א שטרענגער לערער. אונ דאָרט, אינ פולער אָפגעזונדערטקײט, פלעגט ער פארברענגענ די גאנצע צײט ביז מיטיק, ביז 3 אזייגער.

קיינער פונ אונדז פלעגט ניט גיינ אינ יענער אליי, קעדיי אימ ניט צו שטערנ.

---

1 א. אי. אוליאנאָווא-יעליזאראָווא. דערינערונגענ וועגנ איליטשנ, ז. 36.

געענדיקט מיטנ לערנענ אינ די אינדערפריִקע שאָענ, פלעגט ער נאָכ מיטיק אוועקגיינ אינ דעמ זעלבנ ווינקל מיט א בוכ איבער געזעלשאפטלעכע פראגנ — אזוי, אשטייגער, געדענק איכ, האָט ער געלייענט אַפ דײַטש ענגעלסעס „די לאגע פונעמ ארבעטער-קלאס אינ ענגלאנד“. אונ דערנאָכ פלעגט ער זיכ דורכגיינ, אויסבאָדנ זיכ, אונ נאָכנ אָוונטיקנ טיי... איז ווידעראמאָל וואָלאָדיעס קאָפּ געבויגנ איבער א בוכ“[1].

אינ צוויי מאָל — פרילינג אונ הארבסט 1891 יאָר — האָט לענינ גלענצנדיק אָפּגעגעבנ די עקזאמענס באמ פעטערבורגער אוניווערסיטעט. פונ די 33 עקזאמענירטע האָט ער דער איינציקער באקומענ די העכסטע אָפּשאצונג אַפ אלע דיסציפּלינעס. די יורידישע עקזאמענס-קאָמיסיע האָט אָנערקענט, אז ער פארדינט א דיפּלאָמ פונ דער ערשטער מאדרייגע.

בייסנ אָפּגעבנ די עקזאמענס אינ דער פרילינג-סעסיע האָט לענינ געטראָפנ א נײַער גרויסער פּערזענלעכער אומגליק: פונ בויכ-טיפוס איז געשטאָרבנ זײַנ ייִנגערע שוועסטער אָלגא, וואָס האָט זיכ געלערנט אינ פעטערבורג אַפ די העכערע פרויענ-קורסנ. וולאדימיר איליטש האָט זיכ שטארק געכאווערט מיט אָלגענ, וואָס איז געווענ ייִנגער פונ אימ מיט אָנדערהאלבנ יאָר. ניט לאנג פאר דער שוועסטערס טויט האָט לענינ ארויסגערופנ קיינ פעטערבורג די מוטער. נאָכ אָלגא איליניטשנאס טויט איז ער צוזאמענ מיט דער מוטער אוועקגעפאָרנ קיינ סאמארע.

אינ פעטערבורג ביים די עקזאמענס פלעגט זיכ לענינ טרעפנ מיט אייניקע מארקסיסטנ. בא זיי האָט ער באקומענ מארקסיסטישע ליטעראטור אַפ רוסיש אונ דײַטש, — ער האָט זי מיטגענומענ מיט זיכ קיינ סאמארע.

אינ יאנואר 1892 יאָר איז לענינ פארעכנט געוואָרנ אינ די רייסטערם פונ די געהילפנ פונ געשוואָרענע אדוואָקאטנ. באגלײַכ מיט דער אָנגעשטרענגטער טעאָרעטישער ארבעט, באגלײַכ מיטנ אָנפירנ מיט די מארקסיסטישע סאָציאל-דעמאָקראטישע קרײַזלעכ, מיטנ צונויפשטעלנ אונ האלטנ רעפעראטנ, הייבט אָנ לענינ זינט מארט 1892 יאָר ארויסטרעטנ אלס אדוואָקאט אינ סאמארער קרײַז-געריכט. פארטיידיקט האָט ער דעריקער אָרעמע פויערימ, רוסנ אונ טאָטערנ, וועלכע האָבנ אריבערגעטראָגנ אינ וואָלגער קאנט א שרעקלעכ הונגער-יאָר. דעמ ערשטנ פויער, וועלכנ ער האָט פארטיידיקט, האָט מענ באשולדיקט דערינ, אז ער האָט „געזידלט גאָט, גאָטס מוטער, די הייליקע „טראָיצע“, דעמ האר דעמ אימפּעראטאָר אונ זײַנ טראָנפאָלגער, זאָגנדיק, אז דער אימפּעראטאָר טוט ניט ריכטיק“.

איבער פיר יאָר האָט לענינ אָפּגעלעבט אינ סאמארע. דאָ האָט ער ענדגילטיק אויסגעארבעט זײַנע מארקסיסטישע אָנשויונגענ אונ האָט דורכגעפירט די ערשטע שלאכטנ קעגנ די פאָלקיסטנ. זײַנ ארבעט אינ

1 א. אי. אוליאנאָווא-יעליזאראָווא, דערינערונגענ וועגנ איליטשנ, ז. 36.

געביט פון דערלערנען די רוסלענדישע עקאָנאָמיק און געשיכטע, די רעפעראטן, וועלכע ער האָט געהאלטן אין די סאמארער קרייזלעך, זיינען שפעטער געלייגט געוואָרן אין יעסאָד פון אייניקע ווערק זיינע, דערונטער פונעם באוווסטן בוך „וואָס זיינען אזוינס די „פריינט פונעם פאָלק“ און וויאזוי זיי האלטן מילכאָמע קעגן די סאָציאַל=דעמאָקראטן?“. ארום לענינען האָט זיך אויסגעבילדעט דאָס ערשטע קרייזל פון די סאמארער מארקסיסטן, וואָס האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אף דער רעוואָליוציאָנערער יוגנט. לענין האָט איינגעשטעלט פארבינדונגען מיט די מארקסיסטן אין ניזשני=נאָווגאָראָד, וולאדימיר, פעטערבורג, האָט קאָרעספאָנדירט מיט פעדאָסייעוון, וואָס איז געזעסן אין דער וולאדימירער טורמע. אין יענע ווייטע יאָרן, ווען די מארקסיסטישע באוועגונג אין רוסלאנד האָט ערשט געמאכט אירע ערשטע שריט, איז דער וואָלגער קאנט אראנק לענינען און פעדאָסייעוון געוואָרן איינער פון די גרונט=ראיאָנען פון דער פארשפרייטונג פון מארקסיזם.

די פראָפאגאנדע פון די מארקסיסטישע אידייען אין די סאמארער קרייזלעך, די שטרייטן מיט די פאָלקיסטן האָבן אָבער ניט געקאָנט באפרידיקן לענינען. דאָס לעבן אין דער פראָווינציעלער סאמארע, ווייט פון די צענטערס פון דער פראָלעטארישער באוועגונג און פאָליטישן קאמף, איז אים געווען צו לאסט. ער האָט געשטרעבט צו זיין אין דער געדיכטעניש פונעם אינדוסטריעלן פראָלעטאריאט. לענינס דעמאלטיקע שטימונג ווערט גוט איבערגעגעבן אין א. אי. אוליאנאָווא=יעליזאראָוואס נאָטיצן וועגן דעם איינדרוק, וואָס עס האָט געמאכט אף לענינען טשעכאָווס דערציילונג „פאלאטע נומ 6“, וועלכע ער האָט איבערגעלייענט ווינטער=צייט אין יאָר 1892—1893: „ווען איך האָב נעכטן אינאָוונט געענדיקט לייענען די דאָזיקע דערציילונג, איז מיר פאָשעט א שוידער אריבער, איך האָב ניט געקאָנט בלייבן אין מיין צימער, איך האָב זיך אופגעשטעלט און בין ארויסגעגאנגען, בא מיר איז געווען אזא געפיל, פונקט ווי איך וואָלט אויך געווען פארשפארט אין דער פאלאטע נומ. 6“.[1]

לענין האָט זיך געריסן צו דער ערענע פון ברייטן רעוואָליוציאָנערן קאמף.

אינמיטן אווגוסט 1893 יאָר איז לענין ארויסגעפאָרן פון סאמארע קיין פעטערבורג. אונטערוועגס האָט ער זיך אָפגעשטעלט אין ניזשני=נאָווגאָראָד, ווו ער האָט אין א מארקסיסטיש קרייזל געהאלטן א רעפעראט קעגן פאָלקיזם.

דעם 31 אווגוסט 1893 יאָר איז לענין געקומען צו פאָרן קיין פעטערבורג — דעם פאָליטישן צענטער פון רוסלאנד.

---

1 א. אי. אוליאנאָווא=יעליזאראָווא. דערינערונגען וועגן איליטשן, ז. 45.

## II

לענינ איז געקומענ צו פאָרנ קיינ פּעטערבורג ערעוו דעמ אויפשטייג פונ דער מאסעווער ארבעטער-באוועגונג.

צענ יאָר איז אריבער זינט די גרופּע „באפרייונג פונ דער ארבעט“ מיט פּלעכאנאָוונ בעראָש האָט אָנגעהויבנ פּראָפּאגאנדירנ די אידייענ פונעמ מארקסיזמ אינ רוסלאנד, האָבנדיק געמאכט דעמ ערשטנ טראָט דער ארבעטער-באוועגונג אנטקעגנ. אפנ באָדנ פונ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפּיטאליזמ איז אינ רוסלאנד פאר דעמ דאָזיקנ פעריאָד אויסגעוואקסנ דער ארבעטער-קלאס, האָט זיכ גענומענ פארשטארקנ די ארבעטער-באוועגונג. די מארקסיסטישע פּראָפּאגאנדע, ווי קליינ זי איז דעמאלט ניט געווענ, האָט געבראכט אירע רעזולטאטנ: אינ רוסלאנד האָבנ זיכ באוויזנ די ערשטע ארבעטער מארקסיסטנ. די מארקסיסטישע קרייזלעכ זיינענ אָבער געווענ זייער שוואכ פארבונדנ מיט דער מאסעווער ארבעטער-באוועגונג. שפּעטער האָט לענינ געשריבנ וועגנ דעמ סאָפ 80-ער — אָנהייב 90-ער יאָרנ, אז דאָס איז געווענ א פעריאָד פונ „שווערנ וווּקס“ פונ דער סאָציאל-דעמאָקראטישער באוועגונג. ניט יעדער איינער האָט געקאָנט זענ, אז עס זיינענ רייפ געוואָרנ די באדינגונגענ פארנ צווייטנ גרויסנ טראָט פאָרויס — פארנ פאראייניקנ דעמ סאָציאליזמ מיט דער ארבעטער-באוועגונג. ניט יעדער איינער האָט פארשטאנענ, אז אינ טאָג-סיידער האָט זיכ געשטעלט די אויפגאבע צו פאראייניקנ די אָפּגעזונדערטע מארקסיסטישע קרייזלעכ אינ אנ אָרגאניזאציע, וואָס זאָל זיינ צונויפגעשמאָלצנ דורכ דער איינהייט פונ ציל אונ קאמפּפ-מיטלענ, די אויפגאבע צו באוואָפּענענ זי מיט א מארקסיסטישער פּראָגראמ אונ צו מאכנ זי פארנ פּאָליטישנ אָנפירער פונעמ ארבעטער-קלאס.

טייקעפּ נאָכ דעמ, ווי לענינ איז געקומענ צו פאָרנ קיינ פּעטערבורג, האָט ער זיכ גענומענ פארנ לייזנ די דאָזיקע היסטאָרישע אויפגאבע. ער איז דעמאלט אלט געווענ סאכאקל 23 יאָר, דאָס איז אָבער געווענ שוינ א פולקומ אויסגעפורעמטער, אויסגעצייכנט געבילדעטער, דעמ ארבעטער-קלאס מעסירעסנעפעשדיק איבערגעגעבענער רעוואָליוציאָנער מארקסיסט.

אינ פּעטערבורג האָבנ דעמאלט געארבעט עטלעכע קרייזלעכ פונ דער רעוואָליוציאָנערער אונ אָפּאָזיציאָנעל געשטימטער יוגנט. לענינ האָט זיכ טייקעפּ פארבונדנ מיט איינעמ פונ זיי. דאָס דאָזיקע קרייזל —

א שפּליטער פונ ברוסנעווס סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז גאַנצ געבליבנ נאָכ דעם, ווי די פּאָליציי האָט עס צעגראָמירט אינ 1892 יאָר, — האָט פאַרגעשטעלט מיט זיכ אַנ אָפּגעזונדערטע גרופּע מאַרקסיסטנ. די אָנטיילנעמער פונעם קרייז זיינענ געווענ פאַרבונדנ מיט איינצלנע פאָרגעשריטענע אַרבעטער אונ האָבנ געפירט צווישנ זיי א פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט, די מאַרקסיסטישע לערע פלעגנ זיי אָבער איבערגעבנ אַבסטראַקט, אָפּגעריסנ פונעם פּאָליטישנ לעבנ אינ לאַנד. פּונקט אַזוי אַבסטראַקט, אָנ א שייכעס מיט דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט, איז שטודירט געוואָרנ דער מאַרקסיזם אויכ אינעם עצעם קרייז פונ די פּעטערבורגער סאָציאַל-דעמאָקראַטנ. לענינס באַווייזנ זיכ אינ האַרבסט 1893 יאָר אינ פּעטערבורג האָבנ די מיטגלידער פונעם קרייז מיט רעכט פאַרגליכנ צו „א באַלעבנדיקנ — לויט די פּאָלגנ זיינע — שטורעם-אויסברוכ". לענינ האָט געשטעלט פאַר זיכ דעם ציל א קער צו טאָנ די פּעטערבורגער גרופּע סאָציאַל-דעמאָקראַטנ אַפּנ וועג פונ פּראַקטישער פּאָליטישער אַרבעט אינ די מאַסנ. אַנ אַנטשיידנדיקע ראָליע אינ דער דאָזיקער הינזיכט האָט געשפּילט דער באַרימטער רעפעראַט „מיקויעכ דער אַזויגערופענער פראַגע וועגנ מערק", מיט וועלכנ לענינ איז אַרויסגעטראָטנ האַרבסט 1893 יאָר קעגנ הערמאַנ קראַסינ, א מיטגליד פונ דער פּעטערבורגער גרופּע סאָציאַל-דעמאָקראַטנ. מע האָט געהאַלטנ, אַז דער דאָזיקער רעפעראַט איז אינגאַנצנ פאַרלאָרנ געגאַנגענ. ערשט אינ 44 יאָר אַרום — אינ 1937 יאָר — האָט מענ אים געפונענ אונ פאַרעפנטלעכט.

פאַרוואָס האָט מענ אינ די מאַרקסיסטישע קרייזלעכ אָפּגעגעבנ אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט דער פראַגע וועגנ מערק? די מייסע איז דאָס, וואָס די פּאָלקיסטנ האָבנ געטייַנעט, אַז, רויִנירנדיק דאָס דאָרפ, פאַרקירצט קלוימערשט דער קאַפּיטאַליזם דעם אינערלעכנ מאַרק. דערפונ האָבנ זיי געמאַכט דעם אויספיר, אַז אינ רוסלאַנד האָט ניט דער קאַפּיטאַליזם אונ וועט ניט האָבנ קיינ מאַרק. הייסט עס, דער קאַפּיטאַליזם אינ רוסלאַנד קאָנ זיכ ניט אַנטוויקלענ, זיינ אויפקום איז א צופעליקע זאַכ, דעריבער דאַרפ מענ אויכ דעם אויפקום פונעם פּראָלעטאַריאַט האַלטנ פאַר א צופעליקער דערשיינונג.

די שטרייטנ וועגנ די מערק זיינענ אַפּנ ענגסטנ אויפנ געווענ פאַרבונדנ מיט דער פראַגע וועגנ דעם גוירל פונעם קאַפּיטאַליזם אינ רוסלאַנד. דאָס באַהאַנדלענ די דאָזיקע פראַגע אינ די מאַרקסיסטישע קרייזלעכ האָט געהאַט קוידעמקאָל דעם ציל צוצוגרייטנ די מאַרקסיסטנ צומ קאַמפ קעגנ די פּאָלקיסטנ.

לענינ האָט אינעם רעפעראַט פאַנאַנדערגעאַרבעט זיינ באַרימטע סכעמע פונ דער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם. זי האָט אָפּגעשפּיגלט דעם היסטאָרישנ פּראָצעס פונ דער פאַרוואַנדלונג פונ דער נאַטורעלער ווירטשאַפט אינ א סכוירע-ווירטשאַפט, דעם פּראָצעס פונ דער פאַנאַנדערלייגונג פונ דער איינפאַכער סכוירע-ווירטשאַפט אונ פונ איר פאַרוואַנדלונג אינ א ווירטשאַפט א קאַפּיטאַליסטישער.

לענינ האָט האַרב קריטיקירט קראַסינענ פאַר דעם, וואָס ער האָט אינ זיינ פאָרטראָג וועגנ די מערק זיכ באַגרענעצט מיט סכעמאַטישע

פקירעס וועגנ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ „ביכלאל“, אָנ שייכעס מיט די קאָנקרעטע פאָרמענ און מיטנ כאראקטער פונ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד. לענינ האָט קריטיקירט קראסינענ אויכ פאר דעמ, וואָס ער האָט אונטערגעשטראָכנ בלויז דעמ פראָגרעסיוונ כאראקטער פונעמ קאפיטאליזמ, איגנאָרירנדיק די קאפיטאליסטישע ווידערשפרוכנ, דעמ וווקס פונעמ דאלעס און פונ דער רויִנירונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ באמ קאפיטאליזמ, די קלאסנ-אינטערעסנ פונעמ פראָלעטאריאט. לענינ האָט אָנגעוויזנ, אז די מארקסיסטנ דארפנ זאָרגנ ניט וועגנ מערק פאר דער בורזשואזיע, נאָר וועגנ אָרגאניזירנ דעמ ארבעטער-קלאס, וועגנ אנטוויקלענ און פארפעסטיקנ די מאסעווע ארבעטער-באוועגונג אינ רוסלאנד. אינ קראסינס אָנשויונגענ האָט לענינ גלייכ באמערקט דעמ עמבריאָנ פונעמ „לעגאלנ מארקסיזמ“, וואָס ער האָט זיכ דעמלט ערשט געהאלטנ אינ פאָרמירנ, ד. ה. דעמ פרווו פונ דער בורזשואזער אינטעליגענצ אויסצונוצנ דעמ מארקסיזמ אינ קאמפ קעגנ דעמ פאָלקיזמ אפ צו לויבנ און איינצופונדעווענ דעמ קאפיטאליזמ.

א טעל מאכנדיק פונ די פאָלקיסטישע טעאָריעס וועגנ דעמ, אז די אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד איז אומעגלעכ מאכמעס דעמ, קלוימערשט, וואָס עס זיינענ ניטאָ קיינ מערק, האָט לענינ געפאָדערט אריבערפירנ די פראגע וועגנ מערק „פונ דער ספערע פונ פרוכטלאָזע ספעקוליאציעס וועגנ „מעגלעכנ“ און „נויטווענדיקנ“ אפנ באָדנ פונ דער ווירקלעכקייט“. ער האָט געגעבנ א מארקסיסטישע דערקלערונג פונ דעמ, „וויאזוי עס בילדנ זיכ אויס די רוסישע ווירטשאפטלעכע סיסטעמענ און פארוואָס זיי בילדנ זיכ אויס גראָד אזוי און ניט אנדערש“. אפנ גרונט פונ קאָנקרעטע פאקטנ און פארשיידנארטיקע סטאטיסטישע מאטעריאלנ פונ א סאכ רוסישע גובערניעס האָט לענינ באוויזנ, אז דאָס פויערטומ, סיי דאָס רייכע, סיי דאָס פאראָרעמטע, קומט ביסלעכווייז אָנ צומ מארק. דערפונ האָט לענינ געמאכט דעמ אויספיר, אז „מיר האָבנ פאר זיכ איינ לעבעדיקנ אָרגאנישנ פראָצעס, דעמ פראָצעס פונ דער אנטוויקלונג פונ דער סכוירע-ווירטשאפט און פונעמ וווקס פונ קאפיטאליזמ“. לענינ האָט באוויזנ, אז דער קאפיטאליזמ איז שוינ געוואָרנ „דער גרונט-פאָנ פונעמ ווירטשאפטלעכנ לעבנ פונ רוסלאנד“[1].

לענינס ארויסטרעטונג האָט געמאכט א קאָלאָסאלנ איינדרוק אפ די פעטערבורגער מארקסיסטנ. לענינ האָט געגעבנ אנ עכט געווער אינ קאמפ קעגנ פאָלקיזמ, — ער האָט באוויזנ, וויאזוי מע דארפ קעמפנ קעגנ די פאָלקיסטנ.

נ. ק. קרופסקאיא דערציילט, ווי איבעראשט עס זיינענ געווענ די דעמלטיקע מארקסיסטנ פונ לענינס מערקווירדיקער ארויסטרעטונג. די פראגע וועגנ מערק האָט דער „אָנגעפאָרענער מארקסיסט“ געשטעלט ארכי-קאָנקרעט, „פארבונדנ זי מיט די אינטערעסנ פונ די מאסנ. אינ דעמ גאנצנ צוגאנג האָט זיכ געפילט גראָד דער לעבעדיקער מארקסיזמ, וואָס נעמט די דערשיינונגענ אינ זייער קאָנקרעטער סיטואציע

1 לענינ, ווערק, 4-טע אויפלאגע, ב. I, ז. 94, 107, 93.

אונ אינ זײַער אנטוויקלונג"[1]. די מיטגלידער פונעמ קרײַזל, וווּ לענינ איז ארויסגעטראָטנ, פלעגנ זיכ שפּעטער דערמאָנענ, ווי לענינ האָט איבערראַשט מיט זײַנ קענענ אָנווענדנ דעמ מארקסיזמ צו די דעמלט אקטועלע פראגנ פונ דער רוסלענדישער ווירקלעכקײַט.

לענינ איז געוואָרנ דער אָנפירער פונ די פּעטערבורגער סאָציאַל-דעמאָקראטנ. „דאָס אויסערגעוויינלעכ טיפע קענענ מארקסנ, דאָס קענענ אָנווענדנ דעמ מארקסיזמ צו די עקאָנאָמישע אונ פּאָליטישע באַדינגונגענ פונ דעמ דעמלטיקנ רוסלאנד, דער הייסער, אײַנגעפעסטער גלויבנ אינעמ זיג פונ דער ארבעטער-זאַכ, דער מערקווירדיקער אָרגאניזאַציאָנעלער טאלאנט — דאָס אלצ האָט געמאכט לענינענ פארנ אָנערקענטנ אָנפירער פונ די פּעטערבורגער מארקסיסטנ"[2].

אפנ ווענ צומ שאפנ די סאָציאַל-דעמאָקראטישע פּארטײַ איז נאָכ אלצ געשטאנענ דער פּאָלקיזמ. פּלעכאנאָוו אונ זײַנ גרופּע „באפרײַונג פונ דער ארבעט" האָבנ פיל אויפגעטאָנ פאר דער פארשפּרייטונג פונעמ מארקסיזמ, האָבנ דערלאנגט א צעשמעטערנדיקנ קלאפּ איבער די פּעלערהאפטע אָנשויונגענ פונעמ פּאָלקיזמ דערמיט, וואָס זיי האָבנ אונטערגעריסנ זײַנ אײַנפלוס צווישנ דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענצ. אידייִש אָבער איז נאָכ דער פּאָלקיזמ ווײַט ניט ביזנ סאָפ צעקלאפּט געווענ. די דאָזיקע אויפגאבע — דערשלאָגנ ביזנ סאָפ דעמ פּאָלקיזמ אלס סוינע פונעמ מארקסיזמ — איז אויסגעפאלנ אפ לענינס גורל.

אינ יאנוואר 1894 יאָר איז לענינ געקומענ צו פאָרנ קיינ מאָסקווע צו זײַנע קרובימ, וווּ ער האָט פארבראכט צוויי—דרײַ וואָכנ. אינ דער צײַט איז אינ מאָסקווע פאָרגעקומענ א צוזאמענפאָר פונ דאָקטוירימ, אפ וועלכנ עס איז בײַגעווענ א גרויסע צאָל ליבעראלע אונ ראדיקאלע אינטעליגענצ. די פּאָלקיסטנ האָבנ אויסגענוצט דעמ צוזאמענפאָר אונ האָבנ אָנהייב יאנוואר 1894 יאָר אָרגאניזירט א[נ] אומלעגאלנ אָוונט, אפ וועלכנ דער דעמלט באוווּסטער ליבעראל-פּאָלקיסטישער שרײַבער וו. וו. (וואָראָנצאָוו) האָט געהאלטנ א פּאָרטראָג. לענינ איז צופעליק געקומענ אפ אָט דער פארזאמלונג אונ איז ארויסגעטראָטנ קעגנ דעמ דאָזיקנ פּאָלקיסט, — ער האָט אפ אזוי פארניכטנדיקנ אויפנ צעקריטיקירט זײַנ פּאָרטראָג, אז פאר אלעמענ איז געוואָרנ קלאָר: דער זיג געהערט דעמ יונגנ מארקסיסט.

אָט וואָס עס דערציילט וועגנ לענינס ארויסטרעטונג זײַנ שוועסטער א. אי. אוליאנאָווא-יעליזאראָווא, וואָס איז בײַגעווענ אפנ אָוונט: „דרייסט אונ אנטשיידנ, מיטנ גאנצנ יוגנט-ברענ אונ איבערצײַגונגס-קראפט, אָבער באוואָפנט אויכ מיט קענטענישנ, האָט ער גענומענ צעקלאפנ די דאָקטרינע פונ די פּאָלקיסטנ, מאכנ פונ איר טיל-טעל. אונ די פײַנטלעכע באציִונג צו אזא „יונגאטשישער האָזע" האָט אָנגעהויבנ ביסלעכווײַז פארבײַטנ ווערנ אויב ניט מיט קיינ ווייניקער פײַנטלעכער, איז אָבער מיט א מער אכטונגספולער באציִונג, די מערהײַט האָט

1 נ. ק. קרופּסקאיא. דערינערונגענ וועגנ לענינענ, 1933, ז. 12.

2 „געשיכטע פונ דער אלקפּ(ב). קורצער קורס", ז. 21, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס", 1940 י.

אָנגעהויבנ קוקנ אַפ אים, ווי אַפ אַנ ערנסטנ קעגנער... די גרינגשעציקע באַציִונג, די וויסנשאַפטלעכע דערהווידערונגענ... האָבנ ניט צעטומלט דעם ברודער. ער האָט אָנגעהויבנ ארגומענטירנ זײַנע מיינונגענ אויכ מיט וויסנשאַפטלעכע באַווײַזנ, סטאַטיסטישע ציפער און האָט זיכ מיט נאָכ מער סאַרקאַזמ און קראַפט ארופגעוואָרפנ אַפ זײַנ קעגנער... מיט אַ קאָלאָסאַלנ אינטערעס האָבנ נאָכגעשפּירט נאָכ אימ אַלע, באַזונדערס די יוגנט. דער פאָלקיסט האָט אָנגעהויבנ אראָפּלאָזנ דעמ טאָנ, זייענ די ווערטער אַלצ לאַנגזאַמער און סאָפּקאָלסאָפ זיכ אינגאַנצנ פאַרלוירנ.

דער מאַרקסיסטישער טייל פונ דער יוגנט האָט טריומפירט“[1].

אַפ דעמ אָוונט האָט זיכ דורכגעשמוגלט אַ פּאָליצייִשער שפּיק, וואָס האָט מיטגעטיילט דער נאַטשאַלסטווע וועגנ דעמ גאַנצנ גאַנג פונ דער דיסקוסיע. פונ דער פּאָליצייִשער מיטיילונג איז צו זענ, אַז פריִער פאַר לעניגנ איז ארויסגעטראָטנ איינער פונ די אָרטיקע מאַרקסיסטנ. אַפנ גרונט פונ דער דאָזיקער שפּיאָנישער „רעליאַציע“ האָט דער מאָסקווער אָבער־פּאָליצמייסטער מיטגעטיילט אינ פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, אַז וואָראָנצאָוו „האָט מיט זײַנ ארגומענטאַציע געצוווּנגענ דעמ דאָזיקנ מאַרקסיסט אנשווייגנ צו ווערנ, אַזוי אַז פאַרטיידיקנ אָנשווינגענ פונ אָט דעמ מאַרקסיסט האָט זיכ אונטערגענומענ אייִנער אַ אוליאַנאָוו (מעגלעכ — אַ ברודער פונ דעמ אופגעהאַנגענעמ), וועלכער האָט טאַקע דורכגעפירט די דאָזיקע פאַרטיידיקונג מיט פולער פאַכ־קענטעניש“.

אינ לעניגס פערזאָנ האָט די נײַע, די מאַרקסיסטישע ריכטונג געגעבנ אַנ אָפענע שלאַכט דער אַלטער, אָפּגעלעבטער פאָלקיסטישער שטרעמונג. פונ דער דאָזיקער שלאַכט איז דער מאַרקסיזמ ארויס אַלס זיגער. וועגנ לעניגס ארויסטרעטונג האָט מענ גענומענ ריידנ אינ די רעוואָליוציאָנערע קרײַזלעכ.

בלויז מינדלעכע ארויסטרעטונגענ און רעפעראַטנ קעגנ איינצלנע פאָלקיסטנ איז אָבער געווענ ניט גענוג. מע האָט געדאַרפט אידייִש צעקלאַפּנ בײַזנ סאָפ דעמ פאָלקיזמ אַלס ריכטונג. די דאָזיקע אופגאַבע איז געווענ נאָכ מער דרינגענדיק דערפאַר, וואָס די פאָלקיסטנ, באַזונדערס אַזאַ צו יענער צײַט אײַנפלוסרײַכער שרײַבער ווי נ. ק. מיכײַלאָווסקי, האָבנ סאָפ 1893 יאָר אינ זייער לעגאַלנ זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ“ פאָרגענומענ אַ מאַרש קעגנ דעמ מאַרקסיזמ.

פרילינג און זומער 1894 יאָר שרײַבט לעניג זײַנ באַרימטנ בוכ „וואָס זײַנענ אַזוינס „די פרײַנט פונ פאָלק“ און וויאַזוי זיי האַלטנ מילכאָמע קעגנ די סאָציאַל־דעמאָקראַטנ?“.

אינ דעמ דאָזיקנ בוכ האָט לעניג אראָפּגעריסנ די מאַסקע פונ די ליבעראַלע פאָלקיסטנ, האָט אַנטבלויזט דעמ עמעסנ פאַרצעפ פונ די דאָזיקע פאַלשע „פרײַנט פונ פאָלק“, וואָס אינדערעמעסנ גייענ זיי קעגנ פאָלק, האָבנ זיכ שוינ פונ לאַנג אָפּגעזאָגט פונ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ און האָבנ געפרייִדיקט, אַז מע דאַרפ שאָלעמ מאַכנ מיט דער

---

1 א. אי. יעליזאַראָוואַ. אַ בלעטל דערינערונגענ. „פּראָלעטאַרסקאַיאַ רעוואָליוציאַ“, 1923, נומ. 2 (14), ז. 58—59.

צארישער רעגירונג. לענינ האָט דערווייזנ די געזעצמעסיקײט פונ דער דעגענעראציע פונעמ פּאָלקיזמ אונ האָט אויפגעדעקט דעמ קלאסנ-מעהוס פונ די ליבעראלע פּאָלקיסטנ אלס אויסדריקער פונ די אינטערעסנ פונעמ באלעגופנטום. ער האָט אויפגעדעקט די רעאקציאָנערקײט פונ די טעאָרעטישע אָנשויונגענ פונ די פּאָלקיסטנ אונ דעמ אנטירעוואָליוציאָנערנ כאראקטער פונ זייער פּאָליטישער פּלאטפאָרמ.

לענינ האָט באווייזנ, אז די עמעסע פרײנט פונ פּאָלק זײנענ די מארקסיסטנ, וואָס זיי שטעלנ פאר זיך די אויפגאבע צו פארניכטנ דעמ פריצישנ אונ קאפּיטאליסטישנ יאָך, צו פארניכטנ דעמ צאריזמ.

די באדײטונג פונ לענינס בוך „וואָס זײנענ אזוינס די פרײנט פונ פּאָלק" ווערט ווײט ניט אויסגעשעפּט מיט דער קריטיק פונעמ פּאָלקיזמ. דאָס איז אנ עכטער מאניפעסט פונ דער אויפקומענדיקער רעוואָליוציאָנערער מארקסיסטישער פּארטיי אינ רוסלאנד. אינ אָט דער ארבעט זײנער האָט לענינ פאָרמולירט די יעסוידעס פונ דער מארקסיסטישער וועלט-אָנשויונג. מיט מערקווירדיקער קלאָרקײט האָט לענינ באגרינדעט דעמ היסטאָרישנ וועג פונעמ ארבעטער-קלאס אינ רוסלאנד אונ האָט דעפינירט די גרונט-אויפגאבע פונ די רוסישע מארקסיסטנ.

דער ארבעטער-קלאס, ווײזט אָנ לענינ, טרעט ארויס צומ קאמפ קעגנ קאפּיטאליזמ אלס דער אײנציקער פאָרשטייער פונ דער גאנצער ארבעטנדיקער אונ עקספּלואטירטער באפעלקערונג פונ רוסלאנד. זײנ נאָענטסטע אויפגאבע אפנ וועג צומ ענד-ציל — אפנ וועג צומ אומוואלגערנ די קאפּיטאליסטישע אָרדענונג אונ שאפנ די קאָמוניסטישע געזעלשאפט — איז אראָפּוואַרפנ די זעלבסטהערשונג. אינ קאמפ קעגנ דער זעלבסטהערשונג קאָנ דער פּראָלעטאריאט ניט אויסרעכענענ אפ דער בורזשואזיע, וועלכע וועט אומפארמײדלעך שליסנ א בונד מיט דער רעאקציע קעגנ דער ארבעטער-באוועגונג. דער פארבינדעטער פונעמ ארבעטער-קלאס וועט זײנ דאָס פויערטומ. אזויארומ האָט לענינ שוינ אינ די 90-ער יאָרנ אינ אײנער פונ זײנע ערשטע ארבעטנ ארויסגערוקט די אידיי פונ רעוואָליוציאָנערנ בונד פונ די ארבעטער אונ פויערימ אלס הויפּט-מיטל אפ אראָפּצוּוואַרפנ דעמ צאריזמ, די פריצימ, די בורזשואזיע.

דער קאמפ פונעמ ארבעטער-קלאס אינ בונד מיטנ פויערטומ קאָנ זײנ דערפאָלגרײך בלויז אינ דעמ פאל, האָט געזאָגט לענינ, ווענ עס וועט געלייזט ווערנ אײנע פונ די גרונט-אויפגאבנ פונ די רוסישע מארקסיסטנ — אָרגאניזירנ פונ די צעשפּליטערטע מארקסיסטישע קרײזלעך אנ אײנהײטלעכע סאָציאליסטישע ארבעטער-פּארטיי. מיר דארפנ, האָט לענינ געשריבנ, „אויסארבעטנ די פאר אונדזערע באדינגונגענ אמערסטנ פאסיקע פאָרמ פונ אָרגאניזאציע אפ צו פארשפּרייטנ דעמ סאָציאל-דעמאָקראטיזמ אונ אפ צו באהעפטנ דעמ ארבעטער-קלאס אינ א פּאָליטישער קראפט"[1].

1 לענינ, ווערק, 4-טע אויפלאגע, ב. I, ז. 302.

לענינס בוכ פארענדיקט זיכ מיטנ געוויִשנ אָנצייכענענ דעמ היסטאָרישנ וועג פונעמ ארבעטער־קלאס פונ רוסלאנד:

„אפנ קלאס ארבעטער ווענדנ טאקע די סאָציאַל־דעמאָקראַטנ זייער גאנצע אויפמערקזאמקײט אונ זייער גאנצע טעטיקײט. ווענ די פאָרגעשריטענע פאָרשטייער זײַנע וועלנ באַנעמענ די אידייענ פונעמ וויסנשאפטלעכנ סאָציאַליזמ, די אידיי וועגנ דער היסטאָרישער ראָליע פונעמ רוסישנ ארבעטער, ווענ די דאָזיקע אידייענ וועלנ באַקומענ א ברייטע פארשפרייטונג אונ צווישנ די ארבעטער וועלנ געשאפנ ווערנ פעסטע אָרגאניזאציעס, וועלכע פארוואנדלענ דעמ איצטיקנ צעשפליטערטנ עקאָנאָמישנ קריג פונ די ארבעטער אינ א באַוווּסטזיניקנ קלאסנקאמפ, — דעמלט וועט דער רוסישער ארבעטער, האָבנדיק זיכ אויפגעהויבנ בעראָש פונ אלע דעמאָקראטישע עלעמענטנ, אומוואַלגערנ דעמ אבסאָליוטיזמ אונ וועט פירנ דעמ רוסישנ פראָלעטאריאט (האנט בא האנט מיטנ פראָלעטאריאט פונ אלע לענדער) מיטנ גלײַכנ וועג פונ אָפענעמ פאָליטישנ קאמפ צו דער זיגרײַכער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע“[1].

די דאָזיקע נעוויִשע ווערטער האָבנ זיכ פולשטענדיק באַרעכטיקט נאָכ בא לענינס לעבנ.

די היסטאָרישע באַדײַטונג פונעמ בוכ „וואָס זײַנענ אזוינס די פרײַנט פונ פאָלק“ באַשטייט דערינ, וואָס האָבנדיק צעקלאפט ביזנ סאָפ דעמ פאָלקיזמ אונ אָנגעמערקט די אויפגאבנ פונ די רוסישע מארקסיסטנ, האָט אינ אימ לענינ „ריכטיק אָנגעוויזנ דעמ וועג פונ קאמפ פונעמ ארבעטער־קלאס, האָט באַשטימט די ראָליע פונעמ ארבעטער־קלאס אלס אוואנגארדישע רעוואָליוציאָנערע קראפט פונ דער געזעלשאפט, האָט באַשטימט די ראָליע פונעמ פויערטומ אלס פארבינדעטנ פונעמ ארבעטער־קלאס“[2].

לענינס געניאלע ארבעט איז געהיימ אָפגעדרוקט געוואָרנ אפ א העקטאָגראפ סאכאקל אינ עטלעכע צענדליק עקזעמפליארנ. אונ דאָכ איז זי באַוווּסט געוואָרנ דער מערהײט פונ די סאָציאַל־דעמאָקראַטנ, וואָס האָבנ דעמלט געארבעט אינ רוסלאנד. עס האָט זי געלייענט אינ טיפליס אויכ דער יונגער סטאלינ, וואָס איז אָקאָרשט געווענ ארײַנגעטראָטנ אינ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג.

האלטנדיק מילכאָמע קעגנ דעמ פאָלקיזמ, איז לענינ גלײַכצײַטיק ארויסגעטראָטנ אויכ קעגנ די צײַטווײַליקע „מיטלויפער“, וואָס האָבנ זיכ צוגעשארט צומ מארקסיזמ, — קעגנ די אזויגערופענע „לעגאַלע מארקסיסטנ“, די דאָזיקע, אינ טאָכ גענומענ, בורזשואזע ליבעראלנ. דעמ קאמפ קעגנ דעמ פאָלקיזמ האָבנ זיי געפרוּווט אויסנוצנ אפ אונטערצוואַרפנ די ארבעטער־באַוועגונג די אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיע; זיי האָבנ געפרוּווט אויסהוילנ דעמ רעוואָליוציאָנערנ אינהאלט פונעמ מארקסיזמ, פארוואנדלענ דעמ מארקסיזמ אינ בורזשואזנ רע־

1 לענינ. ווערק, 4־טע אופלאגע, ב. I, ז. 282.

2 „געשיכטע פונ דער אלקפ(ב). קורצער קורס“, ז. 26, מעלוכע־פארלאג „דער עמעס“, 1940 י.

פאָרמיזמ. פיל פונ די דאָזיקע „מיטלויפער“ זיינענ שפעטער געוואָרנ קאדעטנ, אונ אינ דער צייט פונעמ בירגערקריג — ווייסגווארדייער.

מע האָט געדארפט פארמאָגנ לענינס מערקווירדיקע ווייטזיכטיקייט, קעדיי מע זאָל שוינ בא דער סאמע אנטשטייונג פונעמ „לעגאלנ מארקסיזמ“ דערקענענ אינ זיינע פאָרשטייער בורזשואזע ליבעראלנ. דעמ קאמפ קעגנ די „לעגאלע מארקסיסטנ“ האָט לענינ אָנגעהויבנ מיט ארויסטרעטנ קעגנ זייער הויפט-פאָרשטייער — קעגנ פיאָטער סטרווע, וועלכער האָט פאָרגעלייגט „אָנערקענענ אונדזער אומקולטורעלקייט אונ גייענ זיכ לערנענ באמ קאפיטאליזמ“. הארבסט 1894 יאָר האָט לענינ אפ אנ ענגער פארזאמלונג פונ פעטערבורגער מארקסיסטנ, אפ וועלכער עס זיינענ בייגעווענ פאָרשטייער פונ דעמ אזויגערופענעמ „לעגאלנ מארקסיזמ“, געהאלטנ א רעפעראט איבער סטרוועס בוכ. אינ דעמ דאָזיקנ רעפעראט, וואָס איז אָנגערופנ געוואָרנ „די אָפשפיגלונג פונעמ מארקסיזמ אינ דער בורזשואזער ליטעראטור“, האָט לענינ שארפ אונ אנטשיידנדיק דעמאסקירט סטרוועס אָנשויונגענ, דעמאסקירט דעמ ליבעראל-בורזשואזנ טאָכ פונ די „לעגאלע מארקסיסטנ“.

לענינ האָט געזאָגט וועגנ די „לעגאלע מארקסיסטנ“, אז דאָס זיינענ בורזשואזע דעמאָקראטנ, וואָס האָבנדיק איינגעריסנ מיטנ פאָלקיזמ אונ פירנדיק א קאמפ קעגנ אימ, זיינענ זיי אריבער פונעמ פאָלקיסטישנ, קליינבירגערלעכנ (אָדער פויערישנ) סאָציאליזמ ניט צומ פראָלעטארישנ סאָציאליזמ, נאָר צומ בורזשואזנ ליבעראליזמ.

לענינ האָט אָבער דעמלט געהאלטנ פאר מעגלעכ א צייטווייליקע פארשטענדיקונג (א בלאָק) מיט די „לעגאלע מארקסיסטנ“, קעדיי אויסצונוצנ זיי קעגנ די פאָלקיסטנ. אינ אָט דעמ בלאָק האָבנ זיכ בוילעט ארויסגעוויזנ די גרונט-שטריכנ פונ דער לענינישער ליניע אינ אלערליי פאָליטישע בלאָקנ אונ פארשטענדיקונגענ: פולשטענדיקע אידייִשע, פאָליטישע אונ אָרגאניזאציאָנעלע זעלבשטענדיקייט פונעמ פראָלעטאריאט, פולע פרייהייט צו קריטיקירנ דעמ צייטווייליקנ אונ ניט-זיכערנ פארבינדעטנ זיינעמ. אלס רעזולטאט פונ דער דאָזיקער פארשטענדיקונג האָט זיכ פרילינג 1895 יאָר באוויזנ דער לעגאלער זאמלבוכ „מאטעריאלנ צו דער כאראקטעריסטיק פונ אונדזער ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג“ מיט ארטיקלענ פונ לענינ, פלעכאנאָוו, סטרווע אונ אנדערע. די צארישע צענזור האָט לעכאטכילע געהאט דערלויבט די דאָזיקע זאמלונג מיט אזא „אומשולדיקנ“ נאָמענ, אונ דער בוכ איז אָפגעדרוקט געוואָרנ. די צארישע רעגירונג האָט זיכ אָבער גאָר אינגיכנ געכאפט, אונ די זאמלונג איז לויט א ספעציעלער באשטימונג פונעמ מיניסטאָרנ-קאָמיטעט קאָנפיסקירט אונ פארברענט געוואָרנ (דאָס איז דעמלט געווענ א זעלטנ אונ עקסטראָאָרדינאר מיטל). בלויז הונדערט עקזעמפליארנ האָט זיכ איינגעגעבנ צו ראטעווענ אונ פארשפרייטנ צווישנ די סאָציאל-דעמאָקראטישע קרייזלעכ אונ גרופעס. עס האָט זיכ באקענט מיט אָט דער זאמלונג אויכ כאווער סטאלינ, אונ לענינס ארטיקל מיט דער אונטערשריפט ק. טולינ — „דער עקאָנאָמישער אינהאלט פונעמ פאָלקיזמ אונ זיינ קריטיק אינ ה' סטרוועס בוכ“ האָט געמאכט אפ אימ א גוואלדיקנ איינדרוק.

„איכ מוז אימ אומבאדינגט זענ“, — האָט געזאָגט סטאלינ, ווענ ער האָט איבערגעלייענט טולינס (לענינס) ארבעט, — דערמאָנט זיכ איינער פונ די כאוויירימ, וואָס האָט נאָענט געקענט סטאלינענ אינ יענער צײַט.

לענינס ארטיקל איז געווענ די צענטראלע ארבעט אינ דער זאמלונג. אינ דעמ ארטיקל האָט לענינ קוידעמקאָל געגעבנ אנ אויסשעפנדיקע קריטיק פונעמ פאָלקיזמ, פונ די סאָציאָלאָגישע אונ עקאָנאָמישע אָנשויונגענ זײַנע, אונ האָט פאָרמולירט זײַנ אייגענעמ קוק אפ דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פונ רוסלאנד. די דאָזיקע ארבעט איז אינ א סאכ הינזיכטנ א קאָנספעקט פונ לענינס שפעטערדיקע עקאָנאָמישע ארבעטנ, באזונדערס פונ זײַנ בוכ „די אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד“. קריטיקירנדיק דעמ פאָלקיזמ, האָט לענינ אינ דער זעלבער צײַט אָנגעוויזנ אפ די דעמאָקראטישע עלעמענטנ, וועלכע די פאָלקיסטישע פראָגראמ אנטהאלט אונ וועלכע דריקנ אויס די אינטערעסנ פונעמ קליינבירגערטומ פונ שטאָט אונ דאָרפ אינ דער עפּאָכע פונ דער בורזשואז=דעמאָקראטישער רעוואָליוציע. אינ אָט דער לענינישער אָנווײַזונג איז שוינ געלייגט דער יעסאָד פאר דער טעאָרעטישער באגרינדונג פונ דער באָלשעוויסטישער טאקטיק בענוגע די דעמאָקראטישע שיכטנ אונ פארטייענ אינ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע.

לענינ האָט אינ זײַנ ארבעט געגעבנ א פאנאנדערגעוויקלטע קריטיק פונעמ „לעגאלנ מארקסיזמ“, באזונדערס האָט ער אונטערגעשטראָכנ דאָס, וואָס סטרוווע זאָגט זיכ אָפ פונ דער וויכטיקסטער האנאָכע פונעמ מארקסיזמ — פונ דער לערע וועגנ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע אונ וועגנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט. דעמ גרונט=פעלער פונ סטרוווענ אונ פונ די אנדערע „לעגאלע מארקסיסטנ“ האָט לענינ געזענ אינעמ בורזשואזנ אָביעקטיוויזמ, וואָס ברענגט צומ בארעכטיקנ אונ לויבנ דעמ קאפיטאליזמ, צומ פארווישנ די קלאסנ=ווידערשפרוכנ, ביים דער עמעסער מארקסיסט=מאטעריאליסט דעקט דרייסט אויפ די דאָזיקע ווידערשפרוכנ אונ שטעלט זיכ אפנ צאד פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קלאס — פונעמ פראָלעטאריאט. „דער מאטעריאליזמ, — האָט געשריבנ לענינ, — אנטהאלט אינ זיכ, אזוי צו זאָגנ, פארטייִשקײַט, פארפליכטנדיק בא יעטווידנ מינ אָפשאצנ א געשעעניש דירעקט אונ אָפנ צו שטעלנ זיכ אפנ שטאנדפונקט פונ א באשטימטער געזעלשאפטלעכער גרופע“[1].

אָט אזוי האָט לענינ, מיט עטלעכע יאָר פאר דער אָפענער ארויסטרעטונג פונ די רעוויזיאָניסטנ אינ מײַרעוו, איידער נאָכ ס'האָט זיכ באוויזנ די „בערנשטײַניאדע“, געגעבנ אנ אנטשיידנדיקנ ווידערשטאנד די ערשטע פרווונ צו פארקריפלענ דעמ מארקסיזמ אינ רוסלאנד. אינ קאמפ קעגנ די פאָלקיסטנ אונ קעגנ די „לעגאלע מארקסיסטנ“ האָט לענינ דערצויגנ די מארקסיסטישע קאדרענ אינ רוסלאנד, אויסגעארבעט די טראדיציעס פונ אידייִשער אומקאָמפּראָמיסלעכקײַט צומ מינסטנ פארקריפלענ דעמ מארקסיזמ.

1 לענינ. ווערק, 4-טע אופלאַגע, ב. I, ז. 380—381.

באגלייב מיטנ פאנאנדערארבעטנ די רעוואָליוציאָנערע פּראָגראמ פונ די רוסישע מארקסיסטנ אונ מיטנ קאמפ קעגנ דעמ פאָלקיזמ אונ „לעגאלנ מארקסיזמ“ האָט לענינ פאנאנדערגעוויקלט א גרויסע אָרגאניזאציאָנעלע ארבעט אפנ געביט פונ בויענ די פארטיי. ער האָט זיכ פארבונדנ מיט די פאָרגעשריטענע פעטערבורגער ארבעטער. לענינ האָט געשטרעבט צו שאפנ פונ זיי קאדרענ אָרגאניזאטאָרנ פונ דער צוקינפטיקער פארטיי. ער האָט געפירט שמועסנ מיט ארבעטער, געלייענט מיט אייניקע פונ זיי דעמ „קאפיטאל“. פונ הארבסט 1894 יאָר אָנ האָט ער אָנגעהויבנ פירנ א פּראָפּאגאנדע אינ די ארבעטער-קרייזלעכ הינטער נעווסקאיא זאסטאווא, וווּ עס האָט זיכ געפונענ א ריי גרעסטע זאוואָדנ אונ פאבריקנ. צו דער זעלבער צייט האָט לענינ אָנגעהויבנ ארבעטנ אינ אנ ארבעטער-קרייזל אפ פעטערבורגסקאיא סטאָראָנא, אונ שפּעטער — אינ א קרייזל אינ האפנ אפ וואסיליעווסקי אָסטראָוו.

ווינטער 1894 יאָר האָט זיכ לענינ באקענט מיט נאדיעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא קרופּסקאיא, א לערערנ פונ דער זונטיקדיקער אָוונטשול הינטער דער נעווסקאיא זאסטאווא. פונ דעמלט אָנ ווערט נ. ק. קרופּסקאיא ביזנ סאָפ פונ לענינס לעבנ זיינ נאָענטער פריינט אונ כאווער אינ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעט.

דער צענטער פונעמ קרייזל פונ די ארבעטער פונ סעמיאַניקאָוו זאוואָד (איצט זאוואָד אפנ נאָמענ פונ וו. אי. לענינ) איז געווענ אי. וו. באבושקינ, א טרייער לענינעצ, אנ אָנגעזעענער טוער פונ דער סאָציאל-דעמאָקראטישער פארטיי, וועלכנ ס'האָט אינ 1906 יאָר בעסטיאליש דערשאָסנ אינ סיביר א שטראָפ-עקספּעדיציע. באבושקינ איז געווענ זייער נאָענט מיט לענינענ, וועלכער האָט אימ געהאלטנ פארנ „שטאָלצ פונ דער פארטיי“, פאר איינעמ פונ אירע בעסטע זינ, וואָס זיינענ איר מעסירעסנעפעשדיק איבערגעגעבנ אונ ביזנ סאָפ שטאנדהאפטיק.

אָט ווי באבושקינ באשרייבט די פּראָפּאגאנדע פונ מארקסיזמ, וואָס לענינ האָט געפירט אינ זיינ קרייזל:

„דער לעקטאָר פלעגט אונדז דערקלערנ די דאָזיקע וויסנשאפט מינדלעכ, אָנ א וועלכנ-ניט-איז העפט, ער האָט אָפט געזוכט ארויסצורופנ בא אונדז אָדער דערווידערונגענ אָדער א פארלאנג זיכ אריינצולאָזנ אינ א שטרייט, אונ דעמלט פלעגט ער אונטערהעצנ, צווינגענדיק איינעמ דערווייזנ דעמ אנדערנ די ריכטיקייט פונ זיינ שטאנדפונקט אינ דער געגעבענער פראגע. אזוי ארומ האָבנ אונדזערע לעקציעס געטראָגנ זייער א לעבעדיקנ, אינטערעסאנטנ כאראקטער... מיר פלעגנ אלע זיינ זייער צופרידנ מיט אָט די לעקציעס אונ זיינענ שטענדיק געווענ אנציקט פונ דער קלוגשאפט פונ אונדזער לעקטאָר“[1].

די פאָרגעשריטענע ארבעטער, מיט וועלכע לענינ האָט געלערנט אינ די קרייזלעכ, האָבנ אימ שטארק ליב געהאט. אלע ארבעטער, מיט וועלכע לענינענ איז אויסגעקומענ צו האָבנ צו טאָנ אינ פעטערבורג, פלעגנ איינ אייג קאָל אָנווייזנ, אז ער איז געווענ פאר זיי אנ „אייגענער“ מענטש. ער פלעגט רעדנ זייער פּאָשעט אונ פארשטענדלעכ

1 אי. וו. באבושקינס דערינערונגענ (1893—1900 י.), 1925, ז. 51.

וועגנ די סאמע ערנסטע זאכנ — וועגנ מארקס' טעאָריע, וועגנ די יעסוידעס פונ דער בורזשואזער אָרדענונג, וועגנ דער ווירטשאפטלעכער און פאָליטישער לאגע פונ רוסלאנד. דאָס, וואָס פלעגט זיכ געוויינלעכ אויסדרוקנ פאר אומפארשטענדלעכ, פלעגנ די ארבעטער, הערנדיק לענינענ, באנעמענ לייכט און פריי, ווי עפּעס אזוינס, וואָס איז שוינ פונ לאנג באקאנט, וואָס זיי האָבנ גוט געפילט, נאָר האָבנ עס פריער ניט געקאָנט אויסדריקנ מיט ווערטער.

דאָס קענענ ריידנ קלאָר און פאָשעט וועגנ די סאמע קאָמפּליצירטע טעאָרעטישע פראגנ איז געווענ לענינס א כאראקטעריסטישער שטריכ.

לענינ האָט ארייִנגעטראָגנ אינ דער ארבעט פונ די קרייזלעכ א נייעמ אינהאלט. ער האָט פארבונדנ די פּראָפּאגאנדע פונ מארקסיזמ מיטנ דערלערנענ די רוסלענדישע ווירקלעכקייט. „דער לעקטאָר — דערציילט באבושקינ, — פלעגט אונדז ארויסגעבנ בלעטלעכ מיט פאנאנדערגעארבעטע פראגנ, וועלכע האָבנ געפאָדערט פונ אונדז אויפמערקזאמ צו באקענענ און צוצוקוקנ זיכ צומ זאוואָד און פאבריק-לעבנ“[1]. דערציִענדיק די פאָרגעשריטענע ארבעטער, האָט לענינ גלייכצייטיק געזענ צו דערלערנענ די לאגע פונ די ארבעטער אינ זאוואָד, די סיסטעמ פונ ארבעטסלוינ אינ שטראפנ, די טאריפנ-טעכניק, פלעגט אויספרעגנ וועגנ די פאָראָנדקעס אינ די אונטערנעמונגענ, קלאָר מאכנ, מיט וואָס די ארבעטער זיינענ אומצופרידנ. „וולאדימיר איליטש, — דערציילט נ. ק. קרופּסקאיא, — האָט זיכ אינטערעסירט מיט יעדער קלייניקייט, וואָס פלעגט כאראקטעריזירנ דעמ שטייגער, דאָס לעבנ פונ די ארבעטער; לויט באזונדערע קליינע שטריכנ פלעגט ער זיכ באמיִענ ארומצוכאפּנ דאָס לעבנ פונעמ ארבעטער אינגאנצנ גענומענ, געפינענ דאָס, אָנ וואָס מע קאָנ זיכ אָנכאפּנ, קעדיי בעסער צוגיינ צומ ארבעטער מיט דער רעוואָליוציאָנערער פּראָפּאגאנדע“[2].

שוינ פונ די ערשטע טריט פונ זיינ ארבעט אינ פּעטערבורג האָט לענינ געהאלטנ, אז מע טאָר זיכ ניט באגרענעצנ בלויז מיט פּראָפּאגאנדע אינ קרייזלעכ צווישנ א דינעמ שיכט פאָרגעשריטענע ארבעטער, אז מע מוז פירנ אנ אגיטאציע-ארבעט צווישנ די ברייטע ארבעטער-מאסנ. ער האָט שארפ אוועקגעשטעלט די דאָזיקע פראגע גלייכ בא די ערשטע באגעגענישנ מיט די פּעטערבורגער סאָציאל-דעמאָקראטנ.

די דערפארונג פונ זיינ אייגענער פּראָפּאגאנדיסטישער ארבעט אינ די קרייזלעכ האָט נאָכ מער איבערצייגט לענינענ אינ דער נייטיקייט אריבערצוגיינ פונ פּראָפּאגאנדע אינ קרייזלעכ צו א ברייטער אקטועלער פּאָליטישער אגיטאציע אפנ באָדנ פונ פארטייִדיקנ די דירעקטע באדערפענישנ פונעמ ארבעטער-קלאס. דאָס איז צומ ערשטנ מאָל פארווירקלעכט געוואָרנ בייס די אומרוענ אפ סעמיאניקאָווס זאוואָד סאָפ 1894 יאָר. דאָס סיסטעמאטישע פארשפּעטיקנ מיטנ אויסצאָלנ ארבעטסלוינ האָט ארויסגערופנ בא די ארבעטער אנ אופרייס פונ צאָרנ. די אבסאָליוט געזעצלעכע פאָדערונג פונ די ארבעטער איז באפרידיקט

[1] אי. וו. באבושקינס דערינערונגענ (1893—1900 י.), ז. 51.
[2] נ. ק. קרופּסקאיא. דערינערונגענ וועגנ לענינענ, ז. 16.

געוואָרן, א טייל ארבעטער האָט מען אָבער ארעסטירט און ארויסגעשיקט פון פעטערבורג.

לענין האָט געהאלטן, אז ס'איז אומבאדינגט נייטיק טייקעף אָפּצורופן זיך אף די געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אף סעמיאניקאָוו זאוואָד. ער האָט אָנגעשריבן א פלוגבלעטל, וואָס איז באדאנדלט געוואָרן אינעם ארבעטער=קרייזל, מע האָט עס איבערגעשריבן מיט דער האנט אין עטלעכע עקזעמפליארן און פארשפּרייט אפן זאוואָד. א טעטיקן אָנטייל אין צונויפשטעלן און פארשפּרייטן דאָס פלוגבלעטל האָט גענומען באבושקין. דאָס פלוגבלעטל האָט געהאט גרויך יערפאָלג. אָט דאָס ערשטע אגיטאציאָנעלע פלוגבלעטל פון די פעטערבורגער סאָציאל=דעמאָקראטן איז געווען דער אָנהייב פון א קער אין זייער גאנצער טעטיקייט.

דער קער צו פּאָליטישער מאסן=אגיטאציע האָט געהאט אן אנטשיידנדיקע באדייטונג ניט בלויז פאר פעטערבורג, נאָר אויך פאר דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון דער ארבעטער=באוועגונג אין רוסלאנד.

אין פעווראל 1895 יאָר האָט זיך אָנגעהויבן א יוירונג צווישן די ארבעטער פון „גאָווי פּאָרט". די פעטערבורגער סאָציאל=דעמאָקראטן, אָנגעפירט פון לענינען, האָבן ארויסגעגעבן א פלוגבלעטל „וואָס דארפן זיך זען צו דערשלאָגן די פּאָרט=ארבעטער?", ווו עס זיינען געווען פאָרמולירט זייערע פאָדערונגען. דאָס פלוגבלעטל האָט געמאכט א שטארקן איינדרוק אף די ארבעטער. די אדמיניסטראציע איז געווען געצוווּנגען צו גיין אף האנאָכעס. אָט דער זיג פון די ארבעטער האָט געהאט א גרויסע באדייטונג. דער אויטאָריטעט און דער איינפלוס פון די סאָציאל=דעמאָקראטן איז נאָך דעם שטארק אויסגעוואקסן. די בלעטלעך האָבן באקומען גרויס פּאָפּולערקייט, מע האָט אף זיי געווארט, זיך מיט זיי גערעכנט.

ניט קיין קלענערע פּאָפּולערקייט האָט באקומען לענינס בראָשור „די דערקלערונג פונעם געזעץ וועגן שטראפן, וואָס ווערן גענומען בא די ארבעטער אין די פאבריקן און זאוואָדן". די בראָשור איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אן אומלעגאלער דרוקעריי, אויסערלעך האָט זי אָבער אויסגעזען ווי א לעגאלע. לענין האָט מיט גרויס אינטערעס געארבעט איבער דער דאָזיקער בראָשור, וואָס זי איז געווען באשטימט פארן מאסעוון ארבעטער=לייענער.

„איך וואָלט קיין זאך אזוי ניט געוואָלט, וועגן קיין זאך אזויפיל ניט געטרוימט, ווי וועגן דער מעגלעכקייט צו שרייבן פאר ארבעטער"[1], — האָט ער שפּעטער געשריבן פון פארשיקונג. אין א פאר די ארבעטער פארשטענדלעכער פאָרם האָט די בראָשור באוויזן, ווי אזוי די צארישע רעגירונג און די פאבריקאנטן עקספּלואטירן די ארבעטער און אף וואָס פאר אן אויפן די פּראָלעטאריער דארפן, אונטער דער אָנפירונג פון דער ארבעטער=פּארטיי, קעמפן קעגן די אונטערדריקער.

אזוי איז אונטער לענינס אָנפירונג געמאכט געוואָרן דער היסטאָרישער קער פון פּראָפּאגאנדע פונעם מארקסיזם אין קליינע קרייזלעך

[1] לענין. ווערק, ב. XXVIII, ז. 17.

פונ פאָרגעשריטענע ארבעטער צו פּאָליטישער אגיטאציע צווישנ די ברייטע ארבעטער־מאסנ. אינ רעזולטאט פונ דער אגיטאציע פונ די רעוואָליוציִאָנערע סאָציִאַל־דעמאָקראטנ, וואָס אָנגעפירט מיט זיי האָט לענינ, האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט די באוועגונג פונ די פעטערבורגער ארבעטער, וועלכע האָט געעפנט א נייעמ פעריִאָד אינ דער געשיכטע פונעמ ארבעטער־קלאס פונ רוסלאנד.

זינט דעמ בארימטנ מאָראָזאָווער שטרייק פונ 1885 יאָר, וואָס האָט געהאט א גרויסע באדייטונג אינ דער געשיכטע פונ דער ארבעטער־באוועגונג, זיינענ אריבער סאכאקל 10 יאָר. די באוועגונג פונ די ארבעטער, וואָס האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ פעטערבורג, אונ באזונדערס די בארימטע שטרייקנ פונ 1896 יאָר, מיט וועלכע עס האָבנ אָנגעפירט די רעוואָליוציִאָנערע מארקסיסטנ, האָבנ „געעפנט די ערע פונ דיזער דערנאָכ קעסיידער שטייגנדיקער ארבעטער־באוועגונג, — דעמ דאָזיקנ מעכטיקסטנ פאקטאָר פונ אונדזער גאנצער רעוואָליוציע“[1].

אינ דעמ דאָזיקנ איבערבראָכ־מאָמענט איז לענינ גלייכ ארויסגעטראָטנ קעגנ די, וועלכע האָבנ געפרווט צו באגרענעצנ די אגיטאציע בלויז מיט עקאָנאָמישע פראגנ, קעגנ די, וועלכע האָבנ געוואָלט באגרענעצנ דעמ קאמפ פונ די ארבעטער בלויז מיטנ עקאָנאָמישנ קאמפ קעגנ די באלעבאטימ. לענינענ איז אויסגעקומענ צו געבנ א שלאכט די ערשטע אנטפלעקונגענ פונ „עקאָנאָמיזמ“ נאָכ אינ אָנהייב 1895 יאָר, אפ דער בארא‌טונג פונ די פאָרשטייער פונ די סאָציִאַל־דעמאָקראטישע גרופּעס פונ פארשיידענע שטעט פונ רוסלאנד (פעטערבורג, מאָסקווע, קיִעוו, ווילנע). די בארא‌טונג איז פאָרגעקומענ אינ פעטערבורג, אפ איר איז באהאנדלט געוואָרנ די פראגע וועגנ אריבערגיינ צו אגיטאציע אונ וועגנ איינשטעלנ אנ ענגע פארבינדונג מיט דער גרופּע „באפרייונג פונ דער ארבעט“. אפ דער בארא‌טונג האָבנ זיכ אָנגעמערקט צוויי ליניעס — א רעוואָליוציִאָנערע אונ אנ אָפּאָרטוניסטישע. אינ רעזולטאט האָט זיכ איינגעגעבנ צונויפצורעדנ זיכ וועגנ שיקנ קיינ אויסלאנד א געמיינזאמענ פאָרשטייער פונ אלע גרופּעס אפ איינצושטעלנ א פארבינדונג מיט דער גרופּע „באפרייונג פונ דער ארבעט“. קיינ אויסלאנד זיינענ אוועקגעפאָרנ צוויי מענטשנ. די פעטערבורגער סאָציִאַל־דעמאָקראטנ האָבנ באשלאָסנ צו שיקנ לענינענ.

לענינס נעסיע האָט זיכ פארהאלטנ מער ווי אפ א כודעש. ער איז קראנק געוואָרנ מיט א לונגענ־אָנצינדונג. נאָכ ניט אינגאנצנ גע־קומענ צו זיכ נאָכ דער קרענק, הייבט ער אָנ שטודירנ דעמ דריטנ באנד „קאפּיטאל“, וואָס איז אָקאָרשט געוואָרנ דערשינענ אפ דייטש.

דעמ 25 אפּרעל 1895 יאָר איז לענינ ארויסגעפאָרנ קיינ אויס־לאנד. אינ דער שווייצ האָט ער זיכ צומ ערשטנ מאָל באגעגנט מיט פלעכאנאָווונ. לענינ האָט זיכ צונויפגערעדט מיט אימ אונ מיט די אנדערע מיטגלידער פונ דער גרופּע „באפרייונג פונ דער ארבעט“ וועגנ געמיינזאמער ארבעט, האָט באהאנדלט מיט זיי א ריי פּרינציפּיעלע פּאָליטישע אונ אָרגאניזאציִאָנעלע פראגנ. די גרופּע „באפרייונג פונ דער ארבעט“ האָט אָנגענומענ לענינס פאָרשלאָג וועגנ ארויסלאָזנ פא־

[1] לענינ. ווערק, ב. XII, ז. 57.

פולערע זאמלביכער פאר ארבעטער. עס איז געשאפנ געוואָרנ דער ניט-פעריאָדישער זאמלבוכ „ראבאָטניק“. לענינ האָט אָרגאניזירט דאָס שיקנ פונ רוסלאנד ארטיקלענ אונ קאָרעספּאָנדענצנ פארנ זאמלבוכ.

בײם די אונטערהאנדלונגענ האָבנ זיך אויפגעדעקט מײנונגס-פארשײדנהײטנ צווישנ לענינענ אונ פלעכאנאָוונ אינ אײניקע פּרינציפּיעלע פראגנ. האָבנדיק זיך באקענט מיט לענינס ארטיקל קעגנ סטרווענ, האָט פלעכאנאָוו זיך ארויסגעזאָגט קעגנ דער לענינישער טאקטיק בענעגייע די ליבעראלנ, באמערקנדיק: „איר דרײט זיך אויס צו די ליבעראלנ מיטנ רוקנ, אונ מיר — מיטנ פּאָנעמ“. פלעכאנאָוו האָט ניט דערשאצט די ראָליע אונ די באדײטונג פונעמ פּויערטומ אלס פארבינדעטנ פונעמ פּראָלעטאריאט אונ האָט געהאלטנ די ליבעראלע בורזשואזיע פאר דער טרײבקראפט אינ דער פאָרשטײענדיקער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אינ רוסלאנד. עס האָבנ זיך אנטפּלעקט טעאָרעטישע מײנונגס-פארשײדנהײטנ אויכ אינ א רײ פראגנ פונ היסטאָרישנ מאטעריאליזמ.

אינ דער שווײצ איז לענינ אָפּגעווענ אנ ערעכ אָנדערהאלבנ כאָדאָשימ, אונ מער ווי צווײ כאָדאָשימ אינ פּאריזש אונ אינ בערלינ, וווּ ער האָט אויפמערקזאמ שטודירט די ארבעטער-באוועגונג, באזוכט ארבעטער-פארזאמלונגענ, זיך באקענט מיטנ לעבנ אונ מיטנ שטײגער פונעמ מערעוו-אײראָפּײִשנ ארבעטער. „די בערלינער Sehenswürdigkeiten[1], — האָט ער געשריבנ צו דער מוטער, — באזוכ איכ זײער פויל: ביכלאל בינ איכ צו זײ גאנצ גלײכגילטיק אונ קומ אָהינ מערסטנטײל צופעליק. אונ ביכלאל געפעלט מיר מער ארומשלעפּנ זיך איבער פארשײדענע פאָלקס-אָוונטנ אונ פארווײלונגענ, אײדער באזוכנ מוזײענ, טעאטערס, פּאסאזשנ אד״ג“[2].

ווענ לענינ איז געקומענ צו פאָרנ קײנ אויסלאנד, איז ענגעלס געווענ שווער קראנק, אונ לענינ האָט זיך ניט געקאָנט מיט אימ זענ. אינ פּאריזש האָט זיך לענינ באקענט מיטנ אָנגעזעענעמ פראנצויזישנ סאָציאליסט — מיט מארקס' אײדעמ — פּאָל לאפארג.

ווענ לענינ האָט שוינ געהאלטנ באמ אוועקפאָרנ, אינ אויגוסט 1895, איז געשטאָרבנ ענגעלס. לענינ האָט אָנגעשריבנ אנ ארטיקל — א נעקראָלאָג „פרידריכ ענגעלס“, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרנ אָנ אנ אונטערשריפט אינ נומער 1—2 פונעמ זאמלבוכ „ראבאָטניק“. דער דאָזיקער קלײנער ארטיקל איז דאָס בעסטע, וואָס ס'איז פאראנ אינ דער וועלט-ליטעראטור וועגנ דעמ לעבנ אונ דער טעטיקײט פונ מארקס' מיטקעמפער, אײנעמ פונ די גרונטלײגער פונעמ רעוואָליוציאָנערנ מארקסיזמ — פרידריכ ענגעלס.

די צײט, וואָס ער איז געווענ אינ אויסלאנד, האָט לענינ אויסגענוצט אויכ אפ צו שטודירנ יענע מארקס' אונ ענגעלסעס ווערק, וועלכע מע האָט ניט געקאָנט קריגנ אינ רוסלאנד. אינ אויסלאנד האָט לענינ א סאכ אונ פלײסיק געארבעט אינ די ביבליאָטעקנ.

1 — מערקווירדיקײטנ. רעד.

2 לענינ. בריוו צו קרובים, 1934, ז. 9.

אינ רוסלאנד האָט ער זיכ אומגעקערט דעמ 7 סענטיאבער 1895 יאָר. די זשאנדארמענ אפ דער גרענעצ האָבנ געהאט א שטרענגע אָנווייזונג זאָרגזאמ דורכצוקוקנ לענינס באגאזש. די דאָזיקע רעוויזיע האָט אָבער גאָרנישט ניט געגעבנ. אינ א טשעמאָדאנ מיט א דאָפלטנ דעק האָט לענינ בעשאָלעמ דורכגעפירט מארקסיסטישע ליטעראטור. זייער קונציק האָט ער זיכ אויסגעדרייט פונ פאָליצייִשער אופזיכט אונ, איידער ער איז געקומענ קיינ פעטערבורג, איז ער 22 טעג ארומגעפאָרנ איבער רוסלאנד: ער איז געווענ אינ ווילנע, וו ער האָט געפירט אונטערהאנדלונגענ וועגנ טראנספאָרטירנ מארקסיסטישע ליטעראטור פונ אויסלאנד; דערנאָכ האָט ער באזוכט מאָסקווע, אָרעכאָוואָזויעווא, וו ער האָט אייַנגעשטעלט פארבינדונגענ מיט די אָרטיקע סאָציאל־דעמאָקראטנ.

לענינענ האָט זייער שטארק געקרענקט דאָס, וואָס די צעשפּליטערטקייט, די קוסטארערייַ פונ די דעמלטיקע סאָציאל־דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס אנטשפרעכנ ניט דער גראנדיעזקייט פונ די היסטאָרישע אופגאבנ, וועלכע שטייענ פארנ ארבעטער־קלאס פונ רוסלאנד. קיינ מארקסיסטישע ארבעטער־פארטיי איז נאָכ דעמלט ניט געווענ. שפּעטער, אינ 1902 יאָר, אינעמ בוכ „וואָס דארפ מענ טאָנ?“ האָט ער געשריבנ וועגנ זייַנע שטימונגענ פונ יענער צייַט: „איכ האָב געארבעט אינ א קרייַזל, וואָס האָט געשטעלט פאר זיכ זייער ברייטע, אוניווערסאלע אופגאבנ, — אונ אונדז אלעמענ, די מיטגלידער פונעמ דאָזיקנ קרייַזל, איז אויסגעקומענ פייַנלעכ, ביז ווייטעק ליידנ פונעמ באוווסטזייַנ, אז מיר ווייַזנ זיכ ארויס פאר קוסטארנ אינ אזא היסטאָרישנ מאָמענט, ווענ מע וואָלט, איבעראנדערשנדיק דעמ באוווסטנ אפאָריזמ, געקאָנט זאָגנ: גיט אונדז אנ אָרגאניזאציע פונ רעוואָליוציאָנערנ — וועלנ מיר איבערקערנ רוסלאנד!“ [1].

צומ לייזנ די דאָזיקע אופגאבע איז לענינ צוגעטראָטנ נאָכ בא די ערשטע טריט פונ זייַנ ארבעט אינ פעטערבורג. אומגעקערט זיכ פונ זייַנ רייַזע קיינ אויסלאנד, האָט ער מיט נייַער, פארצענפאכטער ענערגיע זיכ גענומענ צומ פארפעסטיקנ אונ פארברייטערנ די סאָציאל־דעמאָקראטישע אָרגאניזאציע. ער קומט קימאט יעדנ טאָג אינ די ארבעטער־ראיאָנענ, פירט דורכ פארזאמלונגענ אונ בארעטונגענ, שמועסט מיט ארבעטער, גיט אָנווייַזונגענ די מיטגלידער פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטישער אָרגאניזאציע. לענינ האָט פאראייניקט אלע מארקסיסטישע ארבעטער־קרייַזלעכ, וואָס האָבנ עקזיסטירט אינ פעטערבורג (בא 20), אינ איינ אָרגאניזאציע, וועלכע האָט באקומענ דעמ נאָמענ „פארבאנד פונ קאמפ פאר דער באפרייַונג פונעמ ארבעטער־קלאס“. דערמיט גופע האָט ער צוגעגרייט די אויסבילדונג פונ א רעוואָליוציאָנערער מארקסיסטישער פארטיי.

לענינ האָט געבויט די ארבעט פונעמ „פארבאנד פונ קאמפ“ אפ די פרינציפנ פונ צענטראליזמ אונ שטרענגער דיסציפּלינ. בעראָש פו־

1 לענינ. ווערק, ב. IV, ז. 458. (וו. אי. לענינ. אויסגעוויילטע ווערק אינ צוויי בענדער, ב. I, ערשטער טייל, ז. 272, 1941 י., מעלוכע־פארלאג „דער עמעס“.)

נעמ „פארבאנד“ איז געשטאנענ א צענטראלע גרופע, דירעקט מיט דער גאנצער ארבעט האָבנ אָנגעפירט פינפ מיטגלידער פונ דער דאָזי-קער גרופע בעראָש מיט לעגינענ, וועלכער איז גלײַכצײַטיק געווענ דער רעדאקטאָר פונ די אויסגאבנ פונעמ „פארבאנד“. די אָרגאניזאציע איז געווענ אײַנגעטײלט אינ ראיאָנענ. אינ די ראיאָנע גרופעס זײַנענ ארײַנ-געגאנגענ אָרגאניזאטאָרנ פונ צווישנ די פאָרגעשריטענע, אמערסטנ בא-וווסטזיניקע ארבעטער, וועלכע פלעגנ פארבינדנ די ראיאָנע גרופעס מיט די זאוואָדנ. אינ די זאוואָדנ זײַנענ אויכ געווענ אָרגאניזאטאָרנ פאר אינפאָרמאציע אונ פאר פארשפרייטנ ליטעראטור. אפ אלע גרעסטע זאוואָדנ זײַנענ געשאפנ געוואָרנ ארבעטער-קרײַזלעכ, ווו באגלײַכ מיט דער פראָפאגאנדע פונ דער מארקסיסטישער טעאָריע פלעגנ באהאנדלט ווערנ אויכ די לויפנדיקע פראגנ פונעמ פּאָליטישנ לעבנ. פאקטיש האָבנ די דאָזיקע קרײַזלעכ פאָרגעשטעלט מיט זיכ סאָציאל-דעמאָקראטישע קעמערלעכ אינ די אונטערנעמונגענ.

דער „פארבאנד פונ קאמפ“, וואָס אָנגעפירט מיט אימ האָט לעניג, איז געווענ ענג פארבונדנ מיט דער מאסעווער ארבעטער-באוועגונג. לעניג האָט אופמערקזאמ נאָכגעשפירט נאָכ דער לאגע אינ די זאוואָדנ אונ פאבריקנ, איז געווענ אינ קורס פונ די שטימונגענ פונ די ארבע-טער. ווענ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א יווירונג אינ טאָרנטאָנס פאבריק, האָט לעניג זאָרגזאמ צונויפגעזאמלט אלע מאטעריאלנ וועגנ דער לאגע פונ די ארבעטער, וועגנ די שטראפנ, ער האָט דעטאל געוווסט אלע טאריפנ, ער האָט דערלערנט אפילע די נאָמענקלאטור פונ די סבוי-דעס. אזא מינ גרינטלעכ קענענ די לאגע אונ די שטימונגענ פונ די ארבעטער האָט געגעבנ די מעגלעכקײַט קאָנקרעט אָנצופירנ מיטנ שטרײַק-קאמפ.

דער „פארבאנד פונ קאמפ“ האָט גוט אָרגאניזירט דעמ שטרײַק אינ טאָרנטאָנס פאבריק. דעמ 5 נאָיאבער האָט דער „פארבאנד פונ קאמפ“ ארויסגעגעבנ אונ פארשפרייט דאָס פלוגבלעטל „וואָס פאָדערנ די וועבער?“. דאָס פלוגבלעטל האָט געמאכט א קאָלאָסאלנ אײַנדרוק אפ די ארבעטער; גלײַכ אפ מאָרגנ האָבנ די וועבער פארשטרײַקט. אינ עטלעכע טעג ארומ איז ארויסגעלאָזט געוואָרנ א צווייט פלוגבלעטל צו די שטרײַקנדיקע ארבעטער אונ ארבעטערנס פונ טאָרנטאָנס פאב-ריק; אָנגעשריבנ דאָס דאָזיקע בלעטל האָט לעניג. אינעמ פלוגבלעטל איז דעמאסקירט געוואָרנ די פּאָליטיק פונ טאָרנטאָנענ, וועלכער האָט אראָפּגעזעצט דעמ ארבעטסלויג ניט אלע ארבעטער מיט אמאָל, נאָר בעהאדראָגעדיק. דאָס פלוגבלעטל האָט אופגעקלערט, אז פארבעסערנ זייער לאגע קאָנענ די ארבעטער בלויז דורכ געמיינזאמע סאָלידארע אָנשטרענגונגענ. דער שטרײַק האָט זיכ געענדיקט דערפאָלגרײַכ פאר די ארבעטער. ער האָט געמאכט דעמ אָנהייב פונ א נײַעמ אופשטײַג פונ דער שטרײַק-באוועגונג אינ פעטערבורג.

יעדעס בלעטל אזא, וואָס האָט פארבונדנ די עקאָנאָמישע פאָדע-רונגענ פונ די ארבעטער מיט די אנטשפרעכיקע פּאָליטישע פאָדערונ-גענ, האָט געהייבנ דעמ גײַסט פונ די ארבעטער. דער אווטאָריטעט פונעמ „פארבאנד פונ קאמפ“ אינ די ארבעטער-מאסנ איז שטארק

אויסגעוואקסנ. אונטער דער אָנפירונג פונעמ „פארבאנד פונ קאמפ" זײַנענ פאָרגעקומענ אויכ אנדערע שטרײַקנ. די ארבעט פונעמ לענינישנ „פארבאנד פונ קאמפ" האָט זיכ געלאָזט פילנ מיט א באזונדערער קראפט זומער 1896 יאָר, ווענ עס איז פאָרגעקומענ דער בארימטער שטרײַק פונ די פעטערבורגער טעקסטיל-ארבעטער.

אונטער לענינס אָנפירונג האָט דער פעטערבורגער „פארבאנד פונ קאמפ פאר דער באפרײַונג פונעמ ארבעטער-קלאס" צומ ערשטנ מאָל אינ רוסלאנד אָנגעהויבנ פארווירקלעכנ די פ א ר י י נ י ק ו נ ג פ ו נ ע מ ס אָ צ י א ל י ז מ מ י ט ד ע ר א ר ב ע ט ע ר-ב א ו ו ע ג ו נ ג, פארבינדנדיק דעמ קאמפ פונ די ארבעטער פאר עקאָנאָמישע פאָדערונגענ מיטנ פאָליטישנ קאמפ קעגנ דעמ צאריזמ. לענינ האָט שפעטער געשריבנ: „בלויז די אגיטאציע פונ די יאָרנ 1894—1895 אונ די שטרײַקנ פונ די יאָרנ 1895—1896 האָבנ געשאפנ די פעסטע, קעסיידערדיקע פארבינדונג פונ דער סאָציאל-דעמאָקראטיע מיט דער מאסעווער ארבעטער-באוועגונג"[1]. דער פעטערבורגער „פארבאנד פונ קאמפ" האָט געגעבנ א מעכטיקנ שטויס דערצו, אז אויכ אינ אנדערע שטעט אונ געגנטנ פונ רוסלאנד זאָלנ זיכ די ארבעטער-קרײַזלעכ פארייניקנ אינ אָט אזוינע פארבאנדנ.

לענינ האָט געהאלטנ, אז די טעטיקײַט פונעמ „פארבאנד פונ קאמפ" אינ די גרענעצנ פונ פעטערבורג אליינ איז ווײַט ניט גענוגנדיק. ער האָט געשטעלט פאר זיכ ברייטערע אויפגאבנ: „דער פארבאנד פונ קאמפ" האָט געדארפט ווערנ דער יעסאָד פאר שאפנ די פארטיי. לענינ האָט געהאלטנ, אז א באזונדערע באדײַטונג האָט דאָס אײַנשטעלנ א פארבינדונג צווישנ די סאָציאל-דעמאָקראטנ פונ פארשיידענע שטעט. פאר צוויי יאָר איז אויפגעטאָנ געוואָרנ א באדײַטנדיקע ארבעט אינ פראט פונ אײַנשטעלנ אזוינע פארבינדונגענ. דער „פארבאנד" איז שוינ געווענ פארבונדנ מיט די סאָציאל-דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס אינ מאָסקווע, קיעוו, וולאדימיר, יאראָסלאוול, איוואנאָוואָ-וואָזנעסענסק, אָרעכאָוואָ-זויעוואָ, ניזשני-נאָווגאָראָד, סאמארע, סאראטאָוו, אָריאָל, טווער, מינסק, ווילנע. עס איז געווענ אומבאדינגט נייטיק צו פארברייטערנ אונ פארפעסטיקנ די דאָזיקע פארבינדונגענ. אָט די אויפגאבע האָט געדארפט אויספילנ א צײַטונג, וואָס זאָל פאָרמולירנ די נאָענטסטע אויפגאבנ אונ די ענדצילנ פונעמ קאמפ פונ דעמ ארבעטער-קלאס. דער ערשטער נומער פונ אזא צײַטונג אונטערנ נאָמענ „ראבאָטשעיע דיעלאָ" איז שוינ געווענ צוגעגרייט צומ דרוק.

לענינ האָט פארנ ערשטנ נומער אָנגעשריבנ דרײַ ארטיקלענ: דעמ לייטארטיקל „צו די רוסישע ארבעטער", דעמ ארטיקל וועגנ פרידריכ ענגעלס אינ צוזאמענהאנג מיט זײַנ טויט אונ „וועגנ וואָס טראכטנ אונדזערע מיניסטאָרנ?". אינעמ לייטארטיקל האָט זיכ גערעדט וועגנ די היסטאָרישע אויפגאבנ פונעמ ארבעטער-קלאס אינ רוסלאנד אונ קודעמקאָל וועגנ דעמ קאמפ פאר פאָליטישער פרײַהײַט. כוץ די ארטיקלענ זײַנענ נאָכ צוגעגרייט געווענ קאָרעספאָנדענצנ פונ יאראָסלאוול,

---

1 לענינ, ווערק, ב. XVII, ז. 353.

איוואנאָוואָ=וואָזנעסענסק, ווילנע, ביאַליסטאָק און א סאכאקל=באריכט וועגנ דער שטרייק=באוועגונג אינ פעטערבורג.

לענינס פלאנ האָט זיכ אָבער דעמאלט ניט איינגעגעבנ צו פארווירקלעכנ. די צארישע רעגירונג האָט טראָט נאָכ טראָט נאָכגעשפירט נאָכ לענינס רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אינ זיינ פערזאָנ האָט זי געזענ זייער א געפערלעכנ סוינע. אינ דער נאכט אפנ 9 דעקאבער 1895 יאָר האָבנ די זשאנדארמענ צעגראָמירט דעם „פארבאנד פונ קאמפ“ — זיי האָבנ ארעסטירט א באדייטנדיקנ טייל פונ זיינע מיטגלידער, דערונטער אויכ דעם אָרגאניזאטאָר אונ פירער פונעם „פארבאנד“ — וו. אי. לענינענ.

אלס ענטפער אפנ ארעסט פונ לענינענ אונ פונ אנדערע טוער פונעם „פארבאנד“ האָבנ די ארבעטער אליינ אָנגעשריבנ א פלוגבלעטל מיט שארפ אויסגעשפראָכענע פאָליטישע פאָדערונגענ. דאָס דאָזיקע פלוגבלעטל איז אָפגעדרוקט געוואָרנ אונ מע האָט עס פארשפרייט אינ די זאוואָדנ אונ פאבריקנ.

דער פעטערבורגער פעריאָד האָט א ביז גאָר גרויסע באדייטונג אינעם לעבנ אונ אינ דער טעטיקייט פונ וו. אי. לענינענ. מער ווי צוויי יאָר האָט לענינ פארבראכט אינ פעטערבורג, צווישנ די פעטערבורגער ארבעטער. דאָס איז געווענ א שול פונ רעוואָלוציאָנערער ארבעט, א שול פונ רעוואָלוציאָנערער מייסטערשאפט. דאָ האָט לענינ דער ערשטער אינ רוסלאנד אָנגעהויבנ פארווירקלעכנ די פאראייניקונג פונעם סאָציאליזמ מיט דער ארבעטער=באוועגונג, האָט געשאפנ דעם „פארבאנד פונ קאמפ פאר דער באפרייונג פונעם ארבעטער=קלאס“ — דעם ערשטנ ערנסטנ עמבריאָנ פונ א רעוואָלוציאָנערער פארטיי, וואָס שטיצט זיכ אפ דער ארבעטער=באוועגונג. אפ דער רעוואָלוציאָנערער דערפארונג פונעם פעטערבורגער „פארבאנד פונ קאמפ“ האָט זיכ לענינ געשטיצט אינ זיינ ווייטערדיקער ארבעט פונ שאפנ א מארקסיסטישע פארטיי אינ רוסלאנד. אינ פעטערבורג האָט לענינ אָנגעפירט מיט די ערשטע רעוואָלוציאָנערע געראנגלענ פונעם פראָלעטאריאט מיט זיינע קלאסנ=סאָנימ, האָט דערצויגנ דעם ארבעטער=קלאס, גרייטנדיק אים צו דער ענטשיידנדיקער אטאקע קעגנ דער זעלבסטהערשונג אונ דער בורזשואזיע. דאָ האָט לענינ פאנאנדערגעוויקלט אנ ענטשיידנדיקנ אונ אומקאָמפראָמיסלעכנ קאמפ קעגנ דעם פאָלקיזמ, קעגנ „לעגאלנ מארקסיזמ“ אונ קעגנ די ערשטע אנטפלעקונגענ פונעם „עקאָנאָמיזמ“. אינ דעם דאָזיקנ קאמפ האָט לענינ דערצויגנ אונ באהעפט אנ ענגע גרופע מיינונגס=כאווערימ אונ מיטקעמפער זיינע, בויער פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי.

סאָפ XIX יאָרהונדערט זיינענ פאָרגעקומענ גרויסע ענדערונגענ אינעם גאנצנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ.

די קאפיטאליסטישע וועלט האָט געהאלטנ אינ אריינטרעטנ אינ א נייער עפּאָכע — אינ דער עפּאָכע פונ אימפעריאליזמ. אפ א נייעם אויפנ האָבנ זיכ געשטעלט די פראגנ פונ אָרגאניזירנ די פראָלעטארישע פארטיי, די פראגנ פונ סטראטעגיע אונ טאקטיק פונעם קאמפ פונעם ארבעטער=קלאס. דער צענטער פונ דער רעוואָלוציאָנערער באווע=

גונג האָט זיכ אָנגעהויבנ אריבערוקנ קיינ רוסלאנד. דאָ האָט גענומענ רײפ װערנ די גרעסטע פאָלקס־רעװאָלוציע.

אינ אָט דעם היסטאָרישנ מאָמענט איז ארויסגעטראָטנ װלאדימיר איליטש לענינ, װאָס האָט הויכ אויפגעהויבנ אונ געטראָגנ װײטער די קאמפס־פאָנ פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ, די פאָנ פונעם רעװאָלוציאָנער־מארקסיזמ.

---

## III

לענינ איז 14 כאָדאָשימ אָפּגעזעסנ אינ טורמע. זײַנ ברויזנדיקע טעטיקײַט האָט זיכ אָבער ניט אָפּגעשטעלט אויכ דאָ. דער טאָג איז בא אימ געווענ שטרענג פּלאַנירט אונ פאַרפולט מיט ארבעט. לענינ האָט געפונענ וועגנ אונ מיטלענ, וויאַזוי פונ הינטער די טורמע-גראַטעס אָנצופירנ מיט דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע ער האָט געשאַפנ: ער פלעגט שיקנ אָפּ דער פרײַ בריװ, פלוגבלעטלעכ אונ האָט אַפילע אָנגעשריבנ די בראָשור „וועגנ שטרײַקנ“ אונ דעמ „פּראָיעקט אונ דערקלערונג פונ דער פּראָגראַמ פונ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטײ“. אינ אָט דעמ ערשטנ עסקיז פונ דער פּראָגראַמ פאָרמולירט לענינ די גרונט-צילנ אונ גרונט-אויפגאַבנ פונעמ קלאַסנקאַמפ פונעמ פּראָלעטאַריאַט: אַראָפּוואַרפנ די זעלבסטהערשונג, דעראָבערנ פּאָליטישע פרײַהײַט, פאַרכאַפּנ די מאַכט דורכנ פּראָלעטאַריאַט, אָרגאַניזירנ די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע. גרויס אויפמערקזאַמקײַט האָט לענינ אָפּגעגעבנ אינ דער פּראָגראַמ אויכ דער אַגראַר-פראַגע.

פונ קאָנספּיראַציע וועגנ פלעגט לענינ שרײַבנ זײַנע בריװ אונ בראָשורנ מיט מילכ צווישנ די שורעס פונ א וועלכנ-ניט-איז בוכ. קעדײ די טורמע-אויפזעער זאָלנ אימ ניט פאַקנ, פלעגט וולאַדימיר איליטש אויסקנעטנ פונ ברויט קלײנע טינטערלעכ, וועלכע ער פלעגט, בײַמ א געפאַר, שנעל אײַנשלינגענ. „הײַנט האָב איכ אויפגעגעסנ זעקס טינטערס“, — האָט ער אינ א וויצ מיטגעטײלט אינ אײנעמ א בריװ.

די בראָשור „וועגנ שטרײַקנ“ האָבנ די זשאַנדאַרמענ פאַרכאַפּט באַמ אַרעסטירנ די אומלעגאַלע טיפּאָגראַפיע, וווּ מע האָט זי געדרוקט. ביזנ הײַנטיקנ טאָג האָט מענ זי ניט געפונענ. „פּראָיעקט אונ דערקלערונג פונ דער פּראָגראַמ פונ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטײ“ איז צומ ערשטנ מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרנ ערשט אינ 1924 יאָר.

לענינ איז ניט נאָר געווענ פאַרבונדנ מיט דער פרײַ, ער האָט קאָרעספּאָנדירט אויכ מיט די אַרעסטירטע. זײַנע בריװ האָבנ געאָטעמט מיט מונטערקײַט, זײ זײַנענ דורכגעדרונגענ מיט זאָרג וועגנ די אַרעסטירטע כאַווײרימ.

אינ דרײַ וואָכנ ארומ נאָכנ אַרעסט האָט לענינ געשריבנ פונ טורמע: „איכ האָב א פּלאַנ, וואָס באַהערשט מיכ שטאַרק זינט מײַנ אַרעסט, אונ וואָס ווײַטער, אַלצ שטאַרקער. איכ האָב זיכ שוינ פונ לאַנג פאַרנומענ מיט אײנער אַנ עקאָנאָמישער פראַגע (וועגנ דעמ אָפּ-

זאצ פונ סבווירעם פונ דער באארבעטנדיקער אינדוסטריע אינוויינינ אינ לאנד), כ'האב צוגעקליבנ א געוויסע ליטעראטור, צונויפגעשטעלט א פלאנ, ווי אזוי צו באארבעטנ די פראגע, אפילע שוינ עפעס־וואס אנגעשריבנ, — איכ בינ בעדייע ארויסגעבנ מיינ ארבעט אינ א באזונדערנ בוכ, אויב זי וועט פארנעמענ מער ווי א זשורנאל־ארטיקל. וואריבנ די דאזיקע ארבעט וואלט זיכ זייער גיט וועלנ, אונ איצט, זעט אויס, שטייט פאר אנ אלטערנאטיוו: אדער אנשרייבנ זי דא, אדער זיכ אינגאנצנ אפזאגנ" [1].

אינ די בריוו צו די קרויווים רעכנט לענינ אויס די ביכער, זאמלונגענ, מאטעריאלנ, וועלכע ער דארפ צו דער ארבעט. דאס צושטעלנ די ביכער אינ טורמע האט ארגאניזירט לענינס שוועסטער, אנא איליניטשנא. וולאדימיר איליטש שטודירט מיט גרויס אינטערעס א שלאל מאטעריאלנ, מאכט אנ א שיר אויסצוגנ. אזוי האט זיכ אנגעהויבנ די ארבעט איבער דעמ געניאלנ בוכ „די אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד".

זומער 1896 יאר האט זיכ לענינ מיט פרייד דערוווסט, אז די ארבעט פונעמ „פארבאנד פונ קאמפ פאר דער באפרייונג פונעמ ארבעטער־קלאס", וואס ער האט אימ געשאפנ, האט געגעבנ אירע רעזולטאטנ: אינ פעטערבורג האבנ געשטרייקט 30 טויזנט ארבעטער וועבער. דאס איז געווענ, ווי לענינ האט געשריבנ אינ 1905 יאר, „א מאכטיקע באוועגונג מיט אנ אנהייב פונ גאסנ־אגיטאציע, באמ אנטייל שוינ פונ א גאנצער סאציאל־דעמאקראטישער ארגאניזאציע" [2].

דעמ 29 יאנוואר 1897 יאר איז דערקלערט געווארנ דער אורטייל איבער די באשולדיקטע אינעמ אינינע פונעמ „פארבאנד פונ קאמפ". לענינענ האט מענ אפ דריי יאר פארשיקט קיינ מיזרעכ־סיביר.

איידער ער איז אפגעשיקט געווארנ קיינ סיביר, האט זיכ לענינענ, ווי אויכ אנדערע פארמישפעטע אינעמ פראצעס פונעמ „פארבאנד פונ קאמפ", איינגעגעבנ זיכ צו פארהאלטנ אפ דריי טעג אינ פעטערבורג אפ איינצוארדענענ די פערזענלעכע איניאנים. פאר אט דער צייט האט ער באוויזנ דורכצופירנ א ריי בארעטונגענ פונ די פעטערבורגער סאציאל־דעמאקראטנ. אינ זיינ בוכ „וואס דארפ מענ טאנ?" דערציילט לענינ, אז אימ אונ אנדערע „אלטע" איז, „איידער זיי זיינענ פארשיקט געווארנ, אויסגעקומענ צו באטייליקנ זיכ אינ איינער א פריוואטער פארזאמלונג, ווו עס זיינענ זיכ צונויפגעקומענ די „אלטע" אונ די „יונגע" מיטגלידער פונעמ „פארבאנד פונ קאמפ פאר דער באפרייונג פונעמ ארבעטער־קלאס" ", אז „צווישנ די „אלטע" (די „דעקאבריסטי", ווי עס האבנ זיי דעמולט אינ שפאס גערופנ די פעטערבורגער סאציאל־דעמאקראטנ) אונ אייניקע פונ די „יונגע"... האט זיכ גלייכ ארויסגעוויזנ א שארפע מיינונגס־פארשיידנהייט, אונ עס האט זיכ צעפלאקערט א הייסע פאלעמיק" [3].

---

1 לענינ. בריוו צו די קרויווים, ז. 14.

2 לענינ, ווערק, ב. VII, ז. 105.

3 לענינ. ווערק, ב. IV, ז. 387 (וו. אי. לענינ, אויסגעווילטע ווערק אינ צוויי בענדער, ב. I, ערשטער טייל, ז. 190—191, 1941 י., מעלוכע־פארלאג „דער עמעס".)

צומ אונטערשייד פונ די „אלטע“ האָבנ די „יונגע“ געהאלטנ פאר זייער גרונט־אופגאבע — אָרגאניזירנ „ארבעטער־קאסעס“ אפ צו העלפנ די שטרײקער אונ פאר קולטור־צוועקנ. אָנשטאָט קאמפ פאר פאָליטי־שער פרײהײט אונ סאָציאליזמ, אָנשטאָט דער אופגאבע צו שאפנ אנ אָרגאניזאציע פונ רעוואָלוציאָנערנ, וואָס זאָל אָנפירנ מיטנ ארבעטער־קלאס, האָבנ די „יונגע“ ארויסגערוקט די אידײ פונ א רײנ פראָפע־סיאָנעלער פאראײניקונג פונ די ארבעטער. לענינ האָט שוינ דעמלט גלײכ געגעבנ אנ אנטשיידענעמ ווידערשטאנד די דאָזיקע טענדענצנ, — ער האָט דערפילט אינ זײ די שפראָצנ פונעמ צוקינפטיקנ „עקאָנאָמיזמ“.

דעמ 17 פעווראל 1897 יאָר איז לענינ אוועקגעפאָרנ אינ דער ווײטער סיבירער פארשיקונג. לויט דער מוטערס שטאדלאָנעס איז אימ דערלויבט געוואָרנ צו פאָרנ אינדיווידועל, אפנ אײגענעמ כעזשבנ.

דעמ 4 מארט איז לענינ אָנגעקומענ קיינ קראסנאָיארסק. דאָ איז אימ אויסגעקומענ קימאט צוויי כאדאָשימ צו ווארטנ, מע זאָל אימ באשטימענ א באשטענדיקנ פארשיקונגס־אָרט. אָט די צײט האָט ער ברײט אויסגענוצט — יעדנ טאָג האָט ער געארבעט אינ דער זײער רײכער ביבליאָטעק פונעמ קראסנאָיארסקער סויכער דעמ ביבליאָפיל ג. וו. יודינ אונ געמאכט די נײטיקע אויסצוגנ פארנ בוכ „די אנט־וויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד“. אינ קראסנאָיארסק האָט ער אויכ געארבעט איבערנ ארטיקל „צו דער כאראקטעריסטיק פונעמ עקאָנאָמישנ ראָמאנטיזמ“, ווו ער האָט באוויזנ, אז די עקאָנאָמישע אָנשויונגענ פונ די ליבעראלע פאָלקיסטנ, וואָס האָבנ אזויפיל געטײ־נעט וועגנ די „אײגנארטיקע וועגנ“ פונ רוסלאנדס אנטוויקלונג, זײנענ אינדערעמעסנ א רוסישער ווארי‍אנט פונ די רעאקציאָנער־אוטאָפישע קלײנבירגערלעכע אָנשויונגענ פונעמ שווייצער עקאָנאָמיסט סיסמאָנדי, וועלכער האָט געשריבנ אָנהײב XIX יאָרהונדערט. די צײט, וואָס ער האָט פארבראכט אינ קראסנאָיארסק, האָט לענינ אויסגענוצט אויכ אפ צו טרעפנ זיכ מיט די פארשיקטע מארקסיסטנ, וועלכע האָבנ זיכ דאָרט געפונענ. אימ האָט זיכ אײנגעגעבנ, פארשטעלט פאר א פורמאנ, וואָס האָט געבראכט די זאכנ פונ די ארעסטאנטנ, ארײנצוכאפנ זיכ אינ טורמע אונ דורכצושמועסנ זיכ מיט פעדאָסייעוונ, וועלכער איז דאָרט געזעסנ.

אינ דער צײט, ווענ לענינ האָט פאָרגעזעצט זײנ וויסנשאפטלעכע ארבעט אינ דער ביבליאָטעק אונ האָט געפירט א העפטיקע קאָרעספאָנ־דענצ מיט אײגענע אונ פרײנט, איז אינ פאָליציי־אמט פאָרגעקומענ אנ עמעסע מעהומע. דער יענעסייסקער גובערניאלער טורמע־אינספעק־טאָר האָט צווישנ די אָנגעקומענע פארשיקטע פארטיעס ניט געזענ דעמ „מעלוכע־פארברעכער וו. אי. אוליאנאָוונ“, האָט ער געמאכט א טומל. מע האָט גענומענ טעלעגראפירנ אינ אלע זײטנ. אינעמ איבעריגנ האָבנ זיכ ארײנגעמישט די הויפט־פארוואלטונג פונ די טורמעס, דער פאָליצמייסטער אונ דער אירקוטסקער גענעראל־גובערנאטאָר. לענינענ האָט מענ ענדלעכ „געפונענ“ אינ זײנ דירע, אינ פאָפאָוואס הויז, ווו ער האָט זיכ געהאט באזעצט, ווי נאָר ער איז געווענ אָנגעקומענ קיינ קראסנאָיארסק.

אַלס פאַרשיקונגס-אָרט איז פאַר לענינענ באַשטימט געוואָרנ דאָס דאָרפ שושענסקאָיע, מינוסינסקער קרײַז, יעניסייסקער גובערניע, מער ווי 500 ווערסט פונ דער אײַזנבאַנ. דעמ 8 מײַ איז ער געקומענ צו פאָרנ אינעמ דאָזיקנ דאָרפ, ווו עס איז אימ פאָרגעשטאַנענ צו לעבנ באַ דרײַ יאָר.

„דאָס דאָרפ איז גרויס, עטלעכע גאַסנ, גאַנצ שמוציקע, שטיביקע — אַלצ, ווי עס באַדאַרפ צו זײַנ, — האָט לענינ געשריבנ צו זײַנ שוועסטער. — עס שטײט אינ סטעפ — קײנ גערטנער אונ ביכלאַל קײנ גרינס איז ניטאָ. דאָס דאָרפ איז אַרומגערינגלט מיט... מיסט, וואָס מע פירט דאָ ניט אַרויס אינ פעלד, נאָר מע וואַרפט עס גלײַכ הינטערנ דאָרפ, אַזוי אַז קעדײ אַרויסצוגײנ פונ דאָרפ, דאַרפ מענ קימאַט אַלעמאָל דורכגײנ איבער אַ געוויסנ סכום מיסט“[1].

ניט לײַכט איז געווענ צו לעבנ אינ פאַרשיקונג, זײַנ אָפּגעריסנ פונ דירעקטער רעוואָליוציאָנערער אַרבעט. „יאָ, איכ בינ דיר מעקאַנע, — האָט לענינ סאָפּ 1898 יאָר געשריבנ צו דער שוועסטער מאַריאַ איליניטשנאַ, וואָס איז געווענ אַוועקגעפאָרנ קײנ בעלגיע. — אינ דער ערשטער צײַט פונ מײַנ פאַרשיקונג האָב איכ באַשלאָסנ אַפילע ניט צו נעמענ אינ האַנט אַרײַנ די קאַרטע פונ אייראָפּײִשנ רוסלאַנד אונ פונ אייראָפּע: אַזוי ביטער ווערט אַפנ האַרצנ, ווענ דו צעלײגסט די דאָזיקע קאַרטעס אונ הײבסט אָנ צו באַטראַכטנ אַפ זײ די פאַרשײדענע שוואַרצע פּונקטנ. נו, אונ איצט — נישקאָשע, כ'האָב זיכ צוגעוווינט אונ איכ באַטראַכט די קאַרטעס רויִקער; מיר הײבנ אַפילע אָנ ניט זעלטנ צו טרוימענ, אינ וועלכנ פונ די דאָזיקע „פּונקטנ“ ס'וואָלט שפּעטער אינטערעסאַנט געווענ צו קומענ. אינ דער ערשטער העלפט פאַרשיקונג האָט זיכ אונדז, ווײַזט אויס, מער געקוקט אַפ אַהינטער, אונ איצט — פאָרויס. נו, qui vivra,— verra (מיר וועלנ לעבנ, — וועלנ מיר זענ. רעד.)“[2].

קײנ זאַכ האָט אָבער ניט געקאָנט אײַנבראַכנ לענינס מונטערקײט אונ לעבנסלוסטיקײט. אינ דעמ דאָזיקנ ווילדנ, פאַרוואָרפענעמ העק האָט לענינ אַנטוויקלט אַ קאָלאָסאַלע טעאָרעטישע טעטיקײט, שטרענג אײַנטײלנדיק זײַנ צײַט פאַר אַ רײ ליטעראַרישע אַרבעטנ, — קוודעמקאָל האָט ער געזעסנ צו ענדיקנ דעמ בוכ „די אַנטוויקלונג פונ קאַפּיטאַליזמ אינ רוסלאַנד“. ער לײענט איבער נאָכאַמאָל מאַרקס' אינ ענגעלסעס ווערק, באַקענט זיכ מיט די נײַע ביכער פונ דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור אַפ אויסלענדישע שפּראַכנ, וועלכע ס'גיט זיכ אימ אײַנ צו באַקומענ, לײענט אַ סאַכ ביכער אינ פאַרשײדענע וויסנשאַפטס-געביטנ, רוסישע אונ אויסלענדישע צײַטונגענ אונ זשורנאַלנ, פאַרפולקומט זײַנע קענטענישנ אינ אויסלענדישע שפּראַכנ, פאַרנעמט זיכ מיט איבערזעצונגענ. אָנהײב מײַ 1898 יאָר איז קײנ שושענסקאָיע געקומענ צו פאָרנ נ. ק. קרופּסקאַיאַ, וואָס איז אויכ געווענ אַרעסטירט, זײַענדיק צוגעצויגנ צומ איניענ פונעמ „פאַרבאַנד פונ

1 לענינ. בריוו צו די קרובים, ז. 56.

2 דאָרטנ, ז. 144—145.

קאמפּ״, — זי האָט באקומענ א דערלויבעניש אָפּצוזײַנ די פארשיקונג צוזאמענ מיט לענינענ. צוזאמענ מיט קרופּסקאיא האָט לענינ איבערגעזעצט פונ ענגליש דאָס צווייבענדיקע ווערק פונ ס. אונ ב. וועב „די טעאָריע אונ די פּראקטיק פונעמ ענגלישנ טרעד־יוניאָניזמ“.

לענינ האָט אָנגעשטרענגט געארבעט, נאָר ער האָט פארשטאנענ אויכ צו רוענ. ער האָט ליב געהאט לאנגע שפּאצירגענג, איז געווענ א לײַדנשאפטלעכער יעגער, מיט גרויס אינטערעס פלעגט ער שפּילנ אינ שאָכ אונ זיכ גליטשנ אַפ גליטשערס. ער פלעגט לייענענ פּושקינענ, לערמאָנטאָווג, נעקראסאָווג אונ אנדערע קלאסיקער פונ דער רוסישער ליטעראטור, וועלכע ער האָט אויסגעצייכנט געוווּסט אונ זייער ליב געהאט.

לענינ האָט אויפמערקזאמ דערלערנט דאָס סיבירער דאָרפ, זײַנ שטייגער, די לאגע פונעמ פויערטומ. עס איז צוניץ געקומענ אייכ די יורידישע בילדונג, וואָס ער האָט געהאט באקומענ. לענינ האָט שנעל דערגאָבערט אוטאָריטעט צווישנ די פויערימ, העלפנדיק זיי פארטיידיקנ זייערע רעכט קעגנ דעמ ווילקיר פונ דער אָרטיקער מאכט אונ פונ די באלעגופימ.

אינ יענע יאָרנ האָט זיכ אינ סיבירער פארשיקונג געפונענ א באדײַטנדיקע צאָל סאָציאל־דעמאָקראטנ. אינ שושענסקאָיע גופא האָבנ כוץ לענינענ געוווינט בלויז צוויי פארשיקטע, אָבער אינעמ גאנצנ מינוסינסקער קרײַז האָבנ געוווינט פארשיקטע לענינס כאווייריעמ לויטנ פּראָצעס אונ לויט דער פּעטערבורגער רעוואָלוציאָנערער ארבעט. מע פלעגט געפינענ א גוטנ טערעצ אונ ווענ־ניט־ווענ אײַנאָרדענענ אלגעמיינע באגעגענישנ אונ בעראטונגענ, וואָס פלעגנ דורכגיינ זייער לעבהאפט. לענינ האָט אײַנגעשטעלט א פארבינדונג מיט די פארשיקטע סאָציאל־דעמאָקראטנ, וואָס זײַנענ געווענ צעוואָרפנ אינ פארשיידענע העקנ אינ צאָפנ אונ אינ סיביר.

ניט געקוקט אַפ די שוועריקײַטנ, האָט זיכ לענינענ אײַנגעגעבנ צו פארבינדנ זיכ מיט דער אויסלענדישער גרופּע „באפרײַונג פונ דער ארבעט“ אונ מיט די צענטערס פונעמ רעוואָלוציאָנערנ לעבנ אינ רוסלאנד, צו באקומענ אומלעגאלע ליטעראטור. ער שרײַבט אליינ ארטיקלענ אונ בראָשורנ פאר דער אומלעגאלער פּרעסע.

איינמאָל זײַנענ צו לענינענ פלוצלינג געקומענ זשאנדארמענ אונ דורכגעפירט אנ אונטערזוכונג. אדאנק לענינס ווײַטזיכטיקײַט אונ דערפינדערישקײַט האָט די אונטערזוכונג ניט געגעבנ קיינ שומ רעזולטאטנ.

וולאדימיר איליטש האָט געפירט א גאנצ גרויסע קאָרעספּאָנדענצ מיט די קרויווימ, מיט פארשיקטע כאווייריעמ, מיט דער גרופּע „באפרײַונג פונ דער ארבעט“, מיט סאָציאל־דעמאָקראטנ אינ רוסלאנד. בריוו זײַנענ געווענ פאר אימ דאָס וויכטיקסטע מיטל פונ פארבינדונג, אינפאָרמאציע, אָנפירונג. די דאָזיקע בריוו האָבנ זיכ בלויז טיילווײַז אײַנגעהיט. אינ זיי פלעגנ באהאנדלט ווערנ די פארשיידנארטיקסטע פראגנ: מארקסיסטישע פילאָסאָפיע אונ פּאָליטיק, פארטיי־ארבעט, נײַע דערשײַנונגענ אינ דער ארבעטער־באוועגונג, נײַע ביכער, פלענער אַפ דער צוקונפט אאוו.

א באזונדערנ אינטערעס שטעלט מיט זיכ פאר לענינס קארעספאנדענצ מיט לענגניקנ איבער די פראגנ פונ פילאסאפיע. לענגניק, וואס איז אלס באשולדיקטער אינעמ פונעמ „פארבאנד פונ קאמפ“ געווענ פארשיקט אינעמ דארפ קאזאטשענסקאיע, יעניסייסקער גובערניע, האט זיכ זייער אינטערעסירט מיט קאנטנ אונ יומענ. לענינ האט זיכ דערוווסט וועגנ דעמ, אונ צווישנ זיי האט זיכ אנגעהויבנ א לענגהאפטע קארעספאנדענצ (לענינס בריוו זיינענ דערווייל נאכ ניט געפונענ געווארנ). „אינ זיינע ענטפער=בריוו איז וולאדימיר איליטש, — טיילט מיט לענגניק, — ...זייער דעליקאט, נאר גאנצ קאטעגאריש ארויסגעטראטנ אלס אנטשיידענער קעגנער סײ פונ יומס סקעפטיציזמ סײ פונ קאנטס אידעאליזמ, קעגנשטעלנדיק זיי די לעבנסלוסטיקע פילאסאפיע פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ. ער האט מיט ברענ דערוויזנ, אז דאס מענטשלעכע וויסנ קאנ ניט האבנ קיינ שום גרענעצנ, עס דארפ פראגרעסירנ אונ באפרייענ זיכ פונ דער אידעאליסטישער, בורזשואזער שאלעכצ צוזאמענ מיטנ וווקס פונ דער רעוואליוציאנערער ארבעטער=באוועגונג, עס דארפ באשטימענ ניט בלויז די אופירונג אונ וועלט=אופאסונג פונעמ ארבעטער=קלאס גופע — א וועלט=אופאסונג א דורכויס קלארע, לעבנסלוסטיקע אונ פארכאפנדיקע מיט איר פאשעטער שיינקייט, — נאר עס וועט אפנ פינקטלעכסטנ אויפנ באשטימענ אויכ די אופירונג אונ וועלט=אופאסונג פונ זיינע קלאסנ=קעגנער אונ וועט זיי צווינגענ אנשטאט נעפלהאפטע, יענוועלטיקע טעאריעס אונ טרוימענ צו ריידנ מיט דער שפראכ פונ פאקטנ אונ מיטנ פייער פונ באריקאדנ“ [1].

ווי די שווערע באדינגונגענ פונ פארשיקונג האבנ ניט געהאט געשטערט לענינס טעארעטישער אונ ליטעראַרישער טעטיקייט, האט זי זיכ דאכ גוואלדיק צעבליט. אינ משעכ פונ די דרײ יאר, וואס ער האט פארבראכט אינ פארשיקונג, האט ער אנגעשריבנ איבער דרײסיק ארבעטנ, דערונטער: „די אנטוויקלונג פונ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד“, „די אופגאבנ פונ די רוסישע סאציאל=דעמאקראטנ“, „צו דער כאראקטעריסטיק פונעמ עקאנאמישנ ראמאנטיזמ“, „פונ וואסער יערושע זאגנ מיר זיכ אפ?“, „דער קאפיטאליזמ אינ דער לאנדווירטשאפט“, „דער פראטעסט פונ די רוסלענדישע סאציאל=דעמאקראטנ“, „פראיעקט פונ דער פראגראמ פונ אונדזער פארטיי“. אינ אט די ארבעטנ שטעלט לענינ אונ לייזט די גרונט=פראגנ פונ דער ארבעטער=באוועגונג: ער ארבעט פונאנדער די פראגראמ אונ די טאקטיק פונ דער פארטיי, זעצט פאר דעמ אנטשיידענעמ קאמפ קעגנ דעמ פאלקיזמ, טרעט ארויס קעגנ די „לעגאלע מארקסיסטנ“, הייבט אופ די פאנ פונ קאמפ קעגנ דעמ „עקאנאמיזמ“.

לענינס ערשטע אופגאבע אינ פארשיקונג איז געווענ אונטערציִענ די סאכאקלענ פונ דער דורכגעפירטער ארבעט, קעדיי אפ דעמ דאזיקנ יעסאד אנצומערקנ די ווייטערדיקע אופגאבנ. דאס איז געווענ נאכ

1 לענינ־זאמלונג, 1, ז. 204—205.

מער נייטיק דערפאר, וואָס אינגיכנ האָט געזאָלט צונויפגערופנ ווערנ דער I פארטיי־צוזאמענפאָר.

מיט אָט דעמ ציל שרײַבט לענינ סאָפ 1897 יאָר זײַנ היסטאָרישע בראָשור „די אויפגאבנ פונ די רוסישע סאָציאל־דעמאָקראטנ“. אינ איר האָט לענינ פאראלגעמיינערט די דערפארונג פונעמ פעטערבורגער „פארבאנד פונ קאמפ“ אונ באגרינדעט די פאָליטישע פראָגראמ אונ טאקטיק פונ דער רוסלענדישער רעוואָליוציאָנערער סאָציאל־דעמאָקראטיע. לענינ האָט אָנגעוויזנ אפ דער אָרגאנישער פארבינדונג פונ דער סאָציאליסטישער אונ דעמאָקראטישער טעטיקײַט פונ דער מארקסיסטישער פארטיי, האָט קלאָר געמאכט די באציונג פונעמ ארבעטער־קלאס צו די אָפּאָזיציאָנעלע אונ רעוואָליוציאָנערע פארטייענ אינ דער בורזשואז־דעמאָקראטישער רעוואָליוציע, האָט באוויזנ די אוואנגארד־ראָליע פונעמ פראָלעטאריאט אינ דער דאָזיקער רעוואָליוציע, האָט אויפגעשטעלט די פראגע וועגנ באוואָפנטנ אויפשטאנד אלס מיטל אראָפּצווארפנ די זעלבסטהערשונג, האָט אונטערגעשטראָכנ די אנטשיידנדיקע באדײַטונג, וואָס די מארקסיסטישע טעאָריע האָט פאר דער ארבעטער־פארטיי. אינ אָט דער ארבעט טאקע איז צומ ערשטנ מאָל געגעבנ די באוווּסטע לענינישע פאָרמולירונג, אז „אָנ רעוואָליוציאָנערער טעאָריע קאָנ ניט זײַנ אויכ קיינ רעוואָליוציאָנערע באוועגונג“. די בראָשור איז געווענ די טאקטישע פלאטפאָרמ פאר אלע סאָציאל־דעמאָקראטנ, וואָס זײַנענ דעמלט טעטיק געווענ אינ רוסלאנד.

אפ קיינ איינ רעגע ניט פארגעסנ וועגנ די קאָלאָסאלע אויפגאבנ, וואָס שטייענ פאר דער רוסישער סאָציאל־דעמאָקראטיע, האָט לענינ שוינ דעמלט, אפנ יעסאָד פונ דערלערנענ דאָס עקאָנאָמישע לעבנ פונעמ לאנד, פאָרויסגעזעענ די אומפארמײַדלעכקײַט פונ קריזיס, וועלכער מוז קומענ נאָכנ „אויפבלי“ פונ דער אינדוסטריע. ער האָט געשריבנ:

„די רוסישע סאָציאל־דעמאָקראטנ דארפנ זאָרגנ וועגנ דעמ, אז דער דאָזיקער קראכ זאָל טרעפנ דעמ רוסישנ פראָלעטאריאט א מער באוווּסטזיניקנ, א מער פאראייניקטנ, אזא, וואָס זאָל פארשטיינ די אויפגאבנ פונעמ רוסישנ ארבעטער־קלאס, זאָל זײַנ פעיִק צו געבנ א ווידערשטאנד דעמ קלאס קאפּיטאליסטנ, וועלכע לעבנ זיכ איצט אָנ גיגאנטישע רעוואָכימ אונ וועלכע שטרעבנ אלעמאָל אראָפּצווארפנ די העזייִקעס אפ די ארבעטער, — אזא, וואָס זאָל זײַנ פעיִק ארײַנצוטרעטנ בעראָש פונ דער רוסישער דעמאָקראטיע אינ דעמ אנטשיידענעמ קאמפ קעגנ דעמ פאָליציייִשנ אבסאָליוטיזמ, וועלכער פײַניקט הענגט אונ פײַנ די רוסישע ארבעטער אונ דאָס גאנצע רוסישע פאָלק“[1].

לענינ ווענדט זיכ אינ אָט דער בראָשור צו אלע איבער רוסלאנד צעוואָרפענע ארבעטער־קרײַזלעכ אונ סאָציאל־דעמאָקראטישע גרופּעס מיט א פלאמיקנ רופ צו פאראייניקנ זיכ אינ אנ איינהײַטלעכער סאָציאל־דעמאָקראטישער פארטיי.

1 לענינ, ווערק, 4־טע אויפלאגע, ב. II, ז. 322.

די בראָשור האָט אַרויסגעגעבנ די גרופּע „באַפרײַונג פונ דער ארבעט" אינ זשענעווע 1898 יאָר, צומ I פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט זי אָבער פאַרזאַמט. אַפנ צוזאַמענפאָר איז אויכ ניט געווענ פאָרגעשטעלט דער פּראָיעקט פונ דער פּאַרטיי־פּראָגראַמ, וואָס לענינ האָט אָנגעשריבנ נאָכ אינ טורמע.

די ערשטע צוויי יאָר פאַרשיקונג האָט לענינ אָפּגעגעבנ אַפ פאַרענדיקנ זײַנ אויסערסט וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע ארבעט „די אַנטוויקלונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינ רוסלאַנד", וועלכע האָט פאַרענדיקט דאָס אידייִשע צעשמעטערנ דעמ פאָלקיזמ.

מיט קאָלאָסאַלער וויסנשאַפטלעכער געוויסנהאַפטיקײַט אונ אויספירלעכקײַט, וואָס שײַנט אוממעגלעכ צו זײַנ אינ די באַדינגונגענ פונ טורמע אונ פאַרשיקונג, האָט לענינ שטודירט די גאַנצע ליטעראַטור איבער דער עקאָנאָמיק פונ רוסלאַנד, אַפנ שטרענגסטנ אויפנ דורכגעקאָנטראָלירט, קריטיש איבערגעאַרבעט אונ אַפ א נײַעמ אויפנ איבערגרופּירט א גיגאַנטישנ מאַטעריאַל פונ אָפיציעלער אונ זעמסקער סטאַטיסטיק. אינ די ערשטע טעג אויגוסט 1898 יאָר איז דער מאַנוסקריפּט געווענ אַפ שוואַרצ פאַרטיק. דערמיט האָט זיכ לענינ גענומענ צומ ענדגילטיקנ באַאַרבעטנ די קאַפּיטלענ אונ האָט זיי איינעמ נאָכנ צווייטנ געשיקט אינ דרוק. דעמ 30 יאַנוואַר 1899 יאָר איז דער היסטאָרישער בוכ געווענ פאַרענדיקט, אונ סאָפ מאַרט איז ער ארויס פונ דרוק מיט דער אונטערשריפט „וולאַדימיר אילינ".

טראָט נאָכ טראָט פאַרפאָלגט לענינ אינ זײַנ בוכ דעמ קעגנער, דערלאַנגט אימ צעשמעטערנדיקע קלעפּ, ביז ער מאַכט פונ אימ ניט ענדגילטיק טיל־טעל. צוערשט דעקט לענינ אויפ דעמ באַנקראָט פונ די טעאָרעטישע אָנשויונגענ פונ די פאָלקיסטנ אינ דער פראַגע וועגנ מאַרק אונ גיט גלײַכ א געפּרעסטנ אונ גלענצנדיקנ עטיוד פונ דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פונ רעפּראָדוקציע. דערנאָכ גייט ער איבער צומ צענטראַלנ פּונקט — צו דער פויערימ־ווירטשאַפט, אונ דערווײַזט מיט דער גאַנצער אוממבאַשטרײַטבאַרקײַט די אַנטוויקלונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינ דער פויערימ־געמיינדע. ניט באַגרענעצנדיק זיכ דערמיט, אַנאַליזירט לענינ ווײַטער דאָס ארײַנדרינגענ פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינ דער פּריצישער ווירטשאַפט אונ שפּירט נאָכ די אַנטוויקלונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינ דער אינדוסטריע (קליינע פויערשע געווערבנ, מאַנופאַקטור, גרויסע מאַשינ־אינדוסטריע). דער בוכ פאַרענדיקט זיכ מיט אַנ עטיוד וועגנ דער אויסבילדונג פונעמ אינערלעכנ מאַרק אינ רוסלאַנד.

„די אַנטוויקלונג פונ קאַפּיטאַליזמ אינ רוסלאַנד" — דאָס איז די באַקרוינונג פונ א קאָלאָסאַלער פּיליאָריקער ארבעט אַפנ געביט פונ דערלערנענ די רוסלענדישע עקאָנאָמיק, אַנ ארבעט, וואָס לענינ האָט אָנגעהויבנ נאָכ אינ סאַמאַרע. אינ 1894 יאָר האָט לענינ אינעמ בוכ „וואָס זײַנענ אַזוינס די פרײַנט פונ פאָלק" אַוועקגעשטעלט פאַר די רוסישע מאַרקסיסטנ די טעאָרעטישע אויפגאַבע צו „געבנ א פאַרגאַנצט בילד פונ אונדזער ווירקלעכקײַט אלס באַ־

שטימטע סיסטעם פונ פּראָדוקציר־פאַרהעלטענישנ, באַווײַזנ די נויטווענדיקײַט פונ עקספּלואַטאַציע אונ עקספּראָפּריאַציע פונ די אַרבעטנדיקע באַ דער דאָרפיקער סיסטעם, באַווײַזנ דעם אויסוועג פונ די דאָרפיקע פּאָראָנדקעס, אַפ וועלכנ עס ווײַזט אָנ די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג“[1]. די דאָזיקע אויפגאַבע האָט לענינ אויסגעפילט אינ דער „אַנטוויקלונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינ רוסלאַנד“.

אינ רעזולטאַט פונ דער דאָזיקער אַרבעט לענינס איז צעשמעטערט געוואָרנ די גרונט־באַזע, דער פונדאַמענט, אַפ וועלכנ עס האָבנ זיך געבויט די פּסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכע פּאָלקיסטישע אָנשויונגענ. לענינ האָט דערוויזנ אינ זײַנ בוך, אַז „די אַנטוויקלונג פונ די אַגראַרע פאַר־העלטענישנ אינ רוסלאַנד גייט אַפ א קאַפּיטאַליסטישנ אופנ סײַ אינ דער פּריצישער ווירטשאַפט, סײַ אינ דער פּויערשער, סײַ אויסער, סײַ אינ דער „געמיינדע“. דאָס איז איינ מאָל אַוועק. אַז די דאָזיקע אַנט־וויקלונג האָט שוינ איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשטימט ניט קיינ אַנדער אַנטוויקלונגס־וועג, נאָר דעמ קאַפּיטאַליסטישנ, ניט קיינ אַנדער קלאַסנ־גרופּירונג, נאָר די קאַפּיטאַליסטישע. דאָס איז צוויי מאָל אַוועק.

איבער דעמ איז געווענ דער שטרײַט מיט די פּאָלקיסטנ. דאָס האָט מענ געדאַרפט דערווײַזנ. דאָס איז דערוויזנ געוואָרנ“[2].

דערמיט אָבער ווערט ניט אויסגעשעפּט די באַדײַטונג פונעמ בוך. אינ אימ האָט לענינ קלאָר געמאַכט די לאַגע אונ די ראָליע פונ פאַר־שיידענע קלאַסנ אינ רוסלאַנד סאָפ XIX יאָרהונדערט, באַזונדערס די לאַגע אונ די ראָליע פונעמ פּראָלעטאַריאַט אונ פונעמ פּויערטומ.

אינ 1907 יאָר, אינעמ פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע פונ דער „אַנטוויקלונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינ רוסלאַנד“, האָט לענינ גע־שריבנ: „יענער אַנאַליז פונ דער געזעלשאַפטלעך־ווירטשאַפטלעכער אָר־דענונג אונ, הייסט עס, פונ דער קלאַסנ־סטרוקטור פונ רוסלאַנד, וועל־כער איז געגעבנ געוואָרנ אינ דעמ דאָזיקנ ווערק אַפנ גרונט פונ עקאָ־נאָמישע אויספאָרשונגענ אונ קריטישנ אַנאַליז פונ סטאַטיסטישע יע־דיעס, ווערט איצט באַשטעטיקט דורכ דער אָפענער פּאָליטישער אַרויס־טרעטונג פונ אַלע קלאַסנ אינ גאַנג פונ דער רעוואָלוציע. עס האָט זיך אינ דער פולער מאָס אַנטפּלעקט די אָנפירנדיקע ראָליע פונעמ פּראָלעטאַריאַט. עס האָט זיך אַנטפּלעקט אויכ דאָס, אַז זײַנ קראַפט אינ דער היסטאָרישער באַוועגונג איז אומפאַרגלײַכלעך גרעסער, ווי־דער זײַנ כיילעק אינ דער אַלגעמיינער מאַסע באַפעלקערונג. דער עקאָ־נאָמישער יעסאָד פונ דער אונ פונ יענער דערשײַנונג ווערט דערוויזנ אינ דער פאָרגעלייגטער אַרבעט“[3].

ווײַטער האָט לענינ אָנגעוויזנ, אַז די רעוואָלוציע האָט מיט דער גאַנצער קלאָרקײַט באַוויזנ די צווייענדיקע לאַגע אונ צווייענדיקע ראָליע

1 לענינ. ווערק, 4־טע אויפלאַגע, ב. I, ז. 278.
2 לענינ. ווערק, ב. XIV, ז. 213.
3 לענינ. ווערק, 4־טע אויפלאַגע, ב. III, ז. 9.

פונעמ פויערטומ. עס האָבנ זיכ אנטבלויזט סײַ די וואַקלונגענ פונעמ פויערטומ צווישנ דעמ פראָלעטאריאט און דער בורזשואזיע, סײַ אויכ די טיפע וואָרצלענ פונ דער רעוואָליוציאָנערקײַט פונעמ פויערטומ אלס מאסע. „דער עקאָנאָמישער יעסאָד פונ די בײדע שטרעמונגענ אינעמ פויערטומ ווערט דערוויזנ אינ דער פאָרגעלײגטער ארבעט“[1], — האָט געשריבנ לענינ.

אפנ יעסאָד פונ אָט דעמ וויסנשאפטלעכנ אנאליז האָט זיכ געבויט די טאקטיק פונ די באָלשעוויקעס אינ דער רעוואָליוציע פונ די יאָרנ 1905—1907.

געענדיקט זײַנ בוכ, האָט לענינ פאָרגעזעצט פאנאנדערצוארבעטנ אײנצלנע עקאָנאָמישע טעמעס: ער האָט אָנגעשריבנ א גרויסנ ארטיקל „דער קאפּיטאליזמ אינ דער לאנדווירטשאפט“, עטלעכע רעצענזיעס, וועלכע זײַנענ פארעפנטלעכט געוואָרנ אינ זשורנאלנ; וואָס די „לעגאלע מארקסיסטנ“ האָבנ ארויסגעגעבנ. צו זומער 1899 יאָר הערט ער אופ מיטצוארבעטנ אינ די דאָזיקע זשורנאלנ. לענינ איז אינגאנצנ ארײַנגעטאָנ אינעמ קאמפ קעגנ דעמ רעוויזיאָניזמ, אינ אויסארבעטנ דעמ פלאנ פונ דער ווײַטערדיקער ארבעט.

עס איז געגאנגענ דאָס לעצטע יאָר פונ פארשיקונג. צו אָט דער צײַט זײַנענ אינ דער צווישנפעלקערלעכער סאָציאל-דעמאָקראטישער באוועגונג אופגעקומענ נײַע דערשײַנונגענ, — אופ דער סצענע איז אָפנ און אגרעסיוו ארויסגעטראָטנ דער רעוויזיאָניזמ. אָנהײב 1899 יאָר האָט זיכ אינ דײַטשלאנד באוויזנ בערנשטײנס טרויעריק-בארימטער בוכ „די פאָרהאנאָכעס פונ סאָציאליזמ“, אינ וועלכנ עס ווערט רעווידירט די מארקסיסטישע טעאָריע; אינ יונ איז דער פראנצויזישער „סאָציאליסט“ מילעראנ ארײַנגעטראָטנ אינ דער בורזשואזער רעגירונג.

געפינענדיק זיכ טויזנטער קילאָמעטער ווײַט פונ די צענטערס פונ דער ארבעטער-באוועגונג, קוקט זיכ לענינ וואכזאמ צו צו די פראָצעסנ, וואָס קומענ אינ איר פאָר. לענינ זעט, אז די בערנשטײניאנער, וואָס זײַנענ ארויסגעטראָטנ אינ דײַטשלאנד, באקומענ ניט קײנ ענערגישנ ווידערשטאנד, אז די ארויסטרעטונגענ פונ די אָפּאָרטוניסטנ האָבנ באקומענ א צווישנפעלקערלעכנ כאראקטער. לענינ זעט, אז די רוסישע „לעגאלע מארקסיסטנ“, וואָס האָבנ געהאט אָנגעהויבנ פונ קלוימערשט ניט קײנ גרויסע „אויסבעסערונגענ“ צו מארקסנ, זײַנענ שוינ געקומענ צומ פולשטענדיקנ בורזשואזנ פארקריפלענ דעמ מארקסיזמ. אינ די בריוו, וואָס ער האָט געשריבנ פונ דער פארשיקונג, האָט ער אָנגעוויזנ, אז אימ באאומרויקט, וואָס פלעכאנאָוו טרעט ניט ארויס אנטשײדנ קעגנ דער רעוויזיע פונ דער פילאָסאָפיע פונעמ מארקסיזמ מיצאד בערנשטײנענ, סטרוווענ און אנד., ער האָט גערעדט וועגנ דער נײטיקײַט צו צערײַסנ דעמ בונד צווישנ די רעוואָליוציאָנערע און „לעגאלע“ מארקסיסטנ. מיר וועלנ דארפנ דערקלערנ אנ עמעסע, אנ ערנסטע מילכאָמע מארקס' קריטיקער, — האָט געשריבנ לענינ.

די אָנפאלנ פונ די רעוויזיאָניסטנ אופ דער מארקסיסטישער פילאָ-

[1] לענינ. ווערק, 4-טע אופלאגע, ב. III, ז. 10.

סאָפיע האָבנ באוויזנ לענינענ צו פארנעמענ זיכ מיט פילאָסאָפיע. „וואָלאָדיע לייענט אינטענסיוו פארשיידענערליי פילאָסאָפיע (דאָס איז איצט זיינ אָפיציעלע באשעפטיקונג), האָלבאכ, העלוועצי אדג.

איכ שפאס, אז מיט אימ וועט אינגיכנ זיינ שרעקלעכ צו ריידנ, אזוי דורכגעזאפט וועט ער ווערנ מיט דער דאָזיקער פילאָסאָפיע"[1], -- האָט געשריבנ קרופסקאיא צו זיינ מוטער זומער 1899 יאָר. לענינ, אינ דער העכסטער מאָס שטרענג צו זיכ, האָט זיכ ניט באפרידיקט מיט די קענטענישנ, וועלכע ער האָט שוינ געהאט. ער האָט זיכ אוועקגעזעצט לייענענ פילאָסאָפישע ליטעראטור. „איכ ווייס זייער גוט מיינ פילאָסאָפישע אומגעבילדעטקייט אונ כ'האָב ניט בעדייע שרייבנ אפ די דאָזיקע טעמעס, ביז איכ וועל זיכ ניט צולערנענ, — האָט ער געשריבנ אינ יונ 1899 יאָר. — איצט פארנעמ איכ זיכ טאקע דערמיט. כ'האָב אָנגעהויבנ פונ האָלבאכנ אונ העלוועצי אונ קלייב זיכ אריבערצוגיינ צו קאנטנ"[2].

לענינ האָט מיט אומגעדולד געווארט אפ בערנשטיינס בוכ. ענדלעכ, האָט ער אימ באקומענ. נאָכ ניט האָבנדיק געענדיקט לייענענ, איבערלייענענדיק בלויז א העלפט, האָט לענינ, פול אויפרעגונג אונ קאס, געשריבנ: „זיינ אינהאלט איבעראשט אונדז אלצ מער. טעאָרעטיש — אויסערגעוויינלעכ שוואכ; איבערכאזערונג פונ פרעמדע געדאנקענ. פראזנ וועגנ קריטיק, אונ ס'איז אפילע ניטאָ קיינ פרווו פונ ערנסטער אינ זעלבשטענדיקער קריטיק. פראקטיש — אָפאָרטוניזמ (פאביאניזמ, ריכטיקער געזאָגט: דער אָריגינאל פונ א מאסע באהויפטונגענ אונ אידייענ בערנשטיינס געפינט זיכ בא די Webb'ס אינ זייערע לעצטע ביכער), גרענעצלאָזער אָפאָרטוניזמ אונ פאָסיביליזמ, אונ דערביי פונדעסטוועגנ פאכדאָנישער אָפאָרטוניזמ, ווייל די פראָגראמ וויל בערנשטיינ דירעקט ניט טשעפענ"[3].

באזונדערס האָבנ לענינענ באאומרויקט די יעדיעס וועגנ דער טעטיקייט פונ די „עקאָנאָמיסטנ". קעגנ די ערשטע אנטפלעקונגענ פונעמ „עקאָנאָמיזמ" איז לענינ ארויסגעטראָטנ שארפ אונ ענערגיש נאָכ אינעמ פעטערבורגער „פארבאנד פונ קאמפ פאר דער באפרייונג פונעמ ארבעטער-קלאס". פאר די דאָזיקע יאָרנ האָט זיכ דער „עקאָנאָמיזמ" פארשפרייט, האָט זיכ פארוואנדלט אינ א באזונדערער אָפאָרטוניסטישער ריכטונג, אונטער זיינ איינפלוס איז ארונטערגעפאלנ איינ אָרטיקע סאָציאל-דעמאָקראטישע אָרגאניזאציע נאָכ דער צווייטער.

אינ מארט 1898 יאָר איז אינ מינסק פאָרגעקומענ דער I צוזאמענפאָר פונ דער רסדאפ. דער צוזאמענפאָר האָט פראָקלאמירט די אויסבילדונג פונ דער רוסלענדישער סאָציאל-דעמאָקראטישער ארבעטער-פארטיי. דעמ צוזאמענפאָר האָט זיכ אָבער ניט איינגעגעבנ צו פאראייניקנ די צעשפליטערטע מארקסיסטישע קרייזלעכ אונ אָרגאניזאציעס אינ איינ פארטיי. ווי פריִער האָט געהערשט קוסטארניי. דער

1 לענינ. בריוו צו די קרובים, ז. 217.
2 לענינ. ווערק, ב. XXVIII, ז. 40.
3 לענינ. בריוו צו די קרובים, ז. 230.

אידיישער מישמאַש אינ די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס האָט זיכ נאָכ צוזאַמענפאָר געהאַלטנ אינ איינ פאַרגרעסערנ, דערמיט גופע זײַנענ געשאַפנ געוואָרנ גינסטיקע באַדינגונגענ פאַר דער פאַרשטאַרקונג פונעמ „עקאָנאָמיזמ" אינ דער אַרבעטער־באַוועגונג.

לענינ האָט פאַרשטאַנענ בעסער ווי ווער־עס־איז אַנדערש, אַז די „עקאָנאָמיסטנ" זײַנענ די גרונטיקע אָפּאָרטוניסטישע גרופּע אינ דער רוסלענדישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט פאַרשטאַנענ, וואָס פאַר אַנ ערנסטע געפאַר עס וועלנ פאָרשטעלנ מיט זיכ די „עקאָנאָמיסטנ", אויב מע זאָל ניט פאַנאַנדערוויקלענ קעגנ זיי קיינ ענערגישנ אונ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאַמפּ. אונ ווי נאָר לענינ האָט אינ 1899 יאָר באַקומענ דעמ מאַניפעסט פונ די „עקאָנאָמיסטנ" — דעמ אַזויגערופענעמ „קרעדאָ" („אַני־מאַמינ", פּראָגראַמ), האָט ער טייקעפ אָרגאַניזירט אַנ אַנטשיידנדיקנ ווידערשטאַנד, איז אַרויסגעטראָטנ אַלס איניציאַטאָר פונ קאַמפּ קעגנ זיי. מיט דעמ ציל האָט לענינ צונויפגעשטעלט דעמ „פּראָטעסט פונ די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ", וועלכער איז לויט זײַנ איניציאַטיוו זומער 1899 יאָר באַהאַנדלט אונ אָנגענומענ געוואָרנ אויפ דער באַראַטונג פונ די פאַרשיקטע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ פונ מינוסינסקער קרײַז. לענינ גראָמירט די „עקאָנאָמיסטנ" פאַר זייער אָפּטריניקײַט פונעמ מאַרקסיזמ, פאַרנ אָפּלייקענענ די נייטיקײַט פונ אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער פּאַרטיי פונעמ אַרבעטער־קלאַס, פאַרנ פּרווו צו פאַרוואַנדלענ דעמ אַרבעטער־קלאַס אינ אַ פּאָליטישנ צונאָב צו דער בורזשואַזיע. „מיר זײַנענ זיכער, — האָט געשריבנ לענינ, — אַז יעטווידער מינ פּרווו אַריבערצוטראָגנ די אָפּאָרטוניסטישע אָנשויונגענ קיינ רוסלאַנד וועלנ באַגעגענענ פונקט אַזאַ אַנטשיידענעמ ווידערשטאַנד מיצאַד דער קאָלאָסאַלער מערהײַט רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ"[1].

דער „פּראָטעסט" האָט גערופנ די סאָציאַל־דעמאָקראַטנ צו קאָנצענטרירנ אַלע זייערע קויכעס אויפ אָרגאַניזירנ די פּאַרטיי. ער איז פאַרשפּרייט געוואָרנ אינ די מאַרקסיסטישע אָרגאַניזאַציעס איבער גאַנצ רוסלאַנד אונ אינ די קאָלאָניעס פונ די פּאָליטישע פאַרשיקטע מאַרקסיסטנ. דער „פּראָטעסט" האָט געהאַט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָליע אינעמ קאַמפּ קעגנ די „עקאָנאָמיסטנ" אונ אינ דער אָרגאַניזאַציאָנעלער באַהעפטונג פונ די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ. ער האָט געהאַט „אַ קאָלאָסאַלע באַדײַטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פונעמ מאַרקסיסטישנ געדאַנק אונ פונ דער מאַרקסיסטישער פּאַרטיי אינ רוסלאַנד"[2].

די רוסישע „עקאָנאָמיסטנ" האָבנ געפרייד יקט די זעלבע אָנשויונגענ, וואָס די קעגנער פונעמ מאַרקסיזמ אינ די אויסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייענ, די אַזויגערופענע בערנשטייניאַנער. דעריבער איז לענינס קאַמפּ קעגנ די „עקאָנאָמיסטנ" גלײַכצײַטיק געווענ אַ קאַמפּ קעגנ דעמ צווישנפעלקערלעכנ אָפּאָרטוניזמ.

וואָס נעענטער עס איז געווענ צומ סאָפ פונעמ טערמינ פונ דער פאַרשיקונג, אַלץ מער האָט לענינ קאָנצענטרירט זײַנ אויפמערקזאַמ־

1 לענינ. ווערק, ב. II, ז. 481.

2 „געשיכטע פונ דער אַלקפּ(ב). קורצער קורס", ז. 29, מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס", 1940 י.

קומט אפ די אויפגאבנ פונ דער וויטערדיקער רעוואָליוציאָנערער אַרבעט. אינ פארשיקונג האָט לענינ דורכגעטראכט אונ אָנגעמערקט א פלאנ פונ שאפנ א רעוואָליוציאָנערע פראָלעטארישע פארטיי. דעמ דאָזיקנ פלאנ האָט ער פאָרמולירט אינ זײַנע גלענצנדיקע ארטיקלענ „אונדזער פראָגראמ“, „אונדזער נאָענטסטע אויפגאבע“, „א לעבנס-פראגע“, וואָס זײַנענ געווענ באשטימט פאר דער „ראבאָטשאיא גאזעטא“ („ארבעטער-צײַטונג“), וועלכע איז אפנ I צוזאמענפאָר פונ דער רעדאפ דערקלערט געוואָרנ פארנ צענטראלנ פארטיי-אָרגאנ.

אלס וויכטיקסטע אויפגאבע פונ דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאל-דעמאָקראטיע רוקט לענינ ארויס דעמ אָנגראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ די „קריטיקער“ פונ מארקסיזמ, דאָס קאָנסעקווענטע פארטיידיקנ די ריינקײַט פונ דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע. אונ אינ דער זעלבער צײַט האָט לענינ מיט דער גאנצער קראפט פארטיידיקט די נויטווענדיקײַט שעפעריש פאנאנדערצוארבעטנ ווײַטער דעמ מארקסיזמ, צו באררײַכערנ די מארקסיסטישע טעאָריע מיט דער פראקטישער דערפארונג פונ דער ארבעטער-באוועגונג.

„מיר קוקנ קלאל נית אפ מארקס' טעאָריע, — האָט לענינ געשריבנ אינעמ ארטיקל „אונדזער פראָגראמ“, — ווי אפ עפעס פארענדיקטס אונ אומבארירלעכס; מיר זײַנענ איבערצײַגט, פארקערט, אז זי האָט געלייגט בלויז די ווינקלשטיינער פונ יענער וויסנשאפט, וועלכע די סאָציאליסטנ דארפנ באוועגנ ווײַטער אינ אלע ריכטונגענ, אויב זיי ווילנ נית אָפשטיינ פונעמ לעבנ: מיר האלטנ, אז פאר די רוסישע סאָציאליסטנ איז באזונדערס נייטיק זעלבשטענדיק פאנאנדערצוארבעטנ מארקס' טעאָריע“[1].

לענינ ווײַזט אָנ, אז קעדיי דער רוסישער ארבעטער-קלאס זאָל אויספילנ זײַנע היסטאָרישע אויפגאבנ, איז נייטיק צו ליקווידירנ די קוסטארערײַ אונ שאפנ א רעוואָליוציאָנערע פראָלעטארישע פארטיי. אינ דער זעלבער צײַט, שטרײַכט לענינ אונטער, טאָרנ נית די רוסישע מארקסיסטנ מעכאניש קאָפירנ די מערעוו-אייראָפּיישע ארבעטער-פארטייענ, זיי דארפנ קריטיש איבערארבעטנ די דערפארונג פונ דער צווישנפעלקערלעכער אונ רוסלענדישער ארבעטער-באוועגונג אונ באמ בויענ זייער פארטיי גייג מיט זייערע אייגענע, זעלבשטענדיקע וועגנ.

„די געשיכטע פונ סאָציאליזמ אונ דעמאָקראטיע אינ מערעוו-אייראָפּע, — האָט לענינ געשריבנ אינעמ ארטיקל „אונדזער נאָענטסטע אויפגאבע“, — די געשיכטע פונ דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, די דערפארונג פונ אונדזער ארבעטער-באוועגונג, — אָט דאָס איז יענער מאטעריאל, וועלכנ מיר דארפנ באהערשנ, קעדיי אויסצוארבעטנ א צוועקמעסיקע אָרגאניזאציע אונ טאקטיק פונ אונדזער פארטיי. „באארבעטנ“ דעמ דאָזיקנ מאטעריאל דארפ מענ אָבער זעלבשטענדיק, ווײַל קיינ גרייטע מוסטערנ האָבנ מיר נית ווו צו זוכנ“[2].

1 לענינ. ווע'ק, ב. II, ז. 492.
2 דאָרטנ, ז. 497.

דאָס וויכטיקסטע געצייג פונ אידייִשנ אונ אָרגאניזאציאָנעלנ באַהעפטנ די סאָציאַל-דעמאָקראטנ, דאָס געצייג פונ שאפנ די פארטיי איז, לויט לענינס מיינונג, אנ אלגעמיינ-רוסישע פּאָליטישע צייטונג. „מיר האלטנ, — האָט געשריבנ לענינ אינ דעמ זעלבנ ארטיקל, — אַז היינט צו טאָג באשטייט די סאמע וויכטיקסטע אויפגאבע אינ נעמענ זיכ פארנ לייזנ די דאָזיקע פראגנ אונ אַז צוליב דעמ דארפנ מיר פאר זיכ שטעלנ אלס נאָענטסטנ ציל — *אָרגאניזירנ א רעגלמעסיק דערשיינענדיקנ אונ מיט אלע אָרטיקע גרופּעס ענג פארבונדענעמ פארטיי-אָרגאנ*. מיר האלטנ, אַז אפ אָרגאניזירנ דעמ דאָזיקנ איניענ דארפ געווענדט ווערנ אינ משעכ פונ דער גאנצער נאָענטסטער צוקונפט די *גאנצע* טעטיקייט פונ די סאָציאַל-דעמאָקראטנ"[1].

איינע פונ לענינס לעצטע ארבעטנ אינ דער פארשיקונג איז געווענ דער „פּראָיעקט פונ דער פּראָגראמ פונ אונדזער פארטיי" (1899 י.). לענינ האָט געהאלטנ פאר נייטיק ארייננצוטראָגנ אינ דעמ פּראָיעקט פונ דער פּראָגראמ פונ דער גרופּע „באפרייונג פונ דער ארבעט" (1887 י.) וועזנטלעכע אויסבעסערונגענ אונ צוגאָבנ.

לענינ שטרייכט אונטער אינ זיינ ארבעט „פּראָיעקט פונ דער פּראָגראמ פונ אונדזער פארטיי" די גרונט-טענדענצ פונעמ קאפּיטאליזמ: די שפּאלטונג פונעמ פאָלק אפ בורזשואזיע אונ פּראָלעטאריאט. „דער וווּקס פונעמ דאלעס, פונ דער אונטערדריקונג, פארשקלאפונג, דערנידעריקונג, עקספּלואטאציע"[2] — די דאָזיקע בארימטע ווערטער מארקס', האָט געזאָגט לענינ, איז אומבאדינגט נייטיק ארייננפירנ אינ פּראָיעקט פונ דער פארטיי-פּראָגראמ, באזונדערס איצט, ווענ די בערנשטייניאנער אונ די איבעריקע „רעוויזיאָניסטנ" אונ „קריטיקער" פונ מארקסנ דערווידערנ קעגנ מארקס' טעאָריע פונ פאראָרעמונג. לענינ האָט אויכ פאָרגעלייגט צו געבנ א גענויערע כאראקטעריסטיק פונעמ קלאסנקאמפּ פונ פּראָלעטאריאט, אָנווייזנ די צילנ פונעמ דאָזיקנ קאמפּ, דעמ צווישנפעלקערלעכנ כאראקטער פונ דער ארבעטערבאוועגונג. ער האָט געהאלטנ פאר נייטיק באזונדערס אונטערצושטרייכנ אינ דער פארטיי-פּראָגראמ דעמ פּאָליטישנ זינ פונעמ קלאסנקאמפּ פונעמ פּראָלעטאריאט אונ די נאָענטסטע אויפגאבע פונ אָט דעמ קאמפּ — דעראָבערנ פּאָליטישע פרייהייט.

לענינ האָט געהאלטנ פאר אומבאדינגט נייטיק צו געבנ א גענויערע כאראקטעריסטיק פונ דער קלאסנ-נאטור פונ דעמ רוסישנ אבסאָליוטיזמ אונ צו דערווייזנ די נויטווענדיקייט אראָפּצוווארפנ אימ מיט געוואלד אינ די אינטערעסנ פונ דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג אינ גאנצנ גענומענ. לענינ האָט געפאָדערט אָנווייזנ אינ דער פּראָגראמ אפ די באזונדערקייטנ פונ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפּיטאליזמ אינ רוסלאנד אונ אפ די דערפונ ארויסדרינגענדיקע ספּעציפישע פּאָליטישע אויפגאבנ אונ מיטלענ פונעמ קאמפּ פונעמ ארבעטער-קלאס. לענינ האָט

1 לענינ. ווערק, ב. II, ז. 498.
2 דאָרטנ, ז. 513.

פאָרמולירט די פּרינציפּנ פונ דער אַגראַר־פּראָגראַמ פונ די רוסישע מאַרקסיסטנ, אַנטוויקלענדיק דעמ געדאַנק, אַז די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי דאַרפ שטיצנ דאָס פּויערטומ, וואָס שטרעבט אַראָפּצוואַרפנ די זעלבסטהערשונג אונ צו ליקווידירנ אַלע רעשטלעכ פונעמ לײַבייגנטומ.

דער טערמינ פונ לענינס פאַרשיקונג האָט זיכ געהאַלטנ באַמ ענדיקנ. „וולאַדימיר איליטש, — דערמאָנט זיכ קרופּסקאַיאַ וועגנ די לעצטע כאָדאָשימ פונ דער פאַרשיקונג, — האָט אויפגעהערט שלאָפנ, איז שרעקלעכ דאַר געוואָרנ. אינ די שלאָפלאָזע נעכט פלעגט ער באַקלערנ זײַנ פּלאַנ מיט אַלע דעטאַלנ... וואָס ווײַטער, אַלצ מער אומגעדולדיק איז וולאַדימיר איליטש געוואָרנ, אַלצ מער האָט ער זיכ געריסנ צו דער אַרבעט“[1].

דעמ 29 יאַנוואַר 1900 יאָר האָט זיכ געענדיקט לענינס פאַרשיקונג. דעמ זעלבנ טאָג האָט ער פאַרלאָזנ דאָס דאָרפ שושענסקאָיע, קעדיי טייקעפּ צוצוטרעטנ צומ רעאַליזירנ זײַנ פּלאַנ פונ קאַמפּ פאַר אויפבויענ די מאַרקסיסטישע פּאַרטיי, צומ שאַפנ אַנ אַלגעמיינ־רוסישע מאַרקסיסטישע צײַטונג. אַזאַ צײַטונג איז געוועזנ די „איסקראַ“, וואָס איר ערשטער נומער איז דערשינענ אינ דעקאַבער 1900 יאָר.

דאָס גאַנצע יאָר 1900 האָט לענינ אָפּגעגעבנ דער קאָלאָסאַלער אַרבעט פונ אָרגאַניזירנ די צײַטונג. די צײַטונג האָט מענ געדאַרפט אַרויסגעבנ אינ אויסלאַנד, דאָרט, וווהינ די צאַרישע פּאָליציי האָט ניט געקענט גרייכנ. אָבער צוערשט האָט מענ געדאַרפט אײַנשטעלנ פאַרבינדונגענ מיט אַ רײ סאָציאַל־דעמאָקראַטנ אינ רוסלאַנד, זײַנ זיכער אינ זייער שטיצע, אָנמערקנ די צוקינפטיקע אַגענטנ פונ דער „איסקראַ“, צונויפרייִדנ זיכ וועגנ זייער אַרבעט, אויסגעפינענ מיטלענ פאַר דער צײַטונג.

לענינענ איז געוועזנ פאַרבאָטנ צו וווינענ אינ די הויפּטשטעט אונ אינ אַלע אינדוסטריעלע צענטערס. דעריבער האָט ער אויסגעקליבנ פאַר זײַנ וווינ־אָרט פּסקאָוו, וואָס נעענטער צו פּעטערבורג. אונטערוועגס, בייסנ אומקערנ זיכ צוריק פונ דער פאַרשיקונג, איז ער פאַרפאָרנ קיינ אופאַ, מאָסקווע, פּעטערבורג, ווו ער האָט געהאַט באַגעגענישנ אונ געפירט אונטערהאַנדלונגענ מיט די אָרטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ. דעמ 26 פעוראַל איז לענינ געקומענ צו פאָרנ קיינ פּסקאָוו, וואָס איז געוואָרנ דער צענטער פונ דער טעטיקײַט פונ די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ, זייער שטאַב־קוואַרטיר. דאָ איז אינ אַפּריל פאָרגעקומענ אַ באַראַטונג, אויפ וועלכער עס איז באַהאַנדלט געוואָרנ דער פּראָיעקט פונ דער פּראָגראַמ־דערקלערונג פונ דער רעדאַקציע פונ דער צוקינפטיקער צײַטונג, וועלכנ ס'האָט אָנגעשריבנ לענינ. אַהער פלעגנ צו וולאַדימיר איליטשנ קומענ צו פאָרנ פּאַרטיי־טוער פונ פאַרשיידענע ערטער, פלעגנ קומענ נאָכ אַנ אייצע, נאָכ אַנ אָנווײַזונג, צו פירנ אונטערהאַנדלונגענ. פונדאַנענ פלעגט לענינ מאַכנ זײַנע נעסיעס אינ אַנדערע שטעט פונ רוסלאַנד. פאַר אָט דער צײַט איז ער געוועזנ אינ ריגע, פּאָדאָלסק,

[1] נ. ק. קרופּסקאַיאַ. דעריִנערונגענ וועגנ לענינענ, ז. 35.



1181—4

ניזשני-נאָווגאָראָד, אופא, קאזאנ אונ סאמארע, אומעטומ פלעגט ער איינשטעלנ פארבינדונגענ אונ ווערבירנ אָנהענגער פונ זיינ פלאנ צו שאפנ אנ אלגעמיינ-רוסישע פאָליטישע צייטונג. צוויי מאָל איז לענינ אומלעגאל געפאָרנ קיינ פעטערבורג. זיינ צווייטער מאָל קומענ האָט שיר ניט געבראכט צומ דורכפאל פונעמ פלאנ צו שאפנ די צייטונג. וולאדימיר איליטש איז ארעסטירט געוואָרנ אפנ גאס.

לענינ האָט שפעטער דערציילט וועגנ דעמ דאָזיקנ ארעסט: „מע האָט מיכ אָנגעכאפט פאָשעט פאר ביידע עלנבויגנס, אזוי אז כ'איז ניט געווענ קיינ שומ מעגלעכקייט וואָס-ניט-איז ארויסצוווארפנ פונ קעשענע. אויב אפ דער דראָזשקע האָבנ צוויי[ע]נ מיכ דעמ גאנצנ וועג פאר ביידע עלנבויגנס געהאלטנ“ [1]. ער האָט געהאט בא זיכ א רייִשימע פארבינדונגענ מיט אויסלאנד, וואָס איז געווענ אָנגעשריבנ מיט כימישע טינט אפ עפעס א כעזשבנ. צומ גליק האָבנ די זשאנדארמענ ניט געלייגט קיינ אכט אפ דעמ דאָזיקנ כעזשבנ; אָפגעהאלטנ לענינענ 10 טעג ארעסטירט, האָבנ זיי אימ ארויסגעלאָזנ. ווענ די שפיקעס וואָלטנ געפאקט די דאָזיקע רעשימע, וואָלט אימ די צארישע רעגירונג ניט ארויסגעלאָזנ פונ אירע לאפעס.

דער צאריזמ האָט געפילט, אז אינ לענינס פערזאָנ האָט ער ביז גאָר א געפערלעכנ סוינע. דער צארישער אָכראניק, דער זשאנדארמעריע-פאָלקאָווניק זובאטאָוו, האָט אינ 1900 יאָר אָנגעוויזנ אינ זיינ געהיימער קאָרעספאָנדענצ מיט דער נאטשאלסטווע, אז „גרעסער פונ אוליאנאָוונ איז אינ דער רעוואָליוציע איצט קיינער ניטאָ“, אונ האָט דעריבער געפאָדערט טייקעפ אָרגאניזירנ לענינס דערמאָרדונג. מע דארפ „אָפשניידנ דעמ דאָזיקנ קאָפ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ גופ“, — האָט געשריבנ דער דאָזיקער הענקער.

באקענענדיק זיכ דירעקט מיט דער לאגע אפ די ערטער, מיטנ אידייִשנ מישמאש אונ אָרגאניזאציאָנעלער צעשפליטערטקייט, האָט לענינ זיכ נאָכ מער איבערצייגט דערינ, אז דער וועג פונ בויענ די פארטיי, וועלכנ ער האָט אויסגעקליבנ, איז א ריכטיקער. לענינ האָט זיכ דערוווּסט וועגנ דעמ פרווו פונ אייניקע קאָמיטעטנ טייקעפ צונויפצורופנ א צוזאמענפאָר אפ אויסצובילדנ די פארטיי. ער האָט געהאלטנ, אז אזא פרווו איז א פעלערהאפטער. לויט זיינ מיינונג האָט מענ אפריִער באדארפט שאפנ די אידייִשע אונ אָרגאניזאציאָנעלע אייניקייט פונ דער פארטיי; דער צוזאמענפאָר דארפ זיינ ניט דער אָנהייב, נאָר די באקרוינונג פונ דער ארבעט פונ בויענ די פארטיי.

לענינ איז ארויסגעטראָטנ אלס פאקטישער שעפער פונ דער פארטיי, אלס איר ווירקלעכער פירער. ארומ אימ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ זאמלענ די בעסטע עלעמענטנ פונעמ ארבעטער-קלאס.

---

1 א. אי. אוליאנאָווא-יעליזאראָווא. דערינערונגענ וועגנ איליטשנ, ז. 99.

צוגעגרייט די באזע פאר דער צײַטונג אין רוסלאנד, איז לעניג דעם 16 יול 1900 יאָר ארויסגעפאָרן קיין אויסלאנד.
עס האָט זיך אָנגעהויבן לענינס ערשטע עמיגראציע, וואָס האָט געדויערט איבער פינף יאָר.

---

## IV

לענינ איז ארויסגעפאָרנ קיינ אויסלאנד, האָבנדיק א קלאָרנ, דורכגעטראכטנ פלאנ פונ קאמפ פאר אויפבויענ א מארקסיסטישע פארטיי אינ רוסלאנד. קיינער האָט ניט געוווּסט אזוי טיפ, ווי לענינ, דעם צושטאנד פונ דער פארטיי, אירע באדערפענישנ און דרינגענדיקע נויטנ. קיינער האָט ניט פארשטאנענ אזוי קלאָר און דייטלעכ, ווי לענינ, די גאנצע דרינגענדיקע נויטווענדיקייט צו שאפנ א רעוואָליוציאָנערע פראָלעטארישע פארטיי אינ רוסלאנד.

לענינ האָט באמ סאמע באגינ פונעמ אימפעריאליזמ אויפגעכאפט די פראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר אינ די טיפענישנ פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט און פונ דער ארבעטער-באוועגונג. לענינ האָט דער ערשטער דערזענ, אז אָנשטאָט דער עפּאָכע פונ דער „פרידלעכער" אָרגאנישער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ איז געקומענ די עפּאָכע פונ רעוואָליוציאָנערע שטורעמס און דערשיטערונגענ. פארגלייכנדיק די צווייטע העלפט XIX יאָרהונדערט מיטנ אָנהייב XX יאָרהונדערט, האָט לענינ מיט דער גאנצער קראפט אונטערגעשטראָכנ דעם טיפנ אונטערשייד צווישנ די דאָזיקע צוויי עפּאָכעס. „דער דעמאלט און דער איצט, — האָט ער געשריבנ אינ „איסקרא", — די עפּאָכע פונ די לעצטע בורזשואזע רעוואָליוציאָנערע באוועגונגענ און די עפּאָכע פונ דער ווילדער רעאקציע, פונ אויסערסטער אָנשטרענגונג פונ אלע קרעפטנ ערעוו דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, אונטערשיידנ זיכ צווישנ זיכ אפנ בוילעטסטנ אויפנ"[1].

נאָכ אינ זיינע ערשטע ארבעטנ האָט לענינ געניאל פאָרויסגעזענ, אז רוסלאנד איז דאָס ערשטע לאנד, וועמענ עס איז פאָרגעשטאנענ אָנצוהייבנ א ריי רעוואָליוציעס פונ דער נייער היסטאָרישער עפּאָכע. לענינ האָט געזענ, אז דער גאנצער גאנג פונ דער געשיכטע רוקט ארויס דעמ רוסישנ ארבעטער-קלאס אפ די פאָדערשטע פאָזיציעס פונ דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער-באוועגונג, אז דער צענטער פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג האָט זיכ אריבערגעטראָגנ קיינ רוסלאנד. ער האָט נעוויִש געשריבנ: „די געשיכטע האָט איצט געשטעלט פאר אונדז די נאָענטסטע אויפגאבע, וואָס איז די **סאמע רעוואָליוציאָנערע** פונ אלע **נאָענטסטע** אויפגאבנ פונעמ פראָלע-

[1] לענינ, ווערק, ב. V, ז. 340.

טאַריאַט אינ א וועלכנ-עס-איז אנדערנ לאַנד. דאָס פאַרווירקלעכנ די דאָזיקע אויפגאַבע, דאָס צעשטערנ די מעכטיקסטע פעסטונג ניט נאָר פונ דער אייראָפּייִשער, נאָר אויכ (קאָנענ מיר איצט זאָגנ) פונ דער אַזיאַטישער רעאַקציע וואָלט געמאַכט דעמ רוסישנ פּראָלעטאַריאַט פאַרנ אַוואַנגאַרד פונעמ אינטערנאַציאָנאַלנ רעוואָלוציאָנערנ פּראָלעטאַריאַט"[1].

אָט דאָס פאַרשטייג די נייע עפּאָכע אונ די דערפונ אַרויסדרינגענדיקע ספּעציפישע אויפגאַבנ פונעמ רוסלענדישנ אַרבעטער-קלאַס איז געלעגנ אינ יעסאָד פונ דעמ לענינישנ פּלאַנ פונ אויפבויענ די פּאַרטיי.

געקומענ קיינ אויסלאַנד, האָט זיכ לענינ ענערגיש גענומענ פאַרנ רעאַליזירנ דעמ דאָזיקנ פּלאַנ, פאַרנ אָרגאַניזירנ די אַלגעמיינ-רוסישע פּאָליטישע צייטונג „איסקראַ". באַמ אָרגאַניזירנ די „איסקראַ" איז אימ אויסגעקומענ אָנצושטויסנ זיכ אפ א ריי שוועריקייטנ. איינע פונ זיי איז געווענ דער שאַרפער צוזאַמענשטויס מיט פּלעכאַנאָוונ.

אינ אויגוסט 1900 יאָר האָבנ זיכ לענינ, פּאָטרעסאָוו, פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד אונ זאַסוליטש באַראַטנ אינ קאָרסיע (לעבנ זשענעווע) וועגנ דער אָרגאַניזאַציע אונ דער פּראָגראַמ פונ דער „איסקראַ". די אונטערהאַנדלונגענ זיינענ צוגעגאַנגענ זייער שטורמיש. די באַראַטונג האָט זיכ שיר ניט געענדיקט מיט א פולשטענדיקנ איינרייס צווישנ לענינענ מיט פּלעכאַנאָוונ אונ מיטנ אָפּזאָגנ זיכ טייקעפּ אַרויסגעבנ די „איסקראַ". „ווי אַזוי די „איסקראַ" איז שיר ניט פאַרלאָשנ געוואָרנ?" — אַזוי האָט לענינ אָנגערופנ זיינע נאָטיצנ וועגנ דער דאָזיקער באַראַטונג.

לענינ האָט זייער שווער איבערגעלעבט די מעגלעכקייט, אַז דער פּלאַנ פונ אַרויסגעבנ די צייטונג זאָל ליידנ א קראַכ. „דאָס איז געווענ אַנ עמעסע דראַמע, — האָט ער געשריבנ, — א פולער איינרייס דערמיט, מיט וואָס כ'האָב זיכ אַרומגעטראָגנ, ווי מיט א באַליבט קינד, לאַנגע יאָרנ, מיט וואָס איכ האָב געקניפּט אונ געבונדנ מיינ גאַנצנ לעבנס-אַרבעט"[2].

מיט גרויס מי האָט זיכ איינגעגעבנ קומענ צו א פאַרשטענדיקונג. עס איז באַשלאָסנ געוואָרנ אַרויסצוגעבנ די „איסקראַ" ניט אינ דער שווייצ (ווי עס האָבנ פאָרגעלייגט פּלעכאַנאָוו אונ אַקסעלראָד), נאָר אינ דייטשלאַנד. לענינ איז אַרויסגעפאָרנ קיינ מינכענ, וווּ עס האָט זיכ באַזעצט דער קערנ פונ דער רעדאַקציע. באַגלייכ מיט דער „איסקראַ" איז אָרגאַניזירט געוואָרנ דאָס אַרויסגעבנ דעמ וויסנשאַפטלעכ-פּאָליטישנ זשורנאַל „זאַריאַ".

לענינס אומדערמידלעכע טעטיקייט, זיינ אייזערנער ווילנ, וואָס ברעכט אַלע שטערונגענ אפנ וועג צומ אָנגעמערקטנ ציל, האָבנ געזיכערט דאָס אַרויסלאָזנ אַנ אַלגעמיינ-רוסישע פּאָליטישע צייטונג. אינ אָקטיאַבער 1900 יאָר איז דערשינענ די „מעלדונג פונ דער רעדאַקציע „איסקראַ"" וועגנ די אויפגאַבנ פונ דער צייטונג; אָנגעשריבנ האָט זי

1 לענינ. ווערק, ב. IV, ז. 382, (וו. אי. לענינ. אויסגעוויילטע ווערק אינ צוויי בענדער, ב. I, ערשטער טייל, ז. 185, 1941 י., מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס").

2 לענינ. ווערק, ב. IV, ז. 25.

לענינ. אויסשמידנ די אידייִשע אונ אָרגאניזאציאָנעלע אײנהײט פונ דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע, שאפנ א פארטיי — אָט דאָס זײַנענ געווענ די אויפגאבנ. זיי האָבנ געקאָנט פארווירקלעכט ווערנ בלויז אינ אנטשיידענעמ קאמפ קעגנ דער אידייִשער צעפּאָרנקײט אונ אָרגאניזאציאָנעלער קוסטארערײַ, אינ קאמפ קעגנ די „עקאָנאָמיסטנ", בערנשטייניאנער אונ אנדערע אָפּאָרטוניסטנ.

„פריִער, אײדער מע פאראײניקט זיכ, אונ קעדיי זיכ צו פאראײניקנ, איז צוערשט נייטיק אנטשיידנ אונ באשטימט פאנאנדערגרענעצנ זיכ"[1], — האָט לענינ געשריבנ אינ דעמ דאָזיקנ ערשטנ פּראָגראמ-דאָקומענט פונ דער „איסקרא".

דעמ 11 דעקאבער 1900 יאָר איז ארויסגעגאנגענ דער ערשטער נומער פונ דער „איסקרא". דעמ לייטארטיקל „די לעבנס-וויכטיקע אויפגאבנ פונ אונדזער באוועגונג" האָט אָנגעשריבנ לענינ. פּאָשעט, קלאָר, מיט אנ אומבאזיגבארער קראפט אנטוויקלט לענינ אינעמ דאָזיקנ ערשטנ איסקרישנ ארטיקל דעמ גרונט-ציל פונ דער „איסקרא" — שאפנ א פעסטע, אָרגאניזירטע פארטיי, אָנ וועלכער דער ארבעטער-קלאס וועט ניט קאָנענ פארווירקלעכנ זײַנ גרויסע היסטאָרישע מיסיע: באפרײַענ זיכ אונ דאָס גאנצע פאָלק פונ פּאָליטישער אונ עקאָנאָמישער קנעכטשאפט.

די „איסקרא" האָט פאנאנדערגעוויקלט איר ארבעט אינ א סיטואציע, ווענ די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג איז געוואקסנ אינעמ גאנצנ לאנד. אינ די באדינגונגענ פונ דעמ ביז גאָר הארבנ עקאָנאָמישנ קריזיס פונ אָנהייב XX יאָרהונדערט האָט דער ארבעטער-קלאס אָנגעהויבנ אריבערצוגייִנ פונ עקאָנאָמישע שטרײַקנ צו פּאָליטישע שטרײַקנ אונ דעמאָנסטראציעס, אויפהייבנדיק זיכ צומ רעוואָלוציאָנערנ קאמפ קעגנ דער צארישער זעלבסטהערשונג.

פרילינג 1901 יאָר זײַנענ פאָרגעקומענ פּאָליטישע דעמאָנסטראציעס אינ פיל גרויסע שטעט. אינ 1902 יאָר האָבנ די שטרײַקנ אָנגעהויבנ פאראײניקנ זיכ מיט דעמאָנסטראציעס. אזוינע אמערסטנ באדײַטנדיקע שטרײַקנ — דעמאָנסטראציעס זײַנענ געווענ: דער באטומער, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרנ אונטער סטאלינס אָנפירונג, אונ דער ראָסטאָווער. אינ 1903 יאָר האָט זיכ איבער גאנצ דאָרעמ-רוסלאנד — אינ טראנסקאווקאז אונ אינ אוקראינע — דורכגעקײַקלט א מעכטיקע כוואליע פונ פּאָליטישע מאסנ-שטרײַקנ. אונטער דער ווירקונג פונ דער ארבעטער-באוועגונג האָבנ זיכ אויפגעהויבנ צומ קאמפ אויכ די פויערימ, וואָס האָבנ פרילינג אונ זומער 1902 יאָר גראָמירט די פּריצישע גיטער אינ אוקראינע, וואָלגער קאנט אונ גרוזיע.

די בעפיירעשע נאָענטקײט פונ דער רעוואָלוציע אינ רוסלאנד אָנהייב XX יאָרהונדערט האָט ענערגיש געפאָדערט, אז עס זאָל געשאפנ ווערנ אנ אײנהײטלעכע צענטראליזירטע פארטיי פונעמ פּראָלעטאריאט, וואָס זאָל זײַנ פעיִק אָנצופירנ מיט דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, וואָס זאָל קאָנענ פירנ די ארבעטער אונ פויערימ שטורע-

[1] לענינ, ווערק, ב. IV, ז. 378.

מענ דעמ צאריזמ. די אופגאבע פונ שאפנ אזא פארטיי איז אָבער געווענ אנ אומגעהייער שווערע. די פארטיי איז אויסגעקומענ צו בויענ אונטערנ פײַער פונ די אכזאָריעסדיקע פארפאָלגונגענ מיצאד דעמ צאריזמ. באגלײַכ דערמיט האָט מענ געמוזט בײַקומענ די אָפּגעשטאנענקײַט, אינערטקײַט אונ ענגנ פראקטיציזמ פונ די אָרטיקע פארטיי=אָרגאניזאציעס. מע האָט געדארפט צעגראָמירנ די „עקאָנאָמיסטנ", וואָס האָבנ זיכ מיט אלע קויכעס קעגנגעשטעלט קעגנ שאפנ די פארטיי. שילדערנדיק די דעמלטיקע סיטואציע אינ דער סאָציאל=דעמאָקראטישער באוועגונג, האָט כאווער סטאלינ געשריבנ, אז „די קוסטארעריי אונ קרײַזלערײַ האָבנ געפרעסנ די פארטיי פונ אויבנ ביז אראָפּ", אונ די „אידייִשע צעפאָרנקײַט איז געווענ א כאראקטעריסטישער שטריכ פונ אינערלעכנ לעבנ פונ דער פארטיי"[1].

לענינ האָט זיכ גענומענ צומ אויספילנ די היסטאָרישע אופגאבע פונ שאפנ די פארטיי אונ האָט דערפירט די ארבעט ביזנ סאָפּ. אינ זײַנ בוכ „וואָס דארפ מענ טאָנ?" האָט ער געגעבנ אנ אָנשוילעכ בילד פונ דער סיטואציע, אינ וועלכער עס האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט די טעטיקײַט פונ די איסקראָווצעס: „אנ ענגנ הײַפל גייענ מיר מיט א שווערנ וועג, פארבײַ אָפּגרונטנ, פעסט האלטנדיק זיכ פאר די הענט. מיר זײַנענ פונ אלע זײַטנ ארומגערינגלט מיט סאָנימ, אונ אונדז קומט קימאט שטענדיק אויס צו גייענ אונטער זייער פײַער"[2].

לענינ איז געווענ דער איניציאטאָר אונ אָרגאניזאטאָר פונ דער „איסקרא", איר אידייִשער באגײַסטערער אונ פראקטישער אָנפירער. די „איסקרא" איז ווירקלעכ געווענ לענינס א קינד. ער האָט זאָרגזאמ רעדאגירט יעדנ נומער פונ אָנהייב ביזנ סאָפּ, האָט אַלײנ א סאכ געשריבנ, פלעגט אָנמערקנ טעמעס פאר די ארטיקלענ, געפינענ אויטאָרנ, זיכ פארבינדנ מיט קאָרעספּאָנדענטנ, פלעגט סקרופּולעז מאכנ די קאָרעקטור, דערפינדנ מעטאָדנ ווי צו ליפערנ אומלעגאל די צײַטונג קיינ רוסלאנד, אויסגעפינענ געלט=מיטלענ. לענינ האָט זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז די „איסקרא" האָט אָנגעהויבנ דערשײַנענ רעגולער, וואָס דאָס איז אינ די דעמלטיקע רוסלענדישע, אומלעגאלע באדינגונגענ געווענ אנ אומגעזעענע דערשײַנונג.

די לענינישע „איסקרא" איז געווענ א מוסטערהאפטער רעוואָליוציאָנער=מארקסיסטישער אָרגאנ. דאָס איז געווענ אנ עכט באָלשעוויסטישע צײַטונג, א צײַטונג פונ א נײַעמ טיפּ, וואָס אזא איז נאָכ ניט געווענ אינ דער געשיכטע פונ דער ארבעטער=באוועגונג. די „איסקרא" האָט געגרייט די אָנקומענדיקע רעוואָליוציע אינ רוסלאנד. די איסקראָווצעס האָבנ געטראָגנ אירע לאָזונגענ אינ די ארבעטער=מאסנ, אָרגאניזירט אונ געריכטעט זייער קאמפּ. די לענינישע „איסקרא" האָט

1 י. סטאלינ. פראגנ פונ לעניניזמ, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס", ז. 96, 1941 י.

2 לענינ. ווערק, ב. IV, ז. 368. (וו. אי. לענינ. אויסגעוויילטע ווערק אינ צוויי בענדער, ב. I, ערשטער טייל, ז. 169, 1941 י., מעלוכע-פארלאג „דער עמעס".)

הויכ אופגעהויבנ די פאָנ פונ קאַמפ פאַר דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע פונ מאַרקסיזמ. לענינ האָט דערצויגנ די פאָרגעשריטענע פּראָלעטאַריער אינ גײַסט פונ טרײַהײַט צו דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע, ער האָט זאָרגעוודיק געבאָוועט די טראַדיציעס פונ אידייִשער אומקאָמפּראָמיסלעכקײַט צו מינדסטנ פאַרקריפּלענ דעמ מאַרקסיזמ. אינ איר קאַמפ קעגנ די פילצאָליקע סאָנימ פונעמ מאַרקסיזמ האָט די „איסקראַ“ ניט געוווּסט פונ קײנ ראַכמאָנעס. ניט אומזיסט האָט לענינ געשריבנ, אַז די „אַלטע „איסקראַ“ האָט פאַרדינט די ערנפולע אומליבע סײַ פונ די רוסישע, סײַ פונ די מײַרעוו-אײראָפּײִשע אָפּאָרטוניסטנ“[1].

זעלטנ ווענ אַ נומער פונ דער „איסקראַ“ פלעגט זיכ באַווײַזנ אָנ לענינס אַנ אַרטיקל. ער האָט אָנגעשריבנ די מערהײַט גרונט-אַרטיקלענ פונ דער „איסקראַ“. עס איז ניט געווענ קײנ אײנ מער אָדער ווײניקער גרויסע פראַגע אינעמ לעבנ פונ דער פּאַרטײ אונ פונעמ אַרבעטער-קלאַס, אינעמ געביט פונ דער צווישנפעלקערלעכער אונ אינערלעכער פּאָליטיק, וואָס זאָל ניט זײַנ באַלויכטנ אינ לענינס אַרטיקלענ.

לענינס אַרטיקלענ — דאָס זײַנענ קלאַסישע מוסטערנ פונ רעוואָליוציאָנערער פּובליציסטיק. אײנע פונ זײ זײַנענ גלענצנדיקע פּאָליטישע דעמאַסקירונגענ פונעמ צאַריזמ, פונ זײַנ פּאָליטיק פונ ראָצבישע באַראַבונגענ אונ רויבערישע מילכאָמעס איבערנ לאַנד, פונ ווילדער עקספּלואַטאַציע פונ די פאָלקס-מאַסנ אונ אַכזאָריעסדיקנ דערשטיקנ אַלדאָס לעבעדיקע אינווײניק אינ לאַנד. די אַנדערע — אַנטהאַלטנ אַ פאַרניכטנדיקע קריטיק פונ די „עקאָנאָמיסטנ“, דעקנ אויפ דעמ אַוואַנטיוריזמ פונ די עסערנ, דערלאַנגענ טרעפלעכע קלעפּ איבער דעמ בונדישנ נאַציאָנאַליזמ, דעמאַסקירנ די זובאַטאָוושטשינע, מאַכנ טיל-טעל פונעמ ליבעראַליזמ. אינ לענינס אַרטיקלענ פלעגנ די פאָרגעשריטענע פּראָלעטאַריער, די פּאַרטײ-טוער באַקומענ אַ קלאָרנ ענטפער אפ די פראַגנ, וואָס האָבנ זײ באַאומרויִקט, פּינקטלעכע אָנווײַזונגענ — וואָס אונ ווי אַזוי צו טאָנ.

לענינס גאַנצע טעטיקײַט אינ אָט די יאָרנ איז געווענ געווידמעט אײנ זאַכ — שאַפנ די פּאַרטײ. עס האָט געדאַרפט געלײזט ווערנ די פראַגע וועגנ דעמ וועג, מיט וועלכנ עס וועט גײנ די אַרבעטער-באַוועגונג. מע האָט געדאַרפט אָוועקראַמענ די גרונט-שטערונג אפ דעמ דאָזיקנ וועג — דעמ „עקאָנאָמיזמ“. מע האָט געדאַרפט לײזנ די פראַגנ וועגנ דער פאַרהעלטעניש צווישנ דער סטיכישער באַוועגונג פונעמ אַרבעטער-קלאַס אונ דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע, וועגנ דער ראָליע פונ באַוווּסטזיניקײַט, טעאָריע, פּאַרטײ אינ דער אַרבעטער-באַוועגונג, וועגנ דעמ כאַראַקטער, צילנ אונ אויפגאַבנ פונ דער מאַרקסיסטישער פּאַרטײ, וועגנ די וועגנ אונ אויפאַנימ זי צו שאַפנ.

אינ מײַ 1901 יאָר האָט זיכ אינ 4-טנ נומער „איסקראַ“ באַוויזנ לענינס באַרימטער אַרטיקל „פונ וואָס דאַרפ מענ אָנהייבנ?“. אינ אימ

[1] לענינ, ווערק, ב. VI, ז. 327.

איז געגעבנ געוואָרנ אַנ עסקיז פונ לענינס פּלאַנ פונ אויפבויִנ די מאַרקסיסטישע פּאַרטיי.

אַלע, וואָס האָבנ אויפריכטיק געזאָרגט פאַרנ צושטאַנד פונ דער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער באַוועגונג, וואָס האָבנ געזוכט אַנ אויסוועג פונ דער אידייִשער צעפאָרנקייט און אָרגאַניזאַציאָנעלנ מישמאַש, האָבנ באַקומענ אַנ ענטפער, אַ גענויאַלנ לויט זייִנ פּאַשעטקייט. מע דאַרפ אָנהייבנ פונ אָרגאַניזירנ אַנ אַלגעמיינ=רוסישע פּאָליטישע צייטונג, האָט אָנגעוויזנ לענינ. דורכ דער צייטונג וועלנ אידייִש צעקלאַפּט ווערנ ביזנ סאָפ די סאָנימ אינעווייניק אינ דער אַרבעטער=באַוועגונג, די צייטונג וועט פאַרטיידיקנ די ריינקייט פונ דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע: זי וועט איינשטעלנ דאָס איינהייטלעכע פאַרשטיינ די פּראָגראַמ=צילנ און טאַקטישע אויפגאַבנ פונ דער פּאַרטיי, פונ די מעטאָדנ פונ איר פּראַקטישער טעטיקייט. די צייטונג וועט אויסשמידנ די אידייִשע אייִנהייט פונ דער פּאַרטיי. די צייטונג וועט אויכ זייִנ אַ מעכטיק געצייג אָרגאַניזאַציאָנעל צו פאַרייניקנ די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס אינ אַ פּאַרטיי. אַרומ דער צייטונג וועט זיכ אויסבילדנ אַנ אָרגאַניזאַציע פונ אָנהענגער אירע, אַ נעצ פונ אירע אַגענטנ און קאָרעספּאָנדענטנ, וואָס וועלנ זי באַזאָרגנ מיט מאַטעריאַלנ, וועלנ זי פאַרשפּרייטנ, פאַרבינדנ זי מיט די אַרבעטער. וויִל, האָט לענינ געזאָגט, „אַ צייטונג איז ניט בלויז אַ קאָלעקטיווער פּראָפּאַגאַנדיסט און קאָלעקטיווער אַגיטאַטאָר, נאָר אויכ אַ קאָלעקטיווער אָרגאַניזאַטאָר“. די דאָזיקע נעצ אַגענטנ, פאַרבונדנ מיט דער צייטונג און איינער מיטנ אַנדערנ, וועט זייִנ דער אָרגאַניזאַציאָנעלער קאַרקאַס פונ דער פּאַרטיי. די צעשפּליטערטקייט פונ די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס וועט אָפּטרעטנ דאָס אָרט דער באַהעפטונג זייערער אַפּנ באָדנ פונ אַלגעמיינ=פּאַרטייִשער אַרבעט. אַזוי וועט זיכ שאַפנ אויכ די אָרגאַניזאַציאָנעלע אייִנהייט פונ דער פּאַרטיי.

לענינס אַרטיקל האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלנ אייִנדרוק אַפּ די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע אַרבעטער. איינער אַ פּעטערבורגער אַרבעטער האָט געשריבנ אינ „איסקראַ“: „דעמ פאַריקנ זונטיק האָב איכ צונויפגענומענ עלפ מאַנ און געלייענט: „פונ וואָס דאַרפ מענ אָנהייבנ?“, זייִנענ מיר ביז נאַכט זיכ ניט פונאַנדערגעגאַנגענ. ווי ריכטיק עס ווערט דאָ אַלצ געזאָגט, ווי אַלצ ווערט דאָ אַרומגעקלערט“[1].

אינעמ אַרטיקל „פונ וואָס דאַרפ מענ אָנהייבנ?“ האָט לענינ אָנגעוויזנ, אַז ער גיט בלויז אַנ עסקיז פונעמ פּלאַנ, וואָס גענויער וועט ער אַנטוויקלט אינ דער בראָשור, וועלכע ער גרייט צומ דרוק. זייענדיק אָבער פאַרנומענ מיט רעדאַקציאָנעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע איניאַנימ, האָט לענינ געקאָנט צוטרעטנ צו דער אַרבעט איבער דער בראָשור ערשט האַרבסט 1901 יאָר. אינ מאַרט 1902 יאָר איז זי אַרויס פונ דרוק. דאָס איז געווענ די גענויאַלע לענינישע אַרבעט „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?“

לענינ האָט אינ איר באַוויזנ, אַז אינ יעסאָד פונעמ „עקאָנאָמיזמ“ ליגט דאָס בוקנ זיכ פאַר דער סטיכישקייט פונ דער אַרבעטער=באַווע=

1 „איסקראַ“ נומ. 7, אויגוסט 1901 י.

גונג און דאָס פאַרמינערן די ראָליע פונעם סאָציאַליסטישן באַוווּסטזײַן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, דאָס פאַרמינערן די אָנפירנדיקע ראָליע פונעם אַוואַנגאַרד פונעם אַרבעטער־קלאַס, — פון זײַן פּאַרטיי. די סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע קאָן ניט אַנטשטיין פון דער סטיכיִשער באַוועגונג, ווי עס האָבן באַהויפּט די „עקאָנאָמיסטן“, זי אַנטשטייט פון דער וויסנשאַפט. אָפּלייקענענדיק די נויטווענדיקייט אַרײַנצוברענגען אינעם אַרבעטער־קלאַס דעם סאָציאַליסטישן באַוווּסטזײַן, האָבן די „עקאָנאָמיסטן“ דערמיט גופא אָפּגערייניקט דעם וועג פאַר דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. בוקן זיך פאַר דער סטיכיִשקייט האָט באַטײַט אָפּזאָגן זיך פון דער פּאַרטיי אַלס אַוואַנגאַרד פונעם פּראָלעטאַריאַט, און יעטווידער מין לייקענען אָדער פאַרמינערן די ראָליע פון דער פּאַרטיי ברענגט צו דער פאַרשטאַרקונג פון דעם אײַנפלוס פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע אויף די אַרבעטער. עס איז דעריבער נייטיק א קעסיידערדיקער, סיסטעמאַטישער און אָקשאָנעסדיקער קאַמף קעגן די בורזשואַזע ווירקונגען, וואָס דרינגען אַרײַן אינעם אַרבעטער־קלאַס, עס איז נייטיק אַרײַנברענגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג דעם סאָציאַליסטישן באַוווּסטזײַן.

לענין האָט ווײַטער אונטערגעשטראָכן, אַז פאַרמינערן די ראָליע פון דער באַוווּסטזיניקייט הייסט צונישט מאַכן אין די אויגן פון דער פּאַרטיי די באַדײַטונג פון טעאָריע. דערמיט גופא ווערט בײַ דער פּאַרטיי צוגענומען דאָס וויכטיקסטע געווער, וואָס אָן דעם איז אוממעגלעך צו זיגן אין קאַמף. „אָן א רעוואָלוציאָנערער טעאָריע, — האָט געשריבן לענין, — קאָן ניט זײַן אויך קיין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג... די ראָליע פון א פאָרגעשריטענעם קעמפער קאָן אויספילן נאָר די פּאַרטיי, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך א פאָרגעשריטענער טעאָריע“[1].

לענין האָט באַוויזן, אַז מיט דער „טעאָריע“ פון סטיכיִשקייט איז בײַ די „עקאָנאָמיסטן“ ענג פאַרבונדן דער „עקיזם“ („כוואָסטיזם“) אין דער פּאָליטיק. לויבנדיק אין הימל אַרײַן דעם סטיכיִשן פּראָצעס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, פאַרורטיילן די „עקאָנאָמיסטן“ די פּאַרטיי אויף נאָכצושלעפּן זיך שטענדיק אין עק פון דער דאָזיקער באַוועגונג, פאַרוואַנדלען זיי די פּאַרטיי אין א פּאַסיווער קראַפט, און דאָס באַטײַט פּאַקטיש — פאַרניכטן די פּאַרטיי. דערמיט לאָזן זיי איבער דעם אַרבעטער־קלאַס אומבאַוואָפנט, זיי גיבן אים אָפּ מיט געבונדענע הענט און פיס אָפּן באַראָט פון דעם פּראָלעטאַריאַטס ביטערסטע סאָנים — דעם צאַריזם און דער בורזשואַזיע.

לענין פאַרורטיילט שאַרף און בײַסיק די „עקאָנאָמיסטן“ פאַר זייער אָפּאָרטוניסטישן צופּאַסן זיך צו דער ווירקלעכקייט. דער מאַרקסיזם, האָט געזאָגט לענין, לערנט פונקט פאַרקערט: ער רופט צום רעוואָלוציאָנערן ענדערן די ווירקלעכקייט, ער באַווײַזט די אַנטשיידנ־

---

[1] לענין. ווערק, ב. IV, ז. 380. (וו. אי. לענין. אויסגעוויילטע ווערק אין צוויי בענדער, ב. I, ערשטער טייל, ז. 183, מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס“. 1941 י.)

דיקע ראָליע פונ דער פּאַרטיי אינ קאַמפ פונעמ ארבעטער-קלאַס, באַווייזט די גיגאַנטישע באַדייטונג פונ באַוווּסטזיניקער אונ דורכגעטראַכטער טאַקטיק, פונ איניציאַטיוו אונ ענערגיע פונ די באַוווּסטזיניקע ארבעטער.

לענינ האָט באַוויזנ, אַז די „עקאָנאָמיסטנ“ פאַרמינערנ די פּאָליטישע אויפגאַבנ פונ דער פּאַרטיי אונ פונעמ ארבעטער-קלאַס, ווענדנ אָפּ דעמ פּראָלעטאַריאַט פונ דעמ אַלגעמיינ-פּאָליטישנ קאַמפ קעגנ דעמ צאַריזמ, באַגרענעצנ זייער אויפגאַבנ מיטנ „עקאָנאָמישנ קאַמפ קעגנ די באַלעבאַטימ אונ קעגנ דער רעגירונג“,— דערמיט גופע פאַרוּרטיילנ זיי די ארבעטער צו אייביקער קנעכטשאַפט. די ארבעטער ווילנ קעמפנ ניט נאָר פאַר אַנ אומבאַדייטנדיקער פאַרבעסערונג פונ זייער לאַגע אויפנ באָדנ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, זיי שטרעבנ צו פאַרניכטנ די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעמ אונ עקספּלואַטאַציע. די ארבעטער קאָנענ אָבער ניט פאַנאַנדערוויקלענ דעמ קאַמפ קעגנ קאַפּיטאַליזמ, קאָלזמאַנ דער ארבעטער-באַוועגונג אינ וועג שטייט דער צאַריזמ. דעריבער דאַרפ דער ארבעטער-קלאַס צועַרשט אַראָפּוואַרפנ דעמ צאַריזמ אונ דערמיט גופע דורכשלאָגנ זיכ אַ וועג צומ סאָציאַליזמ. דער ארבעטער-קלאַס דאַרפ אַרויסטרעטנ אַלס אַוואַנגאַרד-קעמפער אינעמ קאַמפ קעגנ דעמ צאַריזמ.

לענינ האָט באַוויזנ, אַז מיטנ בוקנ זיכ פאַר דער ספּאָנטאַנישקייט, מיטנ פאַרקלענערנ די ראָליע פונ דער פּאַרטיי, מיטנ פאַרמינערנ די פּאָליטישע אויפגאַבנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט איז בײַ די עקאָנאָמיסטנ ענג פאַרבונדנ דאָס פאַרמינערנ אויכ די אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפגאַבנ פונ דער ארבעטער-באַוועגונג. די „עקאָנאָמיסטנ“ באַרעכטיקנ די קוסטאַרעי, דעמ קליינלעכנ פּראַקטיציזמ אונ די צעשפּליטערטקייט פונ די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. קעדיי צו לייזנ די היסטאָרישע אויפגאַבנ פונעמ ארבעטער-קלאַס, איז נייטיק אַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, אַ פּאַרטיי.

לויט לענינס פּלאַנ דאַרפ די פּאַרטיי באַשטיינ פונ צוויי טיילנ: פונ אַנ ענגנ קרײַז קאַדרעווע אָנפירנדיקע טוער, הויפּטזאַכלעכ פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערנ, אונ פונ אַ ברייטער נעצ פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס אינ דער פּעריפעריע, פונ אַ פילצאָליקער מיטגלידער-מאַסע, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט סימפּאַטיע אונ שטיצע פונ הונדערטער טויזנטער ארבעטנדיקע.

לענינ האָט באַוויזנ, אַז גיינ מיט דעמ וועג, וועלכנ עס פירנ די „עקאָנאָמיסטנ“, הייסט שאַפנ ניט קיינ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וואָס פירט דעמ ארבעטער-קלאַס שטורעמענ דעמ קאַפּיטאַליזמ, נאָר אַ פּאַרטיי פונ „סאָציאַלע רעפאָרמעס“, וואָס העלפט פאַרייביקנ די הערשאַפט פונ די קאַפּיטאַליסטנ. דערפונ איז געדרונגענ, אַז די „עקאָנאָמיסטנ“ זײַנענ רעפאָרמיסטנ, וואָס פאַראַטנ די גרונט-אינטערעסנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט.

לענינ האָט באַוויזנ, אַז דער „עקאָנאָמיזמ“ איז ניט קיינ צופעליקע דערשײַנונג אינ רוסלאַנד, אַז די „עקאָנאָמיסטנ“ זײַנענ דורכפירער פונעמ בורזשואַזנ אײַנפלוס אויפנ ארבעטער-קלאַס, אַז זיי זײַנענ

א רוסישער וואַריאַנט פונעמ צווישנפעלקערלעכנ אָפּאָרטוניזמ, וועלכער טרעט אַרויס קעגנ מאַרקסיזמ, רעוואָליוציע, סאָציאַליזמ, קעגנ דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט.

דער איינפלוס פונ לענינס בוכ „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?“ איז געווענ קאָלאָסאַל. „אומעטומ אָפּעריר איכ, — האָט געשריבנ איינער פונ די „איסקראַ“-אַגענטנ, — מיטנ לענינישנ אַקער, ווי מיטנ סאַמע בעסטנ, פּראָדוקטיווסטנ באָדנ-קולטיוואַטאָר. ער רייסט אויסגעצייכנט אַראָפּ די קאָרע פונ רוטינע, מאַכט ווייכ דעמ באָדנ, וואָס זאָגט צו א גערעטעניש. טאָמער באַווייזנ זיכ אָפּנ וועג מיסט-גראָזנ, וואָס פאַרפלאַנצט האָט זיי „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“, פאַרניכטעט ער זיי שטענדיק מיטנ וואָרצל“[1].

אינ זיינ מעלדונג וועגנ פאַרייניקנ זיכ צו דער „איסקראַ“ ווייזט אָנ דער פּעטערבורגער קאָמיטעט, אַז ער „איז געקומענ צו דער איבערצייגונג, אַז מע דאַרפ פאַרענדיקנ, אויסדריקנדיק זיכ מיט די ווערטער פונ דעמ אווטאָר פונ דער בראָשור „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?“, דאָס ליקווידירנ דעמ פּעריאָד פונ קוסטאַרעריי, דעמ פּעריאָד פונ אָרטיקער צעברעקלטקייט, פונ אָרגאַניזאַציאָנעלנ כאַאָס אונ פּראָגראַממישמאַש“[2]. דער מאָסקווער קאָמיטעט האָט באַשלאָסנ אויסדריקנ דאַנקבאַרקייט דעמ אווטאָר פונ „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?“. דער טולער קאָמיטעט האָט מיטגעטיילט, אַז ערשט נאָכ דעמ, ווי עס איז דערשינענ לענינס בוכ, „האָבנ דער קאָמיטעט אונ די אמערסטנ באַוווּסטזיניקע אַרבעטער פאַרשטאַנענ די ווירקלעכע פּאָזיציע אונ דעמ ציל פונ דער „איסקראַ““. דער סיבירער פאַרבאַנד האָט געשריבנ: „לענינס בוכ „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?“ מאַכט א שטאַרקנ איינדרוק אָפּ די אַקטיווע סאָציאַל-דעמאָקראַטנ אונ אינ הינזיכט פונ אָרגאַניזאַציאָנעלע אונ טאַקטישע פראַגנ פאַרענדיקט ער דעמ זיג פונ די „איסקראַ“-אָנשויונגענ.“ די „איסקראַ“-אָרגאַניזאַציע האָט אינ איר באַריכט דעמ II צוזאַמענפאָר פונ דער רסדאפ אָפּנ פאָלגנדיקנ אויפנ כאַראַקטעריזירט דעמ איינפלוס פונ לענינס בוכ: „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?“ האָט א שטאַרקע ווירקונג אָפּ די רוסישע טוער, א גאַנצע ריי פערזאָנענ ווערנ, לויט זייער אייגענער אָנערקענונג, אָנהענגער פונ דער „איסקראַ“ אַדאַנק דער ווירקונג פונ דעמ דאָזיקנ בוכ“.

דער „עקאָנאָמיזמ“ איז אידייִש פולשטענדיק צעקלאַפּט געוואָרנ.

„די היסטאָרישע באַדייטונג פונ „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?“ באַשטייט דערינ, וואָס לענינ האָט אינ דעמ דאָזיקנ באַרימטנ בוכ זיינעמ:

1) דער ערשטער אינ דער געשיכטע פונעמ מאַרקסיסטישנ געדאַנק אַנטבלויזט ביז צו די וואָרצלענ די אידייִשע קוואַלנ פונעמ אָפּאָרטוניזמ אונ באַוויזנ, אַז זיי באַשטייענ פריער פאַר אַלצ אינ בוקנ זיכ פאַר דער סטיכישקייט פונ דער אַרבעטער-באַוועגונג אונ אינ פאַרמינערנ די ראָליע פונעמ סאָציאַליסטישנ באַוווּסטזיינ אינ דער אַרבעטער-באַוועגונג;

1 אַרכיוו פונ מאַרקס — ענגעלס — לענינ-אינסטיטוט.

2 „איסקראַ“ נומ. 26, 15 אָקטיאַבער 1902 י.

2) אופגעהויבנ אפ א הויכ נִיווֹאָ די באַדײַטונג פונ טעאָריע, פונ באַוווּסטזיניקײַט, פונ דער פּאַרטיי, אלס רעוואָליוציאָניזירנדיקע און אָנפירנדיקע קראפט פונ דער ספּיכישער ארבעטער-באַוועגונג;
3) גלענצנד באַגרינדעט די מארקסיסטישע גרונט-האנאָכע, וואָס זאָגט, אז די מארקסיסטישע פּאַרטיי איז די פאַרייניקונג פונ דער ארבעטער-באַוועגונג מיטנ סאָציאליזמ;
4) געניאל פאנאנדערגעארבעט די אידעאָלאָגישע יעסוידעס פונ דער מארקסיסטישער פּאַרטיי“[1].

מיט ליבע און אופמערקזאמקײַט, געדולדיק און אקשאָנעסדיק פלעגט לענינ אָפּקלײַבנ און אויסשמידנ די אָנפירנדיקע קאדרענ פונ דער פּאַרטיי, כוואַליעס און דערציִענ פּראָפעסיאָנעלע רעוואָליוציאָנערנ, וואָס האָבנ געווידמעט דער רעוואָליוציע זייער גאנצ לעבנ. ער האָט מיט אלע מעגלעכקײַטנ געזוענ זיכ צו דערשלאָגנ, אז אלע קרעפטנ, מיטלענ און אופמערקזאמקײַט פונ די איסקראָוועצעס זאָלנ זײַנ קאָנצענטרירט אפ דער „איסקרא“, ווי אפ אנ אלגעמיינ-פּאַרטייִשנ איניעג. לענינ האָט געלערנט די איסקראָוועצעס, קיינמאָל זיכ ניט אָפּזאָגנ פונ קליינע זאכנ אינ דער ארבעט, ווײַל פונ קליינע זאכנ ווערנ געבויט גרויסע זאכנ.

אָרגאניזירנ אינ רוסלאנד אינ די באַדינגונגענ פונ פּאָליציייִשנ רעזשימ די פאַרשפּרייטונג פונ דער „איסקרא“ איז געווענ זייער א קאָמפּליצירטער און שווערער איניעג. מיטנ אריבערשיקנ די צײַטונג איבער דער גרענעצ און מיטנ פאַרשפּרייטנ זי אינ רוסלאנד גופע האָבנ זיכ פאַרנומענ געניטע און מעסירעסנעפעשדיקע אגענטנ, וואָס אינ פאל פונ א דורכפאל האָבנ זיי ריזיקירט פאַרשיקט צו ווערנ, פאַרשפּאַרט ווערנ אינ טורמע אָדער גיינ אפ קאטאָרגע. זייער טעטיקײַט האָט זיכ ניט באַגרענעצט בלויז מיט פאַרשפּרייטנ די צײַטונג. זי האָט אויכ געהאט דעמ ציל צו באַהעפטנ די אָרטיקע קאָמיטעטנ ארומ דער „איסקרא“.

לענינ האָט געהאלטנ, אז די ארבעט פונ די „איסקרא“-אגענטנ האָט א קאָלאָסאלע באַדײַטונג, ער האָט קעסיידער געריכטעט און אָרגאניזירט זייער טעטיקײַט. ער האָט אומיטלבאר אָנגעפירט מיטנ שאפנ די „איסקרא“-אָרגאניזאציע אינ רוסלאנד.

די גאנצע קאָרעספּאָנדענצ פונ דער „איסקרא“ מיט די אגענטנ און אָרגאניזאציעס אינ רוסלאנד האָט זיכ געפונענ בא לענינענ אינ די הענט. אינ אָט דעמ איניעג האָט אימ אקטיוו מיטגעהאָלפנ נ. ק. קרופּסקאיא, וואָס איז פרילינג 1901 יאָר געקומענ צו פאָרנ קיינ אויסלאנד און איז געוואָרנ דער סעקרעטאר פונ דער „איסקרא“-רעדאקציע. „מיר האָבנ געוווּסט זייער גענוי, — דערציילט קרופּסקאיא, — ווער פונ די „איסקרא“-אגענטנ וואָס עס טוט, און פלעגנ באַהאנדלענ מיט זיי זייער גאנצע ארבעט; ווענ צווישנ זיי פלעגנ צעריסנ ווערנ די פאַר-

[1] „געשיכטע פונ דער אלקפּ(ב), קורצער קורס“, ז. 46, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, 1940 י.

בינדונגענ, — פלעגנ מיר זיי פארבינדנ צווישנ זיכ, פלעגנ מיטיילנ וועגנ די דורכפאלנ אאזו.“ [1].

לענינ האָט קאָרעספאָנדירט מיט דער פעטערבורגער, מאָסקווער, באקוער, סאמארער, כארקאָווער, ניזשני-נאָווגאָראָדער, אָדעסער, קיִעווער, אָרעכאָוואָ-זויעווער און א ריי אנדערע אָרגאניזאציעס.

שוינ אינ דעמ דאָזיקנ פעריאָד ווערט איינגעשטעלט א בעסטע פארבינדונג צווישנ לענינענ און דער טראנסקאווקאזער „איסקרא“-אָרגאניזאציע, וואָס געשאפנ האָט זי כאווער סטאלינ. פונ סאמע אָנהייב אָנ, ווי עס האָט אָנגעהויבנ דערשיינענ די לענינישע „איסקרא“, האָט זיכ סטאלינ פולשטענדיק געשטעלט אפ אירע פאָזיציעס, זעענדיק אינ לענינענ דעמ פירער און גרינדער פונ דער פארטיי.

„די באקאנטשאפט מיט לענינס רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט, — זאָגט כאווער סטאלינ, — פונעמ סאָפ 90-ער יאָרנ אָנ און באזונדערס נאָכנ 1901 יאָר, נאָכנ ארויסגעבנ די „איסקרא“, האָט מיכ געבראכט צו דער איבערצייגונג, אז אינ לענינס פערזאָנ האָבנ מיר א מענטשנ אנ אויסערגעוויינלעכנ. בא מיר אינ די אויגנ איז ער ניט געווענ דאנ א פשוטער אָנפירער פונ דער פארטיי, ער איז געווענ איר פאקטישער באשאפער, ווייל ער איינער האָט פארשטאנענ דעמ אינערלעכנ מעהוס און די דרינגענדיקע באדערפענישנ פונ אונדזער פארטיי. ווענ איכ פלעג אימ פארגלייכנ מיט די איבעריקע אָנפירער פונ אונדזער פארטיי, פלעגט זיכ מיר די גאנצע צייט דוכטנ, אז די מיטקעמפער לענינס — פלעכאנאָוו, מארטאָוו, אקסעלראָד און אנדערע — שטייענ מיט א גאנצנ קאָפ נידעריקער פונ לענינענ, אז לענינ איז אינ פארגלייכ מיט זיי ניט פשוט איינער פונ די אָנפירער, נאָר א אָנפירער פונ א העכערנ טיפ, א בארג-אָדלער, וואָס ווייסט ניט פונ קיינ שרעק אינ קאמפ און וואָס פירט די פארטיי דרייסט פאָרויס איבער די ניט-אויסגעפאָרשטע וועגנ פונ דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג“ [2].

כאווער סטאלינ האָט זיכ מיט ברענ גענומענ צו פארווירקלעכנ די אויפגאבנ, וואָס די „איסקרא“ האָט געשטעלט פאר די רוסישע מארקסיסטנ. אונטער זיינ אָנפירונג און דער אָנפירונג פונעמ כאווער קעצכאָוועלי איז אינ דער באקוער אומלעגאלער טיפאָגראפיע אָרגאניזירט געוואָרנ דאָס דרוקנ א טייל „איסקרא“-נומערנ פונ מאטריצנ, וועלכע פלעגנ אומלעגאל צוגעשטעלט ווערנ פונ אויסלאנד. דער בעסטער אָרגאנ פונ די איסקראָוועצעס אינ רוסלאנד איז געווענ די צייטונג „ברדזאָלא“ („קאמפ“), געשאפנ אינ באקו לויט דער איניציאטיוו פונ די כאוויירימ סטאלינ און קעצכאָוועלי. „ברדזאָלא“ האָט דורכגעפירט א קאָלאָסאלע ארבעט אינ פראָט פונ צעשמעטערנ די טראנסקאווקאזער „עקאָנאָמיסטנ“ און נאציאָנאליסטנ, פונ פראָפאגאנדירנ די מארקסיסטישע רעוואָליוציאָנערע טעאָריע, פונ באהעפטנ די טראנסקאווקאזער מארקסיסטנ ארומ לענינענ און דער לענינישער „איסקרא“.

1 נ. ק. קרופסקאיא. דערינערונגענ וועגנ לענינענ, ז. 59—60.

2 י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 25—26. מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, 1944 י.

לענינ האָט אָפּגעגעבנ פיל קויכעס אפ צו זיכערנ א באַשטענדיקע און רעגולערע פארבינדונג מיט די רוס'שע אָרגאניזאציעס, האָט אופמערקזאם נאָכגעשפירט נאָכ יעדנ טראָט אינ דער טעטיקייט פונ די איסקראָוועס. ער פלעגט אָפּט ניט שלאָפנ קיינ נעכט, ווענ ער פלעגט באקומענ יעדיעס וועגנ דעם, אז דער אָדער יענער טוער איז ארעסטירט געוואָרנ, אז א קאָמיטעט אָדער א טראנספּאָרט ליטעראטור זיינענ דורכגעפאלנ, אז די מיט אזויפיל מי איינגעשטעלטע פארבינדינג מיט א וועלכער-ניט-איז אָרגאניזאציע האָט זיכ איבערגעריסנ. אופמערקזאם פלעגט לענינ שמועסנ מיט די כאווייריס, וואָס פלעגנ קומענ צו פאָרנ קיינ אויסלאנד; ווי קיינער ניט, האָט ער געקענט, אויספרעגנדיק זיינע מיטשמועסער, אויסקלאָרנ די לאגע אפ די ערטער, דעם ווירקלעכנ צושטאנד פונ דער ארבעט פונ דער אָרטיקער אָרגאניזאציע.

לענינ האָט אָנגעפירט מיט דער גאנצער טעטיקייט פונ די איסקראָוועס, מיט יעדנ שריט פונ זייער קאמפ קעגנ די „עקאָנאָמיסטנ“. באזונדערס פיל אכט האָט ער אָפּגעגעבנ דעם קאמפ פונ די איסקראָוועס אינ פעטערבורג און אינ מאָסקווע: קיינ פעטערבורג, וווּ עס האָבנ זיכ סאָפּ 1902 יאָר אקטיוויזירט די „עקאָנאָמיסטנ“, האָט ער געשיקט דעם אָנגעזעענעמ פארטיי-טוער אי. באבושקינ, קיינ מאָסקווע — איינעמ פונ די הויפט-אגענטנ פונ דער „איסקרא“ — נ. באומאנ.

לענינס בריוו זיינענ א מוסטער פונ קאָנקרעטער אָנפירונג. דער באוווּסטער „בריוו צו א כאווער וועגנ אונדזערע אָרגאניזאציאָנעלע אופגאבנ“ (1902 יאָר), געשיקט צו דער פעטערבורגער אָרגאניזאציע, איז ארויסגעגעבנ און ברייט פארשפרייט געוואָרנ צווישנ די סאָציאל-דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס, איז געווענ א פראקטישע פראָגראמ פונ איבערבויענ די גאנצע פארטיי-ארבעט אפ איסקרישע יעסוידעס. דער דאָזיקער בריוו איז אינ טאָכ גענומענ געווענ אנ עסקיז פונ א סטאטוט פונ דער פארטיי. אינ דעם בריוו האָט לענינ גערופנ צו פארוואנדלענ יעדנ זאוואָד אינ א פעסטונג פונ דער ארבעטער-פארטיי.

לענינס אייצעס, אָנווייזונגענ, דירעקטיווג האָבנ זיכ באזירט אפ דעם, וואָס ער פלעגט זיכ ביז גאָר אופמערקזאם באקענענ מיט דער לאגע אפ די ערטער, האָט טיפ געקענט די פארטיי-קאדרעס. לענינ איז געווענ געצוווּנגענ צו לעבנ אינ עמיגראציע, קיינער האָט אָבער ניט געוווּסט אזוי גוט די לאגע אינ רוסלאנד, אינעמ ארבעטער-קלאס, אינ דער פארטיי, ווי ער.

„זייער ווייניקע פונ די, וואָס פלעגנ פארבלייבנ אינ רוסלאנד, — דערמאָנט זיכ כאווער סטאלינ, — זיינענ געווענ אזוי ענג פארבונדנ מיט דער רוסישער ווירקלעכקייט, מיט דער ארבעטער-באוועגונג אינעווייניק אינ לאנד, ווי לענינ, כאָטש ער האָט זיכ אפילע געפונענ לאנג אינ אויסלאנד. שטענדיק, ווענ איכ פלעג צו אימ קומענ צו פאָרנ קיינ אויסלאנד, — אינ די יאָרנ 1907, 1908, 1912, פלעג איכ בא אימ זענ בערג בריוו פונ פראקטיקער פונ רוסלאנד, און שטענדיק פלעגט לענינ וויסנ מער, ווי יענע, וואָס פלעגנ פארבלייבנ אינ רוסלאנד“[1].

---

[1] י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 45. מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, 1944 י.

לענינען איז אָבער ניט גרינג געווען צו לעבנ אינ עמיגראַציע, אָפּגעריסנ פונ דירעקטנ פאַרקער מיטנ אַרבעטער-קלאַס, מיט די פאָלקס-מאַסנ. „זײַנ געפינענ זיכ אינ אויסלאַנד האָט ער שטענדיק געהאַלטנ פאַר אַ יאָכ אויפ זיכ"[1], — האָט געזאָגט כאַווער סטאַלינ. לענינ האָט געזוכט זיכ צו דערשלאָגנ אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט די אַרבעטער, ער פלעגט באַשטײַנ דערויפ, די אַרבעטער אַלײנ זאָלנ שרײַבנ וועגנ זיכ, וועגנ זייער לעבנ, וועגנ די פּאַרטיי-איניאָנים, פלעגט בעטנ מיטיילנ די מיינונגענ פונ די אַרבעטער וועגנ זײַנע ווערק. אינעם בריוו צום מאָסקווער קאָמיטעט, וועלכער האָט אויסגעדריקט זײַנ סאָלידאַרקײַט מיטנ אַוטאָר פונ „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?", האָט לענינ געשריבנ:

„פאַר אַנ אומלעגאַלנ שרײַבער האָט עס נאָכ אַ באַזונדער ווערט, ווײַל אימ קומט אויס צו אַרבעטנ אינ באַדינגונגענ פונ ניט-געווייינלעכער אָפּגעפרעמדטקײַט בענעגייע דעמ לייענער. יעטווידער מיינונגס-אויסטויש, יעטווידע מיטיילונג וועגנ דעמ אײַנדרוק, וועלכנ עס מאַכט דער אָדער יענער אַרטיקל, די אָדער יענע בראָשור אויפ פאַרשיידענע שיכטנ לייענער, האָט פאַר אונדז אַ באַזונדערס וויכטיקע באַדײַטונג, און מיר וועלנ זײַנ זייער דאַנקבאַר, אויב מע וועט אונדז שרײַבנ ניט בלויז וועגנ די איניאָנים אינ ענגנ זינ פונ וואָרט, ניט בלויז אויפ צו דרוקנ, נאָר אויכ צוליב דעמ, אַז דער שרײַבער זאָל זיכ ניט פילנ אָפּגעריסנ פונעמ לייענער"[2].

אָנגעהאַלבנ יאָר האָט לענינ פאַרבראַכט אינ מינכענ. פאַר אַלע דרײַ יאָר עקזיסטענצ פונ דער „איסקראַ" איז דאָס געווענ דער רעכטער פערזאָנ אינ לענינס ליטעראַרישער טעטיקײַט. דאָ האָט ער אָנגעשריבנ דעמ גרעסטנ טייל אַרטיקלענ פאַר דער „איסקראַ", אַזוינע אַרבעטנ, ווי „די פאַרפאָלגער פונ דער זעמסטווע און די האַניבאַלנ פונעמ ליבעראַליזמ", „די אַגראַר-פראַגע און די „קריטיקער" פונ מאַרקסנ", „די אַגראַר-פּראָגראַמ פונ דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע". דאָ איז אָפּגעטאָנ געוואָרנ אַ גרויסע אַרבעט איבער דער פּאַרטיי-פּראָגראַמ, איז געשאַפנ געוואָרנ דער היסטאָרישער בוכ „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?".

אינ אָט דער צײַט האָט וולאַדימיר איליטש צומ ערשטנ מאָל אָנגעהויבנ אונטערשרײַבנ אייניקע פונ זײַנע אַרבעטנ מיטנ נאָמענ ל ע נ י נ. אונטער אָט דעמ נאָמענ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרנ אינ דעצעמבער 1901 יאָר אינעמ זשורנאַל „זאַריאַ" דער אָנהייב פונעמ אַרטיקל „די אַגראַר-פראַגע און די „קריטיקער" פונ מאַרקסנ", און פרילינג 1902 יאָר דער בוכ „וואָס דאַרפ מענ טאָנ?". דער נאָמענ לענינ איז געוואָרנ די פאָנ פונ קאַמפ פאַר דער באַפרײַונג פונ דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטשהײַט.

צומ אָנהייב 1902 יאָר האָבנ כײַ די דײַטשישע, סײַ די צאַרישע פּאָליציייִשע שפיר-הינט דערשמעקט די „איסקראַ". ווײַטער פאַרבלײַבנ אינ דײַטשלאַנד איז געוואָרנ אומעגלעכ.

1 י. סטאַלינ. וועגנ לענינענ, ז. 45. מ„לוכע־פאַרלאַג „דער עמעס", 1944 י.

2 לענינ. ווערק, ב. V, ז. 167.

מע האָט געדארפט באשליסנ וווהינ אריבערצוטראָגנ די „איסקרא“. פלעכאנאָוו אונ אקסעלראָד זײנענ געווענ פאר זשענעווע, לענינ — פאר לאָנדאָנ. די לאגע אינווייניק אינ דער רעדאקציע איז געוואָרנ אלצ אָנגעשטרענגטער.

לענינענ איז קימאט די גאנצע צײט אויסגעקומענ צו פירנ א קאמפ קעגנ די אָפּאָרטוניסטישע וואקלונגענ אינווייניק אינ דער רעדאקציע גופע פונ דער „איסקרא“. די צוזאמענשטויסנ צווישנ לענינענ אונ פלעכאנאָוונ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ נאָכ אינ דעמ מאָמענט, ווענ די „איסקרא“ האָט געהאלטנ אינ אָרגאניזירנ זיכ. אינ צוזאמענהאנג מיט לענינס ארטיקל „די פארפאָלגער פונ דער זעמסטווע אונ די האניבאלנ פונעמ ליבעראליזמ“ האָבנ זיכ זומער 1901 יאָר ווידער אנטפלעקט (פונקט ווי אינ 1895 יאָר, ביים לענינס געסיע קיינ אויסלאנד) ערנסטע מיינונגס=פארשיידנהײטנ אינ איינער פונ די גרונטיקע טאקטיק=פראגנ — וועגנ דער באציונג צו דער ליבעראלער בורזשואזיע. אינ דעמ דאָזיקנ ארטיקל איז לענינ ענערגיש ארויסגעטראָטנ קעגנ די ליבעראלנ, האָט קריטיקירט זייער פאָליטישע צעקראָכנקײט אונ פאכדאָנעס. פלעכאנאָוו, אונטערשטיצט פונ די אנדערע מיטגלידער פונ דער גרופע „באפרײונג פונ דער ארבעט“, איז ארויסגעטראָטנ קעגנ דער דאָזיקער אָפּשאצונג פונ די ליבעראלנ, פאָרלייגנדיק „ניט רייצנ איצט“ דעמ ליבעראליזמ.

אינ דעקאבער 1901 יאָר האָט זיכ לענינס ארטיקל באוויזנ אינ זשורנאל „זאריא“. אונ אינ יאנואר 1902 יאָר האָבנ זיכ אָנגעהויבנ נאָכ גרעסערע מיינונגס=פארשיידנהײטנ איבער די פראגנ פונ דער פארטיי=פראָגראמ.

לענינ האָט דער ערשטער אוועקגעשטעלט אינווייניק אינ דער רעדאקציע „איסקרא“ די פראגע וועגנ דער פארטיי=פראָגראמ. נאָכ אינ יול 1901 יאָר האָט ער געשריבנ צו אקסעלראָדנ:

„פונ רוסלאנד האָט מענ אונדז געשריבנ, אז מע שמועסט אלצ מער אונ מער וועגנ א צוזאמענפאָר. דאָס צווינגט אונדז ווידער אונ ווידעראמאָל א טראכט צו טאָנ וועגנ דער פראָגראמ. פארעפנטלעכנ דעמ פראָיעקט פונ דער פראָגראמ איז א ו י ס ע ר ס ט נייטיק, אונ דאָס וואָלט געהאט א קאָלאָסאלע באדײטונג“[1].

נאָכ אינעמ פעטערבורגער „פארבאנד פונ קאמפ“, אינ טורמע אונ פארשיקונג האָט לענינ געארבעט איבערנ צונויפשטעלנ די פארטיי=פראָגראמ. די אנטשיידנדיקע ארטיקלענ, די פראָגראמ=ארטיקלענ אינ „איסקרא“ האָט אָנגעשריבנ לענינ. לענינס ארבעטנ זײנענ געווענ דער גרונט, דער פעסטער פונדאמענט אפ אויסצוארבעטנ די פארטיי=פראָגראמ. פארנומענ אָבער ביז איבערנ האלדז מיט אָרגאניזאציאָנעלע איניאָנימ אונ מיטנ רעדאגירנ די „איסקרא“, האָט זיכ לענינ ניט געקאָנט אליינ נעמענ צומ צונויפשטעלנ די פראָגראמ. דעמ פראָיעקט אירנ האָט פאנאנדערגעארבעט פלעכאנאָוו.

[1] לענינ, ווערק, ב. XXVIII, ז. 238.

לענינ האָט שארפ קריטיקירט דעם דאָזיקנ פּראָיעקט. לענינס גרונט־באמערקונגענ זײַנענ באשטאנענ אָט אינ וואָס: דאָס איז א לערנבוכ וועגנ קאפּיטאליזמ ביכלאל, אונ ניט קיינ פּראָגראמ פונ דערקלערנ א מילכאָמע דעמ רוסישנ קאפּיטאליזמ; אויסערסט אומקלאָר, צעפלאָסנ ווערט געגעבנ די כאראקטעריסטיק פונ דעמ פאקט, וואָס די גרויס־קאפּיטאליסטישע פּראָדוקציע שטויסט ארויס אונ רוינירט די מיליאָניקע מאסנ קליינ־פּראָדוצירער; עס איז ניטאָ די וויכטיקסטע אידיי, די גרונט־אידיי פונ מארקסיזמ — וועגנ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט; עס זײַנענ ניט נאָר ניט אונטערגעשטראָכנ די אָנפירנדיקע ראָליע פונעמ ארבעטער־קלאס אונ דער פּראָלעטארישער כאראקטער פונ דער פּארטיי, נאָר פארקערט, דער ארבעטער־קלאס ווערט צעפלאָסנ אינ דער אלגעמיינער מאסע ארבעטנדיקע. אינ זײַנ „רעצענזיע וועגנ פּלעכאנאָווס צווייטנ פּראָיעקט“ האָט לענינ געשריבנ, אז בא פּלעכאנאָוונ האָט דאָס „אָרט פונ דער „דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט“ פארנומענ די „רעוואָליוציע, וואָס מאכנ זי שטיינ פאָר דעמ פּראָלעטאריאט, געשטיצט דורכ אנדערע שיכטנ פונ דער באפעלקערונג, וועלכע לײַדט פונ דער קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע“, אונ אפילע אָנשטאָט קלאסנקאמפ פונעמ פּראָלעטאריאט איז אוועקגעשטעלט דער „קאמפ פונ דער ארבעטנדיקער אונ עקספּלואטירטער מאסע“““[1].

די ערנסטע מיינונגס־פארשיידנהײַטנ, וואָס זײַנענ אנטשטאנענ באמ אויסארבעטנ דעמ פּראָיעקט אינווייניק אינ דער רעדאקציע „איסקרא“, האָבנ שיר ניט געבראכט צו א פולשטענדיקנ איבעררײַס צווישנ לענינענ אונ פּלעכאנאָוונ. לענינ האָט זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז אינעמ פּראָיעקט פונ דער פּראָגראמ איז ארײַנגעטראָגנ געוואָרנ דער וויכטיקסטער פּונקט — וועגנ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אונ עס איז דײַטלעכ אָנגעוויזנ געוואָרנ אפ דער אָנפירנדיקער ראָליע פונעמ ארבעטער־קלאס אינ דער רעוואָליוציע. לענינ איז באשטאנענ דערויפ, אז אינעמ פּראָיעקט זאָל פּינקטלעכ פאָרמולירט ווערנ די אוואנגארד־ראָליע, די אָנפירנדיקע ראָליע פונ דער פּארטיי אינ דער ארבעטער־באוועגונג. אדאנק לענינענ איז די איסקרישע פּראָגראמ געוועזנ א רעוואָליוציאָנערע פּראָגראמ פונ דער פּארטיי פונעמ ארבעטער־קלאס, וועלכע האָט זיכ שארפ אונטערשיידט פונ די האלב־אָפּאָרטוניסטישע פּראָגראמענ פונ די פּארטייענ פונ II אינטערנאציאָנאל.

אינ ברענ פונ די שטרײַטנ וועגנ דער פּארטיי־פּראָגראמ איז באשלאָסנ געוואָרנ די פּראגע וועגנ אריבערפאָרנ קיינ לאָנדאָנ. אָנהייב אפּרעל 1902 יאָר האָט זיכ די רעדאקציע פארזאמלט אינ ציריכ, קעדיי ענדגילטיק צו באהאנדלענ דעמ פּראָגראמ־פּראָיעקט. לענינ האָט ניט גענומענ קיינ אָנטייל אינ אָט דער באראטונג. דעמ 30 מארט 1902 יאָר איז ער ארויסגעפאָרנ פונ מינכענ קיינ לאָנדאָנ.

לענינ האָט אופמערקזאמ דערלערנט לאָנדאָנ, — די דאָזיקע ציטאדעל פונ דעמ הײַנטצײַטיקנ קאפּיטאליזמ. ער באקענט זיכ מיט דער ענגלישער ארבעטער־באוועגונג, דערלערנט דאָס לעבנ פונעמ ארבעטער,

1 לענינ. ווערק, ב. V, ז. 36.

זײַנ שטייגער, זײַנ פּסיכאָלאָגיע, באַזוכט די אַרבעטער=ראַיאָנענ, פאַרזאַמלונגענ, מיטינגענ. גאַנצע טעג פלעגט ער אָפּזיצנ אינ בריטישנ מוזיי, וווּ עס האָט זײַנערצײַט געאַרבעט אויכ מאַרקס, שאַפנדיק זײַנ געניאַל ווערק — דעמ „קאַפּיטאַל“.

דער קאַמפ אינוווייניק אינ דער רעדאַקציע „איסקראַ“ האָט אינ די ערשטע כאַדאָשימ פונעמ לאָנדאָנער לעבנ באַקומענ נאָכ א מער שאַרפנ כאַראַקטער, ער האָט צוגענומענ בא לענינענ א סאַכ קויכעס אונ צײַט. דאָס מאָל האָט זיכ שוינ געהאַנדלט ניט וועגנ פּלעכאַנאָווס פּראָגראַמ=פּראָיעקט, נאָר וועגנ לענינס אַרטיקל „די אַגראַר=פּראָגראַמ פונ דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע“.

אַרויסגייענדיק פונ מאַרקס' אונ ענגעלסעס אָנווײַזונגענ, האָט לענינ, דער ערשטער צווישנ די מאַרקסיסטנ, פאַנאַנדערגעאַרבעט אונ באַגרינדעט די פּאָליטיק פונעמ פּראָלעטאַריאַט בענעגייע דעמ פּויערטומ. נאָכ אינ די 90=ער יאָרנ האָט לענינ צומ ערשטנ מאָל אַרויסגערוקט די אידיי וועגנ רעוואָליוציאָנערנ בונד פונ די אַרבעטער אונ פּויערימ אַלס הויפּט=מיטל אַראָפּצוּוואַרפנ דעמ צאַריזמ, די פּריצימ, די בורזשואַזיע. אויכ איצט, אינ אויסלאַנד, האָט ער אָפּגעגעבנ פיל אַכט דער פאַנאַנדערגעאַרבעטונג פונ די טעאָרעטישע אָנשויונגענ אונ דער פּראַקטישער פּאָליטיק פונ דער פּאַרטיי אינ דער פּויערימ=פראַגע. מיט דער פאַר אימ כאַראַקטעריסטישער זאָרגפעליקייט אונ געוויסנהאַפטיקייט האָט ער אויפמערקזאַמ שטודירט אַלצ דאָס וויפל=ניט=איז באַדײַטנדיקע אינ דער וועלט=ליטעראַטור איבער דער אַגראַר=פראַגע.

לענינ איז געווענ דער אויטאָר פונ דער אַגראַר=פּראָגראַמ פונ דער „איסקראַ“. אינ אַפּרעל 1901 יאָר האָט זיכ אינ דער „איסקראַ“ באַוויזנ זײַנ אַרטיקל „די אַרבעטער=פּאַרטיי אונ דאָס פּויערטומ“. דער אויסגאַנג=פּונקט פונ דעמ דאָזיקנ אַרטיקל איז — דער פּראָלעטאַריאַט דאַרפ אַרויסטרעטנ אַלס אַוואַנגאַרד=קעמפער פאַר דער פרײַהײַט, ער דאַרפ צוציִענ אויפ זײַנ זײַט דאָס פּויערטומ. אינ דאָרפ קומענ פאָר צוויי סאָציאַלע מילכאָמעס: איינע צווישנ די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער אונ דער לאַנדווירטשאַפטלעכער בורזשואַזיע, די צווייטע — צווישנ דעמ גאַנצנ פּויערטומ אונ דעמ פּריצימ=שטאַנד. מע דאַרפ פאַנאַנדערפלאַקערנ אינ דאָרפ דעמ קלאַסנקאַמפ, אויפהייבנ דאָס פּויערטומ קעגנ די רעשטלעכ לײַבייגנטומ. צוליב דעמ טאַקע דאַרפנ אַרויסגעשטעלט ווערנ די פאָדערונגענ צו אָרגאַניזירנ פּויערימ=קאָמיטעטנ אונ אומקערנ די פּויערימ די ערד, וועלכע די פּריצימ האָבנ בא זיי צוגענומענ, — די „אָפּשניטנ“ („אָטרעזקי“). די דאָזיקע אידייענ לענינס זײַנענ געלייגט געוואָרנ אינ גרונט פונעמ אַגראַרנ טייל פונעמ איסקרישנ פּראָגראַמ=פּראָיעקט.

לענינ האָט געהאַלטנ, אַז די פּראָפּאַגאַנדע פונ דער מאַרקסיסטישער פּראָגראַמ צווישנ די פּויערימ=מאַסנ האָט א באַזונדערס גרויסע באַדײַטונג. פרילינג 1903 יאָר האָט ער אָנגעשריבנ די בראָשור „צו דער דאָרפישער אָרעמשאַפט“, אינ וועלכער ער האָט די ברייטסטע אונ ווייניק באַוווּסטזיניקע שיכטנ פונעמ פּויערטומ מײַסטערהאַפט דערקלערט די פּאַרטיי=פּראָגראַמ.

גראָד אינ צוזאמענהאנג מיט לענינס באגרינדנ די אגראר=פראָגראמ האָט זיכ צעפלאקערט א שארפע פאָלעמיק אינעווייניק אינ דער רעדאקציע „איסקרא“. אינ מארט 1902 יאָר האָט לענינ פארענדיקט דעמ ארטיקל „די אגראר=פראָגראמ פונ דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראטיע“. דער דאָזיקער ארטיקל איז א קלאסישער קאָמענטאר צו דער אגראר=פראָגראמ פונ דער פארטיי, א גלענצנדיקע באגרינדונג פונ דער באָלשעוויסטישער פאָליטיק בנוגע דעמ פויערטומ. לענינ האָט אינ איר אָנגעוויזנ, אז אויב די פויערימ=רעוואָלוציע וועט זיכ פאנאנדערוואקסנ, דארפ מענ זיכ ניט באגרענעצנ מיט דער פאָדערונג צוריק אומצוקערנ די פויערימ די „אָפשניטנ“, נאָר עס וועט נייטיק זײַנ אָפצונעמענ בא די פריצימ די גאנצע ערד אונ ארויסשטעלנ דעמ לאָזונג — נאציאָנאליזירנ די גאנצע ערד.

קעגנ דעמ דאָזיקנ ארטיקל, אונ באזונדערס קעגנ לענינישנ לאָזונג פונ נאציאָנאליזאציע, איז ארויסגעטראָטנ פלעכאנאָוו, אונטערשטיצט פונ די אנדערע מיטגלידער פונ דער גרופע „באפרײַונג פונ דער ארבעט“. דער צוזאמענשטויס צווישנ לענינענ מיט פלעכאנאָווג איז געווענ אזוי שארפ, אז עס האָט זיכ געדוכט — א שפאלטונג אינ דער רעדאקציע „איסקרא“ איז אומפארמײַדלעכ. צו קיינ אײַנרײַס אָבער איז נאָכ אויכ דעמאלט ניט דערגאנגענ.

אינ לאָנדאָנ איז לענינענ, באגלײַכ מיטנ רעדאגירנ די „איסקרא“, א סאכ צײַט אויסגעקומענ אָפצוגעבנ דירעקט אפ צוגרייטנ דעמ II פארטיי=צוזאמענפאָר. דאָס צוגרייטנ דעמ צוזאמענפאָר איז צוגעגאנגענ אינ באדינגונגענ פונ אָנגעשטרענגטנ אידעייִשנ קאמפ.

די פאָליטישע סיטואציע אינ רוסלאנד האָט זיכ דערווײַל פארשארפט. אלע קלאסנ האָבנ זיכ געגרייט צו דער זיכ דערנעענטערנדיקער רעוואָליוציע. אָנהייב 1902 יאָר האָט זיכ אויסגעבילדעט די קליינבירגערלעכע פארטיי עסערנ. דאָס זעלבע יאָר האָט זיכ אָרגאניזירט די בורזשואזע גרופע „אָסוואָבאָזשדעניִע“ („באפרײַונג“), דער קערנ פונ דער צוקינפטיקער הויפט=פארטיי פונ דער בורזשואזיע — פונ דער פארטיי קאדעטנ. די לענינישע „איסקרא“ האָט ענערגיש געבויט די פארטיי פונעמ ארבעטער=קלאס פונ רוסלאנד. זומער 1902 יאָר האָט לענינ געשריבנ, אז „דער קאמפ, וועלכער איז אינ דער ערשטער העלפט 90=ער יאָרנ פאָריקנ יאָרהונדערט געווענ א קאמפ צווישנ קליינע קרײַזלעכ רעוואָליוציאָנערער יוגנט, הייבט זיכ איצט פונדאָסנײַ אָנ אלס אנטשיידענער קאמפ פונ רײַפע פאָליטישע ריכטונגענ אונ ווירקלעכע פאָליטישע פארטייענ“[1]. די קלאסנ האָבנ געשמידט זייער אידייִש=פאָליטיש געווער פאר די קומענדיקע רעוואָליוציאָנערע שלאכטנ.

לענינס אָנגעשטרענגטע אונ אומדערמידלעכע טעטיקײַט אינ געביט פונ בויענ די פארטיי, דער אנטשיידענער אונ קאָנסעקווענטער קאמפ קעגנ די „עקאָנאָמיסטנ“ ברענגענ זייערע רעזולטאטנ. דער „עקאָנאָמיזמ“ איז אידייִש צעקלאפט. זומער 1902 יאָר ענדיקט זיכ דער פעריאָד פונ „צעפאָרנקײַט, צעפאלונג, וואקלונגענ“. אינ קאָמיטעט

[1] לענינ, ווערק, ב. V, ז. 165.

נאָכנ צווייטנ זאָגט זיכ ארויס פאר דער פּראָגראם, טאקטיק אונ אָרגאניזאציאָנעלנ פּלאנ פונ דער „איסקרא“ — איר זיג איז אָנ שומ צווייפל געזיכערט.

לענינ שטעלט די פראגע וועגנ דעמ, אז ס'איז רעכטצײַטיק אינ נייטיק צונויפרופנ א פארטיי־צוזאמענפאָר. מיט דער גרעסטער זאָרגפעליקײַט אונ פּאָרזיכטיקײַט האָט זיכ לענינ געגרייט צומ צוזאמענפאָר, וועלכער האָט געדארפט פארפעסטיקנ די רעזולטאטנ פונ דער קימאט דרײַיאָריקער טעטיקײַט פונ דער „איסקרא“, באקרוינענ איר זיג מיטנ שאפנ די פארטיי. די גאנצע ארבעט פונ דער רעדאקציע „איסקרא“ אינ פראט פונ צוגרייטנ דעמ II צוזאמענפאָר איז פּאקטיש געלעגנ אפ לענינענ. בא זײַנ דירעקטנ אָנפירנדיקנ אָנטייל איז געשאפנ געוואָרנ דער אָרגאניזאציאָנעלער קאָמיטעט אפ צונויפרופנ דעמ II צוזאמענפאָר. אינ זײַנע בריוו צו די אָרגאניזאציעס אונ אגענטנ פונ „איסקרא“ אינ רוסלאנד האָט לענינ געגרייט די איסקראָווצעס צו די שלאכטנ, וואָס זײַנענ פאָרגעשטאנענ אפנ צוזאמענפאָר, ער האָט אָנגעוויזנ אפ דער נייטיקײַט צו שיקנ אפנ צוזאמענפאָר מענטשנ זיכערע, דורכגעקאָנטראָלירטע, פעסטע.

אינ אפּרעל 1903 יאָר איז לענינ אריבערגעפאָרנ פונ לאָנדאָנ קיינ זשענעווע, וווּהינ עס איז אריבערגעטראָגנ געוואָרנ דאָס דרוקנ די „איסקרא“. אינ זשענעווע איז לענינ פארנ צוזאמענפאָר ארויסגעטראָטנ מיט צוויי ארטיקלענ: דער ערשטער — „אנ ענטפער אפ דער קריטיק פונ אונדזער פּראָגראמ־פּראָיעקט“ — איז געווענ געווידמעט דער פארטיידיקונג פונ דער איסקרישער אגראר־פּראָגראמ; דער צווייטער — „די נאציאָנאלע פראגע אינ אונדזער פּראָגראמ“ — האָט געגעבנ א באגרינדונג פונעמ פּראָגראמ־לאָזונג — רעכט פונ נאציעס אפ זעלבסטבאשטימונג. באגלײַכ מיטנ רעדאגירנ די „איסקרא“ איז לענינ געווענ אינגאנצנ פארנומענ מיטנ צוגרייטנ דעמ צוזאמענפאָר. אלע פראגנ, וואָס זײַנענ געווענ פארבונדנ מיטנ צוזאמענפאָר, האָט ער זאָרגפעליק דורכגעטראכט. לענינ האָט פאנאנדערגעארבעט דעמ פּראָיעקט פונ פארטיי־סטאטוט, האָט צוגעגרייט דעמ רעגלאמענט, דעמ טאָג־סײדער אונ די באשלוסנ אינ א ריי פראגנ, וואָס זײַנענ אָנגעמערקט געווענ צומ באהאנדלענ אפנ צוזאמענפאָר.

די דעלעגאטנ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ צונויפצופאָרנ קיינ זשענעווע מיט א כוידעש—צוויי פארנ צוזאמענפאָר. לענינ פלעגט אָפט אונ אומערקזאמ שמועסנ מיט זיי, איבעראשנדיק אלעמענ מיט זײַנ פּאָשעטקײַט אונ באשיידנקײַט. ער פלעגט זיכ דערקונדיקנ בא די דעלעגאטנ וועגנ דער לאגע אפ די ערטער, פלעגט צוזאמענ מיט זיי פאָרלויפיק באהאנדלענ א סאכ צוזאמענפאָר־פראגנ. נאָכ איידער דער צוזאמענפאָר האָט זיכ געעפנט, האָט לענינ געוווּסט די פּאָליטישע פּאָזיציע פונ יעטווידנ דעלעגאט, איז אימ קלאָר געווענ, ווי יעדער איינער פונ זיי וועט זיכ אופירנ אפנ צוזאמענפאָר.

דעמ 17 יול 1903 יאָר האָט זיכ געעפנט דער II צוזאמענפאָר פונ דער רסדאפּ. צוערשט זײַנענ די זיצונגענ זײַנע פאָרגעקומענ אינ בריסעל, דערנאָכ אָבער איז ער, איבער די פארפאָלגונגענ מיצאד דער

בעלגישער פּאָליציי, אריבערגעפאָרנ קיינ לאָנדאָנ. פונ דעמ ערשטנ טאָג אָנ האָט זיכ אפנ צוזאמענפאָר אָנגעהויבנ א פארביטערטער קאמפ צווישנ די רעוואָליוציאָנערע אונ אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ. הייסע שלאכטנ פלעגנ זיכ צעפלאקערנ בא יעדער מינדסטער געלעגנהייט.

לענינ האָט אוועקגעלייגט א סאכ קויכעס אפ צו זיכערנ דעמ זיג פונ דער איסקרישער ריכטונג. ער איז אויסגעוויילט געוואָרנ אינעמ ביוראָ פונעמ צוזאמענפאָר אונ איז געווענ א מיטגליד פונ די הויפט-קאָמיסיעס פונעמ צוזאמענפאָר: פונ דער פּראָגראמ-, סטאטוט- אונ מאנדאט-קאָמיסיע. לענינ האָט געפירט א גענויעמ טאָגבוכ פונ די זיצונגענ פונעמ צוזאמענפאָר, ער איז ארויסגעטראָטנ קימאט איבער אלע פראגנ פונעמ טאָג-סדר. אינגאנצנ האָט לענינ געהאט אפנ צוזאמענפאָר, וואָס האָט געדויערט איבער דרײַ וואָכנ, מער ווי הונדערט אונ צוואנציק ארויסטרעטונגענ, באמערקונגענ אונ רעפּליקעס.

לענינ אונ די פעסטע איסקראָוצעס, וואָס זײַנענ געגאנגענ מיט אימ, האָבנ פאנאנדערגעוויקלט אפנ צוזאמענפאָר אנ ענערגישנ קאמפ פארנ זיג פונ די אידייִשע, טאקטישע אונ אָרגאניזאציאָנעלע פּרינציפּנ פונ דער „איסקרא“, קעגנ די אָפּאָרטוניסטנ פונ אלערליי קאָלירנ אונ שאטירונגענ. לענינ האָט אנטשיידנ פארטיידיקט די פּארטיי-פּראָגראמ, די אידיי פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, די נייטיקייט אונטערצוהאלטנ די פאָדערונגענ פונ די פויערימ, דאָס רעכט פונ נאציעס אפ זעלבסטבאשטימונג. לענינ האָט דערלאנגט די אָפּאָרטוניסטנ א צעשמעטערנדיקנ קלאפּ, האָט פארטיידיקט די רעוואָליוציאָנערע איסקרישע פּראָגראמ אונ האָט זיכ דערשלאָגנ, אז דער צוזאמענפאָר זאָל זי באשטעטיקנ.

שארפ אונ אומקאָמפּראָמיסלעכ איז לענינ ארויסגעטראָטנ אפ צו פארטיידיקנ די רעוואָליוציאָנערע מארקסיסטישע פּארטיי. זײַנע ארויסטרעטונגענ זײַנענ געווענ געווענדט קעגנ די פּרווונ אָנשטאָט א מאָנאָליטער, שטרענג אָרגאניזירטער קאמפּס-פּארטיי צו שאפנ א פארשיידנ-פארביקע צעשוווּמענע פּארטיי, קעגנ דער טענדענצ צו שטעלנ די אינטערעסנ פונ אנ איינצלנעמ קרייִזל העכער פונ די אינטערעסנ פונ דער פּארטיי, קעגנ די פּרווונ צו צעטיילנ די ארבעטער אינ די פּארטיי-אָרגאניזאציעס לויטנ נאציאָנאלנ סימענ אונ אָפּצוזאָגנ זיכ פונ איינהייטלעכע טעריטאָריִעלע קלאסנ-אָרגאניזאציעס פונעמ ארבעטער-קלאס.

וואָס ווײַטער, אלץ מער איז אָנגעגליט געוואָרנ די אטמאָספער אפנ צוזאמענפאָר. אלץ שארפער האָט זיכ געלאָזט פילנ, אז אויכ צווישנ די איסקראָוצעס זײַנענ פאראנ וואקלדיקע עלעמענטנ, זומפּ-עלעמענטנ. דאָס האָט זיכ באזונדערס שטארק ארויסגעוויזנ באמ באהאנדלענ דעמ פּארטיי-סטאטוט, וועלכער האָט ארויסגערופנ פארביטערטע שטרײַטנ. די שארפסטע מיינונגס-פארשיידנהייטנ האָבנ זיכ פאנאנדערגעוויקלט איבער דער פאָרמולירונג פונעמ ערשטנ פּאראגראפ פונעמ סטאטוט — וועגנ מיטגלידערשאפט אינ דער פּארטיי.

די אָפּאָרטוניסטנ, די זומפּ-עלעמענטנ האָבנ זיכ געפילט ניט פייגל-דיק אינ דער דאָזיקער פארשארפטער סיטואציע. „איכ קאָנ ניט ניט

דערמאָנענ, — האָט געשריבנ לענינ אינעמ בוכ „א טראָט פאָרויס,
צוויי טריט צוריק“, — ...איינעמ א שמועס מײַנעמ אפנ צוזאמענפאָר
מיט איינעמ א דעלעגאט פונ „צענטער“. „ס'ארא שווערע אטמאָספער
עס הערשט בא אונדז אפנ צוזאמענפאָר!“ — האָט ער זיכ באקלאָגט
פאר מיר. — „אָט דער פארביטערטער קאמפ, אָט די אגיטאציע פונ
איינעמ קעגנ דעמ אנדערנ, אָט די שארפע פאָלעמיק, אָט די ניט=
כאווערישע באציִונג!..“ „ס'ארא אויסגעצייכנטע זאכ עס איז אונדזער
צוזאמענפאָר!“ — האָב איכ אימ געענטפערט. — „אנ אָפענער, פרײַער
קאמפ. די מיינונגענ זײַנענ ארויסגעזאָגט. די שאטירונגענ זײַנענ קלאָר
געוואָרנ. די גרופעס האָבנ זיכ אָנגעמערקט. די הענט זײַנענ אופגע=
הויבנ געוואָרנ. א באשלוס איז אָנגענומענ. אנ עטאפ איז דורכגעמאכט.
פאָרויס! — אָט דאָס פארשטײ איכ. אָט דאָס הייסט לעבנ. דאָס זײַ=
נענ ניט יענע אומענדלעכע, נודנע אינטעליגענטישע אמפערנישנ, וואָס
ענדיקנ זיי זיכ ניט דערפאר, ווײַל מענטשנ האָבנ געלייזט א
פראגע, נאָר פּאָשעט דערפאר, ווײַל מע איז פארמאטערט געוואָרנ
ריידנדיק...“ דער כאווער פונ „צענטער“ האָט געקוקט אפ מיר מיט
שטוינענדיקע אויגנ אונ געקוועטשט מיט די פלייצעס. מיר האָבנ גע=
רעדט אפ פארשיידענע שפראכנ“ [1].

דעמ פאָרטראָג וועגנ סטאטוט האָט געמאכט לענינ. אינ דעמ סטא=
טוט=פראָיעקט, וועלכנ ער האָט פאָרגעלייגט, האָבנ באקומענ א בוי=
לעטנ אויסדרוק די אָרגאניזאציאָנעלע פרינציפנ פונ א צענטראליזיר=
טער, דיסציפלינירטער קאמפס=פארטיי פונעמ פראָלעטאריאט. לענינס
פאָרמולירונג פונעמ ערשטנ סטאטוט=פאראגראפ האָט געזאָגט, אז א
מיטגליד פונ דער פארטיי קאָנ זײַנ יעדער איינער, ווער עס אָנערקענט
די פראָגראמ פונ דער פארטיי, שטיצט די פארטיי אינ מאטעריעלער
הינזיכט אונ איז א מיטגליד פונ איינער פונ אירע אָרגאניזאציעס.
לענינס פאָרמולירונג האָט גערעדט וועגנ דער פארטיי, ווי וועגנ אנ
אָרגאניזירט גאנצעס, האָט גאראנטירט דעמ אויסגעהאלטענעמ פראָ=
לעטארישנ כאראקטער פונ דער פארטיי אונ די אײַזערנע דיסציפלינ
אינ אירע רייענ. לענינס פאָרמולירונג איז געווענ אויסגערעכנט אפ
אופהייבנ די אקטיווקײַט, דיסציפלינירטקײַט אונ באוווסטזיניקײַט פונ
יעדנ פארטיי=מיטגליד, אפ אָפהיטנ די ריינקײַט פונ דער פארטיי אונ
פארשווערנ די ניט=פראָלעטארישע עלעמענטנ דעמ צוטריט צו איר.
„אונדזער אופגאבע, — האָט געזאָגט לענינ אפנ צוזאמענפאָר, — איז
אָפהיטנ די פעסטקײַט, אויסגעהאלטנקײַט, ריינקײַט פונ אונדזער פאר=
טיי. מיר דארפנ זיכ סטארענ אופהייבנ דעמ נאָמענ אונ די באדײַ=
טונג פונ א פארטיי=מיטגליד העכער, העכער אונ העכער“ [2].

לענינ האָט געוואָלט שאפנ אזא פארטיי, אזוי אָרגאניזירנ די אי=
נערלעכע אָרדענונג אינ איר, אז זי זאָל ניט זײַנ ענלעכ אפ די מײַ=

1 לעניג. ווערק, ב. VI, ז. 274—275. (וו. אי. לעניג. אויסגעווײלטע ווערק אינ צוויי בענדער, ב. I, ערשטער טייל, ז. 460, מעלוכע־פארלאג „דער עמעס“ 1941 י.)

2 לעניג. ווערק, ב. VI, ז. 33.

רעוו=אייראָפייִשע ארבעטער=פארטייענ, ווי עס האָבנ פרידלעכ געהויזט
רעוואָליוציאָנערנ אונ אָפּאָרטוניסטנ, ווי עס האָט זיכ אלצ מער אונ
מער צעבליט די אָפּאָרטוניסטישע פראקטיק. לענינס ערשטער סטאַ=
טוט=פאראגראפ איז מיט זײַנ שארפ געווענ געווענדט קעגנ די אָפּאָר=
טוניסטנ. געשטיצט פונ אקסעלראָדנ, זאסוליטש, טראָצקינ, פונ די ניט=
שטאנדהאפטיקע איסקראָווצעס, פונ דעמ גאנצנ אָפנ=אָפּאָרטוניסטישנ
טייל פונעמ צוזאמענפאָר, איז מארטאָוו ארויסגעטראָטנ קעגנ לענינס
ליניע. אָנערקענענ די פראָגראמ אונ מאטעריעל שטיצנ די פארטיי —
זײַנענ, לויט מארטאָווס פאָרמולירונג, נויטווענדיקע באדינגונגענ
פאר פארטיי=מיטגלידערשאפט; די דאָזיקע פאָרמולירונג האָט אָבער
ניט געהאלטנ פאר אָבליגאטאָריש דאָס אָנטיילנעמענ אינ איינער פונ
די פארטיי=אָרגאניזאציעס, זי האָט געהאלטנ פאר מעגלעכ, אז א פאר=
טיי=מיטגליד קאָנ זײַנ אפילע אזא, וואָס איז ניט קיינ מיטגליד פונ
איינער פונ די פארטיי=אָרגאניזאציעס. אָט אזוי אויסטײַטשנ פארטיי=
מיטגלידערשאפט האָט באטײַט, אז די פארטיי איז עפּעס צעשוווּמענס
אונ ניט=אויסגעפורעמטס, אז יעטווידער איינער קאָנ זיכ אליינ פארע=
כענענ אינ דער פארטיי אונ איז ניט מעכויעוו זיכ אונטערצוווארפנ
דער פארטיי=דיסציפלינ. די דאָזיקע פאָרמולירונג האָט ברייט געעפנט
די טירנ פונ דער פארטיי פאר ניט=שטאנדהאפטיקע ניט=פראָלעטארי=
שע עלעמענטנ. מיט אנ אומבאדײַטנדיקער מערהײַט האָבנ די אָפּאָר=
טוניסטנ דורכגעפירט מארטאָווס פאָרמולירונג.

די אָפּאָרטוניסטנ האָבנ טריומפירט. זיי האָט זיכ שוינ געכאָלעמט
דער פולשטענדיקער זיג אפנ צוזאמענפאָר. די געפאר האָט פארצענ=
פאכט לענינס קויכעס. קעגנ די אָפּאָרטוניסטנ „זײַנענ מיר געווענ גע=
צווונגענ, — האָט שפעטער, נאָכנ צוזאמענפאָר, אָנגעוויזנ לענינ, — אָנ=
צולאָדנ אונדזערע ביקסנ מיט א דאָפּלטער אָנלאָדונג“[1].

באזונדערס שארפ אונ אומבעשאָלעמדיק איז געווענ דער קאמפ אפ
די לעצטע זיצונגענ פונעמ צוזאמענפאָר, וואָס זײַנענ געווענ געווידמעט די וואלנ פונ די פארטיי=צענטערס. די פראגע וועגנ דעמ באַ=
שטאנד פונ די צענטראלע פארטיי=אינסטיטוציעס איז פונ סאמע אָנ=
הייב אָנ געשטאנענ אינ צענטער פונ לענינס אויפמערקזאמקײַט. לענינ
האָט געהאלטנ פאר אומבאדינגט נייטיק דורכצופירנ אינ צענטראל=
קאָמיטעט פעסטע אונ אויסגעהאלטענע רעוואָליוציאָנערנ.

די אָפּאָרטוניסטנ האָבנ אָנגעווענדט אבסאָליוט אומדערהערטע אונ
אומדערלאָזבארע מעטאָדנ פונ קאמפ. מארטאָווס רעדע איז געווענ פול
מיט רעכילעסדיקע אָנפאלנ אפ לענינענ. לענינס ענטפער=רעדע איז
איינע פונ זײַנע שטארקסטע רעדעס אפנ צוזאמענפאָר.

„מיכ שרעקנ לאכלוטנ ניט די שרעקלעכע ווערטער וועגנ „באלאַ=
גערונגס=צושטאנד אינ דער פארטיי“, וועגנ „אויסנאמ=געזעצנ קעגנ באַ=
זונדערע פערזאָנענ אונ גרופעס“ אדגל., — האָט געענטפערט לענינ. —
בענעגייע די ניט=שטאנדהאפטיקע אונ וואקלדיקע עלעמענטנ איז ניט

1 לענינ. ווערק, ב. VI, ז. 97.

נאָר מיר קאָנענ, מיר זײַנענ מעכויעוו צו שאַפנ א „באַלאַגערונג־צושטאַנד“, אונ אונדזער גאַנצער פּאַרטײ־סטאַטוט, דער גאַנצער צענטראַליזמ אונדזערער, וואָס איז פונ איצט אָנ באַשטעטיקט פונעמ צוזאַמענפאָר, איז ניט קײנ אַנדער זאַכ, ווי „באַלאַגערונג־צושטאַנד“ פאַר דעמ שלאַל קוואַלנ פונ פּאָליטישער צעשוועמעניקײַט. טאַקע קעגנ דער צעשוועמעניקײַט זײַנענ גײטיק ספּעציעלע געזעצנ, זאָל זײַנ אפילע אויסנאַמ־געזעצנ, אונ דער שריט, וועלכנ דער צוזאַמענפאָר האָט געמאַכט, האָט ריכטיק אָנגעמערקט די פּאָליטישע ריכטונג, האָבנדיק געשאַפנ א פעסטנ באַזיס פאַר א ז ו י נ ע געזעצנ אונ א ז ו י נ ע מאַסמיטלענ“ [1].

בלויז אַדאַנק דער אַנטשײדנקײַט אונ הויכער פּרינציפּיעלקײַט פונ לענינענ, וואָס האָט דעמאַסקירט אונ געקלאַפּט די אָפּאָרטוניסטנ, באַהעפט די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטנ, האָבנ סאָפּקאָלסאָפּ געזיגט די פעסטע איסקראָוועס, לענינס אָנהענגער. דער זיג האָט זיכ אויסגעדריקט דערינ, וואָס די מערהײַט פונעמ צוזאַמענפאָר איז בײַמ די וואַלנ פונ די פּאַרטײ־צענטערס געגאַנגענ מיט לענינענ. די רעדאַקציע פונעמ צענטראַל־אָרגאַנ אונ דער צענטראַל־קאָמיטעט זײַנענ אויסגעוויילט געוואָרנ לויט די באָלשעוויסטישע ליסטעס.

לענינס אָנהענגער, וואָס האָבנ באַקומענ די מערהײַט שטימענ בײַמ די וואַלנ, האָט מענ גענומענ רופנ באָלשעוויקעס (פונעמ רוסישנ וואָרט „באָלשינסטוואָ“ — מערהײַט). לענינס קעגנער, וואָס זײַנענ געבליבנ אינ דער מינדערהײַט, — מענשעוויקעס (פונעמ רוסישנ וואָרט „מענשינסטוואָ“ — מינדערהײַט).

נאָכנ צוזאַמענפאָר האָט זיכ דער קאַמפ אינעווייניק אינ דער פּאַרטײ נאָכ מער פאַרשאַרפט. די מענשעוויקעס האָבנ זיכ מיט אַלע קויכעס געסטאַרעט אָראָפּצורײַסנ די באַשלוסנ פונעמ II פּאַרטײ־צוזאַמענפאָר אונ צו פאַרכאַפּנ אינ זײערע הענט די פּאַרטײ־צענטערס. לענינענ איז געווענ אַבסאָלוט קלאָר, אַז דאָס אָרט פונ די אַלטע, שוינ צעקלאַפּטע אָפּאָרטוניסטנ, דאָס אָרט פונ די „עקאָנאָמיסטנ“ האָבנ אינ דער פּאַרטײ אָנגעהויבנ פאַרנעמענ נײַע אָפּאָרטוניסטנ — די מענשעוויקעס. ער האָט פאַרשטאַנענ, אַז עס שטײט נאָכ פאַר א פאַרביטערטער קאַמפ קעגנ זײ, אַז איצט דאַרפ מענ פאַרענדיקנ דאָס, וואָס עס האָט ניט געקאָנט טאָנ דער II צוזאַמענפאָר, — דעמאַסקירנ אונ איזאָלירנ די מענשעוויקעס.

א שווערע לאַגע האָט זיכ געשאַפנ נאָכנ II צוזאַמענפאָר אינ אויסלאַנד. לענינענ איז אויסגעקומענ צו האָבנ צו טאָנ ניט בלויז מיט די מענשעוויקעס, נאָר אויכ מיט קאָלערלײ שאָלעמ־מאַכערישע עלעמענטנ, וועלכע האָבנ קאַפּיטולירט פאַר דער צעיושעטער דעזאָרגאַניזאַטאָרישער טעטיקײַט פונ די מענשעוויקעס. צונויפגעשטופּעוועט א מערהײַט אינ דער „אויסלענדישער ליגע“ פונ די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ, זײַנענ די מענשעוויקעס (מאַרטאָוו, טראָצקי, אַקסעלראָד אאַ.)

[1] לענינ. ווערק, ב. VI, ז. 33.

אפנ II צוזאמענפאָר פונ דער ליגע (אָקטיאבער 1903 יאָר) ארויסגעטראָטנ קעגנ לענינענ מיט א ריי אומדערהערטע רעכילעסדיקע אָנפאלנ. זיי האָבנ פארוואנדלט די ליגע אינ א געצייג פונ זייערע אנטיפארטייִשע מאכינאציעס, האָבנ זיכ אָפגעזאָגט אונטערצוווארפנ די באשלוסנ פונעמ II צוזאמענפאָר. לענינ, די באָלשעוויקעס זיינענ אוועק פונעמ צוזאמענפאָר פונ דער ליגע. דער פאָרשטייער פונ צק האָט דערקלערט די ווייטערדיקע זיצונגענ פונעמ צוזאמענפאָר פאר ניט־געזעצלעכע.

צווישנ די באָלשעוויקעס אונ מענשעוויקעס האָט זיכ צעפלאקערט אנ אלצ מער פארביטערטער קאמפ. אינ אָט דעמ קאמפ האָט מענ געדארפט ביזנ סאָפ ארויסווייזנ פעסטקייט אונ אומקאָמפראָמיסלעכקייט. די דאָזיקע אייגנשאפטנ האָט אינ דער פולער מאָס פארמאָגט לענינ. עס האָט זיי אָבער ניט פארמאָגט דער צווייטער מיטגליד פונ דער רעדאקציע „איסקרא“ — פלעכאנאָוו, וועלכנ עס האָט געצויגנ צו די מענשעוויקעס די לאסט פונ זיינע פריִערדיקע אָפאָרטוניסטישע פעלערנ.

דעמ 18 אָקטיאבער אינאָוונט, דעמ טאָג, ווענ עס האָט זיכ פארענדיקט דער צוזאמענפאָר פונ דער ליגע, איז פאָרגעקומענ א שמועס פונ צוויי מיטגלידער פונ דער רעדאקציע „איסקרא“ — לענינ אונ פלעכאנאָוו, א שמועס, וואָס איז געווענ איינער פונ די איבערבראָכ־פונקטנ אינעמ קאמפ נאָכנ צוזאמענפאָר. פלעכאנאָוו, וועלכער איז אפנ II צוזאמענפאָר געגאנגענ צוזאמענ מיט לענינענ, האָט א קער געטאָנ צו די מענשעוויקעס; ער האָט דערקלערט, אז ער איז ניט בעקויעכ „צו שיסנ אינ אייגענע“, האָט ארויסגעשטעלט די פאָדערונג איינצושליסנ אינ באשטאנד פונ דער רעדאקציע „איסקרא“ אלע אלטע רעדאקטאָרנ — די מענשעוויקעס, וועלכע דער צוזאמענפאָר האָט געהאט אָפגעוואָרפנ, אינ קעגנפאל, האָט ער געדראָעט, וועט ער אוועקגיינ פונ דער „איסקרא“. לענינ האָט ניט געקאָנט מאסקימ זיינ מיט אזא גראָבנ ברעכנ דעמ ווילנ פונעמ צוזאמענפאָר, ער האָט ניט געקאָנט נעמענ אפ זיכ די אכרייעס פאר אזא פאלשנ גאנג. האָט ער באשלאָסנ אוועקצוגיינ פונ דער „איסקרא“, קעדיי זיכ צו פארפעסטיקנ אינ צק פונ דער פארטיי אונ פונ אָט דער פאָזיציע קלאפנ די אָפאָרטוניסטנ. פלעכאנאָוו האָט איינער אליינ קאָאָפטירט דאָס גאנצע מענשעוויסטישע פירליינג (מארטאָוו, אקסעלראָד, זאסוליטש, פאָטרעסאָוו) אינ דער רעדאקציע פונ „איסקרא“. פונ דעמ נומער 52 „איסקרא“ אָנ איז שוינ לענינ מער ניט אינ באשטאנד פונ דער רעדאקציע פונ דער צייטונג. אָנשטאָט דער אלטער, לענינישער, באָלשעוויסטישער „איסקרא“, האָט זיכ באוויזנ די נייע, מענשעוויסטישע.

מער ווי א יאָר צייט האָט לענינ ניט געהאט אינ זיינ רעשוס אזא מעכטיק געצייג פונ פארבינדונג, פארקער, איינפלוס אפ דער פארטיי אונ אפ די מאסנ, ווי א צייטונג. דאָס הויפט־מיטל פונ פארקער מיט די פארטיי־אָרגאניזאציעס, פונ דער פארבינדונג אונ אָנפירונג מיט זיי איז פאר לענינענ געוואָרנ די פערזענלעכע קאָרעספאָנדענצ. אינגיכנ אינ

זי דערגאנגענ ביז א ציפער, א קאָלאָסאלע בא די דעמאָלטיקע באדינגונגענ — דורכשניטלעכ 300 בריוו א כוידעש. דורכ די בריוו פּלעגט לענינ איבערגעבנ די באָלשעוויקעס זײַנע אויסערגעוויינלעכע ענערגיע אינ קאמפּ, זײַנ האס צו די דעזאָרגאניזאטאָרנ פונ דער פּארטיי, זײַנ פעסטע זיכערקײַט אינ זיג. די ענטפער-בריוו פונ די אָרטיקע טוער האָבנ זייער פיל געגעבנ אויכ לענינענ: זיי האָבנ אימ באקענט מיט דער לאגע אפ די ערטער, מיט די שטימונגענ פונ די פּארטיי-מיטגלידער אונ פונ די ארבעטער. אינ זיי האָט לענינ געשעפּט קרעפטנ צומ קאמפּ.

א טיפנ אײַנדרוק האָט געמאכט אפ לענינענ דער בריוו, וועלכנ ער האָט באקומענ פונ סטאלינענ דורכ זײַנע פרײַנט. סטאלינ האָט פולשטענדיק אונטערגעהאלטנ לענינענ, זעענדיק אינ אימ דעמ גרינדער אונ פירער פונ דער פּארטיי. לענינ האָט געענטפערט סטאלינענ מיט א בריוו.

„לענינס בריוול, — דערמאָנט זיכ כאווער סטאלינ וועגנ דעמ בריוו, וועלכנ ער האָט באקומענ אינ דער סיבירער פארשיקונג, — איז געווענ פארהעלטנישמעסיק ניט גרויס, נאָר עס האָט געגעבנ א דרייסטע, שרעקלאָזע קריטיק פונ דער פּראקטיק פונ אונדזער פּארטיי אונ האָט מערקווירדיק קלאָר אונ געפּרעסט פאָרמולירט דעמ גאנצנ פּלאנ פונ דער ארבעט פונ דער פּארטיי אפנ נאָענטסטנ פּעריאָד. בלויז לענינ האָט געקענט שרײַבנ וועגנ די סאמע פארפּלאָנטערטע זאכנ אזוי פּאָשעט אונ קלאָר, געפּרעסט אונ דרייסט — ווענ יעדע פראזע ניט זי רעדט, נאָר זי שיסט. אָט דאָס פּאָשעטע אונ דרייסטע בריוול האָט מיכ נאָכ מער פארפעסטיקט דערינ, אז אינ לענינס פּערזאָנ האָבנ מיר א בארג-אָדלער פונ אונדזער פּארטיי“[1].

אזוי איז אינ דעמ פאר דער פּארטיי שווערנ מאָמענט פאָרגעקומענ די דערווײַל נאָכ הינטערוויגיקע באקאנטשאפט פונ די צוויי גרעסטע מענטשנ פונ דער הײַנטצײַטיקײַט — לענינ אונ סטאלינ.

פארכאפּט די „איסקרא“, האָבנ די מענשעוויקעס אָנגעהויבנ א פרעכע קאמפּאניע קעגנ לענינענ, קעגנ די באָלשעוויקעס. גלײַכ נאָכ דער „איסקרא“ איז פאקטיש געוואָרנ א געצײַג בא די מענשעוויקעס אינ די הענט אויכ דער פּארטיי-ראט. אינגיכנ האָבנ זיכ אויכ אינ צק אָנגעהויבנ אלצ שטארקער פילנ שאָלעמ-מאכערישע שטימונגענ. די דעזאָרגאניזאטאָרישע טעטיקײַט פונ די מענשעוויקעס, זייער צעיושעטע פּראָפּאגאנדע פונ אָרגאניזאציאָנעלער צעלאָזנקײַט, פונ אונטערײַסנ די פּארטייִשקײַט אונ די פּארטיי-דיסציפּלינ, זייער ליבנ אינ הימל ארײַנ דעמ אינטעליגענטישנ אינדיווידואליזמ, דאָס בארעכטיקנ אנארכיסטישע אומדיסציפּלינירטקײַט — דאָס אלצ האָט גענומענ באדראָענ די עקזיסטענצ פונ דער פּארטיי.

מע האָט זיכ געמוזט אָפּפּארטיקנ מיט די מענשעוויקעס לויט דער גאנצער ליניע, דעמאסקירנ דעמ אָפּאָרטוניזמ פונ די מענשעוויקעס אינ די אָרגאניזאציאָנעלע פראגנ, געבנ א פולע אונ אלזײַטיקע פּאָר-

[1] י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 26, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, 1944 י.

מולירונג און באגרינדונג פונ די אָרגאניזאציאָנעלע אידייענ פונעמ באָלשעוויזמ. אָט די אופגאבע האָבנ ניט געקאָנט אויסשעפנ יענע בריוו, וועלכע לענינ פלעגט שיקנ די קאָמיטעטנ אונ די פּראקטיקער קיינ רוסלאנד נאָכנ II צוזאמענפאָר. אינ יאנוואר 1904 יאָר איז לענינ צוגעטראָטנ צו דער ארבעט איבער זײַנ היסטאָרישנ בוך: „א טראָט פאָרויס, צוויי טריט צוריק“. דעמ 6 מײַ 1904 יאָר איז דער בוך דערשינענ.

אינ אָט דער ארבעט האָט לענינ געגעבנ א מײַסטערהאפטנ אנאליז פונעמ קאמפ אפנ II צוזאמענפאָר אונ נאָכ אימ. טראָט נאָכ טראָט שפירט נאָכ לענינ נאָכ דעמ, ווי עס וויקלענ זיכ פאנאנדער די דעבאטנ אונ די אָפּשטימונגענ. לענינ האָט באוויזנ, אז דער קאמפ אפנ II צוזאמענפאָר איז א פּרינציפּיעלער קאמפ, א קאמפ פונ צוויי ריכטונגענ — פונ דער רעוואָלוציאָנערער אונ פונ דער אָפּאָרטוניסטישער, א קאמפ צווישנ פּראָלעטארישע רעוואָלוציאָנערנ אונ קליינבירגערלעכע רעפאָרמיסטנ.

לענינ דעקט שארפ אופ די גרונט-שטריכנ פונעמ אָרגאניזאציאָנעלנ אָפּאָרטוניזמ פונ די מענשעוויקעס: די סינע צומ צענטראליזמ, דעמ האס צו דיסציפּלינ, דאָס פארטיידיקנ די אָרגאניזאציאָנעלע אָפּגעשטאנענקײַט, דאָס עפענענ ברייט די טירנ פונ דער ארבעטער-פארטיי פאר די קליינבירגערלעכע, אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ. לענינ באווײַזט, אז דער אָרגאניזאציאָנעלער אָפּאָרטוניזמ פונ די מענשעוויקעס באדײַט דאָס אָפּלייקענענ די קאָלאָסאלע ראָליע פונ אָרגאניזאציע אינעמ קאמפ פונעמ ארבעטער-קלאס פאר דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע אונ פאר דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט.

אינ זײַנ בוך שמידט לענינ אויס דאָס אָרגאניזאציאָנעלע געווער פונעמ פּראָלעטאריאט, ארבעט פאנאנדער די אָרגאניזאציאָנעלע יעסוידעס פונ דער מארקסיסטישער פארטיי. מארקס אונ ענגעלס האָבנ געגעבנ גרונט-עסקיזנ וועגנ דער פארטיי פונעמ פּראָלעטאריאט. ארויסגייענדיק פונ די דאָזיקע עסקיזנ, האָט לענינ פאנאנדערגעארבעט די פּראָגראמע אונ פארענדיקטע לערע וועגנ דער צענטראליזירטער אונ דיסציפּלינירטער רעוואָלוציאָנערער פארטיי פונעמ ארבעטער-קלאס.

די מארקסיסטישע פארטיי, האָט געשריבנ לענינ, איז א טייל פונעמ ארבעטער-קלאס, דער אוואנגארד, דער באוווסטזיניקער אָטריאד זײַנער, וואָס איז באוואָפנט מיטנ וויסנ די אנטוויקלונגס-געזעצנ פונעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, מיטנ וויסנ די געזעצנ פונעמ קלאסנקאמפ אונ וואָס איז דעריבער אימשטאנד צו פירנ דעמ ארבעטער-קלאס, אָנצופירנ מיט זײַנ קאמפ.

די פארטיי — דאָס איז באגלײַכ דערמיט אנ אָרגאניזירטער אָטריאד, וואָס האָט זײַנ דיסציפּלינ, וועלכע איז אָבליגאטאָריש פאר זײַנע מיטגלידער. בלויז אזא פארטיי, וואָס איז אָרגאניזירט אינ אנ איינהייטלעכנ אלגעמיינעמ אָטריאד, באהעפט דורכ דער איינהײַט פונ ווילנ, דורכ דער איינהײַט פונ טאט, דורכ דער איינהײַט פונ דיסציפּ-

לינ, — בלויז אזא פּאַרטיי וועט פּראַקטיש קאָנענ אָנפירנ מיטנ קאַמפ פונעמ ארבעטער-קלאַס אונ ריכטנ אימ צו איינ ציל.

די פּאַרטיי — דאָס איז די העכסטע פאָרמ פונ אָרגאַניזאַציע צווישנ אלע אנדערע אָרגאַניזאַציעס פונעמ ארבעטער-קלאַס, ווײַל זי איז באַוואָפנט מיט א פאָרגעשריטענער טעאָריע, מיט דער דערפאַרונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אונ איז באַרופנ אָנצופירנ מיט אלע אנדערע אָרגאַניזאַציעס פונעמ ארבעטער-קלאַס.

די פּאַרטיי — דאָס איז די פאַרקערפּערונג פונ דער פאַרבינדונג צווישנ דעמ אוואַנגאַרד פונעמ ארבעטער-קלאַס מיט די מיליאָניקע מאסנ פונעמ ארבעטער-קלאַס. וואָס פאַר א גוטער אוואַנגאַרד די פּאַרטיי זאָל ניט זײַנ אונ ווי גוט זי זאָל ניט זײַנ אָרגאַניזירט, קאָנ זי דאָך ניט לעבנ אונ אַנטוויקלענ זיך, ניט האָבנדיק קיינ פאַרבינדונגענ מיט די אומפּאַרטיייִשע מאסנ, ניט פאַרגרעסערנדיק אונ ניט פאַרפעסטיקנדיק די דאָזיקע פאַרבינדונגענ.

קעדיי ריכטיק צו פונקציאָנירנ אונ פּלאַנמעסיק אָנצופירנ מיט די מאסנ, דאַרפ די פּאַרטיי זײַנ אָרגאַניזירט אפ די יעסוידעס פונ צענטראַליזמ, מיט אנ איינהײַטלעכנ סטאַטוט, מיט אנ איינהײַטלעכער דיסציפּלינ, מיט אנ איינהײַטלעכנ אָנפירנדיקנ אָרגאַנ אינ דער שפּיצ. דערבײַ דאַרפ די מינדערהײַט זיכ אונטערוואַרפנ דער מערהײַט, די איינצלנע אָרגאַניזאַציעס — דעמ צענטער, די נידעריקערע אָרגאַניזאַציעס — די העכערע.

אויב די פּאַרטיי וויל אײַנהיטנ די איינהײַט פונ אירע רייענ, דאַרפ זי אינ איר פּראַקטיק דורכפירנ אנ איינהײַטלעכע פּראָלעטאַרישע דיסציפּלינ, וואָס איז אלצייגנס אָבליגאַטאָריש פאַר אלע פּאַרטיי-מיטגלידער, סײַ פאַר די לידערס, סײַ פאַר די געוויינלעכע מיטגלידער.

זײַנ בוכ האָט לענינ פאַרענדיקט מיט די פאָלגנדיקע נעווײַשע ווערטער:

„דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט קיינ אנדער געווער אינעמ קאַמפ פאַר דער מאכט, כוצ אָרגאַניזאַציע. צעשפּליטערט דורכ דער הערשאַפט פונ דער אנאַרכישער קאָנקורענצ אינ דער בורזשואַזער וועלט, צוגעדריקט דורכ דער געצוווּנגענער ארבעט פאַרנ קאַפּיטאַל, אָפּגעוואָרפנ קעסיידער „אפנ דעק" פונ פולשטענדיקנ דאַלעס, פאַרווילדעוועטקײַט אונ דעגענערירונג, קאָנ דער פּראָלעטאַריאַט ווערנ אונ וועט אומפאַרמײַדלעכ ווערנ אנ אומבאַזיגבאַרע קראַפט נאָר אדאַנק דעמ, וואָס די אידייִשע פאַראייניקונג זײַנע דורכ די פּרינציפּנ פונעמ מאַרקסיזמ ווערט פאַרפעסטיקט דורכ דער מאַטעריעלער איינהײַט פונ אָרגאַניזאַציע, וועלכע באַהעפט די מיליאָנענ ארבעטנדיקע אינ אנ ארמיי פונעמ ארבעטער-קלאַס. קעגנ דער דאָזיקער ארמיי וועט ניט קאָנענ באַשטיינ ניט די זקייניש-אָפּגעשוואַכטע מאכט פונ דער רוסישער זעלבסטהערשונג, ניט די מאכט פונעמ אינטערנאַציאָנאַלנ קאַפּיטאַל, וואָס ווערט זקייניש אָפּגעשוואַכט"[1].

[1] לענינ. ווערק, ב. VI, ז. 328. (וו. אי. לענינ. אויסגעוויילטע ווערק אינ צוויי בענדער, ב. I, ערשטער טייל, ז. 521—522, מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס", 1941 י.)

די פארניכטנדיקע קריטיק פונ דעמ אָרגאניזאציאָנעלנ אָפּאָרטוניזמ פונ די מענשעוויקעס, וואָס איז געגעבנ אינ לענינס בוך, איז באַגלייכ דערמיט געווענ די קריטיק פונ די אָרגאניזאציאָנעלע אידייענ פונעמ II אינטערנאציאָנאל. די אָרגאניזאציאָנעלע יעסוידעס פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, וועלכע עס האָט פאנאנדערגעארבעט לענינ, זיינענ געווענ די אָרגאניזאציאָנעלע פרינציפּנ פונ א פארטיי פונ א נייעמ טיפּ, וואָס שיידט זיכ ראדיקאל אונטער פונ די פארטייענ פונעמ II אינטערנאציאָנאל.

אויסערסט גרויס איז די היסטאָרישע באדייטונג פונ לענינס בוך „א טראָט פאָרויס, צוויי טריט צוריק“.

„די באדייטונג פונ דעמ דאָזיקנ בוך באשטייט פריער פאר אלצ דערינ, וואָס ער האָט פארטיידיקט די פארטייישקייט קעגנ דער קריינ־לערײַ אונ די פארטיי קעגנ די דעזאָרגאניזאטאָרנ, האָט צעשמעטערט דעמ מענשעוויסטישנ אָפּאָרטוניזמ אינ די אָרגאניזאציאָנעלע פראגנ אונ האָט געלייגט די אָרגאניזאציאָנעלע יעסוידעס פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי.

דערמיט אָבער שעפּט זיכ ניט אויס זיינ באדייטונג. זיינ היסטאָרישע באדייטונג באשטייט דערינ, וואָס אינ איס האָט לענינ דער ערשטער אינ דער געשיכטע פונעמ מארקסיזמ פאנאנדערגעארבעט ד י ל ע ר ע וועגנ דער פ א ר ט ײ, אלס אָנפירנדיקער א ר ג א נ י ז א צ י ע פונעמ פראָלעטאריאט, אלס גרונט־געווער אינ די הענט פונעמ פראָלעטאריאט, וואָס אָנ דעמ דאָזיקנ געווער איז ניט מעגלעכ צו זיגנ אינעמ קאמפ פאר דער פראָלעטארישער דיקטאטור“[1].

אינ לענינס בוך האָבנ די באָלשעוויקעס געפונענ אנ ענטפער אפ די פראגנ, וואָס האָבנ זיי באאומרויקט, האָבנ געפונענ א גענויאלע פאר־אלגעמיינערונג פונ זייער פראקטישער דערפארונג. באוואָפנט מיט די לענינישע אידייענ, זיינענ די באָלשעוויקעס דרייסט געגאנגענ פאָרויס מיט די נייע וועגנ פונ דער ארבעטער־באוועגונג.

זומער 1904 יאָר איז די לאגע אינעווייניק אינ דער פארטיי געווענ א שווערע. מיט דער הילפ פונ די שאָלעמ־מאכער האָבנ די מענשעוויקעס פארכאפּט אויכ דעמ צק. איצט האָבנ זיי געהאט אינ זייערע הענט אלע פארטיי־צענטערס. די פארטיי איז געבליבנ אָנ אנ אייגענעמ פרעסע־אָרגאנ, אָנ א צענטראל־קאָמיטעט.

כוץ דעמ אלעמ האָט די מענשעוויקעס אונטערגעהאלטנ דער II אינטערנאציאָנאל. די אָנפירער פונעמ II אינטערנאציאָנאל איז פרעמד געווענ די ליניע פונ לענינענ, וועלכער האָט דערצויגנ די פארטיי־קאדרענ אינ אנטשיידענעמ אונ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ קעגנ די אָפּאָרטוניסטנ. די אָפּאָרטוניסטנ האָבנ זיכ ארופגעוואָרפנ אפ די באָלשעוויקעס. אפילע די בעסטע מענטשנ פונ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג, אזוינע ווי ראָזע לוקסעמבורג, האָבנ ניט געקאָנט פארשטיינ דאָס נייע, וואָס לענינ האָט געגעבנ דעמ ארבעטער־קלאס.

---

1 „געשיכטע פונ דער אלקפ(ב), קורצער קורס“, ז. 62, מעלוכע־פארלאג „דער עמעס“, 1940 י.

דער II אינטערנאַציאָנאַל האָט ניט געוואָלט אָנערקענענ די באָלשעוויקעס. לענינ האָט זיכ אָבער דערשלאָגנ דערצו, אז די באָלשעוויקעס האָבנ באַקומענ אנ אייגענע פאָרשטייערשאַפט אפנ אמסטערדאמער קאָנגרעס פונעמ II אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער איז פאָרגעקומענ אינ אווגוסט 1904 יאָר. צווישנ די דעלעגאַטנ איז צעטיילט געוואָרנ דער פאָרטראָג פונ די באָלשעוויקעס, וואָס רעדאַגירט האָט אימ לענינ. אינעמ פאָרטראָג איז דירעקט געווענ געמאָלדנ, אז פאַרטיידיקנדיק זײַנ ערשטנ סטאַטוט-פאַראַגראַפ, האָט לענינ געהאַט אינ זינענ אויכ די טרויעריקע דערפאַרונג פונ די דײַטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטנ, ווײַל „די דעזאָרגאַניזירנדיקע עלעמענטנ האָבנ ברייט אויסגענוצט די פאָרמולע פונעמ ערשטנ פאַראַגראַפ פונ דעמ דײַטשישנ סטאַטוט, וועלכע האָט ניט געפאָדערט, אז די פאַרטיי-מיטגלידער זאָלנ געהערנ צו דער אָדער יענער פאַרטיי-אָרגאַניזאַציע“.

די נייטיקייט וואָס גיכער צו ליקווידירנ די דעזאָרגאַניזאַציע אונ די צעוואַקלגערונג פונ דער פאַרטיי-אַרבעט האָט זיכ פאַרשטאַרקט אויכ מאַכמעס דעמ, וואָס די רוסיש-יאַפּאַנישע מילכאָמע, וועלכע האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ 1904 יאָר, האָט פאַרשאַרפט די סיטואַציע אינ לאַנד. די פאַרטיי האָט געדאַרפט אינ פולער קאַמפס-גרייטקייט באַגעגענענ די זיכ דערנענטערנדיקע רעוואָליוציע. מע האָט געדאַרפט אָרגאַניזירנ א נײַעמ, דעמ III פאַרטיי-צוזאַמענפאָר, צעקלאַפּנ די מענשעוויקעס. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיכ גענומענ לענינ, האָבנ זיכ גענומענ די באָלשעוויקעס.

אַנטשיידנ אונ ענערגיש זאַמלט לענינ די קאַדרענ מענטשנ, טרײַע דער פאַרטיי. אינ די לעצטע טעג יול 1904 יאָר קומט פאָר אינ דער שווייץ אונטער זײַנ אָנפירונג א באַראַטונג פונ 22 דעלעגאַטנ באָלשעוויקעס. די באַראַטונג האָט אָנגענומענ א פּלאַמיקע ווענדונג „צו דער פאַרטיי“, וואָס אָנגעשריבנ האָט זי לענינ, — זי איז געוואָרנ פאַר די באָלשעוויקעס א פּראָגראַמ פונ קאַמפ פאַר צונויפרופנ דעמ III צוזאַמענפאָר. די מערהײַט פונ דער פאַרטיי איז אַרויסגעטראָטנ קעגנ די צענטערס, וועלכע עס האָבנ פאַרכאַפּט די מענשעוויקעס, זי האָט געשאַפנ נײַע, ווירקלעכ פאַרטייִשע צענטערס. אפ דרײַ געגנטלעכע קאָנפערענצנ (אפ דער דאָרעמדיקער, קאַווקאַזער אונ צאָפנדיקער) ווערט אויסגעוויילט די ביוראָ פונ די קאָמיטעטנ פונ דער מערהײַט. אונטער לענינס אָנפירונג האָט די ביוראָ פאַנאַנדערגעוויקלט די פּראַקטישע צוגרייטונג צומ III פאַרטיי-צוזאַמענפאָר. א קאָלאָסאַלע ראָליע אינ קאַמפ פאַרנ III צוזאַמענפאָר האָט געשפּילט דער טראַנסקאַווקאַזער אָטריאַד באָלשעוויקעס, וואָס אָנגעפירט מיט אימ האָט כאַווער סטאַלינ, וועלכער איז אינ יאַנוואַר 1904 יאָר אַנטלאָפנ פונ פאַרשיקונג.

בײַקומענדיק אַלע שוועריקײַטנ, אָרגאַניזירט לענינ א באָלשעוויסטישנ פאַרלאַג. א באַזונדערע באַדײַטונג האָט ער געהאַלטנ, האָט דאָס שאַפנ א צײַטונג. ער האָט געשריבנ צו די באָלשעוויקעס אינ רוסלאַנד: „אינ אָט דעמ אָרגאַנ איז איצט דער איקער“. אונ לענינ האָט זיכ זײַנס דערשלאָגנ — עס ווערט אַרויסגעגעבנ א באָלשעוויסטישע צײַטונג. פונ סאָפ דעקאַבער 1904 יאָר האָט אונטער לענינס רעדאַק-

ציע אָנגעהויבנ דערשײַנענ די צײַטונג „וופּעריאָד“. דער באָלשעוויסטישער „וופּעריאָד“ האָט גערעדט אפּ דער שפּראַכ פונ דער אַלטער, לענינישער „איסקראַ“. לענינ שרײַבט מיט פרייד צו די כאַווײרים אינ רוסלאַנד: „די גאַנצע מערהײַט טריומפירט אונ איז דערמונטערט ווי נאָכ קײנמאָל. ענדלעכ האָבנ מיר א סאָפּ געמאַכט צו אָט די מיעסע רײַסערײַענ אונ מירנ אָנהייבנ ארבעטנ סאָלידאַריש צוזאַמענ מיט די, וואָס ווילנ ארבעטנ, אונ ניט מאַכנ קיינ סקאַנדאַלנ!.. הוראַ! פאַלט ניט אראָפּ באַ זיכ, איצט לעבנ מיר אַלע אופ אונ וועלנ אופלעבנ“[1].

דער פעריאָד נאָכנ II צוזאַמענפאָר איז געווענ איינער פונ די וויכטיקסטע אונ אנטשיידנדיקע פעריאָדנ אינ דער געשיכטע פונ דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי.

„לענינס גרעסטער פאַרדינסט פאַרנ רוסישנ פּראָלעטאַריאַט אונ פאַר זײַנ פאַרטיי באַשטייט דערינ, — האָט געשריבנ כאַווער סטאַלינ, — וואָס ער האָט אופגעדעקט די גאַנצע געפערלעכקײַט פונ דעמ מענשעוויסטישנ אָרגאַניזאַציאָנעלנ „פּלאַנ“ נאָכ אינ יענעמ מאָמענט, ווענ דער „פּלאַנ“ איז נאָכ געווענ ערשט אינ אַנ עמבריאָנעלנ צושטאַנד, ווענ די אווטאָרנ גופע פונ דעמ „פּלאַנ“ האָבנ זיכ קוימ פאָרגעשטעלט קלאָר זײַנע קאָנטורנ, אונ וואָס נאָכ דעמ, ווי ער, לענינ, האָט אימ אופגעדעקט, האָט ער גענומענ פירנ א פאַרביטערטע אַטאַקע קעגנ דער אָרגאַניזאַציאָנעלער צעלאָזנקײַט פונ די מענשעוויקעס אונ האָט קאָנצענטרירט די גאַנצע אופמערקזאַמקײַט פונ די פּראַקטיקער אפּ דער דאָזיקער פראַגע. מאַכמעס ס'האָט זיכ געהאַנדלט וועגנ דער עקזיסטענצ פונ דער פאַרטיי, וועגנ לעבנ אונ טויט פונ דער פאַרטיי“.

לענינ האָט באַהעפט די פאַרטיי — פונ דעמ קאַמפ איז ער ארויס אַלס זיגער. דער זיג פונ לענינס פּלאַנ „האָט פאַרלייגט דעמ פונדאַמענט פונ יענער באַהעפטער אונ פאַרהאַרטעוועטער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס קיינ גלײַכע צו איר ווייסט ניט די וועלט“[2].

עס זײַנענ פאַרגאַנגענ יאָרנ פונ אקשאָנעסדיקנ אונ פאַרביטערטנ קאַמפ פאַר דער פאַרטיי קעגנ די „עקאָנאָמיסטנ“ אונ מענשעוויקעס. אינ פײַער פונ דעמ דאָזיקנ קאַמפ האָט לענינ אויסגעאַרבעט די אידעאָלאָגישע אונ אָרגאַניזאַציאָנעלע יעסוידעס פונ דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי, האָט אויסגעכאָוועט אירע קאַדרעס. לענינ אונ די פאַרטיי זײַנענ דורכגעגאַנגענ דורכ א פעריאָד פונ שאַרפנ קריזיס. „יעטווידער קריזיס איז איינע צעברעכט ער, אַנדערע פאַרהאַרטעוועט ער“, — האָט געזאָגט לענינ. אינעמ דאָזיקנ קריזיס האָבנ זיכ די באָלשעוויקעס פאַרהאַרטעוועט.

פאָרויס זײַנענ געווענ נײַע שווערקײַטנ, נײַע נסיוינעס, נײַער קאַמפ. באַמ שוועל איז געשטאַנענ דאָס יאָר 1905.

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXVIII, ז. 389, 398.

2 י. סטאַלינ. וועגנ לענינענ, ז. 10, מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס“, 1944 י.

# V

דעמ 9 יאנוואר 1905 יאָר האָט זיכ אינ רוסלאנד אָנגעהויבנ די רעוואָליוציע.

נאָכ א סאכ פריער פאר די פעטערבורגער געשעענישנ האָט לענינ געזענ, אז עס דערנעענטערט זיכ דער רעוואָליוציאָנערער שטורעמ. נאָכ אינ 1904 יאָר, ווענ עס האָט זיכ געהאט אָנגעהויבנ די רוסיש-יאפּאָנישע מילכאָמע, האָט לענינ אָנגעוויזנ, אז די דאָזיקע מילכאָמע האָט אויפגעדעקט די גאנצע צעפוילטקייט פונ דער זעלבסטהערשונג, האָט אונטערגעריסנ די יעסוידעס פונ איר הערשאפט אונ וועט דעריבער פארשנעלערנ די רעוואָליוציע. ער האָט געהאלטנ, אז א מאפּאָלע פונ דער צארישער רעגירונג אינ דער דאָזיקער רויבערישער מילכאָמע וועט אָפּשוואכנ דעמ צאריזמ אונ פארשטארקנ די רעוואָליוציע. דער גאנג פונ די ווײַטערדיקע געשעענישנ האָט אינגאנצנ באשטעטיקט לענינס פאָרויסזאָגונגענ. אינעמ ארטיקל „די זעלבסטהערשונג אונ דער פּראָלעטאריאט", אָפּגעדרוקט אינ נומ. 1 „וופּעריאָד" דעמ 22 דעקאבער 1904 יאָר, האָט לענינ דירעקט גערעדט ניט בלויז וועגנ דער פאָרשטייענדיקער רעוואָליוציע, נאָר אויכ וועגנ דער „רעוואָליוציע, וואָס האָט זיכ אָנגעהויבנ בא אונדז אינ רוסלאנד". באקומענ די ידיעה וועגנ דעמ, אז די יאפּאָנער האָבנ פארנומענ פּאָרט-ארטור, האָט לענינ געשריבנ מיט עטלעכע טעג ערעוו דעמ „בלוטיקנ זונטיק": „די קאפּיטוליאציע פונ פּאָרט-ארטור איז א פּראָלאָג צו דער קאפּיטוליאציע פונעמ צאריזמ"[1].

די רוסישע רעוואָליוציע, וואָס האָט זיכ געהאט אָנגעהויבנ, איז געווענ די ערשטע רעוואָליוציע נאָכ לאנגע יאָרנ פּאָליטישער רעאקציע, וועלכע האָט געהערשט אינ אייראָפּע פונ דעמ מאָמענט אָנ, זינט עס איז געפאלנ די פאריזשער קאָמונע. דער אָנהייב פונ דער דאָזיקער רעוואָליוציע איז געווענ אנ אָנזאָג אפ איר גיגאנטישנ שווונג, אפ איר עכט אלפאָלקישנ כאראקטער. קיינער האָט ניט פארשטאנענ אזוי טיפ, ווי לענינ, אז די רעוואָליוציע לערנט אונ קלערט אופ מיט א קאָלאָסאלער שנעלקייט, אז איינ טאָג רעוואָליוציע קאָנצענטרירט אינ זיכ פיל יאָרנ „פרידלעכע" אנטוויקלונג. לענינ האָט ניט

---

1 לענינ, ווערק, ב. VII, ז. 49.



1:81—6

איינ מאָל אָנגעוויזנ, אַז די רעוואָליוציע איז די גרעסטע שול, א שול ניט בלויז פאַר די מאסנ, נאָר אויכ פאַר דער פארטיי, פאַר די אָנפירער. די אויפגאבע אָבער, האָט געשריבנ לענינ, באשטייט ניט בלויז אינ לערנענ זיכ בא דער רעוואָליוציע, נאָר אינ דעמ, צי וועלנ מיר קענענ עפעס-וואָס אויסלערנענ די רעוואָליוציע, ארויפלייגנ אפ איר א פראָלעטארישנ שטעמפל, קעדיי צו זיכערנ דעמ ווירקלעכנ זיג אירנ?

די געשעענישנ האָבנ זיכ פאנאנדערגעוויקלט מיט א קאָפשווינדלדיקער שנעלקייט. לענינ האָט שווער איבערגעלעבט דאָס, וואָס אינ אזעלכע טעג געפינט ער זיכ אינ עמיגראציע. „פארשטענדלעכ, — האָט געשריבנ לענינ אינ איינעמ פונ זיינע אָפרופנ אפ די געשעענישנ פונעמ 9 יאנוואר, — אַז אונדז דאָ, אינ זשענעווע, פונ אונדזער פארשאָלטענער ווייט ווערט אומפארגלייכלעכ שווערער נאָכצופאָלגנ נאָכ די געשעענישנ. קאָלזמאנ אָבער מיר זיינענ פאָרורטיילט צו שמאכטנ אינ אָט דער פארשאָלטענער ווייט, דארפנ מיר זיכ באמיענ נאָכצופאָלגנ נאָכ זיי, אונטערציענ סאכאקלענ, מאכנ אויספירנ, שעפנ פונ דער דערפארונג פונ דער היינטיקער געשיכטע די לערע, וועלכע וועט צוניץ קומענ מאָרגנ, אינ אנ אנדער אָרט, ווו היינט „שטומט נאָכ דאָס פאָלק“ אונ ווו אינ דער נאָענטסטער צוקונפט וועט אינ דער אָדער יענער פאָרמ אויסברעכנ די רעוואָליוציאָנערע סרייפע“[1].

אונ לענינ גרייט זיכ אקטיוו צו די צוקינפטיקע רעוואָליוציאָנערע שלאכטנ. זשעדנע דערלערנט ער די היסטאָרישע שאפונג פונ די מאסנ, די נייע פאָרמענ פונ קאמפ אונ אָרגאניזאציע, וועלכע אנטשטייענ אינ מאסעווענ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ. ווידער אונ ווידעראמאָל „אייצעט“ ער זיכ מיט מארקסנ אונ ענגעלסנ, — לייענט נאָכאמאָל איבער זייערע ארטיקלענ וועגנ דער רעוואָליוציע פונ 1848 יאָר, באזונדערס וועגנ באוואָפנטנ אויפשטאנד, שטודירט ענגעלסעס ווערק וועגנ קריג אונ די ליטעראטור וועגנ גאסנ-שלאכטנ אונ באריקאדנ-קאמפ, ביפראט אינעמ פעריאָד פונ דער פאריזשער קאָמונע. עס איז ניט געווענ קיינ איינ גרויסע צייטונג אפ רוסיש, ענגליש, דייטש אונ פראנצויזיש, וואָס לענינ זאָל ניט האָבנ נאָכגעפאָלגט נאָכ איר: אפילע פונ דער אינפאָרמאציע פונ די בורזשואזע צייטונגענ האָט ער, ווי קיינער ניט, געקענט זיכ שאפנ א ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגנ דעמ גאנג פונ דער רעוואָליוציע.

לענינ שטעלט ארויס אלס גרונט-אויפגאבע — באוואָפענענ דעמ פראָלעטאריאט אונ דאָס פויערטומ, צוגרייטנ אונ אָרגאניזירנ א באוואָפנטנ אויפשטאנד, איינשטעלנ אינ לאנד די רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראטישע דיקטאטור פונ די ארבעטער אונ פויערימ.

לענינ דייגעט וועגנ דעמ, אַז די פארטיי זאָל ניט אָפשטיינ פונ די רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ אונ זאָל זיינ אימשטאנד ארומצוכאפנ מיט איר ווירקונג אונ אָנפירונג נייע שיכטנ ארבעטער, האָבנדיק געזיכערט די פולע קלאסנ-זעלבשטענדיקייט פונעמ פראָלעטאריאט.

[1] לענינ. ווערק, ב. VII, ז. 82—83.

אינ פעברואל 1905 יאָר דערשײַנט זײַנ ארטיקל „נײַע אופגאבנ אונ נײַע קויכעס“, ווו עס ווערט צומ ערשטנ מאָל פאָרמולירט דער סטראטעגישער גרונט-לאָזונג פונעמ באָלשעוויזמ אינ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָלוציע: רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראטישע דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ פויערטומ. לענינ קלערט אופ, אז די רעוואָלוציע שאפט באדינגונגענ פונעמ פארטיי-לעבנ אונ נײַע מעטאָדנ פונ דערציִענ די מאסנ. ער פארורטיילט שארפ די אינערטקייט אונ דעמ קאָנסערוואטיזמ פונ יענע פארטיי-טוער, וועלכע זײַנענ פארגליווערט געוואָרנ אפ די אלטע קרײַזל-מעטאָדנ פונ ארבעט אונ ווילנ ניט אָדער קענענ ניט אריבערגיינ צו נײַע פאָרמענ פונ אָרגאניזאציע. ער רופט צומ פאנאנדערוויקלענ אלמעגלעכ די אָרגאניזאציאָנעלע ארבעט, צו רעוואָלוציאָנערער זעלבסטעטיקייט אונ איניציאטיוו, צומ דרייסטנ ארויסרוקנ נײַע יונגע קרעפטנ, בא וועלכע די ענערגיע קאָנ קאָמפענסירנ דעמ מאנגל אינ פאָליטישער דערפארונג. בלויז דעמלט וועט די פארטיי קאָנענ אויספילנ איר ראָליע אלס אוואנגארד פונ פראָלעטאריאט. „די רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע איז פאר דער סאָציאל-דעמאָקראטיע דאָס זעלבע, וואָס די מילכאָמע-צײַט פאר דער ארמיי, — האָט געשריבנ לענינ. — מע דארפ פארברייטערנ די קאדרענ פונ אונזער ארמיי, אריבערפירנ זי פונ פרידלעכע קאָנטינגענטנ אפ קריגס-קאָנטינגענטנ, מאָביליזירנ די זאפאס- אונ רעזערוו-קאָנטינגענטנ, רופנ אונטער די פאָנענ די, וועלכע האָבנ באקומענ אורלויב, אײַנאָרדענענ נײַע הילפס-קאָרפוסנ, אָטריאדנ אונ אמטנ. מע דארפ ניט פארגעסנ, אז אפ מילכאָמע איז אומפארמײַדלעכ אונ נויטווענדיק צו קאָמפלעקטירנ די רייענ מיט ווייניקער צוגעגרייטע רעקרוטנ, צו פארבײַטנ זייער אָפט אָפיצערנ מיט פּאָשעטע סאָלדאטנ, פארשנעלערנ אונ פארײַנפאכנ דאָס באשטימענ סאָלדאטנ פאר אָפיצערנ“[1].

לענינ אײַלט צו מיטנ צונויפרופנ דעמ III צוזאמענפאָר. אצינד איז ער דאָפּלט נייטיק. פריִער — ביז דער רעוואָלוציע — איז די הויפט-אופגאבע פונעמ צוזאמענפאָר געווענ — מאכנ א סאָפ צו דער צעפאלונג אונ דעזאָרגאניזאציע, וועלכע די מענשעוויקעס האָבנ ארײַנגעטראָגנ אינ דער פארטיי-ארבעט, ליקווידירנ דעמ פארטיי-קריזיס. איצט רוקט זיכ ארויס אינ פאָדערגרונט די אופגאבע אויסצוארבעטנ די טאקטיק פונ דער פארטיי אינ דער רעוואָלוציע. לענינ האָט ענערגיש געגרייט דעמ צוזאמענפאָר: ער האָט אָנגעשריבנ די פראָיעקטנ פונ די וויכטיקסטע רעזאָלוציעס, האָט צונויפגעשטעלט אנ אלגעמיינעמ פלאנ פונ דער ארבעט פונעמ צוזאמענפאָר אונ האָט אינ א רײ ארטיקלענ („די סאָציאל-דעמאָקראטיע אונ די צײַטווײַליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג“, „די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראטישע דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ פויערטומ“ אא.) פאנאנדערגעארבעט די טאקטישע גרונט-פראגנ פונעמ צוזאמענפאָר.

אינ אפּרעל 1905 יאָר האָט זיכ אינ לאָנדאָנ געעפנט דער III צוזאמענפאָר פונ דער רסדאפּ, פאקטיש א באָלשעוויסטישער צוזא-

[1] לענינ, ווערק, ב. VII, ז. 148.

מענפאָר. די מענשעוויקעס זײנענ אפנ צוזאמענפאָר ניט געקומענ, זײ האָבנ אײנגעאָרדנט אינ זשענעווע זײערע אנ אײגענע קאָנפערענצ. לענינ פירט דירעקט אָנ מיטנ גאנצנ גאנג פונ דער ארבעט פונעמ צוזאמענפאָר: ער איז פאָרזיצער פונעמ צוזאמענפאָר, באטײליקט זיכ אקטיוו אינ די קאָמיסיעס (אינ דער קאָמיסיע אפ אויסצוארבעטנ די רעזאָלוציעס, אינ דער מאנדאט=קאָמיסיע, אינ דער פּראָטאָקאָל=קאָמיסיע), פירט א גענויעמ טאָגבוכ פונ די זיצונגענ. לענינ איז ארויסגעטראָטנ קימאט איבער אלע פראגנ פונעמ טאָג=סײדער: די אלגעמײנע צאָל פונ לענינס פאָרטראָגנ, ארויסטרעטונגענ, רעפּליקעס, פאָרשלאָגנ מאכט אויס איבער הונדערט. אלע גרונט=רעזאָלוציעס, וואָס דער צוזאמענפאָר האָט אָנגענומענ, — וועגנ באוואָפנטנ אופשטאנד, וועגנ דער צײטווײליקער רעוואָליוציאָנערער רעגירונג, וועגנ דער באציִונג צו דער פויערימ=באוועגונג — האָט אָנגעשריבנ לענינ.

דער צוזאמענפאָר, אָנגעפירט פונ לענינענ, האָט באשטעטיקט דעמ ערשטנ סטאטוט=פּאראגראפ וועגנ פּארטײ=מיטגלידערשאפט אינ דער לענינישער רעדאקציע, האָט אויסגעארבעט די טאקטישע ליניע פונ די באָלשעוויקעס, וועלכע איז געווענ אויסגערעכנט אפנ פולשטענדיקנ זיג פונ דער בורזשואז=דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אונ אפ איר אריבערוואקסנ אינ א סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. אינ די לענינישע רעזאָליוציעס, וואָס דער צוזאמענפאָר האָט אָנגענומענ, איז געווענ אונטערגעשטראָכנ, אז ס'איז נויטווענדיק, דער פּראָלעטאריאט זאָל נעמענ דעמ אקטיווסטנ אָנטײל אינ דער רעוואָליוציע, ער זאָל דעראָבערנ די אָנפירנדיקע ראָליע אינ דער רעוואָליוציע, עס זאָל אײנגעשטעלט ווערנ א בונד מיטנ פויערטומ, אונ די ליבעראלע בורזשואזיע זאָל איזאָלירט ווערנ. דער צוזאמענפאָר האָט אָנגעוויזנ, אז די וויכטיקסטע אופגאבע פונ דער פּארטײ איז צוגרייטנ, אָרגאניזירנ אונ דורכפירנ א באוואָפנטנ אופשטאנד אונ אז אינ דער צײטווײליקער רעוואָליוציאָנערער רעגירונג, וואָס וועט געשאפנ ווערנ אינ רעזולטאט פונ א זיגרײכנ אופשטאנד אונ וועט זײנ זײנ אָרגאנ, וועט די סאָציאל=דעמאָקראטיע בא געוויסע באדינגונגענ זיכ באטײליקנ, קעדײ צו שלאָגנ די קאָנטררעוואָליוציע ניט נאָר „פונ אונטנ“, פונ אויסנ, נאָר אויכ „פונ אויבנ“, פונ אינעווייניק פונ דער רעגירונג. דער צוזאמענפאָר האָט דערקלערט, אז די אופגאבע פונ דער פּארטײ איז — אפנ ענערגישסטנ אופנ שטיצנ דאָס פויערטומ, אײנגעשלאָסנ די קאָנפיסקאציע פונ דער פּריצישער ערד, אונ האָט ארויסגערוקט דעמ לאָזונג — טייקעפ אָרגאניזירנ רעוואָליוציאָנערע פויערימ=קאָמיטעטנ.

די ליניע פונ דעמ באָלשעוויסטישנ צוזאמענפאָר האָט פאָרגעשטעלט מיט זיכ א פולשטענדיקנ קעגנזאצ צו דער מענשעוויסטישער טאקטיק פונ שטיצנ די ליבעראלע בורזשואזיע אלס פירער פונ דער בורזשואזער רעוואָליוציע.

אינ די טאקטישע באשלוסנ פונעמ צוזאמענפאָר האָט לענינ פאראלגעמײנערט די רעוואָליוציאָנערע דערפארונג פונ די מאסנ. ער האָט זיכ אופמערקזאמ צוגעקוקט צומ קאמפ פונ די ארבעטער אונ פויערימ, ביפראט אפ קאווקאז. דאָ האָט דער קאמפ פונ די מאסנ אונ=

טער דער אָנפירונג פונ די באָלשעוויקעס באקומענ א באזונדערס ברייטנ מאסשטאב.

דער צוזאמענפאָר האָט אָנגענומענ א רעזאָליוציע, וואָס לענינ האָט פאָרגעלייגט, „מיקויעכ די געשעענישנ אפ קאווקאז". דאָרט ווערט אָנגעוויזנ, אז די באוועגונג אפ קאווקאז איז שוינ דערגאנגענ ביז צו אנ אלפאָלקישנ אופשטאנד קעגנ דער זעלבסטהערשונג, און עס ווערט געגעבנ א הויכע אָפשאצונג די קאווקאזער פארטיי-אָרגאניזאציעס אלס די אמערסטנ קעמפערישע אָרגאניזאציעס פונ דער פארטיי. דער צוזאמענפאָר האָט באופטראָגט דעמ צק און די אָרטיקע קאָמיטעטנ צונעמענ די כאמע ענערגישע מאָסמיטלענ אפנ ברייטסטנ אופנ צו פארשפרייטנ די יעדיִעס וועגנ דער לאגע אפ קאווקאז, און אויכ רעכטצייטיק אונטערצוהאלטנ קאווקאז מיט אלע מיטלענ, וואָס זיי האָבנ אינ זייער רעשוס.

דעמאסקירנדיק די דעמאגאָגיע פונ די מענשעוויקעס, וואָס האָבנ פונקט ווי די „עקאָנאָמיסטנ" געפרווט ארויסרופנ סינע און אומצוטרוי צווישנ די פארטיי-מיטגלידער — צווישנ די ארבעטער און אינטעליגענטנ, האָט לענינ ארויסגערוקט אינ פאָדערגרונט די וויכטיקסטע אופגאבע: „פארפעסטיקנ מיט אלע קרעפטנ די פארבינדונג פונ דער פארטיי מיט דער מאסע פונעמ ארבעטער-קלאס, אופהייבנדיק אלץ ברייטערע שיכטנ פראָלעטאריער און האלב-פראָלעטאריער צו פולער סאָציאל-דעמאָקראטישער באוווסטזיניקייט, אנטוויקלענדיק זייער רעוואָליוציאָנערע סאָציאל-דעמאָקראטישע זעלבסטטעטיקייט, זאָרגנדיק וועגנ דעמ, אז די ארבעטער-מאסע זאָל אויסטיילנ א ווי ווייט מעגלעכ גרעסערע צאָל ארבעטער, פייִקע אָנצופירנ מיט דער באוועגונג און מיט די פארטיי-אָרגאניזאציעס, אלס מיטגלידער פונ די אָרטיקע צענטערס און פונ דעמ אלגעמיינ-פארטייִשנ צענטער"[1].

לענינ איז מיט צאָרנ ארויסגעטראָטנ קעגנ דער אינערטקייט, קעגנ ניט וועלנ ארייִנפירנ ארבעטער אינ די קאָמיטעטנ. „איכ האָב ניט געקאָנט רויִק זיצנ, ווענ מע האָט געזאָגט, אז ס'זיינענ ניטאָ קיינ ארבעטער, וואָס זאָלנ טויגנ פאר מיטגלידער פונ קאָמיטעט"[2], — האָט מיט אופגעבראכטקייט דערקלערט לענינ. ער באשטייט דערופ, אז אינ די קאָמיטעטנ זאָלנ זיינ וואָס מער ארבעטער. „ארייִנפירנ ארבעטער אינ די קאָמיטעטנ, — האָט ער געזאָגט אפנ צוזאמענפאָר, — איז ניט נאָר א פעדאגאָגישע, נאָר אויכ א פאָליטישע אופגאבע. בא די ארבעטער איז פאראנ א קלאסנ-אינסטינקט, און בא ניט קיינ גרויסער פאָליטישער דערפארונג ווערנ די ארבעטער גאנצ שנעל אויסגעהאלטענע סאָציאל-דעמאָקראטנ. עס וואָלט מיר געווענ זייער צומ הארצנ, ווענ אינ באשטאנד פונ אונדזערע קאָמיטעטנ זאָלנ אפ יעדע צוויי אינטעליגענטנ זיינ אכט ארבעטער"[3]. אָט די אָנווייזונגענ זיינענ געלייגט געוואָרנ אינ יעסאָד פונ דער אָרגאניזאציאָנעלער פאָליטיק פונעמ באָלשעוויזמ.

1 לענינ. ווערק, ב. VII, ז. 283.

2 ז. דאָרטנ, 284.

3 דאָרטנ, ז, 282.

דער צוזאמענפאָר האָט אויסגעוויילט א צענטראל-קאָמיטעט בעראָש מיט לענינען. גלייכ אפנ ערשטנ פלענום פונעמ צק איז לענינ באשטעטיקט געוואָרנ אלס פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטאָר פונעמ „פראָלעטארי“ — דעמ צענטראלנ פארטיי-אָרגאנ, וואָס דער ערשטער נומער זיינער, מיט לענינס ארטיקלענ, געווידמעט דעמ III צוזאמענפאָר, איז ארויס דעמ 14 מיי 1905 יאָר.

נאָכ דעמ, ווי דער צוזאמענפאָר האָט געענדיקט זיינ ארבעט, האָבנ לענינ אונ די דעלעגאטנ, פונקט ווי נאָכנ II צוזאמענפאָר, באזוכט מארקס' קייווער. גלייכ נאָכ דעמ האָט מענ זיכ אָנגעהייבנ פאנאנדערפאָרנ פונ לאָנדאָנ. לענינ האָט זיכ אומגעקערט קיינ זשענעווע.

איינע פונ די וויכטיקסטע אופגאבנ נאָכנ צוזאמענפאָר, האָט לענינ געהאלטנ, איז פראָפאגאנדירנ די טאקטישע ליניע פונעמ צוזאמענפאָר אונ קריטיקירנ די באשלוסנ פונ דער זשענעווער קאָנפערענצ פונ די מענשעוויקעס. ער האָט אָנגעשריבנ די „מיטיילונג וועגנ דעמ III צוזאמענפאָר פונ דער רכדאפ“, איז ארויסגעטראָטנ מיט א ריי ארטיקלענ אונ פאָרטראָגנ וועגנ דעמ צוזאמענפאָר. קעדיי די מיירעוו-אייראָפּיישע ארבעטער זאָלנ באקומענ א ריכטיקע אינפאָרמאציע וועגנ דער טאקטיק פונ די באָלשעוויקעס, האָט לענינ אָרגאניזירט דעמ ארויסלאָז פונ דער „מיטיילונג“ אונ דאָס ארויסגעבנ די וויכטיקסטע באשלוסנ פונעמ צוזאמענפאָר אפ דייטש אונ פראנצויזיש.

א גענויאלע באגרינדונג פונ דער באָלשעוויסטישער טאקטיק אונ א גלענצנדיקע קריטיק פונ דער טאקטיק פונ די מענשעוויקעס האָט לענינ געגעבנ אינ זיינ היסטאָרישנ בוכ „צוויי טאקטיקעס פונ דער סאָציאל-דעמאָקראטיע אינ דער דעמאָקראטישער רעוואָליוציע“ (דערשינענ אינ יול 1905 יאָר). אינ דעמ דאָזיקנ בוכ האָט לענינ באוויזנ, אז די באָלשעוויסטישע אונ די מענשעוויסטישע אָפּשאצונג פונ דער רעוואָליוציע — פונ איר כאראקטער, פונ אירע טרייבקרעפטנ, פונ אירע פערספעקטיוונ, פונ דער ראָליע אונ פונ די אופגאבנ פונעמ פראָלעטאריאט אינ דער רעוואָליוציע — גייענ זיכ ראדיקאל פאנאנדער. אינ יעסאָד פונ דער מענשעוויסטישער טאקטיק ליגט די מוירע פארנ מעגלעכנ זיג פונ דער רעוואָליוציע, די שטרעבונג אונטערצוווארפנ דעמ פראָלעטאריאט אונטער דער אָנפירונג פונ דער בורזשואזיע: דאָס איז די טאקטיק פונ פאראטנ די רעוואָליוציע. „אז מיר גייענ קעמפנ, — האָט געשריבנ לענינ, — מוזנ מיר וועלנ זיגנ אונ קענענ אָנווייזנ דעמ ווירקלעכנ וועג צומ זיג“[1].

„לענינס גרעסטער פארדינסט פאר דער רוסישער רעוואָליוציע באשטייט אינ דעמ, — זאָגט כאווער סטאלינ, — וואָס ער האָט אופגעדעקט ביז די וואָרצלענ די פוסטקייט פונ די היסטאָרישע פאראלעלנ פונ די מענשעוויקעס אונ די גאנצע געפערלעכקייט פונ דער מענשעוויסטישער „סכעמע פונ דער רעוואָליוציע“, וועלכע גיט אָפּ די ארבעטער-זאכ דער בורזשואזיע צו פארצוקנ“[2]. די פארניכטנדיקע קרי-

1 לענינ. ווערק, ב. VIII, ז. 63.

2. י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 13, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, 1944 י.

טיק פונ דער טאקטיק פונ די רוסישע מענשעוויקעס, וואָס איז געגעבנ אינ לענינס בוכ, איז געווענ באַגלײַכ דערמיט אויכ א קריטיק פונ דער טאקטיק פונעמ אינטערנאציִאָנאלנ אָפּאָרטוניזמ.

אלס דער עכטער אויסדריקער פונעמ שעפערישנ מארקסיזמ ברעכט לענינ דריסט די אלטע, שאבלאָנע פאָרשטעלונגענ וועגנ דער בורזשואזער רעוואָליוציע אונ וועגנ דער טאקטיק פונעמ פראָלעטאריאט, וועלכע האָבנ געהערשט אינ די פארטייענ פונעמ II אינטערנאציִאָנאל. ארויסגייענדיק פונעמ טאָכ פונעמ מארקסיזמ, פאראלגעמיינערנדיק די דערפארונג פונ דער אינטערנאציִאָנאלער ארבעטער-באוועגונג אונ פונ דער רוסישער רעוואָליוציע, האָט לענינ אויסגעשמידט א נײַע טעאָריע פונ רעוואָליוציע, א נײַע טאקטיק פונעמ פראָלעטאריאט אינ דער רעוואָליוציע.

מארקס אונ ענגעלס האָבנ געגעבנ די גרונט-עסקיזנ פונ דער אידיי וועגנ דער העגעמאָניע פונעמ פראָלעטאריאט. ארויסגייענדיק פונ די דאָזיקע עסקיזנ, האָט לענינ פאנאנדערגעארבעט א הארמאָנישע לערע וועגנ דער העגעמאָניע פונעמ פראָלעטאריאט אינ דער רעוואָליוציע, האָט אנטוויקלט די טאקטישע גרונט-האנאָכע וועגנ פראָלעטאריאט אלס פירער פונ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע.

אינ זײַנ בוכ „צוויי טאקטיקעס“ האָט לענינ אלזײַטיק באגרינדעט די מעגלעכקײַט פארנ פראָלעטאריאט צו ווערנ דער אָנפירער פונ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע, ווײַל דער פראָלעטאריאט איז דער סאמע פאָרגעשריטענער אונ דער איינציקער קאָנסעקווענט-רעוואָליוציִאָנערער קלאס, האָט זײַנ אייגענע, פונ דער בורזשואזיע ניט אָפּהענגיקע, פאָליטישע פארטיי אונ אינ זײַנ קאמפ פארנ סאָציִאליזמ איז ער פארינטערעסירט צו דערפירנ די דאָזיקע רעוואָליוציע ביזנ סאָפ, ביזנ אראָפּווארפנ דעמ צאריזמ. קעדיי דער פראָלעטאריאט זאָל פאקטיש ווערנ דער פירער אינ דער רעוואָליוציע, דארפ ער געווינענ אפ זײַנ זײַט דאָס פויערטומ אונ איזאָלירנ די ליבעראלע בורזשואזיע. האָבנדיק ארויסגערוקט אונ באגרינדעט די אידיי וועגנ דער העגעמאָניע פונעמ פראָלעטאריאט אינ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע, האָט לענינ דערמיט גופע געגעבנ א נײַע טאקטישע אײַנשטעלונג דער מארקסיסטישער פארטיי אינ דער דאָזיקער רעוואָליוציע, אנ אײַנשטעלונג, וואָס האָט זיכ טיפ אונטערשיידט פונ די אײַנשטעלונגענ, וועלכע האָבנ ביז דעמאלט עקזיסטירט אינ דעמ מארקסיסטישנ ארסענאל.

לענינ האָט זאָרגפעליק פאנאנדערגעארבעט די פראגע וועגנ די מיטלענ, וואָס זיכערנ דעמ זיג פונ דער רעוואָליוציע. ער האָט דערוויזנ, אז דאָס וויכטיקסטע מיטל פארנ אנטשיידענעמ זיג פונ דער רעוואָליוציע איז א באוואָפנטער אופשטאנד פונעמ פאָלק. ער האָט געגעבנ לאָזונגענ, וואָס צעפענטענ די רעוואָליוציִאָנערע איניציִאטיוו פונ די מאסנ, לאָזונגענ, וואָס אָרגאניזירנ די מאסנ צומ אופשטאנד: די לאָזונגענ פונ פּאָליטישנ מאסנ-שטרײַק, פונ טייקעפדיקנ פארווירקלעכנ אפ א רעוואָליוציִאָנערנ אויפנ דעמ 8-שאָיִקנ ארבעטס-טאָג אינ שטאָט אונ די דעמאָקראטישע איבערגעשטאלטונגענ אינ דאָרפ, פונ

טייקעפדיקנ אָרגאניזירנ רעוואָליוציאָנערע פויערים-קאָמיטעטנ, פונ באוואָפענענ די ארבעטער. ער האָט באגרינדעט די נויטווענדיקייט איינצושטעלנ אינ רעזולטאט פונ א זיגרייכנ אויפשטאנד פונעם פאָלק א צייטווייליקע רעוואָליוציאָנערע רעגירונג אונ האָט אָנגעוויזנ, אז קעדיי די רעוואָליוציע זאָל אָפהאלטנ אנ אנטשיידענעמ זיג איבערנ צאריזמ, דארפ די דאָזיקע רעגירונג זיינ ניט קיינ אנדער זאכ, ווי די רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראטישע דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט אונ פויערטומ. לענינ האָט אויסגעשמידט א נייע טאקטיש געווער פונעם פראָלעטאריאט, נייע מיטלענ פונ רעוואָליוציאָנערער מאָביליזאציע פונ די מאסנ, מיטלענ, וואָס זיינענ פריער געווענ ניט באוווסט די מארקסיסטישע פארטייענ.

רופנדיק דעמ פראָלעטאריאט צומ סאמע אנטשיידענעמ אונ מעסירעסנעפעשדיקנ קאמפ פארנ זיג פונ דער דעמאָקראטישער רעוואָליוציע, האָט לענינ אונטערגעשטראָכנ, אז דערמיט ווערנ די אויפגאבנ פונעמ ארבעטער-קלאס ניט אויסגעשעפט. ער האָט געגעבנ א בילד פונ דעמ מעכטיקנ שוווּנג פונ דער רוסישער רעוואָליוציע, האָט אָנגעוויזנ, אז די דעמאָקראטישע אונ די סאָציאליסטישע רעוואָליוציע זיינענ צוויי רינגענ פונ איינ קייט; אז גלייכ נאָכ דעמ, ווי עס וועלנ אויסגעפילט ווערנ די דעמאָקראטישע אויפגאבנ, וועט זיכ דארפנ אָנהייבנ דער קאמפ שוינ פאר דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. לענינ האָט פאנאנדערגעארבעט די לערע וועגנ אריבערוואקסנ פונ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אינ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. ער האָט צוריק אויפגעשטעלט מארקס' גענאלע געדאנקענ וועגנ דער קעסיידערדיקער רעוואָליוציע אונ וועגנ צונויפפאָרנ די רעוואָליוציאָנערע פויערים-באוועגונג מיט דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, — געדאנקענ, וועלכע די אָפּאָרטוניסטנ פונעמ II אינטערנאציאָנאל האָבנ געזוכנ אויסצומעקנ פונ זיקאָרנ. די דאָזיקע געדאנקענ מארקס' האָט לענינ אנטוויקלט ווייטער, — ער האָט געשאפנ א נייע הארמאָנישע טעאָריע פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. לויט אָט דער טעאָריע האָט די העגעמאָניע פונעמ פראָלעטאריאט אינ דער בורזשואזער רעוואָליוציע באמ בונד פונעמ פראָלעטאריאט מיטנ פויערטומ געדארפט אריבערוואקסנ אינ דער העגעמאָניע פונעמ פראָלעטאריאט אינ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע באמ בונד פונעמ פראָלעטאריאט מיט די איבעריקע ארבעטנדיקע אונ עקספלואטירטע מאסנ, אונ די דעמאָקראטישע דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ פויערטומ האָט געדארפט צוגרייטנ דעמ באָדנ פאר דער סאָציאליסטישער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט.

די נייע רעוואָליוציע-טעאָריע, וועלכע לענינ האָט געשאפנ, האָט שוינ אנטהאלטנ אינ זיכ די גרונט-עלעמענטנ פונ דער לערע וועגנ דער מעגלעכקייט פונ דעמ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ איינ, באזונדער גענומענ, לאנד.

די באדייטונג פונ די „צוויי טאקטיקעס“ איז ניט אָפצושאצנ.

„די היסטאָרישע באדייטונג פונ דעמ דאָזיקנ ווערק לענינס באשטייט פריער פאר אלצ דערינ, וואָס עס האָט אידייניש איינגאנצנ

צעקלאפט די קליינבורגערלעכע טאקטישע איינשטעלונג פונ די מענשעוויקעס. עס האָט באוואָפנט דעמ ארבעטער⸗קלאס פונ רוסלאנד צומ ווייטערדיקנ פאנאנדערוויקלענ די בורזשואז⸗דעמאָקראטישע רעוואָליוציע, צו א נייעמ אָנגריפ קעגנ דעמ צאריזמ אונ עס האָט געגעבנ די רוסישע סאָציאל⸗דעמאָקראטנ א קלאָרע פערספעקטיוו פונ דער נייטיקייט, אז די בורזשואזע רעוואָליוציע זאָל אריבערוואקסנ אינ א סאָציאליסטישער רעוואָליוציע.

דאָס שעפט אָבער ניט אויס די באדייטונג פונ לענינס בוכ. די גוואלדיקע באדייטונג פונ דעמ דאָזיקנ ווערק באשטייט דערינ, וואָס עס האָט באריייכערט דעמ מארקסיזמ מיט א נייער טעאָריע פונ רעוואָליוציע אונ האָט געלייגט דעמ פונדאמענט פאר יענער רעוואָליוציאָנערער טאקטיק פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, וואָס מיט איר הילפ האָט דער פראָלעטאריאט פונ אונדזער לאנד אינ 1917 יאָר אָפגעהאלטנ דעמ זיג איבערנ קאפיטאליזמ”[1].

אינ אלע זיינע ארויסטרעטונגענ האָט לענינ קאָנסעקווענט פארטיידיקט אונ אויפגעקלערט דעמ באָלשעוויסטישנ סטראטעגישנ פלאנ. אינעמ ארטיקל „די באציונג פונ דער סאָציאל⸗דעמאָקראטיע צו דער פויערימ⸗באוועגונג” האָט ער געשריבנ: „פונ דער דעמאָקראטישער רעוואָליוציע וועלנ מיר טייקעפ אָנהייבנ אריבערגיינ אונ פונקט לויט אונדזערע קויכעס נאָכ, לויט די קויכעס פונעמ באוווסטזיניקנ אונ אָרגאניזירטנ פראָלעטאריאט, וועלנ מיר אָנהייבנ אריבערגיינ צו דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. מיר זיינענ פאר א קעסיידערדיקער רעוואָליוציע, מיר וועלנ זיכ ניט אָפשטעלנ אפנ האלבנ וועג”[2].

דער רעוואָליוציאָנערער קאמפ פונ די ארבעטער האָט אלצ מער אָנגענומענ א שארפערנ, א פאָליטישנ כאראקטער. פונ עקאָנאָמישע שטרייקנ אונ סאָלידאריטעט⸗שטרייקנ האָבנ די ארבעטער אָנגעהויבנ אריבערגיינ צו פאָליטישע שטרייקנ, צו דעמאָנסטראציעס. עס זיינענ פארגעקומענ אלצ מער באוואָפנטע צוזאמענשטויסנ צווישנ דעמ פאָלק מיט דער פאָליציי אונ מיטנ מיליטער. א באזונדערס אקשאָנעסדיקנ כאראקטער האָט געטראָגנ דער שטרייק פונ די איוואנאָוואָ⸗וואָזנעסענסקער ארבעטער, וואָס איז פארגעקומענ זומער⸗צייט אונ האָט געדויערט קימאט דריטהאלבנ כאדאָשימ. אינעמ פעריאָד פונ אָט דעמ שטרייק האָבנ די איוואנאָוואָ⸗וואָזנעסענסקער ארבעטער געשאפנ א ראט פונ באפולמעכטיקטע — פאקטיש איינעמ פונ די ערשטע ראטנ (סאָוועטנ) פונ ארבעטער⸗דעפוטאטנ.

די פאָליטישע שטרייקנ פונ די ארבעטער האָבנ אויפגערודערט דאָס גאנצע לאנד. גלייכ נאָכ דער שטאָט האָט זיכ גענומענ אויפהייבנ דאָס דאָרפ. פרילינג⸗צייט האָבנ זיכ אָנגעהויבנ פויערימ⸗אומרוענ, וואָס האָבנ זיכ ברייט פארשפרייט אינ צענטער רוסלאנד, אינ וואָלגער קאנט, אפ טראנסקאווקאז, באזונדערס אינ גרוזיע.

---

1 „געשיכטע פונ דער אלקפ(ב). קורצער קורס”, ז. 91—92, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס”, 1940 י.

2 לענינ. ווערק, ב. VIII, ז. 186.

די אַרבעטער- און פויערים-באַוועגונג און אַ ריי מאַפּאָלעס פונ דעמ רוסישנ מיליטער אינ דער רוסיש-יאַפּאַנישער מילכאָמע האָבנ געהאַט זייער ווירקונג אַפ דער אַרמיי. דער זײַל פונעמ צאַריזמ האָט זיכ אַ וואַקל געטאָנ. אינ יונ 1905 יאָר איז אויסגעבראָכנ דער אופשטאַנד אינ שוואַרציאַמישנ פלאָט, אַפ דער פּאַנצער-שיפ „פּאָטיאָמקינ". דאָס איז געווענ די ערשטע רעוואָליוציאָנערע מאַסנ-אַרויסטרעטונג אינ דער אַרמיי און אינ פלאָט, דער ערשטער אַריבערגאַנג פונ אַ גרויסנ טייל צאַרישנ מיליטער אַפ דער זײַט פונ דער רעוואָליוציע.

אונטער דער ווירקונג פונ די רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ האָט זיכ אַ ריר געטאָנ אויכ די בורזשואַזיע. זי האָט מוירע געהאַט פאַרנ רעוואָליוציאָנערנ פאָלק, האָט געזוכט אַנ אויסגלײַכ מיטנ קייסער קעגנ דער רעוואָליוציע און האָט געפאָדערט קליינע רעפאָרמענ „פאַרנ פאָלק", קעדיי צו „באַרויִקנ" דאָס פאָלק, צו צעשפּאַלטנ די קויכעס פונ דער רעוואָליוציע און זי אײַנצוצוימענ.

די צאַרישע רעגירונג האָט ניט אויפגעהערט צו אונטערדריקנ די אַרבעטער און פויערימ מיט גרויזאַמער אַכזאָריעס. צוגלײַכ מיט רעפּרעסיעס האָט זי אָבער גענומענ אָנווענדנ די פּאָליטיק פונ לאַווירנ: פונ איינ זײַט, האָט זי גענומענ אָנהעצנ איינס אַפ דאָס אַנדערע די פעלקער פונ רוסלאַנד, פונ דער צווייטער זײַט — האָט זי צוגעזאָגט צונויפרופנ אַ „פאַרטרעטונגס-אינסטיטוציע" אינ דער פאָרמ פונ אַ זעמסקי סאָבאָר אָדער פונ אַ מעלוכע-דומע.

אינ לענינס אַרטיקלענ, וועלכע ווערנ פאַרעפנטלעכט אינ דער צײַטונג „פּראָלעטאַרי", באַקומט די פּאַרטיי אַ וויסנשאַפטלעכנ מאַרקסיסטישנ אַנאַליז פונעמ גאַנג פונ דער רעוואָליוציע, גלענצנדיקע פאָרויסזאָגונגענ פונ איר ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג, פּינקטלעכע און קלאָרע לאָזונגענ, אויסשעפּנדיקע דירעקטיווענ און אָנווײַזונגענ. פונ זײַנ „זשענעווער ווײַט" פאָלגט לענינ אויפמערקזאַמ נאָכ, וויאַזוי אַלע קלאַסנ פירנ זיכ אויפ אינ דער רעוואָליוציע.

לענינ באַווײַזט די ניט-קאָנסעקווענטקייט, אייגננוציקייט, פאַכדאָנעס פונ דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, איר פאַררעטערישע האַלטונג; קיינ איינ שריט פונ די ליבעראַלנ בלײַבט ניט פאַרהוילנ פונ זײַנ שאַרפ אויג. לענינס אַרטיקלענ קעגנ די קאַדעטנ זײַנענ אַ שאַרפער באַשולדיקונגס-אורטייל קעגנ די דאָזיקע קאָנטררעוואָליוציאָנערנ, וואָס פלעגנ זיכ פאַרמאַסקירנ מיט פאַלשנ דעמאָקראַטיזמ. „דער פּראָלעטאַריאַט קעמפט, די בורזשואַזיע גאַנוועט זיכ צו דער מאַכט", — אַזוי כאַראַקטעריזירט ער די טאַקטיק פונעמ אַרבעטער-קלאַס און די טאַקטיק פונ דער ליבעראַלער בורזשואַזיע אינ דער רעוואָליוציע.

לענינ שטעמפּלט צאָרנדיק די מענשעוויקעס, וועלכע האָבנ זיכ דערשראָקנ פאַרנ שוווּנג פונ דער רוסישער רעוואָליוציע און פאַרנ זיג פונעמ פאָלק. „אינ עק בײַ דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע אָדער בעראָש פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פּראָלעטאַריאַט און פויערטומ?" — אינ דעמ דאָזיקנ קאַפּיטל פונ זײַנ אַרטיקל פאָרמולירט לענינ דעמ פּרינציפּיעלנ גרונט-קעגנזאַץ צווישנ דער מענשעוויסטישער און באָלשעוויסטישער טאַקטיק. לענינ פאָדערט פונ די פּאַרטיי-טוער אַפ

די ערטער פאַרשטאַרקנ דעמ קאַמפּ קעגנ די מענשעוויקעס. די טרעפּלעכע קלעפּ, וואָס סטאַלינ דערלאַנגט דעמ מענשעוויזמ, רופנ אַרויס בײַ לענינענ די גרעסטע באַוויליקונג. ער בעט וואָס גיכער צושיקנ אימ סטאַלינס בראָשור „דערעכ אַגעוו וועגנ די מײנונגס־פאַרשײדנהײטנ אינ דער פּאַרטײ“, וועלכע איז אַרויס זומער 1905 יאָר אַפּ קאַווקאַז. ער מערקט אָפּ „דאָס אויסגעצײכנטע אַוועקשטעלנ די פראַגע וועגנ דעמ באַרימטנ „אַרײַנטראָגנ דעמ באַוווסטזײַנ פונ אויסנ“““ אינ סטאַלינס אַרטיקל „אַנ ענטפער דעמ „סאָציאַל־דעמאָקראַט“““.

לענינ האָט געריכטעט די גאַנצע טעטיקײט פונ די באָלשעוויקעס. אינ זײַנע לאָזונגענ פונ באַוואָפנטנ אויפשטאַנד, פונ שאַפנ אַ רעוואָליוציאָנערע אַרמײ, אַ צײַטווײַליקע רעוואָליוציאָנערע רעגירונג האָט די פּאַרטײ באַקומענ אַ געפּרעסטע אונ קלאָרע פאָרמולירונג פונ די צילנ אונ מיטלענ פונ קאַמפּ.

אַקשאָנעסדיק אונ סיסטעמאַטיש האָט לענינ געגרײט דעמ באַוואָפנטנ אויפשטאַנד: ער נעמט אָנ ענערגישע מיטלענ אַפּ אײַנצוקויפנ געווער אונ אָפּצושיקנ עס קײנ רוסלאַנד, שיקט מענטשנ אײַנצושטעלנ אַנ ענגע פאַרבינדונג מיט דער אויפגעשטאַנענער פאַנצערשיפּ „פּאָטיאָמקינ“, לערנט די פּאַרטײ צו מאַכנ אויספירנ פונ דעמ דאָזיקנ אויפשטאַנד, אָנווײַזנדיק, אַז דער אויפשטאַנד האָט פּראַקטיש אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגנ שאַפנ אַ רעוואָליוציאָנערע אַרמײ. „אַ רעוואָליוציאָנערע אַרמײ“, — האָט געשריבנ לענינ, — איז נויטווענדיק דערפאַר, ווײַל בלויז מיט דער הילפ פונ *קראַפט* קאָנענ געלײזט ווערנ גרויסע היסטאָרישע פראַגנ, אונ די *אָרגאַניזאַציע* פונ *קראַפט* אינעמ הײַנטצײַטיקנ קאַמפּ איז די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע“[1].

לענינ האָט אַקשאָנעסדיק געפאָדערט פונ די פּאַרטײ־טוער, זײ זאָלנ ערנסט דערלערנענ דאָס קריגס־וועזנ, זײ זאָלנ אַפנ ענערגישסטנ אויפנ זענ אויסבילדנ הונדערטער אונ טויזנטער קאַמפּס־אָטריאַדנ. אינ זײַנ בריוו צומ קאַמפּס־קאָמיטעט באַמ פּעטערבורגער קאָמיטעט פונ דער רסדאַפּ אינ אָקטיאַבער 1905 יאָר האָט ער שאַרפ קריטיקירט די אַרבעט פונעמ קאַמפּס־קאָמיטעט אונ אָנגעמערקט אַ קאָנקרעטנ פּלאַנ פונ זײַנ טעטיקײט. „גײט צו דער יוגנט... — האָט געלערנט לענינ. — גרינדעט *טײקעפּ* קאַמפּ־דרוזשינעס אומעטומ אונ איבעראַל אי בײַ די סטודענטנ, אי באַזונדערס בײַ די אַרבעטער, אאַוו. אאַוו. זאָלנ טײקעפּ אָרגאַניזירט ווערנ אָטריאַדנ פונ 3 ביז 10, ביז 30 אאַוו. מאַנ. זאָלנ זײ זיכ טײקעפּ אַלײנ באַוואָפענענ, ווי ווער עס קאָנ, ווער מיט אַ רעוואָלווער, ווער מיט אַ מעסער, ווער מיט אַ שמאַטע מיט קעראָסינ אַפּ אונטערצוצינדנ אאַוו. זאָלנ די דאָזיקע אָטריאַדנ טײקעפּ אויסקלײַבנ זיכ אָנפירער אונ זיכ *פאַרבינדנ*, ווי ווײַט מעגלעכ, מיטנ קאַמפּס־קאָמיטעט באַמ פּעטערבורגער קאָמיטעט... זאָלנ 5—10 מאַנ אינ אַ וואָכ צײַט באַזוכנ *הונדערטער* קרײַזלעכ פונ אַרבעטער אונ סטודענטנ, זאָלנ זײ אַרײַנקריכנ אומעטומ, וווּהינ עס וועט

[1] לענינ. ווערק, ב. VII, ז. 383.

זיך נאָר לאָזן, און זאָלן איבעראַל פּאַרלייגן אַ קלאָרן, קורצן, גלײַכן און פּאָשעטן פּלאַן: בילדעט טייקעף אַן אָטריאַד, באַוואָפנט זיך מיט וואָס איר קאָנט, אַרבעט מיט אַלע קויכעס, מיר וועלן אײַך העלפן, מיט וואָס מיר וועלן קאָנען, נאָר וואַרט ניט פון אונדז, אַרבעט אַליין... די אָטריאַדן דאַרפן גלײַך אָנהייבן די קריגס-לער אין טייקעפדיקע אָפּעראַציעס, גלײַך" [1].

לענין האָט געפּלט מיט דער צוגרייטונג צום באַוואָפנטן אויפשטאַנד, ווײַל ער האָט געזען, אַז דער אויפשטאַנד דערנענטערט זיך מיט אַן אַלץ שטײַגנדיקער שנעלקײַט. ער האָט מיט אַלע מיטלען געזוכט זיך צו דערשלאָגן, אַז דער אויפשטאַנד זאָל ניט זײַן פאַר דער פּאַרטיי קיין אומגעריכטע זאַך.

מיט גענײַאַלער וויטזיכטיקײַט האָט לענין פאָרויסגעזען דעם ווײַטערדיקן אַנטוויקלונגס-גאַנג פון דער רעוואָלוציע. מיט דרײַ טעג פאַר דעם, ווי עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער צאַרישער געזעץ פון 6 אויגוסט וועגן דער דומע, טרעט לענין אַרויס מיט אַן אַרטיקל „דער באָיקאָט פון דער בוליגינישער דומע און דער אויפשטאַנד", וווּ ער גיט אַ קלאָרן פּלאַן פון דער פּאָליטישער קאַמפּאַניע: אַקטיווער באָיקאָט פון דער מעלוכע-דומע אונטערן לאָזונג פון באַוואָפנטן אויפשטאַנד. די דאָזיקע קאָלאָסאַלע פּאָליטישע קאַמפּאַניע, וועלכע די באָלשעוויקעס האָבן דורכגעפירט אונטער לענינס אָנפירונג, האָט זיך געענדיקט מיט אַ היסטאָרישן זיג. דער רעוואָלוציאָנערער ווינטער האָט אַראָפּגעטראָגן די בוליגינישע דומע. אין אָקטיאַבער 1905 יאָר איז אויסגעבראָכן דער אַלגעמיינער פּאָליטישער שטרײַק, אין פײַער פון קאַמף זײַנען אויפגעקומען די סאָוועטן. לענין האָט פאָרויסגעזען, אַז דער צאַריזם וועט גיין אויף האַנאַכעס, וועט מאַנעווירן, קעדיי צו דערשטיקן די רעוואָלוציע. מיט עטלעכע שאָ פאַר דעם, ווי ס'איז באַקומען געוואָרן אין זשענעווע די ידיעה וועגן צאַרישן מאַניפעסט פון 17 אָקטיאַבער, האָט לענין געשריבן: „דער צאַריזם איז שוין ניט בעקויעך, — די רעוואָלוציע איז נאָך ניט בעקויעך צו זיגן" [2]. דער צאַריזם וועט זיכער אײַנגיין אויף אַ קאָנסטיטוציע, קעדיי אָפּצונאַרן דאָס פאָלק; די אויפגאַבע פונעם פּראָלעטאַריאַט איז — דערשלאָגן זיך, אַז די רעוואָלוציע זאָל אַריבערשפּרינגען איבער דער דאָזיקער פונעם קייסער געשענקטער קאָנסטיטוציע, זאָל זיך אויפהייבן אויף אַ שטאַפּל העכער, — ביזן אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשונג מיט דער הילף פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד.

די כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך געהויבן אַלץ העכער. אַלץ קאָמפּליצירטער איז געוואָרן פונדערוויטנס נאָכצופאָלגן נאָכן וויכער פון די געשעענישן, אָנצופירן מיט דער פּאַרטיי. לענין האָט זיך געריסן קיין רוסלאַנד. נאָך פרילינג 1905 יאָר האָט ער אין זײַנע אַרטיקלען געטרוימט וועגן דער צײַט, ווען ער וועט קאָנען ריידן מיט די אַרבעטער און פּויערים אויף טויזנטקעפּיקע פאָלקס-פאַרזאַמ-

1 לענין. ווערק, ב. VIII, ז. 325, 326.
2 דאָרטן, ז. 351.

לונגענ. אינ ברענ פונ דעמ אלגעמיינעמ אָקטיאבער־שטרייק האָט לענינ געשריבנ: „א גוטע רעוואָליוציע איז בא אונדז אינ רוסלאנד, ערגעוואָרט! מיר האָבנ אינגיכנ זיכ אומקערנ — דערצו גייט עס מיט מערקווירדיקער שנעלקייט"[1]. ער גרייט זיכ ענערגיש אומצוקערנ זיכ אהיימ. בא דער מיטווירקונג פונ גאָרקינ אָרגאניזירט ער דעמ ארויסלאָז פונ א לעגאלער באָלשעוויסטישער צייטונג „נאָוואיא זשיזנ" אינ פעטערבורג. אונ, ענדלעכ, סאָפ אָקטיאבער 1905 יאָר פאָרט ער אָפ פונ זשענעווע קיינ רוסלאנד.

אינ שטאָקהאָלמ, ווו עס איז אויסגעקומענ זיכ צו פארהאלטנ אפ עטלעכע טעג, האָט לענינ אָנגעשריבנ דעמ ארטיקל „אונדזערע אויפגאבנ אונ דער סאָוועט פונ ארבעטער־דעפוטאטנ". דער דאָזיקער פּראָגראמ־ארטיקל לענינס איז זיינערצייט ניט דערשינענ, מע האָט אימ געפונענ אונ צומ ערשטנ מאָל פארעפנטלעכט ערשט אינ 35 יאָר ארומ, אינ 1940 יאָר. אינ סאָוועט פונ ארבעטער־דעפוטאטנ, וואָס איז אנטשטאנענ אדאנק דער רעוואָליוציאָנערער שעפערישקייט פונ די פּראָלעטארישע מאסנ, האָט לענינ טייקעפ דערזענ א שפּראָצלינג פונ די אָרגאנענ פונ א נייער מאכט, פונ די אָרגאנענ פונ דער דיקטאטור פונ די רעוואָליוציאָנערע פאָלקס־עלעמענטנ. ער האָט אָפּגעשאצט די סאָוועטנ, אלס עמבריאָנ פונ דער צייטווייליקער רעוואָליוציאָנערער רעגירונג, אלס אָרגאנ פונ דעמ וואקסנדיקנ אונ רייפווערנדיקנ אויפשטאנד. קלאָר פאָרמולירט די קעגנזייטיקע פארהעלטענישנ צווישנ דער פּארטיי אונ די סאָוועטנ, צווישנ די סאָוועטנ פונ ארבעטער־דעפוטאטנ אונ די ברייטע פאָלקס־מאסנ, האָט לענינ אוועקגעשטעלט די אויפגאבע צו אָרגאניזירנ געמיינזאמע סאָוועטנ פונ ארבעטער־ אונ סאָלדאטנ־דעפוטאטנ, די אויפגאבע צו באהעפטנ דאָס גאנצע פאָלק ארומ די סאָוועטנ, אלס דעמ פּאָליטיש־אָנפירנדיקנ רעוואָליוציאָנערנ צענטער. לענינ האָט גערופנ טייקעפ אויסצובילדנ א צייטווייליקע רעוואָליוציאָנערע רעגירונג, וואָס איר פּראָגראמ דארפ זיינ: פולשטענדיק פארווירקלעכנ אינ טאט די פּאָליטישע פרייהייט, צונויפרופנ א ווירקלעכ אלפאָלקישע גרינדונגס־פארזאמלונג, באוואָפענענ דאָס פאָלק, טייקעפ געבנ ווירקלעכע אונ פולע פרייהייט די אונטערדריקטע פעלקערשאפטנ, זיכערנ דעמ אכטשאָיקנ ארבעטסטאָג, איבערגעבנ די גאנצע ערד די פויערימ. די דאָזיקע רעגירונג דארפ רופנ דאָס פאָלק צו אנ אויפשטאנד.

דאָס איז געווענ א קאָנקרעטע טאט־פּראָגראמ פונ דער פּראָלעטארישער פּארטיי, א פּראָגראמ, וואָס לענינ האָט פאנאנדערגעוויקלט ערעוו זיינ אָנקומענ קיינ רוסלאנד.

אָנהייב נאָיאבער 1905 יאָר האָט זיכ לענינ נאָכ עטלעכע יאָר עמיגראציע אומגעקערט קיינ פעטערבורג. ניט געקוקט אפ די „פרייהייטנ", וואָס דער קייסער האָט געשאָנקענ, איז לענינ געצווונגענ געווענ זיכ אויסצובאהאלטנ פונ דער פּאָליציי. לענינס פרווו צו באזעצנ זיכ לעגאל האָט געבראכט דערצו, אז זיינ דירע איז טייקעפ ארומ־

[1] לענינ. ווערק, ב. VIII, ז. 319.

גערינגלט געוואָרן פון א טשאַטע שפּיאָנען. איז ער אריבער אין אומלעגאַלער לאגע, האָט אָפט געביטן די פּעסער, די דירעס, איז אייניקע מאָל אריבערגעפאָרן פון פּעטערבורג קיין פינלאנד, ווו עס איז געווען פארהעלטניסמעסיק זיכערער.

טייקעף נאָך זיין אָנקומען קיין פּעטערבורג האָט לענין אָנטיילגענומען אין א זיצונג פון דעם באָלשעוויסטישן טייל פון דער רעדאקציע פון דער טעגלעכער לעגאַלער צייטונג „נאָוואיאַ זשיזן". אָפּ אָט דער זיצונג איז באשטימט געוואָרן א נייער באשטאנד פון דער רעדאקציע און ס'איז אויסגעארבעט געוואָרן אן ארבעטס-פּלאן. באלד נאָך דעם איז מיט לענינס אָנטייל פאָרגעקומען א זיצונג פונעם צענטראל-קאָמיטעט פון דער פּארטיי, ווו עס איז באשטעטיקט געוואָרן א ווענדונג צו די פּארטיי-אָרגאניזאציעס וועגן צונויפרופן א פּארטיי-צוזאמענפאָר. אין עטלעכע טעג ארום איז לענין ארויסגעטראָטן אָפּ א זיצונג פונעם סאָוועט פון ארבעטער-דעפּוטאטן איבער דער פראגע וועגן דעם לאָקאוט, וועלכן עס האָבן געהאט דערקלערט די קאפּיטאליסטן אלס ענטפער דערויף, וואָס די ארבעטער האָבן אָפּ זייער אייגענער אכריות איינגעפירט אן אכטשאָ׳יקן ארבעטסטאָג אין די פאבריקן און זאוואָדן. דער אויספיר-קאָמיטעט פונעם סאָוועט האָט אָנגענומען לענינס רעזאָליוציע.

עס זיינען אוועק טעג פון אנגעשטרענגטער ארבעט אין דירעקטן טאָגטעגלעכן פארקער מיט די פּארטיי-אָרגאניזאציעס: באטייליקונג אין די זיצונגען פונעם צענטראל-קאָמיטעט און פונעם פּעטערבורגער קאָמיטעט, ארויסטרעטונגען אָפּ פּארטיי-פארזאמלונגען און באראטונגען, באגעגענישן און שמועסן מיט די פּארטיי-טוער, וואָס פלעגן קומען צו פאָרן פון אלע עקן רוסלאנד. לענין האָט גענומען א דירעקטן אָנטייל אין צוגרייטן דעם באוואָפנטן אויפשטאנד. סאָפ נאָיאבער איז פאָרגעקומען א זיצונג פון צק, אָפּ וועלכער עס איז געווען איינגעלאדן גאָרקי. גאָרקי האָט אינפאָרמירט וועגן די שטימונגען פון די מאָסקווער ארבעטער. דאָס איז געווען לענינס ערשטע באגעגעניש מיט גאָרקין.

לענין האָט גלייך גענומען צו זיך אין די הענט די אָנפירונג מיט דער „נאָוואיאַ זשיזן". דעם 10 נאָיאבער באוויזט זיך זיין ערשטער ארטיקל — „וועגן דער רעאָרגאניזאציע פון דער פּארטיי". לענין רופט צו אן אנטשיידענער און דרייסטער איבערבויונג פון דער פּארטיי-ארבעט אין צוזאמענהאנג מיט די געענדערטע באדינגונגען: איינהיטנדיק דעם קאָנספּיראטיוון אַפּאַראַט פון דער פּארטיי, איז נייטיק אָפּן ברייטסטן אויפן אויסנוצן די לעגאַלע מעגלעכקייטן, וועלכע דער ארבעטער-קלאס האָט דעראָבערט. אין די באדינגונגען פון אונטערערד האָט מען ניט געהאט געקאָנט בויען די פּארטיי-אָרגאניזאציעס אָפּן גרונט פון געוויילטקייט, איצט דארף מען איינפירן אין זיי דעם פּרינציפּ פון געוויילטקייט, בויען זיי אָפּ די יעסודעס פון דעמאָקראטישן צענטראליזם.

אין א טאָג ארום, דעם 12 נאָיאבער, באוויזט זיך א צווייטער ארטיקל — „דער פּראָלעטאריאט און דאָס פּויערטום". אין דעם ארטיקל מערקט לענין אָן די אויפגאבן פונעם ארבעטער-קלאס און פּוי-

נעמ פויערטומ אינ דער רעוואָליוציע, די פאַרפעסטיקונג פונ זייער קאמפס=בונד. דאָס פויערטומ וויל ערד אונ פרײַהײַט. דער ארבעטערקלאס דארפ מיט אלע קויכעס שטיצנ דאָס רעוואָליוציאָנערע פויערטומ. דערופ וועט זיכ אָבער דער קאמפ ניט פאַרענדיקנ. מע דארפ דירעקט זאָגנ די פויערימ, אז דער איבערגאנג פונ דער ערד צו זייער הענט אונ די פּאָליטישע פרײַהײַט וועלנ ניט פאַרניכטנ ניט די הערשאפט פונ קאפּיטאל, ניט דעמ דאלעס פונ די מאסנ. „אזויארומ, — האָט געשריבנ לענינ, — באַדײַט די רויטע פאָנ פונ די באַוווּסטזיניקע ארבעטער, ערשטנס, אז מיר שטיצנ מיט אלע קרעפטנ דעמ פויערימ=קאמפ פאַר דער גאנצער פרײַהײַט אונ פאַר דער גאנצער ערד; צווייטנס, באַדײַט זי, אז מיר שטעלנ זיכ ניט אָפּ דערופ, נאָר מיר גייענ ווײַטער. מיר פירנ, כוץ דעמ קאמפ פאַר פרײַהײַט אונ פאַר ערד, א קאמפ פאַרנ סאָציאליזמ" [1].

לענינס ארטיקלענ אינ „נאָוואיא זשיזנ" האָבנ געדינט אלס אָנווײַזונגענ אינ דער טאָגטעגלעכער ארבעט פונ דער פּארטיי.

די טעטיקײַט פונ די באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציעס אינ די ארבעטער=מאסנ האָט באַקומענ אנ אלצ ברייטערנ מאסשטאב. די באָלשעוויקעס האָבנ אָנגעהויבנ אלצ טיפער ארײַנדרינגענ אינ דאָרפ ארײַנ, האָבנ אָנגעהויבנ שאפנ שטיצ=פונקטנ אינ דער ארמיי אונ אינ פלאָט.

אָנהייב דעקאבער 1905 יאָר איז לענינ ארויסגעפאָרנ קיינ טאַמערפאָרס (פינלאנד) אפ דער ערשטער קאָנפערענצ פונ די באָלשעוויקעס. דאָ האָבנ זיכ צומ ערשטנ מאָל באַגעגנט לענינ אונ סטאלינ. זיי האָבנ צוזאמענ געארבעט אינ דער קאָמיסיע, אפ אויסארבעטנ די רעזאָליוציע וועגנ דער מעלוכע=דומע.

לענינ איז ארויסגעטראָטנ מיט צוויי פאָרטראָגנ — וועגנ דעמ לויפנדיקנ מאָמענט אונ וועגנ דער אגראר=פראגע. „דאָס זײַנענ געווענ באַגײַסטערטע רעדעס, וואָס האָבנ ארויסגערופנ שטורמישע אנציקונג בא דער גאנצער קאָנפערענצ, — דערמאָנט זיכ כאַווער סטאלינ. — די אויסערגעוויינלעכע איבערצײַגונגס=קראפט, די פּאָשעטקײַט אונ קלאָרקײַט פונ דער ארגומענטאציע, די קורצע אונ פאַר אלעמענ פאַרשטענדלעכע פראזעס, אָנ פאָזע, אָנ קאָפּשווינדלדיקע זשעסטנ אונ עפעקטפולע פראזעס, וועלכע זײַנענ אויסנ צו מאכנ אנ אײַנדרוק, — דאָס אלצ האָט צומ גוטנ אונטערשיידט לענינס רעדעס פונ די רעדעס פונ געוויינלעכע „פּארלאמענטישע" רעדנער.

מיכ האָט אָבער דאנ באַצויבערט ניט די דאָזיקע זײַט פונ לענינס רעדעס. מיכ האָט באַצויבערט יענע אײַזנפעסטע קראפט פונ דער לאָגיק אינ לענינס רעדעס, וואָס באַהערשט די אאודיטאָריע עטוואָס טרוקנ, דערפאַר אָבער גרינטלעכ, וואָס עלעקטריזירט זי בעהאדראָגעדיק אונ נעמט זי דערנאָכ אינ געפאנגענשאפט, ווי מע זאָגט עס, ביזנ סאָפ" [2].

1 לענינ. ווערק, ב. VIII. ז. 384.

2 י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 27—28, מעלוכע־פארלאג „דער עמעס", 1944 י.

די קאָנפערענצ איז פאָרגעקומענ אינ דער צײַט, ווענ ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ דער באוואָפנטער אופשטאנד אינ מאָסקווע. לויט לעניִנס אײַצע האָט זי אפגיכ פארענדיקט איר ארבעט, אונ די דעלעגאטנ זײַנענ זיכ פאנאנדערגעפאָרנ אפ די ערטער, קעדײ פערזענלעכ אָנטײלצונעמענ אינעמ אופשטאנד.

די ערשטע האָבנ אָנגעהויבנ דעמ באוואָפנטנ קאמפ די מאָסקווער ארבעטער, אָנגעפירט פונ מאָסקווער סאָוועט פונ ארבעטער-דעפוטאטנ בעראָש מיט די באָלשעוויקעס. דעמ זיבעטנ דעקאבער האָט זיכ אינ מאָסקווע אָנגעהויבנ א פאָליטישער שטרײַק, דעמ נײַנטנ האָבנ זיכ באוויזנ די ערשטע באריקאדנ. אינ משעכ פונ 9 טעג האָבנ עטלעכע טויזנט באוואָפנטע ארבעטער געפירט א העלדישנ קאמפ. ערשט נאָכנ אריבערװארפנ פאָלקנ פונ פעטערבורג, פונ טווער אונ פונעמ מײַרעוו-קאנט איז דער צאריזמ אימשטאנד געווענ צו דערשטיקנ דעמ אופשטאנד. די אָנפירנדיקע אָרגאנענ פונעמ אופשטאנד זײַנענ סאמע ערעוו דער שלאכט טײלווײַז ארעסטירט געוואָרנ, טײלווײַז איזאָלירט געוואָרנ. דער באוואָפנטער אופשטאנד האָט זיכ פארוואנדלט אינ אנ אופשטאנד פונ אײנצלנע ראיאָנענ, וואָס זײַנענ געווענ אָפגעריסנ אײנער פונעמ אנדערנ אונ האָבנ זיכ באגרענעצט דעריקער מיט פארטײדיקנ זיכ.

באוואָפנטע אופשטאנדנ זײַנענ פאָרגעקומענ אויכ אינ א רײ אנדערע שטעט אונ ראיאָנענ. אופשטאנדנ זײַנענ געווענ אינ קראסנאָיארסק, מאָטאָווילִיכא (פערמ), נאָוואָראָסיסק, סאָרמאָוואָ, סעוואסטאָפאָל, קראָנשטאדט. צומ באוואָפנטנ קאמפ האָבנ זיכ אופגעהויבנ אויכ די אונטערדריקטע פעלקער פונ רוסלאנד. קימאט גאנצ גרוזיע איז געווענ ארומגעכאפט מיט אנ אופשטאנד. א גרויסער אופשטאנד איז פאָרגעקומענ אינ אוקראִינע — אינ דאָנבאס. אנ אקשאָנעסדיקנ כאראקטער האָט געטראָגנ דער קאמפ אינ לעטלאנד. פונקט ווי דער מאָסקווער אופשטאנד, זײַנענ אָבער אויכ די דאָזיקע אלע אופשטאנדנ דערשטיקט געוואָרנ דורכנ צאריזמ מיט אומענטשלעכער אכזאָריעס.

דער באוואָפנטער דעקאבער-אופשטאנד האָט געליטנ א מאפּאָלע. עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א קער צו א בעהאדראָגעדיקנ צוריקטריט פונ דער רעוואָליוציע.

דער קאמפ צווישנ די באָלשעוויקעס אונ מענשעוויקעס האָט זיכ צעפלאקערט מיט נײַער קראפט. די מענשעוויקעס האָבנ אָנגעהויבנ רופנ די ארבעטער, זײ זאָלנ אופהערנ דעמ קאמפ; ווײַבאלד עס איז דערשטיקט געוואָרנ דער אופשטאנד — האָבנ זײ געטײַנעט, — האָט זיכ די רעוואָליוציע געענדיקט. נײנ, האָט זײ געענטפערט לעניִנ, די רעוואָליוציע האָט זיכ ניט געענדיקט, זי ווערט פאָרגעזעצט: ניט אָפזאָגנ זיכ דארפנ מיר פונ געווער, נאָר אנטשײדענער אונ ענערגישער זיכ נעמענ צו דעמ! מע דארפ פירנ אנ אנטשײדענעמ קאמפ קעגנ די „קאָנסטיטוציאָנעלע איליוזיעס“, וועלכע עס קולטיווירנ די קאדעטנ, עסערנ אונ מענשעוויקעס. די באָלשעוויקעס האָבנ דערקלערט אנ אקטיווונ באָיקאָט דער I מעלוכע-דומע.

נאָכ דעמ, ווי עס איז דערשטיקט געוואָרנ דער אופשטאנד, האָט

דער מענשעוויק פּלעכאַנאָוו דערקלערט: „מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמענ צום געווער“. ער האָט פאַרגליכנ זײַנ פּאָזיציע מיט דער פּאָזיציע פונ מאַרקסנ אינ 1871 יאָר. לענינ איז אָנגעפאַלנ אַפ פּלעכאַנאָוונ. נו, ווי זאָל זיך טאַקע פּלעכאַנאָוו ניט פאַרגלײַכנ מיט מאַרקסנ, — האָט ער איראָניזירט. פּלעכאַנאָוו האָט דאָך קלייַנמוטיק אונ רענעגאַטיש זיך אָפּגעזאָגט פונעם העלדישנ אופשטאַנד פונ די מאָסקווער אַרבעטער, אונ מאַרקס האָט מיט היספּײַלעס באַגריסט די היסטאָרישע איניציאַטיוו פונ די פּאַריזשער אַרבעטער, וואָס זײַנענ גרייט געווענ צו „שטורעמענ דעם הימל“. פּלעכאַנאָוו האָט דאָך געווידמעט דעם דעקאַבער=אופשטאַנד אַ „ווערק“, וואָס איז געוואָרנ קימאַט די עוואַנגעליע פונ די קאַדעטנ, אונ מאַרקס האָט אָנגעשריבנ אַ ווערק, וואָס דינט ביזנ הײַנטיקנ טאָג אַלס בעסטע ריכט=ליניע אינ קאַמפּ פאַרנ „הימל“. „דער אַרבעטער=קלאַס פונ רוסלאַנד, — האָט געשריבנ לענינ, — האָט שוינ איינ מאָל דערוויזנ אונ וועט דערווײַזנ נאָך ניט איינ מאָל, אַז ער איז פײַיק צו „שטורעמענ דעם הימל““[1].

לענינ האָט אַרויסגערוקט פאַר דער פּאַרטיי די אופגאַבע: אונטערצוגנ די סאַכאַקלענ פונ דעם ערשטנ יאָר רעוואָליוציע, דערלערנענ די דערפאַרונג פונ די אָקטיאַבער= אונ דעקאַבער=שלאַכטנ. מיט דער גרעסטער אופמערקזאַמקײַט אונ קאָנצענטרירטקײַט איז ער צוגעטראָטנ צום דערלערנענ די דאָזיקע סאַכאַקלענ. לענינ האָט געשריבנ אינ פיל פונ זײַנע אַרטיקלענ: דער פעריאָד אָקטיאַבער—דעקאַבער האָט באַוויזנ, וואָסערע קאָלאָסאַלע רעזערווונ רעוואָליוציאָנערע ענערגיע עס זײַנענ פאַרבאָרגנ אינעם אַרבעטער=קלאַס; די לעקציעס פונעם דעקאַבער=אופשטאַנד האָבנ נאָכאַמאָל דערמאָנט וועגנ דעם, אַז אופשטאַנד — דאָס איז קונסט, אונ דער הויפּט=קלאַל פונ דער דאָזיקער קונסט איז — אומגעהייער דרייסטער, לאַכלוטנ אַנטשיידענער אָנגריפ.

די דערפאַרונג פונ די אָקטיאַבער= אונ דעקאַבער=שלאַכטנ האָט לענינ פאַראַלגעמיינערט אינ זײַנ באַוווסטער אַרבעט „דער זיג פונ די קאַדעטנ אונ די אופגאַבנ פונ דער אַרבעטער=פּאַרטיי“ (אָנגעשריבנ אינ מאַרט 1906 יאָר). לענינ האָט זײַנ שאַרפנ קלאַפּ געווענדט קעגנ די קאַדעטנ, די דאָזיקע „קייווער=ווערעמ פונ דער רעוואָליוציע“ אונ קעגנ זייערע אונטערבאָמקער — די מענשעוויקעס. פּאַרטיידיקנדיק מאַרקס' אידיי וועגנ דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, האָט לענינ זי באַרײַכערט מיט דער דערפאַרונג פונ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע. דער מענשעוויסטישער אָפּאָרטוניסטישער אָפּשאַצונג פונ די סאָוועטנ אַלס אָרגאַנענ פונ זעלבסטפאַרוואַלטונג האָט ער קעגנגעשטעלט זײַנ אָפּשאַצונג פונ די סאָוועטנ אַלס אָרגאַנענ פונ באַוואָפנטנ אופשטאַנד, אַלס עמבריאָנעלע אָרגאַנענ פונ אַ נײַער, רעוואָליוציאָנערער מאַכט. אינ 1920 יאָר האָט לענינ אָנגעוויזנ, אַז „די שטרײַטנ וועגנ דער באַדײַטונג פונ די סאָוועטנ זײַנענ שוינ דעמאָלט געווענ פאַרבונדנ מיט דער פראַגע וועגנ דיקטאַטור“[2].

---

1 לענינ. ווערק, ב. X, ז. 367.

2 לענינ. ווערק, ב. XXV, ז. 433.

אינעם בוכ „דער זיג פונ די קאדעטנ און די אופגאבנ פונ דער ארבעטער-פארטיי" האָט לענינ געשריבנ: „די דאָזיקע אָרגאנענ זײַנענ געשאפנ געוואָרנ אויסשליסלעכ דורכ די ר ע וו אָ ל י וצ י אָ נ ע ר ע ש י כ ט נ פונ דער באפעלקערונג, זיי זײַנענ געשאפנ געוואָרנ אויסער יעטווידע געזעצנ און נאָרמעס אפ א דורכויס רעוואָליוציאָנערנ אופנ, אלס פראָדוקט פונ אָריגינעלער פאָלקס-שאפונג, אלס אנטפלעקונג פונ דער זעלבסטטעטיקײַט פונעם פאָלק, וואָס האָט זיכ באפרײַט אָדער וואָס באפרײַט זיכ פונ די אלטע פאָליצייִשע פענטעס. דאָס זײַנענ, ענדלעכ, געווענ מאַקע מ א כ ט-אָרגאנענ, ניט געקוקט אפ זייער גאנצער עמבריאָנאלקײַט, סטיכישקײַט, ניט-אויסגעפורעמטקײַט, צעשוומענקײַט אינעם באשטאנד און אויכ אינעם פונקציאָנירנ... דאָס זײַנענ אָנ צווייפל געווענ עמבריאָנענ פונ א נײַער, א פאָלקישער, אָדער, אויב איר ווילט, א רעוואָליוציאָנערער רעגירונג. לויט איר סאָציאל-פאָליטישנ כאראקטער, איז עס געווענ, אינ עמבריאָנ, די דיקטאטור פונ די רעוואָליוציאָנערע עלעמענטנ פונעם פאָלק"[1].

די נייטיקייט אונטערצוציענ די סאכאקלענ פונ דעם ערשטנ יאָר רעוואָליוציע האָט דיקטירט אויכ דער אומשטאנד, וואָס עס איז פאָרגעשטאנענ דער פארייניקונגס-צוזאמענפאָר מיט די מענשעוויקעס. נעמענדיק אינ אכט די פאָדערונגענ פונ די ארבעטער וועגנ אײַנשטעלנ אנ אייגהייטלעכע אָנפירונג מיטנ קאמפ פונ די מאסנ, האָבנ די באָלשעוויקעס נאָכ אפ דער טאמערפאָרסער קאָנפערענצ אָנגענומענ א באשלוס וועגנ אופשטעלנ צוריק די אייגהייט פונ דער פארטיי. די באָלשעוויקעס האָבנ פאָרגעלייגט די מענשעוויקעס צונויפצורופנ א פארייניקונגס-צוזאמענפאָר. אונטערנ דרוק פונ די מאסנ זײַנענ די מענשעוויקעס געצוווּנגענ געווענ אײַנצוגייִנ דערופ. פארטיידיקנדיק די נויטווענדיקייט פונ א פארייניקונג, איז לענינ אינ דער זעלבער צײַט געווענ קעגנ פארווישנ די מיינונגס-פארשיידנהייטנ צווישנ די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס. קריטיקירנדיק די שאָלעמ-מאכער, האָט לענינ נאָכ אינ אָקטיאבער 1905 יאָר געשריבנ צו די מיטגלידער פונ צק: „מיר טאָרנ ניט צונויפמישנ די פּאָליטיק פונ פארייניקנ צ וו יי טיילנ מיט צ ו נ ו י פ פ ל אָ נ ט ע ר נ ביידע טיילנ. פארייניקנ צוויי טיילנ — זײַנענ מיר מאסקים. צונויפפלאָנטערנ די צוויי טיילנ — קיינמאָל ניט"[2]. לענינ האָט געפאָדערט, אז די באָלשעוויקעס זאָלנ קומענ אפנ צוזאמענפאָר מיט זייער אייגענער פלאטפאָרמ איבער אלע פראגנ פונ דער רעוואָליוציע, קעדיי די ארבעטער זאָלנ קלאָר זענ דעמ פרינציפּיעלנ אונטערשייד צווישנ די באָלשעוויקעס און די מענשעוויקעס און זאָלנ קאָנענ מאכנ א באוווסטזיניקנ אויסוואל צווישנ זיי.

מיט דעם ציל האָט לענינ פאנאנדערגעארבעט צום צוזאמענפאָר די טאקטישע פלאטפאָרמ פונ די באָלשעוויקעס. אינ פעווראל—מארט 1906 יאָר איז אָט די פלאטפאָרמ באהאנדלט געוואָרנ אפ א ריי פארטיי-באראטונגענ אונטער לענינס אָנפירונג: צוערשט אינ קואָקאלא (פינ-

1 לענינ. ווערק, ב. IX, ז. 116, 117.
2 לענינ. ווערק, ב. VIII, ז. 247.

לאנד), אפ דער דאטשע „וואזא“, וווהינ לענינ איז דעמלט געווענ געצווונגענ אריבערצופאָרנ פונ פעטערבורג; דערנאָכ אינ מאָסקווע, ווו לענינ האָט ביים איינער אזא בעראטונג ריינ צופעליק אויסגעמיטנ אנ ארעסט; אונ, לעסאָפ, אינ פעטערבורג. לענינ האָט גענומענ א הייסנ אָנטייל אינ דער שארפער פאָרצוזאמענפאָר-דיסקוסיע, ארויסטרעטנדיק קעגנ די מענשעוויסטישע לידערס אפ א סאכ פארטיי-פארזאמלונגענ אינ פעטערבורג.

גרייטנדיק זיכ צומ צוזאמענפאָר, האָט לענינ א באזונדערע אופמערקזאמקייט אָפגעגעבנ דער אגראר-פראגע. ער האָט זיכ באטייליקט אינ דער ארבעט פונ דער אגראר-קאָמיסיע, האָט אָנגעשריבנ די בראָשור „דאָס איבערקוקנ די אגראר-פראָגראמ פונ דער ארבעטער-פארטיי“, ווו ער האָט פארטיידיקט אונ באגרינדעט דעמ באָלשעוויסטישנ טעזיס וועגנ קאָנפיסקירנ די פריצישע ערד אונ נאציאָנאליזירנ די גאנצע ערד אינ פאל, ווענ די רעוואָליוציע וועט זיגנ.

פארנ אָפפאָרנ קיינ אויסלאנד אפנ צוזאמענפאָר האָט לענינ דורכגעפירט אינ פעטערבורג א בעראטונג פונ די דעלעגאטנ באָלשעוויקעס. כאווער וואָראָשילאָוו, וואָס איז געווענ דעלעגאט פונ דער לוגאנסקער אָרגאניזאציע אונ האָט דעמלט צומ ערשטנ מאָל דערזענ לענינענ, דערמאָנט זיכ, וואָס פאר א טיפנ איינדרוק עס האָט געמאכט אפ זיי דער דאָזיקער שמועס לענינס. נאָכ די פאָרטראָגנ פונ די אָנטיילנעמער פונ דער בעראטונג וועגנ דער פארטיי-ארבעט אפ די ערטער האָט וולאדימיר איליטש קורצ פאָרמולירט די אלגעמיינע לאגע אונ גלייכ נאָכ דעמ גענומענ שמועסנ מיט די דעלעגאטנ.

„אינ די שמועסנ האָט וולאדימיר איליטש א סאכ געוויצלט זיכ אונ צווישנ די שפאסנ האָט ער געשטעלט דאָ איינעמ, דאָ א צווייטנ א שלאל פארשיידענע, אָפט אומגעריכטע פראגנ. אימ האָט אינטערעסירט בוכשטעבלעכ אלצ. ער האָט מיט אנ אלציינעמ אינטערעס אויסגעהערט אי וועגנ דעמ, ווי עס זיינענ דורכגעגאנגענ די וואלנ צו דער מעלוכע-דומע, אי וועגנ די אינטריגעס פונ די מענשעוויקעס, אי וועגנ די קאדעטנ, אי וועגנ אונדזערע קאמפס-דרוזשינעס, וועגנ זייעלער אונ באוואָפענונג, וועגנ די קאזאקנ פונ די סטאניצעס, וואָס בא לוגאנסק, אונ וועגנ די פויערימ, וואָס האָבנ פארכאפט די ערד בא די פריצימ, אאוו. אאוו.

איכ געדענק, ווי איצט, מיט וואָס פאר א באגייסטערונג וולאדימיר איליטש פלעגט אונטערכאפנ די אָדער יענע מיטיילונג, וואָס האָט אנטשפראָכנ זיינע געדאנקענ, האָט באשטעטיקט זיינע האשאָרעס... סאָמע פארנ אוועקגיינ האָט וולאדימיר איליטש גענומענ ריידנ וועגנ דעמ צוזאמענפאָר אונ וועגנ אונדזערע (באָלשעוויסטישע) פערספעקטיווג...
איצט האָבנ מיר שוינ מיט אונדזערע אייגענע אויגנ געזענ אונ געהערט דעמ, וואָס איז געווענ דער ווירקלעכער בויער פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציאָנערער פארטיי אונ איר אומדערמידלעכער באוואכער אונ פירער.

מיר האָבנ געפילט, אז אונדזער לענינ ווייסט גענוי די וועגנ אונ מיטלענ צו פארטיידיקנ די רעוואָליוציע אונ די רעוואָליוציאָנערע סאָ=

ציאל־דעמאָקראטיע, וואָס אפ איר גורל איז אויסגעפאלנ אָנצופירנ מיט דער גרויסער באפרײַונגס־באוועגונג אינ רוסלאנד"[1].

אינ אפריל 1906 יאָר איז אינ שטאָקהאָלמ (שוועדנ) זיכ צונויפ־געקומענ דער IV, דער „פארייניקונגס"־צוזאמענפאָר פונ דער רסדאפ. אפנ צוזאמענפאָר איז פאָרגעקומענ בלויז א פאָרמעלע פארייניקונג. אינ טאָכ גענומענ זײַנענ די באָלשעוויקעס אונ די מענשעוויקעס גע־בליבנ באַ זייערע אָנשויונגענ, מיט זייערע אייגענע זעלבשטענדיקע אָרגאניזאציעס. אפנ צוזאמענפאָר האָט זיכ צווישנ די באָלשעוויקעס אונ די מענשעוויקעס פאנאנדערגעוויקלט א שארפער קאמפ. לענינ איז ארויסגעטראָטנ איבער אלע גרונט־פראגנ פונעמ צוזאמענפאָר: וועגנ דער אגראר־פראָגראמ, וועגנ דער אָפשאצונג פונעמ מאָמענט אונ פונ די קלאסנ־אויפגאבנ פונעמ פראָלעטאריאט, וועגנ דעמ באוואָפנטנ אויפ־שטאנד, וועגנ דער באציִונג צו דער מעלוכע־דומע, וועגנ די אָרגאני־זאציִאָנעלע פראגנ. אונטער לענינס אָנפירונג האָבנ אלס צוזאמענבא־העפטער אָטריאד געקעמפט זײַנע קאמפס־כאווײרימ אונ טרײַע שילער: סטאלינ, קאלינינ, וואָראָשילאָוו, פרונזע, שאומיאנ אונ אנדערע. די מענשעוויקעס האָבנ געהאט אפנ צוזאמענפאָר אנ אומבאדײַטנדיקע קרעפטנ־איבערוואָג. די באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציעס זײַנענ שטארק צעקלאפט געוואָרנ נאָכנ דעקאבער־אויפשטאנד, אונ ניט אלע האָבנ גע־קאָנט שיקנ דעלעגאטנ אפנ צוזאמענפאָר. די מענשעוויקעס האָבנ דורכ־געפירט זייערע באשלוסנ אינ א רײַ פראגנ.

לענינ איז אָבער ניט אראָפגעפאלנ באַ זיכ; ער איז געווענ פעסט איבערצײַגט אינ קינפטיקנ זיג איבער די מענשעוויקעס. „איכ האָב דעמלט דאָס ערשטע מאָל געזענ לענינענ אינ דער ראָליע פונ א בא־זיגטנ, — דערמאָנט זיכ כאווער סטאלינ, — ער איז אפ קיינ האָר ניט ענלעכ געווענ אפ יענע פירער, וואָס כניקענ אונ פאלנ אראָפ בא זיכ נאָכ א מאפּאָלע. פארקערט, די מאפּאָלע האָט פארוואנדלט לענינענ אינ א קנויל ענערגיע, וואָס דערמוטיקט זײַנע אָנהענגער צו נײַע שלאכטנ, צומ קינפטיקנ זיג. איכ רייד וועגנ לענינס מאפּאָלע. וואָס איז דאָס אָבער געווענ פאר א מאפּאָלע? ס'איז קעדײַ געווענ א קוק צו טאָנ אפ לענינס קעגנער, די זיגער אפנ שטאָקהאָלמער צוזאמענ־פאָר — אפ פלעכאנאָוו, אקסעלראָדנ, מארטאָוו אונ די אנדערע: זיי זײַנענ זייער קנאפ ענלעכ געווענ אפ ווירקלעכע זיגער, ווײַל לענינ האָט אינ זײַנ אָנראכמאָנעסדיקער קריטיק פונעמ מענשעוויזמ קיינ גאנצנ אייווער, ווי מע זאָגט עס, אינ זיי ניט איבערגעלאָזט. איכ געדענק, ווי מיר, די דעלעגאטנ באָלשעוויקעס, האָבנ זיכ צונויפגענומענ אינ א בינטל אונ געקוקט אפ לענינענ, פרעגנדיק בא אימ אנ אייצע. אינ די רייד פונ אייניקע דעלעגאטנ האָט זיכ געלאָזט פילנ מידקײַט, גע־פאלנקײַט. עס געדענקט זיכ, ווי לענינ האָט, ענטפערנדיק אפ אזוינע רייד, בײַסיק דורכגעזײַט צווישנ די ציינ: „כניקעט ניט, כאווײרימ, מיר וועלנ זיכער זיגנ, ווײַל מיר זײַנענ גערעכט". האס צו כניקענ־דיקע אינטעליגענטנ, גלויבנ אינ די אייגענע קויכעס, גלויבנ אינעמ

[1] ק. וואָראָשילאָוו. לענינ, סטאלינ אונ די רויטע ארמיי, 1934 י. ז. 103 — 104.

זינ — אָט וועגנ וואָס לענינ האָט מיט אונדז דאנ גערעדט. ס'האָט זיכ געפילט, אז די מאפּאָלע פונ די באָלשעוויקעס איז א צײַטווײַליקע, אז די באָלשעוויקעס מוזנ זײַנ אינ דער נאָענטסטער צוקונפט.

„ניט כניקענ אינ פאל פונ א מאפּאָלע" — דאָס איז יענע באזונדערקײַט אינ לענינס טעטיקײַט, וואָס האָט אים געהאָלפנ צו באהעפטנ ארומ זיכ אנ ארמיי, וואָס איז איבערגעגעבנ ביזנ סאָפ אינ וואָס גלייבט אינ אירע קויכעס"[1].

לענינ האָט גערופנ די באָלשעוויקעס צומ אנטשיידענעמ, אָפענעמ אונ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפּ קעגנ די מענשעוויקעס, קעגנ די אָפּאָרטוניסטישע באשלוסנ פונעמ צוזאמענפאָר, קעגנ דעמ מענשעוויסטישנ צק. טייקעפ נאָכנ צוזאמענפאָר האָט לענינ דורכגעפירט א באראטונג פונ די באָלשעוויקעס — די דעלעגאטנ פונעמ צוזאמענפאָר. די באראטונג האָט אָנגענומענ א ווענדונג צו דער פארטיי, וואָס לענינ האָט פאָרגעלייגט. אינ דער ווענדונג איז געגעבנ געוואָרנ א באָלשעוויסטישע אָפּשאצונג פונ די סאכאקלענ פונעמ צוזאמענפאָר, זײַנענ אויפגעדעקט געוואָרנ זײַנע גרונט-טאָעסנ (דאָס אָנעמענ די מענשעוויסטישע פּראָגראמ פונ מוניציפּאליזירונג פונ דער ערד, דאָס אָפּזאָגנ זיכ פונעמ קאמפּ קעגנ די קאָנסטיטוציאָנעלע איליוזיעס אונ דאָס כאראקטערירנ די מעלוכע-דומע אלס דאָס בעסטע מיטל צו באפרײַענ דאָס פאָלק פונעמ צאריזמ, דאָס פעלנ פונ אנ אָפּשאצונג פונ דער דערפארונג פונ די אָקטיאבער- אונ דעקאבער-שלאכטנ פונ 1905 יאָר).

נאָכנ צוזאמענפאָר האָט זיכ לענינ אומגעקערט קיינ פּעטערבורג. דאָ האָט ער געוווינט בּיז יאנוואר 1907 יאָר, ווענ ער האָט זיכ ווידער באזעצט אינ קואָקאלא אפ דער דאטשע „וואזא", קעדיי זיכ צו באהאלטנ פונ די פּאָליצײַשע שפּירהינט. אינ אויסערסט שווערע באדינגונגענ, אינ אנ אומלעגאלער לאגע, אריבערגייענדיק פונ איינ דירע אינ א צווייטער, נעכטיקנדיק דאָ בא קרוווימ, דאָ בא פרײַנט אונ באקאנטע, האָט לענינ אומדערמידלעכ געפירט א קאָלאָסאלע אונ אָנגעשטרענגטע ארבעט. ער פלעגט ארויסטרעטנ אפ פּארטיי-פארזאמלונגענ אונ ארבעטער-פארזאמלונגענ, האָט געשריבנ ארטיקלענ אונ בראָשורנ, האָט דירעקט אָנגעפירט מיט דער פארטיי-פּרעסע אונ מיט דער ארבעט פונ די באָלשעוויקעס צו אָרגאניזירנ די מאסנ. פאר אָט דער צײַט האָט לענינ אָנגעשריבנ מער ווי הונדערט ארטיקלענ אונ בראָשורנ.

ניט רעכנענדיק זיכ מיט דער געפאר, איז לענינ דעמ 9' מײַ 1906 יאָר אונטער דער פאמיליע קארפּאָוו ארויסגעטראָטנ אפ א קאָלאָסאלנ מיטינג אינ פאניגאס פאָלקס-הויז. דאָרט זײַנענ בײַגעווענ ארבעטער פונ אלע ראיאָנענ פונ פעטערבורג. עס זײַנענ ארויסגעטראָטנ פאָרשטייער פונ אלע פארטייענ. דער לעצטער האָט גענומענ דאָס וואָרט לענינ. ער האָט דעמאָסקירט די קאדעטישע פּאָליטיק פונ אנ אויסגלײַכ מיטנ צאריזמ אפנ כעזשבנ פונ פאָלק. די אונטערהאנדלונגענ, — האָט אָנגעוויזנ לענינ, אינ זינענ האָבנדיק די אונטערהאנדלונגענ, וואָס

[1] י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 28—29, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס", 1944 י.

די קאדעטנ האָבנ געפירט מיט די צארישע מיניסטאָרנ, — זײַנענ א צוגרייטונג צו אנ אויסגלײַכ; אנ אויסגלײַכ איז דער פּראקטישער רעזולטאט פונ אונטערהאנדלונגענ. דער קוועל פונ דער רעוואָליוציע איז אינ דער אנטוויקלונג פונ דעמ קלאסנ-באוווסטזײַנ פונעמ פּראָלעטאריאט, אינ דער אנטוויקלונג פונעמ פּאָליטישנ באוווסטזײַנ פונעמ פויערטומ. ווענ א סאָציאל-דעמאָקראט קריטיקירט די קאדעטישע פּאָליטיק, אנטוויקלט ער דעמ דאָזיקנ באוווסטזײַנ, פארשטארקט ער די רעוואָליוציע. ווענ א קאדעט דרייט דעמ פאָלק דעמ קאָפּ מיט זײַנע דראָשעס, פארטונקלט ער דעמ דאָזיקנ באוווסטזײַנ, שוואכט ער אָפּ די רעוואָליוציע. דעריבער איז אונדזער אויפגאבע, האָט לענינ דערקלערט, דעמאסקירנ די קאדעטנ, צעשטערנ זייער ווירקונג אפ די מאסנ. מע דארפ אָנווענדנ אלע קויכעס, אז דער פּראָלעטאריאט זאָל אויכ באמ נײַעמ אויפשטײַג פונ דער רעוואָליוציע שפּילנ די ראָליע פונ א פירער פונ דער זיגרײַכער רעוואָליוציאָנערער ארמיי.

לענינס רעדע האָט געמאכט אנ אומפארגעסלעכנ אײַנדרוק. „נאָכנ קאָדעט אגאָראָדניקאָוו, — דערמאָנט זיכ קרופּסקאיא, — האָט דער פּאָרזיצער געגעבנ דאָס וואָרט קארפּאָוונ. איכ בינ געשטאנענ צווישנ אוילעמ. איליטש איז געווענ מוירעדיק אויפגערעגט. א מינוט צײַט איז ער געשטאנענ שווײַגנדיק, א שרעקלעכ בלאסער. דאָס גאנצע בלוט איז אימ אָפּ צומ הארצנ. אונ ס'האָט זיכ גלײַכ געלאָזט פילנ, ווי די אויפרעגונג פונעמ רעדנער גיט זיכ איבער דער אאודיטאָריע. אונ פּלוצעמ איז דער זאל פארהילכט געוואָרנ מיט א דונער אפּלאָדיסמענטנ — דאָס האָבנ די פארטייער דערקענט איליטשנ. עס האָט זיכ מיר פארגעדענקט דאָס שטוינענדיקע, אויפגערודערטע פּנימ פונ אנ ארבעטער, וואָס איז געשטאנענ לעבנ מיר. ער האָט געפרעגט: ווער, ווער איז עס? קיינער האָט אימ ניט געענטפערט. די אאודיטאָריע איז ווי פארגליווערט געוואָרנ. אנ אויסערגעוויינלעכ ענטוזיאסטישע שטימונג האָט ארומגעכאפּט אלע אָנוועזנדיקע נאָכ איליטשס רעדע, אינ דער דאָזיקער מינוט האָבנ אלע געטראכט וועגנ דעמ פארשטייענדיקנ קאמפּ ביזנ סאָפּ“[1]. אָנגענומענ די רעזאָליוציע, וואָס לענינ האָט פאָרגעלייגט, זײַנענ די ארבעטער, זינגענדיק רעוואָליוציאָנערע לידער, ארויס אינ גאס.

די ארבעטער אונ די רעוואָליוציאָנערע פויערימ האָבנ נאָכנ דעקאבער-אויפשטאנד גענומענ אָפּטרעטנ לאנגזאמ, מיט שלאכטנ. דער רעוואָליוציאָנערער קאמפּ האָט זיכ זומער אונ הארבסט 1906 יאָר ווידער פארשטארקט. עס האָט זיכ ווידער אויפגעהויבנ א כוואליע פּאָליטישע שטרײַקנ. עס האָט זיכ צעפלאקערט דער קאמפּ פונעמ פויערטומ קעגנ די פּריצימ. אינ קראָנשטאדט אונ אינ סוועאבאָרג זײַנענ אויפגעשטאנענ די מאטראָסנ.

די באָלשעוויקעס האָבנ ווידער אָנגעהויבנ ארויסלאָזנ זייער לעגאלע צײַטונג (נאָכ דעמ, ווי די צארישע רעגירונג האָט אינ דעקאבער 1905 יאָר פארמאכט די „נאָוואיא זשיזנ“). זי איז דערשינענ

[1] נ. ק. קרופּסקאיא. דערינערונגענ וועגנ לענינענ. ז. 116—117.

אונטער פארשיידענע נעמענ: „וואָלנא“, „וופּעריאָד“, „עכאָ“. לענינ
האָט רעדאגירט די דאָזיקע צייטונגענ. אויסנוצנדיק די פאקטנ פונ דער
ארבעט פונ דער I מעלוכע=דומע, האָט ער אינ זיינע ארטיקלענ דע=
מאסקירט די צארישע רעגירונג אונ די קאדעטנ, באוויזנ די פויערים,
אז זיי האָבנ ניט וואָס צו דערווארטנ פונ דער דומע ניט קיינ ערד,
ניט קיינ פרייהייט. ער האָט פאָרויסגעזאָגט, אז דער קייסער וועט צע=
טרייבנ די מעלוכע=דומע, האָט שארפ קריטיקירט די מענשעוויקעס
פאר שטיצנ די קאדעטנ אינ דער מעלוכע=דומע. א שארפער קאמפ
איז אויסגעבראָכנ ארומ דעמ קאדעטישנ לאָזונג פונ א „דומע=מיניס=
טעריומ“ (דאָס הייסט, א מיניסטעריומ, וואָס זאָל זיינ פאראנטוואָרט=
לעכ פאר דער דומע) — א לאָזונג, וואָס די מענשעוויקעס האָבנ אימ
אונטערגעהאלטנ. קעגנ דעמ מענשעוויסטישנ צק איז ארויסגעטראָטנ
דער באָלשעוויסטישער פעטערבורגער קאָמיטעט, וואָס אָנגעפירט מיט
אימ האָט לענינ. לענינ האָט שארפ קריטיקירט די אָפּאָרטוניסטישע
לאָזונגענ, וועלכע דער מענשעוויסטישער צק האָט ארויסגערוקט נאָכ
דעמ, ווי אינ יול 1906 יאָר איז צעטריבנ געוואָרנ די I מעלוכע=
דומע. אינ דער מענשעוויסטישער פאָליטיק פונ וואקלונגענ אונ אומ=
אנטשלאָסנקייט האָט לענינ אויפגעדעקט דעמ עמבריאָנ פונ דער צו=
קינפטיקער ליקווידאטאָרסטווע, דאָס געמיינע אָפּזאָגנ זיכ פונ דעמ העל=
דישנ אָקטיאבער= אונ דעקאבער=קאמפ פונ די ארבעטער.

די וואלנ צו דער II מעלוכע=דומע האָבנ ווידעראמאָל אויפגע=
שטעלט די פראגע וועגנ דער באציונג צו דער דומע. אלס עכטער
דיאלעקטיקער לייזט לענינ די דאָזיקע פראגע, ארויסגייענדיק ניט פונ
קיינ אבסטראקטע מאָטיווג, נאָר פונעמ קאָנקרעטנ אנאליז פונ דער
סיטואציע. דער באָיקאָט פונ דער I דומע האָט, עמעס, היפּש אונ=
טערגעריסנ איר אויטאָריטעט, ער האָט אָבער ניט געקאָנט אָראָפּרייסנ
זי, ווייל ער איז דורכגעפירט געוואָרנ שוינ אינ א סיטואציע, ווענ
די רעוואָליוציע איז געגאנגענ בארג=אראָפּ. די וואלנ צו דער II דומע
זיינענ פאָרגעקומענ אינ באדינגונגענ פונ דעמ נאָכ אלץ דויערנדיקנ
אָפּפלוס פונ דער רעוואָליוציאָנערער כוואליע. אינ דער דאָזיקער סי=
טואציע איז נויטווענדיק געווענ אויסצונוצנ די מעלוכע=דומע אונ די
וואלנ צו איר פאר רעוואָליוציאָנערער פראָפּאגאנדע. אינ 1905 יאָר
האָט לענינ געלערנט די פארטיי די קונסט פונ רעוואָליוציאָנערנ אָנ=
גריפ, איצט לערנט ער די פארטיי, וויאזוי ריכטיק אונ אָרגאניזיר=
טערהייט אָפּטרעטנ, צאָפּטרעטנ די לעצטע, קעדיי אָנזאמלענ קויכעס
אונ ווידער אריבערגייג אינ א נאָכ מעכטיקערנ אָנגריפ קעגנ סוינע.

די מענשעוויקעס זיינענ ארויסגעטראָטנ פאר א וואל=פארשטענדי=
קונג מיט די קאדעטנ, פאר שטיצנ די קאדעטנ אינ דער דומע. די
באָלשעוויקעס האָבנ פארטיידיקט די פולע זעלבשטענדיקייט פונ דער
פארטיי אינ דער וואל=קאמפּאניע אונ די טאקטיק פונ א „לינקנ בלאָק“
ביים די וואלנ אונ אינ דער דומע גופע, דאָס הייסט די טאקטיק פונ
א פארשטענדיקונג מיט די אַזויגערופענע ארבעטס=פארטייענ אלס פאָר=
שטייער פונ דער דעמאָקראטישער קליינ=בורזשואזיע פונ שטאָט אונ
דאָרפ.

א באזונדערס שארפנ כאראקטער האָט באקומענ דער קאמפ קעגנ די מענשעוויקעס אינ פעטערבורג. די קאָנפערענצ פונ דער פעטערבורגער אָרגאניזאציע פונ דער רסדאפ האָט אינ יאנואר 1907 יאָר לויט לענינס פאָרטראָג אָנגענומענ זײַנע פאָרשלאָגנ. געליטנ דאָ א גרויסע מאפּאָלע, האָבנ די מענשעוויקעס, אונטערשטיצט פונ צק, ווו די מענשעוויקעס האָבנ געהאט אנ איבערוואָג, גענומענ זיכ פאר דעזאָרגאניזאטאָרישע, שפאלטערישע מעסים. לענינ האָט באוויזנ, וויאזוי די מענשעוויקעס פארקויפנ די קאדעטנ הינטערנ רוקנ פונ די ארבעטער מאסנ די שטימענ פונ די ארבעטער. לענינס בראָשור „די וואלנ אינ פעטערבורג און די צוויִעס פונ די 31 מענשעוויקעס“ און אנדערע זײַנע ארויסטרעטונגענ האָבנ פולשטענדיק דעמאסקירט די מענשעוויקעס. דער מענשעוויסטישער צק האָט צוגעצויגנ לענינען צומ פארטיי=געריכט. דער דאָזיקער באשלוס פונעמ צק האָט ארויסגערופנ א גוואלדיקע אופרעגונג אינ די פארטיי=אָרגאניזאציעס. לענינ איז ארויסגעטראָטנ אפנ געריכט מיט א שארפער דעמאסקירונגס=רעדע: דעמ געריכט איבער זיכ האָט לענינ פארוואנדלט אינ א געריכט איבער די מענשעוויקעס, איבער דעמ מענשעוויסטישנ צק. לענינ האָט קלאָר און אָפנ דערקלערט, אז מיט זײַנע שארפע ארויסטרעטונגענ קעגנ די מענשעוויקעס האָט ער געשטרעבט „ארויסצורופנ אינ דער מאסע האס, עקל, פאראכטונג צו די דאָזיקע מענטשנ, וועלכע האָבנ *אופגעהערט* צו זײַנ מיטגלידער פונ אנ איינהייטלעכער פארטיי, וועלכע זײַנענ געוואָרנ פאָליטישע סאָנים, וואָס שטעלנ אונטער א פיסל אונדזער ס.=ד. אָרגאניזאציע אינ איר וואל=קאמפאניע. בנוגע *אזוינע* פאָליטישע סאָנימ האָב איכ געפירט דעמלט — און אויב עס וועט זיכ איבערכאזערנ און אנטוויקלענ די שפאלטונג, וועל איכ *שטענדיק* *פירנ* — א קאמפ א *פארניכטנדיקנ*“[1]. פארויספילנדיק זײַנ פולע מאפּאָלע, האָט דער מענשעוויסטישער צק ליקווידירט דעמ איניענ.

דער אָנגריפ פונ דער רעאקציע האָט זיכ אלצ פארשטארקט. לענינ פארפעסטיקט ענערגיש דעמ אומלעגאלנ פארטיי=אפאראט. עס ווערט אלצ שווערער רעגולער ארויסצולאָזנ א לעגאלע צײַטונג. אינ יול 1906 יאָר האָט די צארישע רעגירונג פארמאכט די לעגאלע באָלשעוויסטישע צײַטונג „עכאָ“; פונ אויגוסט אָנ האָבנ די באָלשעוויקעס ווידער אָנגעהויבנ ארויסלאָזנ דעמ אומלעגאלנ „פראָלעטארי“ אונטער לענינס רעדאקציע. אינ יעדנ נומער פלעגנ דערשײַנענ זײַנע ארטיקלענ.

אינ פעווראל 1907 יאָר האָט זיכ געעפנט די II מעלוכע=דומע. אָפערירנדיק מיט קאָנקרעטע פאקטנ פונ איר טעטיקײַט, פלעגט לענינ אפ די שפאלטנ פונ „פראָלעטארי“ און פונעמ פאָפולערנ אָרגאנ „וופעריאָד“, ווי אויכ פונ די באָלשעוויסטישע לעגאלע צײַטונגענ „נאָווי לוטש“ און „נאשע עכאָ“ דעמאסקירנ די מאנעוורענ פונ דער צארישער רעגירונג; ער האָט באוויזנ, וויאזוי די קאדעטנ גייענ אפ אנ אויסגלײַכ מיט דער מאָנארכיע, וויאזוי זיי פאראטנ און פארקויפנ די אינטערעסנ פונעמ פאָלק. לענינ האָט פאָרויסגעזאָגט, אז די זעלבסט=

[1] לענינ. ווערק, ב. XI, ז. 221.

הערשונג וועט אינגיכנ צעטרײַבנ אויכ די II מעלוכע=דומע, אז די
שווארצמייעניקעס גרייטנ א מעלוכע=איבערקערעניש. דער אַפּאַרטונים=
טישער טאקטיק פונ די מענשעוויקעס, וועלכע האָבנ איבערגעכאזערט
די קאַדעטישע לאָזונגענ, האָט לענינ קעגנגעשטעלט די באָלשעוויסטי=
שע טאקטיק, וואָס איז געווענ אויסגערעכנט אפ אָפּרײַסנ פונ די קא=
דעטנ די קלייננבירגערלעכ=דעמאָקראטישע, אינ דער ערשטער ריי —
די פּויערשע, עלעמענטנ. געדולדיק אונ גענוי האָט לענינ געלערנט
מיט די דעפּוטאטנ די ארבעטער די קונסט פונ רעוואָליוציאָנערנ אויס=
נוצנ די צארישע דומע.
דערשלאָגנ זיכ אינ אקשאָנעסדיקנ קאמפ די באהעפטונג פונ דער
מערהייט פּארטיי=אָרגאניזאציעס ארום די באָלשעוויקעס, זעט לענינ
זיכ צו דערשלאָגנ, אז ס'זאָל צונויפגערופנ ווערנ א פּארטיי=צוזאמענ=
פאָר. ער הייבט זיכ אָנ אקטיוו גרייטנ צו אים. ער דעמאסקירט אונ
ווארפט אָפּ דעמ מענשעוויסטישנ לאָזונג פונ אנ „ארבעטער=צוזאמענ=
פאָר", אלס פּרווו צו ליקווידירנ די פּארטיי אונ לאָזנ זי צעשווימענ
ווערנ אינ דער קלייננבירגערלעכער מאסע.
אינ אפּרעל—מײַ 1907 יאָר קומט פאָר אינ לאָנדאָנ דער V צו=
זאמענפאָר פונ דער רסדאפּ. לענינ האָט צוזאמענ מיט אנדערע לענינ=
צעס געפירט אפנ צוזאמענפאָר אנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ קעגנ
די מענשעוויקעס אונ קעגנ טראָצקינ, וועלכער האָט געפּרוּווט צינויפ=
שטוקעווענ אנ אייגענע צענטריסטישע גרופּע. אינ דער רעוואָליוציע
איבער לענינס פּאָרטראָג וועגנ דער באציונג צו די בורזשואזע פּאר=
טייענ האָט דער צוזאמענפאָר גענעבנ א באָלשעוויסטישע אָפּשאצונג
אָט די אלע פּארטייענ אונ האָט פאָרמולירט די באָלשעוויסטישע טאק=
טיק בענוגייע זיי: פירנ אנ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ די שווארצ=
מייעניקעס אונ אָקטיאבריסטנ; אנטשיידנ דעמאסקירנ די קאדעטנ אונ
פירנ א קאמפ קעגנ זייערע פּרווונ צו שטעלנ זיכ בעראָש פונעמ
פּויערטומ; דעמאסקירנ די פּרווונ פונ די אזויגערופענע פּאָלקיסטישע
אָדער ארבעטס=פּארטייענ (פאָלקס=סאָציאליסטנ, ארבעטס=גרופּע, עסערנ)
צוצודעקנ זיכ מיט א סאָציאליסטישער מאסקע, האלטנ באר דער=
לאָזבאר צו שליסנ מיט זיי באזונדערע פארשטענדיקונגענ אינ קאמפ
קעגנ דעמ צאריזמ אונ קעגנ די קאדעטנ, אפ וויפל די דאָזיקע פּאר=
טייענ האָבנ דעמולט אויסגעדריקט די אינטערעסנ פונ דער קליינ=בור=
זשואזיע אינ שטאָט אונ דאָרפ.
דער V צוזאמענפאָר האָט באטײַט א גרויסנ זיג פונ די באָל=
שעוויקעס אינ דער ארבעטער=באוועגונג. דער זיג האָט אָבער ניט
ארויסגערופנ בא לענינענ קיינ קאָפּשווינדל. „איכ האָב דאָנ דאָס ער=
שטע מאָל געזענ לענינענ אינ דער ראָליע פונ א זיגער, — דערמאָנט
זיכ באווער סטאלינ. — אנדערע פירער קריגנ געוויינלעכ קאָפּשווינדל
פונ א ניצאָכנ, זיי פארײַסנ די נאָז אונ בלאָזנ פונ זיכ. אָפטער פונ
אלץ הייבט מענ אָנ אינ אזעלכע פאלנ טריומפירנ, רוענ אפ די לאָר=
בער=קרענצ. גאָר לענינ איז אפ קיינ האָר ניט ענלעכ געווענ אפ אזעל=
כע פירער. פארקערט, דאפקע נאָכ א ניצאָכנ פלעגט ער ווערנ בא=
זונדערס וואכזאמ אונ פאָרזיכטיק. עס געדענקט זיכ, ווי לענינ האָט

דאנ אקשאָנעסדיק אײַנגעטײַנעט מיט די דעלעגאטנ: „צומ אלעמערשטנ — ניט פארלירנ פונעמ זיג אונ ניט איבערנעמענ זיכ; צווייטנס — פארפעסטיקנ פאר זיכ דעמ זיג; דריטנס — צעקלאפנ ביזנ סאָפ דעמ קעגנער, ווײַל ער האָט בלויז געכאפט קלעפ, ער איז נאָכ אָבער ווײַט ניט צעקלאפט ביזנ סאָפ". ער האָט בײַסיק אויסגעלאכט יענע דעלעגאטנ, וואָס האָבנ לײַכטזיניק פארזיכערט, אז „פונ הײַנט אָנ איז א סאָפ צו די מענשעוויקעס". ס'איז אימ ניט שווער געווענ צו דערווײַזנ, אז די מענשעוויקעס האָבנ נאָכ אלצ וואָרצלענ אינ דער ארבעטער=באוועגונג, אז מע דארפ קעגנ זיי קעמפנ געניט, אויסמײַדנדיק מיט אלע מיטלענ דאָס איבערשאצנ די אייגענע קרעפטנ אונ, דערהויפט, דאָס ניט=דערשאצנ די קרעפטנ פונעמ קעגנער.

„ניט איבערנעמענ זיכ מיטנ זיג" — דאָס איז יענע באזונדערקײַט אינ לענינס כאראקטער, וואָס פלעגט אימ העלפנ ניכטער אָפצווועגנ דעמ קעגנערס קרעפטנ אונ סטראכירנ די פארטיי פונ מעגלעכע אומגעריכטקײַטנ" [1].

לענינס פאָרויסזאָגונגענ זײַנענ מקוימ געוואָרנ: די צארישע רעגירונג האָט צעטריבנ די II מעלוכע=דומע, ארעסטירט די סאָציאל=דעמאָקראטישע דומע=פראקציע אונ געענדערט דעמ וואל=געזעצ, — דאָס איז געווענ די אזוי=גערופענע איבערקערעניש פונ דריטנ יונ. דער צאריזמ האָט פאָרגעזעצט זײַנ אָנגריפ. די רעוואָליוציע האָט זיכ געענדיקט מיט א מאפּאָלע.

לענינ מערקט אָנ די נײַע אויפגאבנ פונ דער פארטיי אינ צוזאמענהאנג מיט דער נײַער סיטואציע. ער מאכט טיל=טעל פונ די מענשעוויקעס, וועלכע האָבנ זיכ אָפגעזאָגט פונ יעטווידער רעוואָליוציאָנערער ארבעט אונ האָבנ גערופנ די פארטיי צומ אָרגאנישנ אָנטייל אינ דער דומע אינ בלאָק מיט די קאדעטנ. גלײַכצײַטיק ווענדט ער דעמ שארפנ שווערד פונ זײַנ קריטיק קעגנ די באָיקאָטיסטנ (קאמעניעוו, באָגדאנאָוו אאא.), וועלכע האָבנ פאָרגעלייגט צו באָיקאָטירנ די דומע אונ האָבנ זיכ קעגנגעשטעלט קעגנ דעמ, אז די פארטיי זאָל אפ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ אויסנוצנ די דומע=טריבונע.

אינ יול 1907 יאָר איז לענינ ארויסגעטראָטנ אפ דער קאָנפערענצ פונ דער פעטערבורגער אָרגאניזאציע פונ דער רסדאפ. „כ'בינ געווענ אינ טעריאָקי אפ דער פיטערער קאָנפערענצ, ווו עס האָט זיכ געלייזט די פראגע וועגנ דער באציונג צו דער מעלוכע=דומע, — האָט געשריבנ איינע א דעלעגאטקע צו אירע כאוויירימ. — כ'האָב געהערט לענינענ אונ בינ אנציקט געוואָרנ. לענינ איז פאר אָנטיילנעמענ אינ די וואלנ... הערנ די לידערס איז אונדז אויסגעקומענ אינ שיידערלעכע באדינגונגענ: צוערשט האָט מענ זיכ פארזאמלט בא א שענקער אינ דירע, — איז ווי נאָר לענינ האָט אָנגעהויבנ, איז געקומענ דער באלעבאָס אונ האָט געזאָגט, אז די פאָליציי סטראשעט אימ פארמאכנ די שענק. איז מענ אוועק אינ וואלד. פונ קאָנספיראציע וועגנ איז מענ געגאנגענ איינציקווײַז, אונ א רעגנ האָט געגאָסנ ווי

[1] י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 29, מעלוכע־פארלאג „דער עמעס", 1944.

פונ א צעכער, ער האָט אפילע ניט געלאָזנ א רעזאָלוציע אָנעמענ"[1]. אפ דער פעטערבורגער קאָנפערענצ האָט לענינ אינ רעזולטאט פונ אנ אקשאָנעסדיק: קאמפ געזיגט. גלײַכ נאָכ דעמ האָט לענינ אויכ אפ דער III אונ אפ דער IV קאָנפערענצ פונ דער רסדאפ אינ יול אונ אינ נאָיאבער 1907 יאָר זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז עס האָט גע-זיגט זײַנ ליניע.

אינ אווגוסט 1907 יאָר איז לענינ ארויסגעפאָרנ קיינ שטוטגארט צומ אינטערנאציאָנאלנ סאָציאליסטישנ קאָנגרעס. דאָ באטייליקט ער זיכ אקטיוו אינעמ קאמפ, וואָס האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט צווישנ די רעוואָליוציאָנערע אונ אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ. צוזאמענ מיט ראָזע ליוקסעמבורג האָט לענינ ארײַנגעטראָגנ די היסטאָרישע „אויס-בעסערונגענ" אינ דער רעזאָליוציע וועגנ דעמ קאמפ קעגנ מיליטא-ריזמ, וו ער האָט קלאָר אונ בוילעט אָנגעוויזנ, אז די אויפגאבע פונ די ארבעטער-פארטייענ איז ניט בלויז קעמפנ קעגנ דער אנטשטייונג פונ מילכאָמע, נאָר אויכ אויסנוצנ פאר דער סאָציאליסטישער רעוואָ-ליוציע דעמ קריזיס, וואָס די מילכאָמע שאפט.

בײַמ קאָנגרעס האָט לענינ צונויפגערופנ א באראטונג פונ די לינקע, קעדיי צו באהעפטנ זיי אינ קאמפ קעגנ די אָפּאָרטוניסטנ אונ צענטריסטנ פונעמ II אינטערנאציאָנאל.

פונ שטוטגארט האָט זיכ לענינ אומגעקערט קיינ פינלאנד. נאָר זײַנ דאָ איז געוואָרנ אלצ געפערלעכער. לענינ פאָרט אריבער פונ קואָקאלא קיינ אָגלביו (א קליינע סטאנציע בא העלסינגפאָרס), וו מע האָט אויכ ניט געקאָנט לאנג בלײַבנ. די צארישע שפּיאָנענ האָבנ געזוכט לענינענ; דער צאריזמ האָט זיכ געוואָלט אָפּרעכענענ מיטנ פירער פונ דער רעוואָליוציע. דער באָלשעוויסטישער צענטער האָט ארויסגעטראָגנ א באשלוס, אז לענינ זאָל אריבערפאָרנ קיינ אויס-לאנד.

ארויסקלײַבנ זיכ פונ פינלאנד איז געווענ ניט לײַכט. זעצנ זיכ אינ פאָרט אפ א דאמפער איז געווענ ריזיקאליש: מע האָט אימ געקאָנט ארעסטירנ. האָט זיכ דאנ לענינ אוועקגעלאָזט באנאכט אי-בערנ אײַז צו איינעמ פונ די אינדזלענ, קעדיי דאָרטנ זיכ זעצנ אפנ דאמפער. דער אײַז איז געווענ ניט קיינ פעסטער, אינ איינ אָרט האָט ער אָנגעהויבנ פארשווינדנ פונ אונטער די פיס. שפּעטער פלעגט לענינ זיכ דערמאָנענ, אז אינ דעמ מאָמענט האָט ער א טראכט גע-טאָנ: „עכ, ווי נאריש עס קומט אויס אומצוקומענ". אָט אזוי האָט זיכ לענינענ אינ דעקאבער 1907 יאָר מיט גרויס געפאר פארנ לעבנ אײַנגעגעבנ אריבערקלײַבנ זיכ קיינ אויסלאנד.

עס האָט זיכ אָנגעהויבנ לענינס צווייטע, לענגערע עמיגראציע.

---

1 „רויטער ארכיוו", 1934, ב. I. (62), ז. 209—210.

## VI

דעמ 25 דעקאבער 1907 יאָר איז לענינ געקומענ צו פאָרנ קיינ זשענעווע. שווער איז געווענ ווידער אומצוקערנ זיכ פונ רוסלאנד צוריק אינ דער דאָזיקער פארשלאָפענער קליינבירגערלעכער שטאָט. „בא מיר איז אזא געפיל, פונקט ווי איכ וואָלט געקומענ אהערצו זיכ לייגנ אינ קייווער ארײַנ“, — האָט געזאָגט לענינ שוינ דעמ ערשטנ טאָג פונ זײַנ קומענ קיינ זשענעווע. — „ס'איז טרויעריק, דער טײַוול זאָל עס נעמענ, ווידער זיכ אומצוקערנ צוריק אינ דער פארשאָלטענער זשענעווע, — האָט ער געשריבנ אינ יאנואר 1908 יאָר, — נאָר נישט צו מאכנ!“ [1].

די צווייטע עמיגראציע איז געווענ פיל שווערער פונ דער ערשטער. דעמאלט, אָנהייב XX יאָרהונדערט, איז אויסגעקומענ צו לעבנ אונ ארבעטנ אינ א סיטואציע, ווענ די רעוואָליוציע האָט זיכ געהאלטנ אינ דערנענטערנ. די ידיעס פונ רוסלאנד פלעגנ ריידנ וועגנ דעמ וווּקס פונ דער ארבעטער-באוועגונג, וועגנ דער דערפאָלגרײַכער בויונג פונ דער מארקסיסטישער פארטיי, וועגנ דעמ זיג פונ דער „איסקרא“ אינ קאמפ פאר דער פארטיי. גאָר אנ אנדערע איז געווענ די סיטואציע אינ די ערשטע יאָרנ פונ דער צווייטער עמיגראציע. די רעוואָליוציע האָט געליטנ א מאפּאָלע, די רעאקציע האָט זיכ גענומענ ברוטאל אָפּרעכענענ זיכ מיט די רעוואָליוציאָנערנ, די פּאָליציי גראָמירט די פּארטיי-אָרגאניזאציעס, אינ די מאסנ האָט זיכ געלאָזט פילנ א מידקײַט, בא די מיטלויפער פונ דער רעוואָליוציע, באזונדערס צווישנ דער אינטעליגענצ, זײַנענ געווענ א סאכ פאלנ פונ פאראט, רענעגאטישקײַט, נידערטרעכטיקנ אָפּזאָגנ זיכ פונ דער רעוואָליוציע, פונ דער פּארטיי.

די יאָרנ פונ רעאקציע האָבנ אָבער ניט נאָר ניט אײַנגעבראָכנ לענינענ, נאָר פארקערט, נאָכ פעסטער איז געוואָרנ זײַנ ווילנ, נאָכ אקשאָנעסדיקער אונ אומקאָמפּראָמיסלעכער איז געוואָרנ זײַנ קאמפ קעגנ די סאָנימ פונ דער פּארטיי. לענינ איז געווענ פול מיט גלויבנ אינ די קרעפטנ פונעמ ארבעטער-קלאס, אינ דער אומפארמײַדלעכקײַט פונ א נײַער רעוואָליוציע. שוינ אינ זײַנ ערשטנ ארטיקל נאָכנ קומענ קיינ זשענעווע האָט לענינ געשריבנ: „מיר האָבנ געקענט לאנג-

---

1 לענינ-זאמלונג, XXVI, ז. 34.

גע יאָרנ ארבעטנ ביז דער רעוואָליוציע. ניט אומזיסט האָט מענ אונדז אָנגערופנ מויערברעכער. די סאָציאַל-דעמאָקראַטנ האָבנ אויסגעבויט א פראָלעטאַרישע פאַרטיי, וועלכע וועט ניט פאַרלירנ די מוט דערפונ, וואָס עס האָט זיכ ניט איינגעגעבנ דער ערשטער קריגס-אָנגריפ, וועט ניט פאַרלירנ דעמ קאָפּ, וועט זיכ ניט ארײַנלאָזנ אינ קיינ אוואַנטיורעס. די דאָזיקע פאַרטיי גייט צומ סאָציאַליזמ, ניט פאַרבינדנדיק זיכ אונ דעמ אייגענעמ גורל מיטנ רעזולטאַט פונ דעמ אָדער יענעמ פעריאָד פונ בורזשואזע רעוואָליוציעס. טאַקע דעריבער איז זי פרײַ אויכ פונ די שוואַכע זײַטנ פונ די בורזשואזע רעוואָליוציעס. אונ די דאָזיקע פראָלעטאַרישע פאַרטיי גייט צומ זיג"[1].

לענינ האָט זיכ טייקעפ גענומענ צומ אָרגאַניזירנ דאָס ארויסלאָזנ אינ אויסלאַנד דעמ באָלשעוויסטישנ פאַרטיי-אָרגאַנ „פראָלעטאַרי". אינ די באַדינגונגענ פונ גרויזאַמער רעאַקציע האָט לענינ געהאַלטנ די צײַטונג פאַרנ וויכטיקסטנ מיטל צו זאַמלענ, באַהעפטנ אונ דערציִענ די באָלשעוויסטישע קאַדרענ, ער האָט דערזענ אינ איר דאָס וויכטיקסטע געצײַג אידייִש אונ אָרגאַניזאַציאָנעל צוצוגרייטנ די פאַרטיי צו א נײַעמ אופשטײַג פונ דער רעוואָליוציע. שוינ אינ א כוידעש ארומ האָט זיכ אײַנגעגעבנ ארויסצולאָזנ דעמ „פראָלעטאַרי". אָבער גאָר אינגיכנ האָבנ זיכ אינ דער רעדאַקציע, וואָס אינ איר זײַנענ ארײַנ לענינ, דובראָווינסקי אונ באָגדאַנאָוו, צעפלאַקערט ערנסטע מיינונגס-פאַרשיידנהײַטנ.

אינ די באַדינגונגענ פונעמ זיג פונ דער רעאַקציע האָבנ זיכ פאַרשטאַרקט די פרווונ פונ די „קריטיקער" פונעמ מאַרקסיזמ צו פאַרקריפּלענ, פאַרדרייענ די רעוואָליוציאָנערע טעאָריע. די קאָנטררעוואָ-ליוציע האָט אָנגעגריפנ אויכ אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט. פונ די שפאַלטנ פונ דער בורזשואזער פרעסע האָבנ זיכ געגאָסנ מוטנע שטראָמענ מיסטיציזמ, פאָרנאָגראַפיע, יעדידע-שטימונגענ, רעליגיע. א שלאַל בורזשואזע שרײַבערלעכ האָבנ אָנגעהויבנ א מאַרש קעגנ דעמ מאַרקסיזמ. די אַגענטור פונ דער בורזשואזיע אינ דער ארבעטער-באַוועגונג האָט זיכ אײַנגעשלאָסנ אינ דעמ דאָזיקנ מאַרש פונ דער רעאַקציע.

אייניקע ליטעראַטאָרנ, וועלכע האָבנ זיכ פריִער געהאַט אָנגעשלאָסנ אָנ די באָלשעוויקעס (באָגדאַנאָוו אאַ.), אונ אויכ א ריי מענשעוויסטישע שרײַבער האָבנ פאַנאַנדערגעוויקלט א „קריטיק" פונ מאַרקסיזמ, פונ זײַנע פילאָסאָפיש-טעאָרעטישע אונ וויסנשאַפטלעכ-היסטאָרישע יעסוידעס. אָנשטאָט דעמ מאַרקסיסטישנ פילאָסאָפישנ מאַטעריאַליזמ האָבנ זיי געוואָלט אונטערוקנ א ראַפינירטנ אידעאַליזמ, אייניקע פונ זיי (די אזויגערופענע „גאָטזוכער" אונ „גאָטבויער") האָבנ אָנגעהויבנ פרײַדיקנ די נייטיקײַט פונ א נײַער רעליגיע, פאַרטונקלענדיק דעמ באַוווסטזײַנ פונ די ארבעטער-מאַסנ מיטנ רעליגיעזנ נאַרקאָז. זייער פאַראַט בענעגייע דעמ מאַרקסיזמ האָבנ זיי צווייִעסדיק צוגעדעקט מיטנ פלאַג פונ „פאַרטיידיקנ" דעמ מאַרקסיזמ. זייער „קרי-

[1] לענינ, ווערק, ב. XII, ז. 126.

טיק" האָט זיכ צונויפגעשלאָסנ מיטנ מאַרש פונ דער רעאַקציע קעגנ דער פּאַרטיי, קעגנ דער רעוואָלוציע, מיטנ אָנגריפ פונ די מערעוו-אייראָפּעיִשע רעוויזיאָניסטנ קעגנ דעמ מאַרקסיזמ.

אינ אָט די באַדינגונגענ איז די טעטיקײַט צו דעמאַסקירנ און צו צעקלאַפּנ די סאָנימ פונ מאַרקסיזמ געוואָרנ באַזונדערס אַקטועל. דער קאַמפּ פונ דער פּאַרטיי אַפּנ טעאָרעטישנ פראָנט איז געוואָרנ די גרונט-אויפגאַבע. די רעוואָלוציע האָט אויפגעוועקט, אויפגעהויבנ צומ פּאָליטישנ לעבנ נײַע פּלאַסטנ, אינ דער פּאַרטיי זײַנענ געקומענ א מאַסע נײַע טוער. קיינ אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטישע וועלט-אָנשויונג האָבנ זיי ניט געהאַט, און בכלל האָט זי זיכ בא זיי ניט געקאָנט מיטאַמאָל אויסבילדנ. לענינ האָט אינ 1908 יאָר געשריבנ: „ווענ די מאַסנ האַלטנ אינ איבערקאָכנ די נײַע און אומגעהייער רײַכע דערפאַרונג פונ אומיטלבאַר-רעוואָלוציאָנערנ קאַמפּ, דעמלט ווערט דער טעאָרעטישער קאַמפּ פאַר א רעוואָלוציאָנערער וועלט-אָנשויונג, דאָס הייסט, פאַרנ רעוואָלוציאָנערנ מאַרקסיזמ דער לאָזונג פונ טאָג"[1].

אָנהייב 1908 יאָר איז אַרויס א זאַמלבוכ פונ די מאַכיסטנ (אָנהענגער פונעמ עסטרײַכישנ פיזיקער און פילאָסאָפ אידעאַליסט מאַכ) אונטערנ נאָמענ „עטיודנ וועגנ דער פילאָסאָפיע פונ מאַרקסיזמ". אינ דעמ זאַמלבוכ זײַנענ געווענ צונויפגעקליבנ אינײנעמ אַלע פאַרגרײַזונגענ און פאַרקריפּלונגענ פונעמ מאַרקסיזמ, וועלכע די מאַכיסטנ האָבנ אונטערגעטראָגנ אונטערנ פלאַג פונ „פאַרטיידיקנ" דעמ מאַרקסיזמ. לענינ האָט באַשלאָסנ, אז ס'איז געקומענ דער מאָמענט אָנצוהייבנ אַנ אָפענעמ קאַמפּ און צו צעקלאַפּנ ביזנ סאָפ די דאָזיקע אַנטימאַרקסיסטישע שטרעמונג.

„איצט זײַנענ אַרויס „עטיודנ וועגנ דער פילאָסאָפיע פונעמ מאַרקסיזמ", — האָט ער געשריבנ צו גאָרקינ דעמ 25 פעווראַל 1908 יאָר. — איכ האָב איבערגעלייענט אַלע אַרטיקלענ אַכוצ סוּוואָראָוומס (אימ לייענ איכ), און וואָס אַנ אַרטיקל מער, בינ איכ געוואָרנ פאַשעט אויסער זיכ פונ צאָרנ. ניינ, דאָס איז ניט מאַרקסיזמ! און קריכנ עס אונדזערע עמפּיריאָקריטיקער, עמפּיריאָמאָניסטנ און עמפּיריאָסימבאָליסטנ אינ בלאָטע אַרײַנ. אײַנרײדנ דעמ לייענער, אז „גלויבנ" אינ דער רעאַלקײַט פונ דער אויסערלעכער וועלט איז „מיסטיק" (באַזאַראָוו), צונויפפּלאָנטערנ אַפּנ סאַמע מיעסטנ אויפנ דעמ מאַטעריאַליזמ מיט דער קאַנטיאַנערײַ (באַזאַראָוו און באָגדאַנאָוו), פּריידיקנ א וואַריאַנט פונ אַגנאָסטיציזמ (עמפּיריאָקריטיציזמ) אינ פונ אידעאַליזמ (עמפּיריאָמאָניזמ), — לערנענ די אַרבעטער „רעליגיעזנ אַטעיִזמ" און „פאַרגעטערונג" פונ די העכסטע מענטשלעכע פּאָטענצנ (לונאַטשאַרסקי), — דערקלערנ אַלס מיסטיק ענגעלסעס לערע וועגנ דער דיאַלעקטיק (בערמאַנ), — שעפּנ פונ דעמ איפּעשדיקנ קוואַל פונ עפּעס פראַנצויזישע „פּאָזיטיוויסטנ" — אַגנאָסטיקער אָדער מעטאַפיזיקער, דער רוען ווייסט זיי, מיט דער „סימבאָלישער טעאָריע פונ דערקענטעניש" (יושקעוויטש)! ניינ, דאָס איז שוינ צופיל. פאַרשטייט זיכ, מיר, פּאַשעטע

[1] לענינ, ווערק, ב. XII, ז. 393.

מאַרקסיסטנ, זײַנענ אינ פילאָסאָפיע ניט קײנ באַלעזענע, — וואָס זשע אָבער דאַרפ מענ אונדז שוינ אַזוי באַלײדיקנ, אַז מע זאָל אַזאַ זאַכ אונדז דערלאַנגענ אַלס פילאָסאָפיע פונ מאַרקסיזמ! איכ וועל זיכ גיכער לאָזנ צערײַסנ אויפ שטיקער, אײדער איכ וועל מאַסקירנ זײַנ אָנ=טײל צו נעמענ אינ אַנ אָרגאַנ אָדער אינ אַ קאָלעגיע, וואָס פּרײדיקט אַזוינע זאַכנ"[1].

אינ צוזאַמענהאַנג מיט מאַרקס' פינפ=אונ=צוואַנציקסטנ יאָרצײַט איז אינ אַפּרעל 1908 יאָר דערשינענ לענינס אַרטיקל „מאַרקסיזמ אונ רעוויזיאָניזמ". אינ דעמ אַרטיקל האָט לענינ באַוויזנ, וויאַזוי די סאָנימ פונעמ מאַרקסיזמ האָבנ נאָכנ זיג פונעמ מאַרקסיזמ אינ דער אַרבעטער=באַוועגונג געענדערט זײערע קאַמפּס=מעטאָדנ אונ האָבנ אונ=טערנ שלײער פונ „אויסבעסערונגענ" צו מאַרקסנ, פונ „איבערקוקנ" מאַרקסנ, פונ „רעווידירנ" דעמ מאַרקסיזמ אָנגעהויבנ אונטערצורײַסנ דעמ מאַרקסיזמ. לענינ האָט אויפגעדעקט דעמ אידײיִשנ אינהאַלט פונעמ רעוויזיאָניזמ אינ געביט פונ פילאָסאָפיע, פּאָליטישער עקאָנאָ=מיע, פּאָליטיק, האָט אַנטבלויזט זײַנע קלאַסנ=וואָרצלענ, האָט באַוויזנ, אַז דער קאַמפּ קעגנ רעוויזיאָניזמ איז אַ קאַמפּ פאַרנ סאָציאַליזמ.

„דאָס, וואָס איצט לעבנ מיר איבער אָפטמאָל בלויז אידײיִש: — האָט געוויזש געשריבנ לענינ אינ דעמ דאָזיקנ אַרטיקל — די שטרײַטנ קעגנ די טעאָרעטישע אויסבעסערונגענ צו מאַרקסנ, — דאָס, וואָס איצט רײַסט זיכ עס דורכ אינ דער פּראַקטיק בלויז אינ אײנצלנע פּראַט=פראַגנ פונ דער אַרבעטער=באַוועגונג, אַלס טאַקטישע מײנונגס=פאַרשײדנהײטנ מיט די רעוויזיאָניסטנ אונ שפּאַלטונגענ אויפ דעמ דאָ=זיקנ באָדנ, — דאָס וועט נאָכ זיכער אויסקומענ איבערצולעבנ דעמ אַרבעטער=קלאַס אינ אומפאַרגלײַכלעכ גרעסערע מאַסשטאַבנ, ווענ די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע וועט פאַרשאַרפנ אַלע שטרײַט=פראַגנ, וועט קאָנצענטרירנ אַלע מײנונגס=פאַרשײדנהײטנ אויפ די פּונקטנ, וואָס האָבנ די סאַמע אומיטלבאַרע באַדײַטונג באַמ באַשטימענ די אויפירונג פונ די מאַסנ, וועט צווינגענ אינ ברענ פונ קאַמפּ אָפּטײלנ די סאָנימ פונ די פרײַנט, אַרויסוואַרפנ די שלעכטע פאַרבינדעטע, קעדײ צו דער=לאַנגענ אַנטשײדענע קלעפּ דעמ סוינע.

דער אידײיִשער קאַמפּ פונעמ רעוואָלוציאָנערנ מאַרקסיזמ קעגנ דעמ רעוויזיאָניזמ סופּ XIX יאָרהונדערט איז בלויז אַ פאָרשטוב צו די גרויסע רעוואָלוציאָנערע שלאַכטנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט, וואָס גײט פאָרויס צומ פולנ ניצאָכנ פונ זײַנ זאַכ טראָץ אַלע וואַקלונגענ אונ שוואַכקײטנ פונעמ קלײנבירגערטומ"[2].

דער אַרטיקל האָט באַטײַט, אַז ס'איז אָפנ דערקלערט געוואָרנ מילכאָמע דעמ רעוויזיאָניזמ, אַלע אונ אַלערלײ איבערגעבוירענע לײַט אויפנ געביט פונ דער טעאָריע פונעמ מאַרקסיזמ. לענינ האָט טיפ אויפ=געבראַכט די פּאָזיציע, וועלכע קאַוטסקי האָט פאַרנומענ בענוגייע דעמ פילאָסאָפישנ רעוויזיאָניזמ, — אַ פּאָזיציע פונ „ניט אַרײַנמישנ זיכ",

1 לענינ. ווערק, ב. XXVIII, ז. 528—529.

2 לענינ. ווערק, ב. XII, ז. 189.

אונ אינ טאָג גענומענ — פונ געבנ א העכשער; אימ האָט טיפ אופגעבראכט אויכ דאָס, וואָס פלעכאנאָוו האָט זיכ אָפגעפאטערט מיט עטלעכע אומבאדײַטנדיקע ארטיקלענ קעגנ דעמ מאכיזמ. לענינ האָט געשריבנ, אז פלעכאנאָוו וויל ניט אָדער קענ ניט ארויסטרעטנ פעסט אונ אנטשיידנ קעגנ באָגדאנאָוומ פילאָסאָפיע אונ אז ער, לענינ, וועט „אומ יעדנ פרײַז“ זאָגנ עס „א פ ז ײַ נ ש ט י י ג ע ר“.

לענינ האָט זיכ מיט דער גרעסטער ענערגיע גענומענ צומ שטודירנ די ווערק פונ די רוסישע מאכיסטנ. עס איז אימ אויסגעקומענ אפילע דעמ „פראָלעטארי“ אָפגעבנ ווייניק אופמערקזאמקײַט. „די צײַטונג פארווארפ איכ, ווײַל איכ בינ ביז איבערנ קאָפ ארײַנגעטאָנ אינ פילאָסאָפיע“ [1], — האָט ער געשריבנ צו גאָרקינ אינ מארט 1908 יאָר. ער שטודירט די שרײַבערײַענ פונ די פילאָסאָפישע לערער פונ די רוסישע מאכיסטנ — מאכ, אווענאריוס, יומ, בערקלי אונ פונ זייערע נאָכפאָלגער. לענינ באנוגנט זיכ אָבער ניט דערמיט, — ער שטודירט זאָרגפעליק די נאטור־וויסנשאפטלעכע ליטעראטור, באזונדערס איבער די פראגנ פונ טעאָרעטישער פיזיק. אינ דער צווייטער העלפט מײַ פאָרט ער ארויס קיינ לאָנדאָנ, ווו ער ארבעט בא א כוידעש צײַט אינ בריטישנ מוזיי.

סאָפ יונ האָט לענינ געשריבנ צו די קרויווימ: „די קרענק מײַנע האָט שטארק פארהאלטנ מײַנ ארבעט איבער פילאָסאָפיע. איצט אָבער בינ איכ קימאט אינגאנצנ געזונט אונ כ'וועל דעמ בוכ אָנשרײַבנ אומבאדינגט. איכ האָב א סאכ געארבעט איבער די מאכיסטנ אונ איכ מיינ, אז איכ האָב אלע זייערע אומבאשרײַבלעכע באנאלקײַטנ (פונעמ „עמפיריאָמאָניזמ“ אויכ) צעקײַט“ [2]. צוגעטראָטנ צו דער ארבעט איבערנ בוכ אינ פעווראל, האָט אימ לענינ אינ אָקטיאבער 1908 יאָר פארענדיקט.

האָט מענ אָנגעהויבנ ענערגיש זוכנ א פארלעגער, וואָס זאָל מאסקימ זײַנ לעגאל ארויסלאָזנ דעמ בוכ אינ רוסלאנד. ענדלעכ איז שוינ א פארלעגער פאראנ. דער בוכ איז אינ זאצ. „וועגנ איינמ אונ בלויז וועגנ איינמ טרוימ איכ איצט אונ בעט, — האָט ער געשריבנ צו דער שוועסטער אינ פעווראל 1909 יאָר: — וועגנ פ א ר ש נ ע ל ע ר נ ארויסלאָזנ דעמ בוכ“ [3]. אינ א כוידעש ארומ, אינ מארט, האָט ער ווידער אָנגעוויזנ: „אונ פאר מיר איז בעעמעס ג וו א ל ד י ק וויכטיק, אז דער בוכ זאָל ארויסגיינ גיכער. מיט זײַנ דערשײַנענ זײַנענ בא מיר פארבונדנ ניט בלויז ליטעראַרישע, נאָר אויכ ערנסטע פאָליטישע היסבײַוועסנ“ [4].

לענינ האָט געײַלט מיטנ ארויסלאָזנ דעמ בוכ דערפאר, ווײַל אינ יונ 1909 יאָר איז פאָרגעשטאנענ א באראטונג פונ דער פארברייטערטער רעדאקציע פונ „פראָלעטארי“ (פאקטיש — פונ דעמ באָל=

1 לענינ. ווערק, ב. XXVIII, ז. 534.
2 לענינ. בריוו צו די קרויווימ, ז. 315.
3 דאָרטנ, ז. 336.
4 דאָרטנ, ז. 342.

שווייסטישנ צענטער), ווו עס האָט געזאָלט פאָרקומענ אנ אנטשיידענע שלאכט מיט באָגדאנאָוו אונ זײַנע אָנהענגער.

אינ מײַ 1909 יאָר איז דער בוכ ארויס פונ דרוק. דאָס איז געווענ לענינס געניאל ווערק „מאטעריאליזמ אונ עמפיריאָקריטיציזמ“.

אינ זײַנ בוכ האָט לענינ אלזײַטיק קריטיקירט די נײַסטע קונצשטיק פונ דער בורזשואזער אידעאליסטישער פילאָסאָפיע, האָט געגעבנ א מערקווירדיק טיפע פאָרמולירונג פונ דער דערקענטעניש-טעאָריע פונעמ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ, האָט פילאָסאָפיש פאראלגעמיינערט פונעמ שטאנדפונקט פונ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ די נײַע דערשײַנונגענ אינ דער נאטורוויסנשאפט, באזונדערס אינ פיזיק.

די מאכיסטנ האָבנ געפרווט „אָפּלייקענענ“ דעמ מאטעריאליזמ, פארופנדיק זיכ אפנ „נײַסטנ פאָזיטיוויזמ“, אפ דער „פילאָסאָפיע פונ דער מאָדערנער נאטורוויסנשאפט“ אאז״וו. באטראכטנדיק די וועלט, די זאכנ אלס „עמפינדונגס-קאָמפּלעקסנ“, האָבנ זיי אינ טאָכ גענומענ איבערגעכאזערט די אלטע סוביעקטיוו-אידעאליסטישע אָנשויונגענ.

לענינ האָט באוויזנ, אז אונטער דער מאסקע פונ דער „פילאָסאָפיע פונ דער נאטורוויסנשאפט פונ XX יאָרהונדערט“ שטעלנ אופ באָגדאנאָוו אונ די אנדערע דעמ סוביעקטיווונ אידעאליזמ פונעמ ענגלישנ פילאָסאָפ פונ XVIII יאָרהונדערט בערקלי. וויסנשאפטלעכ לייזנ די פראגנ פונ דער דערקענטעניש, האָט אָנגעוויזנ לענינ, איז מעגלעכ נאָר פונ מאטעריאליסטישע פאָזיציעס. די וועלט — דאָס איז זיכ באוועגנדיקע מאטעריע. די נאטור האָט עקזיסטירט פריער פארנ מענטשנ. דעמ מענטשנס באוווסטזײַנ — דאָס איז א פּראָדוקט פונ הויכ-אָרגאניזירטער מאטעריע. די זאכנ עקזיסטירנ אויסער אונדזער באוווסטזײַנ אונ אומאָפּהענגיק פונ אימ. „אונדזערע אופאסונגענ אונ פאָרשטעלונגענ — זײַנענ זייער בילדער. קאָנטראָלירנ די דאָזיקע בילדער, אָפּטיילנ די ווירקלעכע פונ די פאלשע גיט א מעגלעכקײַט די פּראקטיק“[1], — דאָס איז, לויט לענינס מיינונג, דער טאָכ פונ דער מאטעריאליסטישער דערקענטעניש-טעאָריע.

לענינ האָט ארויסגערוקט דרײַ גרונט-האנאָכעס פונ דער מארקסיסטישער דערקענטעניש-טעאָריע:

„1) די זאכנ עקזיסטירנ אומאָפּהענגיק פונ אונדזער באוווסטזײַנ, אומאָפּהענגיק פונ אונדזער עמפינדונג, אויסער אונדז...

2) אבסאָליוט קיינ שומ פרינציפיעלער אונטערשייד צווישנ דער דערשײַנונג אונ דער זאכ אינ זיכ איז ניטאָ אונ קאָנ ניט זײַנ. אנ אונטערשייד איז בלויז פאראנ צווישנ דעמ, וואָס איז שוינ דערקענט, אונ דעמ, וואָס איז נאָכ ניט דערקענט...

3) אינ דער דערקענטעניש-טעאָריע, פונקט ווי אינ אלע אנדערע וויסנשאפט-געביטנ, דארפ מענ דענקענ דיאלעקטיש, ד. ה. ניט האלטנ פאר פארטיק אונ אומפארענדערלעכ אונדזער דערקענטעניש, נאָר אנא-

[1] לענינ, ווערק, ב. XIII, ז. 89.

ליזירנ, וויאזוי פונ ניטוויסנ קומט ארויס וויסנ, וויאזוי דאָס ניט פולע, ניט פינקטלעכע וויסנ ווערט פולער אונ פינקטלעכער“[1].

אָפשפיגלענדיק די אויסערלעכע וועלט, קאָנ ניט די מענטשלעכע דערקענטעניש מיטאמאָל ארומכאפנ גאָר די אומענדלעכע פילארטיקייט פונ די דערשיינונגענ פונ דער נאטור אונ פונעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ. די דערקענטעניש איז א פראָצעס, וואָס בילדעט זיכ אויס פונ פיל צייטנ אונ שטופעס, וואָס יעדע פונ זיי באזונדער גענומענ האָט א רעלאטיווג כאראקטער, אָבער אנטהאלט אינ זיכ אויכ א קערנדל אבסאָלוטנ עמעס. „דאָס מענטשלעכע דענקענ איז לויט זיינ נאטור פייִק צו געבנ אונ גיט אונדז דעמ אבסאָלוטנ עמעס, וועלכער ווערט צונויפגעשטעלט פונ א סומע רעלאטיווע עמעסנ. יעדע שטופע אינ דער אנטוויקלונג פונ דער וויסנשאפט גיט צו נייע קערנדלעכ צו דער דאָזיקער סומע אבסאָלוטנ עמעס, אָבער די גרענעצנ פונעמ עמעס פונ יעטווידער וויסנשאפטלעכער האנאָכע זיינענ רעלאטיוו, ווייל זיי ווערנ אָט פארברייטערט, אָט פארשמעלערט דורכנ ווייטערדיקנ וווקס פונעמ וויסנ“[2]. אזוי, אשטייגער, האָט די מערהייט געלערנטע ביזנ XX יאָרהונדערט געהאלטנ דעמ אטאָמ פארנ קלענסטנ אומטיילבארנ טיילכל שטאָפ. די מאָדערנע וויסנשאפט האָט באוויזנ, אז אויכ דער אטאָמ באשטייט פונ א ריי טיילעכלעכ אונ האָט א קאָמפליצירטע סטרוקטור. „די גרענעצנ פונ דער דערנענטערונג פונ אונדזער וויסנ צומ אָביעקטיוונ, אבסאָלוטנ עמעס זיינענ היסטאָריש באדינגלעכ, אומבאדינגט איז אָבער די עקזיסטענצ פונ דעמ דאָזיקנ עמעס, אומבאדינגט איז דאָס, אז מיר דערנענטערנ זיכ צו אימ“[3].

די דערקענטעניש אנטוויקלט זיכ אינ דער ענגסטער פארבינדונג מיט דער פראקטישער טעטיקייט פונ די מענטשנ. די פראגע וועגנ דעמ, צי איז די אָפשפיגלונג פונ די אָביעקטיווע פאקטנ אונ געזעצנ אינ די מענטשלעכע באגריפנ א ריכטיקע, ווערט אויכ געלייזט דורכ דער פראקטיק.

די גרעסטע אנטדעקונג פונ סאָפ XIX יאָרהונדערט — דאָס אנטדעקנ די ראדיאָאקטיווקייט, דעמ עלעקטראָנ, די פארענדערלעכקייט פונ זיינ מאסע א.א. — האָבנ געמאכט א רעוואָליוציע אינ דער נאטורוויסנשאפט, האָבנ ארויסגערופנ א ראדיקאלנ איבערבראָכ פונ די אלטע, אלגעמיינ אָנערקענטע באגריפנ אינ דער וויסנשאפט. א סאכ נאטורפאָרשער זיינענ ניט אימשטאנד געווענ אריבערצוגיינ פונ דעמ אלטנ מעטאפיזישנ מאטעריאליזמ צומ דיאלעקטישנ אונ האָבנ זיכ אראָפגעקייקלט צו רעאקציאָנערער פילאָסאָפיע, צו אידעאליסטישע אויספירנ וועגנ דער פארשווינדונג פונ מאטעריע, וועגנ דער סוביעקטיווקייט פונ רוימ, צייט אדג. האָבנדיק טיפ דורכאנאליזירט די רעוואָליוציע אינ דער נאטורוויסנשאפט אונ באזונדערס אינ דער פיזיק,

1 לענינ. ווערק, ב. XIII, ז. 84.

2 דאָרטנ, ז. 110.

3 דאָרטנ, ז. 111.

האָט לענינ באַווײַזנ, אַז די דאָזיקע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגענ לײַקענענ ניט אָפּ די ריכטיקײַט פונעם דיאַלעקטישנ מאַטעריאַליזם, נאָר, פאַרקערט, זיי באַשטעטיקנ זי. לענינ האָט אַרויסגעשטעלט די האַנאָכע וועגנ דעם, אַז „דער עלעקטראָנ איז פּונקט אַזוי *אומדערשעפּלעך*, ווי דער אַטאָם“[1]. לענינ האָט אײַנגעזענ, אַז די נאַטורוויסנשאַפט, באַזונדערס די פיזיק, האָט איינ אויסוועג פונ קריזיס, דער דאָזיקער אויסוועג איז — איבערגײנ „צום אײנציק ריכטיקנ מעטאָד אונ צו דער אײנציק ריכטיקער פילאָסאָפיע“ — צום דיאַלעקטישנ מאַטעריאַליזם. „די מאָדערנע פיזיק ליגט אינ קימפּעט. זי געבוירט דעם דיאַלעקטישנ מאַטעריאַליזם“[2].

לענינ האָט דעמאַסקירט אויכ דעם פּרוּוו פונ די פילאָסאָפישע רעוויזיאָניסטנ צו אידענטיפיצירנ דאָס געזעלשאַפטלעכע זײַנ מיטנ געזעלשאַפטלעכנ באַוווּסטזײַנ. „דער מאַטעריאַליזם בכלל, — האָט געשריבנ לענינ, — אָנערקענט, אַז דאָס אָביעקטיוו רעאַלע זײַנ (די מאַטעריע) איז אומאָפּהענגיק פונעם באַוווּסטזײַנ, פונ דער עמפּפינדונג, פונ דער דערפאַרונג אאַוו. פונ דער מענטשהײַט. דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם אָנערקענט, אַז דאָס געזעלשאַפטלעכע זײַנ איז אומאָפּהענגיק פונ דעם געזעלשאַפטלעכנ באַוווּסטזײַנ פונ דער מענטשהײַט. סײַ דאָ סײַ דאָרט איז דאָס באַוווּסטזײַנ בלויז אַנ אָפּשפּיגלונג פונ דעם זײַנ, אינ בעסטנ פאַל אַ בעערעכדיק ריכטיקע (אַדעקוואַטע, אידעאַל-פּינקטלעכע) אָפּשפּיגלונג זײַנע. אינ אָט דער פילאָסאָפיע פונעם מאַרקסיזם, וועלכע איז אויסגעגאָסנ פונ איינ שטיק שטאָל, קאָנ מענ ניט אַרויסנעמענ קיינ איינ גרונט-האַנאָכע, קיינ איינ וועזנטלעכנ טייל, ניט אָפּגייענדיק פונעם אָביעקטיוונ עמעס, ניט פאַלנדיק אינ די אָרעמס פונעם בורזשואַז-רעאַקציאָנערנ שעקער“[3].

לענינ האָט ביזנ סאָפ אויפגעדעקט דעם אידעאַליסטישנ, צום פּראָלעטאַריאַט פײַנטלעכנ מעהוס פונ דער פילאָסאָפיע פונ באָגדאַנאָוונ, באַזאַראָוונ אונ די אַנדערע איבערגעבוירענע לײַט אונ האָט באַוויזנ איר קלאַסנ-ראָליע. די נײַסטע פילאָסאָפיע איז פּונקט אַזוי פּאַרטייִש, ווי מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. הינטער דער גנאָסעאָלאָגישער סכאָלאַסטיק שטעקט דער קאַמפּ אונ די אידעאָלאָגיע פונ די קלאַסנ. די אָביעקטיווע ראָליע פונ די מאַכיסטנ איז — זײַנ לאַקייענ בא דער רעאַקציע אונ בא דער מיסטיק. די אויפגאַבע פונ די מאַרקסיסטנ, האָט לענינ אָנגעוויזנ, איז — אָנײגענענ אונ קריטיש איבעראַרבעטנ די דעראָבערונגענ פונ דער וויסנשאַפט, דערונטער אויכ די מאַטעריאַלנ פונ די געלערנטע מעשאָרסים פונ דער בורזשואַזיע, ווי אַשטייגער, די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטנ, „אונ *קענענ* באַזײַטיקנ זייער רעאַקציאָנערע טענדענצ, קענענ פירנ אַנ *אייגענע* ליניע אונ קעמפנ *קעגנ דער גאַנצער ליניע* פונ די אונדז פײַנטלעכע קרעפטנ אונ קלאַסנ. אָט דאָס-אָ זײַנענ עס ניט מעסוגל געווענ אונדזערע מאַכיסטנ,

1 לענינ. ווערק, ב. XIII, ז. 215.

2 דאָרטנ, ז. 266.

3 דאָרטנ, ז. 266—267.

וואָס גייענ קנעכטיש נאָכ נאָכ דער רעאקציאָנערער פּראָפעסאָרישער פילאָסאָפיע“[1].

לענינס בוכ האָט געשפּילט אַנ אָנגעזעענע ראָליע אינ באַהעפטנ די באָלשעוויסטישע רייענ אינ די יאָרנ, ווענ עס האָט טריומפירט די רעאקציע. כאָווער סטאַלינ האָט שוינ דעמלט, אינ 1909 יאָר, ווי נאָר ער האָט זיכ באַקענט מיטנ „מאַטעריאַליזמ אונ עמפּיריאָקריטיציזמ“, געשריבנ, אַז „איליטשס בוכ איז דער איינציקער אינ זיינ מינ רעזומע פונ די האַנאָכעס פונ דער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע (גנאָסעאָלאָגיע)“, אַז „איליטשס מאַטעריאַליזמ אונטערשיידט זיכ אינ אַ סאַכ פּראָטימ פונ פּלעכאַנאָווס מאַטעריאַליזמ“.

לענינס בוכ האָט באַטייט די פולשטענדיקע צעשמעטערונג פונעמ פילאָסאָפישנ רעוויזיאָניזמ. באַגלייכ דערמיט איז דער בוכ געווענ אַ קאָלאָסאַלער טראָט פאָרויס אינ דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונ די פילאָסאָפישע יעסוידעס פונעמ מאַרקסיזמ, אַ נייער עטאַפּ אינ דער אַנטוויקלונג פונעמ דיאַלעקטישנ מאַטעריאַליזמ. „ניט קיינ אַנדערער, נאָר גראָד לענינ, האָט זיכ גענומענ אויספילנ די ביז גאָר ערנסטע אויפגאַבע צו פאַראַלגעמיינערנ אָפּנ געביט פונ מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע דאָס וויכטיקסטע פונ דעמ, וואָס די וויסנשאַפט האָט געגעבנ אינ דעמ פעריאָד פונ ענגעלסנ ביז לענינענ, ווי אויכ אַלזייטיק צו קריטיקירנ די אַנטימאַטעריאַליסטישע שטרעמונגענ צווישנ די מאַרקסיסטנ. ענגעלס האָט געזאָגט, אַז „דעמ מאַטעריאַליזמ קומט אויס אָננעמענ אַ נייעמ אויסזענ מיט יעדער נייער גרויסער אַנטדעקונג“. עס איז באַוווּסט, אַז די דאָזיקע אויפגאַבע האָט פאַר זיינ צייט אויסגעפילט ניט קיינ אַנדערער, נאָר גראָד לענינ, אינ זיינ אויסגעצייכנטנ בוכ „מאַטעריאַליזמ אונ עמפּיריאָקריטיציזמ“ “[2]. דער דאָזיקער בוכ איז געווענ אַ טעאָרעטישע צוגרייטונג פונ דער מאַרקסיסטישער פּאַרטיי פונ נייעמ טיפּ.

לענינ האָט געהאַלטנ, אַז איינע פונ די וויכטיקסטע אויפגאַבנ פונ דער פּאַרטיי איז אונטערצוזענ די סאַכאַקלענ פונ דער ערשטער רעוואָליוציע, שטודירנ אונ פּראָפּאַגאַנדירנ אינעמ אַרבעטער-קלאַס אונ אינ די פאָלקס-מאַסנ אירע לעקציעס. דער דאָזיקער אויפגאַבע האָט לענינ אָפּגעגעבנ אויסשליסלעכ פיל אַכט אונ האָט איר געווידמעט אַ באַדייטנדיקע צאָל פונ זיינע אַרבעטנ. ער האַלט מילכאָמע קעגנ די קאָנטררעוואָליוציאָנערע ליבעראַלנ אונ מענשעוויסטישע רענעגאַטנ, וועלכע באַמיִענ זיכ אויסוואָרצלענ באַוווּסטזיינ פונעמ פאָלק די רעוואָליוציאָנערע טראַדיציעס. ער שטעמפּלט די ליבעראַלע רעכילעס אַפ דער רעוואָליוציע, דאָס מענשעוויסטישע פאַרקריפּלענ איר געשיכטע. פעסט אונ קאָנסעקווענט פאַרטיידיקט ער די העלדישע טראַדיציע פונ דעמ אומיטלבאַר רעוואָליוציאָנערנ קאַמפּ פונ די מאַסנ, די ביז גאָר רייכע דערפאַרונג פונ דעמ דאָזיקנ קאַמפּ.

---

1 לענינ. ווערק, ב. XIII, ז. 280.

2 י. סטאַלינ. פראַגנ פונ לעניניזמ, ז. 15, מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס“, 1941 י.

„די פראַגע וועגנ אָפשאַצנ אונדזער רעוואָליוציע, — האָט געשריבנ לענינ אינ 1908 יאָר, — האָט קלאָר ניט קיינ טעאָרעטישע בלויז, נאָר אויכ די סאַמע דירעקטע, פּראַקטיש־אַקטועלע באַדײַטונג. אונדזער גאַנצע אַרבעט פונ פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע איז באַם הײַנטיקנ מאָמענט אַפנ ענגסטנ אויפנ פאַרבונדנ מיטנ פּראָצעס פונ אָנייגענענ מיצאַד די סאַמע ברייטע מאַסנ אַרבעטער־קלאַס און האַלב־פּראָלעטאַרישער באַפעלקערונג די לעקציעס פונ די גרויסע דרײַ יאָר... אָפנ און הויכ אַפ אַ קאָל, אַלס מוסער פאַר די, וואָס קווענקלענ זיכ און פאַלנ באַ זיכ אַראָפ, צו שאַנד די, וואָס רענעגירנ און גייענ אָפ פונ סאָציאַליזמ, דאַרפנ מיר דערקלערנ, אַז אינעמ אומיטלבאַר־רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ פונ די מאַסנ, אינעמ אָקטיאַבער־ און דעקאַבער־קאַמפ פונ 1905 יאָר זעט די אַרבעטער־פּאַרטיי די גרעסטע באַוועגונג פונעמ פּראָלעטאַריאַט נאָכ דער קאָמונע, אַז נאָר אינ דער אַנטוויקלונג פונ אַזוינע קאַמפס־פאָרמענ ליגט די גאַראַנטיע פונ די צוקינפטיקע דערפאָלגנ פונ דער רעוואָליוציע, אַז די דאָזיקע מוסטערנ פונ קאַמפ דאַרפנ אונדז דינענ אַלס לײַכט־טורעמ באַמ דערציִענ נײַע דוירעס קעמפער“[1].

לענינ באַווײַזט, אַז מיט זײַנ העלדישנ קאַמפ אינ משך פונ די דרײַ יאָר רעוואָליוציע האָט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט דעראָבערט דאָס, אַפ וואָס אַנדערע פעלקער האָבנ געפּאַטערט צענדליקער יאָרנ. דער איקער איז דאָס, וואָס די אַרבעטער־מאַסנ האָבנ זיכ באַפרײַט פונ דעמ אײַנפלוס פונעמ פאַרטערישנ און פּאַכדאָנישנ ליבעראַליזמ, דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיכ אויסגעקעמפט די ראָליע פונעמ העגעמאָנ אינ דער דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע, די אונטערדריקטע מאַסנ האָבנ זיכ אויסגעלערנט צו פירנ אַ רעוואָליוציאָנערנ מאַסנ־קאַמפ. לענינ קלערט אויפ יעדנ באַוווסטזיניקנ אַרבעטער די דרײַ וויכטיקסטע לעקציעס פונ דער רעוואָליוציע, נעמלעכ: דערשלאָגנ זיכ אַנ ערנסטע פאַרבעסערונג פונ זייער לאַגע קאָנענ די פאָלקס־מאַסנ נאָר אינ אַקשאָנעסדיקנ און שטאַנדהאַפטיקנ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ; עס איז ניט גענוג בלויז אונטערגראָבנ די צאַרישע מאַכט, מע דאַרפ זי אַרויסרײַסנ מיטנ וואָרצל, פאַרניכטנ; די מאַסנ האָבנ דערזענ, ווי עס זײַנענ טעטיק אינ דער רעוואָליוציע די פאַרשיידענע קלאַסנ — וואָס זײַנענ זייערע ווירקלעכע שטרעמונגענ, פאַר וואָס זיי קעמפנ, אַפ וויפל שטאַרק, אַקשאָנעסדיק, ענערגיש זיי קאָנענ קעמפנ.

לענינ האָט אויפגעדעקט די הויפּט־סיבעס פונ דער מפּלה פונ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע. איינע פונ די גרונט־סיבעס האָט ער געזענ דערינ, וואָס אינ דער רעוואָליוציע איז נאָכ ניט געווענ קיינ פעסטער בונד פונ די אַרבעטער און פויערימ, וואָס די פויערימ זײַנענ אַרויסגעטראָטנ „צו צעשטויבט, ניט אָרגאַניזירט, ניט גענוג אָנגרײַפעריש“. ער האָט אָנגעוויזנ, אַז דער אָנגריפ פונעמ אַרבעטער־קלאַס קעגנ צאַריזמ האָט זיכ אַרויסגעוויזנ פאַר ניט גענוג שטאַרק, ווײַל דער אַרבעטער־קלאַס האָט נאָכ ניט געהאַט קיינ איינהײַט פונ

[1] לענינ, ווערק, ב. XII, ז. 212—213.

זײַנע אײגענע רײען און האָט נאָכ ניט געקאָנט װערנ דער װירקלעכער פירער פונ דער רעװאָלוציע. לענינ האָט געהאַלטנ, אַז די פּאַרטײ דאַרפ אָננעמענ אַלע מיטלענ, אַז אינ דער צוקינפטיקער רעװאָלוציע זאָל דער פּראָלעטאַריאַט קאָנענ שפּילנ זײַנ היסטאָרישע ראָליע פונ אַ װירקלעכנ פירער פונ דער רעװאָלוציע אונ זאָל קאָנענ פירנ נאָכ זיכ צענדליקער מיליאָנענ אַרבעטנדיקע.

לענינ דערלערנט אויפמערקזאַמ דעמ קאַמפּ פונעמ אַרבעטער=קלאַס אינ דער רעװאָלוציע, אַנאַליזירט זאָרגפעליק דעמ גאַנג פונ דער שטרײַק=באַװעגונג. ער דערװײַזט, אַז די קראַפט פונ דער אַרבעטער=באַװעגונג באַשטײט אינ דער פאַרײניקונג פונעמ עקאָנאָמישנ אונ פּאָליטישנ שטרײַק, אַז דער אַלגעמײנער שטרײַק דאַרפ אַריבערװאַקסנ אינ אַנ אויפשטאַנד. ער באַװײַזט, װאָס פאַר אַ גיגאַנטישע רעזערװ רעװאָלוציאָנערע ענערגיע עס האָט אַנטפּלעקט דער קאַמפּ פונ די אַרבעטער אינ דער רעװאָלוציע. „מיט פינפ יאָר צוריק, — האָט געשריבנ לענינ אינ 1910 יאָר אינעמ אַרטיקל „די לעקציעס פונ דער רעװאָלוציע“, — האָט דער פּראָלעטאַריאַט געגעבנ דעמ ערשטנ קלאַפּ דער צאַרישער זעלבסטהערשונג. פאַרנ רוסישנ פאָלק האָבנ אַ שײַנ געטאָגנ די ערשטע שטראַלנ פונ פרײַהײַט. איצט איז װידער אויפגעשטעלט געװאָרנ די צאַרישע זעלבסטהערשונג, װידער קיניגנ אונ רעגירנ די לײַבײגנטימער, װידער קומענ פאָר אומעטומ געװאַלדטאַטנ איבער די אַרבעטער אונ פּויערימ, אומעטומ הערשט דער אַזיאַטישער װילדער װילקיר פונ די מאַכטהאָבער, דאָס נידערטרעכטיקע איזדיעקעװענ זיכ איבערנ פאָלק. די שװערע לעקציעס װעלנ אָבער ניט גײנ לעדיבער. דאָס רוסישע פאָלק איז ניט דאָס, װאָס עס איז געװענ בּיזנ 1905 יאָר. דער פּראָלעטאַריאַט האָט דאָס פאָלק אויסגעלערנט צו קעמפנ. דער פּראָלעטאַריאַט װעט דאָס פאָלק ברענגענ צומ ניצאָכנ“[1].

באַזונדערס פיל אַכט גיט לענינ אָפּ דעמ דערלערנענ די אַגראַר=פראַגע אינ דער רעװאָלוציע. אינ זײַנע אַרבעטנ איז געגעבנ אַ מאַרקסיסטישע כאַראַקטעריסטיק פונ דער רוסישער בורזשואַז=דעמאָקראַטישער רעװאָלוציע, איז אויפגעדעקט איר עקאָנאָמישער יעסאָד: די נאַציאָנאַלע באַזונדערקײַט פונ אונדזער רעװאָלוציע, איר צענטראַלער פּונקט איז די אַגראַר=פראַגע. לענינ האָט געגעבנ אַנ אויסשעפּנדיקע קריטיק פונ די אַגראַר=פּראָגראַמענ פונ אַלע קלאַסנ אונ פּאַרטײענ אינ רוסלאַנד; אָפּערירנדיק מיט קאָנקרעטע פאַקטנ פונ דער געשיכטע פונ דער רעװאָלוציע, בּיפראַט — מיט פאַקטנ װעגנ דער טעטיקײַט פונ דער I אונ II מעלוכע=דומע, האָט ער דעמאַסקירט די פײַנטלעכקײַט פונ די קאַדעטנ צומ פּויערטומ. שטיצנדיק זיכ אָפּ דער בּיז גאָר רײַכער דערפאַרונג פונ דער רעװאָלוציע, האָט לענינ אַלזײַטיק באַלויכטנ די באָלשעװיסטישע אַגראַר=פּראָגראַמ — די פּראָגראַמ פונ פאַרניכטנ אָפּ אַ רעװאָלוציאָנערנ אויפנ דאָס לײַבײגנטומ אינ אָפּרײניקנ אינ דאָרפ דעמ װעג פאַרנ קאַמפּ פאַר דעמ סאָציאַליזמ.

---

[1] לענינ. װערק, ב. XIV, ז. 373.

ווײַט ניט אַלץ, וואָס לענין האָט געהאַט אָנגעשריבן איבער דער אַגראַר־פראַגע, איז דעמלט דערשינען. זײַנע גרונט־אויספירן האָט ער פאָרמולירט אין עטלעכע קלײנע, נאָר אויסשליסלעך טיפע אַרטיקלען, וועלכע זײַנען געווען געדרוקט אין אומלעגאַלע אויסגאַבעס (דער אױטאָרעפעראַט „די אַגראַר־פראָגראַם פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער רוסישער רעוואָליוציע" אאַ.). זײַנע גרעסערע אַרבעטן האָבן בײַם דער זעלבסטהערשונג ניט געקאָנט אַרויסגעגעבן ווערן: דאָס קאַפּיטאַלע ווערק „די אַגראַר־פראָגראַם פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע פון די יאָרן 1905—1907" האָט די צאַרישע פּאָליציי פאַרניכטעט נאָך אין דער דרוקערײַ, דער אַרטיקל „די אַגראַר־פראַגע אין רוסלאַנד צום סאָף XIX יאָרהונדערט" האָט אויך ניט געקאָנט פאַרעפנטלעכט ווערן אין דער פּרעסע. ערשט נאָך דעם, ווי די זעלבסטהערשונג איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן, זײַנען די דאָזיקע אַרבעטן געוואָרן דאָס אײגנס פון מיליאָנען.

אַ בעעמעס גיגאַנטישע אַרבעט האָט לענין דורכגעפירט אָפּ טעאָרעטיש צו פאַראַלגעמײנערן און אָפּ צו פּראָפּאַגאַנדירן די דערפאַרונג פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע. די אָנפירער פון די פּאַרטײען פונעם II אינטערנאַציאָנאַל האָבן ניט געוואָלט און ניט געקאָנט אָפּשאַצן די גאַנצע באַדײַטונג פון דער רוסישער רעוואָליוציע פון די יאָרן 1905—1907 אַלס ערשטע רעוואָליוציע אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם, זײ האָבן ניט געוואָלט און ניט געקאָנט מאַכן פון איר די נײטיקע אויספירן. זײ אַלע האָבן „אַרויסגעוויזן די אַבסאָלוטע אומפעיִקײט צו פאַרשטײן די באַדײַטונג פון דער דאָזיקער דערפאַרונג און אויספילן זײער כויוו אַלס ר ע וו אָ ל י ו צ י אָ נ ע ר ן, דה. נעמען זיך אײַן דערלערנען און פּראָפּאַגאַנדירן די לעקציעס פון אָט דער דערפאַרונג"[1]. לענין האָט פאַרטײדיקט די העלדישע טראַדיציעס פון דער רוסישער רעוואָליוציע, ער האָט ניט געלאָזט אויסוואָרצלען זײ פונעם באַוווּסטזײַן פון די מאַסן. האָבנדיק גענִיאַל פאַראַלגעמײנערט די דערפאַרונג פון דער רעוואָליוציע, האָט ער זי געמאַכט פאַרן אײגנס פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

אין דער צײַט פון אידײיִש־פּאָליטישער צעפאָרנקײט און שווערן קריזיס, וואָס די פּאַרטײ האָט איבערגעלעבט, האָט אַן אַנטשײדנדיקע באַדײַטונג פאַרן גורל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און פון דער פּאַרטײ געהאַט — ריכטיק צו באַשטימען דעם וועג, מיט וועלכן עס דאַרף גײן די פּאַרטײ. לענינס גרעסטער פאַרדינסט באַשטײט דערין, וואָס ער האָט אין דעם דאָזיקן אויסשליסלעך שווערן, קריטישן פּעריאָד אינעם לעבן פון דער פּאַרטײ מיט גענִיאַלער ווײַטזיכטיקײט אָנגעוויזן איר דעם וועג פון דער ווײַטערדיקער באַוועגונג און האָט גענומען פירן אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן די, וואָס האָבן געפּרוווט צווינגען זי אָפּקערעווען פון דעם דאָזיקן וועג, אַרויסרופן אַ פּאַניק אין אירע רײען אָדער שטויסן זי צו אַ פּאָליטישער אַוואַנטיורע.

1 לענין. ווערק, ב. XXV, ז. 432.

לענינ האָט זיכ באַזירט אפנ סאַמע פּינקטלעכנ, אַלזײַטיקנ, שטרענג וויסנשאַפטלעכנ אַנאַליז פונ רוסלאַנדס אַנטוויקלונגס־וועגנ, אפנ אַנאַליז פונ דער סיטואַציע און פונ די פּאָזיציעס פונ פאַרשיידענע קלאַסנ, פונ זייערע קעגנזײַטיקע באַציונגענ, פונ זייער פּאָליטיק. די אָביעקטיווע אויפגאַבנ פונ דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אינ רוסלאַנד, האָט געזאָגט לענינ, זײַנענ ניט געלייזט; עס זײַנענ ניט באַזײַטיקט די טיפע סיבעס, וואָס האָבנ אַרויסגערופנ די ערשטע רעוואָליוציע און וואָס שטויסנ די מאַסנ ווידעראַמאָל צום רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ; — אַ נײַע רעוואָליוציע איז אומפאַרמײַדלעך. עס וואָלט אָבער געווענ ניט ריכטיק, האָט ער ווײַטער פאָרגעזעצט, ווענ מע זאָל צומאַכנ די אויגנ אפ דאָס נײַע, וואָס האָט זיכ באַוויזנ נאָכ דער רעוואָליוציע און איז איינער פונ אירע רעזולטאַטנ. דאָס נײַע — דאָס איז די סטאָליפּינשטשינע.

אַכזאָריעסדיק אָפּרעכענענדיק זיכ מיט דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פונ די אַרבעטער און פויערימ, האָט די צאַרישע רעגירונג גלײַכצײַטיק אָנגעווענדט אַ גרויסנ מאַנעוור. דעמ 9 נאָיאַבער 1906 יאָר האָט דער צאַרישער מיניסטער סטאָליפּינ אַרויסגעגעבנ אַ נײַעמ אַגראַרנ געזעצ וועגנ אויסטיילנ די פויערימ פונ דער געמיינדע אפ כוטאָרנ. דער דאָזיקער געזעצ האָט אפ אַ צוואַנג־אויפנ צעשטערט דעמ געמיינדישנ ערד־באַנוצ. יעדנ פויער איז פאָרגעלייגט געוואָרנ צו נעמענ זײַנ ערד־ביילעק אינ פּערזענלעכנ באַזיצ, אויסטיילנ זיכ פונ דער געמיינדע; ער האָט באַקומענ דאָס רעכט צו פאַרקויפנ זײַנ ערד־ביילעק. פאַר די פויערימ, וואָס גייענ אַרויס פונ דער געמיינדע, איז די דאָרפ־געמיינדע מעכויעוו געווענ אויסצוטיילנ ערד אינ איינ אָרט (אַ כוטאָר, אַנ אָטרוב). די רײַכע פויערימ — די באַלעגופימ האָבנ באַקומענ אַ מעגלעכקייט פאַר אַ ביליקנ פרײַז אויפצוקויפנ בײַ די ווירטשאַפטלעכ שוואַכע פויערימ זייער ערד. אינ מעשעכ פונ עטלעכע יאָר נאָכ דעמ, ווי דער דאָזיקער געזעצ איז אַרויסגעגעבנ געוואָרנ, איז מער ווי אַ מיליאָנ ווירטשאַפטלעכ שוואַכע פויערימ געבליבנ אינגאַנצנ אָנ ערד און איז רוינירט געוואָרנ. אפ זייער כעזשבנ איז אויסגעוואַקסנ די צאָל באַלעגופישע כוטאָרנ און אָטרובנ. די צאַרישע רעגירונג פלעגט צווינגענ די פויערימ אויסצוטיילנ פונ דער געמיינדע פאַר די באַלעגופימ די בעסטע ערד, פלעגט די באַלעגופימ אַרויסגעבנ באַדײַטנדיקע האַלוואָעס. פונ די באַלעגופימ האָט סטאָליפּינ געוואָלט מאַכנ קליינינקע גוטבאַזיצער, טרײַע פאַרטיידיקער פונ דער צאַרישער זעלבסטהערשונג.

מע האָט זיכ געדאַרפט פאַנאַנדערקלײַבנ, וואָס באַטײַט די סטאָליפּינשטשינע, קעדיי צו פאַרשטיינ, ווי עס בילדנ זיכ אויס די פּערספּעקטיווג פונ דער רעוואָליוציע. לענינ קריטיקירט שאַרפ דעמ דאָקטרינערישנ, שאַבלאָנעמ צוגאַנג צו דער סטאָליפּינשטשינע מיצאַד די ליקווידאַטאָרנ און אָטזאָוויסטנ. ער פאַרורטיילט שאַרפ דעמ דאָזיקנ צוגאַנג אַלס אַבסאָליוטנ אײַנגרײַס מיט די פאָדערונגענ פונעמ מאַרקסיסטישנ מעטאָד. אינ אַ ריי אַרטיקלענ און פאָרטראָגנ פאָרמולירט

לענינ און פארטיידיקט די באָלשעוויסטישע אָפשאצונג פונ דער סטאָליפינשטשינע.

לענינס כאראקטעריסטיק פונ דער סטאָליפינשטשינע איז א קלאסישער מוסטער פונ אָנווענדנ דעמ מארקסיסטישנ דיאלעקטישנ מעטאָד צומ אנאליז פונ געזעלשאפטלעכע דערשיינונגענ. טיפ פאלש איז די באהויפטונג פונ די ליקווידאטאָרנ, אז עס איז מער ניטאָ וואָס אויסצורעכענענ אפ א נייער רעוואָליוציע. ניינ! — דערקלערט לענינ, די סטאָליפינשטשינע — דאָס איז א טראָט פאָרויס אפנ וועג צומ פארוואנדלענ די ליבייגנטימערישע זעלבסטהערשונג אינ א בורזשואזער מאָנארכיע, דאָס איז א פרווו פונ די ליבייגנטימער די גוטסבאזיצער צו לייזנ פונ אויבנ, מיט זייערע אייגענע מעטאָדנ די אופגאבנ פונ דער בורזשואזער אנטוויקלונג פונ רוסלאנד, די דאָזיקע פאָליטיק איז אָבער פארורטיילט צו א פולשטענדיקנ דורכפאל און באנקראָט. מיט זיינ אגראר-פאָליטיק, מיט דער פאָליטיק פונ קולטיווירנ און שטיצנ דעמ באלעבאָס פארשארפט סטאָליפינ די לאגע אינ דאָרפ, פארשארפט די קלאסנ-ווידערשפרוכנ אינעמ פויערטומ. א רעוואָליוציאָנערער אופרייס איז ווידער אומפארמיידלעכ, מיר גייענ אָבער צו אימ אפ א נייעמ אויפנ. לענינ ווענדט דעמ שארפ פונ זיינ קריטיק קעגנ די אָטזאָוויסטנ, וועלכע זעענ ניט אָט דאָס נייע, וועלכע לייקענענ אָפ דאָס נייע. „דאָס איז, — האָט לענינ געשריבנ וועגנ דער סטאָליפינשטשינע, — אנ אינערלעכ-ווידערשפרוכלעכער, אומעגלעכער פרווו, דורכ וועלכנ די זעלבסטהערשונג גייט ווידעראמאָל, גייט אומפארמיידלעכ צומ קראכ, פירט אונדז ווידעראמאָל צו דער איבערכאזערונג פונ דער רומפולער עפאָכע און פונ די רומפולע שלאכטנ פונ 1905 יאָר. זי גייט אָבער ניט אזוי, ווי זי איז געגאנגענ אינ די יאָרנ 1897—1903, זי פירט דאָס פאָלק צו רעוואָליוציע ניט אזוי, ווי זי האָט געפירט ביזנ 1905 יאָר, אָט דאָס דאָזיקע „ניט אזוי" דארפ מענ קענענ פארשטיינ; מע דארפ קענענ ענדערנ די אייגענע טאקטיק"[1].

פונ די באזונדערקייטנ פונעמ געגעבענעמ מאָמענט זיינענ ארויסגעדרונגענ אויכ די באזונדערקייטנ פונ דער טאקטיק, וואָס לענינ האָט אָנגעמערקט, — זי איז געווענ אויסגערעכנט אפ אקשאָנעסדיקנ און סיסטעמאטישנ צוגרייטנ די מאסנ צו א נייער רעוואָליוציע, און אָט וויאזוי: מע דארפ קאָמבינירנ די אומלעגאלע ארבעט מיט דער לעגאלער, די אומלעגאלע פארטיי דארפ מיט אלע מיטלענ און אפ א רעוואָליוציאָנערנ אופנ אויסנוצנ די לעגאלע שטיצ-באזעס — די סאָציאל-דעמאָקראטישע פראקציע פונ דער מלוכע-דומע, די פראָפפאריינענ, די קראנקנ-קאסעס, די ארבעטער-קלובנ א"א. „וואָס שטארקער עס איז די מעכאנישע קראפט פונ דער רעאקציע, — האָט געשריבנ לענינ, — און וואָס מער עס איז אָפגעשוואכט די פארבינדונג מיט די מאסנ, אלצ מער רוקט זיכ ארויס אפנ טאָג-סדר די אופגאבע פונ צוגרייטנ דעמ באוווסטזיינ פונ די מאסנ (און ניט די אופגאבע

1 לענינ. ווערק, ב. XIV, ז. 147.

פונ דירעקטע אקציעס), אלצ מער רוקט זיכ ארויס אפנ טאָג-סיידער דאָס *אויסנוצנ* די פראָפאגאנדע- אונ אגיטאציע-ווענג, וועלכע די *אלטע מאכט האָט געשאפנ* (אונ ניט דער אומיטלבארער אָנגריפ פונ די מאסנ קעגנ דער דאָזיקער אלטער מאכט גופע)"[1].

קעדיי צו לייזנ די דאָזיקע אויפגאבנ, האָט מענ געמוזט פאנאנדערוויקלענ דעמ סאמע אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ די, וואָס האָבנ געפרוווט ליקווידירנ די פארטיי: אָפנ אונ דירעקט, ווי די ליקווידאטאָרנ, אָדער דורכ אָפזאָגנ זיכ פונ אויסנוצנ די לעגאלע מעגלעכקייטנ, ווי עס האָבנ פאָרגעלייגט די אָטזאָוויסטנ. מע האָט געמוזט אָנעמענ אלע מיטלענ אפ אייננצוהיטנ אונ פארפעסטיקנ די אומלעגאלע רעוואָליוציאָנערע פארטיי פונעמ ארבעטער-קלאס.

אָט אזוי האָט לענינ פאָרמולירט די אָרגאניזאציאָנעלע פאָליטיק אונ טאקטיק פונ דער פארטיי אינעמ פעריאָד פונ דער סטאָליפינשטשינע.

שוינ אינ די ערשטע ארויסטרעטונגענ לענינס אינ אויסלאנד זיינענ פאָרמולירט געוואָרנ די דאָזיקע אויפגאבנ. אינ מארט 1908 יאָר האָט לענינ געשריבנ אינ „פראָלעטארי“: „דער קריזיס איז אפנ גרונט פונ די ניט פארווירקלעכטע אָביעקטיווע אויפגאבנ פונ דער בורזשואזער רעוואָליוציע אינ רוסלאנד אומפארמיידלעכ. די רייכ-עקאָנאָמישע, ספעציעל-פינאנציעלע אינערלעכע פאָליטישע אונ אויסערלעכע געשעענישנ, אומשטענדנ אונ פעריפעטיעס קאָנענ אימ מאכנ פאר א שארפנ קריזיס. אונ די פארטיי פונעמ פראָלעטאריאט, — זייענדיק ארויפגעטראָטנ אפנ גלייכנ וועג פונ שאפנ א פעסטע אומלעגאלע ס.ד.-אָרגאניזאציע, וועלכע פארמאָגט מער צאָלרייכע אונ מער פארשיידנארטיקע געצייג פונ לעגאלער אונ האלב לעגאלער ווירקונג, איידער פריער, — וועט קאָנענ באגעגענענ דעמ דאָזיקנ קריזיס מער צוגעגרייט צומ אנטשיידענעמ קאמפ, איידער אינ אָקטיאבער אונ דעקאבער 1905 יאָר"[2].

מע האָט געדארפט אָרגאניזירנ אנ אָנראכמאָנעסדיקנ ווידערשטאנד די קאָלערליי ליקווידאטאָרישע טענדענצנ. מיט דעמ ציל האָבנ די באָלשעוויקעס אפנ פלענומ פונ צק אינ אווגוסט 1908 יאָר דורכגעפירט א באשלוס וועגנ צונויפרופנ א קאָנפערענצ.

פירנדיק די צוגרייטונג צו דער קאָנפערענצ, איז לענינ אינ דעקאבער 1908 יאָר אריבערגעפאָרנ קיינ פאריזש — דעמ דעמלטיקנ צענטער פונ דער רוסישער פאָליטישער עמיגראציע.

אינ פאריזש האָט לענינ, ווי שטענדיק, איינגעפירט א שטרענגנ רעזשימ: אויפשטיינ פלעגט ער 8 אזייגער אינדערפרי, אפ א וועלאָסיפעד אוועקפאָרנ פונ עק שטאָט, וווּ ער האָט געוווינט, צומ צענטער, צו דער נאציאָנאלער ביבליאָטעק, פונ דאָרטנ פלעגט ער זיכ אומקערנ 2 אזייגער אונ אינ דער היימ פאָרזעצנ די ארבעט זיינע. איינמאָל, אונטערוועגס פונ זשווויזי (א קליינ שטעטל לעבנ פאריזש, וו-

1 לענינ. ווערק, ב. XIV, ז. 144.
2 לענינ. ווערק, ב. XII, ז. 172.

הינ ער פלעגט פאָרנ זעג, וויאזוי עס פליענ אעראָפלאנענ) איז א פארבײַפאָרנדיקער אווטאָמאָביל ארופגעפאָרנ אפ לענינס וועלאָסיפעד. וולאדימיר איליטש האָט קוים באוויזנ אראָפצושפרינגענ. דער וועלאָסיפעד איז אינגאנצנ צעבראָכנ געוואָרנ.

אינ פאריז נעמט לענינ אנ אקטיוונ אָנטייל אינ דער ארבעט פונ דער אָרטיקער באָלשעוויסטישער גרופע, לייענט רעפעראטנ אינ קלוב פונ „פראָלעטארי“, טרעט ארויס אפ א מיטינג פונ די עמיגראנטנ.

אינגיכנ נאָכ דעמ, ווי לענינ איז געקומענ צו פאָרנ קיינ פאריז, איז דאָרט פאָרגעקומענ די V קאָנפערענצ פונ דער רסדאפ. זי איז געווענ, לויט לענינס אויסדרוק, „א קער-פונקט“ אינ דער געשיכטע פונ דער פארטיי אינ די יאָרנ פונ דער סטאָליפינישער רעאקציע. לענינ איז געווענ דער גרונט-פאָרטרעגער אפ דער קאָנפערענצ. ער פירט אנ ענערגישנ קאמפ אפ צוויי פראָנטנ: קעגנ די ליקווידאטאָרנ אונ קעגנ די אָטזאָוויסטנ. די קאָנפערענצ האָט אָנגענומענ די לענינישע רעזאָליוציע, וואָס האָט אנטהאלטנ א קלאָרנ אנאליז פונעמ מאָמענט, האָט פאָרמולירט די טאקטיק פונ דער פארטיי אונ פארורטיילט די ליקווידאטאָרנ אונ דעמ אָטזאָוויזמ.

די קאָנפערענצ האָט באטײַט לענינס א גרויסנ זיג אינעמ קאמפ פאר דער פארטיי. אירע באשלוסנ האָבנ נאָכ מער פארביטערט די סאָנימ פונ דער פארטיי, די סאָנימ פונעמ באָלשעוויזמ. די ליקווידאטאָרנ, די דירעקטע קעגנער פונ דער פארטיי אונ די ליקווידאטאָרישע דיפלאָמאטנ, וועלכע האָבנ זיי געשטיצט, — „די גאָלאָסאָווצעס“ (די אָנהענגער פונעמ מענשעוויסטישנ אָרגאנ „גאָלאָס סאָציאל-דעמאָקראטא“ — מארטאָוו אא.), די טראָצקיסטנ, וואָס האָבנ מאסקירט זייער ליקווידאטאָרישנ מעהוס מיט קאָלערליי הויכע „שאָלעמ-מאכערישע“ פראזנ, די „ליקווידאטאָרנ אפ דער לינקער זײַט“ — די אָטזאָוויסטנ, די שאָלעמ-מאכער פונ אלע שאטירונגענ, טראָצקיס באהאלטענע פארבינדעטע, — זיי אלע האָבנ מיט קאָלערליי מעטאָדנ אונ מיטלענ געפרוווט שטערנ דער קאָנסאָלידאציע פונ דער פארטיי, געפרוווט צו צעשטערנ די פראָלעטארישע פארטייִשקײַט, ליקווידירנ די רסדאפ.

פירנדיק אנ אומקאָמפראָמיסלעכנ קאמפ קעגנ די מענשעוויסטישע ליקווידאטאָרנ פונ דער פארטיי, האלט לענינ, אז קוידעמקאָל איז נייטיק די באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציע אָפרייניקנ פונ די קליינבירגערלעכע מיטלויפער, באפרײַענ זי פונ די יעניקע, וועלכע האָבנ זיכ געפלאָנטערט אונטער די פיס, שטערנדיק די באָלשעוויקעס פירנ דעמ קאמפ פאר דער פארטיי, אונטערײַסנדיק זייערע פארבינדונגענ מיט די מאסנ. ער ווענדט זײַנע קלעפ קעגנ די אָטזאָוויסטנ. אינ יונ 1909 יאָר איז פאָרגעקומענ א באראטונג פונ דער פארברייטערטער רעדאקציע „פראָלעטארי“, ווו לענינ איז אנטשיידנ ארויסגעטראָטנ קעגנ די אָטזאָוויסטנ די גאָטבויער. לענינ האָט געזיגט אפ דער באראטונג, זי האָט פארורטיילט די אָטזאָוויסטנ אונ ארויסגעשלאָסנ זיי פונ דער באָלשעוויסטישער אָרגאניזאציע.

לענינס קאַמפּ קעגנ די אָטזאָוויסטנ, אולטימאַטיסטנ, מאַכיסטנ און גאָטבויער געפינט א הייסע שטיצע אינ רוסלאַנד. לענינס מיטקעמפער סטאַלינ, וואָס אינ יונ 1909 יאָר איז ער אַנטלאָפנ פונ דער סאָלוויטשעגאָדסקער פארשיקונג און האָט זיכ אומגעקערט קיינ קאַווקאַז, באַהעפט די קרעפטנ פונ די באָלשעוויקעס. דער באַקוער קאָמיטעט, וואָס אָנגעפירט מיט אימ האָט כאַווער סטאַלינ, האָט אינ אויגוסט 1909 יאָר אינ דער רעזאָליוציע זײַנער גערופנ צום אָנראַכמאָנעסדיקנ אידייִשנ קאַמפּ קעגנ באָגדאַנאָוונ און די אָנהענגער זײַנע און האָט דערקלערט, אַז דער דאָזיקער קאַמפּ איז איינע פונ די אָרדנטלעכע אויפגאַבנ פונ דער פאַרטיי=אַרבעט.

שפּעטער האָט לענינ געשריבנ, אַז „פונ אַלע צעקלאַפּטע אָפּאָזיציאָנעלע און רעוואָליוציאָנערע פאַרטייענ זײַנענ די באָלשעוויקעס אָפּגעטראָטנ אינ דער גרעסטער אָרדענונג, מיט די קלענסטע פאַרלוסטנ פונ זייער „אַרמיי“, מיטנ גרעסטנ אײַנהיטנ דעמ קערנ אירנ, מיט די קלענסטע (לויט דער טיפ און אומהיילבאַרקײַט) שפּאַלטונגענ, מיט דער קלענסטער דעמאָראַליזאַציע, מיט דער גרעסטער פייִקײַט צו באַנײַענ די אַרבעט אַמערסטנ ברייט, ריכטיק און ענערגיש. און דערגרייכט האָבנ עס די באָלשעוויקעס בלויז דערפאַר, ווײַל זיי האָבנ אָנ ראַכמאָנעס דעמאַסקירט און אַרויסגעטריבנ די פראַזע=רעוואָליוציאָנערנ, וועלכע האָבנ ניט געוואָלט פאַרשטיינ, אַז מע דאַרפ אָפּטרעטנ, אַז מע דאַרפ קענענ אָפּטרעטנ, אַז מע מוז זיכ אומבאַדינגט אויסלערנענ צו אַרבעטנ לעגאַל אינ די סאַמע רעאַקציאָנערע פאַרלאַמענטנ, אינ די סאַמע רעאַקציאָנערע פראָפעסיאָנעלע, קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס, סטראַכיר=אָרגאַניזאַציעס און ענלעכע אָרגאַניזאַציעס“[1].

אינעמ קאַמפּ קעגנ די ליקווידאַטאָרנ האָט לענינ ניט געוווּסט פונ קיינ ראַכמאָנעס. די ליקווידאַטאָרנ האָט מיט אַלע קויכעס פאַרטיידיקט טראָצקי. זײַנ ליקווידאַטאָרישנ מעהוס האָט טראָצקי געפּרוווּט פאַרמאַסקירנ מיט שאָלעמ=מאַכערײַ, מיט צענטריזמ.

טראָצקי און זײַנע באַהאַלטענע אַגענטנ — קאַמענעוו, זינאָוויעוו, ריקאָוו אאַ. — האָבנ קעגנ לענינס ווילנ צונויפגערופנ אינ יאַנוואַר 1910 יאָר א פּלענומ פונ צק. מיט קאָלאָסאַלער מי האָט זיכ לענינ דערשלאָגנ, אַז אויפנ פּלענומ זאָלנ באַשטעטיקט ווערנ די באַשלוסנ פונ דער דעקאַבער=קאָנפערענצ פונ 1908 יאָר. עס איז אָנגענומענ געוואָרנ א רעזאָליוציע, וואָס פאַרורטיילט די ליקווידאַטאָרנ און אָטזאָוויסטנ, אַלס דורכפירער פונעמ בורזשואַזנ אײַנפלוס אויפנ פּראָלעטאַריאַט. אינ דער זעלבער צײַט האָבנ טראָצקי און זײַנע באַהאַלטענע אַגענטנ דורכגעפירט אויפנ פּלענומ א ריי אַנטילענינישע באַשטימונגענ: פאַרמאַכנ די באָלשעוויסטישע צײַטונג „פּראָלעטאַרי“, געבנ געלטשטיצע דעמ טראָצקיסטישנ בלעטל, וואָס איז אַרויסגעגאַנגענ אינ ווינ. לענינ האָט שפּעטער געזאָגט וועגנ די באַשלוסנ פונעמ פּלענומ, אַז דאָס זײַנענ געווענ „אידיאָטישע“ שאָלעמ=מאַכערישע באַשלוסנ, וואָס האָבנ פאַרטאָרמאָזירט אויפ א גאַנצ יאָר די אַנטוויקלונג פונ דער פּאַרטיי=אַרבעט.

1 לענינ. ווערק, ב. XXV, ז. 177.

נאָכן פֿלענום פֿונעם צק האָט זיך דער קאַמף נאָך מער פֿאַרשאַרפֿט. די ליקווידאַטאָרן, מאַרטאָווצעס, טראָצקיסטן, וופּעריאָדאָווצעס, שאָלעם=מאַכער האָבן זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אַפֿ לענינען, האָבן פֿאַרצענפֿאַכט זייערע אָנפֿאַלן אַפֿ דער פּאַרטיי. פֿון דעם דאָזיקן גאַנצן פּרינציפּלאָזן ערעוואַוו האָט יודושקע טראָצקי גענומען צונויפֿשטופּקעווען דעם אַנטיפּאַרטייִשן אויגוסט=בלאָק קעגן די באָלשעוויקעס, קעגן לענינען. דער II אינטערנאַציאָנאַל איז געקומען צו הילף די מענשעוויקעס. די שפּאַלטן פֿון דער אייראָפּייִשער סאָציאַליסטישער פּרעסע זײַנען געווען גאַסטפֿרײַנטלעך אָפֿן פֿאַר קאַלערליי רעכילעסדיקע אָנפֿאַלן אַפֿ די באָלשעוויקעס. אין דער רעדאַקציע פֿון „סאָציאַל=דעמאָקראַט“ האָבן זינאָוויעוו און קאַמעניעוו געפֿלאָכטן אַ נעץ אינטריגעס, הינטער לענינס רוקן רייידנדיק זיי זיך צונויף מיט זײַנע קעגנער.

אין דער דאָזיקער אָנגעשטרענגטער סיטואַציע וויקלט לענין פֿאַנאַנדער אַ שטורמישע טעטיקייט אין קאַמף פֿאַר דער פּאַרטיי. זײַנע קרעפֿטן, זײַן ענערגיע זײַנען אומדערשעפּלעך, דער גלויבן אינעם זיג פֿון די באָלשעוויקעס איבער אַלע סאָנים פֿון דער פּאַרטיי — גרענעצלאָז. לענין באַהעפֿט די רייען פֿון די באָלשעוויקעס, שאַפֿט אַ בלאָק פֿון די באָלשעוויקעס מיט די מענשעוויקעס די פּאַרטייער (פּלעכאַנאָווצעס), אַ בלאָק פֿון די אָנהענגער פֿון אײַנהייטן און פֿאַרפֿעסטיקן די אומלעגאַלע פּאַרטיי.

לענין שטעמפּלט טראָצקיס פּרוּוו צונויפֿצושטוקעווען אַ פּרינציפּלאָזן אַנטיפּאַרטייִשן בלאָק פֿון אַלע סאָנים פֿונעם באָלשעוויזם. מיט פֿלאַמנדיקע ווערטער אַנטבלויזט ער ביז די וואָרצלען דעם אַנטיפּאַרטייִשן מעהוס פֿונעם טראָצקיזם: „טראָצקי פֿאַראייניקט די אַלע, וועמען עס איז טײַער און ליב די אידייִשע צעפֿאַלונג; די אַלע, וועמען עס גייט ניט אָן די פּאַרטיידיקונג פֿונעם מאַרקסיזם; אַלע קליינבירגער, וואָס פֿאַרשטייען ניט אום וואָס עס גייט דער קאַמף און וואָס ווילן זיך ניט לערנען, טראַכטן, דערגרונטעווען זיך צו די אידייִשע וואָרצלען פֿון די מיינונגס=פֿאַרשיידנהייטן“.

לענין האָט טראָצקין אָוועקגעשטעלט צום שאַנד=סלופּ. אינעם אַרטיקל „וועגן דער שאַנד=פֿאַרב בײַ יודושקע טראָצקי“ האָט לענין אַראָפּגעריסן די מאַסקע פֿון דעם דאָזיקן צוויִאַק און היפּאָקריט און באַוויזן, וויאַזוי טראָצקי „האָט זיך עס אָפֿן פֿלענום געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט קעגן דער ליקווידאַטאָרסטווע און קעגן דעם אָטזאָוויזם“, וויאַזוי „ער האָט זיך געהאַלטן אין איין שווערן, אַז ער איז פּאַרטייִיש“, און נאָכן פֿלענום האָט ער אָנגעהויבן קריכן אַפֿ אַלע פֿיר פֿאַר די ליקווידאַטאָרן און אָטזאָוויסטן און צוזאַמען מיט זיי אָרגאַניזירן אַ פֿאַרשווערונג קעגן דער פּאַרטיי.

לענין האָט צונישט געמאַכט אַלע פּלענער פֿון די סאָנים פֿון דער פּאַרטיי, האָט אויפֿגעדעקט זייערע שווינדלערישע מאַכינאַציעס, וואָס זייער ציל איז געווען — צעוואַלגערן די פּאַרטיי. „די פֿאַרשווערונג קעגן דער פּאַרטיי איז אויפֿגעדעקט, — האָט געשריבן לענין. —

אַלע, וועמענ עס איז טײַער די עקזיסטענצ פונ דער רסדאפּ, שטעלט זיכ צומ פּארטײדיקנ די פּארטײ!“[1].

אינ זײַנ קאמפּ קעגנ די ליקווידאטאָרנ האָט זיכ לענינ געשטיצט אפ די פּארטײ=אָרגאניזאציעס אינ רוסלאנד. אינ קאמפּ קעגנ דער ליקווידאטאָרײַ האָט אימ פולשטענדיק געשטיצט סטאלינ. באַמ ווילדנ ווידערשטאנד מיצאַד די מארטאָוועצעס באַווײַזנ זיכ אינעמ צענטראלנ פּארטײ=אָרגאנ „סאָציאַל=דעמאָקראט“ סטאלינס באַרימטע „בריוו פונ קאווקאַז“, וווּ עס איז געגעבנ געוואָרנ א פּארניכטנדיקע קריטיק פונ די ליקווידאטאָרנ אונ עס איז שארפ פארורטײלט געוואָרנ די פּארעטרישע אופירונג פונ די מיטהעלפער פונעמ טראָצקיזמ. אינ די דאָזיקע ארטיקלענ אונ אויכ אינ דעמ בריוו צו לענינענ פונ דער סאָלוויטשעגאָדסקער פארשיקונג (סאָפ 1910 יאָר) האָט כאַווער סטאלינ ארויסגערוקט א פּלאנ ווי אַזוי צו אָרגאניזירנ די פּארטײ=ארבעט אינ רוסלאנד: צונויפרופנ אנ אלגעמײנ=פּארטײישע קאָנפערענצ, ארויסגעבנ א לעגאלע פּארטײישע צײַטונג, שאפנ אנ אומלעגאלנ פּראקטישנ פּארטײ=צענטער. דער דאָזיקער פּלאנ איז שפּעטער פארווירקלעכט געוואָרנ אפ דער פּראָגער פּארטײ=קאָנפערענצ.

לענינ האָט אָנ ראכמאָנעס געפירט א מילכאָמע קעגנ די אָפּאָרטוניסטנ אונ צענטריסטנ פונעמ II אינטערנאציאָנאל. ער פּאָלגט אופמערקזאמ נאָכ די פּראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר אינווייניק אינ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער=באַוועגונג. אינ זײַנע ארטיקלענ באַווײַזט ער, ווי אַזוי עס וואקסט אָנ אונ עס פארשטארקט זיכ דער אָפּאָרטוניזמ אינעמ II אינטערנאציאָנאל. ער דעקט אופ די גרונטקוואלנ זײַנע — דאָס זײַנענ די קלײנבירגערלעכע מיטלויפער פונ דער ארבעטער=באַוועגונג אונ דער אויבערשיכט פונעמ ארבעטער=קלאס — די „ארבעטער=אריסטאָקראטיע“, וואָס איז אונטערגעקויפט דורכ דער בורזשואזיע. ער שטעלט פעסט, אז די הויפּט=טרעגער פונעמ אָפּאָרטוניזמ זײַנענ די פּראָפּארײנישע ביוראָקראטיע אונ די פּארלאמענט=פראקציעס. לענינ באַווײַזט, ווי אַזוי אינ אלע לענדער וואקסט אָנ די אומפארמײַדלעכע אנטשײדענע פאנאנדערגרענעצונג מיט די אָפּאָרטוניסטנ, אונ קריטיקירט שארפ די צענטריסטישע אָנפירונג פונ די פּארטײענ פונעמ II אינטערנאציאָנאל. ער שטיצט אינ זײַנע ארויסטרעטונגענ די לינקע עלעמענטנ, קריטיקירנדיק גלײַכצײַטיק זײערע פעלערנ, זײער ניט=קאָנסעקווענטקײַט אינעמ קאמפּ קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ. אפ די זיצונגענ פונ דער אינטערנאציאָנאלער סאָציאליסטישער ביוראָ (אינ די יאָרנ 1908, 1909 אונ 1911), וואָס א מיטגליד אירער איז לענינ געווענ פונ הארבסט 1905 יאָר אָנ, פּארטײדיקט ער די קאָנסעקווענט=רעוואָליוציאָנערע ליניע, קריטיקירט קאוטסקיס צענטריזמ, שטיצט די לינקע האָלענדישע סאָציאַל=דעמאָקראטנ, טרעט ארויס מיט א פּארטײדיקונג פונ ראָזע לוקסעמבורג, ווענ אפ איר איז אָנגעפאלנ די אָנפירונג פונ דער דײַטשישער סאָציאַל=דעמאָקראטיע.

1 לענינ. ווערק, ב. XIV, ז. 262.

אינ אויגוסט 1910 יאָר נעמט לענינ אָנ אַקטיוו אָנטייל אינ דער אַרבעט פונ דעמ קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס פונעמ II אינטערנאַציאָנאַל, ווו ער טרעט אַרויס קעגנ די אָפּאָרטוניסטנ. בייסנ קאָנגרעס רופט לענינ צונויפ אַ באַראַטונג פונ די לינקע, קעדיי צו אָרגאַניזירנ אונ באַהעפטנ די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטנ אינ דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג.

סאָפ 1910 יאָר האָבנ זיכ אָנגעהויבנ באַווייזנ אינ די מאַסנ די ערשטע סימאָנימ פונ אויפלעבונג, פונעמ אַריבערגאַנג פונ אַפּאַטיע אונ מידקייט צומ וווקס פונ די רעוואָלוציאָנערע שטימונגענ. מיט ענערגישע מיטלענ דערשלאָגט זיכ לענינ, אַז אינ אויסלאַנד זאָל אָנהייבנ דערשיינענ אַ נייער באָלשעוויסטישער אָרגאַנ — „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“, אונ אינ רוסלאַנד — די לעגאַלע צייטונג „זוועזדאַ“ אונ דער זשורנאַל „מיסל“. „נעכטנ, — האָט געשריבנ לענינ צו יעליזאַראָוונ דעמ 20 דעקאַבער 1910 יאָר, — האָב איכ באַקומענ פונ רוסלאַנד דעמ נומ. 1 „זוועזדאַ“, אונ היינט דעמ נומ. 1 „מיסל“. אָט וואָס עס פרייט! איכ האָפ, אַז אויכ איר האָט געזענ. אָט דאָס איז אַ דערפרייונג!!“ [1].

לענינ גיט אָפּ פיל אויפמערקזאַמקייט דער „זוועזדאַ“ אונ „מיסל“. אינ זיי דערשיינענ אָפט זיינע אַרטיקלענ. לענינ האַלט אונטער אַנ ענגע פאַרבינדונג מיט די פּעטערבורגער באָלשעוויקעס. עס שטעלט זיכ איינ אַ קאָרעספּאָנדענצ מיט סווערדלאָוונ, וועלכער האָט דעמלט געאַרבעט אינ פּעטערבורג אַלס אַגענט פונ צק.

מיט גרויס פרייד פלעגט לענינ אָפּמערקנ דאָס באַווייזנ זיכ פונ נייע פּאַרטיי-טוער פונ צווישנ די אַרבעטער. ער האָט ענערגיש געשמידט פונ זיי קאַדרענ, איבערגעגעבענע דער פּאַרטיי. די אַרבעטער, וואָס פלעגנ קומענ קיינ אויסלאַנד, פלעגט לענינ זאָרגעוודיק איינאָרדענענ, זיכ אינטערעסירנ, ווי ס'גייענ בא זיי די לימודימ, קאָנטראָלירנ זייערע קענטענישנ. אויסנוצנדיק דעמ דראַנג פונ די אַרבעטער צו לערנענ זיכ, האָבנ די אָטזאָוויסטנ געשאַפנ אָפ קאַפּרי אַנ אייגענע שול. לענינ האָט גלייכ דעמאַסקירט איר פראַקציאָנעלנ כאַראַקטער. ער האָט זיכ דערשלאָגנ, אַז די צוהערער פונ אָט דער שול זאָלנ קומענ צו פאָרנ קיינ פּאַריזש, אונ אינ נאָיאַבער — דעקאַבער 1909 יאָר האָט ער געלייענט פאַר זיי לעקציעס וועגנ לויפנדיקנ מאָמענט אונ וועגנ סטאָליפּינס אַגראַר-פּאָליטיק. זומער 1911 יאָר האָט לענינ אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיי-שול אינ לאָנזשומאָ, הינטער פּאַריזש. דאָ האָט ער געלייענט פאַר אַרבעטער באָלשעוויקעס לעקציעס אָפ פּאָליטישער עקאָנאָמיע, טעאָריע אונ פּראַקטיק פונ סאָציאַליזמ, וועגנ דער אַגראַר-פראַגע.

די ערשטע סימאָנימ פונ דעמ זיכ דערנעענטערנדיקנ אויפשטייג, וועלכנ לענינ האָט געהאַט פאָרויסגעזאָגט, דיקטירנ מיט דער גאַנצער שאַרפקייט די נויטווענדיקייט ענדגילטיק צו צעקלאַפּנ די ליקווידאַטאָרנ אונ צוריק אויפשטעלנ די פּאַרטיי. אינ זיינע אַרטיקלענ שטרייכט לענינ אונטער, אַז עס איז ניט דערלאָזבאַר, די באָלשעוויקעס זאָלנ

1 לענינ. בריוו צו די קרויווימ, ז. 370.

זיכ אפ וויטער געפינענ אינ איינ פארטיי מיט די מענשעוויקעס, אז די גרונט=אופגאבע פונ די באָלשעוויקעס איז פולשטענדיק איינרייסנ מיט די מענשעוויקעס, ארויסטרייבנ זיי פונ דער פארטיי, אָפּרייניקנ זי פונ די אָפּאָרטוניסטנ.

לענינ אטאקירט ענערגיש די ליקווידאטאָרנ און די אויסלענדישע ביוראָ פונ צק, וועלכע שטיצט זיי. ער דערשלאָגט זיכ, אז אינ יונ 1911 יאָר זאָל אָרגאניזירט ווערנ א באראטונג פונ די צק=מיטגלידער און אז אפ דער דאָזיקער באראטונג זאָל אָנגענומענ ווערנ א באשלוס וועגנ צונויפרופנ א פארטיי=קאָנפערענצ.

לענינ האָט באנאנדערגעוויקלט א קאָלאָסאלע ארבעט אפ צוגרייטנ די קאָנפערענצ. דער קאמפ קעגנ די ליקווידאטאָרנ האָט זיכ דערנענטערט צום אנטשיידנדיקנ פינאל, און זיי האָבנ געשאפנ קאָלערליי מענינעס די באָלשעוויקעס. א באזונדערס שעדלעכע ראָליע האָבנ אינ אָט דעם מאָמענט געשפילט די שאָלעמ=מאכער, וועלכע האָבנ געפרווט ארויפרייסנ דאָס צונויפרופנ די קאָנפערענצ און דאָס אָפּרייניקנ די פראָלעטארישע פארטיי פונ די רענעגאטנ. לענינ דעמאַסקירט זיי שארפ אלס מיטהעלפער פונ די ליקווידאטאָרנ. אינ זיינ ארטיקל „וועגנ דער נייער פראקציע שאָלעמ=מאכער אָדער צאדיקימ“ שרייבט ער: „די ראָליע פונ די שאָלעמ=מאכער אינ דער עפּאָכע פונ קאָנטררעוואָליוציע קאָנ כאראקטעריזירט ווערנ מיט אזא בילד. די באָלשעוויקעס שלעפנ מיט גרויס מי אונדזער פארטיי=וואָגנ בארג=ארופ איבער א שטייל בארג. די ליקווידאטאָרנ די גאָלאָסאָוועצעס שלעפנ אימ מיט אלע קויכעס צוריק, בארג=אראָפּ. אפנ וואָגנ זיצט א שאָלעמ=מאכער. דער אויסזענ איז בא אימ — הוילע לאקרעצ; דאָס פּאָנעמ — א זיסינקס, גאָר ווי בא יעזוס קריסטוס. די גאנצע פיגור — די צידקעס אליינ. און באשיידנ אראָפּגעלאָזט די אויגנ אפ אראָפּ, אופגעהויבנ די הענט צום הימל, רופט אויס דער שאָלעמ=מאכער: „א דאנק דיר, ריבוינעשעלוילעמ, וואָס איכ בינ ניט ענלעכ אפ אָט די — א ווונק אפ דער זייט פונ די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס — בייזוויליקע פראקציאָנערנ, וואָס שטערנ יעטווידער באוועגונג פאָרויס“. און דער וואָגנ באוועגט זיכ צוביסלעכ פאָרויס, און אפנ וואָגנ זיצט דער שאָלעמ=מאכער“[1].

עס צעפלאקערט זיכ דער קאמפ ארום דער פראגע פונ צונויפרופנ די קאָנפערענצ. לענינ און די לענינצעס טרעטנ שארפ ארויס קעגנ דער אויסלענדישער אָרגאניזאציאָנעלער און טעכנישער קאָמיסיע, וואָס די יונ=באראטונג פונ די צעקיסטנ האָט זיי געשאפנ אפ צונויפרופנ די קאָנפערענצ, נאָר פאקטיש האָבנ זיי געזוענ אראָפּצורייסנ די קאָנפערענצ די ליקווידאטאָרנ צוליב.

דער קאמפ, וועלכנ כאָווער סטאלינ פירט אינטענסיוו קעגנ דער ליקווידאטאָרײַ אינ רוסלאנד, באקומט לענינס פולע באוויליקונג. ער פארעפנטלעכט סטאלינס ארטיקל — „פונעמ קאַגער פונ דער סטאָליפינישער „ארבעטער“=פארטיי“ און גיט אימ אזא אָפּשאצונג: „די

1 לענינ. ווערק, ב. XV, ז. 242.

קאָרעספּאָנדענצ פונ כאווער ק. (סטאלינ. — ר ע ד.) פארדינט די גרעסטע אופמערקזאמקייט מיצאד די אלע, וועמענ עס איז טייער אונדזער פּארטיי. א בעסערע דעמאסקירונג פונ דער „גאָלאָס"-פּאָליטיק (אונ פונ דער גאָלאָס-דיפּלאָמאטיע), א בעסערע אָפּלייקענונג פונ די אָנשוויונגענ אונ האָפענונגענ פונ אונדזערע „שאָלעמ-מאכער אונ פּשאָרע-מאכער" איז שווער זיכ פאָרצושטעלנ"[1].

לענינ שיקט קיינ רוסלאנד דעמ כ' אָרדזשאָניקידזע צו שאפנ די רוסלענדישע אָרגאניזאציאָנעלע קאָמיסיע אפ צונויפרופנ די קאָנפערענצ. כ' אָרדזשאָניקידזעס ענערגישע ארבעט גיט אירע רעזולטאטנ. די קאָמיסיע פירט דורכ אירע באראטונגענ, ווענדט זיכ צו דער פּארטיי מיט אנ אופרופ מיקויעכ צונויפרופנ די קאָנפערענצ. מיט אנציקונג רופט זיכ לענינ אָפ וועגנ דער ארבעט פונ דער דאָזיקער קאָמיסיע. „עס וואָלט, נאטירלעכ, געווענ אומפארצײַלעכ נאיוו, — האָט געשריבנ לענינ, — ארײַנצולאָזנ זיכ אינ לײַכטגלויביקנ אָפּטימיזמ; שוועריקײַטנ שטייענ נאָכ פאָר גיגאנטישע; די פּאָליציישע העצע האָט זיכ פארצענפאכט נאָכנ פארעפנטלעכנ דאָס ערשטע רוסישע פלוגבלעטל פונעמ ס.-ד.-צענטער; עס איז מעגלעכ פאָרויסצוזענ לאנגע אונ שווערע כאדאָשימ, נײַע דורכפאלנ, נײַע איבעררײַסנ אינ דער ארבעט. דאָס וויכטיקסטע איז שוינ אָבער אָפּגעטאָנ. די פאָנ איז אופגעהויבנ; די ארבעטער-קרײַזלעכ אינ גאנצ רוסלאנד האָבנ זיכ א ציגעטאָנ צו איר. אונ קיינ שומ קאָנטררעוואָליוציאָנערע אטאקע איז ניט בעקויעכ זי איצט אומצוווארפנ!"[2].

קעדיי צוגרייטנ די קאָנפערענצ, באזוכט לענינ אינ הארבסט די באָלשעוויסטישע גרופּעס אינ פּאריזש, ציריכ, בערנ, זשענעווע, בריסעל, אנטווערפּענ, לאָנדאָנ, טרעט דאָרט ארויס מיט רעפעראטנ. אינ דעקאבער 1911 יאָר פירט לענינ דורכ אינ פּאריזש א באראטונג פונ די אויסלענדישע באָלשעוויסטישע גרופּעס, טרעט ארויס מיט א פאָרטראָג וועגנ דער לאגע אינ דער פּארטיי.

בײַקומענדיק אלע שטערונגענ, מאכנדיק טיל-טעל פונ אלע סאָנימ, אָפּשלײַדערנדיק פונ וועג אלע זיכ קעגנשטעלנדיקע, דערשלאָגט זיכ לענינ דעמ צונויפרופ פונ דער פּארטיי-קאָנפערענצ. אינ יאנואר 1912 יאָר איז פאָרגעקומענ די אלרוסלענדישע VI („פּראָגער") קאָנפערענצ. לענינ האָט אומיטלבאר אָנגעפירט מיט דער גאנצער ארבעט פונ דער קאָנפערענצ: ער האָט געהאלטנ די גרונט-פאָרטראָגנ, איז ארויסגעטראָטנ מיט רעדעס, האָט אָנגעשריבנ די וויכטיקסטע רעזאָליוציעס.

אינ זײַנע ארויסטרעטונגענ האָט לענינ אָנגעוויזנ, אז דער גאנצער גאנג פונ די געשעענישנ האָט פולשטענדיק באשטעטיקט די באשלוסנ פונ דער פאריקער, דער V קאָנפערענצ וועגנ דעמ רעזשימ פונ דריטנ יונ אונ וועגנ די אופגאבנ פונ דער פּארטיי. די סטאָליפּינשטשינע האָט באנקראָטירט, אינ די פאָלקס-מאסנ, אינ דער ערשטער ריי צווישנ דעמ פּראָלעטאריאט, מערקט זיכ דער אָנהייב פונ

1 לענינ. ווערק, ב. XV, ז. 217.
2 דאָרטנ, ז. 293.

א פּאָליטישער אופלעבונג, וואַקסנ אָנ רעוואָליוציאָנערע שטימונגענ. אפנ טאָג־סיידער שטייט, פונקט ווי פריער, קוידעמקאָל, די ארבעט פונ רעוואָליוציאָנערנ דערציִענ, אָרגאניזירנ אונ באהעפטנ די פאָרגעשריטענע מאסנ פונ פּראָלעטאריאט; מע מוז פאנאנדערוויקלענ די פּאָליטישע אגיטאציע, אלזייטיק שטיצנ די זיכ אָנהייבנדיקע באוועגונג פונ די מאסנ, פארברייטערנ זי אונטער דער פאָנ פונ די רעוואָליוציאָנערע לאָזונגענ פונ דער פּארטיי.

קעדיי צו לייזנ די דאָזיקע אויפגאבנ, האָט לענינ געזאָגט, איז נייטיק א פעסטע אונ צוזאמענגעהעפטע אומלעגאלע פּארטיי, וועלכע זאָל נאָכ ברייטער, איידער ביז איצט, אויסנוצנ אלע לעגאלע מעגלעכקייטנ. די אויפגאבנ פונעמ מאָמענט רוקנ ארויס נייע פאָרמענ פונ דער אָרגאניזאציאָנעלער ארבעט פונ דער פּארטיי. דאָס שאפנ בייגעוודיקע, באוועגלעכע, קליינע לויטנ באשטאנד אומלעגאלע פּארטיי־קעמערלעכ, ארומגערינגלטע מיט א נעצ לעגאלע אָרגאניזאציעס, וועט זיכערנ די דורכפירונג פונ דער פּארטיי־ליניע אפ יעדנ געביט פונ דער לעגאלער ארבעט. דערינ באשטייט טאקע קוידעמקאָל דער אנטשיידענער קאמפ קעגנ דער ליקווידאטאָרני.

א גרויסנ אינטערעס שטעלט מיט זיכ פאָר לענינס פּאָרטראָג וועגנ דער ארבעט פונ דער אינטערנאציאָנאלער סאָציאליסטישער ביוראָ. אינעמ פּאָרטראָג ווערט געגעבנ א כאראקטעריסטיק פונעמ צושטאנד פונ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג. לענינ האָט אָנגעוויזנ, אז אינ די פּארטייענ פונעמ II אינטערנאציאָנאל, אונ אינ דער ערשטער ריי אינ דער אויסערלעכ „איינהייטלעכער“ דייטשישער סאָציאל־דעמאָקראטיע, פארשארפט זיכ אלצ מער דער קאמפ צווישנ די רעוואָליוציאָנערע אונ רעפאָרמיסטישע עלעמענטנ. די סאָציאל־דעמאָקראטישע פּארטייענ קומענ צו צו א נייער עפּאָכע, — צו דער עפּאָכע פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע, פונ אנטשיידנדיקע שלאכטנ פונעמ פּראָלעטאריאט קעגנ דער בורזשואזיע. דער עקאָנאָמישער קריזיס, דער מילכאָמע־קריזיס — דאָס זיינענ אלצ סימפּטאָמענ פונ דעמ, אז די דאָזיקע נייע היסטאָרישע עפּאָכע דערנעענטערט זיכ.

די פּראָגער קאָנפערענצ האָט אונטערגעצויגנ דעמ סאכאקל פונ לענינס גאנצנ פריערדיקנ קאמפ פאר א רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטארישער פּארטיי, דעמ סאכאקל פונעמ קאמפ פונ די באָלשעוויקעס קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ.

די קאָנפערענצ האָט ארויסגעטריבנ פונ דער פּארטיי די מענשעוויקעס אונ האָט געלייגט דעמ גרונט־שטיינ פונ דער פּארטיי פונ נייעמ טיפּ, פונ דער פּארטיי פונ לעניניזמ, פונ דער באָלשעוויסטישער פּארטיי.

די באָלשעוויקעס האָבנ געגרייט אזא פּארטיי שוינ פונ די צייטנ פונ דער אלטער „איסקרא“. זיי האָבנ זי געגרייט אקשאָנעסדיק, ענערגיש, ניט געקוקט אפ קיינ זאכ. די גאנצע געשיכטע פונעמ קאמפ קעגנ די „עקאָנאָמיסטנ“, מענשעוויקעס, טראָצקיסטנ, אָטזאָוויסטנ, אידעאליסטנ פונ אלע קאָלירנ, די עמפּיריאָקריטיקער איינגעשלאָסנ, איז

געווענ א געשיכטע פונ צוגרייטנ גראד אזא פארטיי. „א גרונטיקע אונ אנטשיידנדיקע ראליע אינ אט דער צוגרייטונגס־ארבעט האבנ געשפילט אזעלכע ווערק לענינס, ווי „וואס דארפ מענ טאנ?“, „צוויי טאקטיקעס“ א.אזוו. לענינס בוכ „וואס דארפ מענ טאנ?“ איז געווענ די אידעאלאגישע צוגרייטונג פונ אזא פארטיי. לענינס בוכ „א טראט פאראויס, צוויי טריט צוריק“ איז געווענ די ארגאניזאציאנעלע צוגרייטונג פונ אזא פארטיי. לענינס בוכ „צוויי טאקטיקעס פונ דער סאציאל־דעמאקראטיע אינ דער דעמאקראטישער רעוואליוציע“ איז געווענ די פאליטישע צוגרייטונג פונ אזא פארטיי. ענדלעכ, לענינס בוכ „מאטעריאליזמ אונ עמפיריאקריטיציזמ“ איז געווענ די טעארעטישע צוגרייטונג פונ אזא פארטיי“[1].

לענינ איז ארויס אלס זיגער קוידעמקאל דערפאר, ווייל ער האט פעסט אונ זיכער געפירט א פרינציפיעלע פאליטיק, אונ „די פרינציפיעלע פאליטיק, — האט ער געלערנט די פארטיי, — איז די איינציק ריכטיקע פאליטיק“.

---

1 „געשיכטע פונ דער אלקפ(ב), קורצער קורס“, ז. 166—167. מעלוכע־פארלאג „דער עמעס“, 1940 י.

## VII

די פּראָגער קאָנפערענצ האָט געשלאָסנ מיט זיכ א גרויסנ פּעריאָד אינ לענינס לעבנ אונ טעטיקײַט. לאנגע יאָרנ האָט לענינ אקשאָנעס־דיק געקעמפט קעגנ פילצאָליקע סאָנימ פאר שאפנ די באָלשעוויסטישע פּארטיי, די פּארטיי פונ נײַעמ טיפ, אונ איז ארויס פונ דעמ דאָזיקנ קאמפ אלס זיגער. דאָס איז געווענ דער גרעסטער יאָמטעוו, דער גרעסטער טריומפ אינ לענינס לעבנ. „ענדלעכ האָט זיכ אײַנגעגעבנ, — האָט ער געשריבנ צו גאָרקינ אָנהייב 1912 יאָר, — טראָצ די ליקווידאטאָרישע אויסוואורפנ ווידער אופצושטעלנ די פּארטיי אונ איר צענטראל־קאָמיטעט. איכ גלייב, איר וועט זיכ פרייענ דערמיט צוזאמענ מיט אונדז“ [1].

„די ליקווידאטאָרישע אויסוואורפנ“ האָבנ אופגעהויבנ א ווילדנ טומל אינ אויסלאנד. „צווישנ די אונדזעריקע, — האָט געשריבנ לענינ צו די קרויווימ, — גייט דאָ אזא רײַסערײַ אונ אזא מינ באגיסנ אײנער דעמ אנדערנ מיט פּאָמויניצעס, ווי עס איז שוינ לאנג ניט געווענ, אונ כ'צווייפל, צי ס'איז גאָר אמאָל אזוינס געווענ. אלע גרופּעס, סובגרופּעס האָבנ זיכ אָנגעגורט קעגנ דער לעצטער קאָנפערענצ אונ אירע אָרגאניזאטאָרנ אזוי, אז אפ די היגע פארזאמלונגענ איז דערגאנגענ בוכשטעבלעכ ביז פּעטש“ [2]. די אויסלענדישע גרופּקעס האָבנ זיכ געווענדט נאָכ הילפ צומ II אינטערנאציאָנאל. טראָצקי האָט אָפּגעדרוקט אינ דער דײַטשישער סאָציאל־דעמאָקראטישער צײַטונג „פאָרווערטס“ אנ אנאָנימענ פּאסקוויל אפ דער פּראָגער קאָנפערענצ. לענינ גיט אנ אנטשיידענעמ ווידערשטאנד די דאָזיקע אלע שמוציקע אינטריגעס. ער ווענדט זיכ מיט א בריוו צו דער אינטערנאציאָנאלער סאָציאליסטישער ביוראָ, טרעט ארויס מיט אנ ארטיקל „דער אנאָנימ פונ „פאָרווערטס“ אונ די זאכלאגע אינ דער רסדאפּ“, דעמאסקירנדיק די דעזאָרגאניזאטאָרישע טעטיקײַט פונ די אויסלענדישע גרופּקעס, וועלכע זײַנענ אבסאָליוט ניט פארבונדנ געווענ מיט די פּארטיי־אָרגאניזאציעס אינ רוסלאנד. דער „פאָרווערטס“ האָט זיכ אָפּגעזאָגט אָפּצודרוקנ דעמ דאָזיקנ ארטיקל. דעמלט האָט לענינ אימ ארויסגעגעבנ אלס באזונדערע בראָשור אפ דײַטש אונ האָט זי אוועקגעשיקט אפ 600 אדרעסנ (צו די רעדאקציעס, פונקציאָנערנ, אָרטיקע קאָמיטעטנ, ביבליאָ־

1 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 19.

2 לענינ. בריוו צו די קרויווימ, ז. 377.

טעקנ און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס פונ דער דײַטשישער סאָציאַל-דע-
מאָקראַטישער פּאַרטײ).

אינ אַלגעמײנ גענומענ האָט אָבער לענינענ ווײניק באַאומרויקט דער דאָזיקער שײדימ-טאַנצ פונ די עמיגראַנטישע „גענעראַלנ אָנ אַ אַרמײ“: די פּאַרטײ-אָרגאַניזאַציעס אינ רוסלאַנד זײַנענ פעסט דעראָבערט געוואָרנ דורכ די באָלשעוויקעס, און די פּראָגער קאָנפערענצ האָט זײ נאָכ מער באַהעפט. לענינס געדאַנקענ זײַנענ געווענ קאָנצענטרירט אַפ עפּעס אַנדערש. אַ רײ יאָרנ זײַנענ די באָלשעוויקעס אונטער לענינס אָנפירונג אַלצ אָפּגעטראָטנ, אָפּגעטראָטנ אָרגאַניזירטערהײט, אינ פולער אָרדענונג, שמעטערנדיק די אַלע, וואָס האָבנ געפּרוווט פאַרוואַנדלענ אָט דאָס אָפּטרעטנ אינ אַ פּאַנישער פּליטע און קאַפּיטוליאַציע אָדער שטויסנ די פּאַרטײ צו אַ פּאָליטישער אַוואַנטיורע. איצט האָבנ זיכ גענומענ באַווײַזנ אַלצ מער און מער סימאָנימ פונ אַ נײַעמ וווּקס פונ רעוואָליוציאָנערע שטימונגענ אינ די אַרבעטער-מאַסנ, פונ דער נאָענטקײט פונ אַ נײַעמ רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג, וועלכנ לענינ האָט געהאַט פאָרויסגעזענ, אינ וועלכנ ער איז געווענ אַזוי שטאַרק זיכער. מע האָט געדאַרפט באַגעגענענ אָט דעמ אופשטײַג אינ פולער קאַמפּס-גרײטקײט, פאַרפעסטיקנ די רעזולטאַטנ פונ דער פּראָגער קאָנפערענצ, אַפנ גרונט פונ אירע באַשלוסנ פאַנאַנדערוויקלענ די פּאַרטײ-אַרבעט.

דערצו האָט מענ קוידעמקאָל באַדאַרפט אָרגאַניזירנ די אַרבעט פונ דער רוסישער ביוראָ פונ צק און שנעל אָרגאַניזירנ דאָס אַרויסלאָזנ אַ לעגאַלע טעגלעכע באָלשעוויסטישע צײַטונג. לויט לענינס אופטראָג פאָרט קײנ אויסלאַנד דער כ' אָרדזשאָניקידזע. ער לאָזט זיכ אַוועק קײנ וואָלאָגדע, ווו עס האָט זיכ געפונענ אינ פאַרשיקונג סטאַלינ, וועלכנ די פּראָגער קאָנפערענצ האָט אונטער די אויגנ אויסגעוויילט אינ באַשטאַנד פונ צק און וועלכער איז, לויט לענינס פאָרשלאָג, געשטאַנענ בעראָש פונ דער רוסישער ביוראָ פונ צק; ער אינפאָרמירט סטאַלינענ וועגנ די באַשלוסנ פונ דער קאָנפערענצ. אינעמ בריוו צו לענינענ טײלט כ' אָרדזשאָניקידזע מיט: „איכ בינ געווענ בא איוואַנאָוויטשנ. ענדגילטיק זיכ מיט אימ צונויפגערעדט. ער איז געבליבנ צופרידנ מיט די רעזולטאַטנ. די מיטײלונג האָט געמאַכט אַנ אויסגעצײכנטנ אײַנדרוק“[1].

דעמ 29 פעוורואַל 1912 יאָר אַנטלויפט סטאַלינ פונ פאַרשיקונג און נעמט זיכ ענערגיש צומ רעאַליזירנ די באַשלוסנ פונ דער קאָנפערענצ. אינ העסקעמ מיט לענינס אָנווײַזונג ווערט לויט דער איניציאַטיוו פונ סטאַלינענ אָרגאַניזירט אַ טעגלעכע לעגאַלע באָלשעוויסטישע צײַטונג „פּראַוודאַ“. שוינ דעמ 22 אַפּריל (דעמ 5 מײַ לויטנ נײַעמ סטיל) איז אינ פּעטערבורג דערשינענ דער ערשטער נומער „פּראַוודאַ“, וואָס איז צוגעגרײט געוואָרנ אונטער כאַווער סטאַלינס אָנפירונג. אינ אַ טאָג אַרומ איז סטאַלינ אַרעסטירט געוואָרנ.

---

1 „פונ דער עפּאָכע פונ „זוועזדאַ“ און „פּראַוודאַ“ (די יאָרנ 1911—1914), III העפט, ז. 233.

„פראוודא“ האָט גענומען דערשייַנען אין א סיטואציע, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן אן אופשטייַג. דעם 4 אפרעל האָט זיך אָפגעשפילט די בלוטיקע דראמע אין דער ווייַטער סיבירער טייַגע — די צעשיסונג פון די ארבעטער אפ די לענער גאָלד=גרובן. „די לענער צעשיסונג האָט געגעבן א שטויס דערצו, אז די רעוואָליוציאָנערע שטימונג פון די מאסן זאָל אריבער אין א רעוואָליוציאָנערן אופשטייַג פון די מאסן“[1], — האָט געשריבן לענין. די פּראָטעסט=שטרייַקן קעגן דער דאָזיקער צעשיסונג האָבן ארומגעכאפּט ביז 300 טויזנט ארבעטער, אין די ערשטמייַיקע שטרייַקן האָבן זיך באטייליקט ביז 400 טויזנט. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פעריאָד פונעם אופשטייַג פון דער ארבעטער=באוועגונג. לענינס פאָרויסזאָגונג איז מעקוים געוואָרן.

פון פאריז איז געוואָרן אלץ שווערער אָנצופירן מיט דער „פראוודא“, מיט דער זיך פאנאנדערוויקלענדיקער פארטיי=ארבעט, מיט דער וואקסנדיקער ארבעטער=באוועגונג. מע האָט געדארפט אריבערפאָרן נעענטער צו דער רוסישער גרענעץ. לענין האָט זיך אָפגעשטעלט אפ קראָקע. „איר פרעגט, ווי קום איך קיין עסטרייַך, — האָט לענין געענטפערט אפ גאָרקיס אָנפרעגע, — דער צענטראל=קאָמיטעט האָט דאָ אוועקגעשטעלט א ביוראָ (צווישן אונדז זאָל עס בלייַבן): עס איז נאָענט די גרענעץ, מיר ניצן זי אויס, עס איז נעענטער צו פּיטער, אפן דריטן טאָג באקומען מיר פון דאָרט צייַטונגען, שרייַבן אין די דאָרטיקע צייַטונגען איז געוואָרן פיל לייַכטער. די מיטארבעט לאָזט זיך בעסער אָרגאניזירן“[2].

דעם 19 יונ 1912 יאָר פאָרט לענין אריבער קיין קראָקע. דאָ וווינט ער מער ווי צוויי יאָר, סאמע ביז דער אימפּעריאליסטישער וועלט=מילכאָמע פון 1914 יאָר, ווינטער=צייַט — אין קראָקע גופע, זומער=צייַט — אינעם דערפל פאָראָנינאָ. מיט זייַן אריבערפאָרן קיין קראָקע איז לענין געווען זייער צופרידן. „מיר לעבן דאָ בעסער, אייידער אין פאריז, — האָט ער געשריבן צו די קרויווים, — עס רוען אָפ די נערוון, מער ליטערארישע ארבעט, — ווייניקער רייַסערייַען“[3]. און דעריקער — עס האָט זיך אייַנגעגעבן אייַנצושטעלן אן ענגערע פארבינדונג מיט רוסלאנד, שנעלער צו רעאגירן אפ אלץ, וואָס דאָרט קומט פאָר, סיסטעמאטישער צו פארווירקלעכן די טאָגטעגלעכע אָנפירונג מיט דער פארטיי. „די קראָקער באזע האָט זיך ארויסגעוויזן פאר נוצלעך: עס האָט זיך אינגאנצן „באצאָלט“ (פון שטאנדפונקט פון דער ארבעט) אונדזער אריבערפאָר קיין קראָקע“[4], — האָט לענין געשריבן צו גאָרקין אין יאנוואר 1913 יאָר.

ווען לענין איז זומער 1913 יאָר, אין צוזאמענהאנג מיט קרופּסקאיאס קראנקייַט, געווען געצוווּנגען צו באזעצן זיך אינעם דערפל פאָראָנינאָ, האָט ער מיט אגמעסנעפעש געשריבן צו זייַנע קרויווים:

---

1 לענין. ווערק, ב. XV, ז. 534.

2 לענין. ווערק, ב. XXIX, ז. 26.

3 לענין. בריוו צו די קרויווים, ז. 381.

4 לענין. ווערק, ב. XVI, ז. 220.

„די טעג זײַנען מיר אריבערגעפאָרן... אף זומער אין די בערג, אינעם דערפל פאָראָנינאָ, 7 קילאָמעטער פון זאקאָפאנע. דאָס איז לעבן די בערג טאטרען, 6—8 שאָ מיט דער אײַזנבאן דאָרעם-צו פון קראָקע — די פארבינדונג אי מיט רוסלאנד, אי מיט אייראָפע דורך קראָקע. א ביסל ווײַטער פון רוסלאנד — נאָר וואָס זאָל מען טאָן“[1]. זײַנען כאָטש מיט עטלעכע צענדליק קילאָמעטער נעענטער צו רוסלאנד, מיט צוויי—דרײַ שאָ פריִער באקומען יעדיִעס פון דאָרטן — דאָס אלץ האָט געהאט א קאָלאָסאלע באדײַטונג פאר לענינען; אזוי שארף איז אין אים געווען די באדערפעניש וואָס גיכער צו רעאגירן אף אלץ, וואָס ס'קומט פאָר אין היימלאנד.

דער כיסאָרן פון קראָקע איז געווען דאָס, וואָס דאָרט זײַנען ניט געווען קיין גוטע ביבליאָטעקן. „רײַסערײַען איז דאָ ווייניקער, דאָס איז א פליוס. קיין גוטע ביבליאָטעק איז ניטאָ, דאָס איז א מינוס. אָן ביכער איז שווער“,[2] — האָט לענין געשריבן צו גאָרקין.

לענין פלעגט אָפגעבן דער „פראוודא“ זייער פיל אויפמערקזאמקײַט און קויכעס. צווישן לענינען און דער רעדאקציע „פראוודא“, וואָס איר סעקרעטאר איז געווען כאווער מאָלאָטאָוו, האָט זיך אײַנגעשטעלט אן ענגע פארבינדונג, האָט זיך געפירט א לעבהאפטע קאָרעספאָנדענץ. לענין האָט געפאָדערט, אז די „פראוודא“ זאָל אים צוגעשטעלט ווערן רעכטצײַטיק און פינקטלעך, און אים פלעגט באאומרויִקן א פארשפעטיקונג אפילע אף עטלעכע שאָ (די פאָסט פלעגט קומען צוויי מאָל א טאָג). „איך דאנק אײַך זייער פאר צושיקן *צוויי מאָל* די צײַטונג *צו דער צײַט*, ד'ה. *גלײַכצײַטיק* מיט אלע בורזשואזע צײַטונגען, — האָט ער געשריבן צו דער רעדאקציע. — אָבער כוץ די דאָזיקע צוויי מאָל, קומט די צײַטונג „זא פראוודו“ *אלעמאָל אָן מיט א ½ טאָג* שפעטער פון די בורזשואזע צײַטונגען. צי קאָן מען דאָס ניט איבערמאכן און שיקן *אלעמאָל* צו דער צײַט, אז זי זאָל אָנקומען *גלײַכצײַטיק* מיט די בורזשואזע צײַטונגען“[3].

לענין פירט טאָגטעגלעך אָן מיט דער „פראוודא“, שפירט אויפמערקזאם נאָך איר טעטיקײַט, ווײַזט אף די טעמעס, זעט, אז זיי זאָלן אויסגעבעסערט ווערן, מערקט אָפ מיט באגײַסטערונג די דערפאָלגן. לענין זאמלט ארום דער צײַטונג די ליטעראַרישע קרעפטן פון דער פארטיי, גלײַכצײַטיק שפירט ער אָבער וואכזאם נאָכן באשטאנד פון אירע מיטארבעטער. ער זעט מיט אלע מיטלען, אז עס זאָל פארגרעסערט ווערן דער טיראזש פון דער „פראוודא“. „מע דארף דירעקט אין די זאוואָדן פירן דעם קאמף פאר דער „פראוודא“, פאָדערנדיק, אז מע זאָל מער אויסשרײַבן, אז מע זאָל אָפנעמען באם „לוטש“ יעדן זאוואָד, אז עס זאָל זײַן צווישן די זאוואָדן א געוועט אף דער צאָל אבאָנענטן פון דער „פראוודא“. דער זיג פון דער פארטייִשקײַט איז דער זיג פון דער „פראוודא“ און פארקערט. מע

1 לענין. בריוו צו די קרויווים, ז. 392.

2 לענין. ווערק, ב. XXIX, ז. 26.

3 דאָרטן, ז. 103.

דארפ אופהייבנ אזא קאמפאניע: דערפירנ די „פראוודא“ פונ 30.000 ביז 50—60.000, אונ די צאָל אבאָנענטנ פונ 5.000 ביז 20.000, אונ גיינ אינ דער דאָזיקער ריכטונג קעסיידער. דעמלט וועלנ מיר פארברייטערנ אונ פארבעסערנ די „פראוודא“"[1].

לענינ לאדט איינ אינ דער „פראוודא“ גאָרקינ. לענינ האָט אימ הויכ געשעצט אלס גרעסטנ וואָרט-מייסטער, אלס גרויסנ פראָלעטארישנ שרייבער. נאָכ אינ דער אלטער „איסקרא“ איז ער ארויסגעטראָטנ מיט א הייסער פארטיידיקונג פונ גאָרקינ, וועלכנ די צארישע פאָליציי האָט געהאט ארויסגעשיקט פונ ניזשני-נאָווגאָראָד. אינ די יאָרנ פונ רעאקציע האָט ער ניט געשאנעוועט קיינ קויכעס אפ ארויסצורייסנ גאָרקינ פונ די רייענ פונ די מאכיסטישע פריינט זיינע, העלפנ אימ שטעלנ זיכ אפ פעסטע מארקסיסטישע פאָזיציעס. לענינס בריוו צו גאָרקינ — דאָס זיינענ מערקווירדיקע דאָקומענטנ, אינ וועלכע עס ווייזט זיכ דער לעבעדיקער לענינ אינעמ גאנצנ גלאנצ פונ זיינ געני, אויסערגעוויינלעכער אינטעלעקטועלער קראפט אונ רעוואָליוציאָנערער לײדנשאפטלעכקייט. לענינ אונ גאָרקי זיינענ געווענ פארבונדנ מיט א גרויסער פריינטשאפט. לענינ האָט צערטלעכ געזאָרגט וועגנ גאָרקינ, וועגנ זיינ געזונט, וועגנ די באדינגונגענ פונ זיינ ליטערארישער ארבעט. אונ ווענ לענינ האָט זיכ דערוווסט, אז גאָרקיס מאכיסטישע סימפאטיעס גייענ פארביי, האָט ער מיט קאָלאָסאלער פרייד גענומענ אימ איינלאדנ אקטיוו מיטצוארבעטנ אינ די באָלשעוויסטישע אויסגאבנ.

לענינ האָט קימאט יעדנ טאָג געשריבנ אינ דער „פראוודא“. זיינע ארטיקלענ האָבנ געשפילט א קאָלאָסאלע ראָליע אינ דער אָנפירונג מיט דער פארטיי אונ מיט דער ארבעטער-באוועגונג, אינ אופהייבנ די סאָציאליסטישע באוווסטזיניקייט אונ די קלאסנ-אָרגאניזירטקייט פונ די ארבעטער. לענינס ארטיקלענ זיינענ פארשטענדלעכ יעדנ ארבעטער: די סאמע קאָמפליצירטע פראגנ ווערנ אינ זיי דערקלערט פאָשעט אונ קלאָר. לענינ דעמאסקירט שארפ אונ טרעפלעכ די קאפיטאליסטישע אָרדענונג, וואָס פענטעט דעמ אופבלי פונ טעכניק אונ קולטור, וואָס עקספלואטירט אכזאָריעסדיק דעמ ארבעטער-קלאס אונ דאָס ארבעטנדיקע פויערטומ. ער באווייזט, ווי עס פארשארפט זיכ אלצ דער קאמפ פונ די פראָלעטאריער קעגנ דעמ קאפיטאליזמ, ווי עס פלאקערט זיכ פאנאנדער דער קאמפ צווישנ די רעוואָליוציאָנערע אונ אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ אינ דער ארבעטער-באוועגונג גופא. ער פאָלגט נאָכ נאָכ דעמ דאָזיקנ קאמפ אינ פארשיידענע לענדער. ער דעמאסקירט די בורזשואזיע פונ די גרויסע מעלוכעס, וועלכע איז אומעטומ אונ איבעראל א פאָרשטייער פונ דער רעאקציע, דער דערשטיקער פונ דער באפרייונגס-באוועגונג פונ די אונטערדריקטע פעלקער. ער טרעט ארויס מיט א הייסער פארטיידיקונג פונ דער כינעזישער רעוואָליוציע אונ פונ די באלקאנישע פעלקער, וואָס זיינענ געוואָרפנ געוואָרנ אינ קעסלגרוב פונ מילכאָמע. לענינ באווייזט, ווי עס מערנ זיכ די סימפ-

1 לענינ-זאמלונג XXV, ז. 333.

טאָמענ דערפונ, אז עס דערנעענטערט זיכ אנ אימפּעריאליסטישע מילכאָמע.

א גרויסער פּאטריאָט פונ זייַנ היימלאנד, שטעמפּלט לענינ די אָפּגעשטאנענקייט פונעם צארישנ רוסלאנד, וועקט דעם צאָרנ אונ קאס פונ די פאָלקס-מאסנ קעגנ דעם שולדיקנ אינ דער דאָזיקער אָפּגעשטאנענקייט — קעגנ דער לייַבייגנטימערישער זעלבסטהערשונג. א באדייַטנדיקע צאָל ארטיקלענ לענינס פונ אָט דעם דאָזיקנ פעריאָד זייַנענ געווידמעט דעם פויערטומ; אינ זיי ווערט באוויזנ די שווערע לאגע פונ די פארשקלאפטע פויערימ-מאסנ אונ עס ווערט אָנגעוויזנ דער וועג, וויאזוי צו באפרייַענ זיכ פונ יאָכ אונ נויט, — געמיינזאמ מיטנ ארבעטער-קלאס אונ אונטער זייַנ אָנפירונג פירנ א קאמפּ קעגנ דעם קייסער, קעגנ די פריצימ, קעגנ דער בורזשואזיע. לענינ איז געווענ טיפ איבערצייַגט אינעמ קומענדיקנ זיג פונ דער רעוואָליוציע, אונ אָט די איבערצייַגטקייט אונ זיכערקייט האָט ער איבערגעגעבנ דער פארטיי אונ דעם ארבעטער-קלאס.

„מיר קעמפנ בעסער, איידער אונדזערע פאָטערס. אונדזערע קינדער וועלנ קעמפנ נאָכ בעסער, אונ זיי *וועלנ זיגנ*.

דער ארבעטער-קלאס קומט ניט אומ, נאָר ער וואקסט, ווערט קרעפטיקער, רייַפער, באהעפט זיכ, ווערט אויפגעקלערט אונ פארהארטעוועט זיכ אינ קאמפּ. מיר זייַנענ פעסימיסטנ בענוגע דעם לייַבייגנטומ, דעם קאפּיטאליזמ אונ דער קליינ-פּראָדוקציע, מיר זייַנענ אָבער הייסע אָפּטימיסטנ בענוגע דער ארבעטער-באוועגונג אונ אירע צילנ. מיר פארלייגנ שוינ דעם פונדאמענט פונ דעם נייַעמ ביניענ, אונ אונדזערע קינדער וועלנ אימ ענדיקנ בויענ"[1], — אזוי האָט געשריבנ לענינ אינ דער „פּראוודא".

לענינ האָט צוזאמענ מיט סטאלינענ געשאפנ די „פּראוודא" — די מערקווירדיקע באָלשעוויסטישע צייַטונג, וואָס האָט דערצויגנ הונדערטער טויזנטער פאָרגעשריטענע אונ מעסירעסנעפעשדיקע קעמפער פאר דער רעוואָליוציע, פאר דער זאכ פונעמ ארבעטער-קלאס, פאר די אינטערעסנ פונעמ פאָלק.

באגלייַכ מיטנ פארפעסטיקנ מיט אלע מעגלעכקייטנ די „פּראוודא" האָט לענינ געהאלטנ פאר נויטווענדיק באדייַטנדיק צו פארגרעסערנ דעמ פארנעמ פונ דער גאנצער לעגאלער פארלאג-ארבעט פונ די באָלשעוויקעס. ער אָרגאניזירט דעם לעגאלנ באָלשעוויסטישנ כוידעש-זשורנאל „פּראָסוועשטשעניע" („אויפקלערונג"), וואָס דער ערשטער נומער זייַנער איז ארויס אינ פּעטערבורג נאָכ אינ דעקאבער 1911 יאָר; ער באטייליקט זיכ אקטיוו אינ דער ארבעט פונ דער רעדאקציע, שרייַבט קימאט אינ יעדנ נומער ארטיקלענ, זוכט אויס מיטלענ פארנ זשורנאל. נאָכ דעם, ווי די „פּראוודא" איז אוועקגעשטעלט געוואָרנ אויפ פעסטע רעלסנ, רוקט לענינ ארויס די אויפגאבע ארויסצוגעבנ א לעגאלע באָלשעוויסטישע צייַטונג אויכ אינ מאָסקווע. „יעדער באוווסטזיניקער ארבעטער פארשטייט, — האָט לענינ געשריבנ אינ דער „פּראוודא", —

1 לענינ, ווערק, ב. XVI, ז. 498.

אַז פעטערבורג אָנ מאָסקווע איז אַלצײַנס ווי אײנ האַנט אָנ דער צווייטער... מאָסקווע וועט, פאַרשטייט זיכ, דאַרפנ שאַפנ באַ זיכ אַנ *אייגענע* טעגלעכע אַרבעטער=צײַטונג“ [1]. נאָכ דעם, ווי עס זײַנענ בײַגעקומענ געוואָרנ אָנ אַ שיר שטערונגענ, האָט זיכ אינ אויגוסט 1913 יאָר אײַנגעגעבנ אַרויסצולאָזנ אינ מאָסקווע די באָלשעוויסטישע צײַטונג „נאַש פוט“ („אונדזער וועג“). לענינ האָט אָפגעדרוקט אינ דער דאָזיקער צײַטונג אַ רײ אַרטיקלענ זײַנע.

אינ 1912 יאָר האָבנ זיכ געזאָלט ענדיקנ די פולמאַכטנ פונ דער III מעלוכע=דומע, אונ עס האָבנ געדאַרפט פאָרקומענ די וואַלנ צו דער IV דומע. באַגלײַכ מיט דער „פראַוודאַ“ איז די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע פראַקציע אינ דער דומע געווענ דער גרונטיקער לעגאַלער שטיצפונקט פאַר די באָלשעוויקעס אָפ דורכצופירנ רעוואָליוציאָנערע אַרבעט אינ די מאַסנ. לענינ האָט געהאַלטנ, אַז די וואַלנ האָבנ אַ גרויסע באַדײַטונג. ער שטעלט צונויפ די וואַל=פלאַטפאָרמ פונ דער פאַרטיי, מערקט אָנ די אויפירונג=ליניע פונ די באָלשעוויקעס אינ דער דאָזיקער קאַמפאַניע, שרײַבט אַ סאַכ אַרטיקלענ אינ דער „פראַוודאַ“, וווּ ער גיט אַ בוילעטע כאַראַקטעריסטיק פונ דער III מעלוכע=דומע, פונ די שוואַרצמייעדיקע אונ בורזשואַזע פאַרטייענ אינ איר, דעמאַסקירט די טעטיקײַט פונ די קאַדעטנ אונ ליקווידאַטאָרנ אינ דער וואַל=קאַמפאַניע צו דער IV דומע. אינ בריוו צו דער רעדאַקציע פונ „פראַוודאַ“ ווײַזט ער אָנ אָפ דער נייטיקײַט סיסטעמאַטיש צו באַלויכטנ אינ דער צײַטונג דעמ גאַנג פונ די וואַלנ, פאָדערט פאַרשטאַרקנ דעמ קאַמפ קעגנ די ליקווידאַטאָרנ. וואָס מער עס דערנענטערנ זיכ די וואַלנ, אַלצ מער צײַט גיט לענינ אָפ דער צוגרייטונג צו זיי. אינ סענטיאַבער 1912 יאָר שרײַבט ער צו גאָרקינ: „מיר „זיצנ“ איצט „איבערנ האַלדז“ אינ די וואַלנ... פונעמ אויסגאַנג פונ די וואַלנ הענגט אָפ זייער אַ סאַכ פאַר דער בויונג פונ דער פאַרטיי“ [2].

אינ ברענ פונ דער וואַל=קאַמפאַניע קאָמאַנדירט דער צענטראַל=קאָמיטעט פונ דער פאַרטיי קיינ פעטערבורג דעמ כאַווער סטאַלינ, וואָס איז געווענ אַנטלאָפנ פונ דער נאַרימער פאַרשיקונג. ער נעמט אינ זײַנע הענט די אומיטלבאַרע אָנפירונג מיט דער „פראַוודאַ“ אונ מיט דער וואַל=קאַמפאַניע פונ די באָלשעוויקעס. וועגנ סטאַלינס אַרבעט האָט כאַווער מאָלאָטאָוו מיט פרייד מיטגעטיילט לענינענ: „ווי עס איז אײַכ געוויס באַוווּסט, זײַנענ אינ דער רעדאַקציע פאָרגעקומענ אייניקע ענדערונגענ, וואָס וועלנ אײַכ זײַנ צומ האַרצנ“. צווישנ לענינענ אונ סטאַלינענ שטעלט זיכ אײַנ אַנ ענגע פאַרבינדונג. סטאַלינס טעטיקײַט, זײַנע אַרויסטרעטונגענ, די אַרטיקלענ רופנ אַרויס לענינס פולשטענדיקע באַוויליקונג. „איכ קאָנ אײַכ ניט באַגריסנ מיטנ לייטאַרטיקל אינעמ נומ. 146“ [3], — טיילט ער מיט דער רעדאַקציע זײַנ מיינונג וועגנ סטאַלינס אַרטיקל „ווער האָט געזיגט?“, וואָס גיט

[1] לענינ. ווערק, ב. XVI, ז. 50.
[2] לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 27.
[3] לענינ, ווערק, ב. XXIX ז. 76.

די סאכאקלענ פונ די וואלנ אינ דער פעטערבורגער ארבעטער=קוריע. באקומענ דעמ „אָנזאָג פונ די פעטערבורגער ארבעטער צו זייער ארבעטער=דעפוטאט“, וואָס אָנגעשריבנ האָט אימ סטאלינ, האָט לענינ, ביימ איבערשיקנ אימ אינ דרוקעריי, געשריבנ: „אומבאדינגט אומקערנ!! ניט איינפאטשקענ. עס איז אויסערסט וויכטיק צו פארהיטנ דעמ דאָזיקנ דאָקומענט“. אינ א בריוו צו דער רעדאקציע „פראוודא“ האָט לענינ אָנגעוויזנ: „אומבאדינגט דרוקט אָפּ דעמ דאָזיקנ אָנזאָג צומ פעטערבורגער דעפוטאט אָפּ אנ אָנגעזעענ אָרט מיט גרויסע אויסיעס“[1]. די וואל=קאמפאניע האָט זיכ פארענדיקט מיט א קאָלאָסאלנ זיג פונ די באָלשעוויקעס: אינ דער ארבעטער=קוריע זיינענ פונ אלע גרונטיקע אינדוסטריעלע גובערניעס אויסגעווילט געוואָרנ אינ דער מעלוכע=דומע באָלשעוויקעס.

מע האָט געדארפט אונטערציִנ די סאכאקלענ פונ קימאט א יאָר ארבעט פונ דער פארטיי נאָכ דער פּראָגער קאָנפערענצ, באשטימענ די אָרדנטלעכע אויפגאבנ אינ צוזאמענהאנג מיטנ אויפשטייג פונ דער ארבעטער=באוועגונג, צוזאמענ מיט די דעפוטאטנ באָלשעוויקעס אויסארבעטנ די ליניע פונ זייער אויפירונג אינ דער מעלוכע=דומע. לענינ האָט זיכ צונויפגערעדט מיט סטאלינענ וועגנ צונויפרופנ א באראטונג פונעמ צק מיט די פארטיי=טוער סאָפּ 1912 יאָר, ווענ עס וועט זיינ אנ איבעררייס אינ דער ארבעט פונ דער דומע אונ די דעפוטאטנ וועלנ האָבנ די מעגלעכקייט צו קומענ קיינ קראָקע.

די באראטונג האָט זיכ געעפנט אינ קראָקע דעמ 28 דעקאבער 1912 יאָר. לענינ פירט אָנ מיט דער באראטונג, טרעט ארויס מיט פאָרטראָגנ איבער די גרונט=פראגנ („דער רעוואָליוציאָנערער אויפשטייג, די שטרייקנ אונ די אויפגאבנ פונ דער פארטיי“, „די באציונג צו דער ליקווידאטאָריי אונ די פראגע וועגנ איינהייט“), שטעלט צונויפ אונ רעדאגירט די רעזאָליוציעס, רעדט זיכ צונויפ מיט סטאלינענ וועגנ רעאָרגאניזירנ די אָנפירונג מיט דער „פראוודא“. לענינ האָט פאנאנדערגעארבעט די טאקטיק פונ דער פארטיי אינ די באדינגונגענ פונ רעוואָליוציאָנערנ אויפשטייג. עס איז נייטיק קעסיידער אונ קאָנסעקווענט פארטיידיקנ די רעוואָליוציאָנערע גרונט=לאָזונגענ פונ דער פארטיי, די אזוי גערופענע „דריי גרונט=זיילנ“ — («три кита»). — דעמאָקראטישע רעפובליק, קאָנפיסקאציע פונ דער גאנצער פריצישער ערד, אכטשאָיקער ארבעטסטאָג. די פארטיי דארפ אלזייטיק שטיצנ, אנטוויקלענ אונ אָרגאניזירנ די רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ פונ די מאסנ — רעוואָליוציאָנערע שטרייקנ, רעוואָליוציאָנערע גאסנ=דעמאָנסטראציעס, רעוואָליוציאָנערע מיטינגענ אד.ג. די וויכטיקסטע אויפגאבע איז אריינציִענ דאָס פויערטומ אינ ווי ווייט מעגלעכ מער סאָלידארע, גלייכצייטיקע אונ ברייטע רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ. די באָלשעוויקעס דארפנ אינ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ טאָג=טעגלעכ דורכפירנ אינ לעבנ די איינהייט פונ די פאָרגעשריטענע ארבעטער פונ אונטנ. מיט דער באראטונג איז לענינ געבליבנ צופרידנ.

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 78.

ער האָט געשריבן צו גאָרקין, אַז זי „האָט זיך זייער איינגעגעבן און וועט שפּילן א ראָליע“[1].

די באראטונג האָט באוויזן, ווי אויסגעוואקסן און פארשטארקט עס האָט זיך די באָלשעוויסטישע פארטיי, וואָס האָט אָפּגעהאלטן א ריי גרויסע זיגן איבער די ליקווידאטאָרן און שטויסט זיי קעסיידער ארויס פון אלע פּאָזיציעס אין דער ארבעטער-באוועגונג. לענין האָט זיך אָבער ניט בארויִקט אפן דערגרייכטן; מיט גרויס אקשאָנעס זעט ער זיך צו דערשלאָגן, אז די אומלעגאלע באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציעס זאָלן זיך נאָך מער פארפעסטיקן, אז זייער לעגאלע ארבעט זאָל ווי ווייט מעגלעך פאנאנדערגעוויקלט ווערן. „ווען מע שאפט איצט א גוטע פּראָלעטארישע אָרגאניזאציע, אָן מענ:עס מיצאד די פארטעטער די ליקווידאטאָרן, — איז דער טייוול ווייסט וואָס פארא זיגן מע קאָן דערמלט אָפּהאלטן באם וווּקס פון דער באוועגונג פון אונטן...“, — האָט געשריבן לענין צו גאָרקין אין יאנוואר 1913 יאָר און דאָ גלייך מיט אגמעסנעפעש צוגעגעבן: „עך, קיין געלט איז ניטאָ, אניט וואָלטן מיר פון דער היגער באזע דער טייוול ווייסט וואָס אופגעטאָן!“[2].

אינגיכן נאָך דער באראטונג האָט די פארטיי באקומען א שווערן קלאפּ. דעם 10 פעוראל 1913 איז ארעסטירט געוואָרן סווערדלאָוו, דעם 23 פעוראל — סטאלין. באקומענ די יעדיעס וועגן סטאלינס ארעסט, האָט קרופּסקאיא לויט לענינס אופטראָג געשריבן קיין פּעטערבורג: „נאָרוואָס באקומען דעם בריוו מיט דער טרויעריקער ידיעה. די לאגע איז אזא, אז עס פאָדערט זיך א גרויסע פעסטקייט און נאָך א גרעסערע סאָלידארקייט“[3].

באגלייך מיט דער „פּראווּדא“ האָט לענין אָפּגעגעבן פיל אופמערקזאמקייט דער סאָציאל-דעמאָקראטישער דומע-פראקציע. ער האָט אופמערקזאם נאָכגעשפּירט נאָך איר טעטיקייט, האָט אָנגעפירט מיט דער ארבעט פון די דעפּוטאטן די באָלשעוויקעס. לענין האָט אויסגעארבעט דירעקטיוון, וואָס האָבן באשטימט די דעקלאראציע פון דער דומע-פראקציע, האָט אָנגעשריבן פאר די דעפּוטאטן פּראָיעקטן פון די רעדעס וועגן דער פּאָליטיק פונעם מיניסטעריום פאר פאָלקס-בילדונג, וועגן בודזשעט פון דער צארישער רעגירונג, וועגן דער אגראַרער און נאציאָנאלער פראגע, האָט צונויפגעשטעלט דעם געזעץ-פּראָיעקט וועגן נאציאָנאלער גלייכבארעכטיקונג אפ ארייִנצוטראָגן אים אין דער IV דומע. צווישן לענינען און די דעפּוטאטן די באָלשעוויקעס האָט זיך איינגעשטעלט אן ענגע פארבינדונג. אופמערקזאם און מיט ליבע האָט ער זיי געלערנט, וויאזוי אפ א רעוואָליוציאָנערן אופן אויסצונוצן די דומע-טריבונע.

די דעפּוטאטן האָבן ניט איין מאָל באזוכט לענינען און אין לאנגע שמועסן מיט אים פלעגן זיי אויסקלאָרן די ליניע פון זייער

---

1 לענין. ווערק, ב. XVI, ז. 278.

2 דאָרטן, ז. 220, 222.

3 „פון דער עפּאָכע פון „זוועזדא“ און „פּראוודא“ (די יאָרן 1911—1914)“, III העפט, ז. 219.

אופירונג אין דער דומע. אין זײַנע דערינערונגען שרײַבט באדאיעוו,
אז פונקט ווי די אנדערע ארבעטער=דעפוטאטן, האָט ער זיך גיט אינ=
גאנצן פאַרגעשטעלט זײַנע אויפגאבן אין דער דומע. לענין האָט אים
געזאָגט: „קיין שום געזעצן, וואָס זאָלן פארלײַכטערן די לאגע פון
די ארבעטער, וועט די שווארצמייעדיקע דומע קיינמאָל ניט אָננעמען.
די אויפגאבע פונעם ארבעטער=דעפוטאט איז — טאָג=אײַן טאָג=אויס
דערמאָנען פון דער דומע=טריבונע די שווארצמייעניקעס, אז דער אר=
בעטער=קלאס איז שטארק און מעכטיק, אז עס איז ניט ווײַט דער
טאָג, ווען עס וועט זיך ווידער אויפהייבן די רעוואָליוציע, וואָס וועט
צונישט מאכן די גאנצע שווארצע מייע אינײנעם מיט אירע מיניס=
טאָרן און מיט איר רעגירונג. מע קאָן, נאטירלעך, ארויסטרעטן אויך
מיט אויסבעסערונגען און אפילע מיט וועלכן=ניט=איז געזעץ, אָט די
אלע ארויסטרעטונגען דארפן אָבער אויסן זײַן איינס: שטעמפּלען די
צארישע אָרדענונג, באווײַזן דעם גאנצן שווידערלעכן ווילקיר פון דער
רעגירונג, ריידן וועגן דער רעכטלאָזיקײַט און וועגן דער אכזאָריעס=
דיקסטער עקספּלואטאציע, וואָס דער ארבעטער=קלאס האָט אויסצו=
שטיין. אָט דאָס וועט ווירקלעך זײַן דאָס, וואָס די ארבעטער דארפן
הערן פון זייער דעפוטאט“[1]. און אָנגעפירט פון לענינען, האָבן די
באָלשעוויסטישע דעפוטאטן הויך געהאלטן אין דער שווארצמייעדיקער
דומע די פאָן פון דער ארבעטער=פארטיי.

די דומע=פראקציע איז געווען א פארייניקטע: אין איר זײַנען
ארײַן אי די באָלשעוויקעס אי די מענשעוויקעס. באנוצנדיק זיך דער=
מיט, וואָס זיי האָבן געהאט א מערהײַט פון איין שטים, פלעגן די
מענשעוויקעס דורכפירן אין דער פראקציע זייערע באשלוסן. אין רע=
זולטאט האָט זיך געשאפן אן אבסאָליוט אומנאָרמאלע לאגע: די מענ=
שעוויסטישע דעפוטאטן, וואָס אויסגעוויילט זיי האָבן די קליינבירגער=
לעכע שיכטן, האָבן אפ אלערליי אויפאנים גענומען אָפּשטופן די
באָלשעוויקעס, וואָס געשיקט זיי אין דער דומע האָבן די ארבעטער=
מאסן. לענין האָט דורכגעפירט א גרויסע קאמפאניע אונטערן לאָזונג —
גלײַכבארעכטיקונג אינווייניק אין דער דומע=פראקציע; ער האָט גע=
פאָדערט פון דער רעדאקציע „פראוודא“ פארשטארקן די קאמפאניע
פאר העלפן דעם זעקסלינג ארבעטער=דעפוטאטן“[2]. לענינס ארטיקלען
אין דער „פראוודא“ האָבן אראָפּגעריסן די מאסקע פון דעם ליקווי=
דאטאָרישן „זיבלינג“ און האָבן מאָביליזירט די ארבעטער=מאסן ארום
די דעפוטאטן די באָלשעוויקעס. דער דאָזיקער קאמף האָט זיך פאר=
ענדיקט מיט א פולשטענדיקן זיג: געשטיצט דורך דער מערהײַט אר=
בעטער, האָבן די דעפוטאטן די באָלשעוויקעס געבילדעט א זעלבשטענ=
דיקע פראקציע אין דער דומע און האָבן לויט לענינס אייצע אָנגע=
נומען דעם נאָמען: „רוסלענדישע סאָציאל=דעמאָקראטישע ארבעטער=
פראקציע“.

1 א. באדאיעוו. די באָלשעוויקעס אין דער מלוכע־דומע, 1939, ז. 188—189.
2 לענין־זאמלונג XXV, ז. 333.

אינ לענינס פילזײַטיקער טעטיקײַט האָט אינ דעמ דאָזיקנ פעריאָד א באזונדערס באדײַטנדיק אָרט פארנומענ די נאציאָנאלע פראגע. אָפ אלע געביטנ פונ געזעלשאפטלעכנ לעבנ אונ פאָליטיק האָט געווילדעוועט דער שווארצמײעדיקער גרויסרוסישער שאָוויניזמ, צווישנ דער בורזשואזיע אונ קלײנ-בורזשואזיע פונ די אונטערדריקטע נאציעס האָט זיכ פארשטארקט דער נאציאָנאליזמ.. די ליקווידאטאָרנ זײַנענ ארויסגעטראָטנ מיטנ נאציאָנאליסטישנ לאָזונג פונ „קולטור-נאציאָנאלער אויטאָנאָמיע“, אינ מײַרעוו-אײראָפע איז אָנגעגאנגענ א ווילדע פראָפאגאנדע פונ שאָוויניזמ, — דאָס אלצ האָט געשטעלט פאר די באָלשעוויקעס אינ דער גאנצער גרײס די אויפגאבע — צעקלאַפנ דעמ נאציאָנאליזמ אינ אלע זײַנע אנטפלעקונגענ אונ אויסארבעטנ די מארקסיסטישע פראָגראמ אינ דער נאציאָנאלער פראגע.

לענינ אונ סטאלינ טרעטנ צו צו לײזנ די דאָזיקע וויכטיקסטע פארטײ-אויפגאבע. נאָכ אָפ דער קראָקער באראטונג פונ די באָלשעוויקעס האָט לענינ געהאט געשמועסט אָפ דער דאָזיקער טעמע מיט סטאלינענ. דעמלט מאקע האָט כאווער סטאלינ אָנגעשריבנ זײַנ בארימט ווערק „דער מארקסיזמ אונ די נאציאָנאלע פראגע“, ווו ער האָט פאנאנדערגעארבעט אונ באגרינדעט די מארקסיסטישע פראָגראמ אינ דער נאציאָנאלער פראגע. אָנהײב 1913 יאָר האָט לענינ מיטגעטײלט גאָרקינ: „בא אונדז האָט אײנער א ווונדערבארער גרוזינ זיכ אוועקגעזעצט אונ שרײַבט פאר דער „פראָסוועשטשעניע“ א גרויסנ ארטיקל, האָבנדיק צונויפגענומענ אלע עסטרײַכישע אונ איבעריקע מאטעריאלנ“[1]. פאָרערנדיק, אז כאווער סטאלינס ארטיקל זאָל וואָס גיכער פארעפנטלעכט ווערנ אינעמ זשורנאל „פראָסוועשטשעניע“, האָט לענינ אָנגעוויזנ: „דער ארטיקל איז זײער א גוטער. די פראגע איז א קאמפס-פראגע, אונ מיר וועלנ אָפ קײנ האָר ניט אָפגעבנ די פרינציפיעלע פאָזיציע קעגנ דער בונדישער פאסקודסטווע“. כאווער סטאלינס ארבעט האָט לענינ זײער הויכ געשאצט. ער האָט געשריבנ וועגנ איר: „אינ דער טעאָרעטישער מארקסיסטישער ליטעראטור... זײַנענ די יעסוידעס פונ דער נאציאָנאלער פראָגראמ פונ דער ס.-ד. לעצטנס שוינ באלויכטנ געוואָרנ (אינ דער ערשטער רײ רוקט זיכ דאָ ארויס סטאלינס ארטיקל)“[2].

פונ מיטנ 1913 יאָר אָנ ארבעט לענינ אינטענסיוו איבערנ באגרינדנ די באָלשעוויסטישע פראָגראמ אינ דער נאציאָנאלער פראגע. ער האָט אָנגעשריבנ א סאכ ארטיקלענ, דערונטער אזעלכע פראָגראמ-ארבעטנ, ווי „קריטישע נאָטיצנ איבער דער נאציאָנאלער פראגע“ (אינ 1913 יאָר) אונ „וועגנ רעכט פונ נאציעס אָפ זעלבסט-באשטימונג“ (אינ פעווראל 1914 יאָר). ער איז ארויסגעטראָטנ מיט פאָרטראָגנ אָפ דער דאָזיקער טעמע אינ קראָקע, פאריזש, ליעזש, לײַפציג אונ אינ שטעט פונ דער שווײצ (ציריכ, זשענעווע, בערנ).

---

1 לענינ. ווערק, ב. XVI. ז. 328.

2 לענינ. ווערק, ב. XVII, ז. 116.

לענינ פאלט צאָרנדיק אָנ אפנ שווארצמייעדיקנ גרויסרוסישנ שאָוויניזמ, שטעמפלט די צארישע פּאָליטיק פונ נאציאָנאלער אונטערדריקונג, די קאדעטנ, וואָס קריכנ אפ אלע פיר פארנ צאריזמ. ער קריטיקירט טרעפלעכ די פוילישע סאָציאל-דעמאָקראטנ די ליוקסעמבורגיאנער, וועלכע האָבנ געלייקנט אינעמ רעכט פונ נאציעס אפ זעלבסטבאשטימונג. ער פירט א קאמפ אָנ ראכמאָנעס קעגנ די בונדאָוועס, קעגנ די אוקראינישע סאָציאל-דעמאָקראטנ און ענלעכע צו זיי נאציאָנאליסטישע קליינבירגער, וועלכע האָבנ געפרווט פארסאמענ דעמ ארבעטער-קלאס מיטנ סאמ פונ בורזשואזנ נאציאָנאליזמ און צעשפּליטערנ די איינהייט פונ דער ארבעטער-באוועגונג. „*גײנ, די מיעסקײט, וואָס אינ עסטרײכ, וועט בא אונדז ניט זײנ*. מיר וועלנ ניט לאָזנ!“ [1], — האָט מיט צאָרנ דערקלערט לענינ, האָבנדיק אינ זינענ די צעשפּליטערטקײט פונ דער עסטרײכישער ארבעטער-באוועגונג אפ אפגעזונדערטע נאציאָנאלע אָרגאניזאציעס. פעסט און קאָנסעקווענט שמידט ער אויס און פארטיידיקט דעמ פּראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ: זײנע ארטיקלענ — דאָס איז א פּאָלעמיקע פארטיידיקונג פונ דעמ, אז די נאציעס זאָלנ זיכ דערנענטערנ צווישנ זיכ, אז די ארבעטער פונ אלע נאציאָנאליטעטנ אינ דער געגעבענער מעלוכע זאָלנ זיכ צונויפגיסנ אינ איינהײטלעכע פּראָלעטארישע קלאסנ-אָרגאניזאציעס. אופמערקזאמ דערקלערט לענינ די דערפארונג פונ דער ארבעט פונ די טראנסקאווקאזער פארטיי-אָרגאניזאציעס, וואָס געשאפנ זיי און אָנגעפירט מיט זיי האָט סטאלינ. ער שטעלט זיי ארויס אלס בײשפּיל און מוסטער פונ פּראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ. „די אינטערעסנ און די אופגאבנ פונ דער ארבעטער-באוועגונג, — האָט געשריבנ לענינ אינ „פּראוודא“ אינ מײ 1913 יאָר, — אנטשפּרעכט בלויז יענע פולע איינהײט (אפ די ערטער, פונ אונטנ ביז אויבנ) פונ די ארבעטער פונ אלע נאציעס, וועלכע מע האָט אינ מעשעכ פונ אזא לאנגער צײט און מיט אזא דערפאָלג פארווירקלעכט אינ קאווקאז“ [2].

אינ זײנע ארבעטנ קלערט לענינ אופ דעמ קאָנקרעט-היסטאָרישנ אינהאלט פונ דעמ לאָזונג — רעכט פונ נאציעס אפ זעלבסטבאשטימונג אלס רעכט אָפּצוטיילנ זיכ און צו בילדנ א זעלבשטענדיקע מעלוכע, ער פאָרמולירט די פּראקטישע פּלאטפאָרמ פונ דער פּארטיי אינ דער נאציאָנאלער פראגע: פולע גלײכבארעכטיקונג פונ אלע נאציעס און שפּראכנ, ברייטע געגנט-אווטאָנאָמיע, זיכערונג פונ די רעכט פונ די נאציאָנאלע מינדערהײטנ.

אזוי האָט לענינ אלזײטיק פאנאנדערגעארבעט און באגרינדעט די מארקסיסטישע פּראָגראמ אינ דער נאציאָנאלער פראגע.

די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אינ רוסלאנד האָט זיכ געהויבנ אלצ העכער. לויט די אָפיציעלע אָנגאבנ, האָבנ אינ 1912 יאָר סאכאקל געשטרײקט 725 טויזנט מאנ, און לויט אנדערע מער פולע אָנגאבנ — מער ווי א מיליאָנ ארבעטער, אינ 1913 יאָר לויט די אָפי-

1 לענינ. ווערק, ב. XVI, ז. 328.
2 דאָרטנ, ז. 386.

ציעלע באַריכטנ — 861 טויזנט, אונ לויט מער פולע אַנגאַבנ — 1 272 טויזנט. אינ דער ערשטער העלפט 1914 יאָר האָבנ זיכ שוינ אינ די שטרײַקנ באַטייליקט באַ אַנדערהאַלבנ מיליאָנ אַרבעטער. די שטרײַקנ גייענ דורכ אַלצ מער אַקשאָנעסדיק.

אינ לענינס באַשיידענעמ קראָקער דירעלע איז געווענ אַנ עכטער שטאַב פונ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. עס איז געפירט געוואָרנ אַ לעבהאַפטע קאָרעספּאָנדענצ מיט רוסלאַנד, פּאַרטיי־טוער פונ רוסלאַנד אונ עמיגראַנטנ, וואָס פלעגנ זיכ אומקערנ אַהיימ, פלעגנ אָפט קומענ צו פאָרנ נאָכ אינסטרוקציעס קיינ קראָקע, צו וולאַדימיר איליטשנ.

אָפט פלעגנ פאָרקומענ באַראַטונגענ פונעמ צק מיט פּאַרטיי־טוער. אינ מעשעכ פונ די יאָרנ 1913—1914 זײַנענ פאָרגעקומענ עטלעכע אַזוינע באַראַטונגענ. גאָר אַ גרויסע באַדײַטונג האָט געהאַט די פּאָראָנינער באַראַטונג אינ סענטיאַבער 1913 יאָר. לענינ האָט אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער באַראַטונג, איז אַרויסגעטראָטנ מיט אַ באַריכט וועגנ דער טעטיקײַט פונעמ צק אונ מיט אַ פאָרטראָג איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע, האָט זאָרגפעליק אויסרעדאַגירט אַלע רעזאָליוציעס.

לענינ האָט אומדערמידלעכ געפירט אַנ ענערגישנ קאַמפ קעגנ די ליקווידאַטאָרנ, וופּעריאָדאָווצעס אונ עסערנ, האָט אויפגעדעקט די בורזשואַזע מעטאָדנ פונ זייער קאַמפ קעגנ דעמ אַרבעטער־קלאַס אונ זײַנ פּאַרטיי. באַזונדערס פיל אויפמערקזאַמקײַט גיט ער אָפ אָפ צו דעמאַסקירנ אונ צעקלאַפּנ דעמ אַנטיפּאַרטייִשנ אווגוסט־בלאָק. אינ אַ ריי אַרטיקלענ („וועגנ ברעכנ די אײנהײַט, פאַרשטעלט מיט געשרייענ וועגנ אײנהײַט“ אאַ.) שטעמפּלט ער טראָצקיס ליקווידאַטאָרישע אידייעלעכ, דעמ פּאָליטישנ אַוואַנטיוריזמ זײַנעמ.

לענינ נעמט אינ יענער צײַט אַנ אַקטיוונ אָנטייל אינ דער לעטישער אַרבעטער־באַוועגונג, שרײַבט אָנ דעמ „פּראָיעקט פונ דער פּלאַטפאָרמ צומ IV צוזאַמענפאָר פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פונ לעטישנ קאַנט“, טרעט אַרויס אינ יאַנוואַר 1914 יאָר אינ בריסעל אַפנ צוזאַמענפאָר גופע, דערשלאָגט זיכ, אַז די לעטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָל אַרויסגײנ פונ דעמ אווגוסט־בלאָק.

דערזענ, אַז די באָלשעוויקעס האָבנ צעקלאַפּט אַלע אָפּאָרטוניס־טישע גרופּעס אינ דער רוסלענדישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז דער II אינטערנאַציאָנאַל גלײַכ געקומענ צו הילפ די דאָזיקע גרופּעס. לענינ איז אַנטשיידנ אַרויסגעטראָטנ קעגנ די פּרוּווּנ פונ די אָפּאָרטוניסטנ פונעמ II אינטערנאַציאָנאַל — אונטערנ פלאַג פונ „שאָלעמ מאַכנ“ אונ „אײנהײַט“ — פּאַקטיש צו ליקווידירנ די זעלבשטענדיקע באָלשעוויסטישע פּאַרטיי.

צוויי יאָר האָט לענינ פאַרבראַכט אינ קראָקע. דאָס זײַנענ געווענ יאָרנ פונ אַ מעכטיקנ אויפשטײַג פונ דער אַרבעטער־באַוועגונג, פונ שנעלנ וווּקס פונ דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס, וואָס האָט דעראָבערט אַלע גרונט־פּאָזיציעס אינעמ אַרבעטער־קלאַס. אינ די דאָזיקע יאָרנ איז פאַרלייגט געוואָרנ דער פעסטער פונדאַמענט פונ דער מאַסעווער

באָלשעוויסטישער פארטיי, וואָס קיינ שומ פארפאָלגונגענ מיצאד דעמ צאריזמ האָבנ אימ ניט געקאָנט צעשטערנ.

אינ יונ 1914 יאָר איז פאָרגעקומענ א באראטונג פונעמ צק פונ די באָלשעוויקעס איבער דער פראגע וועגנ צוגרייטנ אונ צונויפרופנ דעמ אָרדנטלעכנ פארטיי-צוזאמענפאָר. צונויפרופנ דעמ צוזאמענפאָר איז אָבער ניט אויסגעקומענ.

אינ אויגוסט 1914 יאָר האָט זיכ אָנגעהויבנ די ערשטע אימפּע-ריאליסטישע וועלט-מילכאָמע.

## VIII

ווענ די מילכאָמע האָט זיכ אָנגעהויבנ, איז לענינ געווענ אינ גאַ=
ליציע (פּאָראָנינאָ). דעמ 26 יול (8 אווגוסט) 1914 יאָר האָט אימ
די עסטרײַכישע פּאָליציי ארעסטירט לויט א פאלשער מעסירע אונ
פארשפּארט אינ טורמע אינ נאָווי טארג. דעמ 6 (19) אווגוסט איז
מענ געצווּנגענ געווענ ארויסלאָזנ אימ פונ טורמע, מאכמעס די מע=
סירע איז געווענ א בעפיירעשער אבסורד. בלײַבנ אָבער ווײַטער אינ
עסטרײַכ, אינ א לאַנד, וואָס פירט מילכאָמע קעגנ רוסלאַנד, איז גע=
ווענ אומעגלעכ, כוץ דעמ וואָלט עס געשאפנ אומגעהייערע שוועריִ=
קײַטנ פאר דער רעוואָליוציאָנערער ארבעט. לענינ האָט זיכ דערשלאָגנ
א דערלויבעניש ארויסצופאָרנ אינ דער נייטראַלער שווייצ. דאָ האָט
ער פארבראכט אלע מילכאָמע=יאָרנ, ביז אפּרעל 1917, — צוערשט אינ
בערנ אונ דערנאָכ אינ ציריכ.

די צארישע אָכראַנקע האָט געהאָפּט, אז אדאנק דער מילכאָמע
וועט זיכ איר אײַנגעבנ צו פאקנ לענינענ. דער פּאָליציי=דעפּארטא=
מענט האָט פאָרגעלייגט דעמ קאָמאַנדיר פונעמ דאָרעמ=מײַרעוודיקנ
פראָנט טייקעפּ, ווי נאָר דאָס רוסישע מיליטער וועט אײַננעמענ קראָקע,
ארעסטירנ לענינענ אונ ברענגענ אימ קיינ פּעטערבורג. דער דאָזיקער
פּלאַנ פונ דער פּאָליציי איז אָבער דורכגעפאלנ, אונ פונ דער קליינינ=
קער שווייצ, וואָס איז געלעגנ פארלוירנ אינ צענטער פונ דער פלא=
קערנדיקער אייראָפּײִשער סרייפע, האָט דורכגעהילכט אפ דער גאנ=
צער וועלט לענינס פלאַמיקער רופ צו די פעלקער=מאסנ — דערקלערנ
א מילכאָמע דער מילכאָמע.

די ערשטע וועלט=מילכאָמע האָבנ ארויסגערופנ די אימפּעריאַליס=
טישע ווידערשפּרוכנ, דער קאמפ פאר איבערפארטיילנ די וועלט אונ
די אײַנפלוס=ספערנ, דער קאמפ פאר פארשקלאפנ פרעמדע פעלקער
אונ ראבעווענ די קאָלאָניעס, — א קאמפ צווישנ צוויי גרופּעס גרעסטע
אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס — דײַטשלאַנד אונ עסטרײַכ=אונגארנ, פונ
איינ זײַט, אונ ענגלאַנד, פראנקרײַכ אונ רוסלאַנד, פונ דער אנדערער
זײַט. דאָס איז געווענ אנ אימפּעריאַליסטישע, פארכאפּערישע, רויבע=
רישע מילכאָמע פונ בײדע צדאָדימ.

די מילכאָמע איז געווענ א הארבער עקזאמענ פאר אלע שטרע=
מונגענ אינ דער ארבעטער=באוועגונג. די מײַרעוו=אייראָפּײִשע סאָצי=

אַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייענ, וואָס נאָכ אַ צײַט פאַר דער מילכאָמע האָט זיי שוינ גענומענ פרעסנ דער זשאַווער פונ אָפּאָרטוניזם, האָבנ פאַראַטנ דעם אַרבעטער-קלאַס אונ האָבנ אָנגעהויבנ העלפנ דער בורזשואַזיע אָנצוהעצנ די אַרבעטער אונ די פּויערים פונ די קריגספירנדיקע לענדער איינע אַפ די צווייטע, לעשעם „פאַרטיידיקנ דאָס פאָטערלאַנד“, דאָס בורזשואַזע פאָטערלאַנד. דער II אינטערנאַציִאָנאַל איז זיכ צעפאַלנ. די פירער אונ אָנפירער פונעם II אינטערנאַציִאָנאַל אונ פונ דער מערהײַט סאָציִאַליסטישע פּאַרטייענ האָבנ זיכ געשטעלט אַפ די פּאָזיציעס פונ פאַרטיידיקנ אונ שטיצנ זייערע אימפּעריִאַליסטישע רעגירונגענ.

אינעם דאָזיקנ שווערנ היסטאָרישנ מאָמענט, אינ דער סיטואַציע פונ אַ טיפנ קריזיס פונ די סאָציִאַליסטישע פּאַרטייענ, פונ פאַראַט אונ רענעגאַטישקײַט פונ די לידערס פונ דער אַרבעטער-באַוועגונג, האָבנ בלויז לענינ אונ די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, וואָס ער האָט געשאַפנ אונ אויסגעכאָוועט, אָנ שום וואַקלונגענ אויפגעהויבנ די פאָנ פונ קאַמפ קעגנ דער אימפּעריִאַליסטישער מילכאָמע. לענינ איז גלײַכ אַרויסגעטראָטנ מיט אַ דײַטלעכער אונ קלאָרער אָפּשאַצונג פונ דער מילכאָמע, ער האָט אָנגעוויזנ די אַרבעטער אונ פּויערים דעם איינציקנ אויסוועג פונ דער וועלט-שכיטע — דעם וועג פונ קאַמפ פאַר אַראָפוואַרפנ זייערע אימפּעריִאַליסטישע רעגירונגענ.

דעם 23 אויגוסט (5 סענטיאַבער) 1914 יאָר איז לענינ געקומענ צו פאָרנ קיינ בערנ. גלײַכ אַפ מאָרגנ איז ער הינטער דער שטאָט, אינ וואַלד, אַרויסגעטראָטנ אַפ אַ פאַרזאַמלונג פונ דער אָרטיקער גרופּע באָלשעוויקעס מיט אַ פאָרטראָג וועגנ דער באַציִונג צו דער מילכאָמע. די פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומענ זײַנע היסטאָרישע „טעזיסנ וועגנ דער מילכאָמע“.

אינ אָט דער אַרויסטרעטונג, דער ערשטער פּראָגראַם-אַרויסטרעטונג פונעם באָלשעוויזם אינ דער צײַט פונ דער מילכאָמע, האָט לענינ געגעבנ אַ גענִיאַלנ ענטפער אַפ אַלע גרונט-פראַגנ, וואָס די עפּאָכע האָט געשטעלט, — וועגנ דעם כאַראַקטער פונ דער געגעבענער מילכאָמע אונ וועגנ די אויפגאַבנ פונעם אַרבעטער-קלאַס. די דאָזיקע מילכאָמע האָט לענינ קוואַליפיצירט אַלס בורזשואַזע, אימפּעריִאַליסטישע, רויבערישע מילכאָמע. לענינ האָט שאַרפ פאַרורטיילט דעם פאַראַט פונ די פירער פונעם II אינטערנאַציִאָנאַל קעגנ פּראָלעטאַריאַט. דער קראַכ פונעם II אינטערנאַציִאָנאַל, האָט ער געזאָגט, איז ניט קיינ צופעליקײַט; די גרונט-סיבע פונעם דאָזיקנ קראַכ איז — די פּרעוואַלירונג פונעם אָפּאָרטוניזם אינעם II אינטערנאַציִאָנאַל. די וויכטיקסטע אויפגאַבע פונ די ווירקלעכע אינטערנאַציִאָנאַליסטנ, האָט ער אָנגעוויזנ, איז פּראָפּאַגאַנדירנ די סאָציִאַליסטישע רעוואָליוציע אונ די נויטווענדיקײַט צו ווענדנ דאָס געווער ניט קעגנ די אייגענע ברידער, די אַרבעטער אונ פּויערים פונ די אַנדערע לענדער, נאָר קעגנ די אימפּעריִאַליסטישע רעגירונגענ אונ קעגנ דער בורזשואַזיע פונ די אייגענע לענדער; לענינ האָט פּראָקלאַמירט אַ קאַמפ אָנ ראַכמאָנעס קעגנ דעם שאָוויניזם אונ קעגנ די טרעגער פונעם שאָוויניזם — די פירער פונעם

II אינטערנאציאָנאל, וואָס האָבנ פאראטנ דעמ סאָציאליזמ. די טעזיסנ האָבנ אונטערגעשטראָכנ, אז פונעמ שטאנדפונקט פונעמ ארבעטער-קלאס אונ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ רוסלאנד אלע פעלקער וואָלט דאָס קלענסטע בייז געווענ — די מאפאָלע פונ דער צארישער מאָנארכיע. אינ די לענינישע טעזיסנ איז געגעבנ געוואָרנ א קאָנקרעטע רעוואָליוציאָנערע האנדלונגס-פראָגראמ פונעמ אינטערנאציאָנאלנ פראָלעטאריאט.

לענינ שיקט טייקעפ אוועק זיינע „טעזיסנ וועגנ דער מילכאָמע“ קיינ רוסלאנד אונ פארשפרייט זיי אינ די באָלשעוויסטישע סעקציעס אינ אויסלאנד. די טעזיסנ זיינענ באוויליקט געוואָרנ דורכ די אָנפירנדיקע פארטיי-אָרגאנענ אינ רוסלאנד, וועלכע האָבנ אינ דער פראגע וועגנ דער מילכאָמע גלייכ פארנומענ א פעסטע אינטערנאציאָנאליסטישע פאָזיציע.

די „טעזיסנ וועגנ דער מילכאָמע“ זיינענ געלייגט געוואָרנ אינ גרונט פונעמ מאניפעסט פונעמ צק וועגנ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע: „די מילכאָמע אונ די רוסלענדישע סאָציאל-דעמאָקראטיע“. דעמ מאניפעסט האָט אָנגעשריבנ לענינ סאָפ סענטיאבער 1914 יאָר. אינ דעמ דאָזיקנ היסטאָרישנ דאָקומענט האָט לענינ געגעבנ דעמ רופ: פארוואנדלענ די אימפעריאליסטישע מילכאָמע אינ א בירגערקריג, אינ א מילכאָמע קעגנ דער בורזשואזיע אונ קעגנ די פריצימ. אָנשטאָט דער סאָציאל-שאָוויניסטישער פאָליטיק פונ פארטיידיקנ דאָס בורזשואזע פאָטערלאנד האָט לענינ ארויסגעשטעלט דעמ לאָזונג פונ א מאפאָלע פונ די אייגענע אימפעריאליסטישע רעגירונגענ. אָנשטאָט דעמ צעפוילטנ II אינטערנאציאָנאל, האָט לענינ אָנגעוויזנ, דארפ מענ שאפנ א נייעמ, א III אינטערנאציאָנאל. דער מאניפעסט ענדיקט זיכ מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

„פארוואנדלענ די איצטיקע אימפעריאליסטישע מילכאָמע אינ א בירגערקריג — דאָס איז דער איינציק ריכטיקער פראָלעטארישער לאָזונג, אפ וועלכנ עס ווייזט אָנ די דערפארונג פונ דער קאָמונע, וועלכנ עס האָט אָנגעמערקט די באזעלער (1912 יאָר) רעזאָליוציע אונ וועלכער דרינגט ארויס פונ אלע באדינגונגענ פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע צווישנ די הויכ-אנטוויקלטע בורזשואזע לענדער. ווי גרויס די שוועריקייטנ פונ אזא פארוואנדלענ זאָלנ זיכ ניט אויסווייזנ אינ דער אָדער יענער מינוט, וועלנ זיכ די סאָציאליסטנ קיינמאָל ניט אָפזאָגנ פונ סיסטעמאטישער, אקשאָנעסדיקער, קעסיידערדיקער צוגרייטונגס-ארבעט אינ דער דאָזיקער ריכטונג, וויבאלד די מילכאָמע איז געוואָרנ א פאקט.

בלויז אפ דעמ דאָזיקנ וועג וועט זיכ דער פראָלעטאריאט קאָנענ ארויסרייסנ פונ זיינ אָפהענגיקייט פונ דער שאָוויניסטישער בורזשואזיע אונ, אינ דער אָדער יענער פאָרמ, מער אָדער ווייניקער גיכ מאכנ אנטשיידענע טריט אפנ וועג צו דער ווירקלעכער פרייהייט פונ די פעלקער אונ אפנ וועג צומ סאָציאליזמ“[1].

1 לענינ. ווערק, ב. XVIII, ז. 66.

לענינ האָט מיט קאָלאָסאַלער ענערגיע אָנגעהויבנ זאמלענ די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי-קרעפטנ. זייער שווער איז געווענ צו פירנ א רעוואָלוציאָנערע ארבעט אינ די מילכאָמע-באַדינגונגענ. פילצאָליקע פראָנטנ האָבנ געהאַט אָפּגעשניטנ לענינענ פונ רוסלאַנד. בריוו פונ רוסלאַנד קיינ שווייצ פלעגנ צומאָל גיינ מער ווי א כוידעש. רוסישע צײַטונגענ אונ זשורנאַלנ פלעגנ אָנקומענ אויסערסט ניט רעגלמעסיק, מיט א גרויסער פאַרשפּעטיקונג. די צאַרישע פּאָליציי האָט די גאַנצע צײַט געהאַלטנ אינ איינ גראָמירנ די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס. א סאַכ אָנפירנדיקע טוער — סטאַלינ, מאָלאָטאָוו, סווערדלאָוו, ספּאַנדאַריאַנ, וואָראָשילאָוו, אָרדזשאָניקידזע אונ אַנדערע — האָבנ זיכ געפונענ אינ טורמע אָדער אינ פאַרשיקונג. אינ די מילכאָמע-באַדינגונגענ האָט מענ געמוזט אויסגעפינענ ספּעציעלע מאָסמיטלענ אפילע אינ דער „דעמאָקראַטישער“ שווייצ, קעדיי צו פירנ א רעוואָלוציאָנערע ארבעט טראָצ דער פאַרשטאַרקטער אויפזיכט פונ דער פּאָליצייִשער אונ מיליטערישער מאַכט. כוצ דעמ אַלעמ איז די פּאַרטיי געבליבנ אָנ געלטמיטלענ; האַרבסט 1914 יאָר, ווענ עס האָט ווידער אָנגעהויבנ דערשײַנענ דער „סאָציאַל-דעמאָקראַט“, איז אינ דער פּאַרטיי-קאַסע געווענ סאַכאַקל 160 פראַנק (בא 60 רובל). „ניטאָ קיינ געלט, ניטאָ קיינ געלט!! די הויפּט-צאָרע שטעקט אינ דעמ!“ [1], — האָט לענינ געשריבנ.

אינ אויסשליסלעכ שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגענ האָט געלעבט לענינ גופע. ער האָט שטענדיק געלעבט זייער באַשיידנ. אונ גאַנצ אָפט אינ גרויס דאַכקעס, באַזונדערס אינ די יאָרנ פונ עמיגראַציע. נאָר קיינמאָל האָט ער זיכ אַזוי שטאַרק ניט געניייטיקט, ווי ביים דער מילכאָמע. אינ איינעמ א בריוו העלפט 1916 יאָר האָט ער זיכ געמוזט מוידע זײַנ: „וועגנ זיכ פערזענלעכ וועל איכ זאָגנ, אז א פאַרדינסט איז נייטיק. אניט איז — כאָטש לייג זיכ אונ שטאַרב, ערנוואָרט!! דער יאָקרעס איז א ווילדער, אונ לעבנ איז ניטאָ פונ וואָס“. לענינ בעט מיטהעלפנ, אז די פאַרלעגער זאָלנ באַצאָלנ פאַר זײַנע מאַנוסקריפּטנ. „אויב דאָס וועט זיכ ניט אײַנרעגולירנ, וועל איכ, ערנוואָרט, לאַנג ניט קאָנענ ציִענ, דאָס איז פולקומ ערנסט, פולקומ, פולקומ“ [2].

ניט געקוקט אפ די אַלע שוועריקײַטנ אונ געפאַרנ פונ מילכאָמע-צײַט האָט לענינ אפ קיינ איינ רעגע ניט איבערגעריסנ די קאָלאָסאַלע פּאַרטיי-ארבעט, ער האָט זי געפירט ווײַטער מיט דער גרעסטער ענערגיע אונ אומגעהייערער מוט. ער באַהעפט די קליינע גרופּעס באָלשעוויקעס, וועלכע האָבנ זיכ געפונענ אינ אויסלאַנד, טרעט ארויס אינ לאָזאַנע, זשענעווע, קלאַראַנ, ציריכ אונ בערנ מיט רעפעראַטנ וועגנ דער באַציִונג פונ דער פּאַרטיי צו דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. זיכ דערוווּסט, אז פּלעכאַנאָוו האַלט אינ לאָזאַנע א רעפעראַט וועגנ דער באַציִונג פונ די סאָציאַליסטנ צו דער מילכאָמע,

1 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 195.

2 לענינ-זאמלונג II, ז. 279.

קומט לענינ צו פאָרנ אהינ אונ טרעט ארויס אינ די דעבאטנ, צעשמעטערנדיק פלעכאנאָווס סאָציאַל-שאָוויניסטישע פאָזיציע.

אינ דער שווייצ האָט זיכ לענינ פארנומענ מיט אָרגאניזירנ דאָס דרוקנ אונ פארשפּרייטנ די באָלשעוויסטישע אויסגאבנ. דורכ בריוו אונ פערזענלעכע שמועסנ האָט ער געזוכנ אויסצוקלאָרנ, וואָס פאר א פארלאג-מעגלעכקײַטנ עס זײַנענ פאראנ אינ זשענעווע, די פארטיי-טוער פלעגט ער געבנ פינקטלעכע, קאָנקרעטע אָנווײַזונגענ, ווי צו ארבעטנ, אָנעמענדיק די נייטיקע פאָרזיכט-מיטלענ. לענינענ איז געווענ קלאָר, אז אינ די מילכאָמע-באדינגונגענ איז אפילע אינ דער „נייטראלער" שווייצ אונ אפילע אפ רוסיש געווענ זייער א קאָמפּליצירטע זאכ אָפּדרוקנ א דאָקומענט קעגנ דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע. זײַענדיק עקאָנאָמיש אינגאנצנ אָפּהענגיק פונ דער בורזשואזיע פונ די „גרויסע" אימפּעריאליסטישע מעלוכעס אונ קריכנדיק אפ אלע פיר פאר דער אייראָפּעיִשער רעאקציע, האָט די שווייצער בורזשואזע רעגירונג לײַכט געקאָנט אָנהייבנ צו פארפאָלגנ פאר דעמאסקירנ די ווירקלעכע צילנ פונ דער מילכאָמע, איר אימפּעריאליסטישנ מעהוס.

„עס זײַנענ פאראנ אלע גרונטנ צו דערווארטנ, — האָט לענינ געשריבנ אינ סענטיאבער 1914 יאָר, — אז די שווייצער פאָליציי אונ מיליטער-מאכט וועלנ (נאָכנ ערשטנ ווינק פונ דעמ רוסישנ אָדער פראנצויזישנ אדג. געזאנדטנ) איבערגעבנ אינ קריגס-געריכט אָדער וועלנ ארויסשיקנ פאר ברעכנ די נייטראליטעט"[1]. דעריבער האָט לענינ רעקאָמענדירט אָפּצוהיטנ קאָנספּיראציע, זײַנ זייער פאָרזיכטיק, פירנ די קאָרעספּאָנדענצ אומבאדינגט מיט דער הילפ פונ „כימיע", אלע קסאוויאדנ פארניכטנ, די עקזעמפּליארנ פונ די געדרוקטע פלוג-בלעטלעכ, צײַטונגענ אדג. האלטנ בא אנ אײַנפלוסרײַכנ שווייצער בירגער. לענינ האָט פערזענלעכ אָנגעפירט מיטנ ארויסגעבנ די צײַטונג, בײַקומענדיק אלע מניִעס פונ פאָליצייִשנ אונ מאטעריעלנ כאראקטער, פלעגט געבנ אָנווײַזונגענ וועגנ דרוק-טעכניק, שריפט אונ פאָרמאט. אדאנק לענינס אומדערמידלעכער ענערגיע האָט ווידער אָנגעהויבנ דערשײַנענ דער „סאָציאַל-דעמאָקראט", זײַנענ ארויסגעלאָזנ געוואָרנ דער זשורנאל „קאָמוניסט" (1915), צוויי „זאמלביכער פונעמ סאָציאַל-דעמאָקראט" (1916), פלוגבלעטלעכ אונ בראָשורנ.

דעמ 19 אָקטיאבער (1 נאָיאבער) 1914 יאָר איז נאָכ א יאָר איבעררײַס דערשינענ דער נומער 33 „סאָציאַל-דעמאָקראט" מיטנ לענינישנ מאניפעסט פונעמ צק. דער דאָזיקער נומער, וואָס איז אומלעגאל אָפּגעשיקט געוואָרנ קײַנ רוסלאנד אונ איז פאנאנדערגעשיקט געוואָרנ די באָלשעוויסטישע אויסלענדישע סעקציעס, האָט געהאט געשפּילט א קאָלאָסאלע ראָליע. די באָלשעוויסטישע פארטיי אונ די אינטערנאציאָנאלע ארבעטער-באוועגונג האָבנ באקומענ א ביז גאָר שארפ געווער פונ קאמפ קעגנ דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, קעגנ דעמ צאריזמ אונ דער בורזשואזיע, פאר דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע. דורכ אלע פארצוימונגענ, דורכנ פלאמ אונ פײַער פונ די פראָנטנ

1 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 130.

פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע איז דאָס לענינישע וואָרט דערגאנגענ צו די מאסנ.

די ארבעט פונ די באָלשעוויקעס אינ רוסלאנד איז געפירט געוואָרנ, ניט געקוקט אפ אלע רעפרעסיעס פונ דער צארישער רעגירונג. אינ נאָיאבער 1914 יאָר איז ארעסטירט געוואָרנ די באָלשעוויסטישע פראקציע פונ דער מעלובע־דומע, וועלכע האָט געפירט איר טעטיקייט אינ גייסט פונ לענינס דירעקטיווג. אינ פעווראל 1915 יאָר איז פאָרגעקומענ דער געריכט איבער די פינפ דעפוטאטנ, מע האָט זיי פארמישפעט אונ פארשיקט קיינ סיביר. דעמ פראָצעס האָבנ זיי אויסגענוצט אלס טריבונע, פונ וועלכער עס האָט זיך ברייט צעטראָגנ דער לענינישער רופ צו פראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ אונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ קעגנ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע.

דער באָלשעוויסטישער פארטיי איז אויסגעקומענ צו ארבעטנ אינ טיפנ אונטערערד, אינ דעמ האָט זי געהאט א גרויסע דערפארונג, אָנגעזאמלט אונטער לענינס אָנפירונג. אינ משך פונ די יאָרנ 1912—1914 זיינענ ארום דער לענינישער „פראוודא" אויסגעוואקסנ נייע פראָלעטארישע פארטיי־קאדרעס. דורכפאלנ, ארעסטנ פונ באָלשעוויקעס זיינענ פאָרגעקומענ, נאָר די ארבעט איז פאָרגעזעצט געוואָרנ. באקומענ די ידיעות וועגנ דעמ ארעסט פונ די דעפוטאטנ די באָלשעוויקעס, האָט לענינ געשריבנ: „די אַרבעט פונ אונדזער פארטיי איז איצט געוואָרנ 100 מאָל שווערער. און דאָך וועלנ מיר זי פירנ! די „פראוודא" האָט דערצויגנ טויזנטער באוווסטזיניקע ארבעטער, פונ וועלכע עס וועט טראָץ אלע שוועריקייטנ ווידעראמאָל צונויפגעקליבנ ווערנ א קאָלעקטיוו אָנפירער — דער רוסישער צק פונ דער פארטיי"[1]. אינ שוועדנ, אינ דעמ צו רוסלאנד נאָענטסטנ נייטראלנ לאנד, איז אָרגאניזירט געוואָרנ די אויסלענדישע ביוראָ פונעמ צק, וואָס האָט, לויט לענינס אָנווייזונגעג אונ אונטער זיינ אָנפירונג, אונטערגעהאלטנ רעגולערע פארבינדונג מיט די טוער אינ רוסלאנד. לענינ האָט אָנגעוויזנ, אז עס איז נייטיק אינ צוויי—דריי וויכטיקסטע צענטערס פונ רוסלאנד באהעפטנ די אָנפירנדיקע גרופעס, אופשטעלנ אינ רוסלאנד די ביוראָ פונ צק אונ דעמ צק גופע, אָרגאניזירנ דאָס קומענ פונ איינעמ—צוויי מענטשנ פונ רוסלאנד קיינ שוועדנ אפ אָנצוהאלטנ פארבינדונג מיטנ אויסלענדישנ צענטער. „דאָס וויכטיקסטע איז, — האָט געשריבנ לענינ, — פעסטע, באשטענדיקע פארבינדונגענ"[2].

טראָץ אלע שוועריקייטנ האָט זיך לענינענ איינגעגעבנ אופצושטעלנ די פארבינדונג מיט די פארטיי־אָרגאניזאציעס אינ רוסלאנד. עס איז געפירט געוואָרנ א קאָרעספּאָנדענץ מיט דער ביוראָ פונ צענטראלקאָמיטעט, וועלכע האָט זיך געפונענ אינ פעטראָגראד; אינ דער ביוראָ האָט, לויט לענינס פאָרשלאָג, געארבעט כאָווער מאָלאָטאָוו, וועלכער איז געוועזנ אנטלאָפנ פונ אירקוטסקער פארשיקונג. עס האָט זיך איינגעגעבנ צו פארבינדנ זיך אויכ מיט סטאלינענ, סווערדלאָווג, ספאנ=

1 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 154.

2 דאָרטנ, ז. 187.

דאַריאַנענ, וועלכע זײַנענ דעמלט געווענ פארשיקט אינ די סאמע פאַרוואָרפענע ערטער פונ סיביר, צו שיקנ זיי די „טעזיסנ וועגנ דער מילכאָמע“. אינ פעווראַל 1915 יאָר האָט סטאַלינ פונ דער פאַרשיקונג געשריבנ צו לענינענ: „מײַנ גרוס אײַך, טײַערער אילױטש, מײַנ הייסער=הייסער גרוס!.. ווי לעבט זיך אײַך, וואָס מאכט איר אינ געזונט? איך לעב ווי פריִער, כ'ביג שוינ באלד אָפּגעקומענ א האַלבנ טערמינ. אומעטיקלעך, נאָר וואָס זאָל מענ טאָנ. אונ ווי גייענ אײַערע געשעפטנ? בא אײַך איז, געוויס, פרייליכער... כ'האָב געלייענט ניט לאנג קראָפּאָטקינס ארטיקלענ, — אַנ אלטער נאר, אינגאנצנ אויסגעוועבאָטל. כ'האָב אויך געלייענט פּלעכאַנאָווס ארטיקלענ אינ „רעטש“, — אַנ אלטער, אייביקער פלוידערזאַק! עך=מאַ... אונ די ליקווידאטאָרנ מיט זייערע דעפּוטאטנ די אַגענטנ פונ דער פרײַ=עקאָנאָמישער געזעלשאפט? ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל זיי שלאָגנ, דער טײַוול זאָל דאָס נעמענ! שוינ=זשע וועלנ זיי טאַקע אזוי בלײַבנ אומבאשטראָפט?! דערפרייט אונדז אונ טיילט מיט, אז אינגיכנ וועט זיך באווײַזנ אַנ אָרגאַנ, וווּ מע וועט זיי פראַסקענ איבערנ פּאַרצעפּ, אונ טאַקע יוי געהעריק, אונ טאַקע אָנ אופהער“ [1].

אינ פעווראַל 1915 יאָר האָט לענינ דורכגעפירט אינ בערנ א קאָנפערענצ פונ די אויסלענדישע באָלשעוויסטישע סעקציעס. ער איז געווענ דער פּאַרטרעגער איבער דער צענטראַלער פראַגע — „די מילכאָמע אונ די אופגאַבנ פונ דער פּאַרטיי“. קעגנ דער לענינישער רעוואָליוציאָנערער טאַקטיק פונ פאַרוואַנדלענ די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע אינ א בירגערקריג אונ קעגנ דעם לאָזונג פונ א מאַפּלע פונ דער צארישער רעגירונג איז ארויסגעטראָטנ בוכארינ. שוינ דעמלט איז אימ אויסגעקומענ צו דערפילנ די גאנצע פארניכטנדיקע קראַפט פונ לענינס קריטיק. די קאָנפערענצ האָט אָנגענומענ די רעזאָליוציעס, וואָס לענינ האָט פאָרגעלייגט אונ אינ וועלכע עס זײַנענ פאָרמולירט געוואָרנ די באָלשעוויסטישע גרונט=לאָזונגענ אינ די מילכאָמע=יאָרנ. אפנ גרונט פונעמ מאַניפעסט פונ צק אונ פונ די באַשלוסנ פונ דער בערנער קאָנפערענצ האָבנ זיך אלצ מער באהעפט די רייענ פונ די באָלשעוויקעס.

די רעוואָליוציאָנערע ארבעט אינ די אומשטענדנ פונ מילכאָמע האָט ארויסגערוקט פאַר די פּאַרטיי=קאַדרענ נײַע טאָג=פראַגנ. א פינקטלעכנ אונ קלאָרנ ענטפער אפ אָט די פראַגנ האָט געגעבנ לענינ אינעמ ארטיקל „אייניקע טעזיסנ“, פּארעפנטלעכט אינ „סאָציאַל=דעמאָקראַט“ הארבסט 1915 יאָר. אינ 11 טעזיסנ זײַנענ געווענ פאָרמולירט די אופגאַבנ פונ דער פּאַרטיי, זײַנענ געווענ באשטימט די טאַקטיק אונ די לאָזונגענ אינ קאַמפ פאַר דער בורזשואַז=דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אינ רוסלאַנד אונ פאַר איר אריבערוואַקסנ אינ א סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. מיט אָנדערהאַלבנ יאָר פאַר דער רעוואָליוציע אינ רוסלאַנד האָט לענינ אָנגעוויזנ, וואָס פאַר א פּאָזיציע די פּאַרטיי דארפ פארנעמענ אינ דער אָנקומענדיקער רעוואָליוציע. די רעוואָליו=

1 „פראָלעטארסקאיא רעוואָליוציאַ“, 1935, נומ. 7, ז. 167.

ציע פון 1917 יאָר האָט מערקווירדיק פּינקטלעך באַשטעטיקט די לענינישע טעזיסן.

די לענינישע לאָזונגען האָבן געפונען אַ דאַנקבאַרן באָדן אין די אַרבעטער־מאַסן פון רוסלאַנד. לענינס אַרבעט און די אַרבעט פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, מיט וועלכע ער האָט אָנגעפירט, האָבן געגעבן מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטן. דער אַרבעטער־קלאַס אין זיין מאַסע איז ניט אַוועק נאָך די סאָציאַל־פּאַטריאָטן, האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דעם טשאַד פונעם בורזשואַזן שאָוויניזם, איז געבליבן טריי דער פאָן פון אינטערנאַציאָנאַליזם. אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אין פלאָט און אין דער אַרמיי, באַזונדערס אין די אַרמייען פונעם צאָפן־פראָנט, אין ראַיאָן פון דער באַלטיק.

אזוי האָט לענין **געגרייט** די פּאַרטיי צו די גרויסע שלאַכטן, וואָס זייער דערגרענטערונג האָט ער קלאָר געזען.

די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, אָנגעפירט פון לענינען, איז געווען די גרונטיקע אָרגאַניזירנדיקע קראַפט פון דער אָנוואַקסנדיקער רעוואָלוציע. ניט בלויז אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין מייַרעוו. לענין, די באָלשעוויקעס זיינען געווען די איינציקע קאָנסעקווענטע אינטערנאַציאָנאַליסטישע און ביזן סאָף רעוואָלוציאָנערע קראַפט אין דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער־באַוועגונג. כאָטש די באָלשעוויקעס איז ניט געווען ווער עס זאָל נעמען אָפּ זיך די איניציאַטיוו צו שאַפן אַ נייעם, אַ III אינטערנאַציאָנאַל. און לענין האָט מיט דער ענערגיע און אַקשאָנעס, וואָס זיינען פאַר אים כאַראַקטעריסטיש, גלייך פון די ערשטע טעג מילכאָמע אָנגעהויבן פאַרלייגן דעם פונדאַמענט פון אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַל.

„דאָס איז געווען אַ פּעריאָד, — זאָגט כאַווער סטאַלין, — ווען דער II אינטערנאַציאָנאַל האָט פאַרנייגט זיינע פאָנען פאַרן קאַפּיטאַל, ווען קעגן דער שאָוויניסטישער כוואַליע זיינען ניט ביינעשטאַנען אַפילע אַזעלכע מענטשן, ווי פּלעכאַנאָוו, קאַוטסקי, געד און אַנדערע. לענין איז דאַן געווען דער איינציקער, אָדער קימאַט דער איינציקער, וואָס האָט אויפגעהויבן אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דעם סאָציאַל־שאָוויניזם און סאָציאַל־פּאַציפיזם, האָט דעמאַסקירט דעם פאַראַט פון די געדס און די קאַוטסקיס און האָט געשטעמפּלט די האַלביקייט פון די ניט־דערבאַקענע „רעוואָלוציאָנערן“. לענין האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָך אים גייט אַן אומבאַדייטנדיקע מינדערהייט, דאָס האָט אָבער פאַר אים ניט געהאַט קיין אַנטשיידנדיקע באַדייטונג, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז די איינציק ריכטיקע פּאָליטיק, וואָס האָט פאַר זיך די צוקונפט, איז די פּאָליטיק פון קאָנסעקווענטן אינטערנאַציאָנאַליזם, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז די פּרינציפּיעלע פּאָליטיק איז די איינציק ריכטיקע פּאָליטיק.

ס'איז באַוווּסט, אַז אויך אין אָט דעם שטרייט פאַר אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַל איז לענין אַרויס אַלס זיגער“[1].

1 י. סטאַלין. וועגן לענינען, ז. 31, מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס“, 1944 י.

לענינס רופ צו פאַרוואַנדלענ די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע אינ א בירגער־קריג איז לעבאַטכילע געבליבנ איינזאַמ אינ דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער־באַוועגונג. לענינ איז אָבער דרייסט געגאַנגענ קעגנ שטראָמ, אופדעקנדיק די ווירקלעכע צילנ פונ דער מילכאָמע, דעמ ליגנ פונ די אימפּעריאַליסטישע רעגירונגענ, די סאָפיזמענ פונ די „סאָציאַליסטישע“ לאַקייענ פונ דער בורזשואַזיע. פאַר באַזונדערס שעדלעכ אונ פאַר באַזונדערס געמיינ האָט לענינ געהאַלטנ די באַהאַלטענע סאָציאַל־שאָוויניסטנ, די צענטריסטנ (קאַוטסקי, טראָצקי אא.), וואָס מיטנ מויל האָבנ זיי געשווירנ טרײַהײַט מאַרקס' געבאָטנ, אונ אינ דער פּראַקטיק נידערטרעכטיק זיי פאַראַטנ. „קאַוטסקינ האָס איכ אונ פאַראַכט איצט מער פונ אַלעמענ, — האָט געשריבנ לענינ: — א מינ עקלהאַפטע, פאַסקודנע אונ זעלבסטצופרידענע צוויִעס. ...ניטאָ איצט אַפ דער וועלט קיינ זאַכ, וואָס זאָל זײַנ מער שעדלעכ אונ געפערלעכ פאַר דער אידייִשער זעלבשטענדיקײַט פונעמ פּראָלעטאַריאַט, ווי די דאָזיקע פאַסקודנע זעלבסטצופרידנקײַט אונ עקלהאַפטע צוויִעס פונ קאַוטסקינ, וועלכער וויל אַלצ פאַרטושירנ אונ פאַרשמירנ, באַרויִקנ מיט סאָפיזמענ אונ קלוימערשט־וויסנשאַפטלעכער פלוידערײַ דעמ אופגעוועקטנ געוויסנ פונ די ארבעטער“ [1]. לענינ האָט אָנגעוויזנ, אז יודא טראָצקיס צענטריזמ, דאָס, וואָס ער שטעקט אינ דער בלאָטע פונ דער קאַוטסקיאַנערײַ, איז ניט קיינ צופעליקער פאַקט. „טראָצקינ האָט גאָט אליינ געהייסנ אָנכאַפּנ זיכ איצט אָנ קאַוטסקיס אונ בערנשטייִנס פּאָלדנ“, — האָט לענינ געשריבנ אינעמ ארטיקל „וועגנ דער לאַגע אינ דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“ [2].

לענינ האָט ניט געוואָלט האָבנ קיינ שומ מאַגעמאַסע מיט די אָפּאָרטוניסטנ. ער האָט פאָרגעלייגט ארויסשטעלנ זיי אנ אולטימאַטומ: „אָט האָט איר אײַכ דעמ מאַניפעסט... פונ אונדזער צד וועגנ דער מילכאָמע: איר ווילט אימ אָפּדרוקנ אַפ אײַער שפּראַכ?? ניינ? נו, איז זײַט אײַכ געזונט, אונדזערע וועגנ גייענ זיכ פאַנאַנדער!“ [3].

לענינ האָט גערופנ צו א פולנ אײַנרײַס מיט די אָפּאָרטוניסטנ. אינעמ ארטיקל „דער קראַכ פונעמ II אינטערנאַציאָנאַל“ האָט ער באַוויזנ, וויאַזוי דער אָפּאָרטוניזמ האָט בעהאַדראָגעדיק, אינ מעשעכ פונ צענדליקער יאָרנ, גערײַפט אינ די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייענ, טאָטשענדיק זיי פונ אינווייניק. לענינ האָט דעמאַסקירט אַלע נעבעכדיקע דריידלעכ פונ די געלערנטע מעשאָרסימ פונ דער בורזשואַזיע — פונ קאַוטסקי אונ זײַנ גלײַכנ. „דער קריזיס, וועלכנ עס האָט געשאַפנ די גרויסע מילכאָמע, — האָט ער געשריבנ אינ דעמ דאָזיקנ ארטיקל, — האָט אראָפּגעריסנ דעמ שלייער, האָט אָפּגעשלײַדערט די באַדינגלעכקײַט, האָט געעפנט דעמ געשוויר, וואָס האָט שוינ לאַנג גענומענ אָנרײַסנ, אונ האָט באַוויזנ דעמ אָפּאָרטוניזמ אינ זײַנ ווירקלעכער ראָליע, אלס פאַרבינדעטנ פונ דער בורזשואַזיע. פולקומ,

1 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 143—144.
2 לענינ. ווערק, ב. XVIII, ז. 177.
3 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 144.

אָרגאַניזאַציאָנעל, אָפּטיילנ פונ די ארבעטער=פּארטייענ דעם דאָזיקנ עלעמענט איז געוואָרנ אומבאַדינגט נייטיק"[1].

באַ אָט די אלע פאַרעטער פונעמ סאָציאַליזמ און רענעגאַטנ פונעמ ארבעטער=קלאס איז ניט געווענ קיינ מער גרויזאַמער און אָנראַכמאָנעסדיקער סוינע, ווי לענינ. זײַנע ארויסטרעטונגענ האָבנ די דאָזיקע הערנ באַגעגנט מיט אַנ אופרײַס פונ ווילדער סינע און האַס. לענינ האָט זיכ אָבער דערפאַר ניט דערשראָקנ, איז ניט אָפּגעטראָטנ. אינ דעקאַבער 1916 יאָר האָט לענינ געשריבנ צו אינעסאַ ארמאַנד: „אָט אזא איז ער, דער גוירל מײַנער. איינ קאַמפּס=קאַמפּאַניע נאָכ דער צווייטער — קעגנ פּאָליטישע נארישקײַטנ, באַנאַלקײַטנ, אָפּאָרטוניזמ אאוו. אָט אזוי — פונ 1893 יאָר אָנ. און איבער דעמ — די סינע פונ די געמיינע לײַט. נו, און פונדעסטוועגנ וואָלט איכ ניט געביטנ אָט דעמ גוירל אפ א „שאָלעמ" מיט געמיינע לײַט".

אומדערמידלעכ און אקשאָנעסדיק האָט לענינ געזאַמלט די אינטערנאַציאָנאַליסטישע עלעמענטנ אינ דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער=באַוועגונג. עס איז ניט געווענ קיינ איינ ווירקלעכ לינקע גרופּע און אָרגאַניזאַציע, עס איז ניט געווענ קיינ איינ אופריכטיק לינקער סאָציאַליסטישער טוער, מיט וועלכע ער זאָל ניט האָבנ אײַנגעשטעלט קיינ פאַרבינדונג, אפ וועלכע ער זאָל ניט האָבנ געפּרוווט אופווירקנ אידייִש, באַוועגנדיק זיי צו פאַרנעמענ א מער קאָנסעקווענטע און אנטשיידענע פּאָזיציע קעגנ דער מילכאָמע, קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ.

שוינ פונ די ערשטע טעג אָנ, ווי נאָר ער האָט זיכ באַזעצט אינ דער שווייץ, נעמט זיכ לענינ ענערגיש צו פאַרייניקנ די רעוואָלוציאָנערע קרעפטנ אינ דער ארבעטער=באַוועגונג פונ אייראָפּע און אמעריקע. ער אָרגאַניזירט די איבערזעצונג פונעמ מאַניפעסט פונ צק און פונ אנדערע באָלשעוויסטישע דאָקומענטנ אפ אויסלענדישע שפּראַכנ, נוצט אויס אלע מעגלעכקײַטנ אפ צו באַקענענ די אייראָפּייִשע ארבעטער מיט דער באָלשעוויסטישער פּאָזיציע. דעמ 14 (27) סענטיאַבער 1914 יאָר איז אינ לוגאַנאָ (שווייץ) לויט זײַנ איניציאַטיוו פאָרגעקומענ די איטאַליעניש=שווייצער סאָציאַליסטישע קאָנפערענצ. דאָרט זײַנענ באַהאַנדלט געוואָרנ לענינס „טעזיסנ וועגנ דער מילכאָמע", וועלכע האָבנ געהאַט א געוויסע ווירקונג אפ אירע באַשלוסנ.

אינ פעוראַל 1915 יאָר איז צונויפגערופנ געוואָרנ א קאָנפערענצ פונ די „סאָציאַליסטנ" פונ די אנטאַנטע=לענדער. לענינ האָט אויסגענוצט די דאָזיקע קאָנפערענצ אפ צו שטעמפּלענ אינ א ספּעציעלער דעקלאַראַציע דעמ סאָציאַל=שאָוויניזמ פונ די לידערס פונ דער צווישנפעלקערלעכער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע, אפ צו פאָרמולירנ די פּרינציפּיִעלע פּאָזיציע פונ די באָלשעוויקעס און צו באַווײַזנ, פאַרוואָס זיי קאָנענ ניט אָנטייל נעמענ אינ דער קאָנפערענצ פונ די „סאָציאַליסטנ", וואָס האָבנ פאַראַטנ דעמ סאָציאַליזמ.

לויט דער איניציאַטיוו פונ די באָלשעוויקעס האָט זיכ אינ מאַרט 1915 יאָר פאַרזאַמלט אַנ אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פרויענ=

[1] לענינ. ווערק, ב. XVIII, ז. 279.

קאָנפערענצ. ניט געקוקט אפ די קליינבירגערלעכ-פאציפיסטישע שטימונגענ פונ דער מערהײט דעלעגאטקעס, האָט די קאָנפערענצ געהאט א געוויסע באדײטונג אלס ערשטער אינטערנאציאָנאלער צוזאמענפאָר פונ סאָציאליסטנ אינ דער צײט פונ דער מילכאָמע. די באָלשעוויסטישע דעלעגאציע, וואָס איז בײגעווענ אפ דער קאָנפערענצ, האָט ארײנגעטראָגנ איר רעזאָליוציע, צוגויפגעשטעלט לויט לענינס דירעקטיוונ. אינ דער רעזאָליוציע איז אָנגעוויזנ געוואָרנ, אז די מערהײט סאָציאליסטישע פארטייענ זײנענ אויווער געווענ אפ די דירעקטע באשלוסנ פונעמ שטוטגארטער (1907), קאָפּענהאגענער (1910) אונ באזעלער (1912) קאָנגרעסנ פונעמ II אינטערנאציאָנאל. שטעמפלענדיק דעמ פאראט קעגנ סאָציאליזמ, האָט די רעזאָליוציע גערופנ צו „ברעכנ דעמ בירגער-פרידנ“.

אינגיכנ איז אינ בערנ פאָרגעקומענ אנ אינטערנאציאָנאלע יוגנט-קאָנפערענצ. אָנפירנדיק מיט דער באָלשעוויסטישער דעלעגאציע, האָט לענינ אײנגעשטעלט דירעקטע פארבינדונגענ מיט אָנגעזעענע טוער פונ דער יוגנט-באוועגונג.

די אינטערנאציאָנאלע ארבעטער-באוועגונג האָט זיכ אלצ מער אונ מער אנטוויקלט, אינ איר האָט בעהאדראָגעדיק גענומענ רײפ ווערנ דער רעוואָליוציאָנערער פראָטעסט קעגנ דער מילכאָמע אונ קעגנ דעמ סאָציאל-שאָוויניזמ. צו זומער 1915 יאָר, נאָכנ ערשטנ יאָר מילכאָמע, האָבנ די פאָלקס-מאסנ אלצ שטארקער גענומענ פילנ אירע פאָלגנ, — דעמ אומקומ פונ מיליאָנער מענטשנ, די דעזאָרגאניזאציע פונעמ אינדוסטריעלנ לעבנ, דעמ וווּקס פונעמ יאקרעס אאוו., — אונ דער שאָוויניסטישער טשאד האָט זיכ אָנגעהויבנ ביסלעכווײז אויסוועפנ. די ריכטיקײט פונ דער לענינישער ליניע איז געוואָרנ אלצ מער באשײמפערלעכ, די אומצופרידנקײט מיט דער מילכאָמע איז געוואקסנ. עס איז צײטיק געוואָרנ די באדערפעניש צוגויפצורופנ א קאָנפערענצ פונ די לינקע סאָציאליסטישע טוער פונ אלע לענדער.

לענינ האָט דורכגעפירט א זאָרגפעליקע צוגרייטונגס-ארבעט צו דער דאָזיקער קאָנפערענצ. די איניציאַטאָרנ פונ דער קאָנפערענצ — די איטאליענישע אונ שווייצער סאָציאליסטנ — זײנענ בעדייע געווענ צו פארהאנדלענ זי אינ א באהאלטונג פונ קאָלערליי קליינבירגערלעכע פאציפיסטישע אונ צענטריסטישע אָרגאניזאציעס. לענינ האָט אָנגענומענ אלע מיטלענ ניט צו דערלאָזנ עס. ער האָט זיכ דערשלאָגנ, אז די באָלשעוויקעס זאָלנ באקומענ א פאָרשטייערשאפט אפ דער פאָרבאראטונג אינ יול 1915 יאָר. ער האָט פאנאנדערגעשיקט בריוו צו די לינקע טוער, שטרעבנדיק צו זיכערנ דעמ אָנטייל פונ די אינטערנאציאָנאליסטישע עלעמענטנ אינ דער קאָנפערענצ. ער האָט מיט אלע מיטלענ געזוכנ זיכ צו דערשלאָגנ די באהעפטונג פונ די לינקע אפנ יעסאָד פונ דער פרינציפיעלער דעקלאראציע, וואָס דער צענטראלער פונקט אירער איז געווענ — שפאלטונג מיטנ אָפּאָרטוניזמ, מיטנ סאָציאל-שאָוויניזמ. צו דער עפענונג פונ דער קאָנפערענצ האָט לענינ אָרגאניזירט א לינקע גרופע. אָבער אינ דער דאָזיקער גרופע, וועלכע

האָט באַקומענ דעמ נאָמענ צימערוואַלדער לינקע, האָט די אײנציק ריכטיקע, ביז סאָפ קאָנסעקווענטע פּאָזיציע אינ דער פראַגע וועגנ מילכאָמע אונ רעוואָליוציע פאַרנומענ בלויז די פּאַרטיי באָלשעוויקעס בעראָש מיט לענינענ.

שטרעבנדיק צו באַקענענ די אייראָפּײִשע אַרבעטער מיט דער באַציִונג פונ די באָלשעוויקעס צו דער מילכאָמע, האָט לענינ צו דער קאָנפערענצ אַרויסגעגעבנ אַפ דײַטש די בראָשור „סאָציאַליזמ אונ מילכאָמע“ אונ אַפ פראַנצויזיש — די רעזאָליוציע פונ דער בערנער קאָנפערענצ פונ די באָלשעוויקעס. אינ דער בראָשור זײַנענ אינ א קלאָרער אונ פּאָפּולערער פאָרמ פאָרמולירט געוואָרנ לענינס אָנשויונגענ וועגנ מילכאָמע אונ די אויפגאַבנ פונעמ אַרבעטער=קלאַס.

דעמ 23 אויגוסט (5 סענטיאַבער) 1915 יאָר איז אינעמ קליינעמ שווייצער דערפל צימערוואַלד פאָרגעקומענ די קאָנפערענצ, אַפ וועלכער עס האָבנ זיכ פאַרזאַמלט די פאָרשטייער פונ דער מינדערהײט פונ די סאָציאַליסטישע פּאַרטייענ פונ דײַטשלאַנד, פראַנקרײַכ, נאָרוועגיע, שוועדנ, האָלאַנד, אונ אויכ די סאָציאַל=דעמאָקראַטנ פונ איטאַליע, שווייצ, פּוילנ, לעטלאַנד אונ די רוסישע באָלשעוויקעס. אָנפירנדיק מיטנ לינקנ פליגל, האָט לענינ געגעבנ א שלאַכט דער קאַוטסקיאַנישער מערהײט פונ דער קאָנפערענצ אונ האָט זיכ דערשלאָגנ, אַז אינ אירע רעזאָליוציעס זאָלנ אײַנגעשלאָסנ ווערנ א ריי פאָרשלאָגנ זײַנע.

דער מאַניפעסט, וואָס די קאָנפערענצ האָט אָנגענומענ, איז געווענ ניט קאָנסעקווענט אונ ניט אַלצ איז דאָ דערעדט געוואָרנ ביז סאָפ. ניט געקוקט אַפ די דאָזיקע בעסרוינעס, האָבנ לענינ אונ די לינקע, מיט וועלכע ער האָט אָנגעפירט, געשטימט פאַר דעמ דאָזיקנ מאַניפעסט, ווײַל ער האָט באַטראַכט „א שריט צומ אידייִשנ אונ פּראַקטישנ אײַנרײַס מיטנ אָפּאָרטוניזמ אונ מיטנ סאָציאַל=שאָוויניזמ“[1]. לענינ האָט געהאַלטנ, אַז אָפּזאָגנ זיכ צו מאַכנ דעמ דאָזיקנ טראָט פאָרויס צוזאַמענ מיט די ניט=קאָנסעקווענטע אונ וואַקלדיקע עלעמענטנ, וואָלט געווענ סעקטאַנטיש. אינ דער זעלבער צײַט האָט ער אָבער אײַנגעהיט די פולע פרײַהײט צו קריטיקירנ די ניט=קאָנסעקווענטקײט פונ דער צימערוואַלדער קאָנפערענצ. בעראָש מיט לענינענ איז די צימערוואַלדער לינקע גרופּע אַרויסגעטראָטנ מיט איר פּרינציפּיעלער דעקלאַראַציע „די וועלט=מילכאָמע אונ די אויפגאַבנ פונ דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע“ אונ מיט איר פּראָיעקט פונ „מאַניפעסט“. אַלצ, וואָס ס'איז פאַרשוויגנ געוואָרנ אינ דעמ צימערוואַלדער מאַניפעסט, — איז אַרויסגעזאָגט געוואָרנ אינ די דאָקומענטנ פונ דעמ לינקנ טייל קאָנפערענצ. לענינ האָט געהאַלטנ, אַז די זעלבשטענדיקע אַרויסטרעטונג פונ דער צימערוואַלדער לינקער האָט א קאָלאָסאַלע באַדײַטונג. ער האָט געשריבנ, אַז דאָס איז „די ערשטע אַרויסטרעטונג פונ דעמ *קערנ לינקע* סאָציאַל=דעמאָקראַטנ פונ *אַלע* לענדער, וועלכע

1 לענינ, ווערק, ב. XVIII, ז. 298.

האָבנ א קלאָרנ, פינקטלעכנ, פולנ ענטפער אפ דער פראגע, וואָס דארפ מענ טאָנ און וווּהינ דארפ מענ גיינ“[1].

לענינ האָט אפ דער צימערוואלדער קאָנפערענצ אָנשוילעכ באַוויזנ, וואָס איז אזוינס עכטע רעוואָליוציאָנערע טאקטיק, פאר וועלכער עס זײַנענ אינ דער זעלבער מאָס פרעמד אי אידייִישע קאָמפּראָמיסנ מיט די אָפּאָרטוניסטנ, אי סעקטאנטישקײַט.

די רוסישע באָלשעוויקעס און די לינקע, וואָס זײַנענ נאָכ זיי געגאנגענ, זײַנענ געווענ אנ אומבאדײַטנדיקע מינדערהײַט אינ דער ארבעטער־באַוועגונג פונ יענעמ פעריאָד. דאָס האָט אָבער ניט ארײַנגעבראכט לענינענ אינ פארלעגנהײַט. ניט קיינ בייז, וואָס מיר זײַנענ יעכידימ, האָט ער געזאָגט, מיט אונדז וועלנ זײַנ מיליאָנענ, ווײַל די פאָזיציע פונ די באָלשעוויקעס איז די איינציק ריכטיקע פאָזיציע. לענינס ארבעט, זײַנע לאָזונגענ האָבנ באהעפט מיליאָנענ קומענדיקע קעמפער, געגרייט זיי צו שטורעמענ דעמ קאפיטאליזמ.

באַגלײַכ מיט דער קאָלאָסאלער פראקטישער טעטיקײַט אפנ געביט פונ אָרגאניזירנ און באהעפטנ די קרעפטנ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט פונ די אייראָפּייִשע לענדער האָט לענינ אָנגעשטרענגט געארבעט אפנ געביט פונ טעאָריע.

אינ די ערשטע כאדאָשימ פונ דער מילכאָמע האָט לענינ אָנגעשריבנ פארנ ענציקלאָפּעדישנ ווערטערבוכ גראנאט אנ ארטיקל „קארל מארקס“. אינ דעמ ארטיקל האָט לענינ געגעבנ א געפרעסטע און באַגלײַכ דערמיט פארענדיקטע כאראקטעריסטיק און פאָרמולירונג פונ מארקס' לערע.

לענינ האָט זיכ דעמלט ווידער גענומענ צומ שטודירנ העגעלס ווערק. און אינ די יאָרנ 1914—1915, בעשאָס ער האָט געוווינט אינ בערנ, האָט ער געמאכט א סאכ אויסצוגנ פונ העגעלס ארבעטנ („די לאָגיק“, „די פילאָסאָפיע פונ דער געשיכטע“, „די געשיכטע פונ דער פילאָסאָפיע“) און פונ די ארבעטנ פונ אנדערע פילאָסאָפנ (אריסטאָטעלעס, פייערבאכ). פונ די דאָזיקע אויסצוגנ און נאָטיצנ צו זיי באַשטייענ לענינס באוווסטע „פילאָסאָפישע העפטנ“.

די „פילאָסאָפישע העפטנ“ זײַנענ א מוסטער פונ לענינס וויסנשאפטלעכער טעאָרעטישער ארבעט. זאָרגפעליק אָפּקלײַבנדיק אלדאָס ווערטפולע, וואָס עס האָט געגעבנ אינ זײַנע ווערק העגעל, דעקט לענינ קאָנסעקווענט אופ די פאלשקײַט פונ העגעלס אידעאליסטישער פאָזיציע. לענינ האָט פאָרגעזעצט מארקס' און ענגעלסעס ארבעט אפנ געביט פונ שאפנ און באגרינדנ די מאטעריאליסטישע דיאלעקטיק. בעדייִע האָבנדיק אָנצושרײַבנ א קורצע פאָרמולירונג פונ די יעסוידעס פונעמ מארקסיסטישנ דיאלעקטישנ מעטאָד, האָט לענינ אינ זײַנע „פילאָסאָפישע העפטנ“ געגעבנ א כאראקטעריסטיק פונ אלע עלעמענטנ פונעמ דיאלעקטישנ מעטאָד, האָט ווײַטער אנטוויקלט דעמ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ.

---

1 לענינ, ווערק, ב. XXIX, ז. 214—215.

אינ דער זעלבער צײַט האָט לענינ ניט אויפגעהערט אינטענסיוו זיכ צו פארנעמענ מיט דער אגראר-פראגע, מיטנ דערלערנענ די לאנדווירטשאפט אונ די לאגע פונעמ פויערטומ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער. צוליב דעמ האָט ער זאָרגפעליק שטודירט די מאטעריאלנ פונ די לאנדווירטשאפטלעכע ציילונגענ אינ די פאראייניקטע שטאטנ אונ אינ אנדערע לענדער. א רעזולטאט פונ אָט דער ארבעט איז געווענ דער בוכ, וועלכנ ער האָט אָנגעשריבנ אינ די יאָרנ 1914—1915, וועגנ דעמ קאפיטאליזמ אונ וועגנ דער לאנדווירטשאפט פונ די פאראייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע (ער איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ ערשט אינ 1917 יאָר). דאָס איז געווענ דער ערשטער טייל פונ דער ארבעט, וואָס לענינ האָט געהאט פארטראכט, — „נײַע אָנגאבנ וועגנ די געזעצנ פונ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ אינ דער ערדארבעט". פארענדיקנ די ארבעט האָט זיכ אימ ניט אײַנגעגעבנ.

א באזונדערע אויפמערקזאמקײַט גיט לענינ אָפ דער פאנאנדערארבעטונג פונ די מארקסיסטישע אָנשויונגענ וועגנ מילכאָמע. ער שטודירט אונ ארבעט איבער אפ א מאטעריאליסטישנ אויפנ אלדאָס בעסטע, וואָס עס האָט געהאט געשאפנ די בורזשואזע קריגס-וויסנשאפט. לענינ שאצט הויכ אָפ די ווערק פונ דעמ אָנגעזעענעמ קריגס-דענקער פונ XIX יאָרהונדערט קלאוזעוויץ. זײַנ האנאָכע: „מילכאָמע איז די פאָרזעצונג פונ דער פאָליטיק מיט אנדערע מיטלענ" (נעמלעכ: גוואלד-מיטלענ) — האָט לענינ געהאלטנ פאר זייער וויכטיק אפ צו פארשטײַנ דעמ כאראקטער פונ יעדער געגעבענער מילכאָמע. מע קאָנ ניט פארשטײַנ דעמ טאָכ פונ מילכאָמע, אויב מע דערלערנט ניט די פאָליטיק, וואָס האָט געבראכט צו דער מילכאָמע, וואָס האָט זי צוגעגרייט. מאכנדיק אויסצוגנ פונ קלאוזעוויצעס אָפהאנדלונגענ וועגנ דער קעגנזײַטיקער באציונג צווישנ פארטיידיקונג אונ אָנגריפ, באמערקט לענינ: „עס פארשווינדט דער אונטערשייד צווישנ פארטיידיקונג אונ אָנגריפ", „אפ פרעמדער ערד פארטיידיקנ די אייגענע ערד". די דאָזיקע אָנווײַזונגענ לענינס האָבנ א קאָלאָסאלע באדײַטונג.

לענינס געניאלער געדאנק האָט אָנגעשטרענגט געארבעט איבערנ גאנצנ קאָמפלעקס אויסערסט קאָמפליצירטע פראגנ פונ דער נײַער היסטאָרישער עפאָכע — פונעמ אימפעריאליזמ. די דאָזיקע גיגאנטישע ארבעט איז געווענ בעקויעכ אָפצוטאָנ בלויז אזא טיטאנ פונ רעוואָליוציאָנערנ געדאנק אונ ווילנ, ווי לענינ.

פונ די ערשטע טעג מילכאָמע אָנ האָט זיכ לענינ גענומענ צומ דעטאלנ אונ טיפנ שטודירנ די וועלט-ליטעראטור אפנ געביט פונ עקאָנאָמיק, טעכניק, געשיכטע, געאָגראפיע, פאָליטיק, דיפלאָמאטיע, ארבעטער-באוועגונג, קאָלאָניאלער פראגע אונ אנדערע געביטנ פונעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ פונ פארשיידענע לענדער אינ דער עפאָכע פונעמ אימפעריאליזמ. די אויסצוגנ, קאָנספעקטנ, נאָטיצנ, טאבעלעס, וועלכע לענינ האָט געמאכט אפנ גרונט פונ דער דורכגעלייענטער ליטעראטור אונ פונ די קוועלנ, וועלכע ער האָט אויפגעזאמלט אינ 20 העפטנ, — דאָס אלצ מאכט אויס א גרויסנ בוכ פונ מער ווי 40 דרוק-בויגנ; די דאָזיקע מאטעריאלנ זײַנענ שפעטער ארויסגעגעבנ גע-

וואָרנ אלס באזונדערע זאמלונג אונטערנ נאָמענ „העפטנ איבער אימפּעריאליזמ“. יעדע האנאָכע אונ פאראלגעמיינערונג, יעדער אויספיר אונ יעדע אָפּשאצונג, האָט לענינ געבויט אפנ פעסטנ גרונט פונ א קאָלאָסאלנ קאָנקרעטנ מאטעריאל. די וועלט האָט געגעבנ ווייניק אזוינע אומדערמידלעכע פאָרשער, קרישטאָל-ריינע מענטשנ אינ דער וויסנשאפט, ווי עס איז געווענ לענינ.

אינ רעזולטאט פונ אָט דער קאָלאָסאלער פאָרשונגס-ארבעט איז געשאפנ געוואָרנ לענינס בארימטער בוכ „אימפּעריאליזמ אלס העכסטע סטאדיע פונעמ קאפּיטאליזמ“. דער בוכ איז פארענדיקט געוואָרנ אינ יונ 1916 יאָר. דער דאָזיקער בוכ איז איינס פונ די גרעסטע ווערק פונ מארקסיזמ—לענינימ.

מארקס האָט געגעבנ אינ „קאפּיטאל“ אנ אנאליז פונ די יעסוידעס פונעמ קאפּיטאליזמ. לענינ האָט געניאל פאָרגעזעצט דעמ „קאפּיטאל“. מײַסטערהאפט באהערשנדיק דעמ דיאלעקטישנ מעטאָד, האָט לענינ דער ערשטער צווישנ די מארקסיסטנ געגעבנ אינ זײַנ ארבעט אנ אלזײַטיקנ אונ אויסשעפנדיקנ מארקסיסטישנ אנאליז פונעמ אימפּעריאליזמ אלס העכסטע אונ אינ דער זעלבער צײַט לעצטע סטאדיע אינ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפּיטאליזמ, האָט אויפגעדעקט זײַנע מאקעס אונ די באדינגונגענ פונ זײַנ אומפארמײַדלעכנ אומקומ, האָט דערוויזנ, אז דער אימפּעריאליזמ — דאָס איז דער שטארבנדיקער קאפּיטאליזמ, אז „דער אימפּעריאליזמ איז דער ערעוו פונ דער סאָציאלער רעוואָלוציע פונעמ פּראָלעטאריאט“[1].

לענינ האָט געגעבנ א קלאסישע דעפיניציע פונעמ אימפּעריאליזמ: „אימפּעריאליזמ — דאָס איז דער קאפּיטאליזמ אפ יענער אנטוויקלונגס-סטאדיע, ווענ ס'האָט זיכ אויסגעבילדעט די הערשאפט פונ די מאָנאָפּאָליעס אונ פונעמ פינאנצ-קאפּיטאל, ווענ ס'האָט באקומענ א גאָר גרויסע באדײַטונג דער עקספּאָרט פונ קאפּיטאל, ווענ די צווישנפעלקערלעכע טרעסטנ האָבנ אָנגעהויבנ די צעטיילונג פונ דער וועלט אונ ווענ די גרעסטע קאפּיטאליסטישע לענדער האָבנ פארענדיקט די צעטיילונג פונ דער גאנצער וועלט-טעריטאָריע“[2].

אינ פּאָליטישנ געביט, האָט אָנגעוויזנ לענינ, איז פארנ קאפּיטאליזמ כאראקטעריסטיש דער קער פונ דעמאָקראטיע צו פּאָליטישער רעאקציע. די קאָלאָסאלע מעכטיקײַט פונעמ פינאנצ-קאפּיטאל, דאָס באהערשנ דעמ פּאָליטישנ אפּאראט פונ די בורזשואזע מעלוכעס מיצאד דעמ פינאנצ-קאפּיטאל, די סיסטעמ פונ ליגנס אונ פּאָליטישנ אָפּנארנ די מאסנ, די „אלגעמיינע“ באגײַסטערונג מיט די פּערספּעקטיוונ פונ די אימפּעריאליסטישע אנעקסיעס רופנ ארויס „א מאסנווײַזנ אריבערגאנג פונ אלע פארמעגלעכע קלאסנ אפ דער זײַט פונעמ אימפּעריאליזמ“. די אימפּעריאליסטישע אידעאָלאָגיע דרינגט ארײַנ אויכ אינעמ ארבעטער-קלאס, — זי צעלייגט דעמ אויבערשיכט

1 לענינ. ווערק, ב. XIX, ז. 77.

2 דאָרטנ, ז. 143.

פונ דער ארבעטער-אריסטאָקראטיע, פארוואנדלט אימ אינ „ארבעטע-מעשאָרסימ“ פונ דער בורזשואזיע.

לענינ האָט בײַז סאָפ דעמאסקירט די קאוטסקיאנישע אנטימארקסיסטישע טעאָריע פונ „אולטרא-אימפעריאליזמ“, וועלכע האָט באהויפּט, אז באמ אימפעריאליזמ איז קלוימערשט מעגלעכ א פרידלעכע פארשטענדיקונג צווישנ די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס, וואָס וועט באזײַטיקנ די מילכאָמעס אונ וועט מאכנ דעמ אָנהייב פונ אנ אָרגאניזירטער וועלט-ווירטשאפט. די דאָזיקע „טעאָריע“ האָט געהאלטנ, אז ס'איז מעגלעכ צו לייזנ אלע ווידערשפּרוכנ פונעמ קאפּיטאליזמ מיט פרידלעכע מיטלענ, מיט דער הילפ פונ רעפאָרמעס, אָנ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. לענינ האָט געזאָגט, אז די דאָזיקע „טעאָריע“ קאוטסקיס איז „טויטע אבסטראקציע“, א „נארישע באָבע-מײַסע“, „א רעאקציאָנערער פרווו פונ אנ אָנגעשראָקענעמ קליינבירגער צו באהאלטנ זיכ פונ דער גרויזאמער ווירקלעכקײַט“[1]. דעמאסקירנדיק די ליגנס פונ קאוטסקינ, וועלכער האָט באהויפּט, אז דער אויפקומ פונ צווישנפעלקערלעכע קארטעלנ פירט צו שאָלעמ צווישנ פעלקער, האָט לענינ דערוויזנ, אז פאקטיש פירנ זיי, אָט די קארטעלנ, צו אנ אויסערסטער פארשארפונג פונ די ווידערשפּרוכנ צווישנ די קאפּיטאליסטישע לענדער, אז באמ אימפעריאליזמ זײַנענ מילכאָמעס אומפארמײַדלעכ.

לענינ כאראקטעריזירט דעמ אימפעריאליזמ אלס באזונדערע היסטאָרישע סטאַדיע פונעמ קאפּיטאליזמ, וועלכע איז געזעצמעסיק צוגעגרייט געוואָרנ דורכ דעמ גאנצנ פריערדיקנ אנטוויקלונגס-גאנג. די באזונדערקײַט פונ דער דאָזיקער סטאדיע באשטייט, לויט לענינענ, דערינ, וואָס דער אימפעריאליזמ איז: 1) א מאָנאָפּאָליסטישער קאפּיטאליזמ, 2) א פּאראזיטישער, אָדער א פוילנדיקער, קאפּיטאליזמ אונ 3) דער שטארבנדיקער קאפּיטאליזמ. דאָס באטײַט, פארשטייט זיכ, ניט, אז דער קאפּיטאליזמ וועט פונ זיכ אליינ פארשווינדנ, אָנ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

לענינ האָט אינ זײַנ בוכ באוויזנ, אז אינ דער עפּאָכע פונ אימפעריאליזמ פארשארפנ זיכ אלע ווידערשפּרוכנ פונעמ קאפּיטאליזמ ביז דער העכסטער מאדרייגע. דעריבער טאקע האָט לענינ געהאלטנ, אז דער אימפעריאליזמ איז דער ערעוו פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. עס פארשטארקט זיכ די רויבערישע קאפּיטאליסטישע עקספּלואטאציע פונ די מאסנ אונ באגלײַכ דערמיט וואקסט דער צאָרנ פונעמ פּראָלעטאריאט קעגנ דעמ קאפּיטאליזמ, עס וואקסנ אָנ די עלעמענטנ פונ א רעוואָליוציאָנערנ אויפרײַס אינעווייניק אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער. עס פארשטארקט זיכ די סאמע גרעבע עקספּלואטאציע אונ די סאמע אומענטשלעכע אונטערדריקונג פונ הונדערטער מיליאָנענ באפעלקערונג אינ די קאָלאָניאלע אונ אָפּהענגיקע לענדער

1 לענינ, ווערק, ב. XIX, ז. 149.

און באגלייב דערמיט וואקסנ אָנ אינ די ראָזיקע לענדער די עלעמענטנ פונ א באפרייונגס-מילכאָמע קעגנ דעמ אימפעריאליזמ.

לענינס ווערק וועגנ אימפעריאליזמ האָט א וועלט-היסטאָרישע באדייטונג. זי איז געווענ א *נייע שטופע* אינ דער אנטוויקלונג פונ מארקס' עקאָנאָמישער טעאָריע. זי האָט א רוק געטאָנ פאָרויס די מארקסיסטישע טעאָריע, באררייכערט זי מיט נייעמ אינהאלט, האָט געהאָלפנ איבערקוקנ אונ אפ א נייעמ אויפנ לייזנ די פראקטישע פראגנ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָלוציע.

דערלערנענדיק דעמ אימפעריאליזמ, האָט לענינ אנטדעקט דעמ געזעצ פונ דער ניט-גלייכמעסיקייט פונ דער פאָליטישער אונ עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ. ער האָט אָנגעוויזנ, אז די ניט-גלייכמעסיקייט פונ דער אנטוויקלונג אונ די ווידערשפרוכנ פונעמ קאפיטאליזמ פארשארפנ זיכ אינ די באדינגונגענ פונעמ אימפעריאליזמ. די אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ באקומט א העכסט ניט-גלייכמעסיקנ, שפרונגארטיקנ כאראקטער, א קאָנפליקט-כאראקטער. עס פארשטארקט זיכ דער ווילדער קאמפ צווישנ די אימפעריאליסטישע רויבער פאר מערק אפ אָפזעצנ די סכוירעס אונ ארויספירנ קאפיטאל, דער קאמפ פאר קאָלאָניעס, פאר רויווארג-קוואלנ, אונ דאָס ברענגט דערצו, אז פעריאָדישע אימפעריאליסטישע מילכאָמעס פאר א נייער איבערפארטיילונג פונ דער וועלט ווערנ אומפארמיידלעכ. די אימפעריאליסטישע מילכאָמעס שוואכנ אָפ די קויכעס פונ דעמ אימפעריאליזמ, מאכנ מעגלעכ א דורכרייס פונעמ פראָנט פונעמ אימפעריאליזמ דאָרט, ווו ער וועט זיכ ארויסווייזנ אמשוואכסטנ. דערפונ איז לענינ געקומענ צומ אויספיר, אז מארקס' אונ ענגעלסעס אלטע פאָרמולע וועגנ דעמ, אז עס איז אוממעגלעכ, דער סאָציאליזמ זאָל זיגנ אינ איינ לאנד, אונ וועגנ דעמ, אז דער סאָציאליזמ קאָנ זיגנ בלויז באמ גלייכצייטיקנ זיג פונ דער פראָלעטארישער רעוואָלוציע אינ אלע פאָרגעשריטענע קאפיטאליסטישע לענדער, — אז אָט די פאָרמולע אנטשפרעכט שוינ ניט דער נייער היסטאָרישער סיטואציע, אז זי דארפ פארביטנ ווערנ מיט א נייער פאָרמולע וועגנ דער מעגלעכקייט פונעמ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ איינ, באזונדער גענומענ, לאנד אונ דער אוממעגלעכקייט פונ דעמ גלייכצייטיקנ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ אלע לענדער.

*דאָס איז געווענ די גרעסטע אנטדעקונג פונ אונדזער עפאָכע.* זי איז געווענ דער אָנפירנדיקער פרינציפ פונ דער גאנצער ווייטערדיקער טעטיקייט לענינס, פונ דער גאנצער ווייטערדיקער טעטיקייט פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי.

„דאָס איז געווענ א *נייע*, א פארענדיקטע טעאָריע פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, א טעאָריע וועגנ דער מעגלעכקייט פונעמ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ איינצלנע לענדער, וועגנ די באדינגונגענ פונ זיינ זיג, וועגנ די פערספעקטיוונ פונ זיינ זיג, א טעאָריע, וואָס די יעסודעס אירע האָט לענינ אָנגעמערקט נאָכ אינ 1905 יאָר

אינ דער בראָשור „צוויי טאַקטיקעס פונ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אינ דער דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע“"[1].

זײַנ געניאַלע אנטדעקונג וועגנ דער מעגלעכקײַט פונעם זיג פונעם סאָציאַליזמ אינ איינ לאַנד האָט לענינ צומ ערשטנ מאָל פאָרמולירט אינ אווגוסט 1915 יאָר אינעמ ארטיקל „וועגנ דעמ לאָזונג פאַראייניקטע שטאַטנ פונ אייראָפּע“. „די ניט-גלײַכמעסיקײַט פונ דער עקאָנאָמישער אונ פּאָליטישער אנטוויקלונג, — האָט לענינ געשריבנ אינ דעמ דאָזיקנ ארטיקל, — איז אנ אומבאַדינגטער געזעצ פונעמ קאַפּיטאַליזמ. פונדאַנענ איז געדרונגענ, אז עס איז מעגלעכ דער זיג פונעמ סאָציאַליזמ צוערשט אינ א קליינער צאָל אָדער אפילע אינ איינ, באַזונדער גענומענ, קאַפּיטאַליסטיש לאַנד. דער זיגרײַכער פּראָלעטאַריאַט פונ דעמ דאָזיקנ לאַנד וואָלט, נאָכנ עקספּראָפּריִרנ די קאַפּיטאַליסטנ אונ נאָכנ אָרגאַניזירנ בא זיכ די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע, אופגעשטאַנענ קעגנ דער איבעריקער, קאַפּיטאַליסטישער וועלט, צוציִענדיק צו זיכ די אונטערדריקטע קלאַסנ פונ אנדערע לענדער, אופהייבנדיק צווישנ זיי אנ אופשטאַנד קעגנ די קאַפּיטאַליסטנ, ארויסטרעטנדיק, אויב עס וועט נייטיק זײַנ, אפילע מיט מיליטערישער קראַפט קעגנ די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסנ אונ זייערע מעלוכעס“[2].

אינ א יאָר ארומ האָט לענינ אינעמ ארטיקל „די קריגס-פּראָגראַמ פונ דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע“ ווידעראַמאָל פאָרמולירט זײַנע אָנשויונגענ מיט אויסשעפּנדיקער פּינקטלעכקײַט אונ קלאָרקײַט. „די אנטוויקלונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ קומט פאָר העכסט ניט גלײַכמעסיק אינ פאַרשיידענע לענדער. אונ אנדערש קאָנ עס גאָר ניט זײַנ בא דער סכוירע-פּראָדוקציע. דערפונ קומט דער אומבאַשטרײַטבאַרער אויספיר: דער סאָציאַליזמ קאָנ ניט זיגנ גלײַכצײַטיק אינ אלע לענדער. ער וועט זיגנ צוערשט אינ איינ לאַנד אָדער אינ עטלעכע לענדער, אונ די איבעריקע וועלנ אינ פאַרלויפ פונ א געוויסער צײַט פאַרבלײַבנ בורזשואַזע אָדער פאָרבורזשואַזע. דאָס דאַרפ ארויסרופנ ניט נאָר רײַבונגענ, נאָר אויכ א דירעקטע שטרעבונג פונ דער בורזשואַזיע פונ די אנדערע לענדער צו צעשמעטערנ דעמ זיגרײַכנ פּראָלעטאַריאַט פונ דער סאָציאַליסטישער מעלוכע. אינ די דאָזיקע פאַלנ וואָלט א מילכאָמע פונ אונדזער זײַט געווענ געזעצלעכ אונ גערעכטיק“[3].

קלאַמערנדיק זיכ אָנ ענגעלסעס אונ מאַרקס' אלטער פאָרמולע, האָבנ די אָפּאָרטוניסטנ באַשולדיקט לענינענ אינ אָפּגייִנ פונ מאַרקסיזמ.

זיי זײַנענ זיכ דאָ אָבער באַגאַנגענ ווי דאָגמאַטיקער אונ סאָנימ פונעמ מאַרקסיזמ, ווײַל זיי האָבנ זיכ ניט געוואָלט רעכענענ דערמיט, אז מאַרקס' אונ ענגעלסעס פאָרמולע, וועלכע האָט אנטשפּראָכנ די

---

1 „געשיכטע פונ דער אלקפּ(ב). קורצער קורס“, ז. 200. מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס“, 1940 י.

2 לענינ. ווערק, ב. XVIII, ז. 232—233.

3 לענינ. ווערק, ב. XIX, ז. 325.

באדינגונגענ פונעם פאָר־אימפעריאליסטישנ קאפיטאליזם, ווענ דער קאפיטאליזם איז געגאנגענ בארג־ארופ, — איז אָט די פאָרמולע אנטשפּרעכט שוינ ניט די נײַע באדינגונגענ, די באדינגונגענ פונעם אימפעריאליסטישנ קאפיטאליזם, ווענ דער קאפיטאליזם האָט זיכ אָנגעהויבנ אנטוויקלענ בארג־אראָפ, האָבנדיק זיכ פארוואנדלט אינ א שטארבנדיקנ קאפיטאליזם. מע האָט געדארפט געפינענ א נײַע פאָרמולע, אונ ניט קלאמערנ זיכ אָנ דער אלטער אונ פארוואנדלענ זי אינ א דאָגמע. די דאָזיקע נײַע פאָרמולע האָט אנטדעקט לענינ. גראָד לענינ איז געווענ דער ווירקלעכער מארקסיסט, וואָס האָט דרײַסט אנטוויקלט די מארקסיסטישע טעאָריע אויפנ גרונט פונ טיפנ דערלערנענ די ווירקלעכקײַט. אָנ אזא אנטוויקלונג פונ דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע וואָלט דער פראָלעטאריאט ניט געקאָנט זיגנ אונ וואָלט נאָכ אלצ פארבליבנ אינ דער בורזשואזער קנעכטשאפט. לענינס טעאָריע וועגנ דער מעגלעכקײַט פונעם זיג פונעם סאָציאליזם אינ איינ לאנד האָט געגעבנ דעם פראָלעטאריאט א פערספעקטיוו פונ קאמפ, האָט צעבונדנ די ענערגיע אונ די איניציאטיוו פונעם פראָלעטאריאט פונ איינצלנע לענדער פאר אנגריפ קעגנ זײַנ נאציאָנאלער בורזשואזיע, האָט געגעבנ א וויסנשאפטלעכ באגרינדעטע זיכערקײַט אינ זיג.

לענינ האָט מיט א קאָלאָסאלער ענערגיע געארבעט אפ צו באהעפטנ די לינקע עלעמענטנ פונ די סאָציאליסטישע פארטייענ, ווענדנדיק זייער ארבעט אינ דער רעוואָלוציאָנערער ריכטונג. אינעם ערשטנ יאָר מילכאָמע האָט לענינ געווענדט זײַנ אויפמערקזאמקײַט דעריקער אפ אויסצוגעפינענ די לינקע עלעמענטנ אינ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג, אפ אײַנשטעלנ א פארבינדונג מיט זיי, אפ אָרגאניזירנ אונ פארייניקנ זיי. נאָכ דעם, ווי עס איז געשאפנ געוואָרנ די צימערוואלדער פארייניקונג אונ ס'איז אָרגאניזירט געוואָרנ די צימערוואלדער לינקע גרופע, טראָגט לענינ אריבער דעם שווערפונקט אפנ קאמפ אינעווייניק אינ צימערוואלד, קעגנ די צענטריסטישע, קליינבירגערלעכע, פאציפיסטישע עלעמענטנ, פאר דער רעוואָלוציאָנערער ליניע. אונ דער דאָזיקער קאמפ האָט געגעבנ באשטימטע רעזולטאטנ. דאָס לעבנ גופע האָט באשטעטיקט, אז לענינ איז גערעכט. דער יאָכ פונ דער מילכאָמע, וועלכע האָט זיכ געצויגנ שוינ דאָס צווייטע יאָר, האָט זיכ געלאָזט פילנ אלצ מאמאָשעסדיקער. אינ רעזולטאט דערפונ זײַנענ די צימערוואלדער רעכטע אונטערנ אײַנפלוס פונ דעם, וואָס די מאסנ זײַנענ פיל לינקער געוואָרנ, געווענ געצוווּנגענ אפ דער II צימערוואלדער קאָנפערענצ, וואָס האָט זיכ געהאט פארזאמלט אינ אפרעל 1916 אינעם שווייצער דערפל קינטאל, צו שטימענ פאר מער לינקע רעזאָליוציעס. די לינקע זײַנענ אינ קינטאל געווענ שטארקער, איידער אפ דער ערשטער קאָנפערענצ, אונ האָבנ געהאט א גרעסערע ווירקונג אפ די באשלוסנ. לענינ האָט זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז ס'איז אָנגענומענ געוואָרנ א רעזאָליוציע, ווו ס'ווערט קריטיקירט דער פאציפיזם, ווו ס'ווערט שארפ קריטיקירט די אינטערנאציאָנאלע סאָציאליסטישע ביוראָ. אָפשאצנדיק די רעזולטאטנ פונ דער קאָנפערענצ, האָט לענינ אינ מײַ 1916 יאָר געשריבנ: „אינ אלגעמיינ גענומענ

איז עס ד אָ כ, ניט געקוקט אפנ שלאל כעסרוינעס, א טראָט אפ אײַנצורײַסנ מיט די סאָציאַל=פּאטריאָטנ“[1].

נאָכ פאר דער קאָנפערענצ האָט לענינ געהאט אָנגעוויזנ, אז די פראגע וועגנ דער שפּאלטונג מיט די אָפּאָרטוניסטנ, מיט די סאָציאַל=שאָוויניסטנ איז די גרונט=פראגע. „אלע, וואָס קווענקלענ זיכ אינ דעמ פּראט, — האָט לענינ געשריבנ אינ מארט 1916 יאָר, — זײַנענ סאָנימ פונעמ פּראָלעטאריאט, בענעגייע זיי טאָר ניט דערלאָזט ווערנ ק י י נ ש ו ם נאָכגיביקײַט“[2].

נאָכ דער קאָנפערענצ העלפט לענינ נאָכ מער די לינקע עלעמענטנ אינ דער ארבעטער=באוועגונג פונ מײַרעוו=אייראָפּע אונ אמעריקע אויסצולעבנ זייערע קליינבירגערלעכע אָנשווינגענ אונ אָפּאָרטוניסטישע פעלערנ. ער נעמט אנ אקטיוונ אָנטייל אינ דער לינק=סאָציאליסטישער פּרעסע, ביפראט אינ דעמ טעאָרעטישנ אָרגאנ פונ דער ציממערוואלדער לינקער „Vorbote“ („דער אָנזאָגער“). באזונדערס פיל אופמערקזאמקײַט גיט ער אָפּ דער יוגנט, דערציענדיק זי אינ רעוואָליוציאָנערנ גײַסט. לענינ האָט געווונענ אפ זײַנ זײַט די בעסטע עלעמענטנ פונ דער פּראָלעטארישער יוגנט.

די פעלערנ, די פארקריפּלונגענ, דער טעאָרעטישער פּלאָנטער, וואָס אייניקע לינקע פלעגנ דערלאָזנ אינ די וויכטיקסטע פראגנ פונ מילכאָמע, שאָלעמ אונ רעוואָליוציע, זײַנענ הארב פארורטיילט אונ קריטיקירט געוואָרנ אינ א ריי ארטיקלענ לענינס.

באזונדערס שארפ האָט לענינ קריטיקירט די פּאציפיסטישע איליוזיעס פונ אייניקע לינקע, דעמ לאָזונג פונ „אנטוואָפענונג“, וועלכנ זיי האָבנ ארויסגערוקט. קעמפנדיק קעגנ די פּאציפיסטנ, האָט לענינ פאנאנדערגעארבעט זײַנ לערע וועגנ גערעכטיקע אונ אומגערעכטיקע מילכאָמעס. ער האָט אָנגעוויזנ, אז די באָלשעוויקעס, די פּראָלעטארישע רעוואָליוציאָנערנ, דארפנ קעמפנ ניט קעגנ יעטווידער מילכאָמע, נאָר בלויז קעגנ א פארכאפּערישער, רויבערישער, אומגערעכטיקער מילכאָמע, וואָס דער ציל אירער איז פארכאפנ אונ פארשקלאפנ פרעמדע לענדער, פרעמדע פעלקער. וואָס איז שײַכ א באפרייונגס=מילכאָמע: פארטיידיקנ דאָס פאָלק קעגנ די פרווונ צו פארשקלאפנ עס, באפרייענ דאָס פאָלק פונ אונטערנ יאָכ פונ קאפּיטאליזמ, באפרייענ די קאָלאָניעס אונ די אָפּהענגיקע לענדער פונ אונטער דער פארשקלאפונג מיצאד די אימפּעריאליסטנ — אזא מילכאָמע אלס א גערעכטיקע מילכאָמע דארפנ די באָלשעוויקעס שטיצנ.

עס איז ניטאָ קיינ שעדלעכערע זאכ, האָט געזאָגט לענינ, ווי די גאלאָכישע, קליינבירגערלעכע, פּאציפיסטישע דראָשעס וועגנ דער מעגלעכקײַט אָפּצושאפנ מילכאָמעס באמ קאפּיטאליזמ. דער אימפּעריאליזמ — דאָס איז פארביטערטער קאמפ פונ די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס פאר פארטיילנ אונ איבערפארטיילנ די וועלט. דעריבער זײַנענ מילכאָמעס באמ קאפּיטאליזמ אומפארמײַדלעכ. בלויז נאָכ דעמ, ווי

1 לענינ, ווערק, ב. XXIX, ז. 251.
2 דאָרטנ, ז. 228.

דער קאפיטאליזמ וועט אראָפּגעוואָרפנ ווערנ און דער סאָציאליזמ וועט זיגנ אינ דער גאנצער וועלט, וועלנ מילכאָמעס ווערנ אומעגלעכ.

לענינ האָט מיט פאראכטונג געשטעמפּלט די יעניקע, וואָס האָבנ פאָרגעלייגט דעמ פראָלעטאריאט צו אנטוואָפענענ זיכ, אָפּזאָגנ זיכ פונ געווער. „אַנ אונטערדריקטער קלאס, — האָט געשריבנ לענינ, — וואָס שטרעבט ניט אויסצולערנענ זיכ באגייִנ זיכ מיט געווער, צו האָבנ געווער, אזא אונטערדריקטער קלאס וואָלט פאַרדינט בלויז דאָס, אז מע זאָל זיכ מיט אימ באגייִנ ווי מיט קנעכט". אינ יעטווידער קלאסנ-געזעלשאפט איז דער אונטערדריקנדיקער קלאס באוואָפנט. ווער עס וויל זיכ באפרײַענ פונ אונטערנ יאָכ פונ עקספּלואטאציע, דאַרפ זיכ באוואָפענענ צו א פאַרביטערטנ קאמפ קעגנ די עקספּלואטאטאָרנ. „אונדזער לאָזונג, — האָט דערקלערט לענינ, — דאַרפ זײַנ: באוואָפענענ דעמ פראָלעטאריאט, כדי צו באזיגנ, עקספּראָפּריִרנ און אנטוואָפענענ די בורזשואזיע"[1].

לענינ האָט אָנ רחמאָנעס קריטיקירט די פּרווונ אָפּצולייקענענ די באַדײַטונג פונעמ קאמפ פונ פראָלעטאריאט פאַר דעמאָקראטישע פאָדערונגענ אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ, — פּרווונ, וואָס זײַנענ געווענ צוגעדעקט מיט „לינקער" פראזע און וואָס אינ טאָכ גענומענ זײַנענ זיי געווענ טיפ אָפּאָרטוניסטיש. בוכארינ, פּיאטאקאָוו, ראדעק האָבנ געפּרווט דורכשלעפּנ די דעמ מארקסיזמ פײַנטלעכע „אידייעלעכ" פונ אָפּזאָגנ זיכ פונ קאמפ פאַר דעמאָקראטישע פאָדערונגענ, פאַר א דעמאָקראטישער רעפּובליק, פונ אָפּזאָגנ זיכ פונעמ לאָזונג — רעכט פונ נאציעס אפ זעלבסטבאשטימונג. לענינ האָט אָנגערופנ אזוינע „אידייעלעכ" — „קאריקאטור אפנ מארקסיזמ", „אימפּעריאליסטישער עקאָנאָמיזמ". ער האָט דערוויזנ זייער גאנצע אומזיניקײַט און שעדלעכקײַט.

לענינענ איז אויסגעקומענ ניט ווייניק מילכאָמע צו האלטנ קעגנ די דאָזיקע אָפּאָרטוניסטנ, פלאָנטערער און אינטריגאנטנ, וואָס האָבנ זיכ שפּעטער ארויסגעוויזנ אלס נידערטרעכטיקסטע פארעטער און באנדיטנ. עס האָט זיכ געפאָדערט גרויס וואכזאמקײַט, גרויס ווײַטזיכטיקײַט, כדי ניט צו לאָזנ אזוינע עלעמענטנ שעדיקנ דער זאכ פונ סאָציאליזמ.

לענינ האָט געלערנט, אז די סאָציאליסטישע רעוואָלוציע — דאָס איז ניט איינ אקט, ניט איינ שלאכט, נאָר א גאנצע עפּאָכע פונ פאַרשאַרפטע קלאסנ-קאָנפליקטנ, א לאנגע ריי שלאכטנ אפ אלע פראָנטנ, ד. ה. אינ אלע פראגנ פונ עקאָנאָמיק און פּאָליטיק. כדי צוצוגרייטנ זיכ צומ זיג איבער דער בורזשואזיע, כדי אימשטאנד צו זײַנ געווינענ די שלאכט, דאַרפ דער פראָלעטאריאט פירנ אַנ אלזײַטיקנ, קאָנסעקווענטנ און רעוואָלוציאָנערנ קאמפ פאַר דעמאָקראטיע.

שוינ דעמלט האָט זיכ לענינ קלאָר פאָרגעשטעלט דאָס ווירקלעכע בילד פונ דער צוקונפטיקער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיכ אײַנגעהויבנ אינ רוסלאנד. „די סאָציאליסטישע רעוואָליו-

1 לענינ, ווערק, ב. XIX, ז. 326.

ציע אינ אייראָפּע, — האָט לענינ געשריבנ הארבסט 1916 יאָר, — קאָנ נ י ט זײַנ עפּעס אנדערש, ווי אנ אויפרײַס פונ מאסנ־קאמפּ פונ אלע אונ אלערליי אונטערדריקטע אונ אומצופרידענע. טיילנ פונ דער קליינ־בורזשואזיע אונ פונ די אָפּגעשטאנענע ארבעטער וועלנ אומפארמײַדלעכ אָנטייל נעמענ אינ אים — אָנ אזא אָנטייל איז נ י ט מעגלעכ קיינ מ א ס נ־קאמפּ, איז ניט מעגלעכ ק י י נ ש ו ם רעוואָליוציע — אונ פונקט אזוי אומפארמײַדלעכ וועלנ זיי ארײַנטראָגנ אינ דער באוועגונג זייערע פאָרורטיילנ, זייערע רעאקציאָנערע פאנטאזיעס, זייערע שוואכקײַטנ אונ פעלערנ. אָ ב י ע ק ט י וו אָבער וועלנ זיי אָנפאלנ אפנ ק א פּ י ט א ל, אונ דער באוווסטזיניקער אוואנגארד פונ דער רעוואָליוציע, דער פאָרגעשריטענער פראָלעטאריאט וועט קאָנענ, אויסדריקנדיק דעמ דאָזיקנ אָביעקטיוונ עמעס פונ דעמ פארשיידנקאָליריקנ אונ פארשיידנשטימיקנ, בונטנ אונ אויסערלעכ־צעשפּליטערטנ מאסנ־קאמפּ, פאראייניקנ אונ ריכטנ אים, דעראָבערנ די מאכט, פארכאפּנ די בענק, עקספּראָפּריִרנ די באלעמענ (האגאם צוליב פארשיידענע סיבעס!) פארהאסטע טרעסטנ אונ פארווירקלעכנ אנדערע דיקטאטאָרישע מאָסמיטלענ, דער סאכאקל פונ וועלכע עס איז — דאָס אראָפּווארפנ די בורזשואזיע אונ דער זיג פונעמ סאָציאליזמ, א זיג, וואָס וועט זיכ ווײַט ניט מיטאמאָל „אָפּרייניקנ" פונ די קליינבירגערלעכע שלאקנ"[1].

לענינ הערט ניט אויפ זיכ צו פארנעמענ מיטנ ווײַטערדיקנ פאנאנדערארבעטנ די נאציאָנאלע פראגע, טרעט ארויס קעגנ די אנטימארקסיסטישע אָנשויונגענ פונ פיל לינקע סאָציאל־דעמאָקראטנ. קעדיי צו פארשטיינ די גאנצע באדײַטונג פונעמ באָלשעוויסטישנ לאָזונג וועגנ רעכט פונ נאציעס אפּ זעלבסטבאשטימונג, דארפ מענ זיכ, האָט געזאָגט לענינ, אבסאָליוט קלאָר פאָרשטעלנ, אז אינ דער עפּאָכע פונעמ אימפּעריאליזמ טיילט זיכ אײַנ די גאנצע באפעלקערונג פונעמ ערדקײַלעכ אפּ צוויי אומגלײַכע טיילנ: פונ איינ זײַט, א קליינע גרופּע אונטערדריקערישע נאציעס, פונ דער אנדער זײַט — די קאָלאָסאלע מאסנ אונטערדריקטע פעלקער אינ די קאָלאָניעס, האלב־קאָלאָניעס אונ אָפּהענגיקע לענדער.

לענינ האָט אויפגעשטעלט מארקס' אונ ענגעלסעס לאָזונג, וועלכנ די פארטייענ פונ II אינטערנאציאָנאל האָבנ געהאט פארגעסנ: „עס קאָנ ניט זײַנ פרײַ א פאָלק, וואָס אונטערדריקט אנדערע פעלקער". אינ די אינטערעסנ פונ זײַנ אייגענער באפרײַונג דארפ דער פראָלעטאריאט פאָדערנ, די קאָלאָניעס זאָלנ באפרײַט ווערנ פונ אונטערנ יאָכ פונ די אימפּעריאליסטישע מעלוכעס, פונקט ווי דער ענגלישער פראָלעטאריאט דארפ פאָדערנ, לויט מארקס' אייצע, די פולע זעלבסטבאשטימונג פאר אירלאנד. די פאָדערונג צו באפרײַענ די קאָלאָניעס, צו באפרײַענ די אָפּהענגיקע נאציאָנאליטעטנ דארפ דער פראָלעטאריאט ארויסשטעלנ קווידעמקאָל זײַנ אימפּעריאליסטישער רעגירונג, זײַנ אימפּעריאליסטישער בורזשואזיע.

1 לענינ. ווערק, ב. XIX, ז. 269.

אינ לענינס טעזיסנ „די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע און די רעכט פונ נאציעס אפ זעלבסטבאשטימונג" (אָנגעשריבנ אינ מארט 1916 יאָר) און אינ זײַנ ארטיקל „סאכאקלענ פונ דער דיסקוסיע וועגנ זעלבסטבאשטימונג" (אָנגעשריבנ הארבסט 1916 יאָר) ווערט געגעבנ אנ אויסשעפנדיקע קריטיק פונ דער אנטי=מארקסיסטישער פאָזיציע פונ די פוילישע און לינקע האָלענדישע סאָציאַל=דעמאָקראטנ. אינ די דאָזיקע היסטאָרישע ארבעטנ האָט לענינ אנטוויקלט ווײַטער די באָלשעוויסטישע פראָגראם אינ דער נאציאָנאלער פראגע. פונ א באשטאנדטייל פונ דער בורזשואז=דעמאָקראטישער רעוואָליוציע, האָט אָנגעוויזנ לענינ, האָט זיכ די נאציאָנאלע פראגע שוינ פארוואנדלט אינ א באשטאנדטייל פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. די נאציאָנאל=קאָלאָניאלע פראגע איז אָרגאניש פארבונדנ מיט דער פראגע וועגנ אראָפּווארפנ דעם אימפעריאליזמ, די פראָלעטארישע רעוואָליוציע דארפ ווי ווײַט מעגלעכ אונטערהאלטנ דעם קאמפ פונ די קאָלאָניעס קעגנ אימפעריאליסטישנ יאָכ. לענינ האָט פאנאנדערגעארבעט **א הארמאָנישע סיסטעמ אָנשויונגענ וועגנ דער נאציאָנאל=קאָלאָניאלער פראגע** אינ דער עפּאָכע פונ אימפעריאליזמ.

וווינענדיק אינ דער שווייצ, נעמט לענינ אנ אקטיווּנ אָנטייל אויכ אינ דער שווייצער ארבעטער=באוועגונג. די באפעלקערונג פונ דער נייטראלער שווייצ איז באשטאנענ פונ דײַטשנ, פראנצויזנ און איטאליענער, וואָס דאָס האָט געשאפנ צונאָב=קאנאלנ פאר דער אופווירקונג אפ דער ארבעטער=באוועגונג פונ דײַטשלאנד, פראנקרײַכ און איטאליע. לענינ האָט פלײַסיק שטודירט די געשיכטע פונ שווייצ, ער פלעגט ארויסטרעטנ אפ פארזאמלונגענ און מיטינגענ, האָט אונטערגעהאלטנ אנ ענגע פארבינדונג מיט די לינקע טוער פונ דער שווייצער סאָציאַל=דעמאָקראטיע. אינ נאָיאבער 1916 יאָר איז לענינ ארויסגעטראָטנ אפנ צוזאמענפאָר פונ דער שווייצער סאָציאַל=דעמאָקראטיע, אינ דעקאבער האָט ער אָנגעשריבנ טעזיסנ וועגנ די אופגאבנ פונ די לינקע צימערוואלדיסטנ אינ דער שווייצער סאָציאַל=דעמאָקראטישער פארטיי.

דער קאמפ צווישנ די רעכטע און די לינקע אינ דער צימערוואלדער פארייניקונג האָט זיכ אלצ מער צעפלאקערט. די צימערוואלדער רעכטע האָבנ זיכ אָפּנ אָנגעשלאָסנ אָנ די שאָוויניסטנ אי אינ פראנקרײַכ, אי אינ דײַטשלאנד, אי אינ איטאליע. אינ דער שווייצ האָט דער צענטריסט גרימ, דער פאָרזיצער פונ דער צימערוואלדער פארייניקונג, אָנגעהויבנ מאכנ יאדאכעס מיט די אָפּאָרטוניסטנ.

לענינ איז מיט דער גאנצער ענערגיע ארויסגעטראָטנ קעגנ די סאָציאַל=פאציפיסטנ און צענטריסטנ קאוטסקי, גרימ, מערהיימ און אנדערע, קעגנ די, וועלכע האָבנ געהאט אונטערגעשריבנ דעמ מאניפעסט אינ צימערוואלד און אינ קינטאל און דערנאָכ זיכ א קער געטאָנ צו שאָלעמ=מאכערײַ, צו א בונד מיט די אָפּאָרטוניסטנ.

„„צימערוואלד" האָט בעפיירעש באנקראָטירט, — האָט לענינ געשריבנ, — און א גוט וואָרט דינט ווײַטער אפ צוצודעקנ צעפוילט=

קײַט! די צימערוואַלדער מערהײַט — טוראַטי און קאָמפּ., קאַוטסקי מיט לעדעבורנ, מערהײַט — דאָס אַלצ איז אַריבערגעגאַנגענ אַפּ דער פּאָזיציע פונ סאָציאַל־פּאַציפיזמ, וואָס איז אַזוי פּײַערלעכ (און אַזוי רעזולטאַטלאָז!) פאַרורטײַלט געוואָרנ אינ קינטאַל... און דער צימערוואַלדער „צענטער“ — ר. גרימ, וועלכער האָט דעמ 7/I 1917 געשלאָסנ א בונד מיט די סאָציאַל־פּאַטריאָטנ פונ דער שווייצ אַפּ צו קעמפנ קעגנ די לינקע!! גרימ, וועלכער זידלט די סאָציאַל־פּאַטריאָטנ פונ אַלע לענדער, אַכוצ די שווייצער, וועלכע ער דעקט צו! דאָס איז עקלהאַפט! איכ בינ מאָלע רעציכע אַפּ די דאָזיקע נידערטרעכטיקע לײַט; עס עקלט צו הערנ זיי און וועגנ זיי; עס עקלט נאָכ מער צו טראַכטנ וועגנ אַרבעטנ צוזאַמענ מיט זיי“[1].

נאָכנ קראַכ פונ „צימערוואַלד“ האָט מענ דעמ קאַמפּ פאַר א נײַעמ אינטערנאַציאָנאַל געדאַרפט אַריבערטראָגנ אַפּ אַנ אַנדער באָדנ. לענינ רופט צו שאַפנ א נײַעמ, א ווירקלעכ סאָציאַליסטישנ אינטערנאַציאָנאַל, צו אָרגאַניזירנ אינ אַלע לענדער פּראָלעטאַרישע פּאַרטייענ פונ א נײַעמ טיפּ, וואָס זאָלנ פולשטענדיק אײַנרײַסנ מיט די אַלטע באַנקראָטירטע פּאַרטייענ, זאָלנ זײַנ פּײַיִק אָנצופירנ מיטנ רעוואָלוציאָנערנ קאַמפּ פונ די מאַסנ פאַרנ סאָציאַליזמ.

„איכ זע נאָר און איכ ווייס ביז גאָר פּעסט, — האָט ער געזאָגט, — אַז די פראַגע וועגנ דער פּראָגראַמ און טאַקטיק פונ דיזמ נײַעמ סאָציאַליזמ, פונ דעמ ווירקלעכ רעוואָלוציאָנערנ מאַרקסיזמ, און ניט פונ דעמ פּאַסקודנעמ קאַוטסקיזמ, שטייט אַפּנ טאָג־סדר אומעטומ“[2].

לענינ איז אַרויסגעטראָטנ אַלס עכטער פירער פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, פאַרלײַנגדיק די יעסוידעס פונ דעמ נײַעמ, קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל.

אָנהייב 1917 יאָר האָט לענינ אָנגעוויזנ, אַז אינ דער וועלט־פּאָליטיק באַמערקט זיכ א קער — פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע צו אַנ אימפּעריאַליסטישנ שאָלעמ. די מילכאָמע האָט אַרויסגערופנ א שטאַרקע, אויסגעשעפּטקײַט בײַ ביידע קריגפירנדיקע לאַגערנ. די רעסורסנ און די קריגס־מעגלעכקײַטנ פונ יעדערער פונ זיי זײַנענ אינ גאַנג פונ דער מילכאָמע אינ א גענוגער מאָס געוועזנ פעסטגעשטעלט, די קרעפטנ פונ די אַרמייענ און פונ די פלאָטנ זײַנענ געוועזנ אויסגעפּרוווט און אויסגעמאָסטנ. אַלצ עראָפּער איז געוואָרנ דער מאַנגל אינ רויוואַרג און דערנערונג. ווײַטער אָנלעבנ זיכ אַפּנ בעזשבנ פונ דער דאָזיקער מילכאָמע האָט די בורזשואַזיע שוינ ניט געקאָנט. דער וווּקס פונ דעמ צאָרנ און פונ דער אומצופרידנקײַט פונ די מאַסנ, דער אופשטײַג פונעמ רעוואָלוציאָנערנ קאַמפּ פונ די אַרבעטער, די יווירונג צווישנ די סאָלדאַטנ אַפּנ פראָנט האָבנ באַוויזנ, אַז אינ אײראָפּע איז פאַראַנ א רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע. מווירע האָבנדיק פאַר דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע, האָבנ די ראַ־

1 לענינ. ווערק, ב. XIX, ז. 401.
2 דאָרטנ, ז. 402.

פימאליסטנ זיכ געיילט צו שליסנ אנ אימפעריאליסטישנ שאָלעמ. די פראזנ פונ די סאָציאַל־פאציפיסטנ וועגנ דער מעגלעכקייט פונ א קליימערשט דעמאָקראטישנ שאָלעמ אָנ א סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע זיינען געווענ א באקוועמע שירעמ פאר די אימפעריאליסטנ אפ נעמענ צוגרייטנ דאָס שליסנ א רויבערישנ שאָלעמ. פונ דעמ פראָלעטאריאט און פונ זיינ פארטיי האָט זיכ געפאָדערט גרייטקייט און אנטשלאָסנקייט צו גיינ אפ רעוואָליוציאָנערע אקציעס.

לענינס גאנצע טעטיקייט איז טאקע געווענ געווענדט אפ אידייִש, פאָליטיש און אָרגאניזאציאָנעל צוגרייטנ דעמ ארבעטער־קלאס און זיינ פארטיי צו די שלאכטנ פאר דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. א קאָלאָסאלע באדייטונג האָט אינ דער הינזיכט געהאט זיינ ארבעט אינ אָט דעמ פעריאָד איבער דער פראגע וועגנ מעלוכע.

די פראגע וועגנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, די דאָזיקע גרונט־פראגע פונ דער מארקסיסטישער טעאָריע, איז באלויכטנ געוואָרנ נאָכ אינ לענינס פריִיקע ארבעטנ. די אימפעריאליסטישע מילכאָמע האָט געשאפנ א רעוואָליוציאָנערע סיטואציע; די פראגע וועגנ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, וועגנ דעמ, אז דער פראָלעטאריאט זאָל פארכאפנ די מאכט, האָט זיכ געשטעלט אפנ טאָג־סיידער. אינ לענינ האָט זיכ ווידער אָנגעהויבנ פארנעמענ מיט דער דאָזיקער פראגע. די פארעטער פונעמ סאָציאליזמ — די אָפּאָרטוניסטנ (סאָציאַל־שאָוויניסטנ, קאוטסקיאנער) האָבנ געזוכט מיט אלע מיטלענ צו פארפלאָנטערנ די דאָזיקע פראגע, צו פארהוילנ מארקס ווירקלעכע אָנווייזונגענ. זיי האָבנ אפ א געמיינעמ אויפנ פארקריפלט און פארדרייט דעמ מארקסיזמ, ארויסגעוואָרפנ פונ אימ זיינ רעוואָליוציאָנערנ אינהאלט און האָבנ אפ אזא אויפנ געפרווט צודעקנ זייער אָפּזאָגנ זיכ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט.

לענינ איז געווענ אופגעבראכט און דערצאָרנט, זעענדיק ווי געוויסנלאָז די אָפּאָרטוניסטנ פארקריפלענ דעמ מארקסיזמ. פאר דער ריינקייט פונעמ רעוואָליוציאָנערנ מארקסיזמ איז ער אלעמאָל גרייט געווענ צו שלאָגנ זיכ ביז לעצט. אינ די דאָזיקע טעג פונ אינטענסיווער ארבעט איבער דער פראגע וועגנ מעלוכע האָט לענינ געשריבנ צו אינעסא ארמאנד:

„איכ בינ נאָכ אלץ „פארליבט” אינ מארקסנ און ענגעלסנ, און קיינ שומ לעסטערנ זיי קאָנ איכ רויִק ניט אריבערטראָגנ. ניינ, דאָס זיינען — עמעסע מענטשנ! בא זיי הארפ מענ זיכ לערנענ. פונ דעמ דאָזיקנ באָדנ טאָרנ מיר ניט אראָפגיינ. פונ דעמ ד אָ ז י ק נ באָדנ זיינען אראָפ סיי די סאָציאַל־שאָוויניסטנ סיי די קאוטסקיאנער“.

לענינ האָט זאָרגפעליק צונויפגעזאמלט און צוריק אופגעשטעלט אלץ, וואָס מארקס און ענגעלס האָבנ געשריבנ איבער דער פראגע וועגנ מעלוכע. די לערע פונעמ מארקסיזמ וועגנ מעלוכע האָט ער אָפּגעריינִיקט פונ די אָפּאָרטוניסטישע פארקריפלונגענ און האָט זי אנטוויקלט וויטער, באריַיכערט זי מיט דער נייער דערפארונג אינ די נייע באדינגונגענ פונעמ קלאסנקאמפ פונ פראָלעטאריאט. דער

רעזולטאט פונ אָט דער ארבעט לענינס איז געווענ זייַנ געניאל ווערק „מעלוכע אונ רעוואָליוציע“, וואָס די צוגרייטונגס-מאטעריאלנ צו דעמ האָט ער אינ די מילכאָמע-יאָרנ געהאט צונויפגעזאמלט אינעמ „העפטל אינ בלויענ אייַנבונד“, וואָס איז באוווסט אונטערנ נאָמענ „דער מארקסיזמ וועגנ מעלוכע“.

אויפגעשטעלט מארקסעס אונ ענגעלסעס אָנווייַזונגענ וועגנ דער גרונט-פראגע פונ דער רעוואָליוציע, ציט לענינ אונטער די סאכאקלענ פונ דער נייַער היסטאָרישער דערפארונג. ער מערקט אָפּ, אז די רוסישע רעוואָליוציע פונ 1905 יאָר האָט ארייַנגעטראָגנ פיל נייַעס אינ דער פראגע וועגנ מעלוכע. לענינ גיט א קורצע פאָרמולירונג, וואָס דריקט אויס דעמ טאָכ פונעמ איניענ: „די אלטע („פּארטיקע“) מעלוכע-מאשינ אונ די פארלאמענטנ פארבייטנ מיט סאָוועטנ פונ ארבעטער-דעפּוטאטנ אונ זייערע אָנגעטרויטע פערזאָנענ“. אפּ דער פראגע: אונ ווי זשע וועט זייַנ מיט דער ניט-ארבעטנדיקער באפעלקערונג? ענטפערט לענינ: „ווער עס ארבעט ניט, דארפ ניט עסנ (שוינ אָפּגערעדט פונ אָנפירנ מיט דער מעלוכע)!!“[1]. אזוי מערקט לענינ דאָ אָנ די לערע פונעמ מארקסיזמ וועגנ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אונ די טעאָריע פונ דער סאָוועטישער מעלוכע, וועלכע ער האָט שפּעטער פונאנדערגעארבעט אפנ גרונט פונ דער דערפארונג פונ די דרייַ רוסישע רעוואָליוציעס.

לענינ האָט קלאָר געזענ, אז די אימפּעריאליסטישע מילכאָמע דערנעענטערט מיט קאָלאָסאלער שנעלקייט די רעוואָליוציע.

דעמ 9 (22) יאנואר 1917 יאָר איז לענינ ארויסגעטראָטנ אינ ציריכ אפּ א פארזאמלונג פונ דער ארבעטער-יוגנט מיט א פאָרטראָג וועגנ דער רוסישער רעוואָליוציע פונ 1905 יאָר. ער האָט געזאָגט:

„אונדז דארפ ניט אָפּנארנ די איצטיקע בעסוילעמ-שטילקייט אינ אייראָפּע. אייראָפּע איז שוואנגער מיט רעוואָליוציע. די אומגעהייערע גרוילנ פונ דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, די לייד פונ יאָקרעס רופנ אומעטומ ארויס א רעוואָליוציאָנערע שטימונג, אונ די הערשנדיקע קלאסנ — די בורזשואזיע, אונ זייערע מעשאָרסימ — די רעגירונגענ, גייענ ארייַנ אלצ מער אונ מער אינ א העק, פונ וועלכנ זיי קאָנענ ביכלאל ניט געפינענ קיינ אויסוועג אָנ די גרעסטע דערשיטערונגענ“[2].

עס איז אוועק עטוואָס מער פונ א כוידעש, אונ ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ די רעוואָליוציע אינ רוסלאנד — אינ דעמ שוואכסטנ רינג פונ דער אימפּעריאליסטישער קייט.

די יעדיע וועגנ דעמ זיג פונעמ אויפשטאנד אינ פעטראָגראד איז דערגאנגענ צו לענינענ אָנהייב מארט. פונ דעמ מאָמענט אָנ זייַנענ אלע געדאנקענ לענינס געווענ קאָנצענטרירט אפנ דערלערנענ אונ אָפּשאצנ די דאָזיקע קאָלאָסאלע געשעעניש אונ אפּ דעמ, וויאזוי ווי ווייַט מעגלעכ שנעלער זיכ אומקערנ קיינ רוסלאנד.

1 לענינ-זאמלונג XIV, ז. 314, 315.
2 לענינ, ווערק, ב. XIX, ז. 357.

אין די עסקיזן פון די טעזיסן פון 4 (17) מארט 1917 יאָר, און דערנאָכ אין די „בריוו פון דער ווײַט" האָט לענין געגעבן אן אנאליז פון די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן אין רוסלאנד. לענין האָט אָפּגעשאצט די צײַטווײַליקע רעגירונג אלס א בורזשואזע רעגירונג, אן אימפּעריאליסטישע, וואָס האָט פאר זיכ אוועקגעשטעלט דעם ציל צו פירן די רויבערישע מילכאָמע ביזן סאָפ. דעם סאָוועט פון די ארבעטער- און סאָלדאטן-דעפּוטאטן האָט לענין כאראקטעריזירט אלס „עמבריאָן פון אן ארבעטער-רעגירונג, פאָרשטייער פון די אינטערעסן פון אלע אָרעמסטע מאסן באפעלקערונג, ד. ה. פון נײַן צענטל באפעלקערונג, וועלכער זעט זיכ צו דערשלאָגן שאָלעם, ברויט, פרײַהײַט"[1]. דאָס אראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשונג, האָט געשריבן לענין, איז בלויז דער ערשטער עטאפּ פון דער רעוואָליוציע, די אויפגאבע פון דער פארטיי איז — גרייטן דעם זיג פון פּראָלעטאריאט אפן צווייטן עטאפּ פון דער רעוואָליוציע, פארלײַכטערן און פארשנעלערן דאָס אריבערוואקסן פון דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אין א סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. ער האָט געהאלטן אין איין אָנווײַזן, אז דער איקער איז — די אָרגאניזירונג פון די מאסן, די פארפעסטיקונג פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי, איר פולשטענדיקע זעלבשטענדיקײַט. ער האָט געשריבן אין יענע טעג: „זעלבשטענדיקײַט און באזונדערקײַט פון אונדזער פארטיי, קיין שום דערנענטערונג מיט אנדערע פארטייען — דאָס איז פאר מיר אולטימאטיוו. אָן דעם קאָן מען דעם פּראָלעטאריאט ניט העלפן גיין דורכ דער דעמאָקראטישער איבערקערעניש צו דער קאָמונע, און דינען אנדערע צילן וואָלט איכ ניט"[2].

לענין האָט זיכ געריסן קיין רוסלאנד, קעדיי דירעקט צו באטייליקן זיכ אין די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן. לענין האָט זיכ קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, ער האָט זיכ געפילט, ווי א לייב אין אן ענגער שטײַג. „וואָס פאר א פּײַן עס איז פאר אונדז אלעמען צו זיצן דאָ אין אזא צײַט"[3], — האָט ער געשריבן. ארויסרײַסן זיכ פון דער שווייץ איז אָבער געווען ניט לײַכט. דורכקלײַבן זיכ דורכ די אנטאנטע-לענדער איז געווען אומעגלעכ. אלע פּרוּוון אין דער דאָזיקער ריכטונג זײַנען דורכגעפאלן. עס איז קלאָר געווען, אז ענגלאנד וועט בעשומויפן ניט ארויסלאָזן פון דער שווייץ אזא אומקאָמפּראָמיסלעכן סוינע פון דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, ווי ס'איז געווען לענין.

בא לענינען אין קאָפּ זײַנען אנטשטאנען פארשיידענע פּלענער ווי אזוי אומצוקערן זיכ אהיים, נאָר פּראקטיש האָט מען זיי ניט געקאָנט פארווירקלעכן אָדער זיי זײַנען געווען זייער ריזיקאליש. לענין האָט באשלאָסן אויסנוצן די ווידערשפּרוכן אינעם לאגער פונעם אימפּעריאליזם און דורכרײַסן זיכ קיין רוסלאנד דורכ דײַטשלאנד. אין

1 לענין. ווערק, ב. XX, ז. 18.
2 לענין-זאמלונג XXVI, ז. 40.
3 לענין-זאמלונג II, ז. 369.

רעזולטאט פונ אונטערהאנדלונגענ בא דער פארמיטלונג פונ טוער פונ דער שווייצער ארבעטער=באוועגונג איז דערלויבט געווארנ דורכצופארנ דורכ דייטשלאנד. לויט די באדינגונגענ, וואס זיינענ געווענ פארשריבנ אינ א ספעציעלנ פראטאקאל, איז דעמ וואגאנ, אינ וועלכנ עס איז געפארנ לענינ מיט נאכ פאליטישע עמיגראנטנ, גאראנטירט געווארנ עקסטעריטאריאלקייט; די פעסער אונ דעמ באגאזש האט מענ ניט געטארט קאנטראלירנ; קיינער האט ניט געקאנט ארייננ אינ וואגאנ אנ דער דערלויבעניש פונ די פאסאזשירנ, וועלכע זיינענ אינ אימ געפארנ; די עמיגראנטנ האבנ זיכ פארפליכט נאכנ קומענ אהיימ אגיטירנ פאר דעמ, אז עס זאל אפגעלאזנ ווערנ פונקט אזא צאל עסטרייכער אונ דייטשנ, אינטערנירטע אינ רוסלאנד.

פארלאזנדיק שווייצ, האט לענינ אנגעשריבנ א „געזעגענונגס=בריוו צו די שווייצער ארבעטער“, וואס איז באשטעטיקט געווארנ אפ א פארזאמלונג פונ די עמיגראנטנ באלשעוויקעס, וועלכע האבנ זיכ געקליבנ אומצוקערנ זיכ קיינ רוסלאנד. אינ דעמ בריוו האט לענינ גערעדט וועגנ די פארשטייענדיקע אויפגאבנ פונ דעמ פראלעטאריאט אינ רוסלאנד, וועגנ דעמ, אז די באלשעוויסטישע פארטיי וועט טייקעפ פארלייגנ שאלעמ, וועט טייקעפ פארלייגנ באפרייענ אלע קאלאניעס אונ אלע אונטערדריקטע פעלקער, וועט טייקעפ אנהייבנ אונ וועט דערפירנ בינ סאפ די באפרייונג פונ די פעלקער, וואס די רוסישע פריצימ אונ קאפיטאליסטנ אונטערדריקנ זיי.

„די פארוואנדלונג פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאמע אינ א בירגער=קריג ווערט א פאקט.

זאל לעבנ די זיכ אנהייבנדיקע פראלעטארישע רעוואלוציע אינ אייראפע!“[1] — אזוי האט לענינ פארענדיקט זיינ בריוו.

דעמ 27 מארט (9 אפרעל) 1917 יאר איז לענינ מיט א גרופע עמיגראנטנ ארויסגעפארנ פונ בערנ. דעמ 1 (14) אפרעל אינדערפרי איז לענינ אנגעקומענ קיינ שטאקהאלמ אונ דעמ זעלבנ טאג אינאווענט, ניט פארהאלטנדיק זיכ אפ קיינ איינ איבעריקער שא, איז ער ארויסגעפארנ קיינ רוסלאנד.

---

1 לענינ, ווערק, ב. XX, ז. 70.

# IX

ענדלעכ, איז לענינ ווידער אינ דער הײמ — אינ רוסלאנד, ווו ס׳פלאַקערט די רעוואָלוציע. אינ צוג, אפנ וועג פונ פינלאנד קײנ רוסלאנד, שמועסט לענינ מיט סאָלדאטנ, פרעגט זײ זשעדנע אויס וועגנ אלצ. דאָ גופע, אינ וואגאָנ שמאַקע, מאַכט ער זײ א קורצע מיטײלונג „וועגנ ערד, וועגנ פרײהײט אונ וועגנ פארענדיקנ די מילכאָמע", — ווי עס דערמאָנט זיכ אײנער פונ די סאָלדאטנ.

די ערשטע רירנדיקע באגעגעניש לענינס מיט די ארבעטער איז פאָרגעקומענ פארנאכט דעמ 3 (16) אפרעל אפ דער סטאנציע בעלאָאָסטראָוו. דאָ האָבנ לענינענ באגעגנט די סעסטראָרעצקער ארבעטער אונ א דעלעגאציע פונ די פעטראָגראדער ארבעטער צוזאמענ מיטנ כאווער סטאלינ.

אײנער פונ די ארבעטער, וואָס האָבנ געהאט באגעגנט לענינענ, דערמאָנט זיכ:

„ווי נאָר איליטש האָט געוואָלט נעמענ גײנ, האָב איכ גענומענ שרײַענ: „נעמט אימ אפ די הענט!" איכ האָב אימ אָנגעכאפט פאר א פוס, נאָר אזוי, אז ער האָט פארלוירנ דאָס גלײַכגעוויכט אונ האָט מיכ ארומגעכאפט פארנ האלדז. ארומ מיר זײַנענ געשטאנענ אנדערע כאווײרימ — האָבנ מיר אונטערגעכאפט איליטשנ, אונ ער טענעט: „שטילער, כעווירע, וואָס טוט איר..." — אונ מיר האָבנ אימ אוועקגעטראָגנ. די, וואָס זײַנענ געקומענ אימ באגעגענענ, האָבנ געמאכט א ווארע (כוץ אונדז איז אפ דער פלאטפאָרמע געווענ א גרויסער פארשײדענער אוילעמ). האָבנ מיר ארײַנגעטראָגנ איליטשנ אינ וואָקזאל, אוועקגעשטעלט אימ, שטײט ער, אונ קײנער קאָנ קײנ וואָרט ניט אויסרײדנ... פונ פרײד — עפעס גאָר ווי געלײמטע... איליטש שטײט אונ קוקט; אלע ארבעטער ארומ אימ. איכ געדענק עס ווי הײַנט — דאָס איז ניט אינ כאָלעמ: וולאדימיר איליטש אינ א גרויסנ אָנצוג אפנ ברעטערנעמ דיל פונ בעלאָאָסטראָווער וואָקזאל.

עס איז געווענ עפעס אזוינס, מאמעש ניט צו דערקלערנ. איכ האָב געזענ, אז איליטש איז אויכ שטארק גערירט. דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר אײנ מאָמענט: ער איז טײקעף, ווי מע זאָגט עס, „געקומענ צו זיכ" — געכאפט אונדז, צעקושט זיכ מיט אײנעמ, מיט א צווײטנ, מיט א דריטנ. עמעצער פונ אונדזערע כאווײרימ האָט אָנגעהויבנ א באגריסונגס־רעדע אינ נאָמענ פונ די סעסטראָרעצקער ארבעטער" [1].

---

[1] „וועגנ איליטשנ", סאָצעקגיז, 1934, ז. 13.

דעם 3 (16) אַפּריל, 11 אַזייגער מיט 10 מינוט אינאָוונט, איז לענינ אָנגעקומענ קיינ פּעטראָגראַד. דער פינלענדישער וואָקזאַל, דער וואָקזאַל־פּלאַצ אונ די דערנעבנדיקע גאַסנ זײַנענ געווענ פול געפּאַקט מיט טויזנטער אַרבעטער, סאָלדאַטנ אונ מאַטראָסנ מיט רויטע פאָנענ. ווענ לענינ איז אַרויס פונ וואַגאָנ, האָט די מאַסנ באַהערשט אַנ אומבאַשרײַבלעכע באַגײַסטערונג. מיט אַ לאַנג־דויערנדיקנ „הוראַ“ האָט דער פּראָלעטאַריאַט באַגעגנט זײַנ פירער. לענינ איז געווענ טיפ גערירט. די אַרבעטער האָבנ אימ אונטערגעכאַפּט אפ די הענט אונ אַרײַנגעטראָגנ אינ גרויסנ זאַל פונעמ וואָקזאַל. דאָ האָבנ די לידערס פונ די מענשעוויקעס שוינ געוועזט גענומענ האַלטנ „באַגריסונגס־רעדעס“, לענינ האָט אָבער אפ זיי קיינ אַכט ניט געלייגט, ער איז אַרויס אפנ פּלאַצ, ווו עס האָבנ אפ אימ געוואַרט די אַרבעטער, סאָלדאַטנ אונ מאַטראָסנ. אופגעהויבנ זיכ אפ אַ פּאַנצער־אויטאָמאָביל, האָט לענינ געהאַלטנ זײַנ באַרימטע רעדע, אינ וועלכער ער האָט גערופנ די מאַסנ צומ קאַמפ פאַרנ זיג פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. „זאָל לעבנ די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע!“ — אַזוי האָט לענינ פאַרענדיקט די דאָזיקע אַרויסטרעטונג זײַנע פאַר די פּעטראָגראַדער פּראָלעטאַריער אונ סאָלדאַטנ, — די ערשטע אַרויסטרעטונג נאָכ אַזויפיל לאַנגע יאָרנ גאָלעס.

פונ וואָקזאַל איז לענינ אפנ פּאַנצער־אויטאָמאָביל אַוועקגעפאָרנ צומ צענטראַל־קאָמיטעט פונ דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. טויזנט־קעפּיקע קאָלאָנעס אַרבעטנדיקע האָבנ באַגלייט לענינענ. פּראָזשעקטאָרס האָבנ מיט העלע פּאַסנ ליכט באַלויכטנ דעמ וועג, וואָס איז געווענ באַוואַכט פונ אַ קייט אַרבעטער אונ אַרבעטערנס.

לענינס קומענ האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַדײַטונג פאַר דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, פאַר דער רעוואָלוציע. דער רעוואָלוציע איז געניטיק געווענ אַ קאָפּ פונ אַנ אויסערגעוויינלעכער קראַפט, קעדיי שנעל פאַנאַנדערקלײַבנ זיכ אינ דער אויסערסט קאָמפּליצירטער סיטואַציע אונ ריכטיק אָנווײַזנ די אַרבעטנדיקע מאַסנ זייער נאָענטסטנ ציל. עס איז געניטיק געווענ אַנ אויסערגעוויינלעכער פעסטער ווילנ, קעדיי צו פירנ די מאַסנ מיטנ ריכטיקנ וועג צו דעמ דאָזיקנ ציל אונ צו זיגנ. אַזאַ גיגאַנט פונ געדאַנק אונ ווילנ איז געווענ לענינ, וואָס האָט געהאַט אײַנגעזאַפּט אינ זיכ די דערפאַרונג פונעמ רעוואָלוציאָנערנ קאַמפ פונ די אַרבעטנדיקע פונ אַלע לענדער, וואָס איז געשטאַנענ אפ דער הייכ פונ וויסנשאַפטלעכנ פאַרשטיינ די אופגאַבנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט. דיזער פירער פונ דער רעוואָלוציע האָט פאַרנומענ זײַנ אָרט.

לענינ האָט טייקעף פאַנאַנדערגעוויקלט אַ טיטאַנישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. שוינ אינ דער זעלבער נאַכט האָט לענינ פאָרמולירט זײַנע אָנשויונגענ פאַר זײַנע פרײַנט אונ נאָענטסטע מיטקעמפער.

אינדערפרי דעמ 4 (17) אַפּריל איז לענינ אַרויסגעטראָטנ אינ טאַווּרידער פּאַלאַצ אפ אַ פאַרזאַמלונג פונ אָנפירנדיקע פּאַרטיי־טוער מיט אַ פאָרטראָג וועגנ מילכאָמע אונ רעוואָלוציע. די טעזיסנ פונ זײַנ פאָרטראָג האָט ער דערנאָכ איבערגעכאַזערט אפ אַ פאַרזאַמלונג.

פונ באָלשעוויקעס אונ מענשעוויקעס — די דעלעגאטנ פונ דער אַל-רוסלענדישער בארואטונג פונ די סאָוועטנ.

דאָס זײַנענ געווענ די בארימטע אפּרעל-טעזיסנ, וואָס האָבנ געגעבנ דער פּארטיי א נײַע אָריענטירונג. אינ זײ האָט לענינ סומירט די קאמפ-דערפארונג פונ דער פּארטיי אונ האָט געגעבנ א געניאלנ פּלאנ פונ קאמפ פארנ אריבערגאנג פונ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע צו דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע.

לענינ האָט אָנגעוויזנ, אז די כאראקטעריסטישע אײגנטימלעכקײט פונ דעמ געגעבענעמ מאָמענט באשטײט אינ דער צווײמאכט: זײַט בײַ זײַט מיט דער צײַטווײַליקער רעגירונג עקזיסטירט פאקטיש א צווײטע רעגירונג — די סאָוועטנ. די צײַטווײַליקע רעגירונג איז אַנ אָרגאנ פונ דער דיקטאטור פונ דער בורזשואזיע, די סאָוועטנ — אַנ אָרגאנ פונ דער רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראטישער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אונ פּויערטומ. די צווײמאכט דריקט אויס בלויז דעמ איבערגאנגס-מאָמענט אינ דער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציע, לאנג האלטנ זיכ קאָנ זי ניט, ווײַל קײנ צווײ מאכטנ אינ א מעלוכע גײט עס ניט. „די אײגנארטיקײט פונעמ לויפנדיקנ מאָמענט אינ רוסלאנד, — האָט געזאָגט לענינ, — באשטײט אינעמ *איבערגאנג* פונעמ ערשטנ עטאפּ פונ דער רעוואָליוציע, וועלכער האָט געגעבנ די מאכט דער בורזשואזיע מחמת דער ניט גענוגנדיקער באוווסטזיניקײט אונ אָרגאניזירטקײט פונעמ פּראָלעטאריאט, — *צומ צווײטנ* עטאפּ אירנ, וועלכער דארפ געבנ די מאכט אינ די הענט פונעמ פּראָלעטאריאט אונ פונ די אָרעמסטע שיכטנ פונעמ פּויערטומ“[1].

די גרונט-פאָדערונג פונ די טעזיסנ איז — די גאנצע מעלוכע-מאכט דארפ אריבערגײנ צו די סאָוועטנ, עס דארפ אײַנגעשטעלט ווערנ א רעפּובליק פונ סאָוועטנ. ביז אהער האָבנ די מארקסיסטנ געהאלטנ, אז די פּארלאמענטארישע דעמאָקראטישע רעפּובליק איז די אמבעסטנ צוועקמעסיקע פאָרמ פונ דער פּאָליטישער אָרגאניזאציע פונ דער געזעלשאפט באמ איבערגײנ פונעמ קאפּיטאליזמ צומ סאָציאליזמ. האָבנדיק דערלערנט אונ קריטיש איבערגעארבעט די דערפארונג פונ דער פּאריזשער קאָמונע, דיסקאָנטירנדיק די דערפארונג פונ די צווײ רוסישע רעוואָליוציעס — פונ די יאָרנ 1905 אונ 1917, — איז לענינ געקומענ צומ אויספיר, אז די נײַע אונ העכערע פאָרמ פונ דער פּאָליטישער אָרגאניזאציע פונ דער געזעלשאפט באמ איבערגײנ צומ סאָציאליזמ איז א רעפּובליק פונ סאָוועטנ.

אינ די סאָוועטנ האָט לענינ אנטדעקט די מעלוכע-פאָרמ פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט. דאָס איז געווענ א געניאלע אנטדעקונג אינ דער מארקסיסטישער וויסנשאפט. ווענ לענינ וואָלט די אלטע מארקסיסטישע האנאָכע וועגנ דער פּארלאמענטארישער דעמאָקראטישער רעפּובליק אלס פּאָליטישער פאָרמ פונ דער געזעלשאפט אינעמ איבערגאנגס-פּעריאָד פונעמ קאפּיטאליזמ צומ סאָציאליזמ ניט פארביטנ מיט דער נײַער האנאָכע וועגנ א רעפּובליק פונ סאָוועטנ,

1 לענינ, ווערק, ב. XX, ז. 88.

„וואָלט די פּאַרטיי געבלאָנקעט אינ דער פינצטער, די סאָוועטנ וואָלטנ רעאָרגאַניזירט געוואָרנ, מיר וואָלטנ ניט געהאַט קיינ סאָוועטנמאַכט, די מאַרקסיסטישע טעאָריע וואָלט געליטנ אַנ ערנסטנ שאָדנ. פאַרשפּילט וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט, געווינענ וואָלטנ די סאָנימ פונעמ פּראָלעטאַריאַט"[1].

אויב באַ דער צײַטווײַליקער רעגירונג, איז געזאָגט געוואָרנ אינ די טעזיסנ, פאַרבלײַבט די מילכאָמע אַנ אימפּעריאַליסטישע מאַכמעס דעמ בורזשואַזנ כאַראַקטער פונ דער רעגירונג. דער פּראָלעטאַריאַט וועט נעמענ פירנ אַ רעוואָליוציאָנערע מילכאָמע בלויז באַ דעמ טנײַ, אַז די מעלוכע־מאַכט וועט אריבערגיינ אינ זײַנע הענט. די אויפגאַבע פונ דער פּאַרטיי באַשטייט אינ אַקשאָנעסדיקנ אונ געדולדיקנ אויפקלערנ די מאַסנ, אַז ענדיקנ די מילכאָמע מיט אַ דעמאָקראַטישנ שאָלעמ איז אוממעגלעכ, אויב מע זאָל ניט אַראָפּוואַרפנ די הערשאַפט פונ דער בורזשואַזיע.

בענעגייע דער רעגירונג האָט לענינ אַרויסגערוקט דעמ לאָזונג: „קיינ שומ שטיצע דער צײַטווײַליקער רעגירונג!" לענינ האָט אָבער געוואָרנט, אַז איצט קאָנ מענ די רעגירונג ניט אַראָפּוואַרפנ, ווײַל זי ווערט געשטיצט מיצאַד די סאָוועטנ. פריער פונ אַלצ דאַרפ מענ איבערצײַגנ די מאַסנ דערינ, אַז די סאָוועטנ זײַנענ די איינציק מעגלעכע פאָרמ פונ אַ רעוואָליוציאָנערער רעגירונג, אַז צו די סאָוועטנ דאַרפ אריבערגיינ די גאַנצע מעלוכע־מאַכט אונ אַז אָנשטאָט דער צײַטווײַליקער רעגירונג פונ דער בורזשואַזיע דאַרפ געשאַפנ ווערנ אַ סאָוועטנ־רעגירונג.

אַרויסגייענדיק פונ דעמ פאַקט, אַז אינ די סאָוועטנ האָבנ די אויבערהאַנט געהאַט די מענשעוויקעס אונ עסערנ, האָט לענינ אַוועקגעשטעלט פאַר די באָלשעוויקעס די אויפגאַבע: אויפקלערנ די מאַסנ דעמ פאַרעטערישנ טאָכ פונ דער פּאָליטיק פונ די פשאָרעמאַכערישע פּאַרטייענ, איזאָלירנ די מענשעוויקעס אונ עסערנ פונ די מאַסנ אונ דעראָבערנ די מערהײַט אינ די סאָוועטנ, כדי דורכ די סאָוועטנ ענדערנ דעמ באַשטאַנד אונ די פּאָליטיק פונ דער רעגירונג.

דאָס איז געווענ אַנ אײַנשטעלונג אויפ אַ פרידלעכער אַנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציע.

די טעזיסנ האָבנ אָנגעמערקט קאָנקרעטע עקאָנאָמישע מאָסמיטלענ אַפ אריבערצוגיינ צומ סאָציאַליזמ: קאָנפיסקירנ די פּריצישע ערד אונ נאַציאָנאַליזירנ די גאַנצע ערד אינעמ לאַנד, צונויפגיסנ אַלע בענק אינ איינ נאַציאָנאַלנ באַנק אונ אײַנשטעלנ אַ קאָנטראָל איבער אימ מיצאַד די סאָוועטנ, אײַנפירנ אַנ אַרבעטער־קאָנטראָל איבער דער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע אונ איבער דער פאַרטיילונג פונ די פּראָדוקטנ.

אַפנ פּאַרטייִשנ געביט האָט לענינ אַוועקגעשטעלט די אויפגאַבנ — ענדערנ די פּראָגראַמ אונ בײַטנ דעמ נאָמענ פונ דער פּאַרטיי. ער

1 „געשיכטע פונ דער אַלקפּ(ב). קורצער קורס", ז. 418, מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס", 1940 י.

האָט געפֿאָדערט אָפּזאָגנ זיכ פֿונ דעמ נאָמענ סאָציאל־דעמאָקראטישע פּארטיי, ווײַל דעמ דאָזיקנ נאָמענ האָבנ פֿארשמוצט די פּארטייענ פֿונעמ II אינטערנאציאָנאל און די רוסישע מענשעוויקעס, וואָס האָבנ נידערטרעכטיק פֿאראטנ דעמ סאָציאליזמ. ער האָט פֿאָרגעלייגט אָנצורופֿנ די באָלשעוויסטישע פּארטיי — קאָמוניסטישע, ווי עס האָבנ אָנגערופֿנ זייער פּארטיי מארקס און ענגעלס, ווײַל דער ענדציל פֿונ דער באָלשעוויסטישער פּארטיי איז אויפֿבויענ דעמ קאָמוניזמ.

ענדלעכ, האָט לענינ פֿאָרגעלייגט צו שאפֿנ א דריטנ, א קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל.

לענינס טעזיסנ האָבנ געעפֿנט גראנדיעזע פּערספּעקטיוו. אינ זייער יעסאָד איז געלעגנ די לערע וועגנ דער מעגלעכקײַט אויפֿצובויענ דעמ סאָציאליזמ אינ איינ, באזונדער גענומענ, לאנד. זיי האָבנ געוועקט די ארבעטער צומ קאמפּ פֿאר אראָפּווארפֿנ די הערשאפֿט פֿונ דער בורזשואזיע, פֿאר דער דיקטאטור פֿונעמ פּראָלעטאריאט. די גאנצע פּארטיי, כוץ עטלעכע יעכידימ פֿונעמ טיפּ קאמענעוו, ריקאָוו און אנדערע מענשעוויסטישע אונטערבאָמקער, האָט מיט קאָלאָסאלער באפֿרידיקונג אָנגענומענ די טעזיסנ.

די וועלט־היסטאָרישע באדײַטונג פֿונ לענינס טעזיסנ באשטייט דערינ, וואָס זיי האָבנ באוואָפֿנט די פּארטיי מיט א טעאָרעטיש באגרינדעטנ, קאָנקרעטנ פּלאנ ווי אזוי אָנצוהייבנ אריבערגיינ פֿונ דער בורזשואזער רעוואָליוציע צו דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. אונטער דער אָנפֿירונג פֿונ איר פֿירער — לענינ האָט די פּארטיי גענומענ פֿירנ א קאמפּ פֿאר דורכפֿירנ אינ לעבנ דעמ דאָזיקנ פּלאנ.

די אפּרעל־טעזיסנ באווײַזנ בוילעט לענינענ אלס קאָנסעקווענטנ רעוואָליוציאָנער און געניאלנ געלערנטנ, וואָס לייגט דרייסט דורכ נײַע וועגנ אינ דער מארקסיסטישער וויסנשאפֿט.

כאווער סטאלינ האָט אינ זײַנ רעדע בײַמ אויפֿנעמענ טוער פֿונ דער הויכשול אינ מײַ 1938 יאָר געזאָגט: „איכ וואָלט געוואָלט אָפּשטעלנ זיכ אויפֿ איינעמ פֿונ אזעלכע קאָריפֿייענ פֿונ דער וויסנשאפֿט, וועלכער איז באגלײַכ דערמיט דער גרעסטער מענטש פֿונ דער הײַנטצײַטיקײַט. איכ האָב אינ זינענ לענינענ, אונדזער לערער, אונדזער דערציער. דערמאָנט זיכ דאָס יאָר 1917. אויפֿנ גרונט פֿונ א וויסנשאפֿטלעכנ אנאליז פֿונ דער געזעלשאפֿטלעכער אנטוויקלונג פֿונ רוסלאנד, אויפֿנ גרונט פֿונ א וויסנשאפֿטלעכנ אנאליז פֿונ דער צווישנפֿעלקערלעכער לאגע איז לענינ דאנ געקומענ צומ אויספֿיר, אז דער איינציקער אויסוועג פֿונ דער לאגע איז דער זיג פֿונעמ סאָציאליזמ אינ רוסלאנד. דאָס איז געווענ א מער ווי אנ אומגעריכטער אויספֿיר פֿאר פֿיל וויסנשאפֿט־לײַט פֿונ יענער צײַט. פּלעכאנאָוו, איינער פֿונ די אָנגעזעענסטע וויסנשאפֿט־לײַט, האָט מיט פֿאראכטונג גערעדט דאנ וועגנ לענינענ, באהויפֿטנדיק, אז לענינ „רעדט פֿונ היץ". אנדערע, ניט ווייניקער באוווּסטע וויסנשאפֿט־לײַט, האָבנ באהויפֿט, אז „לענינ איז אראָפּ פֿונ זינענ", אז מע וואָלט אימ געדארפֿט פֿארשטעקנ וואו ווײַטער. קעגנ לענינענ האָבנ דאנ געוואָיעט אלע און אלערליי מענטשנ פֿונ דער וויסנשאפֿט, ווי קעגנ א מענטשנ, וואָס צעשטערט די וויסנ-

שאפט. לענינ אָבער האָט ניט מוירע געהאט צו גיינ קעגנ שטראָמ, קעגנ אינערטקייט. אונ לענינ האָט געזיגט"[1].

די בורזשואזיע, די מענשעוויקעס אונ די עסערנ האָבנ באגעגנט די אפרעל-טעזיסנ מיט א ווילדנ געהויל. עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א ווילדע העצע קעגנ לענינען. עס האָבנ זיכ אפ אימ געשאָטנ קאָלערליי דראָונגענ. די בורזשואזע פרעסע האָט גערופנ פיזיש אָפצורעכענענ זיכ מיט לענינען.

לענינ האָט זיכ אָבער ניט דערשראָקנ פאר די דראָונגענ פונ דער בורזשואזיע אונ פונ אירע לאקייענ. ער האָט פעסט געוווסט, אז די צוקונפט געהערט צו די באָלשעוויקעס. די מאסנ האָבנ זיכ דערוווסט פונ די לענינישע טעזיסנ, אז די באָלשעוויקעס זיינענ פאר א טייקעפדיקנ דעמאָקראטישנ שאָלעמ, פארנ טייקעפדיקנ אָפנעמענ די פריצישע ערד, פאר אנ אנטשיידענעמ קאמפ קעגנ הונגער אונ כורבנ. אונ דאָס איז געווענ גראָד דאָס, וואָס עס האָבנ געוואָלט אלע ארבעטנדיקע פונ רוסלאנד.

דעריג טאקע איז באשטאנענ לענינס אומגעהייערע קראפט, וואָס ער פלעגט געבנ פאָשעטע, קרישטאָל-קלאָרע לאָזונגענ, פארשטענדלעכע יעדנ אייגעמ, אפילע דעמ ווייניק אנטוויקלטנ ארבעטס-מאנ. אינ די דאָזיקע לאָזונגענ זיינענ געווענ אויסגעדריקט די דווירעסדיקע פארלאנגענ אונ האָפענונגענ פונ די ארבעטנדיקע, אונ דעריבער פלעגנ זיי באגייסטערנ אונ אופהייבנ צומ קאמפ קעגנ קלאסנ-סוינע.

גלייכ נאָכנ קומענ האָט לענינ גענומענ אקטיוו זיכ באטייליקנ אינעמ לעבנ אונ אינ דער ארבעט פונ דער פעטראָגראדער אָרגאניזאציע פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי. אונטער זיינ דירעקטער אָנפירונג איז אינ אפרעל דורכגעפירט געוואָרנ די פעטראָגראדער אלשטאָטישע פארטיי-קאָנפערענצ. די קאָנפערענצ פונ די פעטראָגראדער באָלשעוויקעס איז געגאנגענ מיט לענינענ, זי האָט זיכ באהעפט אפ דער באזע פונ די אפרעל-טעזיסנ.

ביים דער קאָנפערענצ איז אויסגעבראָכנ א מעכטיקע פראָטעסטבאוועגונג פונ די פעטראָגראדער ארבעטער אונ סאָלדאטנ קעגנ דער אימפעריאליסטישער פאָליטיק פונ דער צייטווייליקער רעגירונג. די דאָזיקע באוועגונג האָט געבראכט צומ ערשטנ קריזיס פונ דער מאכט פונ דער בורזשואזיע. אינ אָט די טעג — דעמ 20, 21 אונ 22 אפרעל (3—5 מיי) — האָט דער צענטראל-קאָמיטעט פונ די באָלשעוויקעס אָפגעהאלטנ זיינע זיצונגענ יעדנ טאָג. לענינ האָט געגעבנ אנ אנטשיידענעמ ווידערשטאנד די אוואנטוריסטישע רופנ פונ א הייפל איבערבייגלער, מיטגלידער פונ דער פעטראָגראדער אָרגאניזאציע, טייקעפ אראָפצוווארפנ די צייטווייליקע רעגירונג, — די באדינגונגענ דערצו זיינענ נאָכ ניט געווענ רייפ. גלייכצייטיק האָט ער אָנגענומענ אלע מיטלענ, אז די מאסנ זאָלנ מאכנ אנ אויספיר פונ די געשעענישנ פונ אָט די טעג, — געשעענישנ, וואָס האָבנ דעמאסקירט די אימפעריאליסטישע פאָליטיק פונ דער צייטווייליקער רעגירונג.

---

1 י. סטאלינ. וועגנ לענינען, ז' [illegible] ניו-יארק־פארלאג „דער עמעס", 1944 י.

אפ צו באהעפטנ די פארטיי האָט מענ געמוזט צונויפרופנ א קאָנפערענצ. לענינ האָט זיכ זאָרגפעליק צו איר געגרייט. דעמ 24 אפריל (7 מײַ) האָט זיכ אינ פעטראָגראד געעפנט די VII קאָנפערענצ („אפרעל“=קאָנפערענצ) פונ די באָלשעוויקעס. די קאָנפערענצ האָט אויסגעוויילט לענינענ פארנ פאָרזיצער אירנ. ער האָט געהאלטנ די דרײַ וויכטיקסטע פאָרטראָגנ, איז ארויסגעטראָטנ איבער אלע פראגנ.

אינ זײַנע ארויסטרעטונגענ האָט לענינ געגעבנ אנ ענטפער אפ אלע גרונט=פראגנ פונ דער רעוואָליוציע אונ האָט אָנגעמערקט די טאקטיק פונ דער פארטיי. ער האָט אָנגעוויזנ, אז דער קורס אפ א סאָציִאליסטישער רעוואָליוציע מיינט א נײַע פאנאנדערשטעלונג פונ די קלאסנ=קרעפטנ, אז צו דער נײַער רעוואָליוציע וועט דער פראָלעטאריאט גיינ אינ ענגנ בונד מיט דער דאָרפישער אָרעמשאפט, נייטראליזירנדיק דאָס מיטלפויערטומ אונ אנטשיידנ קעמפנדיק קעגנ דער בורזשואזיע, דערונטער אויכ קעגנ דעמ באלעגופנטומ. אלס נאָענטסטע אופגאבע פונ דער פארטיי האָט לענינ ארויסגעשטעלט דעמ לאָזונג: „די גאנצע מאכט די סאָוועטנ!“

לענינ האָט דעמאסקירט די אנטיפארטייִשע פאָזיציע פונ קאמעניעוונ, ריקאָוונ, פיאטאקאָוונ, בוכארינענ אונ דער קליינינקער גרופע אָנהענגער זייערע; נאָכזאָגנדיק די מענשעוויקעס, האָבנ זיי געהאלטנ אינ איינ טײַנע, אז רוסלאנד איז נאָכ ניט רײַפ פאר א סאָציִאליסטישער רעוואָליוציע. די קאָנפערענצ האָט איינמוטיק אָנגענומענ לענינס ליניע, אָנצילנדיק די פארטיי צומ קאמפ פאר דעמ, אז די בורזשואז=דעמאָקראטישע רעוואָליוציע זאָל אריבערוואקסנ אינ א סאָציִאליסטישער רעוואָליוציע.

אפנ גרונט פונ די באשלוסנ פונ דער אפרעל=קאָנפערענצ האָט די פארטיי באָלשעוויקעס פאנאנדערגעוויקלט א קאָלאָסאלע ארבעט אפ פאָליטיש צו דערציִענ אונ אָרגאניזירנ די מאסנ. אינ צענטער פונ דער דאָזיקער ארבעט איז געשטאנענ לענינ מיט זײַנע טרײַע מיטקעמפער — סטאלינ, סווערדלאָוו, מאָלאָטאָוו, אָרדזשאָניקידזע, דזערזשינסקי אונ אנדערע.

לענינס ענערגיע איז געווענ בעעמעס אומדערשעפלעכ. קימאט יעדנ טאָג פלעגנ זיכ אינ דער „פראוודא“ באווײַזנ זײַנע ארטיקלענ, אָפט — עטלעכע אינ איינ נומער. אפילע אינ די טעג, ווענ לענינענ איז אויסגעקומענ צו פירנ א קאָלאָסאלע ארבעט אפ אָנצופירנ מיט דער אפרעל=קאָנפערענצ, — אפילע דעמלט פלעגט די „פראוודא“ ארויסגיינ מיט זײַנע ארטיקלענ. זינט ער איז געקומענ קיינ רוסלאנד אונ ביז די יול=טעג האָט לענינ געהאט אָנגעשריבנ מער ווי 150 ארטיקלענ אונ עטלעכע בראָשורנ.

לענינ פלעגט אָפט ארויסטרעטנ פאר די מאסנ, אפ ארבעטער= אונ סאָלדאטנ=מיטינגענ. עס האָבנ אימ געזענ בא זיכ די פוטילאָווצעס אונ די אָבוכאָווצעס, די סעמיאניקאָווצעס אונ די ארבעטער פונעמ זאוואָד „טרעוגאָלניק“, די ארבעטער פונ אָכטער פולווער=זאוואָד אונ רערנ=זאוואָד, פונעמ אלעקסאנדראָווער מעכאנישנ זאוואָד אונ פונעמ

זאוואָד „אײַוואַז", די ארבעטער פונ דער פאבריק „סקאָראָכאָד" אונ פונעמ זאוואָד פאר וואַגאָנ־בוי, פונ די הויפּט־וואַגאָנווארשטאטנ פונ דער ניקאָלײַעווער אײַזנבאנ (איצט אָקטיאַבער־אײַזנבאנ) אונ פונ אנדערע פעטראָגראַדער אינדוסטריעלע גיגאנטנ. ער איז ארויסגעטראָטנ אפנ I אלרוסלענדישנ צוזאמענפאָר פונ די פויערימ־דעפוטאטנ, אפ דער פעטראָגראַדער קאָנפערענצ פונ די פאבריק־זאוואָדישע קאָמי־טעטנ, אפנ I אלרוסלענדישנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר.

אומגעהײַער גרויס איז געווענ די ווירקונג פונ לענינס רעדנער־קראפט אפ די מאסנ. די קראפט פונ זײַנע רעדעס איז אינ דער אײַזערנער לאָגיק אונ אינעמ אבסאָליוטנ גלויבנ אינ דער גערעכטיקײַט פונ זײַנ זאכ, אינ דער פאָשעטקײַט, קלאָרקײַט, עמעס־דיקײַט. ווי גאָרקי האָט געזאָגט וועגנ לענינען, „זײַנע רייד פלעגנ שטענדיק ארויסרופנ דעמ פיזישנ געפיל פונ אומבאשטרײַטבארנ עמעס"[1].

אײנער אנ ארבעטער דערמאָנט זיכ וועגנ לענינס ארויסטרעטונג אינ פוטילאָווער (איצט קיראָווער) זאוואָד:

„עפעס ווי אומגעריכט, פונעמ אוילעמ ארויס, פונ דער פערציק־טויזנטיקער מאסע האָט ער זיכ אופגעהויבנ אפ דער טריבונע... איכ ווייס ניט, צי וועלנ זיכ געפינענ אזעלכע ווערטער, וואָס זאָלנ קענענ איבערגעבנ יענעמ גרויסנ מיטרײַס, יענע באזונדערע קראפט, מיט וועלכער ער האָט באהערשט אלע, וואָס האָבנ אימ געהערט... דאָס, וואָס עס האָט גערעדט איליטש, האָט מיטגעריסנ אונ אָנגעצונדנ. עס ווערט אוימ שרעק, עס גייט אוועק די מידקײַט. אונ עס האָט זיכ געדוכט, אז עס רעדט ניט אײנ איליטש, נאָר עס רײדנ אלע פערציק טויזנט ארבעטער, זיצנדיק, שטייענדיק, הענגענדיק אינ דער לופט, זאָגנ זײ ארויס זייערע פארבאָרגענע געדאנקענ. עס האָט זיכ געדוכט, אז דאָס אלצ, וואָס ס'איז געווענ אינעמ ארבעטער, האָט אָנגעהויבנ רײדנ מיט דער אײנער שטימ איליטשס. דאָס אלצ, וואָס יעדער אײנער האָט געטראכט, איבערגעלעבט פאר זיכ, נאָר האָט ניט געפונענ די געלעגנהײַט אונ די ווערטער פול אונ קלאָר איבערגעבנ דאָס דעמ כאווער, — דאָס אלצ האָט מיטאמאָל באקומענ א פאָרמ אונ האָט אָנגעהויבנ רײדנ.

עס האָט זיכ געדוכט, אז אָט די גאנצע מאסע האָט געוואָלט עפעס א געשריי טאָנ מיטנ גאנצנ קויעכ"[2].

דאָס פאָשעטע אונ עמעסדיקע לענינישע וואָרט פלעגט ארײַנדרינ־גענ טיפ אינעמ באוווסטזײַנ פונ די פאָלקס־מאסנ.

אינ לענינס ארטיקלענ, פאָרטראָגנ, רעדעס פלעגט די פארטײַ באָלשעוויקעס באקומענ קלאָרע אונ דײַטלעכע דירעקטיוונ פאר איר רעוואָלוציאָנערער ארבעט. די ארבעטער־ אונ סאָלדאטנ־מאסנ האָבנ געפונענ אינ זײ א קלאָרע אונ פארשטענדלעכע דערקלערונג פונ דער באָלשעוויסטישער ליניע, א דעמאסקירונג פונ דער אנטיפאָלקישער

---

1 מ. גאָרקי. וו. אי. לענינ, 1932, ז. 29.

2 „דערציילונגענ פונ ארבעטער וועגנ לענינען", 1934, ז. 37.

פאָליטיק פונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג און פונ דעמ מענשעוויסטיש=עסערישנ בלאָק.

די מענשעוויקעס און עסערנ זײַנענ שטאָל=און=אײַזנ געשטאַנענ פאַר דער בורזשואַזער מאַכט. אויפנ I אַלרוסלענדישנ סאָוועטנ=צוזאַמענפאָר (יונ 1917 יאָר) האָט דער פירער פונ די מענשעוויקעס צערעטעלי דערקלערט, אַז אָנ דער בורזשואַזער מאַכט און אָנ אַ בונד מיט דער בורזשואַזיע וועט די רעוואָליוציע אומקומענ. ער האָט אַקשאָנעסדיק געטײַנעט, אַז אינ רוסלאַנד איז ניטאָ אַזאַ פאַרטיי, וואָס זאָל מאַסקימ זײַנ צו נעמענ די מאַכט אינגאַנצנ. דעמאָלט האָט לענינ פונ אָרט אַ געשריי געטאָנ: „פאַראַנ אַזאַ פאַרטיי!" די דאָזיקע ווערטער האָבנ אַ הילכ געטאָנ, ווי אַ דונער אינמיטנ העלנ טאָג. די פאַרטיי באָלשעוויקעס, האָט לענינ דערקלערט, איז יעדע מינוט „גרייט צו נעמענ די מאַכט אינגאַנצנ... ווײַזט אונדז אַרויס צוטרוי, און מיר וועלנ אײַכ געבנ אונדזער פראָגראַמ"[1].

לענינ האָט דערקלערט פאַרנ צוזאַמענפאָר די פּלאַטפאָרמ פונ די באָלשעוויקעס אינ די גרונט=פראַגנ פונ דער רעוואָליוציע.

דער אײַנפלוס פונ די באָלשעוויקעס אויפ די מאַסנ איז געוואַקסנ וואָס פונ טאָג. די באָלשעוויקעס האָבנ אָנגעהויבנ גרייטנ אַ דעמאָנסטראַציע פונ זייערע קויכעס, צופּאַסנדיק זי צו דער צײַט פונעמ צוזאַמענפאָר פונ די סאָוועטנ. די דעמאָנסטראַציע איז געווענ באַשטימט אויפנ 10 (23) יונ. אַלצ איז געווענ גרייט. אָבער דעמ 9 (22) יונ האָט דער סאָוועטנ=צוזאַמענפאָר, וואָס האָט זיכ געפונענ אונטערנ אײַנפלוס פונ די מענשעוויקעס און עסערנ, פאַרווערט די דעמאָנסטראַציע. גײנ קעגנ דעמ דאָזיקנ באַשלוס האָט באַטײַט אָוועקשטעלנ די אייגענע קאַדרענ אינ געפאַר פונ צעגראַמירט ווערנ. אינ דער נאַכט אויפנ 10 יונ נעמט דער צק פונ די באָלשעוויקעס אָנ אַ באַשלוס וועגנ אַפּשאַפנ די דעמאָנסטראַציע. דער דאָזיקער באַשלוס ווערט טייקעפ און אָרגאַניזירטערהייט דורכגעפירט אינ לעבנ; אַזוי גרויס איז געווענ די בייגעוודיקייט און אָרגאַניזירטקייט פונ דער פאַרטיי, וואָס לענינ האָט דערצויגנ.

די מענשעוויסטיש=עסערישע אָנפירונג פונעמ סאָוועטנ=צוזאַמענפאָר און דער אויספירקאָמ פונעמ פעטראָגראַדער סאָוועט זײַנענ אונטערנ דרוק פונ די מאַסנ געווענ געצוווּנגענ אַליינ צו באַשטימענ אַ דעמאָנסטראַציע אויפנ 18 יונ (1 יול). אינ דעמ טאָג איז אַ האַלבמיליאָניקע מאַסע פעטראָגראַדער אַרבעטער און סאָלדאַטנ אַרויס אויפ די גאַסנ, אָבער ניט אונטער די מענשעוויסטיש=עסערישע, נאָר אונטער די באָלשעוויסטישע פאָנענ.

פונ אַלע עקנ לאַנד, פונ די פאַבריקנ און זאַוואָדנ, פונ די שאַכטעס און אַרצגרובנ, פונ די דערפער און שוצגראָבנס, זײַנענ צו לענינענ געגאַנגענ ווערטער פונ סימפּאַטיע, שטיצע און הייסער ליבע. צו אימ פלעגט מענ זיכ ווענדנ מיט די פראַגעס: „וויאַזוי זשע ענדיקט מענ די מילכאָמע", מע פלעגט אימ בעטנ מיטיילנ זײַנ „מיי=

1 לענינ. ווערק, ב. XX, ז. 482.

נונג וועגנ דער אגראר-פראגע און וועגנ דער לאגע אפנ פראנט", צושיקנ „די פראגראמ מיט דערקלערונגענ" אהער. א גרופע סאלדאטנ האט געשריבנ צו לענינענ: „די גאנצע צײט האלט מענ אינ אײנ טײנע אונדז, אז איר זײט א סוינע פונ פאלק און פונ רוסלאנד אהער. אבער די סאלדאטנ גלייבנ ניט אינ דעמ אלעמ און סימפאטיזירנ אײַכ". און אט איז א צווייטער בריוו פונ פראנטאוויקעס: „באיזער, פרײַנט לענינ. געדענק, אז מיר סאלדאטנ (פונ דעמ און דעמ פאלק) זײַנענ אלע, ווי אײנער, גרייט צו גײנ נאכ דיר אומעטומ און אז דײַנ אידײ דריקט ווירקלעכ אויס דעמ ווילנ פונ די פויערימ אינ ארבעטער"[1].

לענינ האט אקשאנעסדיק און אומדערמידלעכ געשמידט די פאליטישע ארמײ פונ דער רעוואליוציע, זארגפעליק גרייטנדיק זי צו די פארשטײענדיקע שלאכטנ, געניט אויסמײַדנדיק א פריצײַטיקנ צוזאמענשטויס. ווענ די ארבעטער און סאלדאטנ זײַנענ אינ פעטראגראד דעמ 3—4 (16—17) יול ארויסגעטראטנ מיט דער פאדערונג, די גאנצע מאכט זאל אריבערגײנ צו די סאוועטנ, האבנ די באלשעוויקעס אנגענומענ אלע מיטלענ, קעדיי צוצוגעבנ דער באוועגונג א פרידלעכנ און ארגאניזירטנ כאראקטער. דאס האט זיכ די באלשעוויקעס אײַנגעגעבנ. מײַסטערהאפט מאנעווריִרנדיק, האבנ לענינ און סטאלינ ניט דערלאזנ צו קײנ פריצײַטיקער שלאכט אינ אומגינסטיקע באדינגונגענ, זיי האבנ ניט געלאזט די בורזשואזיע דערטרינקענ אינ בלוט די באוועגונג פונ די ארבעטער און פויערימ.

אויסגענוצט די יולער געשעענישנ, איז די קאנטררעוואליוציע אריבער אינ אנגריפ. די פארטײ באלשעוויקעס האט מענ אנגעהויבנ גראמירנ, אירע אקטיווע טוער — ארעסטירנ. אפנ נעווסקי פראספעקט האבנ די יונקערס דערהארגעט דעמ ארבעטער דעמ באלשעוויק וואינאוו, וואס האט פארשפרייט דעמ „ליסטאק פראוודי". אינ דער נאכט אפנ 5 (18) יול האבנ די יונקערס צעגראמירט די רעדאקציע פונ דער „פראוודא". בלויז צופעליק איז לענינ געבליבנ גאנצ: ער האט פארלאזנ די רעדאקציע מיט א האלבער שעה פארנ באנדיטישנ אנפאל.

קעגנ דער פארטײ באלשעוויקעס און אירע אנפירער האט זיכ אויפגעהויבנ א ווילדע העצע. קעגנ לענינענ האט מענ ארויסגעשטעלט א רעכילעסדיקע באשולדיקונג אינ שפיאנאזש לעטויוועס דײַטשלאנד, צונויפגעשטוקעוועט אפנ גרונט פונ „באווײַזנ" פונ פראוואקאטאר. אינ דעמ דאזיקנ געהויל פונ די סאנימ פונ דער רעוואליוציע האט אבער לענינ געזענ בלויז א באווײַז פונ דעמ, אז ער איז גערעכט. ער האט ליב געהאט איבערצוכאזערנ נעקראסאווס ווערטער:

אונדז טוט דערפרייענ און באלוינענ
ניט זיסער רויש פונ ליב-געזאנג,
נאר ווילדער האס-געשריי פונ סוינע!

די צײַטווײַליקע רעגירונג האט ארויסגעגעבנ א באפעל וועגנ ארעסטירנ לענינענ. פאר לענינס קאפ האט מענ צוגעזאגט גרויסע געלט.

1 ד. אי. און מ. אי. אוליאנאווס. וועגנ לענינענ, 1934, ז. 81, 82.

נאָכ אינ יונ האָט די בורזשואַזע „ליגע פונ קאַמפ קעגנ באָלשעוויזמ" אַרויסגעטראָגנ א באַשטימונג: דערהאַרגענענ לענינען. אונ איצט האָבנ יונקערס, אָפיצערנ, שפּיקנ אונ פּראָוואָקאַטאָרנ אומעטומ גענישטערט, זוכנדיק לענינען.

די פּאַרטיי אָבער, וואָס איז אַליינ אַריבער אינ אונטערערד, האָט באַהאַלטנ אויכ איר פירער לענינ אינ טיפער אונטערערד.

אינ אײַנהײמישנ לענינס לעבנ איז באַזונדערס גרויס דער פאַרדינסט פונ סטאַלינענ אונ סווערדלאָוונ. ווענ די יונקערס האָבנ זיכ דעמ 7 (20) יול אַרײַנגעריסנ אינ דער דירע, וווּ עס האָט געוווינט לענינ, איז ער שוינ דאָרט ניט געווענ. דעמ 5 (18) יול האָט אימ סווערדלאָוו געוואָרנט וועגנ דער דראָענדיקער געפאַר. דעמ זעלבנ פרימאָרגנ איז לענינ פאַרשווּנדנ. אינ מעשעכ פונ צוויי טעג פלעגט ער קעסיידער אַריבערגײַנ פונ אײַנ דירע אינ א צווייטער. דעמ 6 (19) יול האָט ער זיכ באַטייליקט אינ דער זיצונג פונעמ פּעטראָגראַדער פּאַרטיי-קאָמיטעט, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ דעמ וועכטער-בײַדל פונ זאַוואָד רענאָ.

דעמ 7 (20) יול איז שוינ לענינ געווענ אינ א מער זיכערנ אָרט — אינ דער דירע פונ דעמ אַלטנ באָלשעוויק דעמ אַרבעטער אַלילויעוו. לענינענ האָט מענ באַזעצט אינ דעמ זעלבנ צימער, וווּ עס האָט שפּעטער, פונ אויגוסט ביז אָקטיאַבער 1917 יאָר, געוווינט סטאַלינ.

אָבער דאָ איז אויכ געווענ ניט קײנ זיכער אָרט. אינ דער נאַכט פונ 11 (24) אַפנ 12 (25) יול האָט כאַווער סטאַלינ אַריבערגעשיקט לענינענ אַפ דער סטאַנציע ראַזליוו צו א צווייטנ אַרבעטער. פאַרנ אַריבערפאָרנ האָט לענינ אײַנגאַנצנ אָפּגעגאָלט די באָרד, אונטערגעשוירנ די וואָנצעס אונ די האָר, אַזוי אַז מע האָט אימ ניט געקאָנט דערקענענ. אַפ דער סטאַנציע ראַזליוו האָט זיכ לענינ צוערשט אויסבאַהאַלטנ אַפ א בוידעמ פונ א שטאַל. אינ עטלעכע טעג אַרומ האָט ער זיכ באַזעצט אינ א בײַדל הינטער דער אָזערע ראַזליוו. סאָפ אויגוסט, ווענ ס'איז געוואָרנ קאַלט, האָט כאַווער סטאַלינ אָרגאַניזירט, אַז לענינ זאָל אַריבערפאָרנ קיינ פינלאַנד. אינ א פאַבריק, מיט א דאָקומענט אַפנ נאָמענ פונ אַנ אַרבעטער, איז לענינ, פאַרשטעלט פאַר א הייצער, אַריבערגעפאָרנ אַפ א לאָקאָמאָטיוו די פינליאַנדישע גרענעצ אונ האָט זיכ באַזעצט צוערשט אינעמ דערפל יאַלקאַלא אונ דערנאָכ אינ העלסינגפאָרס. באַוואַכנ זײַנ לעבנ איז אָנגעטרויט געוואָרנ די פינישע באָלשעוויקעס.

נאָכ די יולער געשעענישנ איז די רעוואָליוציע אַריבער אינ א נײַער פאַזע. דער פרידלעכער פּעריאָד פונ דער רעוואָליוציע האָט זיכ געענדיקט. אַפנ טאָג-סדער איז געשטעלט געוואָרנ דער באַגנעט. די פּאָליטישע סיטואַציע אינעמ לאַנד האָט זיכ שאַרפ געענדערט. די צווייִמאַכט האָט זיכ געענדיקט. די גאַנצע מאַכט איז אַריבער צו דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער צײַטווײַליקער רעגירונג אינ די הענט. די סאָוועטנ זײַנענ געוואָרנ א צוגאָב צו דער דאָזיקער רעגירונג. די מענשעוויקעס אונ די עסערנ, וואָס בײַ זיי אינ די הענט האָבנ זיכ געפונענ

די סאָוועטנ, האָבנ זיכ ענדגילטיק פארוואַנדלט אינ אָפּענע מיטהעלפּער פונ דער קאָנטררעוואָליוציע.

דער גרויסער מײַסטער פונ רעוואָליוציאָנערער טאַקטיק — לענינ האָט פאַרגעלייגט צײַטווײַליק אראָפּנעמענ דעמ לאָזונג „די גאַנצע מאַכט — די סאָוועטנ!" נאָכנ 3—4 יול, האָט ער געזאָגט, וואָלט דער דאָזיקער לאָזונג אָביעקטיוו באַטײַט — אָפּנאַרנ דאָס פאָלק, אײַנבילדנ אימ איליוזיעס, אַז די מענשעוויסטיש-עסערישע סאָוועטנ קאָנענ קלויערשט נאָכ איצט אויכ נעמענ די מאַכט. לענינ האָט אָנגעוויזנ, אַז נאָכ דער דערפאַרונג פונ יול 1917 יאָר „דאַרפ" דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט „זעלבשטענדיק נעמענ אינ זײַנע הענט די מעלוכע-מאַכט — אָנ דעמ קאָנ ניט זײַנ קיינ זיג פונ דער רעוואָליוציע" [1].

פאַרלייגנדיק צײַטווײַליק אראָפּנעמענ דעמ לאָזונג „די גאַנצע מאַכט — די סאָוועטנ!", האָט לענינ געוואָרנט, אַז דאָס באַטײַט קלאָל ניט אָפּזאָגנ זיכ פונ קאַמפּ פאַר דער מאַכט פונ די סאָוועטנ.

„סאָוועטנ, — האָט געשריבנ לענינ, — קאָנענ און וועלנ מוזנ אויפקומענ אינ אָט דער נײַער רעוואָליוציע, אָבער ניט די איצטיקע סאָוועטנ, ניט די אָרגאַנענ פונ פשאָרעמאַכערײַ מיט דער בורזשואַזיע, נאָר אָרגאַנענ פונ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפּ קעגנ איר. אַז מיר וועלנ אויכ דעמלט זײַנ פאַר אויפבויענ די גאַנצע מעלוכע לויטנ טיפּ פונ סאָוועטנ, דאָס איז אַזוי. דאָס איז ניט קיינ פראַגע וועגנ סאָוועטנ ביכלאַל, נאָר א פראַגע וועגנ קאַמפּ קעגנ דער געגעבענער קאָנטררעוואָליוציע און קעגנ דער פאַרעטערײַ פונ די געגעבענע סאָוועטנ" [2].

קעדיי אויסצואַרבעטנ א נײַע טאַקטיק און נײַע לאָזונגענ, איז אינ פּעטראָגראַד זיכ צונויפגעקומענ דער VI צוזאַמענפאָר פונ דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס, ער האָט זיכ געעפנט דעמ 26 יול (8 אווגוסט). לענינענ, וואָס האָט זיכ געפונענ אינ אונטערערד, האָט דער צוזאַמענפאָר אויסגעוויילט פאַר זײַנ ערנ-פאָרזיצער. לענינ האָט פונ אונטערערד אָנגעפירט מיטנ צוזאַמענפאָר דורכ זײַנע מיטקעמפער — סטאַלינ, סווערדלאָוו, מאָלאָטאָוו, אָרדזשאָניקידזע. ער האָט אָנגעמערקט די טעזיסנ איבער די גרונט-פראַגנ פונעמ צוזאַמענפאָר. דירעקט אָנגעפירט מיטנ צוזאַמענפאָר האָט דער כאַווער סטאַלינ. כאַווער סטאַלינ האָט אינ זײַנע פאָרטראָגנ קלאָר, אפּ א לענינישנ אויפנ פאָרמולירט די אויפגאַבנ און די טאַקטיק פונעמ קאַמפּ, וואָס די פּאַרטיי דאַרפ פירנ אפנ נײַעמ עטאַפּ פונ דער רעוואָליוציע.

דער צוזאַמענפאָר האָט אראָפּגענומענ דעמ לאָזונג „די גאַנצע מאַכט — די סאָוועטנ!" און האָט ארויסגעשטעלט דעמ לאָזונג — צוגרייטנ א באַוואָפנטנ אויפשטאַנד, דעמ לאָזונג — דער פּראָלעטאַריאַט אינ בונד מיטנ אָרעמסטנ פויערטומ דאַרפ נעמענ די מאַכט מיט גוואַלט.

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXI, ז. 38.
2 דאָרטנ.

דער צוזאַמענפֿאָר האָט געגעבנ אַנ אַנטשיידענעמ ווידערשטאַנד די טראָצקיסטישע אַרויסטרעטונגענ פֿונ די אָפּאָרטוניסטנ. זיי זײַנענ אַרויסגעטראָטנ קעגנ דעמ קורס פֿונ דער פּאַרטיי אַפֿ אַ באַוואָפֿנטנ אופֿשטאַנד, קעגנ דער דיקטאַטור פֿונעמ פּראָלעטאַריאַט אונ קעגנ דער לעניניסטישער לערע וועגנ דער מעגלעכקייט פֿונעמ זיג פֿונעמ סאָציאַליזמ בײַ אונדז אינ לאַנד.

דער צוזאַמענפֿאָר האָט אויסגעפֿילט די אָנווײַזונגענ פֿונ זײַנ פֿירער, — ער האָט אָנגעצילט די פּאַרטיי אַפֿ אַ באַוואָפֿנטנ אופֿשטאַנד, אַפֿ אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

אַפֿנ סמאַך פֿונ באַווײַזנ פֿונ שפּיאָנענ אונ פּראָוואָקאַטאָרנ איז ניט לאַנג פֿאַרנ VI פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר מיצאַד דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער צײַטווײַליקער רעגירונג פֿאַבריצירט געוואָרנ קעגנ וולאַדימיר איליטשנ אַנ אומגעלומפּערטע פּראָוואָקאַטאָרישע באַשולדיקונג אינ „מעלוכע-פֿאַראַט“. די רעגירונג האָט אָנגענומענ אַ באַשלוס אַרעסטירנ לענינענ אונ איבערגעבנ אימ צומ געריכט. דער דאָזיקער שריט פֿונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג האָט אַרויסגערופֿנ אַ כוואַליע פֿונ צאָרנ אונ פּראָטעסט מיצאַד די ברייטע מאַסנ אַרבעטער אונ רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטנ.

קאַמענעוו, טראָצקי, ריקאָוו אונ אַנדערע האָבנ נאָכ פֿאַרנ צוזאַמענפֿאָר געהאַלטנ, אַז לענינ דאַרפֿ זיכ שטעלנ צומ געריכט, האָטש עס איז געווענ קלאָר, אַז דער דאָזיקער „געריכט“ וועט ברענגענ דערצו, אַז מע וועט זיכ פֿיזיש אָפּרעכענענ מיטנ פֿירער פֿונ דער רעוואָלוציע. כאַווער סטאַלינ האָט קאַטעגאָריש דערווידערט קעגנ דעמ, אַז לענינ זאָל זיכ שטעלנ צומ געריכט.

דער VI פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר, וואָס האָט ספּעציעל באַהאַנדלט די דאָזיקע פֿראַגע, האָט זיכ אַרויסגעזאָגט קעגנ דעמ, אַז לענינ זאָל זיכ שטעלנ צומ געריכט, ווײַל ער האָט געהאַלטנ, אַז דאָס וועט זײַנ ניט קיינ געריכט, נאָר אַ מאָרד. דער צוזאַמענפֿאָר האָט דערקלערט אַ פּראָטעסט קעגנ דער בורזשואַז-פּאָליציייִשער העצע, וואָס האָט זיכ געפֿירט קעגנ די פֿירער פֿונעמ רעוואָלוציאָנערנ פּראָלעטאַריאַט, אונ האָט געשיקט אַ באַגריסונג לענינענ.

אינ אונטערערד האָט לענינ אַפֿ קיינ איינ מינוט ניט איבערגעריסנ זײַנ קאַמפֿס-טעטיקייט. ער האָט אונטערגעהאַלטנ אַנ ענגע פֿאַרבינדונג מיטנ צק פֿונ דער פּאַרטיי. ער האָט געשריבנ אַ סאַכ אַרטיקלענ, וועלכע זײַנענ געדרוקט געוואָרנ אינעמ צענטראַל-אָרגאַנ פֿונ דער פּאַרטיי. אינ מעשעכ פֿונ דער צײַט, וואָס ער איז דאָס לעצטע מאָל געווענ אינ אונטערערד — פֿונ יול ביז אָקטיאַבער — האָט לענינ אָנגעשריבנ מער ווי 60 אַרטיקלענ, בראָשורנ אונ בריוו. דער פּראָלעטאַריאַט האָט געהערט די שטימ פֿונ זײַנ פֿירער, האָט געפֿילט זײַנ אָנפֿירונג.

לענינ איז געווענ אײַזנפֿעסט איבערצײַגט אינעמ זיג פֿונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, אינ דעמ, אַז די מאַכט וועט איבערגייענ צומ פּראָלעטאַריאַט אינ די הענט. אָרדזשאָניקידזע, וואָס האָט באַזוכט לענינענ, ווענ ער האָט זיכ אויסבאַהאַלטנ אינעמ בײַדל,

דערמאָנט זיכ, וואָס פאַר אַנ אומפאַרגעסלעכנ איינדרוק עס האָבנ אַפ אים געמאַכט לענינס ווערטער, אַז ניט שפּעטער פונ סענטיאַבער—אָקטיאַבער וועט זיינ אַנ אופשטאַנד. „נאָכ מער האָט מיכ איבערראַשט דאָס, — דערציילט סערגאָ, — וואָס, ווענ איכ האָב איבערגעגעבנ די ווערטער פונ איינעמ אַ כאַווער..., אַז ניט שפּעטער פונ אווגוסט—סענטיאַבער וועט די מאַכט אַריבערגייִנ צו די באָלשעוויקעס אונ אַז דער פאָרזיצער פונ דער רעגירונג וועט זיינ לענינ, האָט איליטש מיט אַבסאָליוטער ערנסטקייט געענטפערט: „יאָ, אַזוי וועט עס זיינ““ [1].

אינ אונטערערד, געפינענדיק זיכ אינ שטענדיקער געפאַר, אַז עס וועלנ אים פאַקנ די שפּיר=הינט פונ דער צייטווייליקער רעגירונג, האָט לענינ טיפ דורכגעטראַכט אונ אַלזייטיק פאַנאַנדערגעאַרבעט די פראַגע וועגנ מלוכע, וועגנ די יעסוידעס פונ דער פּאָליטיק פונ דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט אונ פונ די ערשטע פּראַקטישע מאַכט=מיטלענ. דער רעזולטאַט פונ לענינס גיגאַנטישער טעאָרעטישער אַרבעט זיינענ געווענ זיינע ווערק: „מלוכע אונ רעוואָלוציע“, „די דראָענדיקע קאַטאַסטראָפע אונ וויאַזוי מע דאַרפ קעמפנ קעגנ איר“, „צי וועלנ די באָלשעוויקעס איינהאַלטנ די מלוכע=מאַכט?“.

אינעמ גענויאַלנ בוכ „מלוכע אונ רעוואָלוציע“ האָט לענינ פריער פונ אַלצ אופגעשטעלט די עמעסע לערע פונ מאַרקס אונ ענגעלס וועגנ מלוכע. לענינ האָט זיכ אָבער דערמיט ניט באַגרענעצט. שטיצנדיק זיכ אַפ דער דערפאַרונג פונ די רוסישע רעוואָלוציעס פונ די יאָרנ 1905 אונ 1917, האָט ער אינ אָט דער אַרבעט אונ אינ אַנדערע אַרבעטנ ווייטער אַנטוויקלט דעמ מאַרקסיזמ אינ די פראַגנ פונ מלוכע אונ דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט. לענינ האָט אָנגעוויזנ, אַז די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט קאָנ ניט זיינ קיינ דעמאָקראַטיע פאַר אַלעמענ, אי פאַר די רייכע, אי פאַר די אָרעמע. די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט דאַרפ זיינ א „מלוכע אַפ א נ ײ ע מ א ו י פ נ א דעמאָקראַטישע (פאַר די פּראָלעטאַריער אונ פאַר די אומפאַרמעגלעכע בכלל) אונ אַפ א נ ײ ע מ א ו י פ נ א דיקטאַטאָרישע (קעגנ דער בורזשואַזיע)“ [2]. ווייטער האָט לענינ באַוויזנ, אַז די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט קאָנ ניט אַנטשטייִנ אַלצ רעזולטאַט פונ פרידלעכער אַנטוויקלונג פונ דער בורזשואַזער געזעלשאַפט — זי קאָנ אַנטשטייִנ נאָר אַלצ רעזולטאַט פונ א געוואַלט=רעוואָלוציע פונעמ פּראָלעטאַריאַט, אינ רעזולטאַט פונ צ ע ב ר ע כ נ די בורזשואַזע מלוכע=מאַשינ. ער האָט פאָרמולירט די אופגאַבנ פונעמ אַרבעטער=קלאַס אַפנ געביט פונ שאַפנ זיינ מלוכע=אַפּאַראַט, האָט פעסטגעשטעלט די עקאָנאָמישע יעסוידעס פונעמ אָפּשטאַרבנ פונ דער מלוכע, האָט אופגעדעקט די גרונט=שטריכנ פונ די צוויי פאַזעס אינ דער אַנטוויקלונג פונ דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

לענינ האָט געהאַלטנ, אַז זיינ אַרבעט וועגנ מלוכע האָט א קאָלאָסאַלע באַדייטונג, האָט ער אָנגענומענ מיטלענ אַפ איינצוהיטנ פאַר

1 ג. ק. אָ ר ד ז ש אָ נ י ק י ד ז ע. אויסגעוויילטע אַרטיקלענ אונ רעדעס, 1939, ז. 214.

2 ל ע נ י נ. ווערק, ב. XXI, ז. 393.

דער פארטיי די דאָזיקע ארבעט. ער האָט געשריבנ צו דער פארטיי-אָנפירונג, אז אויב די אגענטנ פונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג וועלנ אימ דערהארגענענ, דארפ מענ אָנעמענ אלע מיטלענ צו פארעפנטלעכנ דאָס העפט „מארקסיזמ וועגנ מעלוכע", וואָס איז געווענ איבערגעלאָזנ אינ שטאָקהאָלמ. ווענ לענינ איז אומלעגאל אריבערגעפאָרנ קיינ פינלאנד, האָט ער דעמ מאנוסקריפט פונעמ בוכ „מעלוכע אונ רעוואָליוציע" איבערגעגעבנ דעמ כאווער, וואָס האָט אימ באגלייט, אונ אינ פאל, אויב לענינ וועט ארעסטירט ווערנ, איז אָט דער כאווער מעכויעוו געווענ איבערצוגעבנ דעמ דאָזיקנ מאנוסקריפט סטאלינענ.

לענינ האָט זיכ געקליבנ אָנצושרײַבנ דעמ צווייטנ טייל פונ זײַנ בוכ, ווו ער האָט בעדייע געהאט אונטערצוציִענ די הויפט-סאכאקלענ פונ דער דערפארונג פונ די רוסישע רעוואָליוציעס אינ די יאָרנ 1905 אונ 1917, פאראלגעמיינערנ די דערפארונג פונ דער סאָוועטנמאכט. דער פלאנ פונ אָט דער ארבעט איז שוינ געווענ צונויפגעשטעלט. „אָבער כוץ דעמ קעפל, — האָט לענינ געשריבנ אינעמ נאָכוואָרט צו דער ערשטער אויפלאגע פונעמ בוכ, — האָב איכ ניט באוויזנ אָנצושרײַבנ קיינ איינ שורע פונ דעמ דאָזיקנ קאפיטל: „געשטערט" האָט דער פאָליטישער קריזיס, דער ערעוו פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע פונ 1917 יאָר. מיט אזא „שטערונג" קאָנ מענ זיכ נאָר פרייענ. אָבער דאָס צווייטע העפט פונ דער בראָשור (געווידמעט דער „דערפארונג פונ די רוסישע רעוואָליוציעס פונ די יאָרנ 1905 אונ 1917") וועט, ווײַזט אויס, אויסקומענ אָפּלייגנ אפ לאנג; ס'איז אָנגענעמער אונ נוצלעכער דורכצומאכנ „די דערפארונג פונ א רעוואָליוציע", איידער צו שרײַבנ וועגנ איר"[1]. דער טויט האָט לענינענ ניט געגעבנ די מעגלעכקײַט צו פארענדיקנ די אָנגעמערקטע ארבעט.

לענינ האָט פאנאנדערגעארבעט די עקאָנאָמישע פלאטפאָרמ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אפנ ערשטנ פעריִאָד פונ איר עקזיסטענצ. ער האָט זי פאָרמולירט אינ דער בראָשור: „די דראָענדיקע קאטאסטראָפע אונ וויאזוי 'מע דארפ קעמפנ קעגנ איר". די זעלבסטהערשונג אונ די בורזשואזיע, האָט לענינ געשריבנ, האָבנ געבראכט דאָס לאנד צומ ראנד פונ אָפגרונט. דאָס ראטעווענ ס'לאנד פונעמ אומקומ, די פארפעסטיקונג פונ זײַנ שוצפײַקײַט, די בויונג פונעמ סאָציאליזמ — דאָס אלצ איז ענג אונ אָרגאניש פארבונדנ צווישנ זיכ. ראטעווענ דאָס לאנד קאָנ מענ נאָר מיט רעוואָליוציאָנערע מיטלענ, אונ אזוינע זײַנענ: אײַנפירנ ארבעטער-קאָנטראָל איבער דער פראָדוקציע אונ איבער דער פארטיילונג פונ די פראָדוקטנ, נאציאָנאליזירנ די בענק אונ פארייניקנ זיי אינ איינ מעלוכע-באנק, נאציאָנאליזירנ די סינדיקאטנ אונ אפ א צוואנגס-אויפנ סינדיצירנ די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ, אָפשאפנ די קאָמערציעלע סודעס, פארייניקנ די באפעלקערונג אינ געברויכ-געזעלשאפטנ. דאָס זײַנענ די ערשטע טריט

---

1 לענינ, ווערק, ב. XXI, ז. 455.

אפנ וועג פונ סאָציאליסטישער בויונג. מע קאָנ ניט גיינ פאָרויס, אויב מע האָט מוירע צו גיינ צומ סאָציאליזמ.

די דאָזיקע מאָסמיטלענ, האָט געזאָגט לענינ, וועלנ ווירטשאפטלעכ באנייענ, ראדיקאל ענדערנ רוסלאנד, וועלנ שאפנ די מאטעריעלע באזע פארנ מאסנ-העראָיזמ פונעמ פאָלק. אָנ דעמ גרעסטנ העראָיזמ פונעמ פאָלק, וואָס פארווירקלעכט דרייסט אונ אנטשיידנ די גרויסע עקאָנאָמישע איבערגעשטאלטונגענ, קאָנ מענ ניט מאכנ דאָס לאנד שוצפייִק. מע קאָנ אָבער ניט ארויסרופנ קיינ העראָיזמ אינ די מאסנ, אויב מע רייסט ניט איינ מיטנ אימפעריאליזמ, מיט דער אימפעריאליסטישער פאָליטיק, מיט דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. בלויז אזא אנטשיידענער איינרייס איז אימשטאנד צו ראטעווענ די רעוואָליוציע אונ דאָס לאנד, וואָס איז פארקלעמט אינ די אייזערנע צוואנגענ פונעמ אימפעריאליזמ. אפ אזוינע רעוואָליוציאָנערע מאָסמיטלענ איז פייִק בלויז דער סאמע רעוואָליוציאָנערער קלאס — דער פראָלעטאריאט, וואָס שטייט בא דער מאכט. אונ לענינ ווארפט דרייסט דעמ לאָזונג:

„די רעוואָליוציע האָט אָפגעטאָנ דאָס, אז אינ מעשעכ פונ עטלעכע כאדאָשימ האָט רוסלאנד לויט זיינ פאָליטישער אָרדענונג דעריאָגט די פאָרגעשריטענע לענדער.

דאָס איז אָבער ווייניק. די מילכאָמע איז אומדערבארעמדיק, זי שטעלט די פראגע מיט אָנראכמאָנעסדיקער שארפקייט: אָדער אומקומענ, אָדער דעריאָגנ די פאָרגעשריטענע לענדער אונ אריבעריאָגנ זיי אויכ עקאָנאָמיש...

אומקומענ, אָדער מיטנ גאנצנ אימפעט זיכ לאָזנ פאָרויס. אזוי איז די פראגע געשטעלט דורכ דער געשיכטע“[1].

דאָס איז געווענ א פראָגראמ ווי אזוי צו ראטעווענ דאָס לאנד אונ די רעוואָליוציע פונ אומקומ, א פראָגראמ פונ איינשטעלנ די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ בויענ דעמ סאָציאליזמ בא אינדזנ אינ לאנד.

אינעמ ארטיקל „צי וועלנ די באָלשעוויקעס איינהאלטנ די מעלוכע-מאכט?“ האָט לענינ פאנאנדערגעארבעט א פלאנ פונ די ערשטע מאָסמיטלענ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אפנ געביט פונ בויענ אונ פארפעסטיקנ די סאָוועטישע מעלוכע. ער האָט געמאכט טיל-מעל פונ אלע סאָנימ פונ דער רעוואָליוציע, וואָס האָבנ געוואָלט אָנשרעקנ דאָס פאָלק דערמיט, אז די באָלשעוויקעס וועלנ זיכ ניט איינהאלטנ בא דער מאכט אפילע קיינ צוויי וואָכנ. לענינ האָט אויסגעדריקט זיינ אבסאָליוטע זיכערקייט אינ דעמ, אז „עס וועט זיכ ניט געפינענ יענע קראפט אפ דער ערד, וואָס וואָלט געקאָנט שטערנ די באָלשעוויקעס איינהאלטנ די מאכט ביזנ זיג פונ דער אלוועלטלעכער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע, אויב זיי וועלנ זיכ ניט לאָזנ אָנשרעקנ אונ וועלנ קענענ נעמענ די מאכט“[2].

1 לענינ, ווערק, ב. XXI, ז. 191.
2 דאָרטנ, ז. 279.

לענינ האָט וואַכזאַמ נאָכגעשפּירט נאָכ דער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציע, ער האָט געוואָרנט די מאסנ, אז עס גרייט זיכ א קאָנטררעוואָליוציאָנערע פארשווערונג. ער האָט גערופנ די ארבעטער אונ פויערימ צו אויסגעהאַלטנקייט, וואַכזאַמקייט אונ מאָביליזיר-גרייטקייט. לענינ האָט אָנגעוויזנ, אז די מאַכט איז אריבער צו א מיליטערישער באַנדע, אז די בורזשואַזיע זוכט אינטענסיוו א מיליטערישנ דיקטאַטאָר „צו ראַטעווענ רוסלאַנד“, ד. ה. צו ראַטעווענ איר מאַכט, איר אייגנטומ אונ אירע פּריווילעגיעס.

לויט דער אָנווייזונג פונ די רוסלענדישע אונ אויסלענדישע אימפּעריאַליסטנ האָט דער גענעראַל קאָרנילאָוו אופגעהויבנ דעמ 25 אווגוסט א בונט, קעדיי צו דערשטיקנ די רעוואָליוציע אונ אופצושטעלנ אינ לאַנד דעמ צאַריזמ. דער צק פונ דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, מיט וועלכנ עס האָט אינ דעמ האַזיקנ פּעריאָד אומיטלבאַר אָנגעפירט באַוועג סטאַלינ, האָט זיכ געווענדט צו די ארבעטער, סאָלדאַטנ אונ מאַטראָסנ מיט א רופ צו פאַרטיידיקנ די רעוואָליוציע. קאָרנילאָוו איז צעקלאַפּט געוואָרנ.

די ארבעטנדיקע האָבנ זיכ נאָכ מער איבערצייגט, אז די פּאַרטיי באָלשעוויקעס איז די איינציקע פּאַרטיי, וואָס שטייט אפ דער וואַכ פונ די אינטערעסנ פונעמ פאָלק. די פאָלקס-מאסנ האָבנ שאַרפ א קער געטאָנ צו די באָלשעוויקעס. דאָס מיטל-פויערטומ, וואָס אינעמ פּעריאָד פונ אַפּרעל ביז אווגוסט האָט זיכ עס נאָכ געוואַקלט, האָט גענומענ אָנשליסנ זיכ צו דער דאָרפישער אָרעמשאַפט. די מענשעוויקעס אונ עסערנ האָבנ אָנגעוואָרנ זייער איינפלוס אפ די מאסנ. עס האָט זיכ אָנגעהויבנ די באָלשעוויזירונג פונ די סאָוועטנ. אזוינע אנטשיידנדיקע סאָוועטנ, ווי דער פּעטראָגראַדער אונ דער מאָסקווער, זיינענ אָנהייב סענטיאַבער שוינ געווענ אינ די הענט בא די באָלשעוויקעס. מיט דער צעגראָמירונג פונ דער קאָרנילאָווטשינע האָט זיכ אָנגעהויבנ א נייער פּעריאָד אינ דער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציע — דער פּעריאָד פונ אָרגאַניזירנ דעמ שטורעמ.

די געשעענישנ האָבנ זיכ אנטוויקלט פונקט אזוי, ווי עס האָט פאָרויסגעזעענ לענינ.

לענינ האָט קלאָר געזעענ דעמ גאַנצנ גאַנג פונ דער רעוואָליוציע, די באַוועגונג פונ די קלאַסנ, די קאַוואָנעס פונ די סאָנימ, וואָס האָבנ געהיימ געגרייט א צווייטע קאָרנילאָווישע פאַרשווערונג. ער האָט פאַרשטאַנענ, אז די רעוואָליוציע איז אינ איר אנטוויקלונג צוגעקומענ הארט צומ באַוואָפנטנ אופשטאַנד.

צווישנ דעמ 12—14 (25—27) סענטיאַבער שרייבט לענינ די היסטאָרישע בריוו צומ צענטראַל-קאָמיטעט, צומ פּעטראָגראַדער אונ צומ מאָסקווער קאָמיטעטנ פונ די באָלשעוויקעס: „די באָלשעוויקעס דאַרפנ נעמענ די מאַכט“ אונ „מאַרקסיזמ אונ אופשטאַנד“. אינ זיי לייגט ער פאָר דעמ צק „שטעלנ אינ טאָג-סיידער דעמ באַוואָפנטנ אופשטאַנד“. ער ווייזט אָנ, אז די מאסנ האָבנ זיכ אפ זייער אייגענער דערפאַרונג איבערצייגט אינ דער ריכטיקייט פונ די באָלשעוויסטישע לאָזונגענ. איצט, זאָגט ער, „איז אפ אונדזער זייט די

מערהייט פונעמ פאָלק". איצט איז גאראַנטירט א „זיכערער ניצאָכנ". ער זעט אַז „האָבנדיק באַקומענ די מערהייט אינ די סאָוועטנ פונ ארבעטער- אונ סאָלדאַטנ-דעפּוטאַטנ אינ די ביידע הויפּט-שטעט, קאָנענ אונ דאַרפנ די באָלשעוויקעס נעמענ די מלוכע-מאַכט אינ זייערע הענט"[1].

לענינ לערנט באַציִענ זיכ צומ אופשטאַנד, ווי צו א קונסט, נויט צוגרייטנ אימ אָרגאַניזאַציאָנעל אונ טעכניש, קענענ אויסנוצנ די רעוואָליוציאָנערע סיטואַציע, צונויפזאַמלענ די אנטשיידנדיקע קרעפטנ אינעמ אנטשיידנדיקנ אָרט אונ ריכטיק אויסקלייבנ דעמ מאָמענט אפ צו דערלאַנגענ א צעשמעטערנדיקנ קלאַפ, קעדיי אפ זיכער צו צעקלאַפנ דעמ סוינע אונ זיגנ.

דעמ 15 (28) סענטיאַבער האָט כאַווער סטאַלינ אַוועקגעשטעלט לענינס בריוו אפ באַהאַנדלונג פונעמ צק פונ דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי אונ האָט פאָרגעלייגט פאַנאַנדערצושיקנ זיי די אָרטיקע פאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס אלס דירעקטיוו. דער נידערטרעכטיקער פאַרעטער קאַמענעוו האָט אַרייַנגעטראָגנ א פאָרשלאַג צו פאַרברענענ לענינס בריוו. דער צענטראַל-קאָמיטעט האָט מיט אופרעגונג אָפגעוואָרפנ דעמ דאָזיקנ פאָרשלאַג אונ אָנגענומענ כאַווער סטאַלינס פאָרשלאַג.

קאַמענעוו אונ זינאָוויעוו האָבנ אַקשאָנעסדיק געפאָדערט, אַז די פאַרטיי באָלשעוויקעס זאָל אָנטייל נעמענ אינעמ מענשעוויסטיש-עסעריש-קאַדעטישנ פאָרפּאַרלאַמענט, דעמ דאָזיקנ „מאַפּעלע פונ דער קאָרנילאָווטשינע", ווי עס האָט אימ אָנגערופנ כאַווער סטאַלינ. זיי האָבנ געשטרעבט אָפצווענדנ דערמיט די פאַרטיי פונ צוגרייטנ דעמ באַוואָפנטנ אופשטאַנד.

לענינ אונ סטאַלינ זיינענ געווענ אנטשיידענע קעגנער אפילע פונ א קורצווייליקנ אָנטייל פונ די באָלשעוויקעס אינעמ פאָרפּאַרלאַמענט, קעדיי דערמיט ניט צו פאַרשפּרייטנ אינ די מאַסנ קיינ אילוזיעס בענוגע דעמ פאָרפּאַרלאַמענט אונ ניט פאַרדעקנ זיינ קאָנטררעוואָליוציאָנערע אַרבעט. די באָלשעוויסטישע פראַקציע פונעמ פאָרפּאַרלאַמענט, אינ וועלכער עס זיינענ געזעסנ אזוינע מענטשנ, ווי קאַמענעוו, טעאָדאָראָוויטש, האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזנ דעמ פאָרפּאַרלאַמענט. דער צק פונ דער פאַרטיי באָלשעוויקעס האָט אויסגעבעסערט די ליניע פונ דער באָלשעוויסטישער פראַקציע, האָט אָנגענומענ א באַשלוס וועגנ באַיקאָטירנ דעמ פאָרפּאַרלאַמענט אונ געצוווּנגענ די פראַקציע אַוועקצוגיינ פונ פאָרפּאַרלאַמענט. אינ דער זעלבער צייט האָבנ די באָלשעוויקעס ענערגיש געגרייט דעמ צונויפרופ פונעמ II סאָוועטנ-צוזאַמענפאָר, ווו זיי האָבנ גערעכנט צו באַקומענ די מערהייט.

לויט לענינס אָנווייזונג האָט די פאַרטיי קאָנצענטרירט איר גאַנצע אופמערקזאַמקייט אפ צוגרייטנ דעמ באַוואָפנטנ אופשטאַנד.

די באָלשעוויקעס האָבנ פונדאָסניי אַרויסגעשטעלט דעמ לאָזונג „די גאַנצע מאַכט — די סאָוועטנ!". איצט האָט דער דאָזיקער לאָזונג באַטייט — די רעוואָליוציע גייט צו דירעקט צו דער דיקטאַטור

1 לענינ, ווערק, ב. XXI, ז. 194, 196, 197, 193.

פונעם פראָלעטאַריאַט מיט דער הילפ פונ אַנ אױפשטאַנד, ער האָט באַטײט — אָרגאַניזירנ אונ מעלוכיש אױספורעמענ די דיקטאַטור פונעם פראָלעטאַריאַט, ער האָט באַטײט, אַז די מאַכט דאַרפ דורכ אַנ אױפשטאַנד אַריבערגײנ צו די באָלשעװיזירטע סאָװעטנ.

לענינ שרײבט צו זײַנ װאָס נענטער צו פעטראָגראַד, װו די באָלשעװיקעס גרײטנ ענערגיש דעמ באַװאָפנטנ אױפשטאַנד לױט זײַנע דירעקטיװנ. ער װיל אָנהאַלטנ אַנ ענגערע פאַרבינדונג מיטנ צק פונ דער פאַרטײ. מיט דעמ ציל פאָרט לענינ אַריבער דעמ 17 (30) סענטיאַבער פונ העלסינגפאָרס קײנ װיבאָרג. ער װײַזט אָנ דערױפ, אַז די צײַטװײַליקע רעגירונג האָט אַרײַנגעפירט קאָנטררעװאָלוציאָנערע מיליטער-טײלנ אינ די אַנטשײדנדיקע אינדוסטריעלע צענטערס, אַז זי פרוװט אַרױספירנ פונ דער הױפּשטאָט אונ פונ אַנדערע גרױסע שטעט די רעװאָלוציאָנערע פאָלקנ אונ שיקנ זײ אױפנ פראָנט אונ דערמיט גופע אָפּשװאַכנ די קרעפטנ פונ דער רעװאָלוציע. דעריבער אײַלט לענינ צו די פאַרטײ מיטנ צוגרײטנ דעמ אױפשטאַנד. ער װײַזט אָנ דערױפ, אַז די בורזשואַזיע אָרגאַניזירט אינ די אַנטשײדנדיקע פונקטנ פונעמ לאַנד שטאַבנ פונ דער קאָנטררעװאָלוציע, אַז זי גרײט זיכ אָפּגעבנ פעטראָגראַד די דײַטשנ, אַז זי פרוװט צונױפצורײדנ זיכ מיט די דײַטשישע אימפּעריאַליסטנ, קעדײ מיט געמײנזאַמע קרעפטנ, האָבנדיק אַראָפּגענומענ דאָס מיליטער פונ פראָנט, דערשטיקנ די רעװאָלוציע.

אינ מעשעכ פונ פיל כאָדאָשימ האָט לענינ געפירט אַ זאָרגזאַמע אונ פאָרזיכטיקע צוגרײטונג צו דער סאָציאַליסטישער רעװאָלוציע. טאָג-אײַנ, טאָג-אױס האָט ער געדולדיק אױפגעקלערט די מאַסנ די לעקציעס פונ דער רעװאָלוציע, די אױפירונג פונ דער בורזשואַזיע אונ פונעמ מענשעװיסטיש-עסערישנ בלאָק, דעמ זיג פונ דער באָלשעװיסטישער פאָליטיק. ער האָט אַנטשײדנ געקעמפט קעגנ די מענטשנ, װאָס האָבנ פרילינג 1917 יאָר אַװאַנטיוריסטיש גערופנ טײקעפ אַראָפּװאַרפנ די צײַטװײַליקע רעגירונג אונ זײַנענ דערמיט באַגאַנגענ אַ פעלער אַ פאַטאַלנ פאַר פאָליטישע אָנפירער — פאַרלױפנ פאָרױס, אָפּרײַסנ פונ די מאַסנ דעמ אַװאַנגאַרד. איצט, װענ דער מאָמענט איז געקומענ, האָט לענינ מיט אַ קאָלאָסאַלער קראַפט געפאָדערט אַנטשײדנ, ענערגיש אונ גיכ צוגרײטנ דעמ באַװאָפנטנ אױפשטאַנד.

דעמ 29 סענטיאַבער (12 אָקטיאַבער) האָט לענינ אינעמ בריװ צומ צק פונ דער פאַרטײ באָלשעװיקעס געשריבנ: „דער קריזיס איז צײַטיק געװאָרנ. עס שטײט אינ קאָנ די גאַנצע צוקונפט פונ דער רוסישער רעװאָלוציע. עס שטײט אונטער אַ פראַגע די גאַנצע ערע פונ דער פאַרטײ באָלשעװיקעס. עס שטײט אינ קאָנ די גאַנצע צוקונפט פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-רעװאָלוציע פאַרנ סאָציאַליזמ“[1].

אָנהײב אָקטיאַבער האָט לענינ אינעמ בריװ צומ צענטראַל-קאָמיטעט, צומ מאָסקװער, צומ פעטראָגראַדער קאָמיטעטנ אונ צו די באָל-

---

1 לענינ, העשיק, ב. XXI, ז. 239.

שעוויקעס די מיטגלידער פונ די סאָוועטנ פונ פעטערבורג אונ מאָסקווע ווידעראמאָל אָנגעוויזנ: „די באָלשעוויקעס האָבנ קיינ רעכט ניט צו ווארטנ אפנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר, זיי דארפנ נעמענ די מאכט טייקעפ", „ווארטנ — איז א פארברעכנ לעגאבע דער רעוואָליוציע"[1].

אָנהייב אָקטיאבער פירט אָנ לעניג פונ אונטערערד מיט דער פעטראָגראדער קאָנפערענצ פונ די באָלשעוויקעס. ער שרייבט אָנ פאר איר טעזיסנ, אנ אָנזאָג די דעלעגאטנ צומ פארטיי־צוזאמענפאָר אונ א בריוו איבערצולייענענ אפ א פארמאכטער זיצונג. אינ אָט דעמ בריוו דעמ 7 (20) אָקטיאבער דערקלערט ער נאָכאמאָל: „מע דארפ אָנערקענענ, אז די רעוואָליוציע איז פארפאלנ, אויב אינ דער נאָענט־סטער צוקונפט וועלנ די פראָלעטאריער אונ סאָלדאטנ ניט אראָפווארפנ קערענסקיס רעגירונג. די פראגע וועגנ אופשטאנד ווערט געשטעלט אינ טאָג־סיידער"[2].

אפ מאָרגנ דעמ 8 אָקטיאבער אינעמ בריוו צו די באָלשעוויקעס די דעלעגאטנ פונעמ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר פונ דער צאָפנ־געגנט ווייזט לענינ ווידעראמאָל אָנ מיט דער גאנצער קראפט: „פארזאמענ הייסט א טויט".

לענינ דערמאָנט דער פארטיי מארקס' אונ ענגעלסעס אָנווייזונג, אז אנ אופשטאנד איז א קונסט, פונקט ווי מילכאָמע. לויט לענינ האלט, אז די טעכנישע זייט פונ אופשטאנד, זיינ טיפ דורכגעטראכטע אָרגאניזירונג, א זאָרגפעליק פאנאנדערגעארבעטער פלאנ האָבנ אנ אנטשיידנדיקע באדייטונג. מארקס' אונ ענגעלסעס גענויאלע ארויסזאָגונגענ וועגנ אופשטאנד אלס קונסט פאראלגעמיינערט לענינ אינ א הארמאָנישער סיסטעמ. ער ארבעט קריטיש איבער די בורזשואזע טעאָריע פונ קריגס־קונסט, נעמט פונ איר אלצ, וואָס האָט א ווערט אונ טויג פארנ פראָלעטאריאט, אונ בויט זיינ אייגענע לערע וועגנ באוואָפנטנ אופשטאנד. די קונסט פונ באוואָפנטנ אופשטאנד האָט ער פאָרמולירט אינ קאָנקרעטע, דייטלעכע קלאָלימ, וואָס זיינענ א קאָנצענטרירטער אויסדרוק פונ דער דערפארונג פונ אלע באוואָפנטע אופשטאנדנ, וואָס זיינענ נאָר באוווסט אינ דער געשיכטע.

לויט לענינ פאָלגנדיקע פינפ הויפט־קלאָלימ פונ דער קונסט פונ אופשטאנד:

„1) קיינמאָל ניט שפילנ זיכ מיט קיינ אופשטאנד, אונ הייבט מענ אימ אָנ, דארפ מענ וויסנ פעסט, אז מע מוז גיינ ביזנ סאָפ.

2) מע מוז צונויפזאמלענ א גרויסנ איבערוואָג פונ קויכעס אינעמ אנטשיידנדיקנ אָרט, אינעמ אנטשיידנדיקנ מאָמענט, ווייל אניט וועט דער סוינע, וועלכער פארמאָגט א בעסערע צוגרייטונג אונ אָרגאניזאציע, פארניכטנ די אופשטענדלער.

1 לענינ. ווערק, ב. XXI, ז. 294. 293,

2 דאָרטנ, ז. 290.



1181—13

3) איז שוינ דער אופשטאנד אָנגעהויבנ, דארפ מענ האנדלענ מיט דער גרעסטער *אנטשלאָסנקײַט* אונ דורכויס, אומבאדינגט אריבערגיינ *אינ אָנגריפ*. „פארטיידיקונג איז א טויט פאר א באוואָפנטנ אופשטאנד".

4) מע דארפ זיכ באמיִענ צו פארכאפנ דעם סוינס אומגעריכט, כאפנ דעם מאָמענט, ווענ זײַנ מיליטער איז צעוואָרפנ.

5) מע דארפ זענ דערשלאָגנ זיכ *יעדנ טאָג* כאָטש קלייניקע דערפאָלגנ (מע קאָנ זאָגנ: יעדע שאָ, אויב עס רעדט זיכ וועגנ איינ שטאָט), אונטערהאלטנדיק אום יעדנ פרײַז די „*מאָראלישע איבערוואָג*".

דעם סאכאקל פונ די לעקציעס פונ אלע רעוואָליוציעס בענעגייע א באוואָפנטנ אופשטאנד האָט מארקס אונטערגעצויגנ מיט די ווערטער פונעמ „גרעסטנ אינ דער געשיכטע מײַסטער פונ רעוואָליוציאָנערער טאקטיק — פונ דאנטאָנ: דרייסטקײַט, דרייסטקײַט אונ נאָכאמאָל דרייסטקײַט"".[1]

לענינ גיט א פלאנ פונ אופשטאנד: „ארומרינגלענ אונ אָפשנײַדנ פיטער, אײַנעמענ אימ דורכ א קאָמבינירטער אטאקע פונעמ פלאָט, פונ די ארבעטער אונ פונעמ מיליטער", קאָמבינירנ די דאָזיקע דרײַ הויפט-קרעפטנ אזוי, „אז עס זאָלנ אומבאדינגט פארנומענ ווערנ אונ, *וועלכע פארלוסטנ* דאָס זאָל ניט קאָסטנ, אײַנגעהאלטנ ווערנ: א) דער טעלעפאָנ, ב) דער טעלעגראפ, ג) די אײַזנבאנ-סטאנציעס, ד) די בריקנ אינ דער ערשטער ריי". אפ אָנטייל צו נעמענ אינ אלע וויכטיקע אָפעראציעס דארפנ פאר די קאמפס-אָטריאדנ אויסגעטיילט ווערנ „*די סאמע אנטשלאָסענע עלעמענטנ*" — די בעסטע ארבעטער, די ארבעטער-יוגנט, די בעסטע מאטראָסנ, דרייסטע מענטשנ, וואָס זאָלנ גיינ מיטנ לאָזונג „*אומקומענ אלע, אָבער ניט דורכלאָזנ דעם סוינע*". קעדיי דער אופשטאנד זאָל האָבנ דערפאָלג, איז נייטיק קונסט אונ דרײַפאכע דרייסטקײַט. „דער דערפאָלג סײַ פונ דער רוסישער סײַ פונ דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציע הענגט אָפ פונ צוויי — דרײַ טעג קאמפ".[2]

לויט אָט דעם לענינישנ פלאנ איז טאקע געגאנגענ דער באוואָפנטער אָקטיאבער-אופשטאנד.

דעם 7 (20) אָקטיאבער איז לענינ, לויט א באשלוס פונעמ צק, אומלעגאל אריבערגעפאָרנ פונ וויבאָרג קיינ פעטראָגראד. אפ מאָרגנ האָט ער זיכ בא אנ ארבעטער פונ זאוואָד „אײַוואז" אינ דער היים באגעגנט מיטנ כאווער סטאלינ. עטלעכע שאָ האָט געדויערט די דאָזיקע באגעגעניש. כאווער סטאלינ האָט פאָרמולירט דעם קאָנקרעטנ פלאנ פונעמ באוואָפנטנ אופשטאנד, וועלכנ ער האָט פאנאנדערגעארבעט אפנ גרונט פונ לענינס אָנווײַזונגענ. לענינ האָט דעם דאָזיקנ פלאנ באוויליקט.

1 לענינ, ווערק, ב. XXI, ז. 319—320.

2 דאָרטנ, ז. 320.

דעם 10 אָקטיאבער איז פאָרגעקומענ די היסטאָרישע זיצונג פונעם צענטראל-קאָמיטעט פונ דער פארטיי באָלשעוויקעס. מיט א פאָרטראָג וועגנ דער נויטווענדיקײט פונעם אופשטאנד איז ארויסגעטראָטנ לענינ. נאָכ זײַנ פאָרטראָג האָט דער צק אָנגענומענ די בארימטע רעזאָליוציע, וואָס לענינ האָט פאָרגעלייגט און אינ וועלכער עס איז געשטעלט געוואָרנ „אינ טאָג-סיידער דער **באוואָפנטער אופשטאנד**“. דער דאָזיקער באשלוס וועגנ אופשטאנד איז באשטעטיקט געוואָרנ אפ דער פארברייטערטער זיצונג פונעם צק דעם 16 אָקטיאבער, וווּ לענינ איז ארויסגעטראָטנ מיט א צוויישאָיקנ פאָרטראָג. לויט לענינס פאָרשלאָג איז אפ אָט דער זיצונג אפ אָנצופירנ מיטנ אופשטאנד אויסגעוויילט געוואָרנ א פארטיי-צענטער בעראָש מיטנ כאווער סטאלינ. אָט דער פארטיי-צענטער איז געווענ דער אָנפירנדיקער קערנ פונ קריגסרעוואָליוציאָנערנ קאָמיטעט באם פעטראָגראדער סאָוועט און האָט פראקטיש אָנגעפירט מיטנ גאנצנ אופשטאנד.

מע האָט געדארפט האָבנ לענינס גענאלע וויטזיכטיקײט, זײַנ מערקווירדיקע רעוואָליוציאָנערע מײַסטערשאפט, זײַנ קאָלאָסאלע מוטיקײט, קעדיי באשליסנ זיכ צו גיינ אפ אנ אופשטאנד. לענינ האָט געוווּסט, אז אופהייבנ די מאסנ צום אופשטאנד אינ דער דעמאָלטיקער סיטואציע — הייסט שטעלנ אלצ אינ קאָנ. „לענינ האָט אָבער ניט מוירע געהאט צו ריזיקירנ, ווײַל ער האָט געוווּסט, ער האָט געזענ מיט זײַנ געוויִשנ קוק, אז אנ אופשטאנד איז אומפארמײַדלעכ, אז דער אופשטאנד וועט זיגנ, אז אנ אופשטאנד אינ רוסלאנד וועט צוגרייטנ דעם סאָפ פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, אז אנ אופשטאנד אינ רוסלאנד וועט אופהייבנ די אויסגעמאטערטע מאסנ פונ מײַרעוו, אז אנ אופשטאנד אינ רוסלאנד וועט פארוואנדלענ די אימפעריאליסטישע מילכאָמע אינ א בירגערקריג, אז דער אופשטאנד וועט געבנ א סאָוועטנ-רעפובליק, אז די סאָוועטנ-רעפובליק וועט דינענ אלס פעסטונג פאר דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אינ דער גאנצער וועלט.

עס איז באוווּסט, אז אָט דאָס רעוואָליוציאָנערע פאָרויסזענ לענינס איז נאָכדעם מעקוייעם געוואָרנ מיט אומגעזעענער פינקטלעכקײט“[1].

קעגנ דעם באשלוס וועגנ אופשטאנד האָבנ אפ ביידע זיצונגענ פונעם צק געשטימט די פארעטער פונ דער רעוואָליוציע קאמעניעוו און זינאָוויעוו. באקומענ אנ אנטשיידענעם ווידערשטאנד, זײַנענ די דאָזיקע פארעטער דעם 18 אָקטיאבער ארויסגעטראָטנ אינ דער מענשעוויסטישער צײַטונג „נאָוואיא זשיזנ“ מיט א מעלדונג, אז די באָלשעוויקעס גרייטנ אנ אופשטאנד. דערמיט האָבנ זיי דעם סוינע ארויסגעגעבנ די גרעסטע געהיימעניש פונ דער פארטיי — דעם באשלוס פונעם צק וועגנ אָרגאניזירנ אינ דער נאָענטסטער צײַט אנ אופשטאנד. לענינס סאָנים, די סאָנים פונ דער פראָלעטארישער רע=

[1] י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 33—34, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, 1914.

וואָליוציע — קאַמעניעוו, זינאָוויעוו, טראָצקי און דאָס הײפל אָנהענגער זייערע האָבן מיט אַלע מיטלען געזוכט אַראָפּצורײַסן דעם אויפשטאַנד. טראָצקי האָט פאַרגעלייגט ניט אָנהייבן דעם אויפשטאַנד פאַר דער עפענונג פונעם II סאָוועטן=צוזאַמענפאָר. לענין האָט זיי אָנגערופן פאַררעטער. ער האָט געשריבן, אַז וואַרטן אויפן סאָוועטן=צוזאַמענפאָר „איז פולשטענדיקער אידיאָטיזם אָדער פולשטענדיקער פאַראַט"[1].

מיט דער גרעסטער אויפגעבראַכטקייט און פאַראַכטונג האָט לענין געשטעמפלט קאַמעניעוון און זינאָוויעוון אַלס פאַררעטער פון דער רעוואָליוציע. לענין, וואָס האָט ניט געוווּסט פון קיין ראַכמאָנעס צו אַלע סאָנים פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, האָט געפאָדערט אויסשליסן פון דער פּאַרטיי די דאָזיקע נידערטרעכטיקע מיטהעלפער פון דער קאָנטררעוואָליוציע.

די פאַררעטער האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אַראָפּצורײַסן דעם אויפשטאַנד. די פּאַרטיי האָט זיך אינטענסיוו געגרייט צו אים. מיט דער גאַנצער אַרבעט פון צוגרייטן דעם אויפשטאַנד האָט אָנגעפירט אומיטלבאַר דער פּאַרטיי=צענטער, וואָס האָט קאָנצענטרירט אין זײַנע הענט אַלע פעדעם פונעם אויפשטאַנד.

לענין האָט דעמלט געוווינט אומלעגאַל אין ווײַבאָרגער ראַיאָן; פון דאָרט האָט ער קעסיידער אָנגעפירט מיט דער אַרבעט פונעם צק. איינמאָל איז ער שיר ניט אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג. באַנאַכט, ווען ער איז אַרויס אויף שפּאַציר, האָט ער באַגעגנט אַ פּאַטרול. דורכקאָנטראָלירט לענינס דאָקומענטן, האָט דער פּאַטרול אים אָפּגעלאָזן.

די צײַטווײַליקע רעגירונג האָט געפּרוּווט פאַרלויפן דעם וועג די באָלשעוויקעס, זי האָט פּלאַנירט דעם 24 אָקטיאַבער (6 נאָיאַבער) אַטאַקירן סמאָלני, ווו עס האָט זיך געפונען דער שטאַב פונעם אויפשטאַנד, און דערלאַנגען אַ טויט=קלאַפּ דער רעוואָליוציע. דעם 24 אָקטיאַבער באַגינען האָט די צײַטווײַליקע רעגירונג פאַרמאַכט דעם צענטראַל=אָרגאַן פון דער פּאַרטיי „ראַבאָטשי פּוט". באַם לאָקאַל פון דער רעדאַקציע און פון דער דרוקערײַ זײַנען אַוועקגעשטעלט געוואָרן סאָלדאַטן מיט פּאַנצער=אויטאָמאָבילן. באַוועך סטאַלין האָט אָפּגעגעבן אַ פאַראָרדענונג — אָפּטרײַבן די פּאַנצער=אויטאָמאָבילן און זיכערן דאָס דערשײַנען פון דער צײַטונג. די רויטגוואַרדייער און די סאָלדאַטן האָבן אויסגעפילט די דאָזיקע פאַראָרדענונג. צו 11 אַזייגער אינדערפרי איז „ראַבאָטשי פּוט" אַרויס פון דרוק. דער לייטאַרטיקל „וואָס דאַרפן מיר?", וואָס אָנגעשריבן האָט אים סטאַלין, האָט גערופן די מאַסן אַראָפּצוּוואַרפן די צײַטווײַליקע רעגירונג. גלײַכצײַטיק זײַנען לויט דער אָנווײַזונג פונעם פּאַרטיי=צענטער דרינגענד צונויפגעצויגן געוואָרן צו סמאָלני אָטריאַדן רויטגוואַרדייער און רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן.

דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן.

לענין, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ קאָנספּיראַטיווער דירע, האָט

[1] לענין. ווערק, ב. XXI, ז. 240.

זיכ געריכנ צו סמאָלני. אָנ דער האסקאָמע פונעמ צק האָט ער אָבער ניט געוואָלט פארלאָזנ זײַנ באהעלטעניש. אינ אָוונט האָט קרופסקאיא איבערגעגעבנ דעמ צק זײַנ „בריוו צו די מיטגלידער פונ צק“. לענינ האָט אינ דעמ בריוו געשריבנ:

„די לאגע איז ביז גאָר א קריטישע... איצט הענגט אלצ אפ א האָר... אינ קײנ פאל ניט איבערלאָזנ די מאכט בא קערענסקינ אונ קאָמפאניע אינ די הענט ביזנ 25-טנ, בעשומויפנ ניט; אנטשיידנ די זאכ הײַנט אומבאדינגט אינ אָוונט אָדער באנאכט.

די געשיכטע וועט ניט מויכל זײַנ קײנ פארזאמונג די רעוואָליוציאָנערנ, וואָס האָבנ געקאָנט זיגנ הײַנט (אונ וועלנ זיכער זיגנ הײַנט), ריזיקירנדיק צו פארלירנ א סאכ מאָרגנ, ריזיקירנדיק צו פארלירנ אלצ...

פארזאמענ מיט דער ארויסטרעטונג איז געגליכנ צו טויט“[1].

לענינ האָט געײַלט דעמ צק פונ דער פארטיי, ווײַל ער האָט מוירע געהאט, אז טראָצקי אונ זײַנע אָנהענגער קאָנענ פא־טאָרמאָזירנ דעמ אופשטאנד.

כוץ דעמ האָט לענינ געזענ, אז קערענסקיס רעגירונג גרייט זיכ צו דערטרינקענ די רעוואָליוציע אינ בלוט, האָט ער געוואָלט צעשטערנ קערענסקיס פלאנ. אינ אָוונט אונ באנאכט דעמ 24 אָקטיאבער האָט קערענסקי געוואַרט אפנ מיליטער, וואָס ער האָט ארויסגערופנ פונ פראָנט קיינ פעטערבורג.

לויט סטאלינס ענערגישער פאָדערונג האָט דער צענטראל-קאָמיטעט שפעט אינ אָוונט ארויסגערופנ לענינענ קיינ סמאָלני, ער זאָל פארווירקלעכנ די אלגעמײנע אָנפירונג מיטנ אופשטאנד. ווענ לענינ איז געקומענ אינ סמאָלני, האָט כאַווער סטאלינ אימ אויספירלעכ מיטגעטײלט וועגנ די אָנגענומענע מאָסמיטלענ אונ וועגנ דעמ גאנג פונ דעמ אופשטאנד, וואָס האָט זיכ אָנגעהויבנ. גלײַכ אפנ אָרט איז באשטעטיקט געוואָרנ דער פלאנ, וויאזוי צו פארכאפנ דעמ ווינטער-פאלאצ. דער פירער פונ דער רעוואָליוציע האָט גענומענ די אומיטלבארע אָנפירונג מיטנ אופשטאנד אינ זײַנע הענט.

דעמ 25 אָקטיאבער (7 נאָיאבער) אינדערפרי איז די טעלעפאָנ-סטאנציע, דער טעלעגראף, די ראדיאָסטאנציע, די בריקנ איבער דער ניעווא, די וואָקזאלנ, די וויכטיקסטע אנשטאלטנ — גאנצ פעטראָגראד געווענ אינ די הענט באמ אופשטײענדיקנ פראָלעטאריאט. דער אופשטאנד האָט געזיגט.

10 אזייגער אינדערפרי האָט דער קריגס-רעוואָליוציאָנערער קאָמיטעט ארויסגעלאָזנ די היסטאָרישע ווענדונג „צו די בירגער פונ רוסלאנד“, וואָס אָנגעשריבנ האָט זי לענינ. די דאָזיקע ווענדונג האָט געגעבנ צו וויסנ די פאָלקס-מאסנ, אז די צײַטווײַליקע רעגירונג איז אראָפגעוואָרפנ אונ די מעלוכע-מאכט איז אריבער אינ די הענט צו די סאָוועטנ.

באטאָג איז לענינ ארויסגעטראָטנ אפ דער אויסעראָרדנטלעכער

---

1 לענינ. ווערק ב. XXI, ז. 362, 363.

זיצונג פונעמ פעטראָגראַדער סאָוועט. לענינ איז באַגעגנט געוואָרנ מיט א שטורעמ אָוואַציעס אונ באַגריסונגס-אויסרופנ. לענינ האָט געהאַלטנ א רעדע, אינ וועלכער ער האָט מיטגעטיילט וועגנ דעמ זיג פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אונ האָט אויסגעדריקט די אבסאָליוטע זיכערקייט אינ דעמ, אז דער סאָציאַליזמ אינ רוסלאַנד וועט זיגנ. „זאָל לעבנ די אַלוועלטלעכע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע!“ — אזוי האָט לענינ פאַרענדיקט זיינ רעדע.

דעמ 25 אָקטיאַבער 10 אזייגער מיט 45 מינוט אינ אָוונט האָט זיכ אינ סמאָלני געעפנט דער II אַלרוסלענדישער סאָוועטנ-צוזאַמענפאָר, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דעמ אריבערגאַנג פונ דער גאַנצער מעלוכע-מאַכט אינ צענטער אונ אפ די ערטער אינ די הענט פונ די סאָוועטנ.

די גאַנצע נאַכט אונ דעמ גאַנצנ טאָג דעמ 25 אָקטיאַבער האָט לענינ פאַרבראַכט אינ סמאָלני. צוזאַמענ מיט סטאַלינענ האָט ער אָנגעפירט מיטנ אופשטאַנד, אָרגאַניזירט די קרעפטנ, דורכגעפירט די ערשטע דרינגענדע מאָסמיטלענ פונ דער סאָוועטנמאַכט. קימאַט צוויי מעסלעס האָט לענינ ניט צוגעמאַכט קיינ אויג. ערשט שפּעט אינ דער נאַכט פונ 25 אפנ 26 אָקטיאַבער, נאָכ דעמ, ווי דער ווינטער-פּאַלאַצ איז געשטורעמט אונ איינגענומענ געוואָרנ אונ די צייטווייליקע רעגירונג איז ארעסטירט געוואָרנ, איז לענינ אוועק אפ עטלעכע שאָ זיכ אָפּרוענ צו איינעמ א פּאַרטיי-טוער, וואָס זיינ דירע האָט זיכ געפונענ לעבנ סמאָלני. עס האָט זיכ אימ אָבער ניט געשלאָפנ. שטילינקערהייט, קיינעמ ניט אופצוּוועקנ, האָט ער זיכ געזעצט צומ טיש אונ האָט אָנגעשריבנ דעמ דעקרעט וועגנ ערד.

דער גאַנצער טאָג דעמ 26 אָקטיאַבער איז דורכגעגאַנגענ פונקט אזוי אָנגעשטרענגט, ווי דער פאָריקער טאָג. מע האָט געאַרבעט דרינגענד אָרגאַניזירנ די פאַרטיידיקונג אונ באַזאָרגנ די באַפעלקערונג פינ פעטראָגראַד מיט ברויט. כוץ דעמ איז לענינ געווענ פאָרזיצער אפ דער זיצונג פונעמ צק פונ דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס, וועלכע האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגנ דעמ באַשטאַנד פונ דער סאָוועטנ-רעגירונג, דערנאָכ האָט ער זיכ באַטייליקט אינ דער באַראַטונג וועגנ שאַפנ אנ ארבעטער-קאָנטראָל.

דעמ 26 אָקטיאַבער אינ אָוונט האָט זיכ געעפנט די צווייטע זיצונג פונעמ סאָוועטנ-צוזאַמענפאָר. אפנ צוזאַמענפאָר האָט זיכ באַוויזנ לענינ. מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג האָט דער צוזאַמענפאָר באַגעגנט דעמ גרויסנ פירער פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. א מעכטיקער, לאַנגדויערנדיקער „הורא“ האָט פאַרהילכט דעמ דונער אפּלאָדיסמענטנ. מע האָט א לאַנגע צייט ניט געגעבנ לענינענ די מעגלעכקייט אָנצוהייבנ זיינ רעדע. ערשט נאָכ דעמ, ווי לענינ האָט עטלעכע מאָל ענערגיש געגעבנ צו פאַרשטיינ מיט זשעסטנ, אז ער בעט פאַרענדיקנ מיט די באַגריסונגענ, האָט דער שטורעמ אָוואַציעס ענדלעכ אופגעהערט. אונ דעמלט האָט זיכ איבער דער גאַנצער וועלט געלאָזט הערנ די שטימ פונעמ פירער פונ די פּראָלעטאַריער אונ אונטערדריקטע פונ אַלע לענדער, וואָס האָט געגעבנ צו וויסנ,

אז עס האָט זיך אָנגעהויבנ א נ יי ע ע ר ע אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהייט — די ערע פונ פראָלעטארישע רעוואָלוציעס אונ פונ דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט.

דער II סאָוועטנ=צוזאמענפאָר האָט אָנגענומענ די ערשטע דעקרעטנ פונ דער סאָוועטנמאכט, וואָס לעניג האָט זיי פאָרגעלייגט, — וועגנ שאָלעמ אונ וועגנ ערד. די דאָזיקע דעקרעטנ פונ וועלט=היסטאָרישער באדייטונג האָבנ געשפּילט א קאָלאָסאלע ראָליע אינ פאַרפעסטיקנ די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ אינ דער בויונג פונעמ סאָציאליזמ. אפנ II סאָוועטנ=צוזאמענפאָר איז צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהייט געשאפנ געוואָרנ אנ ארבעטער=פויערשע, א סאָוועטישע רעגירונג — דער ראט פונ די פאָלקס=קאָמיסארנ. פארנ פאָרזיצער פונעמ ראטפאָלקאָמ איז אויסגעוויילט געוואָרנ לעניג.

---

# X

זיכ געשטעלט אינ דער שפּיצ פונ דער סאָוועטישער רעגירונג, האָט זיכ לענינ מיט דער גאַנצער ענערגיע גענומענ צומ בויענ אונ פאַרפעסטיקנ די סאָוועטישע מעלוכע, צומ בויענ דעמ סאָציאַליזמ.

עס האָבנ זיכ אנטפּלעקט נײַע זײַטנ פונ לענינס אוניווערסאַלנ געני. דער גרינדער אונ אָנפירער פונ דער פּארטיי באָלשעוויקעס, דער פּאָליטישער פירער פונעמ פּראָלעטאריאַט, דער מײַסטער פונ רעוואָליוציאָנערער סטראטעגיע אונ טאקטיק, דער אָנגעזעענסטער טעאָרעטיקער — אלס אזא האָט מענ געקענט לענינענ ביז דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. נאָכ אָקטיאַבער האָט זיכ מיט אויסערגעוויינלעכער בוילעטקײַט אנטפּלעקט זײַנ מעלוכע־געני. די וועלט האָט נאָכ ניט געוווּסט פונ אזא מעלוכע־אָנפירער, בא וועלכנ טעאָרעטישע מעכטיקײַט, פּאָליטישע כאָכמע אונ ווײַטזיכטיקײַט, אײַזערנער ווילנ אונ אומגעהייערע מוטיקײַט זאָלנ זיכ אזוי פאַרייניקנ מיט טיפנ קענענ דאָס פאָלק, דאָס לעבנ, די טיפסטע פאַרלאַנגענ אונ דרינגענדע נויטנ פונעמ פאָלק. קיינ איינ מעלוכע־טוער ביז לענינענ איז ניט געווענ אזוי ענג פאַרבונדנ מיטנ פאָלק אונ האָט אזוי טיפ ניט געגלייבט אינעמ פאָלק, ווי לענינ. דאָס פאָלק ווידער האָט גרענעצלאָז געגלייבט לענינענ. ער איז געווענ דער עמעסער פירער פונ די טיפסטע „אונטערשטע שיכטנ“ פונעמ פאָלק, וואָס די גרויסע רעוואָליוציע האָט זיי אופגעהויבנ צו זעלבשטענדיקער היסטאָרישער שאַפונג.

עס איז קימאַט אומעגלעכ זיכ פאָרצושטעלנ די גיגאַנטישע אָנשטרענגונג פונ די ערשטע טעג רעוואָליוציע, די שוועריקײַטנ, מיט וועלכע עס האָט זיכ פונ דער ערשטער מינוט באַגעגנט די סאָוועטנ־מאַכט. מע האָט געדאַרפט פאַרפעסטיקנ דעמ זיג, דערשטיקנ דעמ ווילדנ ווידערשטאַנד פונ די אראָפּגעוואָרפענע עקספּלואַטאָרישע קלאַסנ, צעשטערנ דעמ אלטנ, בורזשואַזנ מעלוכע־אַפּאַראַט, אײַנבעכנ דעמ פאַרביסענעמ סאַבאָטאַזש פונ די באַאַמטע אונ אָנגעשטעלטע. מע האָט געדאַרפט אָרגאַניזירנ די באַזאָרגונג פונ די שטעט מיט דערנערונג, די נאָרמאַלע ארבעט פונ די אונטערנעמונגענ, שאַפנ א נײַ לעבנ, א נײַע מעלוכע — די מעלוכע פונ ארבעטער אונ פויערימ. לענינענ האָבנ אָבער אָט די אלע שוועריקײַטנ ניט געשראָקנ. ער האָט געוווּסט, אַז מיט די באָלשעוויקעס גייענ טרײַ אונ איבערגעגעבנ די אר־

בעטער, אז די ארבעטער וועט הייס שטיצנ דאָס פאָלק — די אָרעמ-שאפט אינ די שטעט, די סאָלדאטנ אינ די שוצגראָבנס, די פויערימ אינ די דערפער. ער האָט געזאָגט: „נאָר יענער וועט זיגנ אונ וועט איינהאלטנ די מאכט, ווער עס גלייבט אינ פאָלק, ווער עס וועט זיכ איינטונקענ אינעמ קוואל פונ לעבעדיקער פאָלקס-שאפונג"[1].

אינ סמאָלני האָט אינ יענע טעג געקאָכט אונ גערודערט. באטאָג אונ באנאכט האָט אפ קיינ איינ מינוט ניט אופגעהערט צו ברויזנ אינ זיינע ווענט אנ אָנגעשטרענגט רעוואָליוציאָנער לעבנ. אינגאנצנ פארטאָנ אינ דער גיגאנטישער פילזייטיקער מעלוכישער ארבעט, האָט זיכ לענינ באזעצט אינ סמאָלני. מע האָט געדארפט לייזנ די פארשיידנארטיקסטע פראגנ — פאָליטישע, ווירטשאפטלעכע, מיליטערישע, אָרגאניזאציאָנעלע, אדמיניסטראטיווע, פעדאגאָגישע, קולטור-אופקלערערישע, אגיטאציאָנעלע. קיינ דערפארונג פונ מעלוכע-ארבעט האָבנ די פארטיי, די ארבעטער אונ פויערימ ניט געהאט. אונ פונוואנענ האָבנ זיי זי געזאָלט האָבנ. די דאָזיקע דערפארונג האָט מענ געדארפט דערווערבנ.

לענינ האָט זיכ פארנומענ מיט אלצ, נאָכגעשפירט נאָכ אלצ, אלצ געגעבנ א ריכטונג, קיינ זאכ ניט ארויסגעלאָזט פונ אויג. ער ארבעט פאנאנדער די יעסוידעס פונ דער סאָוועטישער פאָליטיק אינ אלע פראגנ פונעמ פאָלקס-לעבנ. ער שטעלט צונויפ דעקרעטנ אונ באשטימונגענ, שרייבט אופרופנ אונ ארטיקלענ. ער פירט אָנ מיטנ ראטפאָלקאָם, וואָס האָט פונ סאָפ נאָיאבער אָנגעהויבנ אָפהאלטנ זיינע זיצונגענ יעדנ טאָג, אונ אינ דער זעלבער צייט האָט ער אומיטלבארנ פארקער מיט די מאסנ. אינ משעכ פונ די ערשטע צוויי כאדאָשימ סאָוועטנמאכט איז אימ אויסגעקומענ מער ווי 20 מאָל ארויסצוטרעטנ אפ מיטינגענ אונ מאסנ-פארזאמלונגענ. ער נעמט אנ אקטיוונ אָנטייל אינ די פילצאָליקע צוזאמענפאָרנ, וועלכע זיינענ אינ יענע אָנגעשטרענגטע טעג פאָרגעקומענ אינ פעטראָגראד; ער מאכט פאָרטראָגנ, האלט רעדעס, שרייבט רעזאָליוציעס אונ ווענדונגענ.

אָנ א שיר ארבעטער-דעלעגאציעס פונ פאבריקנ אונ זאוואָדנ, פאָרשטייער פונ דער סאָלדאטישער פראָנט-מאסע, פויערימ-כאָדאָקעס פלעגנ זיכ לאָזנ קיינ סמאָלני, צו לענינענ, מיט זייערע צווייפלענ, פראגנ, פאָרשלאָגנ, פאָדערונגענ, נויטנ. ארומגעשטעלט זיכ ארומ לענינענ פונ אלע זייטנ, פלעגנ זיי זיכ זשעדנע צוהערנ צו זיינע רייד אונ פלעגנ דערנאָכ פאנאנדערטראָגנ איבערנ גאנצנ לאנד לענינס רופ צו די מאסנ: נעמענ אינ זייערע אייגענע הענט די בויונג פונ א נייעמ לעבנ.

די סיטואציע אינ די ערשטע טעג אָקטיאבער-רעוואָליוציע איז געווענ אנ אומרויִקע. לענינס אופמערקזאמקייט איז געווענ צוגעשמידט צו די מיליטערישע פראגנ. קערענסקי מיט די קאזאקנ האָט זיכ גערוקט אלצ נעענטער צו פעטראָגראד. אינ שטאָט גופע איז געווענ אומרויִק — דעמ 29 אָקטיאבער (11 נאָיאבער) האָבנ אופגעהויבנ א

1 לענינ, ווערק, ב. XXII, ז. 48.

ביַיט די יונקערס. אין מאָסקווע איז נאָך געגאַנגען א באַוואָפנטער קאַמף. „די פּאָליטישע פראַגע גייט איצט האַרט צו צו דער מיליטערישער", — האָט לענין געזאָגט אויף דער באַראַטונג פון די פּאָליט־פאָרשטייער פונעם פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן אינעם טאָג פונעם בונט פון די יונקערס. און ער האָט גענומען אין זיינע הענט די אָנפירונג מיט ליקווידירן די ערשטע פרווון פון די אַראָפּגעוואָרפענע עקספּלויאַטאַטאָרישע קלאַסן צו שטעלן א ווידערשטאַנד. אין דער נאַכט פון 27 אויפן 28 אָקטיאַבער זיינען לענין און סטאַלין געקומען אין שטאַב פונעם מיליטערישן קרייז. לענין האָט געפאָדערט פון די טוער, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די קריגס־אָפּעראַציעס, זיי זאָלן אָפּגעבן א באַריכט וועגן דער זאַך־לאַגע. כאַוו. פּאָדוואָיסקי דערציילט: „אויף מיינע פראַגעס, וואָס באַטייט דער דאָזיקער באַזוך — אומצוטרוי צו אונדז צי עפּעס אַנדערש, האָט וולאַדימיר איליטש פּאָשעט, אָבער פעסט געענטפערט:

— ניט קיין אומצוטרוי, נאָר פּאָשעט, די רעגירונג פון די אַרבעטער און פּויערים וויל וויסן, וויאַזוי עס אַרבעטן אירע מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען.

אין אָט דעם מאָמענט האָב איך צום ערשטן מאָל דערפילט, אַז בא אונדז איז דיקטאַטור, אַז בא אונדז איז א שטאַרקע, פעסטע אַרבעטער־מאַכט".

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט זיך לענין קימאַט אָן אויפהער געפונען אין שטאַב, פונוואַנען ער האָט פּערזענלעך אָנגעפירט מיטן צעקלאַפּן קערענסקים — קראַסנאָווס מיליטער. צוליב דעם האָט ער מאָביליזירט און אָרגאַניזירט אַלע קויכעס. זיינע אייזערנע פעסטקייט און רויקע זיכערקייט אין זיג האָבן באַגייסטערט און באַהעפט די מאַסן. דער סוינע איז צעקלאַפּט געוואָרן.

לענינען איז גלייכצייטיק אויסגעקומען צו קעמפן קעגן די, וואָס האָבן פון די ערשטע טעג רעוואָלוציע געפרווט אַרויסרופן צווייפל און וואַקלונגען אין די מאַסן. קאַמענייעוו, זינאָוויעוו, ריקאָוו און אַנדערע פאַרעטער האָבן גענומען פאָדערן, מע זאָל שאַפן אַן „איינאַרטיק־סאָציאַליסטישע רעגירונג" מיטן אָנטייל פון די מענשעוויקעס און עסערן, וואָס די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט זיי נאָרוואָס געהאַט אַראָפּגעוואָרפן. דער צק פון דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס האָט אָנגענומען לענינס רעזאָלוציע, וואָס האָט געשטעמפּלט זייער אויפירונג אַלס „פאַראַט בענעגייע דעם לאָזונג סאָוועטנמאַכט". קאַמענייעוו, ריקאָוו און אַנדערע זיינען אַרויסגעטראָטן פונעם צק און פונעם ראַטפאָלקאָם. דאָס, וואָס א נישטיק הייפל פּאַכדאָנים האָט געמאַכט פּליטע פונעם צק און ראַטפאָלקאָם, האָט ניט אָפּגעשראָקן לענינען. די פּאַרטיי און רענעגאַטן זיינען אָפּגעשלידערט געוואָרן פון וועג. אין דער ווענדונג צו אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער און צו אַלע אַרבעטנדיקע האָט לענין געשריבן: „זאָלן אַלע אַרבעטנדיקע זיין רויק און פעסט! אונדזער פּאַרטיי, די פּאַרטיי פון דער סאָוועטישער מערהייט, שטייט סאָלידאַר און באַהעפט אויף דער וואַך פון זייערע אינטערעסן, און אויף דער זייט פון אונדזער פּאַרטיי שטייען ווי פריער מיליאָנען אַרבע=

מער אינ די שטעט, סאָלדאַטנ אינ די שוצגראָבנס, פויערימ אינ די דערפער, וואָס זײַנענ גרייט אומ יעדנ פרײַז פאַרווירקלעכנ דעמ זיג פונעמ שאָלעמ אונ דעמ זיג פונעמ סאָציאַליזמ!"[1].

פונ די ערשטע טעג, ווי ס'האָט געזיגט די סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, שטעלט לענינ ארויס אינ פאָדערגרונט די אופגאַבע פונ פאַרטיידיקנ דאָס סאָוועטנ-לאַנד. „עס איז ניטאָ וואָס צו טראַכטנ, אַז עס וועט ניט זײַנ קיינ פאַרטיידיקונגס-מילכאָמע, וועלכע מע קאָנ אונדז אָנבינדנ"[2], — וואָרנט לענינ די פאַרטיי אונ די אַרבעטנדיקע מאסנ. ער שטעלט ארויס דעמ קאַמפס-לאָזונג — פאַרטיידיקנ דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד. „נאָכנ 25-טנ אָקטיאַבער 1917 יאָר זײַנענ מיר באַשיצלער, — זאָגט לענינ, — מיר האָבנ דעראָבערט דאָס רעכט אָפ צו פאַרטיידיקנ דאָס פאָטערלאַנד... מיר זײַנענ באַשיצלער פונעמ סאָציאַליסטישנ פאָטערלאַנד"[3]. לענינ דערקלערט אינעמ נאָמענ פונ די פעלקער פונעמ סאָוועטנ-לאַנד, אַז אויב עס וועט פאָרקומענ אַ קריגס-אָנפאַל אָפ אונדזער היימלאַנד, וועלנ אַלע אַרבעטנדיקע זיכ אופהייבנ צו הייליקער פאַרטיידיקונגס-מילכאָמע. „מיר, אַרבעטער אונ פויערימ, זאָגנ זיכ אונ דער גאַנצער וועלט, אונ מיר וועלנ עס קענענ דערווײַזנ, אַז מיר וועלנ ווי איינ מענטש זיכ שטעלנ אָפ צו פאַרטיידיקנ די סאָוועטנ-רעפובליק"[4].

די ערשטע וואָכנ רעוואָליוציע איז לענינ געווענ אינגאַנצנ פאַרנומענ מיט בויענ די נאָרוואָס אופגעקומענע, סאָוועטישע מעלוכע, אַ נײַע מעלוכע, וואָס אַזאַ איז נאָכ קיינמאָל אינ דער געשיכטע ניט געווענ. אונטער זײַנ אָנפירונג האָבנ די פאָלקס-מאסנ אָפגעריניקט דעמ באָדנ פאַר דער בויונג פונ דעמ פראַכטפולנ בינינ פונעמ סאָציאַליזמ. עס איז צעשטערט געוואָרנ דער גאַנצער אפאַראַט פונ דער אַלטער בורזשואַזער מאַכט, עס איז אײַנגעבראָכנ געוואָרנ דער סאַבאָטאַזש פונ די באַאַמטע, עס איז צעטריבנ געוואָרנ די קאָנטררעוואָליוציאָנערע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. עס זײַנענ פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרנ די רעשטלעכ לײַב-אייגנטומ אָפ אַלע געביטנ פונעמ געזעלשאַפטלעכנ לעבנ: דער פריצישער ערד-באַזיצ, די שטאַנדנ, די ניט-גלײַכבאַרעכטיקונג פונ די פרויענ, די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, די פריווילעגירטע לאַגע פונ דער קירכ. דעמלט טאַקע זײַנענ אויכ פאַרלייגט געוואָרנ די ערשטע ווינקל-שטיינער פונעמ סאָציאַליזמ: עס איז אײַנגעפירט געוואָרנ אַנ אַרבעטער-קאָנטראָל איבער דער געזעלשאַפטלעכער פראָדוקציע אונ דער פאַרטיילונג פונ די פראָדוקטנ, עס זײַנענ נאַציאָנאַליזירט געוואָרנ די בענק, מע איז צוגעטראָטנ צו נאַציאָנאַליזירנ די אײַזנבאַנענ אונ די גרויס-אינדוסטריע.

לענינ איז דער איניציאַטאָר פונ אַלע גרונט-דעקרעטנ פונ דער סאָוועטנ-מאַכט, דער אווטאָר פונ אַ באַדײַטנדיקנ טייל זייערנ. צע-

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXII ז. 61

2 לענינ. ווערק, ב. XXIII ז. 34.

3 דאָרטנ, ז. 13—14.

4 דאָרטנ, ז. 16.

שטערנדיק ביזנ גרונט דאָס אלטע, האָבנ איינע פונ די דאָזיקע דעקרעטנ דורכגעלייגט א ברייטנ וועג אינ דער ליכטיקער צוקונפט ארײַנ; די אנדערע ווידער האָבנ אָנגעמערקט די קאָנטורנ פונ דער דאָזיקער צוקונפט. „אונדזער דעקרעט, — האָט געזאָגט לענינ, — איז א רופ, אָבער ניט קיינ רופ אינ פריִערדיקנ גײַסט: „ארבעטער, הייבט זיכ אופ, וואַרפט אראָפּ די בורזשואזיע!“. ניינ, דאָס איז א רופ צו די מאסנ, א רופ צו פראקטישער ארבעט. *די דעקרעטנ — דאָס זײַנענ אינסטרוקציעס, וואָס רופנ צו פראקטישער מאסנ-ארבעט*. אָט דאָס איז וויכטיק“[1].

אלע אָרגאנענ פונ דער סאָוועטנ-מעלוכע, אלע פאָלקאָמאטנ זײַנענ געשאפנ געוואָרנ אונטער לענינס דירעקטער אָנפירונג. לויט זײַנ איניציאטיוו איז געשאפנ געוואָרנ די אלרוסלענדישע אויסעראָרדנטלעכע קאָמיסיע אָפּ צו קעמפנ קעגנ דער קאָנטררעוואָלוציע (וועטשעקא[2]) — דער שארפער שווערד פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור. בעראָש פונ אָט דער קאָמיסיע איז אוועקגעשטעלט געוואָרנ דזערזשינסקי. לענינענ געהערט די אידיי צו שאפנ דעם העכסטנ ראט פאר פאָלקסווירטשאפט — דעם ערשטנ פראָלעטארישנ אָרגאנ צו פירנ אונ פלאנירנ די סאָציאליסטישע פאָלקסווירטשאפט.

לויט לענינס פאָרשלאָג האָט דער II אלרוסלענדישער סאָוועטנ-צוזאמענפאָר געשאפנ אנ אָרגאנ פונ נאציאָנאלער פּאָליטיק, אנ אָרגאנ, וואָס איז ניט בעניִמצע אינ דער קאפּיטאליסטישער וועלט, — דעם פאָלקס-קאָמיסאריאט פאר אָנגעלעגנהייטנ פונ די נאציאָנאליטעטנ (פאָלקאָמנאצ). בעראָש פונעם פאָלקאָמנאצ איז געשטעלט געוואָרנ לענינס בעסטער מיטקעמפער — כאווער סטאלינ. דעם 3 (16) נאָיאבער 1917 יאָר איז מיט לענינס אונ סטאלינס אונטערשריפטנ פארעפנטלעכט געוואָרנ די „דעקלאראציע פונ די רעכט פונ די פעלקער פונ רוסלאנד“, אינ וועלכער עס זײַנענ מיט אויסשעפנדיקער קלאָרקייט פאָרמולירט געוואָרנ די פּרינציפּנ פונ דער נאציאָנאלער פּאָליטיק פונ דער סאָוועטנמאכט. די דעקלאראציע האָט אופגעהויבנ צו א נײַעמ לעבנ די פילמיליאָניקע מאסנ פונ די פריִער אונטערדריקטע פעלקער, האָט פארלייגט א פעסטנ פונדאמענט פונ דער אײַזנפעסטער פרײַנטשאפט פונ די סאָוועטישע פעלקער.

אזוי האָט זיכ געבויט די מעלוכע פונ נײַעמ טיפּ, א מעלוכע, וועלכע איז בלוטיק פארבונדנ מיטנ פאָלק, וועלכע אנטשפּרעכט אינגאנצנ די אינטערעסנ פונעם פאָלק, א מעלוכע, וואָס דאָס פאָלק אליינ שאפט זי. די ערשטע טריט פונ דער סאָציאליסטישער בויונג, דער אָנהייב פונ דער סאָוועטישער אָרגאניזירונג פונ דער פּאָליטישער אינ ווירטשאפטלעכער פארוואלטונג האָבנ, נאטירלעכ, געפאָדערט פונ לענינענ — דעם גרינדער פונ דער סאָוועטישער מעלוכע — אנ אָנגע-

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 166.

2 Всероссийская чрезвычайная комиссия по борьбе с контрреволюцией (ВЧК).
רעד. פונ דער איבערזעצונג.

שטרענגסטע טעאָרעטישע און אָרגאניזאציאָנעלע ארבעט, האָט געפאָדערט צו זוכנ, און פיל מאָל איבערמאכנ, אויספרוּוונ און דורכקאָנטראָלירנ פארשיידענע פאָרמענ און אינסטיטוציעס, פארשיידענע מעטאָדנ און אויפאנימ פונ אָרגאניזירנ די מאסנ. לענינ האָט אויפמערקזאמ דערלערנט און וויסנשאפטלעכ פאראלגעמיינערט די פראקטישע דערפארונג פונ מיליאָנענ ארבעטנדיקע אפנ געביט פונ בויענ דאָס נייע לעבנ. ער האָט געשטרעבט איינצופלאנצנ אינ די פאָלקס-מאסנ דאָס געפיל פונ זיכערקייט אינ די אייגענע קרעפטנ, געבנ זיי צו פארשטיינ, אז מע קאָנ זיכ באגיינ אָנ די אלטע באלעבאטימ פונעמ לעבנ, אז איצט איז באלעבאָס דאָס פאָלק זעלבסט. ווענדנ די איניציאטיוו פונ די מאסנ אפ צו בויענ דאָס נייע לעבנ — דאָס איז די אידיי, וואָס גייט דורכ ווי א רויטער פאָדעמ אינ לענינס גאנצער מעלוכעטעטיקייט, אינ זיינע דעקרעטנ, אויפרופנ, ארטיקלענ, רעדעס און פאָרטראָגנ. „סאָציאליזמ, — האָט געזאָגט לענינ אפ דער זיצונג פונעמ וציק דעמ 4 (17) נאָיאבער 1917 יאָר, — ווערט ניט געשאפנ לויט אוקאזנ פונ אויבנ. דעמ גייסט פונ סאָציאליזמ איז פרעמד דער קאזיאָנער-ביוראָקראטישער אווטאָמאטיזמ; דער לעבעדיקער סאָציאליזמ, דער שעפערישער, איז א שאפונג פונ די פאָלקס-מאסנ גופע“[1].

לענינ איז געווענ איבערצייגט, אז די איניציאטיוו פונ די מאסנ, די שעפערישקייט פונ די ארבעטער און פויערימ וועט ארויסרופנ פארשיידנארטיקע פאָרמענ און מעטאָדנ, וואָס זיינענ נייטיק אפ אָנצופירנ מיט דער מעלוכע, אפ אופצוהייבנ די ארבעטס-פראָדוקטיווקייט, אפ צו דערציענ פאָליטיש און קולטורעל דאָס פאָלק. אינ דער ווענדונג „צו דער באפעלקערונג“ דעמ 5 (18) נאָיאבער האָט לענינ גערופנ: „כאווײרימ ארבעטנדיקע! געדענקט, אז איר אליינ פירט איצט אָנ מיט דער מעלוכע. קיינער וועט אייכ ניט העלפנ, אויב איר אליינ וועט זיכ ניט פאראייניקנ און וועט ניט נעמענ אלע איניאָנימ פונ דער מעלוכע אינ אייערע הענט. אייערע סאָוועטנ זיינענ פונ היינט אָנ אָרגאנענ פונ דער מעלוכע-מאכט, פולמעכטיקע, אנטשיידנדיקע אָרגאנענ“[2].

לענינ האָט געפאָדערט פונ די אָרטיקע סאָוועטנ, זיי זאָלנ זעלבשטענדיק לייזנ די אָרטיקע פראגנ, ער האָט געוועקט אינ זיי איניציאטיוו, האָט זיכ געזועג צו דערשלאָגנ, אז זיי זאָלנ זיכ פירנ ווי פאָרשטייער פונ דער מעלוכע-מאכט.

סאָפ דעקאבער 1917 יאָר האָט לענינ גערוט עטלעכע טעג אינ פינלאנד, ניט ווייט פונ פעטראָגראד. אינ די טעג פונ דעמ קורצווייליקנ „אורלויב“ האָט ער א סאכ געטראכט וועגנ די וועגנ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג, ער האָט אָנגעשריבנ דעמ באוווסטנ ארטיקל „וויאזוי דארפ מענ אָרגאניזירנ דעמ געוועט?“.

די סאָציאליסטישע מאָסמיטלענ פונ דער סאָוועטישער רעגירונג האָבנ ארייַנגעבראכט אינ א ווילדנ צאָרנ די בורזשואזיע און אירע

1 לענינ, ווערק, ב. XXII, ז. 45.

2 דאָרטנ, ז. 55.

ליאקייענ — די מענשעוויקעס און עסערנ. אלע סאָנימ פונעמ פאָלק, דערמוטיקט און געשטיצט פונ די רעגירונגענ פונ די אימפעריאליסטישע מעלוכעס, האָבנ אָנגעהויבנ פירנ א פארצווייפלטנ קאמפ קעגנ דער סאָוועטנמאכט. עס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ קאָנטררעוואָליוציאָנערע פארשווערונגענ און טעראָריסטישע אקטנ קעגנ די אָנפירער פונ דער פארטיי און פונ דער רעגירונג, אינ דער ערשטער ריי קעגנ לענינענ. דעמ 1 (14) יאנוואר 1918 יאָר איז אפ לענינענ געמאכט געוואָרנ אנ אטענטאט: די טעראָריסטנ האָבנ באשאָסנ דעמ אווטאָמאָביל, אינ וועלכנ ער איז געפאָרנ. דער אווטאָמאָביל איז אינ עטלעכע ערטער דורכגעלעכערט געוואָרנ, אָבער לענינ איז געבליבנ גאנצ.

אפ אראָפצוווארפנ די סאָוועטנמאכט האָט די קאָנטררעוואָליוציע געוואָלט אויסנוצנ די גרינדונגס־פארזאמלונג. די באָלשעוויקעס האָבנ זי צונויפגערופנ מיט אזא ציל: אָדער זי וועט זיכ לאָזנ שטעלנ צו דינסט די אינטערעסנ פונעמ פאָלק, אָדער, אויב זי וועט דערופ ניט איינגיינ, באווייזנ די פאָלקס־מאסנ, אז דאָס איז אנ אינסטיטוציע, וואָס גייט קעגנ פאָלק. די גרינדונגס־פארזאמלונג — זי איז געעפנט געוואָרנ דעמ 5 (18) יאנוואר 1918 יאָר — האָט זיכ אָפגעזאָגט צו אָנערקענענ די סאָוועטנמאכט און צו באשטעטיקנ די סאָוועטישע דעקרעטנ. אזוי־ארומ האָבנ די מאסנ מיט די אייגענע אויגנ דערזענ איר קאָנטררעוואָליוציאָנערנ פארצעפ און האָבנ זיכ איבערצייגט דערינ, אז מע דארפ זי צעטרייבנ. דאָס צעטרייבנ די גרינדונגס־פארזאמלונג איז, לויט לענינס אויסדרוק, געווענ א קלאפ איבער די פעטישנ פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע, דער דעמאָקראטיע פאר די רייכע — א קלאפ, וואָס האָט זיכ געלאָזט פילנ אינ דער גאנצער וועלט.

דעמ 10 (23) יאנוואר 1918 יאָר האָט זיכ געעפנט דער III אלרוסלענדישער סאָוועטנ־צוזאמענפאָר. די יונגע סאָוועטנמאכט איז דעמאלט אלט געווענ 2 כאדאָשימ מיט 15 טעג. לענינ איז ארויסגעטראָטנ אפנ צוזאמענפאָר מיט א פאָרטראָג וועגנ דער טעטיקייט פונעמ ראטפאָלקאָמ; ער האָט אָנגעמאָלט א קלאָר בילד פונ דעמ, ווי ס'וועט געשאפנ א נייער טיפ מעלוכע־מאכט — די סאָציאליסטישע סאָוועטנ־רעפובליק. „אונדזער סאָציאליסטישע סאָוועטנ־רעפובליק, — האָט געזאָגט לענינ, — וועט שטיינ פעסט, ווי א פאקעל פונעמ אינטערנאציאָנאלנ סאָציאליזמ און ווי א ביישפיל פאר אלע ארבעטנדיקע מאסנ“[1]. דער סאָוועטנ־צוזאמענפאָר האָט באשטעטיקט די „דעקלאראציע פונ די רעכט פונעמ ארבעטנדיקנ און עקספלואטירטנ פאָלק“, וועלכע לענינ האָט פאָרגעלייגט. אָט די היסטאָרישע דעקלאראציע — דער עסקיז פונ דער ערשטער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע — האָט אפ א געזעצגעבערישנ אופנ פארפעסטיקט די ערשטע טריט פונ דער סאָוועטישער אָרדענונג.

לענינ האָט פארשטאנענ, אז קאָלזמאנ רוסלאנד געפינט זיכ אינ א צושטאנד פונ מילכאָמע מיט דייטשלאנד, קאָנ מענ ניט האלטנ די לאגע פונ דער סאָוועטנמאכט פאר פולשטענדיק פארפעסטיקט. קעדיי

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXII, ז. 218.

צו פארפעסטיקנ די סאָוועטנמאכט האָט מענ געדארפט מאכנ א סאָפ צו דער מילכאָמע. האָט לענינ טאקע פונ די ערשטע טעג אָנ, ווי נאָר עס האָט געזיגט די אָקטיאבער-רעוואָליוציע, פאנאנדערגעוויקלט א קאמפ פאר שאָלעם. אינעם היסטאָרישנ דעקרעט וועגנ שאָלעם האָט לענינ דעם 26 אָקטיאבער (8 נאָיאבער) 1917 יאָר אינ נאָמענ פונ דער סאָוועטנ-רעגירונג פאָרגעלייגט „אלע מילכאָמע-האלטנדיקע פעלקער אונ זייערע רעגירונגענ טייקעפ אָנהייבנ אונטערהאנדלונגענ וועגנ א גערעכטיקנ דעמאָקראטישנ שאָלעם“[1].

די בורזשואזיע אונ אירע אגענטנ — די מענשעוויקעס אונ עסערנ האָבנ געפרוווט אראָפרייסנ די שאָלעמ-אונטערהאנדלונגענ מיט דייטשלאנד, פראָוואָצירנ אנ אָנגריפ פונ די דייטשנ אונ אוועקשטעלנ די סאָוועטנמאכט, וואָס האָט זיכ נאָכ ניט געהאט פארפעסטיקט, אונטער די קלעפ פונ דער דייטשישער קריגס-מאשינ. פונקט אזא פאָזיציע האָט פארנומענ אויכ די אויבער-קאָמאנדשאפט, דער גענעראליטעט פונ דער אלטער ארמיי, וועלכע האָט סאבאָטירט די פארארדענונגענ פונ דער סאָוועטישער רעגירונג. דעם 9 (22) נאָיאבער באנאכט האָבנ לענינ אונ סטאלינ געפירט טעלעפאָניש אינטערהאנדלונגענ מיטנ הויפט-קאָמאנדיר גענעראל דוכאָנינ. זיי האָבנ אים פארלייגט אָפשטעלנ די קריגס-אָפעראציעס אונ אָנהייבנ אונטערהאנדלונגענ מיט די דייטשנ וועגנ וואָפנשטילשטאנד. „א מינוט איז דאָס געווענ א שווידערהאפטע, — דערציילט כאווער סטאלינ, — דוכאָנינ אונ די הויפט-קווארטיר האָבנ זיכ קאטעגאָריש אָפגעזאָגט אויספילנ דעם באפעל פונעם ראטפאָלקאָם. דער קאָמאנדירנ-באשטאנד פונ דער ארמיי האָט זיכ געפונענ אינגאנצנ אינ די הענט פונ דער הויפט-קווארטיר. וואָס איז שייכ די סאָלדאטנ, איז געווענ אומבאוווסט, וואָס וועט זאָגנ די 12-מיליאָניקע ארמיי, וואָס איז אונטערגעוואָרפנ די אזויגערופענע ארמייִשע אָרגאניזאציעס, וועלכע זיינענ געשטימט קעגנ דער סאָוועטנמאכט. אינ פעטער גופע האָט דאנ, ווי באוווסט, געהאלטנ בא אויסברעכנ אנ אופשטאנד פונ די יונקערס... ס'געדענקט זיכ, ווי נאָכ א געוויסער פאוזע, באם דראָט, האָט לענינס פאָנעם אויפגעהעלט מיט עפעס אנ אויסערגעוויינלעכער שיינ. ס'איז קאָנטיק געווענ, אז ער האָט שוינ אָנגענומענ א באשלוס“[2].

לענינ האָט פאָרגעלייגט טייקעפ, באנאכט, גיינ צו דער ראדיאָ-סטאנציע, דורכ א ספעציעלנ באפעל אראָפזעצנ דעם גענעראל דוכאָנינ אונ זיכ ווענדנ צו די סאָלדאטנ אריבער די קעפ פונ דעם קאָמאנדירנ-באשטאנד מיט א רופ — „ארומרינגלענ די גענעראלנ, אָפשטעלנ די קריגס-אָפעראציעס, פארבינדנ זיכ מיט די עסטרייכיש-דייטשישע סאָלדאטנ אונ נעמענ די זאכ פונ שאָלעם אינ די אייגענע הענט“.

„דאָס איז געווענ א „שפרונג אינ דער אומבאוווסטקייט“. לענינ האָט אָבער ניט מוירע געהאט פאר אָט דעם „שפרונג“, פארקערט,

1 לענינ. ווערק, ב. XXII, ז. 13.

2 י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 34, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, 1944.

ער איז אימ געגאַנגענ אנטקעגנ, ווײַל ער האָט געוווּסט, אז די אַרמיי וויל שאָלעמ, און זי וועט דעראָבערנ דעמ שאָלעמ, אָפּראַמענדיק פונעמ וועג צומ שאָלעמ אַלע און אַלערליי שטערונגענ, ווײַל ער האָט געוווּסט, אז אַזאַ אויפנ פונ אײַנשטעלנ דעמ שאָלעמ וועט ניט דורכגיינ אומזיסט פאַר די עסטרײַכיש-דײַטשישע סאָלדאַטנ, אז ער וועט צעבינדנ דעמ דראַנג צו שאָלעמ אַפ אַלע פראָנטנ אָנ אויסנאַמ.

ס'איז באַוווּסט, אז דאָס דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע פאָרויסזען לענינס איז נאָכדעמ אויכ מעקויעמ געוואָרנ מיט דער גאַנצער פּינקטלעכקייט"[1].

לענינ האָט פאַרשטאַנענ, אז א מילכאָמע פונ דער יונגער סאָוועטישער רעפּובליק, וואָס האָט נאָכ קיינ אַרמיי ניט, קעגנ דעמ פונ קאָפּ ביז די פיס באַוואָפנטנ דײַטשישנ אימפּעריאַליסטישנ רויבער קאָנ ברענגענ צומ אומקומ פונ דער סאָוועטנמאַכט. ער האָט געוווּסט, אז פאַר דער סאָוועטישער רעפּובליק איז א שאָלעמ מעגלעכ, ווײַל אינ איר פּאָליטיק שטיצט זי זיכ אַפ די טיפסטע ווידערשפּרוכנ, וואָס צעפּליקנ דעמ וועלט-אימפּעריאַליזמ, ווידערשפּרוכנ, וואָס האָבנ די צוויי אימפּעריאַליסטישע גרונט-גרופּעס — די ענגליש-פראַנצויזישע און די דײַטשישע געוואָרפנ אינ א טויט-געראַנגל. אינעמ קאַמפּ פאַר שאָלעמ האָט לענינ אויסגעאַרבעט די גרונט-פּרינציפּנ פונ דער אויסערנפּאָליטיק פונעמ סאָוועטנ-לאַנד, וואָס געפינט זיכ אינ א קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג. דאָס שליסנ שאָלעמ, האָט אָנגעוויזנ לענינ, וועט ניט אָפּשוואַכנ, נאָר, פאַרקערט, וועט נאָכ מער פאַרשטאַרקנ די אינטערנאַציאָנאַלע באַדײַטונג פונ אונדזער רעוואָלוציע. „דער בײַשפּיל פונ דער סאָציאַליסטישער סאָוועטישער רעפּובליק אינ רוסלאַנד וועט זײַנ א לעבעדיקער מוסטער פאַר די פעלקער פונ אַלע לענדער, און די פּראָפּאַגאַנדיסטישע, רעוואָלוציאָניזירנדיקע ווירקונג פונ דעמ דאָזיקנ מוסטער וועט זײַנ א גיגאַנטישע. דאָ — בורזשואַזע אָרדענונג און די ביזנ סאָפ אַנטפּלויזטע פאַרכאַפּערישע מילכאָמע פונ צוויי גרופּעס רויבער. דאָרטנ — שאָלעמ און סאָציאַליסטישע סאָוועטנ-רעפּובליק"[2].

לענינ האָט טיפ געגלייבט אינ די אומדערשעפּלעכע קרעפטנ פונ אונדזער רעוואָלוציע, אינ איר קאָלאָסאַלער אינטערנאַציאָנאַלער באַדײַטונג. אינ דער סאָוועטישער רעפּובליק האָט לענינ געזען די פעסטונג און די באַזע פונ דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע און האָט אומ יעדנ פרײַז געשטרעבט אײַנהיטנ איר עקזיסטענצ. ווי שווער עס זאָלנ ניט געווענ די שאָלעמ-באַדינגונגענ, „קאָנ ניט אומקומענ א פאָלק, וואָס האָט געקענט שאַפנ סאָוועטנמאַכט"[3]. אַזאַ פאָלק וועט פונ אַלע ניסיוינעס אַרויס אַלס זיגער.

1 י. סטאַלינ. וועגנ לענינען, ז. 34 — 35, מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס", 1944.

2 לענינ. ווערק, ב. XXII, ז. 198.

3 דאָרטנ, ז. 401.

ווענ יעדנ טראָט אינ קאַמפ פאַר שאָלעמ האָט זיך לענינ אָנ אייצע געהאַלטנ מיט סטאַלינען. לענינ אונ סטאַלינ האָבנ אײנײנעמ אויסגעאַרבעט די דירעקטיווג פאַר דער סאָוועטישער שאָלעמ-דעלעגאַציע אינ בריסק. ווענ די דעלעגאַציע האָט געבעטנ בא לענינענ ווײַטערדיקע דירעקטיווג, האָט ער געענטפערט: „סטאַלינ איז ניטאָ אונ איך האָב אימ נאָך ניט געקאָנט ווײַזנ... פריער, אײדער איך וועל ענטפערנ אַפ אײַער פראַגע, וואָלט זיך מיר געוואָלט באַראַטנ זיך מיט סטאַלינענ". אינ א שטיקל צײַט אַרומ האָט לענינ מיטגעטײלט דער דעלעגאַציע: „אָט איז געקומענ צו פאָרנ סטאַלינ, וועלנ מיר מיט אים באַטראַכטנ אונ אײַך באַלד געבנ א געמײנזאַמענ ענטפער". די דירעקטיוו אונטערצושרײַבנ שאָלעמ איז געשיקט געוואָרנ קײנ בריסק מיט לענינס אונ סטאַלינס אונטערשריפטנ.

צוזאַמענ מיט דער בורזשואַזיע, מיט די עסערנ אונ מענשעוויקעס האָבנ זיך קעגנ שליסנ שאָלעמ מיט דײַטשלאַנד פאַרביסנ קעגנגעשטעלט אויך טראָצקי אונ זײַנ מיטהעלפער בוכאַרינ. אונטער דער מאַסקע פונ לינקע פראַזעס האָבנ די טראָצקיסטנ אונ בוכאַרינצעס געפירט א פראָוואָקאַטאָרישע פאָליטיק, — זײ האָבנ געפאָדערט פאָרזעצנ די מילכאָמע, קעדײ פאַקטיש צו שטעלנ די סאָוועטישע רעפובליק אונטער די קלעפ פונעמ דײַטשישנ אימפּעריאַליזמ. דעמ 28 יאַנוואַר (10 פעווראַל) 1918 יאָר האָט טראָצקי, וואָס איז געווענ פאָרזיצער פונ דער סאָוועטישער שאָלעמ-דעלעגאַציע אינ בריסק, זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרײַבנ שאָלעמ מיט דײַטשלאַנד אונ האָט אַזוי אַרומ פאַרעטעריש געבראָכנ די בעפײרעשע דירעקטיווג פונ דער באָלשעוויסטישער פאַרטײ. דעמ 18 פעווראַל איז די דײַטשישע אַרמײ אַריבער אינ אָנגריפ. א גרויזאַמע געפאַר האָט זיך אָנגערוקט אַפנ סאָוועטנ-לאַנד.

דעמ 18 פעווראַל אינדערפרי האָט זיך פאַרזאַמלט דער צק פונ דער באָלשעוויסטישער פאַרטײ. לענינ האָט ענערגיש געפאָדערט טײקעפ צו שיקנ די דײַטשנ א טעלעגראַמע וועגנ שליסנ שאָלעמ. טראָצקי אונ בוכאַרינ האָבנ אַקשאָנעסדיק פאָרגעזעצט זײער פראָוואָקאַציאָנעלע ליניע פונ מילכאָמע-אונטערצינדער, זײ האָבנ געטײַנעט, אַז „דער דײַטש וועט ניט וואַגנ אָנגרײַפנ". מיט דער מערהײַט פונ אײנ שטימ איז לענינס פאָרשלאָג וועגנ שאָלעמ אָפּגעוואָרפנ געוואָרנ. עטלעכע שאָ זײַנענ אַוועק, אונ דאָס לעבנ האָט אָפּ פיצ-פיצלעך צעקלאַפּט די ליגנערישע טײַנעס פונ די פאַרעטער: דאָס דײַטשישע מיליטער איז אַפנ גאַנצנ פראָנט אַריבער אינ אָנגריפ, די רעשטלעך פונ דער אַלטער אַרמײ האָבנ ניט געקאָנט בײַשטײנ די פונ קאָפּ בינ די פיס באַוואָפנטע דײַטשישע כאַיאָלעס. די אַרמײ פונ די דײַטשישע אימפּעריאַליסטנ האָט ניט באַגעגנט קײנ ערנסטנ ווידערשטאַנד אונ האָט שנעל מאַרשירט פאָרויס. אינ געפאַר איז געשטאַנענ פעטראָגראַד. מער האָט מענ ניט געטאָרט זאַמענ קײנ אײנ רעגע.

דעמ זעלבנ טאָג אינ אָוונט האָט זיך א צווײט מאָל פאַרזאַמלט דער צק פונ די באָלשעוויקעס. לענינ אונ סטאַלינ זײַנענ אַנטשײדנ אַרויסגעטראָטנ קעגנ טראָצקינ אונ בוכאַרינענ. זײ האָבנ אויפגערעקט

דעמ פארעטערישנ כאראקטער פונ זייער ליניע. פאר לענינס פאָרשלאָג — מיטיילנ דער דייטשישער רעגירונג וועגנ דער האסקאָמע טייקעפ צו שליסנ שאָלעמ — האָט זיכ ארויסגעזאָגט די מערהייט מיטגלידער פונ צק.

אינ דער נאכט פונ 18 אפנ 19 פעווראל האָט לענינ אינ נאָמענ פונעמ ראטפאָלקאָמ געשיקט א ראדיאָגראמע דער דייטשישער רעגירונג וועגנ דער האסקאָמע אונטערצושרייבנ שאָלעמ. די דייטשישע אימפעריאליסטנ האָבנ זיכ אָבער ניט געאיילט צו געבנ אנ ענטפער אונ האָבנ פאָרגעזעצט דעמ אָנגריפ. ערשט דעמ 22 פעווראל האָבנ זיי געגעבנ זייער האסקאָמע אונטערצושרייבנ שאָלעמ, דערביי האָבנ זיי אָבער ארויסגעשטעלט נאָכ שווערערע באדינגונגענ, איידער די פריערדיקע.

די דאָזיקע טעג זיינענ פול מיט לענינס אומדערמידלעכנ קאמפ פאר שאָלעמ. דעמ 19 פעווראל טרעט ער צוויי מאָל ארויס מיט רעדעס וועגנ מילכאָמע אונ שאָלעמ, צוערשט אפ דער זיצונג פונעמ ראטפאָלקאָמ, דערנאָכ אפ דער פאריייניקטער באראטונג פונ די באָלשעוויקעס אונ „לינקע“ עסערנ — מיטגלידער פונ וציק, פונ די דעלעגאטנ פונ דער פעטראָגראדער קאָנפערענצ פונ די באָלשעוויקעס אונ פונעמ אלרוסלענדישנ צוזאמענפאָר פונ די פויערימ־דעפוטאטנ. צוויי מאָל טרעט לענינ ארויס אויכ אפ מאָרגנ אינ אָוונט — אפ דער פאריייניקטער זיצונג פונ די פראקציעס באָלשעוויקעס אונ „לינקע“ עסערנ — מיטגלידער פונ וציק. דעמ 21 פעווראל באווייזט זיכ אינ דער „פראוודא“ זיינ ערשטער ארטיקל קעגנ די טראָצקיסטיש־בוכארינישע מילכאָמע־אונטערצינדער — „וועגנ דער רעוואָלוציאָנערער פראזע“, אפ מאָרגנ באווייזט זיכ א צווייטער ארטיקל — „וועגנ קרעצ“.

ארייננעריסנ זיכ אינ סאָוועטנ־לאנד, האָט זיכ דער דייטשישער אימפעריאליזמ געשטעלט פאר א ציל אראָפצוווארפנ די סאָוועטנמאכט אונ פארוואנדלענ אונדזער היימלאנד אינ זיינער א קאָלאָניע. מע האָט געדארפט פארטיידיקנ דאָס סאָציאליסטישע פאָטערלאנד קעגנ די דייטשישע אינטערווענטנ. לענינ אָרגאניזירט דרינגענד די פארטיידיקונג פונעמ לאנד. זיינ נאָענטסטער געהילפ איז געווענ כאווער סטאלינ. ווענ לענינ אונ סטאלינ האָבנ באקומענ די ערשטע יעדיעס וועגנ דעמ, אז עס גרייט זיכ אנ אָנגריפ פונעמ דייטשישנ מיליטער, האָבנ זיי גלייכ אָנגענומענ עקסטרע מיטלענ. דעמ 18 פעווראל אינ דערפרי האָבנ זיי געהאט א שמועס דורכנ דירעקטנ קאבעל מיט די מיטגלידער פונעמ דווינסקער סאָוועט אונ האָבנ געגעבנ פינקטלעכע אונ קלאָרע דירעקטיוונ, וואָס צו טאָנ, קעדיי צו פארשווערנ די דייטשנ זייער מארש פאָרויס אונ ניט לאָזנ זיי פארכאפנ די קאָלאָסאלע רעזערוונ קריגס־פארמעגנ.

דעמ 21 פעווראל 1918 יאָר האָט זיכ לענינ אינ נאָמענ פונעמ ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ געווענדט מיט א דעקרעט — אנ אופרופ: „דאָס סאָציאליסטישע פאָטערלאנד איז אינ געפאר“. יעדע שורע פונ דעמ דאָזיקנ מערקווירדיקנ דאָקומענט איז דורכגעדרונגענ מיטנ טיפסטנ געפיל פונ סאָוועטישנ פאטריאָטיזמ.

„דער הייליקער כויוו פונ די ארבעטער און פויערים פונ רוסלאנד, — האָט גערופנ לענינ, — איז מעסירעסנעפעשדיק פארטיידיקנ די סאָוועטנ-רעפובליק קעגנ די כאיאָלעס פונ דעמ בורזשואז-אימפעריאליסטישנ דײַטשלאנד". דער רעוואָליוציאָנערער פארטיידיקונג דארפנ אײַנגאנצנ אָפּגעגעבנ ווערנ אלע קרעפטנ און מיטלענ פונעמ לאנד. אלע אָרטיקע סאָוועטנ, אלע ארבעטער און פויערים האָט לענינ גערופנ „פארטיידיקנ יעדע פאָזיציע ביזנ לעצטנ טראָפּנ בלוט", מיט אלע קויכעס שטערנ דעמ סוינע אויסצונוצנ אונדזער גוטס; באַמ אָפּטרעטנ פארניכטנ די וועגנ, אופרײַסנ און פארברענענ די אײַזנבאנגעבײַדעס; דעמ גאנצנ אײַזנבאנ-פארק — די וואגאָנענ און לאָקאָמאָטיוונ — טײַקעפּ אוועקשיקנ אפּ מיזרעכ טיפ אינ לאנד. אלע שפּײַזזאפּאסנ און ביכלאל די דערנערונגס-זאפּאסנ, אלדאָס ווערטפולע האָב-און-גוטס, וואָס זיי דראָעט די געפאר ארײַנצופאלנ צומ סוינע אינ די הענט און זיי קאָנענ ניט ארויסגעפירט ווערנ, דארפ מענ פארניכטנ.

די ארבעטער און פויערימ פונ פעטראָגראד און קיעוו, פונ אלע שטעט, שטעטלעכ און דערפער בא דער ליניע פונעמ נײַעמ פראָנט האָט לענינ גערופנ צו שאפנ באטאליאָנענ אפּ צו גראָבנ שוצגראָבנס אונטער דער אָנפירונג פונ מיליטערישע ספעציאליסטנ.

„דעמ סוינעס אגענטנ, ספעקוליאנטנ, פאַגראָמשטשיקעס, כוליגאנעס, קאָנטררעוואָליוציאָנערע אגיטאטאָרנ, דײַטשישע שפּיאָנענ ווערנ דערשאָסנ אפּנ אָרט פונ פארברעכנ.

דאָס סאָציאליסטישע פאָטערלאנד איז אינ געפאר! זאָל לעבנ דאָס סאָציאליסטישע פאָטערלאנד!"[1].

אונטער לענינס פערזענלעכער אָנפירונג און באַמ נאָענטסטנ אָנטייל פונעמ כאווער סטאלינ איז געשאפנ געוואָרנ דער אויסעראָרדנטלעכער שטאב באַמ פעטראָגראדער מיליטערישנ קרײַז. זײַנ אופגאבע איז געווענ דירעקט אינ אָפּעראטיווו אָנפירנ מיט דער פארטיידיקונג פונ פעטראָגראד, ווו ס'איז דערקלערט געוואָרנ באלאגערונגס-צושטאנד.

לענינס רופ צו פארטיידיקנ דאָס סאָציאליסטישע פאָטערלאנד קעגנ דער באוואָפנטער אינטערווענצ פונ די דײַטשישע אימפעריאליסטנ האָט ארויסגערופנ א מעכטיקנ רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג אינ לאנד. אומעטומ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ שאפנ אָטריאדנ פונ דער נײַער ארמיי פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פאָלק — פונ דער רויטער ארמיי. די יונגע רויטע ארמיי האָט העלדיש אָפּגעשלאָגנ דעמ אָנגריפ פונעמ דײַטשישנ רויבער. דעמ 23 פעוורال 1918 יאָר האָט די סאָוועטישע ארמיי דערלאנגט א צעשמעטערנדיקנ קלאפּ די דײַטשישע אָקופאנטנ אונטער פסקאָוו און נארווע. דער מארש פונ די דײַטשנ צו פעטראָגראד איז אָפּגעשטעלט געוואָרנ. „דער טאָג, ווענ עס איז געגעבנ געוואָרנ א ווידערשטאנד דעמ מיליטער פונעמ דײַטשישנ אימפעריאליזמ — דער 23 פעווראל — איז געוואָרנ דער געבורטס-טאָג פונ דער יונגער רויטער ארמיי"[2].

---

1 „איזוועסטיא וציק", נומ. 31 פונ 22 פעווראל 1918 י.

2 „געשיכטע פונ דער אלקפּ(ב). קורצער קורס", ז. 256, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס", 1940 י.

דעם 23 פעווראל אינדערפרי זײַנען באַקומען געוואָרן די נײַע
דײַטשישע שאָלעם=באַדינגונגען. צו געבן אַ ענטפער איז פאַקטיש
געבליבן בלויז דער איין טאָג — דער 23 פעווראַל. דאָס איז געווען
א טאָג פון לענינס סאַמע שאַרפן און אָנגעשטרענגטן קאַמף פאַר
שאָלעם. אַפ דער היסטאָרישער זיצונג פונעם צק האָט לענין אַ ג א
שאַרפער און אולטימאַטיווער פאָרם געפאָדערט אָנצונעמען די דײַ=
טשישע באַדינגונגען, דערקלערנדיק, אַז „די פאָליטיק פון רעוואָליו=
ציאָנערער פראַזע איז געענדיקט“. לענינס ליניע האָבן פולקום מיט
דער גאַנצער קראַפט פאַרטיידיקט סטאַלין און סווערדלאָוו. „אָדער
אַ אָטעם=איבערכאַפ, אָדער דער אומקום פון דער רעוואָלוציע —
קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ“, — האָט געזאָגט סטאַלין. די טראָצ=
קיסטן און בוכאַרינצעס האָבן געשטעלט אַ פאַרביטערטן ווידער=
שטאַנד. לענינס ליניע האָט אָבער געזיגט. מיט אַ מערהײַט שטימען
האָט דער צק אָנגענומען לענינס פאָרשלאָג וועגן דער נייטיקײַט אײַנ=
צוגיין אַפ די דײַטשישע שאָלעם=באַדינגונגען.

וועגן זײַן פאָזיציע האָט לענין טייקעפ געגעבן צו וויסן דער
פאַרטיי און דעם לאַנד. יעדער פאַרטיי=מיטגליד, יעדער אַרבעטער
האָט מיט רעגונג געלייענט לענינס צאָרנדיקע ווערטער אין אָוונטיקן
נומער „פראַווּדאַ“ פון 23 פעווראַל:

„באַ אַזוינע באַדינגונגען, אינעם געגעבענעם מאָמענט קאָן בלויז
גרענעצלאָזע פראַזן=טרײַבערײַ שטויסן רוסלאַנד צו מילכאָמע, און איך
פערזענלעך וואָלט, נאַטירלעך, אַפ קיין איין מינוט ניט פאַרבליבן
ניט אין דער רעגירונג ניט אינעם צ.ק. פון אונדזער פאַרטיי, אויב
די פאָליטיק פון פראַזע וואָלט באַקומען די אויבערהאַנט...

זאָל וויסן יעדער איינער: ווער עס איז קעגן טייקעפדיקן, זאָל
זײַן אַפילע אַרכי=שווערן שאָלעם, דער ברענגט אום די סאָוועטן=
מאַכט“ [1].

דעם 23 פעווראַל אין אָוונט איז נאָך דער זיצונג פון צק פאָר=
געקומען אַ פאַרייניקטע פאַרזאַמלונג פון דער פראַקציע באָלשעוויקעס
מיט דער פראַקציע „לינקע“ עסערן — מיטגלידער פון וציק. לענין
האָט געהאַלטן אַ רעדע צו פאַרטיידיקן דעם שאָלעם. קעגן זיך האָט
ער געהאַט אַ איינהײַטלעכן פראָנט פון די טראָצקיסטן, ביכאַרינצעס
און „לינקע“ עסערן. גלײַך נאָכדעם איז פאָרגעקומען אַ באַזונדערע
זיצונג פון דער באָלשעוויסטישער פראַקציע פון וציק, וועלכע האָט
נאָך לענינס אַרויסטרעטונג מיט אַ מערהײַט שטימען באַוויליקט זײַן
פאָרשלאָג. ענדלעך, 3 אַזייגער אין דער נאַכט (פון 23 אַפן 24 פעוו=
ראַל) האָט זיך געעפנט די זיצונג פון וציק. לענין האָט געגעבן אַ
באַריכט וועגן די דײַטשישע שאָלעם=באַדינגונגען. נאָך אַ פאַרביטערטן
קאַמף האָט דער וציק 4½ אַזייגער אינדערפרי מיט אַ מערהײַט
שטימען באַשלאָסן אָנצונעמען לענינס רעזאָלוציע.

די וואָך פון גרעסטע ניסיוינעס פון 18 ביזן 24 פעווראַל — זינט
עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף פון די דײַטשן און ביז עס זײַ=

---

1 לענין. ווערק, ב. XXII, ז. 276.

גענ אָנגענומענ געוואָרנ די דײַטשישע שאָלעמ-באדינגונגענ — האָט זיכ גענענדיקט. לענינ האָט דעמלט געשריבנ, אַז זי „וועט ארײַנגײנ אלס אײנער פונ די גרעסטע היסטאָרישע איבערבראָכנ אינ דער געשיכטע פונ דער רוסישער — אונ אינטערנאציאָנאלער — רעוואָליוציע" [1]. טראָצקיס אונ בוכארינס פראָוואָקאציע האָט געשטעלט אינ געפאר די עקזיסטענצ פונ דער סאָוועטישער רעפובליק. דער דירעקטער רעזולטאט פונ טראָצקיס פאראט אינ בריסק איז געווענ דאָס, וואָס מע האָט געמוזט אײַנגײנ אפ א נאָכ שווערערנ שאָלעמ, אונ מע האָט פארלאָרנ קאָלאָסאלע רעזערוונ קריגס-מאטעריאלנ, וועלכע די דײַטשנ האָבנ פארכאפט בײַמ אָנגריפ. די טראָצקיסטנ אונ די בוכארינצעס „האָבנ פאקטיש געהאָלפנ די דײַטשישע אימפעריאליסטנ אונ געשטערט דעמ וווּקס אונ דער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציע אינ דײַטשלאנד" [2]. מיט זײער פעסטער אונ קאָנסעקווענטער שאָלעמ-פאָליטיק האָבנ לענינ, סטאלינ אונ סווערדלאָוו אײַנגעהיט די עקזיסטענצ פונ דער סאָוועטנ-רעפובליק.

נאָכנ באשלוס פונעמ צק אונ פונעמ וציק וועגנ אונטערשרײַבנ שאָלעמ האָט דער קאמפ אָנגענומענ נאָכ א שארפערע, נאָכ א מער פארביטערטע פאָרמ. די טראָצקיסטנ אונ בוכארינצעס האָבנ אָפנ געפירט א צעיושעטע קאמפאניע קעגנ לענינענ, קעגנ דער פארטײ, קעגנ דער סאָוועטישער רעגירונג. אונ אינ דער זעלבער צײַט האָבנ זײ צוזאמענ מיט די „לינקע" עסערנ אינ טיפנ אונטערערד געגרײט א קאָנטררעוואָליוציאָנערע פארשווערונג קעגנ דער סאָוועטישער רעגירונג. די דאָזיקע אויסוווּרפנ האָבנ זיכ געשטעלט א ציל — אראָפרײַסנ דעמ בריסקער שאָלעמ, אראָפוואַרפנ די סאָוועטישע רעגירונג, ארעסטירנ אונ דערהארגענענ לענינענ, סטאלינענ אונ סווערדלאָוונ. ערשט אינ 20 יאָר ארומ זײַנענ באוווּסט געוואָרנ די נידערטרעכטיקע פלענער פונ אָט דעמ מענטשלעכנ אָפפאל.

מיט אומגעהײערער קראפט האָט זיכ איבערנ גאנצנ לאנד צעטראָגנ לענינס וואָרט. אינ דער „פראוודא" פלעגנ זיכ קימאט טאָגטעגלעכ באווײַזנ לענינס פלאמיקע ארטיקלענ; זײ פלעגנ דערלאנגענ שווערע קלעפ איבער די מילכאָמע-פראָוואָקאטאָרנ, וואָס האָבנ געשטויסנ די סאָוועטנמאכט אינ אָפגרונט ארײַנ. דאָס לעבנ האָט מיט אויסערגעווײנלעכער שנעלקײַט איבערצײַגט די מאסנ, ווי ווײַט גערעכט עס איז לענינ; דאָס לעבנ האָט באוויזנ, אַז ראטעווענ קאָנ נאָר אײנ זאכ: צונויפזאמלענ דעמ גאנצנ ווילנ אונ די גאנצע אנטשלאָסנקײַט אונ אונטערשרײַבנ דעמ שווערנ שאָלעמ, קעדײ טײקעפ ווי ס'געהער צו זײַנ נעמענ זיכ צומ גרײטנ די פארטײדיקונג פונעמ סאָציאליסטישנ פאָטערלאנד. די פארטײ, דער ארבעטער-קלאס, די פאָלקסמאסנ האָבנ זיכ אלצ ענגער באהעפט ארומ לענינענ.

דעמ 6 מארט 1918 יאָר האָט זיכ אינ פעטראָגראד געעפנט דער עקסטראָרדינארער VII פארטײ-צוזאמענפאָר. דעמ פאָרטראָג וועגנ

1 לענינ. ווערק, ב. XXII, ז. 290.

2 דאָרטנ, ז. 307.

בריסקער שאָלעמ האָט געהאַלטנ לענינ. אינ מעשעכ פונ אַנדערהאַלבנ טעג איז געגאַנגענ אַנ אַנטשיידענער אונ אַקשאַנעסדיקער קאַמפ קעגנ די טראָצקיסטנ אונ בוכאַרינצעס. דער צוזאַמענפאָר האָט באַשטעטיקט די ריכטיקײַט פונ לענינס ליניע אינ דער פראַגע וועגנ שאָלעמ.

אינעמ פאָרטראָג אונ אינ דער רעזאָליוציע וועגנ מילכאָמע אונ שאָלעמ, וועלכע איז פאָרגעלייגט געוואָרנ דעמ צוזאַמענפאָר, האָט לענינ מיט אַ באַזונדער קראַפט אונטערגעשטראָכנ, אַז אויכ אינ דער צוקונפט זײַנענ קריגס־אַרויסטרעטונגענ פונ די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס קעגנ דעמ סאָוועטנ־לאַנד אומפאַרמײַדלעכ. דעריבער, זאָגט לענינ, איז די גרונט־אויפגאַבע פונ דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי אונ פונ דער סאָוועטישער מאַכט, דער הייליקער כויוו פונ אַלע אַרבעטנדיקע — אַלמעגלעכ פאַרפעסטיקנ די שוצפייִקײַט פונ אונדזער היימלאַנד. לענינ פאָדערט, עס זאָלנ אָנגענומענ ווערנ די אַנטשיידנסטע מאָסמיטלענ אויפ אײַנצופירנ רעוואָליוציאָנערע אָרדענונג אונ אײַזערנע דיסציפּלינ, אויפ צוגרייטנ די מאַסנ צומ מעסירעסנעפעשדיקנ פאַרטיידיקנ דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד, אויפ צו פאַרפעסטיקנ מיט אַלע מיטלענ די רויטע אַרמיי. לענינ שטעלט אַוועק די קאַמפּס־אויפגאַבע — „אַלזײַטיק סיסטעמאַטיש לערנענ די גאַנצע דערוואַקסענע באַפעלקערונג, אָנ אונטערשייד פונ געשלעכט, קריגס־קענטענישנ אונ קריגס־אָפּעראַציעס“. מע דאַרפ זיכ דערשלאָגנ, ווײַזט ער אָנ, אַז די אַרבעטער אונ פּויערימ זאָלנ יעדנ טאָג „זיכ לערנענ שלאָגנ“. אויפ צו פאַרטיידיקנ דאָס לאַנד איז נייטיק אַ שטאַרקע אַרמיי אונ אַ פעסט הינטערלאַנד.

„אונדזער לאָזונג דאַרפ זײַנ איינער, — דערקלערט לענינ — לערנענ דאָס קריגס־וועזנ ווי עס געהער צו זײַנ“[1].

כוץ דעמ האָט דער צוזאַמענפאָר באַהאַנדלט די פראַגע וועגנ ענדערנ די פּראָגראַמ פונ דער פאַרטיי אונ וועגנ בײַטנ דעמ נאָמענ פונ דער פאַרטיי. דעמ פאָרטראָג איבער דער דאָזיקער פראַגע דאָט אויכ געהאַלטנ לענינ. לויט זײַנ פאָרשלאָג האָט די פאַרטיי באַקומענ דעמ נאָמענ — רוסלענדישע קאָמוניסטישע פאַרטיי (באָלשעוויקעס). אַלס גרונט פאַר דער פּראָגראַמ האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומענ דעמ פּראָיעקט, וועלכנ עס האָט פאַנאַנדערגעאַרבעט לענינ, אונ האָט אויפ צונויפצושטעלנ די נײַע פּראָגראַמ אויסגעוויילט אַ קאָמיסיע, אינ וועלכער עס זײַנענ אַרײַנ לענינ, סטאַלינ אונ אַנדערע.

דעמ 15 מאַרט האָט דער IV אויסעראָרדנטלעכער אַלרוסלענדישער סאָוועטנ־צוזאַמענפאָר לויט לענינס פאָרטראָג באַשטעטיקט דעמ בריסקער שאָלעמ־אָפּמאַכ.

„איינמוטיק פאַרורטיילנדיק רויבערישע מילכאָמעס, אָנערקענט פונ איצט אָנ די רוסלענדישע סאָוועטישע פעדעראַטיווע רעפּובליק, — ווערט געזאָגט אינ דער רעזאָליוציע פונעמ צוזאַמענפאָר, — איר רעכט אונ איר כויוו צו פאַרטיידיקנ דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד קעגנ אַלע

1 לענינ. ווערק, ב. XXII, ז. 339, 330.

מעגלעכע אָנפאלנ מיצאד יעטווידער איינער אימפעריאליסטישער מעלוכע.

דער צוזאמענפאָר אָנערקענט דעריבער, אז עס איז אנ אומבאדינגטער כויוו פונ אלע ארבעטנדיקע מאסנ אָנצושטרענגענ אלע קויכעס אפ אויפצושטעלנ און העכערנ די שוצפייִקייט פונ אונדזער לאנד, אפ אויפצושטעלנ זײַנ קריגס=מעכטיקייט"[1].

אינ יענע טעג איז געלייזט געוואָרנ די פראגע וועגנ דעמ, אז די סאָוועטישע רעגירונג פאָרט אריבער פונ פעטראָגראד קיינ מאָסקווע. מע האָט געדארפט באוואָרעננ די סאָוועטישע הויפטשטאָט פונ אינטערווענציאָניסטישע פרווונ, מע האָט געדארפט שאפנ רויִקערע ארבעטס=באדינגונגענ פארנ צענטראלנ אפאראט פונ דער מעלוכע=מאכט, שאפנ בעסערע באדינגונגענ פאר זײַנ פארבינדונג מיטנ לאנד.

קאָנטררעוואָלוציאָנערע עסערישע פארשווערער האָבנ בעדייע געהאט אויפצורײַסנ דעמ צוג, אינ וועלכנ עס זײַנענ געפאָרנ לענינ, דער צק פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי און די רעגירונג. די סאָוועטישע אויסשפירונגס=אָרגאנענ און די וואכזאמקייט פונ די פעטראָגראדער ארבעטער האָבנ אָבער צעשטערט די פּלענער פונ די טעראָריסטנ.

דעמ 10 מארט 1918 יאָר האָט לענינ פארלאָזנ פעטראָגראד. דעמ 11 מארט איז ער אָנגעקומענ קיינ מאָסקווע. מאָסקווע איז געוואָרנ די הויפטשטאָט פונ דער סאָציאליסטישער מעלוכע. דער קרעמל איז געוואָרנ דער מארכ און דאָס הארצ פונעמ באפרײַטנ פאָלק און דער וועגווײַזנדיקער שטערנ פאר די אונטערדריקטע מאסנ פונ גאָר דער וועלט.

עס איז דעראָבערט געוואָרנ די מעגלעכקייט איבערצוכאפנ דעמ אָטעמ. אינ קאמפ פאר אָט דער מעגלעכקייט, אינ קאמפ פארנ שאָלעמ האָט זיכ מיט דער גאנצער קראפט אנטפלעקט די געניאלקייט פונ לענינס סטראטעגיע, וואָס איר ציל איז געווענ — געווינענ צײַט, דעמאָראליזירנ דעמ קעגנער און אָנזאמלענ קויכעס אפ אריבערצוגיינ אינ אָנגריפ.

„אויב ס'איז פאָרויס באוווסט, אז קויכעס איז פאראנ ווייניק, איז דאָס וויכטיקסטע מיטל פונ פארטיידיקונג — *אָפטרעטנ טיפ אינ לאנד ארײַנ*"[2], — די דאָזיקע כאָכמע=טיפע אָנווײַזונג לענינס האָט אינעמ פעריאָד פונעמ בריסקער שאָלעמ געהאָלפנ ביז גאָר אָרגאניזירט פארווירקלעכנ דעמ צוריקטריט און צונויפזאמלענ אינעמ קירצסטנ טערמינ די קויכעס, קעדיי צו געבנ אנ אנטשיידענעמ ווידערשטאנד די דײַטשישע פארכאפער און די אנדערע סאָנימ פונעמ סאָוועטנ=לאנד.

„אינעמ פעריאָד פונ דער אָקטיאבער=רעוואָלוציע האָט לענינ געלערנט די באָלשעוויסטישע פארטיי, וויאזוי מע דארפ שרעקלאָז און אנטשיידנ אָנגרײַפנ, ווענ עס זײַנענ פאראנ דערצו די נייטיקע בא=

1 לענינ. ווערק, ב. XXII, ז. 410—411.
2 דאָרטנ, ז. 511.

דינגונגענ. אינעמ פּעריאָד פונעמ בריסקער שאָלעמ האָט לענינ געלערנט די פּארטיי, וויאזוי מע דארפ אינ אָרדענונג אָפּטרעטנ אינ א מאָמענט, ווענ דעמ סוינעמ קרעפטנ שטייגנ בעפיירעש אריבער אונדזערע קרעפטנ, קעדיי מיט דער גרעסטער ענערגיע גרייטנ א נייעמ אָנגריפ קעגנ די סאָנימ.

די געשיכטע האָט באוויזנ די גאנצע ריכטיקייט פונ דער לענינישער ליניע“[1].

לענינ האָט געהאלטנ פאר נייטיק מאקסימאל אויסנוצנ דעמ אָטעמ-איבערכאפּ אפּ צו פארפעסטיקנ די סאָוועטנמאכט, פאנאנדערצוּוויקלענ די סאָציאליסטישע בויונג, צו שאפנ די רויטע ארמיי.

אינגיכנ נאָכנ שליסנ דעמ שאָלעמ האָט לענינ אָנגעשריבנ אנ ארטיקל „די הויפּט-אויפגאבע פונ אונדזער צייט“. דאָס איז געווענ א פלאמיקער רופ צומ פאָלק אומדערמידלעכ צו שמידנ די עקאָנאָמישע אונ מיליטערישע מעכטיקייט פונעמ סאָוועטנ-לאנד. „מע דארפ זיכ אליינ ניט נארנ, — האָט געשריבנ לענינ. — מע דארפ האָבנ מוט צו קוקנ גלייכ אינ פּאָנעמ דעמ ניט-צוגעפּוצטנ ביטערנ עמעס. מע דארפ אויסמעסטנ אינגאנצנ, ביזנ גרונט, דעמ גאנצנ טהאָמ פונ מאפּאָלע, צעגלידערונג, פארשקלאפונג, דערנידעריקונג, אינ וועלכנ מע האָט אונדז איצט אריינגעשליידערט. וואָס קלאָרער מיר וועלנ דאָס פארשטיינ, אלץ פעסטער, פארהארטעוועטער, שטאָלענער וועט ווערנ אונדזער ווילנ צו באפרייונג, אונדזער שטרעבונג אויפצוהייבנ זיכ ווידער פונ פארשקלאפונג צו זעלבשטענדיקייט, אונדזער איינפעסטע אנטשלאָסנקייט צו דערשלאָגנ זיכ אומ יעדנ פּרייז, אז רוסלאנד זאָל אויפהערנ צו זיינ אָרעמ אונ שוואכ, אז רוסלאנד זאָל ווערנ אינ פולנ זינ פונ וואָרט מעכטיק אונ שעפע-רייכ.

רוסלאנד קאָנ ווערנ אזא, ווייל בא אונדז איז פאָרט געבליבנ גענוג חאכוועס אונ נאטור-רייכטימער, קעדיי צו באזאָרגנ אלעמענ אונ יעטווידנ איינעמ אויב ניט מיט קיינ שעפע, איז מיט א גענוגנ סכומ לעבנס-מיטלענ. אי אינ נאטור-רייכטימער, אי אינ רעזערוונ מענטשלעכע קרעפטנ, אי אינעמ הערלעכנ שווונג, וועלכע די גרויסע רעוואָליוציע האָט געגעבנ דער פאָלקס-שאפונג, — האָבנ מיר מאטעריאל צו שאפנ א ווירקלעכ מעכטיק רוסלאנד, פול מיט שעפע“[2].

לענינ צייכנט אָנ דעמ וועג וויאזוי צו פארוואנדלענ דאָס אָרעמע אונ מאכטלאָזע רוסלאנד אינ א מעכטיקער אונ רייכער סאָוועטישער סאָציאליסטישער מעלוכע. ער ארבעט פאנאנדער א פּלאנ פונ צוטרעטנ צו דער סאָציאליסטישער בויונג. „מיר, די פּארטיי באָלשעוויקעס, האָבנ רוסלאנד *איבערצייגט*. מיר האָבנ רוסלאנד *אויסגעקעמפט* — בא די רייכע פאר די אָרעמע, בא די עקספּלואטאָרנ פאר די ארבעטנדיקע. מיר דארפנ איצט מיט רוסלאנד *פארוואלטנ*“[3].

1 „געשיכטע פונ דער אלקפּ(ב). קורצער קורס“, ז. 258—259, מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, 1940 י.

2 לענינ. ווערק, ב. XXII, ז. 376.

3 דאָרטנ, ז. 441.

דעמ גרונט־רינג אינעמ אָרגאניזירנ דאָס פארוואלטנ מיטנ לאנד האָט לענינ געזענ אינעמ שטרענגסטנ אלפאָלקישנ דיסקאָנט און קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע און איבער דער פארטיילונג פונ די פּראָדוקטנ. מע דארפ מיט אלע מיטלענ זענ צו העכערנ די ארבעטפּראָדוקטיווקײט, שאפנ א נײע, א סאָוועטישע, סאָציאליסטישע ארבעטס־דיסציפּלינ. דערמיט איז, פונ אײנ זײט, פארבונדנ די אויפגאבע צו אָרגאניזירנ דעמ סאָציאליסטישנ געוועט, און, פונ דער צווייטער זײט — אנ אנטשיידענער, אָנראכמאָנעסדיקער קאמפּ קעגנ דער קלײנבירגערלעכער צעקראָכנקײט, קעגנ פּוליאקעס, לײדיקגײער, ספּעקוליאנטנ. באמ קאפּיטאליזמ, האָט געזאָגט לענינ, פלעגט די דיסציפּלינ געשאפנ ווערנ דורכ הונגער, געוואלט, מושטרירונג. גאָר אנדערש איז בא דער סאָוועטישער אָרדענונג. די נײע דיסציפּלינ — די סאָציאליסטישע דיסציפּלינ, די **דיסציפּלינ** פונ כאווערישער פארבינדונג, די סאָוועטישע דיסציפּלינ — ארבעטנ אויס מיליאָנענ ארבעטנדיקע אינ דער טאָגטעגלעכער פּראקטישער ארבעט.

לענינ האָט באוויזנ, אז די פראגנ פונ ווירטשאפטלעכנ לעבנ שטעלנ זיכ איצט אפּ א נײעמ אויפנ. „פיר אקוראט און געוויסנהאפט א כעזשבנ פונעמ געלט, — האָט געשריבנ לענינ, — באלעבאטעווע שפּאָרזאמ, פוסטעפּאסעווע ניט, גאנווע ניט, היט אָפּ די שטרענגסטע דיסציפּלינ אינ דער ארבעט, — גראָד אזוינע לאָזונגענ, וואָס די רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאריער פלעגנ מיט רעכט אויסלאכנ דעמאלט, ווענ די בורזשואזיע פלעגט מיט אזעלכע רייד מאסקירנ איר הערשאפט, אלס הערשאפט פונ א קלאס עקספּלואטאָרנ, אזוינע לאָזונגענ ווערנ איצט, נאָכ דעמ, ווי די בורזשואזיע איז אראָפּגעוואָרפנ, די אָרדנטלעכע און צענטראלע לאָזונגענ פונעמ מאָמענט“[1].

לענינ האָט געזאָגט, אז די פּראקטישע רעאליזירונג פונ די דאָזיקע לאָזונגענ דורכ דער *סאָוועטישער* מאכט, מיט *אירע* מעטאָדנ, אפנ גרונט פונ *אירע* געזעצנ, איז נויטווענדיק און *גענוג* פארנ זיג פונעמ סאָציאליזמ.

אָנמערקנדיק דעמ פּלאנ פונ צוטרעטנ צו דער סאָציאליסטישער בויונג, האָט לענינ באטאָנט די אנטשיידנדיקע באדײטונג פונ דער גרויסער מאשינ־אינדוסטריע בא דער סאָציאליסטישער איבערגעשטאלטונג פונ דער גאנצער פאָלקסווירטשאפט. לענינ האָט שוינ דעמאלט געשטעלט פאר די וויסנשאפטלעכע קרעפטנ פונעמ לאנד די אויפגאבע „ווי ווײט מעגלעכ גיכער צונויפשטעלנ א פּלאנ פונ דער רעאָרגאניזאציע פונ דער אינדוסטריע און פונעמ עקאָנאָמישנ אויפשטײג פונ רוסלאנד“. דער גרונט־פּרינציפּ אינ אויסארבעטנ אָט דעמ פּלאנ דארפ זײנ די פאָדערונג „*זעלבשטענדיק* באזאָרגנ זיכ *מיט אלע* וויכטיקסטע מינימ רויווארג און אינדוסטריע“[2], זענ זיכ דערשלאָגנ די טעכניש־עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקײט פונ אונדזער לאנד. די סאָציאליסטישע פאָלקסווירטשאפט, האָט אָנגעוויזנ לענינ, דארפ זיכ בויענ

1 לענינ. ווערק, ב. XXII, ז. 443.
2 דאָרטנ, ז. 434.

אפ דער פאָרגעשריטענער טעכנישער באזע פונ עלעקטריפיקאציע. לענינס אָנווײַזונגענ וועגנ אינדוסטריאליזירנ אונ עלעקטריפיצירנ דאָס לאַנד זײַנענ געוואָרנ דער גרונט-פרינציפ אינ דער גאנצער בוי-ארבעט אונ איבערגעשטאלטונגס-טעטיקײַט פונ דער סאָציאליסטישער מעלוכע.

שוינ אינ די ערשטע טעג נאָכ דעמ, ווי עס איז געשאפנ געוואָרנ די סאָוועטישע סאָציאליסטישע מעלוכע, האָט לענינ ארויסגערוקט די אידיי פונ אנ איינהײַטלעכנ מעלוכישנ ווירטשאפטלעכנ פלאנ. לײַגנדיק די ערשטע שטײַנער פונ דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט, האָט לענינ קעסיידער אונטערגעשטראָכנ, אז קעדיי די סאָציאליסטישע בויונג זאָל האָבנ דערפאָלג, איז אונדז „נייטיק אנ איינהײַטלעכער ווילנ, אינ יעדער פראקטישער פראגע איז נייטיק, אז אלע זאָלנ האנדלענ ווי איינער“ [1]. לענינ האָט ניט איינ מאָל אָנגעוויזנ, אז „ניט די אײַזנבאנענ, ניט דער טראנספאָרט, ניט די גרויסע מאשינעס אונ אונטערנעמונגענ קאָנענ ביכלאל ניט פונקציאָנירנ ריכטיק, אויב עס איז ניטאָ קיינ איינהײַט פונ ווילנ, וועלכע בינדט צונויפ דעמ גאנצנ באשטאנד ארבעטנדיקע אינ איינ ווירטשאפטלעכנ אָרגאנ, וואָס ארבעט מיט דער פינקטלעכקײַט פונ א זייגער-מעכאניזמ“ [2]. אָט די איינהײַט פונעמ ווילנ אונ פונ דער ארבעט פונ מיליאָנענ בויער פונעמ סאָציאליזמ דארפ זיכערנ דער סאָציאליסטישער מעלוכע-פלאנ. „פארוואנדלענ דעמ גאנצנ מעלוכישנ עקאָנאָמישנ מעכאניזמ אינ אנ איינהײַטלעכער גרויסער מאשינ, אינ א ווירטשאפטלעכנ אָרגאניזמ, וואָס זאָל ארבעטנ אזוי, אז מיט הונדערטער מיליאָנענ מענטשנ זאָל אָנפירנ איינ פלאנ, — אָט דאָס איז די גיגאנטישע אָרגאניזאציאָנעלע אויפגאבע, וואָס האָט זיכ געלייגט אפ אונדזערע אקסלענ“ [3], — האָט געזאָגט לענינ אפנ VII פארטיי-צוזאמענפאָר אינ מארט 1918 יאָר.

אָט דאָס זײַנענ די אידייענ, וועלכע לענינ האָט אנטוויקלט פרילינג 1918 יאָר אינ דער פראגע וועגנ די אָרדנטלעכע אויפגאבנ פונ דער סאָוועטנ-מאכט. דעמ 26 אפרעל טרעט ער ארויס וועגנ דער דאָזיקער פראגע אינ צק, וואָס באוויליקט זײַנע טעזיסנ. דעמ 28 אפרעל באווײַזט זיכ אינ „איזוועסטיא“ לענינס בארימטע ארבעט „די אָרדנטלעכע אויפגאבנ פונ דער סאָוועטנ-מאכט“. אפ מאָרגנ האלט ער א פאָרטראָג וועגנ דער זעלבער פראגע אפ א זיצונג פונ וציק.

לענינס טעזיסנ זײַנענ געלייגט געוואָרנ אינ יעסאָד פונ דער גאנצער פארטייִשער אונ מעלוכישער ארבעט. עס האָט זיכ אָנגעהויבנ פאנאנדערוויקלענ די סאָציאליסטישע בויונג. עס האָט גענומענ פארווירקלעכט ווערנ דער אריבערגאנג פונ ארבעטער-קאָנטראָל צו ארבעטער-פארוואלטונג. דעמ 28 יונ האָט לענינ אונטערגעשריבנ דעמ דעקרעט וועגנ נאציאָנאליזירנ די גאנצע גרויס-אינדוסטריע.

אומדערמידלעכ שמידט לענינ די שוץ פונעמ סאָוועטנ-לאנד. ער רופט די מאסנ אינ דער פולער מאָס אויסנוצנ דעמ אָטעמ-איבערכאפ אפ צו שאפנ א שטארקע רויטע אַרמיי.

1 לענינ. ווערק, ב. XXV. ז. 143.

2 לענינ. ווערק, ב. XXII. ז. 420.

3 דאָרטנ, ז. 316.

ניט געקוקט דערופ, וואָס צווישנ סאָוועטנ-רוסלאנד אונ דײטשלאנד האָט עקזיסטירט א שאָלעמ-אָפּמאכ, האָבנ זיכ די דײטשישע אימפּעריאליסטנ מיט אלע מיטלענ געסטארעט אָפּשוואכנ אונ אומברענגענ דאָס סאָוועטנ-לאנד, אונ אזויארומ געבראָכנ דעמ דאָזיקנ אָפּמאכ. די דײטשישע כאיאָלעס האָבנ פארכאפּט אוקראינע, ווײסרוסלאנד אונ אנדערע ראיאָנענ, האָבנ אופגעשטעלט אינ די אָקופּירטע ראיאָנענ די בורזשואז-פּריצישע אָרדענונג, האָבנ גענומענ ראבעווענ אונ אונטערדריקנ דאָס אוקראינישע אונ ווײסרוסישע פאָלק, פארניכטנ די דערפער, צעשיסנ טויזנטער ארבעטער אונ פויערימ.

לענינ האָט אָנ ראכמאָנעס געשטעמפּלט די דײטשישע אָקופּאנטנ אלס רויבער אונ באנדיטנ. „די דײטשישע ראָציכימ האָבנ געשלאָגנ א רעקאָרד אינ פראָט פונ בעסטיאלישקײט פונ זײערע מיליטערישע שכיטעס“[1], — האָט לענינ געשריבנ אינעמ „בריוו צו די אמעריקאנער ארבעטער“. דאָס אוקראינישע אונ ווײסרוסישע פאָלק האָבנ זיכ אופגעהויבנ צו א פאָטערלענדישער באפרײונגס-מילכאָמע קעגנ די אויסלענדישע פארכאפּער. אינ די אָקופּירטע ראיאָנענ האָט זיכ צעפלאקערט דער פּארטיזאנער-קריג, אלצ עפטער פלעגנ אויסברעכנ באוואָפנטע אופשטאנדנ פונ ארבעטער אונ פויערימ. די ארמײ פונ די אינטערווענטנ האָט זיכ ניט געקאָנט קײנ אײצע געבנ מיט דער פאָנאנדערוואקסנדיקער פאָטערלענדישער מילכאָמע. די דאָזיקע מילכאָמע האָט אָפּגעשוואכט די דײטשישע קריגס-מאשינ אונ האָט פארגיכערט די דעמאָראליזאציע אינ דער דײטשישער ארמײ. די ארמײ פונ די דײטשישע אָקופּאנטנ, האָט געזאָגט לענינ, האָט זיכ פארוואנדלט „אינ א באנדע רויבער, מענטשנ, וואָס באגײענ גוואלדטאטנ איבער פרעמדע פעלקער“[2].

ווענ די פרעכ געוואָרענע דײטשישע ראָציכימ אונ אוקראינישע ווײסגווארדײער האָבנ געפרוווט אריבערשפּאנענ די גרענעצנ פונ אוקראינע אונ זיכ א רוק טאָנ ווײטער, האָט לענינ געגעבנ דעמ פאָלקס-קאָמיסאריאט פאר קריגס-אָנגעלעגנהײטנ א פאראָרדענונג „טײקעפּ אָנעמענ אלע פונ אימ אָפּהענגיקע מיטלענ אָפּ צו באשיצנ די מיזרעכ-גרענעצנ פונ כארקאָווער גובערניע“. די קאָנקרעטע אָנווײזונגענ האָט פאָנאנדערגעארבעט כאווער סטאלינ. „ווענג די דעטאלנ רעדט זיכ דורכ מיט סטאלינענ“, — האָט אָנגעוויזנ לענינ אינ זײנ פאראָרדענונג דעמ קריגס-קאָמיסאריאט.

דיסקאָנטירנדיק די דערפארונג פונעמ קאמפּ קעגנ די דײטשישע אָקופּאנטנ אינ אוקראינע, האָט זיכ לענינ דעמ 2 יונ 1918 יאָר געווענדט צו אלע אָרטיקע אָרגאנענ פונ דער סאָוועטנ-מאכט מיט א פעסטער דירעקטיוו — פירנ אנ אָנהאלטנדיקע אויסראָטונגס-מילכאָמע קעגנ די אינטערווענטנ אונ ווײסגווארדײער, וואָס האָבנ זיכ פארמאָסטנ אפנ סאָוועטנ-לאנד.

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXIII, ז. 180.

2 דאָרטנ, ז. 80.

„אין אוקראינע האָט פאסירט ניט איין מאָל, אז די פויערים און ארבעטער האָבן זיך קעגנגעשטעלט קעגן ארויספירן אָדער פארניכטן דאָס פארמעגן, האָפנדיק איינצוהיטן עס פאר זיך. זיינען זיי הארב באשטראָפט געוואָרן. די אָנגעקומענע האָבן פארכאפט אלץ: די טווע, דאָס פי, די קוילן, מעטאלן, מאשינעס און האָבן אוועקגעפירט צו זיך. דער ביישפיל פון אוקראינע דארף דינען אלס א שרעקלעכע לערע פאר גאנץ רוסלאנד“[1].

לענין האָט גערופן די גאנצע באפעלקערונג פון די באדראָעטע ראיאָנען ניט איבערלאָזן דעם סוינע קיין דערנערונג, באצייטנס ארויספירן אין הינטערלאנד די טווע, אוועקפירן דאָס פי. אין דער ערשטער ריי ארויספירן די קריגס=רעזערוון, די מאשינעס, די אויסשטאטונג, אוועקפירן די לאָקאָמאָטיוון און וואגאָנעס, צענעמען די רעלסן, אויפרייסן די בריקן, פארברענען אלץ, וואָס מע קען ניט ארויספירן, פארניכטן די וועלדער און די פארזייען, פארגראָבן אין דער ערד די ניט=ארויסגעפירטע מעטאלן.

„מיט אלע קויכעס און מיטלען פארשווערן דעם סוינעס גיין פאָרויס. איינאָרדענען לויערונגען. קעמפן מיט פייער=געווער און קאלט געווער.

זיכערן זיך דאָס הינטערלאנד. און מיט דעם ציל אויסראָטן אלע ביז איינעם שפּיאָנען, פּראָוואָקאטאָרן, ווייסגווארדייער, קאָנטררעוואָליוציאָנערע פארעטער, וואָס העלפן דעם סוינע דירעקט אָדער אומדירעקט“[2].

לענינס דירעקטיוון האָבן אויפגעהויבן די מאָביליזיר=גרייטקייט פון די ארבעטנדיקע. אויספילנדיק לענינס אָנווייזונגען, האָבן די ארבעטער און פויערים געשאפן אין די אָקופּירטע ראיאָנען אומדערטרעגלעכע באדינגונגען פאר די סאָנים. דאָס באוואָפנטע פאָלק האָט איינגיכן פארטריבן פון דער טעריטאָריע פונעם סאָוועטנפארבאנד די דייטשישע ארמיי פון רויבער און פארגוואלדיקער.

א סאך קויכעס גיט לענין אָפּ דער דערנערונגס=פראגע. אין מיי — יוני 1918 יאָר האָט זי זיך געשטעלט אפן ערשטן אָרט. אפן לאנד האָט זיך אָנגערוקט די געפאר פון הונגער. די באלעגופים און ספּעקוליאנטן האָבן באהאלטן די טווע, דורך הונגער האָבן זיי געהאָפט דערשטיקן די רעוואָליוציע. אין דאָרף האָט געפלאקערט דער קאמף פון דער אָרעמשאפט קעגן באלעגופּנטום.

לענין ווענדט זיך מיט א הייסן רוף צום ארבעטער=קלאס, אין דער ערשטער ריי צו די פעטראָגראדער ארבעטער. קעדיי צו אָרגאניזירן די אָרעמשאפט און דערפאָלגרייך פירן א קאמף קעגן באלעגופּנטום, דערקלערט ער א מארש פון די ארבעטער אין דאָרף אריין.

„באוויירים ארבעטער! — האָט געשריבן לענין. — געדענקט, אז די לאגע פון דער רעוואָליוציע איז א קריטישע. געדענקט, אז ראטעווען די רעוואָליוציע קאָנט איר נאָר — מער קיינער.

1 „פראוודא“ נומ. 54, 23 פעווראל 1942 י.

2 דאָרטן.

צענדליקער טויזנטער אָפגעקליבענע, פֿאָרגעשריטענע, דעמ סאָציאליזמ איבערגעגעבענע ארבעטער, וואָס זײַנענ ניט פֿײִק אײַנגײנ אָפ כאבאר אונ גנייווע, וואָס זײַנענ פֿײִק צו שאפֿנ אנ אײַזערנע קראפֿט קעגנ די באלעגופים, ספעקוליאנטנ, מאראָדיאָרנ, כאבארניקעס, דעזאָרגאניזאטאָרנ, — אָט וואָס עס איז נייטיק“[1].

לענינ האָט געפֿאָדערט א קאמפֿ אָנ ראכמאָנעס קעגנ דעמ באלעגופנטומ. „די באלעגופים — דאָס איז א צעיושעטער סוינע פֿונ דער סאָוועטנמאכט“, — האָט ער געשריבנ. „אנ אָנראכמאָנעסדיקע מילכאָמע קעגנ די דאָזיקע באלעגופים! א טויט זיי!“[2]. לענינ האָט דערקלערט פֿאר סאָנים פֿונ פֿאָלק די אייגנטימער פֿונ טווּע, וואָס האָבנ מויסרעס אונ גיבנ זיי ניט אָפ דער מעלוכע צו פֿעסטע פרײַזנ. לויט זײַנ פֿאָרשלאָג ווערט אײַנגעפֿירט די הארבסטע דערנערונגס-דיקטאטור, וואָס פֿארווירקלעכט האָט זי דער אפאראט פֿונ א ספעציעלנ פֿאָלקאָמאט — דער פֿאָלקס-קאָמיסאריאט פֿאר דערנערונג (נארקאָמפראָד). מיט לענינס אונ סווערדלאָווס אונטערשריפֿטנ איז דעמ 11 יונ פֿארעפֿנטלעכט געוואָרנ דער דעקרעט וועגנ די אָרעמשאפֿט-קאָמיטעטנ (קאָמבעדנ).

דער גוירל פֿונ דער רעוואָליוציע איז געווענ אָפהענגיק פֿונ דער לייזונג פֿונ דער פֿראגע וועגנ ברויט. „דער קאמפֿ פֿאר ברויט איז א קאמפֿ פֿארנ סאָציאליזמ“, — האָט געזאָגט לענינ. דער אויסגאנג פֿונ דעמ דאָזיקנ קאמפֿ האָט זיכ אינ דער ערשטער ריי געלייזט אָפ די רײַכע טווּע-פֿעלדער פֿונ דאָרעמ-רוסלאנד. די פארטיי אונ די רעגירונג שיקנ אהינ דעמ כאווער סטאלינ. דעמ 29 מײַ 1918 יאָר ווערט כאווער סטאלינ באשטימט פֿארנ אָנפֿירער פֿונעמ דערנערונגס-וועזנ אינ דאָרעמ-רוסלאנד, ער באקומט ספעציעלע פֿולמאכטנ. דעמ 6 יונ קומט ער צו פֿאָרנ קיינ צאריצינ. לענינ האלט פֿאר נייטיק מודיע צו זײַנ די ארבעטער אונ פויערימ וועגנ די רעזולטאטנ פֿונ סטאלינס ענערגישער ארבעט. אינ דער ווענדונג פֿונעמ ראטפֿאָלקאָמ צו אלע ארבעטנדיקע האָט לענינ דעמ 10 יונ געשריבנ: „די רוסישע, פֿראנצויזישע אונ טשעכאָסלאָוואקישע אימפעריאליסטנ וועט זיכ ניט אײַנגעבנ געמענ די רעוואָליוציע מיט הונגער. צוהילפֿ דעמ הונגערנדיקנ צאָפֿנ קומט דער דאָרעמ-מיזרעכ. דער פֿאָלקס-קאָמיסאר סטאלינ, וואָס געפֿינט זיכ אינ צאריצינ אונ פֿירט אָנ פֿונ דאָרט מיט דער דערנערונגס-ארבעט אָפנ דאָנ אונ אינ קובאנ, טעלעגראפֿירט אונדז וועגנ קאָלאָסאלע ברויט-רעזערוונ, וועלכע ער האָפֿט אינ די נאָענטסטע וואָכנ אריבערשיקנ קיינ צאָפֿנ“[3].

כאווער סטאלינ שיקט פֿונ דאָרעמ צוגנ מיט טווּע, פֿלייש, פֿיש פֿאר די הונגערנדיקע ארבעטער פֿונ פעטראָגראד, מאָסקווע אונ אנדערע אינדוסטריעלע צענטערס.

1 לענינ. ווערק, ב. XXIII, ז. 25.
2 דאָרטנ, ז. 206, 207.
3 „פראוודא“ נומ. 116, 11 יונ 1918 י.

דער מארש פונ די ארבעטער אינ דאָרפ ארײַנ אונ די אָרגאניזירונג פונ די אָרעמשאפט=קאָמיטעטנ האָבנ פארפעסטיקט די סאָוועטנ=מאכט אינ דאָרפ אונ האָבנ געהאָלפנ די מיטל=פויערימ זיכ נעמענ פארטיידיקנ די דאָזיקע מאכט קעגנ די באלעגופימ, ווײַסגווארדייער אונ אינטערווענטנ.

פארנ באלעגופנטומ האָבנ זיכ אָנגענומענ די „לינקע“ עסערנ. זיי האָבנ פאנאנדערגעוויקלט א פארביטערטנ קאמפ קעגנ לענינענ אונ קעגנ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, קעגנ דער סאָוועטישער רעגירונג.

דעמ 4 יול 1918 יאָר האָט זיכ געעפנט דער V סאָוועטנ=צוזאמענפאָר.

געשטיצט פונ די „לינקע קאָמוניסטנ“, האָבנ די „לינקע“ עסערנ אפנ צוזאמענפאָר געפאָדערט דערקלערנ דײַטשלאנד מילכאָמע. זיי האָבנ געפרווט אָנשרעקנ די באָלשעוויקעס דערמיט, אז אויב דער ברעסטער שאָלעמ וועט טייקעפ ניט צעריסנ ווערנ, וועט אימ דאָס „פאָלק“ אליינ צערײַסנ. זיי האָבנ געפאָדערט אופהערנ דעמ קאמפ קעגנ דעמ באלעגופנטומ אונ אָפזאָגנ זיכ פונ שיקנ די דערנערונגס=אָטריאדנ פונ ארבעטער אינ דאָרפ ארײַנ. לענינ האָט זיי געענטפערט, אז זיי האָבנ קיינ שומ באָדנ ניט אינ פאָלק, „זייער זאכ איז אינ פאָלק האָפענונגסלאָז!“, דער בונד פונ די ארבעטער אונ פויערימ ווערט וואָס א טאָג פעסטער אונ „קיינ שומ היסטערישע קוילעס קעגנ אונדזער פארטיי וועלנ ניט צערײַסנ דעמ דאָזיקנ בונד“[1].

איבערצײַגט זיכ אינ זייער פולשטענדיקנ דורכפאל אפנ צוזאמענפאָר, האָבנ די „לינקע“ עסערנ דעמ 6 יול אופגעהויבנ א בונט קעגנ דער סאָוועטנ=מאכט. זיי האָבנ געפרווט פראָוואָצירנ א מילכאָמע פונ דײַטשלאנד קעגנ סאָוועטנ=רוסלאנד אונ האָבנ דעריבער אינ מאָסקווע דערהארגעט דעמ דײַטשישנ געזאנדטנ מירבאכ. אינ דער פארשווערונג קעגנ דער סאָוועטישער רעגירונג האָבנ צוזאמענ מיט די „לינקע“ עסערנ זיכ באטייליקט די בוכארינצעס אונ טראָצקיסטנ. זיי האָבנ געוואָלט אראָפרײַסנ דעמ זיג פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע, אומברענגענ די סאָוועטנ=מאכט. לענינ נעמט טייקעפ אָנ די סאמע ענערגישע מיטלענ אפ צו ליקווידירנ דעמ בונט. צו אלע ראיאָנע פארטיי=קאָמיטעטנ, צו אלע ראיאָנע סאָוועטנ, צו אלע שטאבנ פונ דער רויטער ארמיי שיקט ער פאנאנדער א טעלעפאָנאָגראמע. לענינ פאָדערט „מאָביליזירנ אלע קרעפטנ, אופהייבנ טייקעפ אפ די פיס אלצ אפ צו פאכנ די פארברעכער“[2]. דער בונט איז דערשטיקט געוואָרנ בוכשטעבלעכ אינ מעשעכ פונ עטלעכע שאָ.

אינ דער זעלבער צײַט שפירט לענינ וואכזאמ נאָכ נאָכ די אינטריגעס פונ די דײַטשישע אימפעריאליסטנ, וואָס האָבנ געפרווט אויסנוצנ דעמ אינצידענט מיט מירבאכנ אפ מאכנ אנ אינטערווענציע. די סאָוועטישע רעגירונג האָט דעמ דײַטשישנ רויבער געגעבנ אנ אנט=

1 לענינ. ווערק, ב. XXIII, ז. 116, 130.

2 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 435.

שיידענעמ ווידערשטאנד. אפ דער פאָדערונג פונ דער דײַטשישער רעגירונג דורכלאָזנ קיינ מאָסקווע א באטאליאָנ דײַטשישע סאָלדאטנ קלוי= מערשט אפ צו באוואכנ די געזאנדשאפט, האָט לענינ געענטפערט, אז ארײַנפירנ דײַטשישע מיליטער קיינ מאָסקווע וואָלט געהייסנ „אָנ= הייבנ אָקופירנ רוסלאנד דורכ פרעמדלענדישע מיליטער“, אונ ער האָט געוואָרנט די פרעכ געוואָרענע דײַטשישע אימפעריאליסטנ, אז אפ אזא טריט וועט די סאָוועטישע רעגירונג ענטפערנ מיט א „אינטענסיווער מאָביליזאציע, מיט רופנ אלע ביז איינעמ דערוואקסענע ארבעטער אונ פויערימ צומ באוואָפנטנ ווידערשטאנד... די ארבעטער אונ פויערימ פונ רוסלאנד וועלנ האנט בא האנט מיט דער סאָוועטנ=מאכט פירנ די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע ביזנ לעצטנ אָטעמ=צוג“[1].

וועגנ דעמ בונט פונ די „לינקע“ עסערנ אינפאָרמירט לענינ גלײַכ סטאלינענ, וועלכער האָט זיכ געפונענ אינ צאריצינ. „מיר ליקווידירנ נאָכ הײַנט באנאכט אָנ ראכמאָנעס אונ וועלנ זאָגנ דעמ פאָלק דעמ גאנצנ עמעס: מיר זײַנענ אפ א האָר פונ מילכאָמע... אומעטומ מוז מענ אָנ ראכמאָנעס דערשטיקנ די דאָזיקע נעבעכדיקע אונ היסטערי= שע אוואנטיוריסטנ, וואָס זײַנענ געוואָרנ א געצײַג אינ די הענט פונ די קאָנטררעוואָלוציאָנערנ“. דערופ האָט כאווער סטאלינ געענטפערט: „וואָס איז שײַכ די היסטערישע — זײַט זיכער, די האנט בא אונדז וועט קיינ ציטער ניט טאָנ. מיט די סאָנימ וועלנ מיר האנדלענ ווי סאָנימ“[2].

דער V סאָוועטנ=צוזאמענפאָר האָט פארענדיקט זײַנ ארבעט. אפנ צוזאמענפאָר איז אָנגענומענ געוואָרנ די קאָנסטיטוציע פונ רספסר — די ערשטע סאָוועטישע קאָנסטיטוציע. אינ פאנאנדערארבעטנ זי האָבנ דעמ סאמע אקטיווג אָנטייל גענומענ לענינ, סטאלינ אונ סווערדלאָוו. מיטנ אָננעמענ די קאָנסטיטוציע האָט זיכ פארענדיקט א גאנצער היס= טאָרישער עטאפ אינ דער בויונג פונ דער סאָוועטישער מעלוכע. מיט דער גרעסטער פרייד אונ שטאָלצ האָט לענינ געשריבנ צו קלארא צעטקינ אינ יול 1918 יאָר: „מע האָט מיר נאָרוואָס געבראכט דעמ נײַעמ מעלוכע=שטעמפל. אָט איז אָנ אָפדרוק. די אויפשריפט איז אזא: רוסלענדישע סאָציאליסטישע פעדעראטיווע סאָוועטישע רעפובליק. פראָ= לעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!“[3].

דערווײַל האָט זיכ אָנגעהויבנ אָנרוקנ די באוואָפנטע אינטערווענציע פונ די אימפעריאליסטישע מעלוכעס קעגנ דעמ סאָוועטנ=לאנד. פונ סאָפ מײַ — אָנהייב יונ האָבנ זיכ אלצ שארפער געלאָזט מערקנ די סימאָנימ דערפונ, אז דער אָטעמ=איבערכאפ ווערט אראָפגעריסנ. אינ דעמ זעלבנ בריוו צו קלארא צעטקינ ווײַזט לענינ אָנ: „מיר לעבנ דאָ איצט, מעגלעכ, איבער די שווערסטע וואָכנ פונ דער גאנצער צײַט פונ דער רעוואָלוציע. דער קלאסנקאמפ אונ דער בירגערקריג זײַנענ ארײַנגעדרונגענ אינ דער טיפ פונ דער באפעלקערונג: אומעטומ אינ

1 לענינ. ווערק, ב. XXIII, ז. 143.

2 „באָלשעוויק“, 1936, נומ. 2, ז. 74.

3 לענינ-זאמלונג XXI, ז. 249.

די דערפער איז א שפאלטונג — די אָרעמשאפט איז פאר אונדז, די באלעגופימ ווילד קעגנ אונדז. די אנטאנטע האָט געקויפט די טשעכאָסלאָוואקנ, עס בושעוועט א קאָנטררעוואָליוציאָנערער אופשטאנד, די גאנצע בורזשואזיע ווענדט אָנ אלע קויכעס אונדז אראָפצווארפנ. אונ פונדעסטוועגנ גלייבנ מיר פעסט, אז מיר וועלנ אויסמיידנ דעמ דאָזיקנ „געוויינלעכנ“ (ווי אינ די יאָרנ 1794 אונ 1849) גאנג פונ דער רעוואָליוציע אונ מיר וועלנ באזיגנ די בורזשואזיע“.

די סאָוועטישע רעוואָליוציע אינ רוסלאנד האָט ניט געהאט דעמ „געוויינלעכנ“ גוירל פונ די אייראָפּייִשע רעוואָליוציעס פונ XVIII אונ XIX יאָרהונדערט. די רעוואָליוציע האָט עס אינ דער ערשטער ריי צו פארדאנקענ דעמ פאקט, וואָס מיט איר האָט מיט א פעסטער האנט אָנגעפירט די אויסגעפרווטע אונ אינ שלאכטנ פארהארטעוועטע מארקסיסטישע פארטיי באָלשעוויקעס בעראָש מיט אזא פירער, ווי לענינ.

---

## XI

לענינ האָט קלאָר געזענ, אז דער פרידלעכער אָטעמ=איבערכאפ האָט זיכ געענדיקט. אפ דער פארייניקטער זיצונג פונ וציק, מאָסקווער סאָוועט, די פאבריק=זאוואָדישע קאָמיטעטנ אונ פראָפעסיאָנעלע פארייענ פונ מאָסקווע איז ער דעמ 29 יול 1918 יאָר ארויסגעטראָטנ מיט א רעדע, געווידמעט דער צווישנפעלקערלעכער אונ אינערלעכער לאגע פונ דער רעפובליק. ער האָט געזאָגט: „אלס הויפט=פראגע, אלס גרונט=פראגע פונ דער רעוואָליוציע האָט זיכ ווידער ארויסגערוקט אפ דער סצענע די קריגס=פראגע, די פראגע וועגנ די קריגס=געשעענישנ... די גאנצע פראגע וועגנ דער עקזיסטענצ פונ דער רוסישער סאָציאליסטישער פעדעראטיווער סאָוועטישער רעפובליק, די גאנצע פראגע פונ דער רוסלענדישער רעוואָליוציע ליגט איצט אינ דער קריגס=פראגע... מיר האלטנ מילכאָמע, אונ דער אויסגאנג פונ דער דאָזיקער מילכאָמע וועט לייזנ דעמ גוירל פונ דער רעוואָליוציע. דאָס דארפ ווערנ דאָס ערשטע אונ לעצטע וואָרט פונ אונדזער אגיטאציע, פונ אונדזער גאנצער פּאָליטישער, רעוואָליוציאָנערער אונ איבערגעשטאלטערישער טעטיקייט... מיר מוזנ אָנשטרענגענ אלע אונדזערע קויכעס אונ רופנ אלעמענ צומ געווער"[1].

זומער 1918 יאָר איז די לאגע פונ דער סאָוועטישער רעפובליק געווענ אנ אויסערגעוויינלעכ שווערע. די אויסלענדישע אונ אינערלעכע קאָנטררעוואָליוציע האָבנ זיכ פאראייניקט אינ קאמפ קעגנ דער סאָוועטנ=מאכט. די אויסלענדישע אינטערווענטנ — ענגלאנד, פראנקרייכ, יאפּאָניע, די פארייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע האָט זיכ דעמלט איינגעגעבנ צו פארכאפנ דריי פערטל פונ אונדזער לאנד. צייטווייליק האָבנ מיר געהאט פארלאָרנ אוקראינע אונ קאווקאז, סיביר אונ דעמ וויטנ מיזרעכ, אוראל אונ מיטל=אזיע. אינ צענטער פונעמ לאנד האָבנ גענומענ אויסברעכנ באלעגופישע בונטנ. א פייערדיקער רונג האָט ארומגערינגלט סאָוועטנ=רוסלאנד. אָפּגעשניטנ פונ זיינע גרונט=ראיאָנענ פונ דערנערונג, רויווארג אונ הייצווארג האָט רוסלאנד איבערגעלעבט א שווערנ הונגער אונ א קאָלאָסאלנ אינדוסטריעלנ כורבנ. עס איז דערקלערט געוואָרנ, אז דאָס סאָציאליסטישע פאָטערלאנד איז אינ געפאר.

לענינ נעמט זיכ ענערגיש צומ אָרגאניזירנ די לאנדשוץ. ער ווענדט די אופמערקזאמקייט פונ דער פארטיי, פונעמ ארבעטער=קלאס,

1 לענינ. ווערק, ב. XXIII, ז 160, 161 — 162.

פונ די פאָלקס־מאסנ אפ די פראגנ פונ מילכאָמע. אינ ארטיקלענ, ווענדונגענ, פאָרטראָגנ, רעדעס שטעלט ער ארויס דעמ לאָזונג: „אלצ פארנ פראָנט!”, אונ ער רופט די מאסנ אָנשטרענגענ אלע קרעפטנ אינ קאמפ קעגנ די ענגליש־פראנצויזישע אינטערווענטנ אונ קעגנ די ווייסגווארדייער. ער דערמוטיקט די ארבעטער צו העלדנטאטנ אינ קאמפ פארנ סאָציאליסטישנ היימלאנד. ער באזוכט אָפט די זאוואָדנ, עס טרעפט, אז אינ מעשעכ פונ טאָג טרעט ער ארויס אפ דריי — פיר מיטינגענ. אונ דאָס אלצ — כוצ די קימאט טאָגטעגלעכע זיצונגענ פונעמ ראטפאָלקאָמ אונ א ריי זיצונגענ פונעמ צק, כוצ דער קאָלאָסאלער טאָגטעגלעכער ארבעט פונ אָנפירנ מיט דער פארטיי אונ מיט דער מעלוכע.

מיט אבסאָליוטער ריכטיקייט האָט לענינ אלעמאָל געקענט באשטימענ די הויפט־געפאר, וואָס האָט געדראָעט דער פראָלעטארישער מעלוכע, דעמ הויפט־פראָנט, ווו עס ווערט געלייזט דער גוירל פונעמ לאנד, אונ רעכטצייטיק מאָביליזירנ אלע מענטשנ־רעזערוונ אונ מאטעריעלע מיטלענ צו ליקווידירנ די געפאר, צו באזיגנ דעמ סוינע.

*די שעפער פונ דער רויטער ארמיי, אירע דערציער זיינענ געווענ לענינ אונ סטאלינ, פרונזע אונ וואָראָשילאָוו.* לענינ אונ סטאלינ, פרונזע אונ וואָראָשילאָוו האָבנ אומיטלבאר אָנגעפירט מיט דער לאנדשוצ צוזאמענ מיט די בעסטע טוער פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי. אומעטומ, ווו עס פלעגט זיכ אפ די פראָנטנ לייזנ דער גוירל פונ דער רעוואָליוציע, פלעגנ לענינ, די פארטיי שיקנ די באוויירימ סטאלינ, פרונזע, וואָראָשילאָוו — די אָרגאניזאטאָרנ פונ די וויכטיקסטע זיגנ פונ דער רויטער ארמיי.

דעמ 15 (28) יאנואר 1918 יאָר האָט לענינ אונטערגעשריבנ דעמ דעקרעט וועגנ שאפנ די ארבעטער־פויערשע רויטע ארמיי לויטנ פרינציפ פונ פרייוויליקייט. אצינד ווערט, לויט לענינס אָנווייזונג, די רויטע ארמיי איבערגעבויט אינ א רעגולערער ארמיי מיט א פעסטער מיליטערישער דיסציפלינ, עס ווערט דערקלערט אָבליגאטאָרישע מיליטער־פליכט, עס ווערט אָפגעשאפט די געוויילטקייט פונעמ קאָמאנדירנ־באשטאנד, עס ווערנ צוגעצויגנ אלטע מיליטערישע ספעציאליסטנ, עס ווערנ געעפנט די ערשטע קורסנ פאר רויטע קאָמאנדירנ פונ צווישנ די ארבעטער אונ פויערימ, עס ווערט איינגעפירט דער אינסטיטוט פונ מיליטערישע קאָמיסארנ.

לענינ האָט געגרייט דאָס לאנד צו א דויערנדיקנ אונ ערנסטנ בירגערקריג קעגנ די אויסערלעכע אונ אינערלעכע סאָנימ פונ דער סאָוועטנ־מאכט. אינ אָקטיאבער 1918 יאָר האָט ער געשטעלט אנ אויפגאבע: צו פרילינג 1919 יאָר האָבנ אנ ארמיי פונ 3 מיליאָנ מאנ. אונ די דאָזיקע אויפגאבע איז דערפאָלגרייכ געלייזט געוואָרנ: אינ 1919 יאָר האָט זיכ אונטער דער ביקס געפונענ ביז דריי מיליאָנ רויטארמייער.

אלע קויכעס אונ מיטלענ זיינענ געווענ קאָנצענטרירט אפ דער אויפגאבע צו אָרגאניזירנ א זיגרייכע מילכאָמע. „וויבאלד מילכאָמע, איז

זאָל זײַנ ווי ס'פאַסט אַפ מילכאָמע", — די דאָזיקע פאָדערונג לענינס ווערט פעסט און קאָנסעקווענט דורכגעפירט אַפ אַלע געביטנ פונעמ לעבנ. דאָס לאַנד איז דערקלערט געוואָרנ פאַר א קריגס-לאַגער, דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע און קולטור-פאָליטישע לעבנ איז איבערגע-בויט געוואָרנ אַנטשפּרעכיק צו די מילכאָמע-באַדערפענישנ. כוץ דעמ קאָנטראָל איבער דער גרויס-אינדוסטריע איז אײַנגעפירט געוואָרנ א קאָנטראָל איבער דער מיטעלער און קלײנער אינדוסטריע, עס איז אײַנגעפירט געוואָרנ ברויט-מאָנאָפאָליע, עס איז פאַרבאָטנ געוואָרנ דער פריוואַט-האַנדל מיט ברויט, עס איז אײַנגעשטעלט געוואָרנ די „פראָד-ראַזוויאָרסטקע“, עס איז אײַנגעפירט געוואָרנ אַלגעמײנע אַרבעטס-פליכט לויטנ פרינציפ: „ווער עס אַרבעט ניט, דער עסט ניט“.

צו מאָביליזירנ אַלע רעסורסנ פאַר דער לאַנדשוץ איז געשאַפנ געוואָרנ דער ראַט פאַר אַרבעטער- און פויערימ-שוץ. בעראָש פונעמ ראַט איז געשטאַנענ לענינ. זײַנ פאַקטישער פאַרטרעטער איז געווענ סטאַלינ.

לענינס אַבסאָלוטע זיכערקײַט אינ זיג, זײַנ אײַזערנער ווילנ און גיגאַנטישע ענערגיע האָבנ באַהעפט די מאַסנ אינ אַנ אומבאַזיגבאַרער און אַלצ-צעשמעטערנדיקער קראַפט. אָנגעפירט פונ לענינענ, האָט די פאַרטיי באָלשעוויקעס אויפגעהויבנ דאָס פאָלק צו א פ אָ ט ע ר ל ע נ-ד י ש ע ר מ י ל כ אָ מ ע קעגנ די אויסלענדישע אינטערווענטנ און קעגנ די בורזשואַז-פריצישע ווײַסגוואַרדייער. „אונדזער מילכאָמע איז א גע-רעכטע, א געזעצלעכע, אַנ אומפאַרמײַדלעכע פאַרטיידיקונג“[1], — האָט לענינ געזאָגט.

אַלע זײַנע קויכעס גיט לענינ אָפ דער אַרבעט פונ אָרגאַניזירנ די לאַנדשוץ. ער זעט אײַנ, אַז באַגלײַכ מיטנ באַוואָפענענ די אַרמיי איז נײטיק אינ דער ערשטער ריי „אָרגאַניזירנ ווי געהעריק דאָס דערנע-רונגס-וועזנ“. דער דערנערונגס-פראַגע גיט לענינ אָפ קאָלאָסאַל פיל אויפמערקזאַמקײַט.

די גאַנצע אַרבעט פונעמ פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פאַר דערנערונג, אָנגעהויבנ פונ אויסאַרבעטנ די אַלגעמײנע פרינציפנ און ביז געבנ קאָנקרעטע און דעטאַלע אָנווײַזונגענ פאַר באַזונדערע ראַיאָנענ און באַזונדערע טוער, האָט זיכ געפונענ אונטער לענינס שטרענגער אויפ-זיכט, ער האָט אומיטלבאַר מיט איר אָנגעפירט.

די לאַגע מיט דער דערנערונג איז געווענ אַנ אויסשליסלעכ אָנגע-שטרענגטע. דער הונגער האָט געפײַניקט די אַרבעטער. אינ א שמועס דורכנ דירעקטנ קאַבעל מיט סטאַלינענ, וואָס האָט זיכ געפונענ אינ צאַריצינ, האָט לענינ דעמ 24 יול געזאָגט: „וועגנ דערנערונג דאַרפ איכ זאָגנ, אַז הײַנט גיט מענ ביכלאַל ניט אַרויס ניט אינ פעטראָ-גראַד, ניט אינ מאָסקווע. די לאַגע איז גאָר א ביטערע. טײלט מיט, צי קאָנט איר אָננעמענ עקסטרע מיטלענ, ווײַל כוץ פונ אײַכ איז ניטאָ פונוואַנענ צו באַקומענ“. דעמ זעלבנ טאָג שיקט ער סטאַלינענ א טע-לעגראַמע: „שיקט פיש, פלײש, גרינס, בכלל אַלע פראָדוקטנ, וואָס

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 221.

מע קאָנ גאָר, אונ וואָס מער"[1]. אונ אָט זײַנענ קײנ צאָפנ — קײנ מאָסקווע, פּעטראָגראַד, איוואַנאָוואָ-וואָזנעסענסק אונ אינ אַנדערע אַרבעטער-צענטערס אַוועק צענדליקער מאַרשרוט-צוגנ מיט דערנערונג, אָרגאַניזירט פונעמ כאַווער סטאַלינ.

לענינ האָט אָנגעשטרענגט זיכ צוגעקוקט צו דער לאַגע אינ צאַריצינ. אויב די ווײַסע וואָלטנ גענומענ צאַריצינ, וואָלט עס אָפּגעשניטנ די רעפּובליק פונ די לעצטע ברויט-רעסורסנ אונ פונעמ באַקוער נאַפט, די דאָנער קאָנטררעוואָליוציע וואָלט זיכ פאַרײניקט מיט דער טשעכאָ-סלאָוואַקישער, קעדײ אינ אײנ געמײנזאַמענ פראָנט צו גײנ אַפ מאָסקווע. באַגלײַכ מיטנ אָרגאַניזירנ די באַזאָרגונג פונ די הונגערנדיקע הויפּט-שטעט מיט דערנערונג, האָט זיכ כאַווער סטאַלינ באַשעפטיקט מיט דער פאַרטײדיקונג פונ צאַריצינ. דעמ 31 אויגוסט 1918 יאָר האָט כאַווער סטאַלינ געשיקט צו לענינענ פאָלגנדיקנ בריוו:

„טײַערער כאַווער לענינ! עס גײט א קאַמפ פאַרנ דאָרעמ אונ פאַרנ קאַספּישנ יאַמ. קעדײ דער דאָזיקער גאַנצער ראַיאָנ זאָל בלײַבנ בא אונדז (אונ ער קאָנ בלײַבנ בא אונדז!), מוז מענ האָבנ עטלעכע לײַכטע מינענטרעגער אונ א צווײ אונטערוואַסער-שיפנ. איכ בעט אײַכ זײער צוניִשט מאַכנ אַלע שטערונגענ אונ דערמיט פאַרלײַכטערנ — א רוק טאָנ פאָרויס די פראַגע וועגנ באַקומענ טײקעף דאָס, וואָס מיר פאָדערנ. באַקו, טורקעסטאַנ, צאָפנ-קאַווקאַז וועלנ זײַנ (אומבאַדינגט!) אונדזערע, אויב די פאָדערונגענ וועלנ טײקעף באַפרידיקט ווערנ. אונדזערע געשעפטנ אַפנ פראָנט גײענ גוט. איכ צווײפל ניט, אַז זײ וועלנ גײנ נאָכ בעסער (דאָס קאַזאַקנטומ ווערט ענדגילטיק דעמאָראַליזירט). איכ דריק די האַנט מײַנ טײַערנ אונ ליבנ איליטש. אײַער סטאַלינ"[2].

באַקומענ כאַווער סטאַלינס בריוו, האָט וולאַדימיר איליטש אויסגעשטראָכנ די ווענדונג אונ די לעצטע שורע, וואָס האָבנ א שײַכעס צו אימ פערזענלעכ, האָט איבערגעמאַכט דעמ אַדרעס, האָט אַוועקגעשטעלט אונטער דעמ דאָזיקנ בריוו זײַנ אונטערשריפט אונ האָט אימ טײקעף אָפּגעשיקט אַלס באַפעל וועגנ איבערגעבנ דער שטאָט צאַריצינ מינענטרעגער אונ אונטערוואַסער-שיפנ. דערמונטערט, אָרגאַניזירט אונ אָנגעפירט פונעמ כאַווער סטאַלינ, האָבנ די אַרבעטער אונ פויערימ אײַנגעהאַלטנ דעמ רויטנ צאַריצינ, וואָס טראָגט איצט מיט רעכט דעמ נאָמענ — סטאַלינגראַד.

ווענ לענינ האָט באַקומענ כאַווער סטאַלינס בריוו, איז ער געלעגנ א שווער פאַרווונדעטער. דער גאַנצער האַס אונ די גאַנצע סינע פונ די אימפּעריאַליסטנ אונ פונ די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסנ, וועלכע די רעוואָליוציע האָט אַראָפּגעוואָרפנ, האָט זיכ קאָנצענטרירט אַפ לענינענ. די קאָנטררעוואָליוציאָנערנ האָבנ געגרײט א גרויסע פאַרשווערונג, וואָס איר צענטראַלער פונקט איז געווענ — דערמאָרדנ לענינענ. די צעיושעטע מערדער די טעראָריסטנ האָבנ אומעטומ נאָכ-

1 לענינ-זאַמלונג XVIII, ז. 193, 196.
2 „באָלשעוויק", 1938, נומ. 2, ז. 70.

געשפּירט, געטשאַטעוועט אַפ לענינענ. דעם 30 אויגוסט 1918 יאָר איז לענינ אַרויסגעטראָטנ פאַר די אַרבעטער פונעם באַסמאַנער ראַיאָנ, אונ דערנאָכ איז ער אַוועקגעפאָרנ צו מיכעלסאָנס זאַוואָד (איצט זאַוואָד אַפ וולאַדימיר איליטשס נאָמענ) אינ זאַמאָסקוואָרעטשיער ראַיאָנ. ווענ לענינ איז נאָכנ אַרויסטרעטנ אַפנ מיטינג צוגעגאַנגענ צו זײַנ אויטאָמאָביל, האָט די עסערקע — די טעראָריסטקע קאַפּלאַנ אויסגעשאָסנ אינ אים. לענינ האָט באַקומענ צוויי שווערע וווּנדנ, די קוילנ זײַנענ געווענ אײַנגעקאַרבט אונ אָפּגעסאַמט. ווי עס איז קלאָר געוואָרנ שפּעטער, אַפ די געריכט=פּראָצעסנ איבער דער רעכט=טראָצקיסטישער באַנדע סאָנימ פונ פאָלק, האָבנ זיכ צוזאַמענ מיט די עסערנ אינ דעם דאָזיקנ ראָצכישנ אַטענטאַט אַפ לענינענ באַטייליקט טראָצקי, בוכאַרינ אונ זייערע נאָכטענצער. אינ משך פונ עטלעכע טעג איז לענינס לעבנ געווענ אינ גרויס געפאַר. יעדנ טאָג האָבנ זיכ אינ די צײַטונגענ געדרוקט ביולעטענענ וועגנ זײַנ געזונט=צושטאַנד. די אַרבעטער אונ פויערימ פונ סאָוועטנ=רוסלאַנד, די אַרבעטנדיקע פונ דער גאַנצער וועלט האָבנ מיט גרויס אומרו נאָכגעשפּירט נאָכ דער קראַנקײַט פונ זייער פירער. אינ די פאַבריקנ אונ זאַוואָדנ, אינ די דערפער, אַפנ פראָנט אונ אינ הינטערלאַנד — אומעטום זײַנענ אַרויסגעטראָגנ געוואָרנ צאָרנדיקע רעזאָליוציעס מיט דער פאָדערונג אָנ ראַכמאָנעס אָפּצורעכענענ זיכ מיט די טעראָריסטנ, מיט די קאָנטררעוואָליוציאָנערנ, מיט דער בורזשואַזיע. „אַפנ ווײַסנ טעראָר ענטפערנ מיט רויטנ טעראָר!“ — דאָס איז געווענ די פאָדערונג אונ דער ווילנ פונעם פאָלק.

דעם 2 סענטיאַבער האָט דער וציק לויט סווערדלאָווס פאָרטראָג וועגנ דעם אַטענטאַט אַפ לענינענ אָנגענומענ אַ באַשלוס וועגנ רויטנ טעראָר קעגנ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בורזשואַזיע אונ אירע אַגענטנ. די קאָנטררעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס זײַנענ צעשמעטערט געוואָרנ.

גרויס איז געווענ די ליבע פונעם פאָלק צו לענינענ. ביים לענינ איז געווענ קראַנק, האָבנ זיכ די אַרבעטער, פויערימ, רויטאַרמייער באַאומרויִקט, צי האָט ער אַלץ, וואָס ער דאַרפ, צי הונגערט ער ניט אונ האָבנ אים צוגעשיקט פּראָדוקטנ פונ זייער אָרעמע ראַציאָנ. פיל האָבנ פאָרגעלייגט זייער בלוט אַפ איבערצוגיסנ דעם קראַנקנ לענינ. אינ זייערע רירנדיקע בריוו האָבנ די אַרבעטנדיקע געבעטנ בײַ לענינענ, אַז ער זאָל וואָס גיכער געזונט ווערנ די סאָנימ צו דערצאָרענענ, אַלע אַרבעטנדיקע צו דערקוויקנ.

אינ די טעג, ווענ לענינ איז געלעגנ קראַנק, אַנטוויקלט זיכ דער פאָלגרײַכער אָנגריפ פונ דער יונגער רויטער אַרמיי אינ מיזרעכ. די שלאַכט=לײַט, וואָס האָבנ פאַרנומענ סימבירסק, האָבנ געשיקט לענינענ אַ טעלעגראַמע:

„טײַערער איליטש! דאָס אײַננעמענ דײַנ היימ=שטאָט סימבירסק איז אַנ ענטפער פאַר איינ ווּנד דײַנער, אונ פאַר דער צווייטער זאָגנ מיר צו סאַמאַרע“.

לענינ האָט זיי געענטפערט:

„דאָס אײנעמענ סימבירסק — מײנ היימ־שטאָט — איז די טײערסטע, די בעסטע רעפוע פאַר מײנע וווּנדנ. איכ פיל אַנ אויסערגעווײנלעכנ צופלוס פונ מונטערקײט אונ פונ קויעכ. איכ באַגריס די רויטאַרמייער מיט זיג אונ אינ נאָמענ פונ אַלע אַרבעטנדיקע דאַנק איכ זיי פאַר אַלע זייערע קאָרבאָנעס".

אינ דרײ וואָכנ אַרומ איז אײנגענומענ געוואָרנ אויכ סאַמאַרע.

טראָצ די שווערע וווּנדנ, האָט לענינס מעכטיקער אָרגאַניזמ שנעל, אינ מעשעכ פונ צוויי וואָכנ, גיווער געווענ די קראַנקײט. דעמ 16 סענטיאַבער האָט שוינ לענינ אָנטייל גענומענ אינ דער זיצונג פונעמ צק פונ דער פאַרטיי, דעמ 17 סענטיאַבער איז ער געווענ פאָרזיצער אַפ דער זיצונג פונ ראַטפאָלקאָמ.

גרויס איז געווענ די סימכע פונ פאָלק, ווענ לענינ איז געזונט געוואָרנ. טויזנטער באַגריסונגענ פונ אַרבעטער, פויערימ, רויטאַרמייער האָט לענינ באַקומענ פונ אַלע עקנ לאַנד.

דער פירער איז ווידער באַמ רודער פונ דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. ער פירט אָנ מיט דער לאַנדשוצ, צוזאַמענ מיט סטאַלינענ אַרבעט ער פאַנאַנדער די פּלענער פונ די קריגס־אָפּעראַציעס, שיקט דירעקטיוונ אפנ פראָנט, קאָנטראָלירט, ווי עס ווערנ אויסגעפילט די באַשלוסנ פונ דעמ שוצ־ראַט. ער שפירט נאָכ נאָכ דעמ, ווי עס גייענ די צוגנ מיט דערנערונג, רויוואַרג, הייצוואַרג, ווי עס ווערנ באַזאָרגט די אַרמיי אונ די אינדוסטריעלע צענטרענ, ווי עס אַרבעט די אינדוסטריע אונ דער מעלוכע־אַפּאַראַט.

אָנפירנדיק מיט דער סאָוועטישער מעלוכע, פאַראַלגעמיינערט לענינ טעאָרעטיש איר גיגאַנטישע פּראַקטישע דערפאַרונג. אינ אָקטיאַבער—נאָיאַבער 1918 יאָר שרײבט ער דעמ בוכ „די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע אונ דער רענעגאַט קאַוטסקי". די פאַרניכטנדיקע קראַפט פונ זײנ צאָרנ אונ פאַראַכטונג ווענדט לענינ קעגנ דעמ „ראַפינירטנ לאַקיי" פונ דער בורזשואַזיע — קאַוטסקי אונ קעגנ די אַנדערע לידערס פונעמ II אינטערנאַציאָנאַל — די טרײע הינט פונעמ אימפּעריאַליזמ. ער באַרײכערט דעמ מאַרקסיזמ מיט דער לערע וועגנ דער סאָוועטישער מעלוכע, גיט אַ מײסטערהאַפטנ אַנאַליז פונ דער קלאַסנ־נאַטור פונ דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, באַווײזט דעמ גרונט־אונטערשייד צווישנ דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע אונ דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, באַווײזט, אַז די „סאָוועטנ־מאַכט איז אינ אַ מיליאָנ מאָל דעמאָקראַטישער פונ דער סאַמע דעמאָקראַטישער בורזשואַזער רעפּובליק"[1]. לענינס בוכ איז אַ העכסט ווערטפולער בײטראָג אינעמ אוצער פונעמ מאַרקסיזמ.

דעמ ערשטנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָבנ די אַרבעטנדיקע געפײערט אינ שווערע באַדינגונגענ. דרײ פערטל פונ אונדזער לאַנד האָט זיכ דעמאָלט געפונענ אינ די הענט באַ די אויכ־

1 לענינ. ווערק, ב. XXIII, ז. 350.

לענדישע אינטערווענטנ. די אויסלענדישע אימפעריאליסטנ אונ ווײַסגווארדייער האָבנ אפ קיינ איינ רעגע ניט געלאָזט צורו די סאָוועטנרעפובליק. זי האָט געקעמפט קעגנ די סאָנימ אפ א סאך פראָנטנ, ניט האָבנדיק קיינ פארבינדעטע. די רויטע ארמיי האָט ערשט געהאלטנ אינ געשאפנ ווערנ, עס האָט געפעלט ברויט, רויווארג, הייצווארג, באוואָפענונג, אמוניציע. אָבער די פארטיי באָלשעוויקעס אונ דער ארבעטער=קלאס, מיט וועלכנ זי האָט אָנגעפירט, זײַנענ ניט אראָפגעפאלנ בא זיכ. לענינ האָט דערמונטערט די מאסנ צומ קאמפ קעגנ די אינטערווענטנ.

צומ ערשטנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער=רעוואָליוציע ציט לענינ אונטער די סאכאקלענ פונ דער דורכגעמאכטער ארבעט. פונעמ ארבעטער=קאָנטראָל צו דער ארבעטער=פארוואלטונג מיט דער אינדוסטריע. פונ דעמ אלגעמיינ=פויערשנ קאמפ פאר ערד צו דער אויסטיילונג פונ דער דאָרפישער אָרעמשאפט אונ צו דער באהעפטונג אירער אינ קאמפ קעגנ די באלעגופימ. פונ דער זיכ צעפאלנדיקער אלטער ארמיי אונ איינצלנע רויטגווארדייִשע אָטריאדנ צו דער רעגולערער רויטער ארמיי, וואָס האָט שוינ אָפגעהאלטנ די ערשטע זיגנ אפ די פראָנטנ. פונ די ערשטע טריט פונ סאָוועטישער אָרגאניזירונג צו דער פארפעסטיקונג פונ דער סאָוועטנמאכט אינעמ גאנצנ לאנד, צו דער ערשטער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע. אזוינע זײַנענ די דאָזיקע סאכאקלענ, וואָס זײַנענ דערגרייכט געוואָרנ אינ רעזולטאט פונ דער העלדישער אונ מעסירעסנעפעשדיקער ארבעט פונ די באָלשעוויקעס, אינ רעזולטאט פונ דער אָנגעשטרענגטער טעטיקײַט פונ לענינענ אונ פונ זײַנע נאָענטסטע מיטקעמפער. מיט רעכט שטאָלצירט דאָס סאָוועטנלאנד מיט די דאָזיקע סאכאקלענ, וואָס גיבנ נײַע מונטערקײַט אונ זיכערקײַט אינעמ ענדגילטיקנ זיג.

אינעמ אָקטיאבער=יאָרטאָג האָט לענינ דערמאָנט דעמ ארבעטער=קלאס, אז קעדײַ צו צעשמעטערנ די סאָנימ, וואָס זײַנענ אָנגעפאלנ אפנ סאָוועטנ=לאנד, פאָדערט זיכ מעסירעסנעפעש, געוואגטקײַט אונ העלדישקײַט; מוסטערנ פונ אָט די אייגנשאפטנ האָבנ באוויזנ די קעמפער פונ אָקטיאבער, די אָנטיילנעמער פונעמ באוואָפנטנ אופשטאנד. דעמ 7 נאָיאבער 1918 יאָר אינ דער רעדע בא דער עפענונג פונ דער מעמאָריאל=ברעט פונ די אָקטיאבער=קעמפער האָט לענינ געזאָגט: „...כאווײַרימ! לאָמיר באערנ דעמ אָנדענק פונ די אָקטיאבער=קעמפער דערמיט, וואָס מיר וועלנ בא זייער דענקמאָל געבנ זיכ א שוווע צו גיינ אינ זייערע וועגנ, נאָכטאָנ זיי אינ זייער שרעקלאָזיקײַט, אינ זייער העלדישקײַט. זאָל זייער לאָזונג ווערנ אונדזער לאָזונג, דער לאָזונג פונ די אופגעשטאנענע ארבעטער פונ אלע לענדער. דער דאָזיקער לאָזונג איז „ניצאָכנ אָדער טויט““[1].

סאָפ 1918 יאָר האָט זיכ געשאפנ א קאטאסטראָפאלע לאגע אפנ פערמער פראָנט. שטרעבנדיק צו פארייניקנ זיכ מיט די אינטערווענטנ,

1 לענינ. ווערק, ב. XXIII, ז. 275.

וואָס זיינענ געגאַנגענ פונ צאַפנ, קעדיי צו דערלאַנגענ א געמיינזאַמענ קלאַפ איבער מאָסקווע, האָט קאָלטשאַק געצווונגענ אָפּטרעטנ אונדזערע טיילנ אפנ לינקנ פלאַנג פונעמ מיזרעכ-פראָנט. דעמ 24 דעקאַבער איז געפאַלנ פערמ, דער סוינע האָט זיכ גערוקט צו וויאַטקע.

לענינ נעמט אָנ ענערגישע מיטלענ צו געבנ הילפ דעמ מיזרעכ-פראָנט. דעמ 25 אונ 29 דעקאַבער שטעלט לענינ אינ שוצ-ראַט די פראַגע וועגנ שיקנ טייקעפ מיליטער צוהילפ דעמ מיזרעכ-פראָנט. לויט לענינס פאָרשלאָג קאָמאַנדירט דער צענטראַל-קאָמיטעט פונ דער פאַרטיי אפ פערמער פראָנט סטאַלינענ, — דעמ אָרגאַניזאַטאָר פונ די זיגנ איבער די ווייסגוואַרדייער בא צאַריצינ, — אונ דזערזשינסקינ. זיי האָבנ געדאַרפט אויספאָרשנ די סיבעס פונ דער קאַפּיטולאַציע פונ פערמ אונ אָננעמענ אַלע נייטיקע מיטלענ אפ אופצושטעלנ דעמ גאַנצנ מיזרעכ-פראָנט.

אפ סטאַלינס אונ דזערזשינסקיס מיטיילונג וועגנ די מיטלענ, וואָס זיי נעמענ אָנ, האָט לענינ געענטפערט: „כ'האָב באַקומענ אונ איבערגעלייענט די ערשטע שיפרירטע דעפעש. איכ בעט אייכ זייער ביידנ פערזענלעכ אָנפירנ מיטנ אויספילנ די אָנגעמערקטע מאָסמיטלענ אפנ אָרט, וויל אַנדערש איז ניטאָ קיינ גאַראַנטיע פונ דערפאָלג“[1]. כאָטש סטאַלינ האָט צוזאַמענ מיט דזערזשינסקינ אופגעשטעלט די שלאַכט-פייִקייט פונ דער III אַרמיי, אונ זי איז אַריבער אינ אָנגריפ קעגנ קאָלטשאַקנ.

אָנפירנדיק מיט דער לאַנדשוצ, קוקט זיכ לענינ אינ דער זעלבער צייט וואַכזאַמ צו צו דער צווישנפעלקערלעכער סיטואַציע, דערלערנט אופמערקזאַמ די אַנטוויקלונג פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג.

אָנהייב צווייטע העלפט 1918 יאָר איז אינעמ גאַנג פונ דער אימפּעריאַליסטישער וועלט-מילכאָמע פאָרגעקומענ אַנ איבערבראָכ לטובת דער אַנטאַנטע. די קרעפטנ פונעמ דייטשישנ אימפּעריאַליזמ האָבנ זיכ גענומענ אויסשעפּנ. אינ דער דייטשישער אַרמיי האָט זיכ אָנגעהויבנ א דעמאָראַליזאַציע. אינעמ הינטערלאַנד פונ דייטשלאַנד האָט געקאָכט דער פאָלקס-צאָרנ קעגנ די מילכאָמע-שוועריקייטנ. אָנהייב נאָיאַבער 1918 יאָר האָט זיכ אינ דייטשלאַנד אָנגעהויבנ א רעוואָלוציע. דייטשלאַנד איז געווענ געצווונגענ צו אָנערקענענ, אַז זי איז באַזיגט אונ בעטנ שאָלעמ בא דער אַנטאַנטע.

רייִנדיק וועגנ דייטשלאַנדס קריגס-מאַפּאָלע, האָט לענינ אינ זיינ רעדע אפנ VI סאָוועטנ-צוזאַמענפאָר דעמ 8 נאָיאַבער 1918 יאָר געזאָגט וועגנ דעמ דייטשישנ אימפּעריאַליזמ: „צוערשט האָט ער זיכ אומגעהייער פאַנאַנדערגעבלאָזנ אפ דריי פערטל אייראָפּע, איז פאַרלאָפנ מיט פעטס אונ דערנאָכ גלייכ געפּלאַצט, איבערלאָזנדיק א שרעקלעכנ איפּעש“. די דייטשישע אימפּעריאַליסטנ האָט דערשטיקט די קריגס-מאַשינ, וואָס זיי אַליינ האָבנ געשאַפנ. „זיי זיינענ פאַרזונקענ,

1 אַרכיוו פונ „אימעל“.

זיי האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ אינ א לאגע פונ א מענטשנ, וואָס האָט זיכ איבערגעפרעסנ אונ גייט אזויארומ צו זײַנ אייגענעמ אומקומ"[1].

דיסקאָנטירנדיק די פארענדערטע סיטואציע, האָט לענינ געשטעלט די פראגע וועגנ אנולירנ דעמ רויבערישנ בריסקער אָפּמאכ. דעמ 13 נאָיאבער 1918 יאָר האָט דער ווציק אנולירט דעמ בריסקער אָפּמאכ. אינ דער ווענדונג „צו אלע פעלקער פונ רוסלאנד, צו דער באפעלקערונג פונ אלע אָקופירטע געגנטנ אונ טעריטאָריעס", וואָס אונטערגעשריבנ האָט זי לענינ אונ סווערדלאָוו, איז געזאָגט געווענ, אז דער גוואלדטעטיקער אונ רויבערישער שאָלעמ איז געפאלנ „אונטער די פארייניקטע קלעפּ פונ די דײַטשישע אונ רוסישע פראָלעטאריער — די רעוואָליוציאָנערנ". די רויטע ארמיי האָט אָנגעהויבנ אָפּרייניקנ פונ דעמ דײַטשישנ מיליטער די טעריטאָריעס, וואָס האָבנ געהערט צומ סאָוועטנ=רוסלאנד אונ זײַנענ פארכאפּט געוואָרנ דורכ דײַטשלאנד. אונטערנ דרוק פונ די רעגולערע טיילנ פונ דער רויטער ארמיי אונ פונ די פארטיזאנישע אָטריאדנ זײַנענ די צעקלאפּטע אונ צו שאנד געמאכטע דײַטשישע כאיאָלעס מיט כארפּע געלאָפנ פונ אוקראינע, ווײַסרוסלאנד אונ באלטיק.

דער רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג אינ אייראָפּע, די רעוואָליוציע אינ דײַטשלאנד, עסטרײַכ, אונגארנ האָבנ געבראכט צו דער אויסבילדונג פונ קאָמוניסטישע פארטייענ אינ אייראָפּע. עס האָט זיכ געשאפנ א רעאלער באָדנ צו פארייניקנ זיי אינעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל, וואָס צו אָרגאניזירנ אימ האָט אזוי פיל אונ אזוי אקשאָנעסדיק געארבעט לענינ. לויט לענינס איניציאטיוו איז נאָכ אינ יאנוואר 1918 יאָר צונויפגערופנ געוואָרנ א באראטונג, אפ וועלכער עס זײַנענ בײַגעווענ די פאָרשטייער פונ די לינקע גרופּעס פונ די סאָציאליסטישע פארטייענ פונ א ריי לענדער. די דאָזיקע באראטונג האָט באשלאָסנ צונויפצורופנ דעמ ערשטנ קאָנגרעס פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל. אינ יאנוואר 1919 יאָר האָט זיכ לענינ געווענדט צו די ארבעטער פונ אייראָפּע אונ אמעריקע מיט א בריוו — א צורופ צו גרינדנ דעמ III אינטערנאציאָנאל.

דעמ 2 מארט 1919 יאָר האָט זיכ אינ קרעמל געעפנט דער I קאָנגרעס פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל, אפ וועלכנ עס זײַנענ בײַגעווענ דעלעגאטנ פונ די וויכטיקסטע לענדער פונ אייראָפּע אונ אמעריקע. אָנגעפירט מיטנ קאָנגרעס האָט לענינ.

ער האָט געמאכט דעמ גרונטיקנ פראָגראמ=פאָרטראָג וועגנ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע אונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט. אינ דעמ דאָזיקנ פאָרטראָג האָט לענינ אָנגעוויזנ אפ דעמ גרונטאונטערשייד צווישנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ דער דיקטאטור פונ די עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ. דער ציל פונ דער דיקטאטור פונ די עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ איז מיט גוואלד דערשטיקנ דעמ ווידערשטאנד פונ די ארבעטנדיקע צוליב די אינטערעסנ פונ א

1 לענינ, ווערק, ב. XXIII, ז. 265, 266.

נישטיקער מינדערהײט. דער ציל פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט איז מיט גוואלד דערשטיקנ דעמ ווידערשטאנד פונ די עקספלואטאטאָרנ צוליב די אינטערעסנ פונ דער גיגאנטישער מערהײט פונעמ פאָלק, צוליב אופבויענ דעמ קאָמוניזמ. די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט איז אבסאָליוט נויטווענדיק פאר דער גאנצער מאסע ארבעטנדיקע, ווײַל נאָר דורכ איר וועט די מענטשהײט קומענ צומ קאָמוניזמ. די פאָליטישע פאָרמ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט זײַנענ די סאָוועטנ. די סאָוועטנמאכט — דאָס איז די ווירקלעכע דעמאָקראטיע פאר די ארבעטנדיקע. אָט די לענינישע האנאָכעס זײַנענ געלייגט געוואָרנ אינ יעסאָד פונ דער פראָגראמ פונעמ קאָמינטערנ.

אזוי איז לויט לענינס איניציאטיוו געשאפנ געוואָרנ די אינטערנאציאָנאלע רעוואָלוציאָנערע פראָלעטארישע אָרגאניזאציע פונ א נײַעמ טיפ — דער מארקסיסטיש-לענינישער אינטערנאציאָנאל.

אינגיכנ נאָכנ קאָנגרעס פונעמ קאָמינטערנ האָט זיכ אינ מארט 1919 יאָר אינ מאָסקווע פארזאמלט דער VIII צוזאמענפאָר פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי. דעמ צוזאמענפאָר האָט געעפנט לענינ, וואָס איז באגעגנט געוואָרנ מיט שטורמישע אויסרופנ: „זאָל לעבנ איליטש!“

זײַנ ערשט וואָרט האָט לענינ געווידמעט דעמ אָנדענק פונ סווערדלאָוונ — איינעמ פונ די בעסטע אָרגאניזאטאָרנ פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, וואָס איז געשטאָרבנ ערעוו דער עפענונג פונעמ צוזאמענפאָר.

לענינ איז ארויסגעטראָטנ מיט פאָרטראָגנ איבער אלע גרונט-פראגנ: באריכט פונ צק, וועגנ דער פארטיי-פראָגראמ, וועגנ דער ארבעט אינ דאָרפ.

אינ דעמ פאָרטראָג וועגנ דער פאָליטישער טעטיקײט פונעמ צענטראל-קאָמיטעט האָט לענינ געווענדט די באזונדערע אופמערקזאמקײט פונ דער פארטיי אפ דער קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג פונ דער סאָוועטנ-רעפובליק אונ האָט אונטערגעשטראָכנ די נויטווענדיקײט קעסיידער צו פארפעסטיקנ די קריגס-קרעפטנ פונ דער פראָלעטארישער מעלוכע. „...מיר לעבנ ניט בלויז אינ א מעלוכע, נאָר אויכ אינ א ס י ס ט ע מ  מ ע ל ו כ ע ס, — האָט געזאָגט לענינ, — אונ די סאָוועטנ-רעפובליק זאָל א דויערהאפטע צײַט עקזיסטירנ בישכיינעס מיט די אימפעריאליסטישע מעלוכעס איז אומעגלעכ. סאָפקאָלסאָפ וועט אָדער איינס, אָדער דאָס צווייטע זיגנ. אונ ביז דער דאָזיקער סאָפ וועט קומענ, איז אומפארמײַדלעכ א ריי אומגעהייערע שרעקלעכע צוזאמענשטויסנ צווישנ דער סאָוועטנ-רעפובליק אונ די בורזשואזע מעלוכעס. דאָס הייסט, אז דער הערשנדיקער קלאס, דער פראָלעטאריאט, אויב נאָר ער וויל אונ ער וועט הערשנ, דארפ דאָס דערווײַזנ אויכ מיט זײַנ מיליטער-אָרגאניזאציע...“

דער צוזאמענפאָר האָט אָנגענומענ א נײַע פארטיי-פראָגראמ, וואָס פארנאנדערגעארבעט האָט זי א ספעציעלע פראָגראמ-קאָמיסיע פו-

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 122.

דער פּאַרטיי בעראָש מיט לענינענ. באַמ באַהאַנדלענ די פּראָגראַמ האָט לענינ שאַרפ פאַרורטיילט די אַנטיבאָלשעוויסטישע אָנשויונגענ פונ בוכאַרינענ, וועלכער האָט פאָרגעלייגט אויסצושליסנ פונ דער פּראָגראַמ די פּונקטנ וועגנ קאַפּיטאַליזמ, וועגנ דער קליינער סכוירע-ווירטשאַפט, וועגנ דער ווירטשאַפט פונעמ מיטלפּויער. בוכאַרינ האָט געזוכט צו פאַרשמירנ דעמ פאַקט, אַז די באַלעגופישע עלעמענטנ אַנטשטייענ אונ וואַקסנ פונ דער קליינ-סכוירישער פּויערימ-ווירטשאַפט. בוכאַרינס אָנשויונגענ האָבנ באַטײַט — מענשעוויסטיש-טראָצקיסטישע אָפּלייקענונג פונ דער ראָליע פונעמ מיטלפּויער אינ דער סאָוועטישער בויונג. לענינ האָט אויכ געגעבנ אַ ווידערשטאַנד די ביז גאָר שעדלעכע, גרויסמעכטישע, שאָוויניסטישע אָנשויונגענ פונ בוכאַרינענ אונ פּיאַטאַקאָווּנ, וועלכע זײַנענ אַרויסגעטראָטנ קעגנ דעמ רעכט פונ נאַציעס אַפ זעלבסטבאַשטימונג אונ קעגנ דער גלײַכבאַרעכטיקונג פונ די נאַציעס.

דעמ פּאָרטראָג וועגנ דער אַרבעט אינ דאָרפ האָט לענינ געווידמעט דער פראַגע וועגנ דעמ מיטלפּויערטומ. פונ האַרבסט 1918 יאָר האָט דער מיטלפּויער אָנגעהויבנ זיכ אויסקערעווענ צו דער סאָוועטנמאַכט, אונ לענינ האָט געגעבנ דעמ לייטנדיקנ לאָזונג, אינ וועלכנ ער האָט פאַרייניקט אינ איינ אַלגעמיינער פאָרמול די „דרײַ-אייניקע אויפגאַבע פונ דער פּאַרטיי-אַרבעט אינ דאָרפ" (סטאַלינ), אונ נעמלעכ: „קענענ דערגרייכנ אַ פאַרשטענדיקונג מיטנ מיטלפּויערטומ — אַפ קיינ איינ מינוט ניט אָפּזאָגנדיק זיכ פונעמ קאַמפ קעגנ דעמ באַלעגופ אונ פעסט אָנשפּאַרנדיק זיכ בלויז אַפ דער אָרעמשאַפט"[1].

מיט אָט דער פאָרמול האָט לענינ באַרײַכערט דעמ אַרסענאַל פונ דער פּאָליטיק פונ דער פּאַרטיי אינ דאָרפ, ער האָט באַרײַכערט די לערע פונ מאַרקסיזמ אינ דער פּויערימ-פראַגע מיט אַ נײַעמ לאָזונג אַפנ גרונט פונ דער נײַער דערפאַרונג פונעמ קלאַסנקאַמפ.

אַפנ VIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר האָט לענינ אָנגעוויזנ, אַז מע דאַרפ „בענגייע דעמ מיטל-פּויער זיכ שטעלנ אַפנ באָדנ פונ אַ פעסטנ בונד", אַז דאָס אײַנאָרדענענ לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרטעלנ אינ קאָמונעס דאַרפ דורכגעפירט ווערנ אַפנ גרונט פונ איבערצײַגנ, נאָר בעשומאויפנ ניט ביגוואַלד. „עס איז ניטאָ קיינ נאַרישערע זאַכ, — האָט ער געזאָגט, — ווי דער עצעמ געדאַנק וועגנ גוואַלד אינ געביט פונ ווירטשאַפטלעכע באַציונגענ פונעמ מיטלפּויער"[2]. די פּאַרטיי אונ די רעגירונג, האָט געזאָגט לענינ, דאַרפנ ווענדנ זייער אויפמערקזאַמקייט אַפ אײַנאָרדענענ דאָס לעבנ פונעמ מיטלפּויער, אַפ באַזאָרגנ דאָס דאָרפ מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס. „אויב מיר וואָלטנ מאָרגנ געקאָנט געבנ 100 טויזנט ערשטקלאַסיקע טראַקטאָרנ, באַזאָרגנ זיי מיט בענזינ, באַזאָרגנ זיי מיט מאַשיניסטנ (איר ווייסט אויסגעצייכנט, אַז

1 לענינ. ווערק, ב. XXIII, ז. 294.
2 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 114, 168.

דערווײַל איז עס א פאנטאזיע), וואָלט דער מיטלפויער געזאָגט: „איכ בינ פאר דער קאָמוניע“ (ד. ה. פארנ קאָמוניזמ)“[1].

איבער לענינס פאָרטראָג האָט דער צוזאמענפאָר ארויסגעטראָגנ א באשלוס וועגנ דורכפירנ די פאָליטיק פונ א פעסטנ בונד מיטנ מיטלפויער בא איינהיטנ אינ דעמ דאָזיקנ בונד די אָנפירנדיקע ראָליע פונעמ פראָלעטאריאט. דאָס איז געווענ א קער אינ דער פאָליטיק פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי בענעגייע צומ מיטלפויער, אנ אריבערגאנג פונ דער פאָליטיק פונ נייטראליזירנ דעמ מיטלפויער צו א פעסטנ בונד מיט אימ, — א קער, וואָס האָט געשפילט אנ אנטשיידנדיקע ראָליע אינ דעמ דערפאָלגרײַכנ אויסגאנג פונ דעמ בירגערקריג קעגנ די אינטערווענטנ אונ ווײַסגווארדייער, אינ דער בויונג פונעמ סאָציאליזמ בא אונדז אינ לאנד.

לענינ אונ סטאלינ האָבנ דעמאסקירט אפנ צוזאמענפאָר טראָצקיס אנטיפארטייִשע מיליטער-פאָליטיק אונ די אזויגערופענע „מיליטערישע אָפּאָזיציע“, וועלכע האָט געקעמפט קעגנ שאפנ א דיסציפלינירטע רעגולערע רויטע ארמיי. לענינס רעדע, אינ וועלכער ער האָט פארטיידיקט די מיליטער-פאָליטיק פונ דער פארטיי, האָט געמאכט אפ די דעלעגאטנ אנ אומפארגעסלעכנ אײַנדרוק. נאָכ לענינס ארויסטרעטונג האָט דער צוזאמענפאָר איינשטימיק אָנגענומענ דעמ באשלוס וועגנ דער מיליטער-פראגע, וועלכנ עס האָט פאָרגעלייגט דער צענטראל-קאָמיטעט.

אינ זײַנ רעדע באמ פארמאכנ דעמ VIII פארטיי-צוזאמענפאָר האָט לענינ נאָכאמאָל דערמאָנט דער פארטיי וועגנ דער קריגס-סיטואציע אונ וועגנ אירע שוועריקײַטנ אונ אָנגעוויזנ אפנ אומדערשעפלעכנ קוואל פונ די קרעפטנ פונ דער סאָוועטנ-רעפובליק אינ איר קאמפ קעגנ די אימפעריאליסטישע רויבער. מיר ווייסנ אלע, האָט געזאָגט לענינ, ווי שווער עס איז די דאָזיקע מילכאָמע, ווי זי צערט אונדז אויס. אָבער מיר זײַנענ פעסט בא זיכ. דאָס, וואָס מיליאָנענ ארבעטנדיקע מאסנ האָבנ דעמ באוווסטזײַנ, אז זייער קאמפ איז א גערעכטער, פלאנצט אונ מערט דעמ מאסנ-העראָיזמ. „צומ ערשטנ מאָל אינ דער וועלט, — ווײַזט אָנ לענינ, — איז געשאפנ געוואָרנ אנ ארמיי, א באוואָפנטע קראפט, וועלכע ווייסט, פאר וואָס זי האלט מילכאָמע, אונ צומ ערשטנ מאָל אינ דער וועלט פארשטייענ קלאָר די ארבעטער אונ פויערימ, וואָס ברענגענ אומגעהייער שווערע קאָרבאָנעס, אז זיי פארטיידיקנ די סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליק...“[2]. דערינ איז די גאראנטיע פונ דער אומבאזיגבארקײַט פונ דער סאָוועטנ-רעפובליק.

באזיגט דײַטשלאנד אונ עסטרײַכ, האָבנ די אימפעריאליסטנ פונ דער אנטאנטע קאָנצענטרירט זייערע קרעפטנ קעגנ דעמ סאָוועטנלאנד. זיי האָבנ דערקלערט א בלאָקאדע פונעמ סאָוועטנפארבאנד. עס איז פארגעארבעט געוואָרנ א פלאנ פונ צעקלאפנ די רויטע ארמיי אונ פארניכטנ די סאָוועטנ-רעפובליק. פונ מיזרעכ איז געגאנגענ

1 לענינ, ווערק, ב. XXIV, ז. 170.

2 דאָרטנ, ז. 176.

קאָלטשאַקס אַרמיי, פונ דאָרעמ האָט אָנגעגריפנ דעניקינ, פונ צאָפנמײַרעוו האָט זיכ געלאָזנ אַפּ פּעטראָגראַד יודעניטש.

דער פּײַנטלעכער קלעמ אַרומ דער סאָוועטנ־רעפּובליק האָט זיכ צונויפגעדריקט אַלצ פעסטער אונ פעסטער. דער סאָוועטנמאַכט האָט געדראָעט טויט־געפאַר. לענינ האָט אָבער אײַזנפעסט געגלייבט אינ די קויכעס פונ די פעלקער פונ דער סאָוועטנ־רעפּובליק, אינ דער אומדערשעפּלעכער מעכטיקײַט פונ דעמ גרויסנ רוסישנ פאָלק. „רוסלאַנד האָט זיכ אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס אינ דער שווערסטער צײַט פלעגנ זיכ דאָרט אַלעמאָל געפינענ מאַסנ, וועלכע מע קאָנ וואַרפנ פאָרויס אַלס רעזערוו, אינ וועלכנ עס פלעגנ זיכ געפינענ נײַע קרעפטנ, ווענ די אַלטע פלעגנ אָנהייבנ זיכ אויסלאָזנ"[1], — האָט געשריבנ לענינ.

די הויפּט־האָפענונג אירע האָט די אַנטאַנטע געלייגט דערמאָלט אַפנ אַדמיראַל קאָלטשאַק. ער איז דערקלערט געוואָרנ פאַרנ „אויבער־רעגירער פונ רוסלאַנד". אימ האָט זיכ אונטערגעוואָרפנ די גאַנצע קאָנטררעוואָליוציע אינ רוסלאַנד. פרילינג 1919 יאָר איז קאָלטשאַקס אַרמיי דערגאַנגענ קימאַט ביז דער וואָלגע. דער מיזרעכ־פראָנט איז געוואָרנ דער הויפּט־פראָנט.

לענינ נעמט אָנ אַלע מיטלענ שנעל אונ אַנטשיידנ צו צעקלאַפּנ קאָלטשאַקנ. דעמ 11 אַפּרעל 1919 יאָר האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט באַשטעטיקט די „טעזיסנ פונ דעמ צק רקפּ(ב) אינ צוזאַמענהאַנג מ ט דער לאַגע אַפנ מיזרעכ־פראָנט". די דאָזיקע טעזיסנ, וואָס האָבנ גערופנ „נעמענ זיכ פאַר דער אַרבעט אַפּ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ", האָבנ געשפּילט אַנ אויסשליסלעכע ראָליע אינ מאָביליזירנ די פאַרטיי, די פּראָפאַריינענ, די אַרבעטער־מאַסנ צומ קאַמפּ קעגנ קאָלטשאַקנ. דעמ זעלבנ טאָג האָט דער ראַטפאָלקאָמ דערקלערט א מאָביליזאַציע.

לענינ גיט א דירעקטיוו דעמ רעוואָליוציאָנערנ קריגס־ראַט פונ דעמ מיזרעכ־פראָנט — צעשמעטערנ קאָלטשאַקס קרעפטנ. ער וואָרנט: „אויב מיר וועלנ ביז ווינטער ניט דעראָבערנ אוראַל, האַלט איכ, אַז די רעוואָליוציע וועט אומפאַרמײַדלעכ אומקומענ".

לענינ רופט די רויטע אַרמיי אָנשטרענגענ אַלע קויכעס אונ צעשמעטערנ די פאַראייניקטע כוואַליעס פונ דעמ צווישנפעלקערלעכנ אימפּעריאַליזמ, וועלכע האָבנ זיכ אַרײַנגעריכנ אַפּ דער סאָוועטישער ערד. ער פאָדערט שנעל מאָביליזירנ אַלע קרעפטנ צומ קאַמפּ קעגנ קאָלטשאַקנ. לענינ דערציט אינ די סאָוועטישע מענטשנ דרייסטקײַט, געוואַגטקײַט, ניט וויסנ פונ שרעק אינ קאַמפּ, גרייטקײַט צו שלאָגנ זיכ ביזנ לעצטנ טראָפּנ בלוט קעגנ די סאָנימ פונ אונדזער היימלאַנד. די פאַראַכטונג צומ טויט דאַרפ זיכ פאַרשפּרייטנ אינ די מאַסנ אונ זיכערנ דעמ זיג, האָט געזאָגט לענינ. ער שטעלט די אויפגאַבע געבנ צו פאַרשטיינ יעדנ אַרבעטער אונ פּויער, יעדנ קאָמאַנדיר אונ שלאַכטמאַנ „באַזונדער געזמענ, אַז פונ זײַנ דרייסטקײַט, אַנטשיידנקײַט אונ איבערגעגעבנקײַט הענגט אָפּ דער סאָפ פונ מילכאָמע"[2]. לענינ פאָדערט, אַז אינ די

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 212.
2 דאָרטנ, ז. 251.

רייענ פונ די קעמפער פאַרנ הײמלאַנד זאָל אײַנגעשטעלט װערנ אַנ אײַזערנע דיסציפּלינ, אַז מע זאָל זיכ אָנ ראַכמאָנעס אָפּרעכענענ מיט די קלאָגמוטערס אונ פּאַניק=מאַכער, מיט די דעזערטירנ אונ פּאַכדאָנימ. „דערשאָסנ װערנ — דאָס איז דער געזעצלעכער גוירל פונ א פּאַכדנ אפ דער מילכאָמע“[1], — האָט געזאָגט לענינ.

אינ די מילכאָמע=באַדינגונגענ האָט זיכ לענינ געזוכט דערשלאָגנ, אַז אינ דער ארבעט פונ אלע אָרגאַניזאַציעס, אונטערנעמונגענ אונ אַנשטאַלטנ, אינ דער ארבעט פונ אלע אָנפירער — קלײנע אונ גרױסע, זאָל אײַנגעשטעלט װערנ א מיליטערישע אָרדענונג. ער האָט געפּאָדערט „אומ יעדנ פּרײַז טײקעפּ אופהערנ צו מיטינגירנ. איבערפירנ די גאַנצע אונ יעטװידע ארבעט אפ קריגס=צושטאַנד, באַשטימענ אומבאַדינגט באַזונדערע פּערזאָנענ, װאָס זאָלנ זײַנ פאַראַנטװאָרטלעכ פאַר אױספילנ א פּינקטלעכ באַשטימטע ארבעט. די דיסציפּלינ דאַרפ אומעטומ זײַנ א מיליטערישע“[2].

לענינ האָט צוגעגעבנ א גרױסע באַדײַטונג דער פּאַרטײיִש=מאַסעװער אונ אָרגאַניזאַציאָנעל=פּראָפּאַגאַנדיסטישער ארבעט, װאָס װערט דורכגעפירט אינ דער רױטער ארמײ אונ אינעמ הינטערלאַנד. די רױטע ארמײ האָט געהאַט אױסגעצײכנטע אָרגאַניזאַטאָרנ אונ אַגיטאַטאָרנ אינ דער פּערזאָנ פונ די מיליטער=קאָמיסאַרנ, װאָס האָבנ געשפּילט אַנ אַנטשײדנדיקע ראָליע אינ פאַרפעסטיקנ די רױטע ארמײ, אינ איר פּאָליטישער אופקלערונג, אינ פאַרשטאַרקנ איר שלאַכט=פעיִקײט אונ דיסציפּלינ. לענינ האָט געזאָגט, אַז „אָנ דעמ מיליטער=קאָמיסאַר װאָלטנ מיר ניט געהאַט די רױטע ארמײ“.

די אופגאַבע פונ דער פּאָליטישער ארבעט צװישנ די מאַסנ אינ די שװערע מאָמענטנ אינעמ לעבנ פונעמ סאָװעטנפאַרבאַנד האָט לענינ געזענ אינ „אײַנפלאַנצנ מוטערקײט אינ די הערצער, רופנ צו דער פעסטקײט פונ גײַסט, פאַרמערנ די באַװוסטזיניקײט אונ פעסטיקנ די כאַװערישע דיסציפּלינ“[3].

לענינ װענדט זיכ צומ ארבעטער=קלאַס. ער טרעט אַרױס מיט פאָרטראָגנ אפ דער אױסעראָרדנטלעכער זיצונג פונעמ פּלענומ פונ מאָסקװער סאָװעט, אפנ פּלענומ פונעמ אַלרוסלענדישנ צענטראַלנ ראַט פונ די פּראָפאַרײַענ, אפ דער קאָנפערענצ פונ די אײַזנבאַנער פונעמ מאָסקװער קנופּ, אפ דער מאָסקװער קאָנפערענצ פונ די פאַבריק=זאַװאָדישע קאָמיטעטנ אונ פּראָפאַרײַענ. ער רופט די ארבעטער צו געבנ הילפ דעמ מיזרעכ=פראָנט, צו שיקנ אפ אָט דעמ פראָנט די בעסטע זײַנע פונעמ ארבעטער=קלאַס. דעמ 10 אַפּרעל שרײַבט ער א בריװ צו די פּעטראָגראַדער ארבעטער, אינ װעלכנ ער רופט זײ װײַזנ א בײַשפּיל גאַנצ רוסלאַנד, שטעלנ אפ די פיס אַלצ אונ אַלמעגלעכ העלפנ דעמ מיזרעכ=פראָנט.

„צו הילפ דעמ מיזרעכ=פראָנט!“ — װאַרפט לענינ א רופ.

1 לענינ. װערק, ב. XXIV. ז. 316.

2 אַרכיװ פונ „אימעל“.

3 לענינ. װערק, ב. XXIV, ז. 222.

אפ לענינס ווענדונג רופט זיכ אָפ דאָס גאנצע לאנד. קעגנ קאָלטשאקנ ווערנ געשיקט די בעסטע באָלשעוויקעס, קאָמוניסטנ, אומפארטייִשע ארבעטער. באקומענ אזא מעכטיקע הילפ, האָט די רויטע ארמיי אָנגעהויבנ טרײַבנ קאָלטשאקנ איבערנ גאנצנ פראָנט.

ווענ די רויטע ארמיי איז צוגעגאנגענ צו אוראל, האָט טראָצקי פאָרגעלייגט א פארעטערישנ פלאנ — אָפּשטעלנ זיכ פאר אוראל אונ אריבערווארפנ דאָס מיליטער פונ מיזרעכ-פראָנט אפנ דאָרעמ-פראָנט. לענינ אונ סטאלינ האָבנ זיכ אנטשיידנ ארויסגעזאָגט קעגנ דעמ דאָזיקנ פלאנ אונ האָבנ געפאָדערט צו דערפירנ ביזנ סאָפ דאָס צעקלאפנ קאָלטשאקנ.

„אָפּשוואכנ דעמ אָנגריפ אפ אוראל אונ אפ סיביר, — האָט געשריבנ לענינ, — וואָלט באדײַט זײַנ פארעטער פונ דער רעוואָליוציע, פארעטער פונ דער באפרײַונג פונ די ארבעטער אונ פויערימ פונ קאָלטשאקס יאָכ“[1]. לענינ האָט געלערנט, אז אינ קאמפ קעגנ די קאָנטררעוואָליוציאָנערנ, קעגנ די סאָנימ, וואָס פארמעסטנ זיכ אפ דער סאָציאליסטישער מעלוכע, איז נייטיק אנטשיידנקײַט אונ קאָנסעקווענטקײַט. „מע דארפ ניט קלאפנ דעמ קעגנער, נאָר פארניכטנ אימ. ניט באגרענעצנ זיכ מיט קיינ האלבע מיטלענ“[2], — האָט אָנגעוויזנ לענינ.

לויט לענינס פאָרשלאָג האָט דער צק פונ דער פארטיי באזײַטיקט טראָצקינ פונ דער אָנפירונג מיטנ מיזרעכ-פראָנט. אונטער פרונזעס אונ קויבישעווס אָנפירונג האָט דאָס רויטע מיליטער דערלאנגט קאָלטשאקנ אפ אוראל אנ אנטשיידנדיקנ קלאפ אונ האָט אימ אָפּגעוואָרפנ קיינ סיביר. צומ סאָפ יאָר האָט די רויטע ארמיי בא דער אונטערשטיצונג פונ דער מעכטיקער פארטיזאנישער באוועגונג פארניכטעט די רעשטלעכ פונ קאָלטשאקס ארמיי.

קעדיי אָפּצושוואכנ דעמ אָנגריפ פונ דער רויטער ארמיי אפנ מיזרעכ-פראָנט אונ ראטעווענ קאָלטשאקנ, האָט דער גענעראל יודעניטש אינ מײַ 1919 יאָר אָנגעהויבנ אָנגרײַפנ אפ פעטראָגראד. דער סוינע איז געשטאנענ בא די טויערנ פונ פעטראָגראד, דער וויג פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. אפ צו ראטעווענ פעטראָגראד שיקט דער צענטראל-קאָמיטעט פונ דער פארטיי, לויט לענינס פאָרשלאָג, דעמ כאווער סטאלינ. לויט אייניקע סימאָנימ האָט לענינ דערזענ, אז אינ פעטראָגראד גופע אונ אפנ פראָנט אָרודעווענ פארעטער אונ שפּיאָנענ. ער טעלעגראפירט צו סטאלינענ:

„אלע אומשטענדנ פונ דעמ ווײַסגווארדייִשנ אָנגריפ אפ פעטראָגראד צווינגענ צו טראכטנ, אז בא אונדז אינ הינטערלאנד, אונ קאָנ זײַנ אויכ אפנ פראָנט גופע, איז פאראנ אָרגאניזירטער פאראט... מײַנ ביטע — ווענדנ א באזונדערע אופמערקזאמקײַט אפ אָט די אומשטענדנ, אָנעמענ עקסטרע מיטלענ אופצודעקנ די פארשווערונגענ“[3].

1 לענינ. „אלע צומ קאמפ קעגנ דעניקינענ!“, 1939, ז. 12.

2 „פראוודא“ נומ. 54, 23 פעווראל 1942 י.

3 „באָלשעוויק“, 1938, נומ. 2, ז. 71.

לענינס אָפשאצונג פון דער לאגע האָט זיך פולקום באשטעטיקט. אין פעטראָגראד און אין שטאב פונעם פראָנט זײנען געזעסן שפיאָנען און ווײסגווארדײיִשע פארשווערער. אונטער כאווער סטאלינס אָנפירונג זײנען זיי אויפגעדעקט און ליקווידירט געוואָרן.

אין צוזאמענהאנג מיטן פאראט בא פעטראָגראד האָט זיך לענין צוזאמען מיט דזערזשינסקין געווענדט צו דער באפעלקערונג מיט אן אויפרוף — קעמפן קעגן שפיאָנען און פארשווערער, אויסכאפן זיי, פארצווייפאכן די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײט אף אלע ארבעטס-באצירקן, באזונדערס אין דער רויטער ארמיי, שטרענג אָפהיטן קריגס-סודעס.

„היט זיך פאר שפיאָנען! א טויט די שפיאָנען!“ — ווערט געזאָגט אין דער דאָזיקער ווענדונג. — „אלע באוווּסטזיניקע ארבעטער און פויערים דארפן מיט לײב-און-לעבן פארטיידיקן די סאָוועטנמאכט, דארפן זיך אויפהייבן צום קאמף קעגן די שפיאָנען און ווײסגווארדײיִשע פארעטער. זאָל יעדערער שטיין אפן וואך-פאָסטן — אין קעסיידערדיקער, אף א מיליטערישן אויפן אָרגאניזירטער, פארבינדונג מיט די פארטיי-קאָמיטעטן, מיט דער טשעקא, מיט די זיכערסטע, מיט די דערפארנסטע כאווײרים פון צווישן די סאָוועטישע טוער“[1].

קיין שום ווײסגווארדײיִשע פארשווערונגען האָבן ניט געראטעוועט יודעניטשן. לענין האָט אונטערגעהאלטן סטאלינס אלע פאָרשלאָגן אין פראט פון פארפעסטיקן דאָס הינטערלאנד און צעקלאפן די שפיאָנישע נעסטן, אין פראט פון אָרגאניזירן דעם פראָנט. כאווער סטאלין האָט שנעל געשאפן אן איבערבראָך אפן פראָנט און אין הינטערלאנד. אונטער זײן אָנפירונג האָט די רויטע ארמיי בא דער אונטערשטיצונג פון די פעטראָגראדער ארבעטער און דעם רויטן פלאָט צעקלאפט יודעניטשעס ארמיי.

דעמלט באופטראָגט די פארטיי דעם כאווער סטאלין זיך פארנעמען מיטן מערעוו-פראָנט און אָרגאניזירן דעם ווידערשטאנד קעגן דעם אָנגריף פון די ווײספאָליאקן. לענין שרײבט צו אים: „איך בעט אײך צופאָרן אפן מערעוו-פראָנט, וועלכער איז שרעקלעך אָפגעשוואכט אין פראט פון קאָמיסארן. עס איז אבסאָליוט נייטיק אונטערצוהאלטן דעם פראָנט אינגאנצן גענומען”.

אין אויגוסט 1919 יאָר, ווען די רויטע ארמיי האָט באפרײט פון קאָלטשאקן גאנצ אוראל און האָט אָנגעהויבן באפרײען סיביר, האָט לענין פארעפנטלעכט אין דער „פראוודא“ א „בריוו צו די ארבעטער און פויערים וועגן דעם זיג איבער קאָלטשאקן”. לענין האָט געוואָרנט קעגן גרויס-האלטערײ און בארויִקטקײט, ווײל „דער סוינע איז נאָך ווײט ניט פארניכטעט”. די שווערע דערפארונג פון דער מילכאָמע, האָט געשריבן לענין, דארף ניט גיין פאר אונדז לעיִבעד. די ארבעטער און פויערים, אלע ארבעטנדיקע דארפן פון דער דאָזיקער דערפארונג מאכן אויספירן פארן קומענדיקן קאמף.

---

1 „פראוודא“ נומ. 116, 31 מײ 1919 י.

דער ערשטער אויספיר. „אונדז איז נייטיק א מעכטיקע רויטע ארמיי. מיר האָבנ דערוויזנ ניט מיט ווערטער, נאָר מיט מײַסימ, אז מיר קענענ זי שאַפנ“, מיר האָבנ זיכ אויסגעלערנט באַזיגנ ניט נאָר די צארישע גענעראַלנ, נאָר אויכ די גענעראַלנ פונ אויסלענדישע ארמייענ. „העלפנ דער רויטער ארמיי מיט אלצ, מיט וואָס נאָר יעדער איינער קאָנ העלפנ, — דאָס איז דער ערשטער גרונט־כויוו אונ הויפט־כויוו פונ יעדנ באַוווסטזיניקנ ארבעטער אונ פויער...

ווער עס העלפט ניט מיטנ גאַנצנ האַרצנ אונ מיט מעסירעסנעפעש דער רויטער ארמיי, האַלט ניט אונטער מיט אלע קויכעס די אָרדענונג אונ דיסציפּלינ אינ איר, יענער איז א פאַרעטער אונ א רענעגאַט. יענער איז אנ אָנהענגער פונ דער קאָלטשאַקאָווסטשינע, יענעמ דאַרפ מענ פארטיליקנ אָנ ראַכמאָנעס“.

דער צווייטער אויספיר. „די רויטע ארמיי קאָנ ניט זײַנ שטאַרק אָנ גרויסע מעלוכע־רעזערווונ פונ ברויט, ווײַל אָנ דעמ קאָנ מענ ניט ניט פרײַ באַוועגנ די ארמיי, ניט גרייטנ זי ווי געהעריק. אָנ דעמ קאָנ מענ ניט אויסהאַלטנ די ארבעטער, וואָס ארבעטנ פאַר דער ארמיי“. פּראָדוצירנ וואָס מער ברויט, אָפּגעבנ דער סאָוועטנ־מעלוכע אלע ברויט־מויסרעס — דאָס איז די פליכט פונ די פויערימ, וואָס ווילנ ניט, אז עס זאָל זיכ אומקערנ די מאַכט פונ די פריצימ אונ קאַפּיטאַליסטנ.

דער דריטער אויספיר. „עס איז נייטיק אָפּצוהיטנ די שטרענגסטע רעוואָליוציאָנערע אָרדענונג“, הייליק אָפּהיטנ אונ אויספילנ די סאָוועטישע געזעצנ. „די קלענסטע אומגעזעצלעכקײַט, דאָס מינדסטע אויווער זײַנ אפנ סאָוועטישנ סיידער איז שוינ א לאָכ, וועלכע די סאָנימ פונ די ארבעטנדיקע נוצנ טייקעפ אויס“.

דער פערטער אויספיר. דער קאָלטשאַקאָווסטשינע „האָבנ געהאָלפנ געבוירנ צו ווערנ אפ דער וועלט אונ האָבנ זי דירעקט אונטערגעשטיצט די מענשעוויקעס אונ עסערנ („סאָציאַליסטנ־רעוואָליוציאָנערנ“). צײַט זיכ אויסלערנענ אָפּצושאַצנ די פּאָליטישע פארטייענ לויט זייערע מײַסימ, אונ ניט לויט זייערע ווערטער... די מענשעוויקעס אונ עסערנ זײַנענ מיטהעלפער פונ די ווײַסגוואַרדייער“.

דער פינפטער אויספיר. „נידער מיט די זיכ קווענקלדיקע, כאַראַקטערלאָזע, מיט די, וואָס לאָזנ זיכ אפנ ווענ פונ העלפנ דעמ קאַפּיטאַל, וואָס לאָזנ זיכ פאַנגענ פונ די לאָזונגענ אונ האַווטאָכעס פונעמ קאַפּיטאַל! קאַמפ אָנ ראַכמאָנעס קעגנ דעמ קאַפּיטאַל אונ א בונד פונ די ארבעטנדיקע, א בונד פונ די פויערימ מיטנ ארבעטער־קלאַס — דאָס איז דער לעצטער אונ וויכטיקסטער אויספיר פונ דער קאָלטשאַקאָווסטשינע“[1].

צעקלאַפּטע אפ מיזרעכ אונ אונטער פעטראָגראַד, האָבנ די אויסלענדישע אינטערווענטנ אונ ווײַסגוואַרדייער אַריבערגעטראָגנ דעמ צענטער פונעמ קאַמפ קעגנ דעמ סאָוועטנ־לאַנד אפ דאָרעמ. זומער אונ האַרבסט 1919 יאָר האָבנ זיי אָרגאַניזירט א צווייטנ מאַרש קעגנ

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 431—436.

דער סאָוועטנ=רעפּובליק — דעמ אזויגערופענעמ „מאַרש פונ 14 מעלוכעס“. די וויכטיקסטע שלאָג=קראַפט איז דאָס מאָל געווענ די דעניקינ=ארמיי. כאַראַקטעריזירנדיק דעניקינס באַנדעס, האָט לענינ געשריבנ, אז דאָס איז א סוינע, וואָס איז „אויסערגעוויינלעכ פייניק צו שנעלע אָנפאַלנ, צו אוואַנטיורעס, צו פאַרצווייפלטע אונטערנעמונגענ, וואָס זייער ציל איז שפּרייטנ פּאַניק, וואָס זייער ציל איז צעשטערנ צוליב צעשטערנ.

אינ קאַמפ קעגנ אזא סוינע איז נייטיק א מיליטערישע דיסציפּלינ אונ מיליטערישע וואַכזאַמקייט, דערפירט ביז דער העכסטער מאַדרייגע. פאַרזענ אָדער פאַרלירנ זיכ — הייסט פאַרלירנ אלצ“ [1].

גוט באַוואָפנט דורכ די אימפּעריאַליסטנ, האָט דעניקינס ארמיי זומער 1919 יאָר אָנגעהויבנ צוריקדרענגענ די רויטע ארמיי. די סיבע פונ דעמ, וואָס די רויטע ארמיי איז אָפּגעטראָטנ, איז געווענ די פאַרעטערישע ארבעט פונ טראָצקינ, וועלכער האָט צעוואַלגערט דעמ דאָרעמ=פראָנט. די דעניקינצעס האָבנ גענומענ אָריאָל, זיינענ צוגעגאַנגענ צו טולע, האָבנ באַדראָעט מאָסקווע. קיינמאָל איז נאָכ קיינ איינ סוינע ניט געווענ אזוי נאָענט צומ האַרצ פונ דער רעוואָליוציע. די גאַנצע אַלוועלטלעכע אונ רוסלענדישע קאָנטררעוואָליוציע האָבנ שוינ טריומפירט איבער דעמ „אומפאַרמיידלעכנ“ אומקומ פונ דער סאָוועטנמאַכט.

לענינ האָט זיכ געווענדט צומ גאַנצנ פאָלק מיט אנ אויפרופ, אינ וועלכנ ער האָט אָפנ אונ קלאָר געמאָלדנ, אז עס איז אָנגעקומענ „דער סאַמע קריטישער מאָמענט פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע“. לענינ ווענדט זיכ ווידעראַמאָל צומ גרונט=קוואַל פונ די קויכעס פונ דער רעוואָליוציע — צומ ארבעטער=קלאַס. ער האָט געוווסט, אז נאָכ די ארבעטער וועלנ נאָכגיינ די פויערימ, אז די ארבעטער וועלנ צעמענטירנ די טיילנ פונ דער רויטער ארמיי אונ וועלנ זי מאַכנ פאַר אנ אומבאַזיגבאַרער.

„אַלע צומ קאַמפ קעגנ דעניקינענ!“ — האָט גערופנ לענינ.

„די מאַסנ ארבעטנדיקע זיינענ פאַר אונדז, — האָט לענינ געשריבנ אינ די דאָזיקע אומרויקע טעג פונ האַרבסט 1919 יאָר. — דערינ איז אונדזער קראַפט. דערינ איז דער קוואַל פונ דער אומבאַזיגבאַרקייט פונעמ אַלוועלטלעכנ קאָמוניזמ. מער נייע טוער פונ צווישנ דער מאַסע אינ די רייענ פונ דער פאַרטיי, קעדיי זעלבשטענדיק אָנטיילצונעמענ אינ דער בויונג פונעמ נייעמ לעבנ, — דאָס איז אונדזער מעטאָד פונ קאַמפ מיט אַלע שוועריקייטנ, דאָס איז אונדזער וועג צומ זיג“ [2].

די באָלשעוויסטישע פאַרטיי האָט דערקלערט א „פאַרטיי=וואָכ“. אינ די רייענ פונ דער פאַרטיי זיינענ ארייַנגעטראָטנ צענדליקער טויזנטער ארבעטער, פויערימ אונ רויטאַרמייער, וואָס זיינענ גרייט געווענ אָפּצוגעבנ זייער לעבנ פאַר דער סאָוועטנמאַכט. די בעסטע באָלשע=

1 לענינ. „אַלע צומ קאַמפ קעגנ דעניקינענ“, 1939, ז. 12.
2 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 485.

וויקעס, די פאָרגעשריטענע ארבעטער זײַנענ אװעק אפנ פראָנט. אינ דעמ קעסיידערדיקנ ווּקס פונ נײַע קרעפטנ, אינעמ ווּקס פונ מאסנהעראָיזמ פונ די ארבעטער אונ פויערימ, אינ די אומדערשעפלעכע רעזערוונ האָט לענינ געזענ דעמ אנטשיידנדיקנ פאקטאָר, וואָס זיכערט פאר די ארבעטנדיקע דעמ זיג איבערנ סוינע. „אפ דער מילכאָמע זיגט דער, וואָס האָט מער רעזערוונ, מער קוואלנ פונ קרעפטנ, מער אויסגעהאלטנקײַט בא די פאָלקס־מאסנ“[1]. די דאָזיקע האנאָכע לענינס איז א לייטנדיקער סטראטעגישער פרינציפ.

אפ צו אָרגאניזירנ דעמ זיג איבער דעניקינענ האָט דער צק געשיקט אפנ דאָרעמ־פראָנט די כאווייריִמ סטאלינ, וואָראָשילאָוו, אָרדזשאָניקידזע, בודיאָני. טראָצקי איז באזײַטיקט געוואָרנ פונ אָנפירנ מיטנ דאָרעמ־פראָנט. אָנשטאָט טראָצקיס פארברעכערישנ פלאנ, לויט וועלכנ עס איז געווענ אָנגעמערקט צו דערלאנגענ דעניקינענ דעמ הויפט־קלאפ פונ צאריצינ אפ נאָוואָראָסיסק, דורכ די דאָנער סטעפעס, ווּ עס האָט געוווינט דאָס פײַנטלעכ־געשטימטע קאזאקנטומ, האָט כאווער סטאלינ פאָרגעלייגט זײַנ פלאנ פונ צעקלאפנ דעניקינענ. לויט דעמ דאָזיקנ פלאנ האָט דער הויפט־קלאפ געדארפט דערלאנגט ווערנ לויט דער ליניע כארקאָוו—דאָנבאס—ראָסטאָוו, ווּ עס איז געווענ א רײַכע נעצ אײַזנבאנענ, ווּ די באפעלקערונג — די ארבעטער אונ פויערימ — האָט סימפאטיזירט דער סאָוועטנמאכט. לענינ האָט באוויליקט דעמ דאָזיקנ פלאנ אונ האָט אָפגעגעבנ דער הויפט־קווארטיר א פאראָרדענונג וועגנ דורכפירנ אינ לעבנ סטאלינס פלאנ.

אינ די טעג פונ שווערע קריגס־ניסיוינעס דארפ פאר יעדנ ארבעטנדיקנ, האָט געלערנט לענינ, שטיינ איינ פראגע: „צי האָבנ מיר געטאָנ אלצ אפ צו העלפנ דער מילכאָמע, צי זײַנענ גענוג אָנגעשטרענגט אונדזערע קויכעס, צי איז גענוג הילפ אװעקגעשיקט אפנ פראָנט?.. פאר אימ — אלע קאָרבאָנעס, פאר אימ — די גאנצע הילפ, אָפווארפנדיק אלע וואקלונגענ. אויב מיר וועלנ קאָנצענטרירנ אלע קויכעס אונ ברענגענ אלע קאָרבאָנעס, וועלנ מיר זיכער זיגנ אויכ דאָס מאָל“[2].

לענינ נעמט אָנ אלע מיטלענ צו באזאָרגנ די רויטע ארמיי אונ די הונגערנדיקע ארבעטער מיט דערנערונג. ער פאָדערט, אז דער אײַזנבאנ־טראנספאָרט זאָל ארבעטנ פינקטלעכ, א באזונדערע אויפמערקזאמקײַט ווענדט ער אפ טראנספאָרטירנ די דערנערונגס־פראכטנ מיטנ וואסער. אינ אָקטיאבער 1919 יאָר שיקט לענינ אינ קאזאנ, סאמארע, סאראטאָוו, סימבירסק, אופא, פערמ אונ וויאטקע א טעלעגראמע, ווּ ער פאָדערט פינקטלעכ אויספילנ די אויפגעבונגענ פונ טראנספאָרטירנ ברויט:

„קיינ איינ טאָג, קיינ איינ שאָ, וואָס קאָנ אויסגענוצט ווערנ, דארפט איר ניט דורכלאָזנ. ביז דער לעצטער מינוט פונ נאוויגאציע, ביז דאָס אײַז וועט אײַנגאנצנ זיכ אװעקשטעלנ, ווײַזט ארויס די פא־

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 493.
2 לענינ. ווערק, ב. XXV, ז. 261.

מע אקשאָנעסדיקע ארבעט, שטייט אפ דער וואכ פונ דער רעוואָליוציע, ווי א רויטארמייער מיט דער ביקס אפנ פאָסטנ, לייגט ניט אוועק אייער ווערטפול געווער, ביז דאָס אייז וועט ניט שמידנ די וואָלגע".

לענינ פאָדערט, אז די קריגס-צענטרענ זאָלנ ארבעטנ אָפעראַטיווער, זיי זאָלנ שנעל אונ פינקטלעכ אויספילנ סטאַלינס פאָדערונגענ, זיי זאָלנ באזאָרגנ דעמ דאָרעמ-פראָנט מיט די נייטיקע קאמפס-מאַטעריאלנ. לענינ אונ סטאַלינ האָבנ די גאנצע צייט אָנגעהאלטנ פארבינדונג איינער מיטנ צווייטנ, געשיקט טעלעגראַמעס אונ גערעדט דורכנ דירעקטנ קאבעל.

דער פלאנ פונ די אויסלענדישע אינטערווענטנ איז אויכ דאָס מאָל אראָפגעריסנ געוואָרנ. דער צווייטער קריגס-מארש קעגנ דער סאָוועטנמאכט איז דורכגעפאלנ. די רויטע ארמיי האָט צעשמעטערט דעניקינענ.

סאָפ דעקאבער 1919 יאָר האָט לענינ פארעפנטלעכט אינ דער „פראַוודא" א „בריוו צו די ארבעטער אונ פויערים פונ אוקראַינע וועגנ די זיגנ איבער דעניקינענ". לענינ האָט דאָ אונטערגעשטראָכנ איינעמ פונ די וויכטיקסטע באַלערנדיקע אויספירנ פונעמ בירגער-קריג, צו וועלכע עס ברענגט די דערפארונג פונעמ קאמפ קעגנ קאָלטשאקנ אונ דעניקינענ. די ארבעטנדיקע פונעמ סאָוועטנ-לאנד שטייט נאָכ פאָר א לאנגער אונ שווערער קאמפ פאר זייער מעלוכישער אומאָפהענגיקייט. „אינ דעמ דאָזיקנ לאנגנ אונ שווערנ קאמפ, — האָט געשריבנ לענינ, — דארפנ מיר, גרויסרוסישע אונ אוקראַינישע ארבעטער, גייג אינ דעמ ענגסטנ בונד, ווייל איינציקווייז וועלנ מיר זיכ ניצווים קיינ אייצע ניט געבנ"[1]. די גאראנטיע פארנ דערפאָלג אינעמ קאמפ פאר איינהיטנ די פראָלעטארישע מעלוכע אונ פאר איר אומאָפהענגיקייט איז דער ענגער בונד פונ די פעלקער פונעמ סאָוועטנ-לאנד, די ברידערלעכע איינהייט פונ די אוקראַינער אונ פונ די אנדערע נאַציאָנאַליטעטנ מיטנ גרויסנ רוסישנ פאָלק. די פעלקער-פריינטשאפט, וואָס איז אויסגעפרוווט געוואָרנ אינעמ פייער פונעמ בירגערקריג, איז איינער פונ די אנטשיידנדיקע פאקטאָרנ פונ דער עקאָנאָמישער אונ מיליטערישער מעכטיקייט פונ פססר.

ביים די אנטשיידנדיקע שלאכטנ אפנ דעניקינ-פראָנט האָט זיכ אפ פעטראָגראַד ווידער א וואָרפ געטאָנ יודעניטשעס ארמיי, קעדיי אָפצוציענ דאָס מיליטער פונ דאָרעמ-פראָנט. ווענ יודעניטשעס מיליטער האָט פארנומענ קראַסנאָיע סעלאָ אונ גאטשינא, האָט לענינ אָנגעשריבנ א ווענדונג צו די ארבעטער אונ רויטארמייער פונ פעטראָגראַד.

„כאַוויירימ! עס ווערט געלייזט דער גוירל פונ פעטראָגראַד!.. שלאָגט זיכ ביזנ לעצטנ טראָפנ בלוט, כאַוויירימ, האלט זיכ פאר יעדנ

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 659.

שפאנ ערד, זײט פעסט ביזנ סאָפ, דער זיג איז ניט װײט! דער זיג װעט זײנ אונדזערער!“ [1].

אפ לענינס רופ מאָביליזירנ די ארבעטער פונ פעטראָגראַד זײערע קרעפטנ און װארפנ זײ קעגנ יודעניטשנ. און װענ יודעניטשעס מיליטער האָט אָנגעהױבנ אָפטרעטנ, האָט לענינ אינ דער צװײטער װענדונג צו די ארבעטער און רויטארמײער פונ פעטראָגראַד געשריבנ: „שלאָגט זײ, גיט זײ ניט קײנ שאָ, קײנ מינוט אָפרו“ [2].

דאָס מאָל האָט די רויטע ארמײ צעקלאפט יודעניטשעס ארמײ ענדגילטיק.

צעקלאפט דורכ דעם רויטנ מיליטער, זײנענ די דעניקינצעס אָפגעטראָטנ צו דאָרעמ. לענינ נעמט אָנ אלע מיטלענ, אז די דעניקינצעס זאָלנ אינגאנצנ צעקלאפט װערנ, ענדגילטיק ליקװידירט װערנ. אָנהײב 1920 יאָר איז דער דאָרעמ־פראָנט רעאָרגאניזירט געװאָרנ אינ דעם דאָרעמ־מײרעװדיקנ פראָנט, עס איז אויכ אויסגעטײלט געװאָרנ א זעלבשטענדיקער קאװקאזער פראָנט. אינ א טעלעגראמע צו סטאלינענ האָט לענינ אָנגעװיזנ, אז ס'איז נײטיק „דורכשלעפנ אײליק הילפ פארנ קאװפראָנט — דאָס איז דאָס סאמע, סאמע װיכטיקע“. דעם 19 פעװראל 1920 יאָר האָט לענינ װידער טעלעגראפירט צו סטאלינענ, אז ער האלט „פאר דער װיכטיקסטער און דרינגענדיקער אויפגאבע צעקלאפנ ביזנ סאָפ דעניקינענ, דערצו דארפט איר מיט אלע קויכעס פאָרסירנ די הילפ פארנ קאװפראָנט“ [3]. אפ מאָרגנ האָבנ לענינ און סטאלינ געהאט א געשפרעכ דורכנ דירעקטנ קאבעל. לענינ האָט געזאָגט: „די לאגע אפנ קאװקאזער פראָנט באקומט אנ אלצ ערנסטערנ כאראקטער. לויט דער הײנטיקער סיטואציע איז ניט אויסגעשלאָסנ די מעגלעכקײט פארלירנ ראָסטאָװ און נאָװאָטשערקאסק, עס זײנענ אויכ ניט אויסגעשלאָסנ פרוװנ פונעמ קעגנער צו אנטװיקלענ דעמ דערפאָלג װײטער אפ צאָפנ און באדראָענ דעם דאָנעצער ראיאָנ. נעמט אָנ עקסטראאָרדינארע מיטלענ אפ צו פארשנעלערנ די טראנספאָרטירונג פונ דער צװײ־און־פערציקסטער דיװיזיע און פונ דער לעטישער דיװיזיע און אפ צו פארשטארקנ זײער קאמפס־פײיקײט. איכ רעכנ אויס דערופ, אז אָפשאצנדיק די אלגעמײנע סיטואציע, װעט איר אנטװיקלענ אײער גאנצע ענערגיע און װעט דערגרײכנ ערנסטע רעזולטאטנ“. דערופ האָט כאװער סטאלינ געענטפערט קורצ און שארפ: „איר קענט זײנ זיכער, אז עס װעט געטאָנ װערנ אלצ, װאָס איז נאָר מעגלעכ“ [4]. דעניקינ איז צעקלאפט געװאָרנ ביזנ סאָפ.

די מאפאָלע פונעמ צװײטנ מארש פונ דער אנטאנטע איז געװענ ניט בלויז קײנ קריגס־ניצאָכנ פונ דער סאָװעטנ־רעפובליק. דאָס איז געװענ לענינס א ביז גאָר גרויסער זיג אפנ פראָנט פונ דער

1 לענינ. װערק, ב. XXIV, ז. 488.

2 דאָרטנ, ז. 516.

3 „באָלשעװיק“, 1940, נומ. 3, ז. 38.

4 „פראװדא“ נומ. 21, 21 יאנואר 1935 י.

אויסערנ־פּאָליטיק, אפנ פראָנט פונ דיפּלאָמאטיע. די אימפּעריאליסטנ פונ דער אנטאנטע האָבנ אָנגעשטרענגט אלע קויכעס, קעדיי צו צווינגענ עסטלאנד, לעטלאנד אונ די אנדערע באלטישע מעלוכעס ארויסצוטרעטנ קעגנ דעמ סאָוועטנ־לאנד. די אלע באמיִונגענ זייערע האָבנ זיכ אָבער געענדיקט מיט א קראכ. אינ דעמ שארפסטנ מאָמענט, ווענ יודעניטש איז געווענ בא פעטראָגראד אונ דעניקינס כאיאָלעס האָבנ זיכ געריסנ קיינ מאָסקווע, האָבנ די דאָזיקע קליינע מעלוכעס ניט געגעבנ קיינ באוואָפנטע הילפ די ווײַסגווארדייער. די סאָוועטישע דיפּלאָמאטיע, וואָס אָנגעפירט מיט איר האָט לענינ, האָט מײַסטערהאפט אויסגענוצט די ווידערשפּרוכנ צווישנ די דאָזיקע לענדער אונ די גרויסע אימפּעריאליסטישע רויבער. יעדעס פונ די דאָזיקע קליינע לענדער האָט שוינ פּראקטיש אויסגעפּרווט אפ זיכ די פּאָליטיק פונ די גרויסע אימפּעריאליסטישע מעלוכעס, וואָס טרעטנ מיט די פיס די נאציאָנאלע ווירדע אונ די מעלוכישע זעלבשטענדיקײַט פונ די קליינע מעלוכעס. אינ דער זעלבער צײַט האָבנ די דאָזיקע לענדער געוווּסט, אז דער זיג פונ קאָלטשאקנ, יודעניטשנ, דעניקינענ אונ פונ אנדערע צארישע גענעראלנ באדײַט דעמ סאָפ פונ זייער זעלבשטענדיקײַט, די רעסטאווראציע פונ דעמ אלטנ רוסלאנד — דער פעלקער־טורמע. דער אויסערנ־פּאָליטיק פונעמ אימפּעריאליזמ, דער פּאָליטיק פונ גזיילע אונ גוואלד האָט לענינ קעגנגעשטעלט די סאָוועטישע אויסערנ־פּאָליטיק, די פּאָליטיק פונ שאָלעמ אונ אכטונג צו דער אומאָפּהענגיקײַט פונ אלע פעלקער. אונ די סאָוועטנ־רעפּובליק האָט געזיגט אינעמ דאָזיקנ אָנגעשטרענגטנ קאמפ קעגנ די מעכטיקע אימפּעריאליסטישע מעלוכעס.

לענינ האָט אופמערקזאמ אונ אָנ אופהער נאָכגעשפּירט נאָכ אלע אָפּעראציעס פונ דער רויטער ארמיי. ער האָט געפירט אונטערהאנדלונגענ דורכנ דירעקטנ קאבעל מיט די אָנפירער פונ די פראָנטנ, האָט אָפּגעגעבנ באפעלנ, פאראָרדענונגענ אונ האָט געפאָדערט מיטיילונגענ וועגנ דעמ, ווי זיי ווערנ אויסגעפילט. צענדליקער טויזנטער ארבעטער זעענ לענינענ אפ דער טריבונע, הערנ זײַנע פלאמיקע רופנ העלדיש צו קעמפנ פארנ סאָציאליזמ אפנ קריגס־פראָנט אונ אפנ ארבעטס־פראָנט. לענינס רופנ האָבנ געבראכט א צופלוס פונ נײַע קויכעס אינעמ קאמפ קעגנ די סאָנימ, האָבנ געהעכערט די באוווּסטזיניקײַט פונ די ארבעטנדיקע, האָבנ געפעסטיקט דאָס סאָוועטישע הינטערלאנד. לענינ האָט געהאלטנ, אז דאָס הינטערלאנד האָט אנ אויסשליסלעכע באדײַטונג. „די מילכאָמע איז אנ עקזאמענ פאר אלע עקאָנאָמישע אונ אָרגאניזאציאָנעלע קרעפטנ פונ יעטווידער נאציע... מיר זיגנ אונ וועלנ זיגנ, ווײַל מיר האָבנ א הינטערלאנד, אונ א פעסט הינטערלאנד, ווײַל די פויערימ אונ ארבעטער זײַנענ, ניט געקוקט אפ הונגער אונ קעלט, באהעפט, זיי זײַנענ פעסטער געוואָרנ, אונ אפ יעדנ שווערנ קלאפ ענטפערנ זיי מיט דער פארגרעסערונג פונ דער קרעפטנ־באהעפטונג אונ עקאָנאָמישער מעכטיקײַט...“[1].

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 544.

און גלייכצייטיק האָט זיך אָפּ קיין איין מינוט ניט אָפּגעשטעלט די קאָלאָסאלע לויפנדיקע ארבעט אין געביט פון אָנפירן מיט ״ע־פארטיי און מעלוכע. קימאט יעדן טאָג זיינען פאָרגעקומען זיצונגען פונעם ראט פון די פאָלקסקאָמיסארן אָדער פון דעם שוצ-ראט, וווּ לענין איז געווען פאָרזיצער. פון טאָג-סיידער זיינען ניט אראָפּ איזוינע פאר דער לאנדשוץ וויכטיקע פראגן, ווי די פראגן וועגן דערנערונג, הייצווארג, טראנספאָרט. „בא אונדז קומען ניט פאָר קיין זיצונגען פונעם ראט פון די פאָלקסקאָמיסארן אָדער שוצ-ראט, — האָט געזאָגט לענין, — וווּ מיר זאָלן ניט טיילן די לעצטע מיליאָנען פודן קוילן אָדער נאפט, און מיר געפינען זיך אין א פיינלעכן צושטאנד, ווען אלע קאָמיסארן נעמען זיך די לעצטע רעשטלעך און יעדן איינעם פעלט אויס, און מע דארף לייזן: פארמאכן פאבריקן דאָ אָדער דאָרטן, דאָ לאָזן די ארבעטער אָן ארבעט אָדער דאָרטן — א פיינלעכע פראגע. מע מוז עס אָבער טאָן, ווייל קיין קוילן איז ניטאָ"[1]. לייזנדיק פארשיידענע מעלוכע-איניאָנים פון גרויסע מאסשטאבן, פלעגט לענין אויך ארייננדרינגען אין דעטאלן און פלעגט ענערגיש קעמפן פאר דעם, אז די אָנגעמערקטע פּלענער און אָנגענומענע באשלוסן זאָלן פארווירקלעכט ווערן. יעדעס מאָסמיטל זיינס, וואָס האָט אפן ערשטן קוק אויסגעזען אומבאדייטנדיק, האָט געשלאָגן אין איין פונקט, איז געווען געווענדט צו איין ציל — צום זיג פון דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. הינטער די דאָזיקע „קליינקייטן" האָט לענין געזען גרויסע זאכן — די פארפעסטיקונג פון דער סאָוועטנמאכט, די מאפּאָלע פון אירע סאָנים, דעם זיג פונעם סאָציאליזם בא אונדז אין לאנד.

זיין מערקווירדיקע אָרגאניזירטקייט אין לעבן און אין דער ארבעט האָט לענין ארייננגעטראָגן אויך אין די זיצונגען פון צק, ראטפאָלקאָם, שוצ-ראט. די צייט איז בא אים געווען פינקטלעך איינגעטיילט. עס איז בא אים ניט געגאנגען לעיבעד קיין איין מינוט. די זיצונגען פלעגט ער עפענען פינקטלעך אין דער אָנגעמערקטער צייט. פון די פאָרטרעגער און רעדנער פלעגט ער פאָדערן גוואלדיקע געפרעסטקייט, זאכלעכקייט, ער האָט געפאָדערט, אז די פארשלאָגן זאָלן זיין פינקטלעך, קלאָר, די אינפאָרמאציע א גענויע. ניין מאָס רייד האָט ער פיינט געהאט. פראגן פון גרויסער מעלוכישער און פארטייִשער באדייטונג פלעגן אין לענינס קעגנווארט געלייזט ווערן שנעל. מיט זיין מונטערקייט, לעבנסלוסטיקייט, ברויזנדיקער ענערגיע פלעגט לענין אָנשטעקן אלע בייוועזנדיקע. ער האָט ליב געהאט זיך כאָכמען, שפאסן, לאכן און פלעגט אָנשטעקן דערמיט אויך די ארומיקע. איינער א געזעלשאפטלעכער טוער פון ענגלאנד, וואָס איז בייגעווען אפּ א זיצונג פון ראטפאָלקאָם און האָט געזען, ווי אָנשטעקנדיק עס לאכט לענין, האָט געזאָגט, אז דאָס איז א *געלעכטער פון קראפט*.

אומערקזאם צוהערנדיק זיך צו די פאָרטרעגער און רעדנער, פלעגט לענין באווייזן דאָ אפּ אָן אָרט, ביים דער זיצונג, איבערשרייבן זיך מיט די בייוועזנדיקע און לייזן אזויארום א ריי וויכטיקע פראגן.

1 לענין, ווערק, ב. XXIV, ז. 297.

לענינ האָט געשטעלט גרויסע פאָדערונגענ, ער האָט געקעמפט דערפאַר, אַז אַלץ זאָל דערפירט ווערנ ביז סאָפ, האָט קאָנטראָלירט די אויספילונג, האָט ניט געוווסט פונ קיינ ראַכמאָנעס צו ביוראָקראַטנ, שווינדלער, פוילער, צעפאָרענע טוער.

לענינ האָט אַרויסגעוויזנ די גרעסטע זאָרג וועגנ די אַרבעטער, פויערימ, וועגנ די געלערנטע, וועגנ די פּאַרטייִשע און מעלוכישע קאַדרעס. אַשטייגער, ווענ די לאַגע אַפנ אייזנבאַנ-טראַנספאָרט איז געוואָרנ אַ שווערע, האָט לענינ פאָרגעלייגט פאַרגרעסערנ דעמ ראַציאָנ פאַר די אייזנבאַנ-אַרבעטער, וואָס האָבנ געאַרבעט אינ אויסערגעוויינלעכ שווערע באַדינגונגענ.

לענינ האָט געזאָרגט וועגנ דעמ, אַז די געלערנטע זאָלנ זיינ מאַטעריעל געזיכערט, זיי זאָלנ האָבנ אַלץ, וואָס זיי דאַרפנ, ער האָט געזאָרגט וועגנ דעמ, אַז עס זאָלנ געשאַפנ ווערנ באַדינגונגענ פאַר דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. לויט זיינ אָנווייזונג איז אָרגאַניזירט געוואָרנ די צענטראַלע קאָמיסיע אַפ צו פאַרבעסערנ די לעבנס-באַדינגונגענ פונ די געלערנטע.

ווי אַ פאָטער, האָט ער געזאָרגט וועגנ דעמ געזונט, וועגנ דער גוטער דערנערונג פונ די קינדער, וועגנ באַזאָרגנ זיי מיט מילכ, פוטער.

באַמערקט אַפ דער זיצונג פונ דעמ ראַטפאָלקאָמ, אַז דער פאָלקס-קאָמיסאַר פאַר דערנערונג ציורופאַ איז קראַנק, האָט אימ לענינ גלייכ אָנגעשריבנ אַ צעטעלע, אַז מע דאַרפ זאָרגזאַמ זיכ באַציִענ צומ געזונט, ווי צו „מעלוכיש פאַרמעגנ": „טייערער אַלעקסאַנדער דמיטריִעוויטש! איר הייבט זיכ אָנ אַבסאָליוט אומדערלאָזבאַר באַציִענ צו מעלוכיש פאַרמעגנ. מיינ פאַראָרדענונג: דריי וואָכנ זיכ היילנ!..

ערנוואָרט, ס'איז אומדערלאָזבאַר אַזוי אַרומוואַרפנ זיכ מיט אַ שוואַכנ געזונט. מע דאַרפ עס צורעכט מאַכנ!"[1].

אַפנ פראָנט איז דערהאַרגעט געוואָרנ דער זונ פונ דעמ שרייבער א. ס. סעראַפימאָוויטש. סעראַפימאָוויטש האָט שווער איבערגעטראָגנ דעמ טויט פונ זיינ באַליבטנ זונ. לענינ האָט זיכ דערוווסט וועגנ דעמ פונ זיינ שוועסטער און האָט טייקעפ אָנגעשריבנ סעראַפימאָוויטשנ אַ בריוו: „די שוועסטער האָט מיר נאָרוואָס איבערגעגעבנ וועגנ דעמ שרעקלעכנ אומגליק, וואָס האָט אייכ געטראָפנ. דערלויבט מיר פעסט, פעסט דריקנ אייכ די האַנט און ווינטשנ מונטערקייט און פעסטקייט פונ גייסט"[2]. לענינ זעט צו איבערצייגנ סעראַפימאָוויטשנ, „ער זאָל זיכ *צווינגענ* נעמענ זיכ ווייטער צו דער אַרבעט", ווייל זיינע קונסט-ווערק זיינענ נייטיק די אַרבעטער, זיינענ נייטיק דעמ גאַנצנ לאַנד.

פיל אויפמערקזאַמקייט האָט לענינ אָפּגעגעבנ די פרויענ — די אַרבעטערנס און פויערטעס. ער איז ניט איינ מאָל אַרויסגעטראָטנ אַפ פאַרזאַמלונגענ און קאָנפערענצנ פונ אַרבעטערנס און פויערטעס,

1 לענינ־זאַמלונג XXI, ז. 280.

2 לענינ, ווערק, ב. XXIX, ז. 518.

האָט זיכ געווענדעט צו זיי מיטנ רופ נעמענ אנ אקטיוונ אָנטייל אינ דער פארטיידיקונג און אינ דער בויונג פונ דער סאָציאליסטישער מעלוכע. ווענ אינ דער בויונג פונ דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט וועלנ אָנהייבנ אָנטייל נעמענ מיליאָנער פרויענ, האָט געזאָגט לענינ, „וועט די סאָציאליסטישע בויונג, זײַנענ מיר זיכער, פארפעסטיקט ווערנ". לענינ האָט געהאלטנ, אז א באזונדערע באדײַטונג אינ די באדינגונגענ פונ מילכאָמע האָט די ארבעט פונ די פרויענ צו הילפ דער רויטער ארמיי, די זאָרג זייערע וועגנ די פארווּנדעטע, דאָס פארבײַטנ אינ די אונטערנעמונגענ און אינ די אנשטאלטנ די מאנצבלענ, וואָס זײַנענ אוועק אינ דער ארמיי.

לענינ איז געווענ דער בעסטער פרײַנט פונ דער יוגנט, דער באָטער און דערציִער פונ די יונגע ארבעטער און פויערימ, ער פלעגט העלפנ מיט אנ אייצע, מיט אָנווײַזונגענ די יוגנט=אָרגאניזאציעס. דער דעלעגאציע פונ דעמ I אלרוסלענדישנ צוזאמענפאָר פונ די יוגנט=פארבאנדנ, וועלכע האָט אימ מיטגעטיילט, אז דער פארבאנד האָט געענדערט זײַנ נאָמענ און הייסט איצט קאָמוניסטישער יוגנט=פארבאנד, האָט לענינ געגעבנ צו פארשטיינ, אז עס האנדלט זיכ ניט אינ נאָמענ, נאָר אינ דער ארבעט: מע דארפ זײַנ א קאָמוניסט אינ אלצ. אינ דײַנ גאנצנ לעבנ און אינ דײַנ גאנצער טעטיקײַט.

אפנ III צוזאמענפאָר פונעמ קאָמיוג אינ 1920 יאָר איז לענינ ארויסגעטראָטנ מיט א רעדע „די אופגאבנ פונ די יוגנט=פארבאנדנ". ער האָט גערופנ די יוגנט אקטיוו אָנטייל צו נעמענ אינ דער גאנצער ארבעט פונ דער סאָוועטישער מעלוכע, ערנסט און טיפ צו באהערשנ אלע אויצרעס פונ דער מענטשלעכער קולטור. ער האָט געזאָגט, אז א קאָמוניסט קאָנ מענ ווערנ נאָר דאנ, ווענ מע באַרײַכערט דעמ זיקאָרנ מיט דעמ וויסנ פונ אלע אויצרעס, וועלכע עס האָט אויסגעארבעט די מענטשהײַט. די ארבעטער און פויערימ דארפנ זײַנ באהעפט און באוווּסטזיניק דיסציפלינירט, מאכמעס אָנ אָט דער באהעפטקײַט און דיסציפלינ קענ מענ ניט באזיגנ די קאפיטאליסטנ און פריצימ פונ דער גאנצער וועלט, קאָנ מענ ניט אופבויענ די קאָמוניסטישע געזעלשאפט. דער קאָמוניסטישער יוגנט=פארבאנד דארפ דערציִענ יונגע בויער פונ דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט. מע דארפ, האָט געזאָגט לענינ, אז די גאנצע דערציִונג און בילדונג פונ דער הײַנטצײַטיקער יוגנט זאָל זײַנ געווענדעט אפ צו דערציִענ אינ איר די קאָמוניסטישע מאָראל. עס עקזיסטירט ניט קיינ מאָראל, וואָס איז גענומענ אויסער דער מענטשלעכער געזעלשאפט; דאָס איז אָפנארעריי. קאָמוניסטישע מאָראל — דאָס איז ניט עטוואָס אזוינס, וואָס איז אָפגעריסנ פונעמ קלאסנקאמפ פונעמ פראָלעטאריאט; זי איז אינגאנצנ אונטערגעוואָרפנ די אינטערעסנ פונ אראָפוואַרפנ דעמ קאפיטאליזמ און אופבויענ דעמ קאָמוניזמ. דער קאָמוניסטישער יוגנט=פארבאנד וועט ערשט דאנ בארעכטיקנ זײַנ נאָמענ, ווענ די מיטגלידער פונ דעמ דאָזיקנ פארבאנד וועלנ יעדנ טראָט פונ זייער לער, דערציִונג, בילדונג פארבינדנ מיטנ אָנטייל אינ דעמ

אלגעמיינעם קאמף פון די ארבעטנדיקע פארן קאָמוניזם. דער קאָמיוג דארף אין יעדער ארבעט געבן זײַן הילף, ארויסווײַזן זײַן איניציאַטיוו. אין לענינס רעדע איז געגעבן געוואָרן אן ארבעטס־פּראָגראַם פאר די פארבאנדן פון דער קאָמוניסטישער יוגנט, אן ארבעטס־פּראָגראַם פאר דער גאנצער סאָוועטישער יוגנט.

איבערגעלאָזנדן מיט דער קאָלאָסאלער מעלוכישער און פּארטיי־שער ארבעט, האָט לענין געפונען צײַט צו לייענען לעקציעס אין דעם קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט אף סווערדלאָווס נאָמען, צו אינטערע־סירן זיך מיט דער נײַער ליטעראטור, צו פארנעמען זיך מיט פראגן פון פילאָסאָפיע. דאָס פאָלגנדיקע צעטל זײַנס, אדרעסירט דער ביב־ליאָטעק פון דעם רומיאנצעוו־מוזיי, זאָגט איידעס וועגן לענינס טיפן אינטערעס צו די פראגן פון פילאָסאָפיע אפילע אין דעם דאָזיקן אוי־סערגעוויינלעך־אָנגעשטרענגטן פעריאָד און גלײַכצײַטיק כאראקטערי־זירט עס לענינס גוואלדיקע באשיידנקײַט. לענין בעט:

„צוליב ספראוועקעס אף 1 טאָג:

I. צוויי בעסטע, אמערסטן פולע, ווערטערביכער פון גריכיש, פון גריכיש אף דײַטש, פראנצויזיש, רוסיש אָדער ענגליש.

II. די בעסטע פילאָסאָפישע ווערטערביכער, ווערטערביכער פון פילאָסאָפישע טערמינען: א דײַטשישן, דאכט זיך, אייסלערס; אן ענגלישן, דאכט זיך, באַלדווינס (Baldwin); א פראנצויזישן, דאכט זיך, פראנקס (אויב ס'איז נישטאָ קיין נײַערער); א רוסישן, וועלכער ס'איז דאָ פון די נײַע. ראדלאָווס און אנדערע.

III. די געשיכטע פון דער גריכישער פילאָסאָפיע:
1) צעלער, די פולע און נײַסטע אויפלאגע.
2) האָמפּערץ (א ווינער פילאָסאָף); «Griechische Denker».“

„אויב די אינפאָרמאטיווע ארויסגאבעס וועלן, לויט די קלאָלים, ניט ארויסגעגעבן אהיים, צי קאָן מען ניט באקומען אף אינאָוונט, אף באנאכט, ווען די ביבליאָטעק איז פארמאכט. איך וועל אומ־קערן צו אינדערפרי“.[1]

אָרגאניזירנדיק די לאנדשוץ, האָט לענין גערופן די ארבעטער און אלע ארבעטנדיקע צו העכערן מיט אלע מיטלען די ארבעטס־פּראָדוק־טיווקײַט. ער האָט ניט איין מאָל געזאָגט, אז די ארבעטס־פּראָדוקטיוו־קײַט — דאָס איז אין לעצטן סאכאקל דאָס סאמע וויכטיקע, סאמע איקערדיקע פארן זיג פון דער נײַער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, פארן זיג פונעם קאָמוניזם.

לענין האָט געהאט, ווי קיינער ניט, דאָס געפיל פאר אָפּשאצן דאָס נײַע, ווי א געניטער גערטנער, פלעגט ער זיך אויפמערקזאם צוקוקן צו דעם אויפקום פונעם נײַעם און פלעגט עס מיט ליבע אויסכאָוועז. איינעם ערשטן ארבעט־שאבעס (סובאָטניק), וואָס די ארבעטער פון דער קאזאנער אײַזנבאנ האָבן דעם 10 מײַ 1919 יאָר אָרגאניזירט אלס ענטפער אף לענינס רוף „ארבעטן אף א רעוואָליוציאָנערן אויפן“,

1 לענין, ווערק, ב. XXIX, ז. 519.

האָט ער טייקעפ דערזענ א געשעעניש, וואָס האָט א היסטאָרישע באדײַטונג.

אינעמ ארטיקל „דער גרויסער אָנהייב" האָט לענינ געשריבנ:

„מאמעש א גיגאנטישע באדײַטונג האָט אינ דער דאָזיקער הינזיכט דאָס, וואָס די ארבעטער אָרגאניזירנ, לויט זייער אייגענער איניציאטיוו, קאָמוניסטישע ארבעט=שאבאָסימ... דאָס איז אנ אָנהייב פונ אנ איבערקערעניש, א מער שווערע, א מער וועזנטלעכע, א מער ראדיקאלע, א מער אנטשיידנדיקע, ווי דאָס אראָפּוואַרפנ די בורזשואזיע"[1].

לענינ האָט געזענ אינ די ארבעט=שאבאָסימ דעמ „פאקטישנ אָנהייב פונעמ קאָמוניזמ". ער האָט געשריבנ, אז די קאָמוניסטישע ארבעט=שאבאָסימ „באווײַזנ אונדז די באוווסטזיניקע און פרײַוויליקע איניציאטיוו פונ די ארבעטער אינ אנטוויקלענ די ארבעטס=פּראָדוקטיווקײַט, אינ אריבערגייִנ צו דער נײַער ארבעטס=דיסציפּלינ, אינ שאפנ סאָציאליסטישע באדינגונגענ פונ ווירטשאפט און לעבנ"[2]. ער האָט געהאלטנ, אז דער ארבעטס=העראָיזמ פונ די ארבעטער אינ הינטערלאנד פארדינט ניט ווייניקער אופמערקזאמקײַט און סטימולירונג, ווי די העלדישקײַט אפנ פראָנט.

לענינ האָט מיט אלע מיטלענ מיטגעווירקט דער דאָזיקער „גרויסער איניציאטיוו" פונ די ארבעטער=מאסנ. דעמ 1 מײַ 1920 יאָר, ווענ אינעמ גאנצנ לאנד איז דורכגעפירט געוואָרנ אנ ארבעט=שאבעס, האָט לענינ אָנטייל גענומענ אינ דער ארבעט פונ אָפּרייניקנ דעמ קרעמל=פּלאַץ.

איינער פונ די אָנטיילנעמער פונ דעמ דאָזיקנ ארבעט=שאבעס, א קורסאנט פונ דער קרעמל=שול, דערמאָנט זיכ: „מיר זענענ — אפנ רעכטנ פלאנג, לעבנ דער קורס=פאָנ, שטייט ניט קיינ הויכער מענטש אינ אנ ארבעט=אָנצוג. דאָס איז געווענ איליטש. דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבנ שפּילנ דעמ אינטערנאציאָנאל.

פּלוצעמ א סיגנאל — עס דונערנ האַרמאטנ, און צוזאמענ מיט איליטשנ טרעטנ מיר צו צו דער ארבעט. צוזאמענ מיט אימ האָבנ מיר אָפּגערייניקט פונ פארשיידענעמ מיסט דעמ קרעמל=פּלאַץ. איליטש האָט געטראָגנ אפ זײַנע אקסל קלעצער, ער האָט זיכ אײַנגעשפּאנט אינ א יועגל און געשלעפט שטיינער"[3].

ווענ קאָלטשאק און דעניקינ זײַנענ צעקלאפּט געוואָרנ און ס'איז געקומענ א שטיקל צײַט, ווענ מע האָט געקאָנט רויִקער אָפּכאפּנ דעמ אָטעמ אינ פרידנ, האָט לענינ זײַנ גאנצע אופמערקזאמקײַט קאָנצענטרירט אפ דער ארבעט פונ דער אינדוסטריע, פונעמ טראנספּאָרט, פונ דער לאנדווירטשאפט. א טייל פונ דער רויטער ארמיי איז אריבערגעפירט געוואָרנ אפנ ארבעטס=פראָנט. דער ראט פאר ארבעטער און פויערימ=שוצ איז רעקאָנסטרויִרט געוואָרנ אינעמ ראט פאר ער=

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 329.

2 דאָרטנ, ז. 342, 339.

3 „ארבעטער און פויערימ וועגנ לענינענ", 1933, ז, 105.

בעט און שוץ. לענינ שטעלט פאר דער פארטיי באָלשעוויקעס, פאר דער סאָוועטנמאכט דרײַ דרינגענדיקסטע אופגאבנ, וואָס לייזנ דעמ גוירל פונ אופשטעלנ די ביז גאָר רוינירטע אינדוסטריע: שאפנ א גרויסנ מעלוכישנ דערנערונג-רעזערוו, זיכערנ מיט הייצווארג די אינדוסטריע, אופשטעלנ דעמ טראנספאָרט און אײַנרעגולירנ זײַנ ארבעט.

לענינ האָט געוואָרנט, אז באזיגנ קאָלטשאקנ, יודעניטשנ, דעניקינען איז געווענ פיל לײַכטער, ווי זיגנ אפנ ווירטשאפטלעכנ פראָנט, ווײַל דאָ דארפ מענ בײַקומענ די קלייגבירגערלעכע געוווינהײַטנ, פארעלטענישנ, רעגילעסנ, וועלכע האָבנ זיכ אויסגעבילדעט אינ מעשענ פונ יאָרהונדערטער, און אז אפ דעמ דאָזיקנ פראָנט שטייט פאָר א דויערנדיקער און אויסערגעוויינלעכ אקשאָנעסדיקער קאמפ. ער האָט גערופנ די ארבעטער ארויסוויַזנ אפנ פראָנט פונ פרידלעכער ארבעט „נאָכ גרעסערע וווּנדער פונ העלדישקײַט און זיג, ווי אפנ געביט פונ מילכאָמע קעגנ די עקספלואטאָרנ!“[1]. לענינ האָט טיפ געגלייבט אינ די שעפערישע קרעפטנ פונעמ ארבעטער-קלאס, אינ זײַנ פייִקײַט זיכ אנ אייצע צו געבנ מיט אלע שוועריקײַטנ. ער האָט געהאלטנ, אז אויכ אפנ ארבעטס-פראָנט איז די באוווּסטזיניקײַט און פעסטקײַט פונעמ ארבעטער-קלאס, זײַנ אנטשלאָסנקײַט און „אײַזנפעסטער ווילנ צו פארווירקלעכנ זײַנ לאָזונג — מיר וועלנ גיכער אומקומענ, איידער זיכ אונטערגעבנ“ — ניט בלויז א היסטאָרישער פאקטאָר, נאָר אויכ א אנטשיידנדיקער, א זיגנדיקער פאקטאָר“[2].

סאָפ מארט 1920 יאָר האָט זיכ געעפנט דער IX פארטיי-צוזאמענפאָר. אינ דעמ באריכט-פאָרטראָג וועגנ דער פאָליטישער טעטיקײַט פונעמ צענטראל-קאָמיטעט האָט לענינ באזונדערס אונטערגעשטראָכנ די אָרגאניזירנדיקע ראָליע פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי אינ דער פאָטערלענדישער מילכאָמע. דער קאמפס-לאָזונג פונ דער פארטיי: „אלץ פארנ זיג!“, „אלץ פאר דער מילכאָמע!“ האָט באהעפט און אָרגאניזירט מיליאָנענ מאסנ אפנ פראָנט און אינ הינטערלאנד. די באָלשעוויסטישע פארטיי האָט געזיכערט די איינהײַט פונ ווילנ און די איינהײַט פונ טאט פונ מיליאָנענ ארבעטער און פויערימ.

„בלויז אדאנק דעמ, — האָט געזאָגט לענינ, — וואָס די פארטיי איז געווענ אפ דער וואכ, וואָס די פארטיי איז געווענ אפנ שטרענגסטנ אויפנ דיסציפלינירט און ווײַל דער אווטאָריטעט פונ דער פארטיי האָט פארייניקט אלע אמטנ און אינסטיטוציעס, און נאָכנ לאָזונג, וועלכנ עס האָט געגעבנ דער צק, זײַנענ געגאנגענ ווי איינ מענטש צענדליקער, הונדערטער, טויזנטער און אינ לעצטנ סאכאקל מיליאָנענ, און בלויז דערפאר, וואָס עס זײַנענ געבראכט געוואָרנ אומדערהערטע קאָרבאָנעס, — בלויז דערפאר האָט דער וווּנדער, וואָס איז געשענ, געקאָנט געשענ. בלויז אדאנק דעמ זײַנענ מיר, ניט געקוקט אפנ צווייִמאָליקנ, דרײַמאָליקנ און פירמאָליקנ מארש פונ די אנטאנטע-אימפע-

1 לענינ. ווערק, ב. XXV, ז. 25.
2 דאָרטנ, ז. 103.

ריאַליסטנ און פונ די אימפּעריאַליסטנ פונ גאַר דער וועלט אימשטאַנד געווענ צו זיגנ“ [1].

לענינ האָט פאַרשאַרפט די אויפמערקזאַמקייט פונ דעמ צוזאַמענפאָר פונ דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס אויפ די פראַגנ פונ דער ווירטשאַפטלעכער בויונג. וועגנ דעמ האָט ער געשריבנ אינעמ „בריוו צו די אָרגאַניזאַציעס פונ דער ריקפּ וועגנ דער צוגרייטונג צומ פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר“, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרנ אינ נאָמענ פונעמ צק. וועגנ דעמ האָט ער אויכ גערעדט אי אויפ דער עפענונג פונעמ צוזאַמענפאָר, אי אינ זײַנ באַריכט-פאָרטראָג וועגנ דער אַרבעט פונ צק, אי אינ דער רעדע וועגנ דער ווירטשאַפטלעכער בויונג, אי אינ דער רעדע בײַמ שליסנ דעמ צוזאַמענפאָר. לענינ האָט גערופנ די פּאַרטיי, די אַרבעטער און פּויערימ ווענדנ די גאַנצע ענערגיע „אויפ אויפשטעלנ די ווירטשאַפט פונעמ לאַנד, אינ דער ערשטער ריי — אויפ אויפשטעלנ דעמ טראַנספּאָרט, און אינ דער צווייטער ריי — אויפ אויפשטעלנ די דערנערונגס-לאַגע“ [2].

אויפנ צוזאַמענפאָר איז לענינ אַנטשיידנ אַרויסגעטראָטנ קעגנ דער אַנטיפּאַרטייִשער גרופּע פונ „דעמאָקראַטישנ צענטראַליזמ“, וועלכע עס האָבנ געשטיצט ריקאָוו און טאָמסקי. די דאָזיקע גרופּע האָט פאַרטיידיקט אומבאַגרענעצטע „קאָלעגיאַלקייט“ און אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט אינ פאַרוואַלטנ מיט דער אינדוסטריע קעגנ דעמ פּרינציפּ, וועלכנ עס האָט אַרויסגערוקט לענינ און וועלכנ עס האָט געשטיצט די גאַנצע פּאַרטיי — דעמ פּרינציפּ פונ איינפּערזאָניקייט און פּערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פונ די דירעקטאָרנ אינ דער אינדוסטריע און אינעמ טראַנספּאָרט.

אויפנ גרונט פונ לענינס אָנווײַזונגענ האָט דער צוזאַמענפאָר אָפּגעגעבנ פיל אויפמערקזאַמקייט דעמ איינהייטלעכנ ווירטשאַפטלעכנ פּלאַנ, אינ וועלכנ דאָס הויפּט-אָרט האָט פאַרנומענ די פראַגע וועגנ עלעקטריפיצירנ די גאַנצע פאָלקסווירטשאַפט.

דער IX צוזאַמענפאָר פונ דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי האָט באַשלאָסנ צוטרעטנ צו אַרויסגעבנ וו. אי. לענינס געזאַמלטע ווערק.

אינ אַפּרעל 1920 יאָר האָט די פּאַרטיי באָלשעוויקעס אָפּגעמערקט דעמ 50-יאָריקנ געבורטס-טאָג פונ איר פירער און גרינדער — וולאַדימיר איליטש לענינ. אויפנ אָוונט, וועלכנ עס האָט אָרגאַניזירט דעמ 23 פעווראַל דער מאָסקווער פּאַרטיי-קאָמיטעט, זײַנענ אַרויסגעטראָטנ לענינס נאָענטסטע מיטקעמפער און פרײַנט — סטאַלינ, גאָרקי און אַנד. צומ סאָפ פונ דער פאַרזאַמלונג האָט לענינ געהאַלטנ אַ קליינע רעדע. זײַנ רעדע האָט לענינ געווידמעט דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס — איר הויכער לאַגע אַלס פּאַרטיי, וואָס פירט אָנ מיט אַ קאָלאָסאַל לאַנד, איר גוואַלדיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט בענעגייע דעמ פאָלק און דעמ אינטערנאַציאָנאַלנ פּראָלעטאַריאַט. ער האָט גערעדט וועגנ דעמ, ווי געפערלעכ עס איז דער קאָפּשווינדל פונ דערפאָלגנ,

1 לענינ, ווערק, ב. XXV, ז. 96.

2 דאָרטנ, ז. 128.

ווי אָפט עס האָבנ אינ דער געשיכטע געהאט א דורכפאל אונ א מאַפּאָלע יענע פארטייענ, וואָס זײַנענ געוואָרנ בא זיכ גרויסהאלטעריש. אָנגעווײַזנדיק, אז די גרונט־שוועריקײַטנ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג — שטייענ נאָכ פאָר, האָט לענינ געוואָרנט די פארטיי פונ דער געפאר פונ גרויסהאלטערײַ. ער האָט געזאָגט, אז די דאָזיקע געפאר „דארפנ זייער ערנסט נעמענ אינ אכט אלע באָלשעוויקעס — יעדערער באזונדער, אונ די באָלשעוויקעס אלס גאנצע פּאָליטישע פארטיי״[1]. אינ סאָפ פונ זײַנ רעדע, האָט לענינ אויסגעדריקט די פולע זיכערקײַט, אז די באָלשעוויקעס וועלנ קיינמאָל ניט זײַנ אינ דער לאגע פונ א פארטיי, וואָס איז געוואָרנ בא זיכ גרויסהאלטעריש.

אינ זײַנע ארויסטרעטונגענ האָט לענינ אומדערמידלעכ פּראָפּאגאנדירט די אויפגאבע פונ העכערנ די ארבעט־פּראָדוקטיוויקײַט, די אויפגאבע פונ שאפנ א נײַע, א סאָציאליסטישע ארבעט־דיסציפּלינ. ער האָט גערעדט אונ געשריבנ: „בויענ א נײַע ארבעט־דיסציפּלינ, בויענ נײַע פאָרמענ פונ געזעלשאפטלעכער פארבינדונג צווישנ מענטשנ, בויענ נײַע פאָרמענ אונ מעטאָדנ פונ צוציִענ מענטשנ צו ארבעט, דאָס איז אנ ארבעט פונ א סאכ יאָרנ אונ יאָרצענדליקער.

דאָס איז א ביז גאָר דאנקבארע אונ ביז גאָר נאָבעלע ארבעט״[2].

פאר א ביז גאָר וויכטיקער זאכ האָט לענינ געהאלטנ די ארבעט פונ אָרגאניזירנ דעמ קאָנטראָל, ארײַנציִענ אינ דעמ די ארבעטער אונ פויערים, באזונדערס די פרויענ. בעראָש פונעמ פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר מעלוכע־קאָנטראָל איז אוועקגעשטעלט געוואָרנ כאווער סטאלינ. אינ אפּרעל 1919 יאָר האָט לענינ געשריבנ צו סטאלינענ, אז אינ דער קאָנטראָל־ארבעט רוקנ זיכ ארויס אפנ פאָדער־גרונט אזויגע אויפגאבנ: אומגעריכטע רעוויזיעס לויט די אָנקלאָגעס פונ די בירגער, רעוואָליוציאָנערע מיטלענ פונ קאמפ קעגנ מיסברויכנ אונ ביוראָקראטיזמ, העכערנ די ארבעטס־פּראָדוקטיוויקײַט אונ פארגרעסערנ דעמ סכומ פּראָדוקטנ. לענינ האָט געהאלטנ, אז דער קאָנטראָל־אפּאראט איז א מעכטיק מיטל פאר ארײַנציִענ די ארבעטנדיקע אינ דער מעלוכע־ארבעט. צוליב דעמ טאקע איז דער קאָמיסאריאט פונ מעלוכע־קאָנטראָל אינ 1920 יאָר רעאָרגאניזירט געוואָרנ אינ דער ארבעטער־פויערשער אינספּעקציע. לענינ האָט זיכ אייצע געהאלטנ מיט סטאלינענ, האָט צו אימ געשריבנ: „דער ציל: די גאנצע ארבעטנדיקע מאסע, אי די מאנצבלענ אי די פרויענ באזונדערס, דורכפירנ דורכנ אָנטייל אינ דער ארבעטער־פויערשער אינספּעקציע״[2].

רופנדיק די פארטיי באָלשעוויקעס אונ דעמ ארבעטער־קלאס צומ קאמפ פאר אויפשטעלנ די ווירטשאפט, האָט לענינ רעכטצײַטיק געוואָרנט, אז דער סוינע זאמלט קרעפטנ, אז ער וועט פרוווּנ נאָכאמאָל מיט באוואָפנטער קראפט אראָפּווארפנ די סאָוועטנמאכט. די דאָזיקע פאָרויסזעונג איז מעקוּיעמ געוואָרנ. די אימפּעריא־

1 לענינ. ווערק, ב. XXV, ז. 163.

2 דאָרטנ, ז. 151.

3 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 387.

ליסטנ האָבנ אינגיכנ פאָרגענומענ א נייעמ פרווו פונ אנ אינטערווענציע און האָבנ אָנגעהויבנ זייער דריטנ קריגס=מארש קעגנ דעמ סאָוועטנ=לאנד. אינ אפרעל 1920 יאָר האָבנ זיי א וואָרפ געטאָנ קעגנ דער סאָוועטנ=רעפובליק די מיליטערישע קרעפטנ פונ דעמ פאנסקנ פוילנ און די ווייסגווארדייער פונ דעמ באראָנ ווראנגעל, וועלכער האָט אָנגעגריפנ פונ קרימ. לענינ האָט געזאָגט, אז פוילנ און ווראנגעל זיינענ צוויי הענט פונ דעמ צווישנפעלקערלעכנ אימפעריאליזמ, וואָס פרווט צו דערשטיקנ די סאָוועטנ=רעפובליק.

די מילכאָמע האָט ווידער געפאָדערט קאָרבאָנעס, ליידנ, קאָלאָסאלע קרעפטנ=אָנשטרענגונג פונעמ גאנצנ לאנד. דער ארבעטער=קלאס און דאָס ארבעטנדיקע פויערטומ האָבנ אָבער פארשטאנענ, אז זייער קאמפ איז א גערעכטער און זיינענ דעריבער דרייסט געגאנגענ אנטקעגנ די שוועריקייטנ, האָבנ מוטיק בייגעקומענ זיי און זיינענ געווענ זיכער אינ זייער זיג. מיר, — האָט דערקלערט לענינ, — „פארטיידיקנ ניט דאָס רעכט צו ראבעווענ פרעמדע פעלקער, נאָר מיר פארטיידיקנ אונדזער פראָלעטארישע רעוואָליוציע און וועלנ זי פארטיידיקנ ביזנ סאָפ. יענע רוסלאנד, וואָס האָט זיכ באפרייט, וואָס האָט אינ מעשעכ פונ צוויי יאָר אינ ליידנ דורכגעמאכט זיינ סאָוועטישע רעוואָליוציע, דאָס דאָזיקע רוסלאנד וועלנ מיר פארטיידיקנ ביזנ לעצטנ טראָפנ בלוט!“ [1].

די לאנדשוץ איז ווידער אינ צענטער פונ לענינס אויפמערקזאמקייט. ער רופט דאָס לאנד נאָכאמאָל אָנשטרענגענ אלע קרעפטנ, שטעלנ אלצ צו דינסט דעמ פראָנט. ער האָט געזאָגט: „עס דארפ גילטנ דער לאָזונג — אלצ פאר דער מילכאָמע! אָנ דעמ וועלנ מיר ניט פארטיק ווערנ מיט דער פוילישער שליאכטע און מיט דער בורזשואזיע, ווי דאָס איז נייטיק, קעדיי צו מאכנ א סאָפ צו דער מילכאָמע, אָנלערנענ איינ מאָל פאר אלע מאָל די לעצטע פונ די שכיינישע מעלוכעס, וואָס וואגט נאָכ צו שפילנ זיכ דערמיט. מיר דארפנ זיי אָפגעווינענ דערפונ אזוי, אז זיי זאָלנ זייערע קינדער און קינדס=קינדער אָנזאָגנ מער אזוינע שטיק ניט צו מאכנ“ [2]. צו אָרגאניזירנ די צעגראָמירונג פונ די פוילישע פאנעס שיקט דער צק אפנ דאָרעמ=מיירעוו=פראָנט, לויט לענינס איניציאטיוו, דעמ כאווער סטאלינ. אלס ענטפער אפ לענינס רופ גייענ אוועק אפנ פראָנט טויזנטער בעסטע קאָמוניסטנ און קאָמיוגיסטנ.

אינ דער זעלבער צייט פירט לענינ א גרויסע צוגרייטונגס=ארבעט ארומ צונויפרופנ דעמ II קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ. פאר דעמ יאָר, וואָס איז פארביי זינט דעמ ערשטנ קאָנגרעס, איז די אינטערנאציאָנאלע קאָמוניסטישע באוועגונג אויסגעוואקסנ, האָט זיכ פארפעסטיקט און רייפער געוואָרנ. לענינ האלט פאר דער וויכטיקסטער אויפגאבע איבערגעבנ די יונגע ברידערלעכע קאָמפארטייענ די ביז גאָר רייכע דערפארונג פונ די באָלשעוויקעס, וואָס איז אָנגעזאמלט געוואָרנ אינ

1 לענינ, ווערק, ב. XXV, ז. 59.
2 דאָרטנ, ז. 299.

מעשעכ פונ יאָרצענדליקער קלאסנ־שלאכטנ, אינ פײַער פונ דרײַ רעוואָליוציעס, די דערפארונג, וואָס האָט ניט קײנ גלײַכנ צו זיכ אינ גאָר דער וועלט.

אינ אפּרעל — מײַ 1920 יאָר האָט לענינ אָנגעשריבנ דעמ מערקווירדיקנ בוכ „די קינדער־קראנקײַט פונ „לינקײַט“ אינעמ קאָמוניזמ“. זײַנ בוכ האָט ער אָנגערופנ: „א פּרוּוו פונ א פּאָפּולערנ שמועס וועגנ דער מארקסיסטישער סטראטעגיע אונ טאקטיק“. אונ ווירקלעכ — דאָס איז דער בעסטער האנטבוכ פונ דער סטראטעגיע אונ טאקטיק פונעמ לעניניזמ; אינ דעמ דאָזיקנ בוכ ווערט געגעבנ די לערע פונ אָנפירנ מיט דעמ רעוואָליוציאָנערנ קאמפּ פונעמ פּראָלעטאריאט, עס איז פאראלגעמײנערט די דערפארונג פונ די גרויסע רעוואָליוציעס. פאר א רעוואָליוציע, האָט געשריבנ לענינ, איז ניט גענוג, אז די עקספּלואטירטע אונ אונטערדריקטע מאסנ זאָלנ פארשטײנ, אז עס איז אומעגלעכ צו לעבנ אפּנ אלטנ שטײגער אונ זאָלנ נעמענ פאָדערנ ענדערונגענ; פאר א רעוואָליוציע איז אומבאדינגט נײטיק, אז די עקספּלואטאטאָרנ זאָלנ ניט קאָנענ לעבנ אונ פארוואלטנ אפּנ אלטנ שטײגער; א רעוואָליוציע איז אומעגלעכ אָנ אנ אלגעמײנ־נאציאָנאלנ קריזיס (א קריזיס, וואָס זאָל אָנרירנ אי די עקספּלואטירטע, אי די עקספּלואטאטאָרנ). אונ צווײטנס, קעדײ דער גאנצער ארבעטער־קלאס, די ברײטע מאסנ ארבעטנדיקע זאָלנ דערגײנ צו א רעוואָליוציע, איז וועניק בלויז פּראָפּאגאנדע אונ אגיטאציע. דערצו איז נײטיק, אז די דאָזיקע מאסנ זאָלנ האָבנ אנ אײגענע פּאָליטישע דערפארונג.

לענינ קריטיקירט אָנ ראכמאָנעס די „לינקע“ דאָקטרינערישקײַט, דעמ דאָגמאטישנ, שאבלאָנעמ צוגאנג צו רעוואָליוציאָנערע אופגאבנ, דאָס ניט וועלנ פירנ אנ ארבעט צווישנ די ברײטע מאסנ. קוידעמ־קאָל דארפ מענ דעראָבערנ דעמ אוואנגארד אפּנ צאד פונעמ קאָמוניזמ, האָט געלערנט לענינ, מיטנ אוואנגארד אלײנ קאָנ מענ אָבער ניט זיגנ. דער רעוואָליוציאָנערער אוואנגארד פונעמ פּראָלעטאריאט, די קאָמוניסטישע פּארטײענ דארפנ דעראָבערנ אפּ זײער צאד די מערהײַט פונעמ ארבעטער־קלאס, די ארבעטנדיקע מאסנ. מע דארפ קענענ צופירנ די מאסנ צו דער רעוואָליוציע, מײַסטערהאפט לערנענ זײ אפּ זײער אײגענער פּאָליטישער דערפארונג, דיסקאָנטירנ די קאָנקרעטע נאציאָנאלע אונ נאציאָנאל־מעלוכישע אײגנטימלעכקײַטנ. די סטראטעגיע אונ די טאקטיק פונ די קאָמוניסטישע פּארטײענ דארפנ זײַנ מאקסימאל בײגעוודיק. די פּארטײענ דארפנ באהערשנ אלע מיטלענ אונ מעטאָדנ פונ קאמפּ: די קונסט פונ באוואָפנטנ אופשטאנד אונ אפּ א רעוואָליוציאָנערנ אופנ אויסנוצנ די סאמע רעאקציאָנערע פּראָפּארײנענ אונ פּארלאמענטנ; געניט קאָמבינירנ די לעגאלע אונ אומלעגאלע ארבעט; דרײסט אונ שרעקלאָז אָנגרײַפנ אונ רויִק, אָרגאניזירט צוריקטרעטנ, לאווירנ, שליסנ פּראקטישע קאָמפּראָמיסנ „אפּילע מיטנ טײַוול אונ מיט זײַנ באָבענ“; קענענ אויסנוצנ אלע אונ יעטווידע רײַבונגענ, קאָנפליקטנ, רײַסערײַענ, מײנונגס־פארשײדנהײַטנ אינ דעמ סוינעמס לאגער; שנעל אונ אומדערווארט בײַטנ די פאָרמענ פונ קאמפּ, יועג דאָס פאָדערט די סיטואציע.

לענינ האָט אויכ צוגעגרייט פּראָיעקטנ פונ די װיכטיקסטע באַ־
שלוסנ פונעם II קאָנגרעס. ער האָט אינ זײ פאָרמולירט די
פּראַקטישע דערפאַרונג פונ דער אַלװעלטלעכער פּראָלעטאַרישער רע־
װאָליוציע. ער האָט אָנגעשריבנ די טעזיסנ װעגנ די גרונט־אויפגאַבנ
פונעם קאָמינטערנ, װעגנ דער אַגראַר־פראַגע, װעגנ דער נאַציאָנאַל־
קאָלאָניאַלער פראַגע. ער האָט פאַנאַנדערגעאַרבעט די אויפנעמ־באַדינ־
גונגענ אינעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל, װאָס האָבנ געדאַרפט
אויסהיטנ די קאָמפּאַרטייענ דערפונ, אַז אינ זײ זאָלנ ניט אַרײַנדרינ־
גענ קײנ אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ.

אויפנ II קאָנגרעס, װאָס האָט אָפּגעהאַלטנ זײַנע זיצונגענ זומער
1920 יאָר, האָט לענינ געמאַכט עטלעכע פאָרטראָגנ, איז ניט אײנ
מאָל אַרויסגעטראָטנ מיט רעדעס. אויפ אײנער פונ די זיצונגענ, װענ
ער האָט באַהאַנדלט די פראַגע װעגנ דער דײַטשישער פּאַרטײ, איז
ער אַרויסגעטראָטנ אויפ דײַטש, דערנאָכ, װענ ער איז אַריבער צו דער
פראַנצויזישער פּאַרטײ, האָט ער גערעדט אויפ פראַנצויזיש. דער טאָנ
פונ אַלע זײַנע אַרויסטרעטונגענ איז באַשטאַנענ דערינ: די ברידער־
לעכע קאָמפּאַרטייענ דאַרפנ זײַנ אָרגאַניזירט אויפ די פּרינציפּנ פונ
רעװאָליוציאָנערנ מאַרקסיזמ, זײ דאַרפנ זײַנ ענג פאַרבונדנ מיט די
מאַסנ, זײ דאַרפנ אַנטשײדנדיק באַהערשנ די מאַרקסיסטישע סטראַ־
טעגיע אונ טאַקטיק אינ געביט פונ צוגרייטנ די זיגרײַכע סאָציאַליס־
טישע רעװאָליוציע.

אָנפירנדיק מיט דער אַרבעט פונעם II קאָנגרעס, האָט לענינ ניט
אָפּגעשװאַכט זײַנ אויפמערקזאַמקײַט צו די פראַגנ פונעם קאַמפ אויפ
די פראָנטנ פונעם בירגערקריג אונ האָט געטאָנ אַלצ צו זיכערנ דעמ
זיג איבערנ סוינע.

די אָפּשאַצונג פונ דער נײַער סיטואַציע, װאָס האָט זיכ געשאַפנ
נאָכ דעמ, װי עס האָט זיכ געענדיקט די סאָװעטיש־פּוילישע מילכאָ־
מע, האָט לענינ געגעבנ אינ זײַנ פאָרטראָג אויפ דער IX פּאַרטײ־קאָנ־
פערענצ אינ סעפּטעמבער 1920.

„ביז איצט פלעגנ מיר אַרויסטרעטנ, — האָט געזאָגט לענינ, — װי
די אײנציקע קראַפט קעגנ דער גאַנצער װעלט פונ אימפּעריאַליסטנ,
אונ האָבנ געטרוימט בלויז װעגנ דעמ, װיאַזוי צו געפינענ אַ שפּעלטל
צװישנ זײ, אַז דער קעגנער זאָל אונדז ניט קענענ דערשטיקנ. אונ
איצט האָבנ מיר געזאָגט: איצט זײַנענ מיר שטאַרקער געװאָרנ, אונ
אויפ יעדנ פּרוּװ אײַערנ אָנצוגרײַפנ װעלנ מיר ענטפערנ מיט אַ קאָנטר־
אָנגריפ, אַזוי אַז איר זאָלט װיסנ, אַז איר ריזיקירט ניט בלויז דער־
מיט, אַז איר װעט אַרויסװאַרפנ עטלעכע הונדערט מיליאָנ, װעלכע
איר האָט אַרויסגעװאָרפנ אויפ יודעניטשנ, קאָלטשאַקנ אונ דעניקינענ,
נאָר איר ריזיקירט דערמיט, אַז באַ יעדנ אָנגריפ אײַערנ װעט זיכ
פאַרברייטערנ די טעריטאָריע פונ די סאָװעטישע רעפּובליקנ“ [1].

לענינ האָט געװאָרנט דאָס סאָװעטישע פאָלק קעגנ באַרויקטקײַט.
ער האָט אָנגעװיזנ, אַז קאָלזמאַנ אינ קרימ געפינט זיכ דאָס מיליטער
פונ באַראָנ װראַנגעל, בלײַבט די געפאַר עקזיסטירנ. „קאָלזמאַנ מע

1 אַרכיװ פונ „אימעל“.

האָט ניט צעקלאַפּט ווראנגעלן ב י ז ן ס אָ ף, קאַלזמאַן מע האָט ניט
איינגענומען גאַנצ קרימ, שטייען די קריגס=אופגאַבן אפן ערשטן
אָרט, דאָס איז אַבסאָליוט אומבאַשטרייטבאַר", — האָט ער דער=
קלערט. לויט לעניננס פאָרשלאָג איז אויסגעטיילט געוואָרן א זעלב=
שטענדיקער דאָרעמ=פראָנט. פאַרנ אָנפירער פונעמ פראָנט איז באַ=
שטימט געוואָרנ דער כ' פרונזע.

לענינ פאָדערט טיכטיק צוגרייטנ די קריגס=אָפּעראַציעס קעגנ
ווראנגעלנ, אַלזייטיק דיסקאָנטירנ די קרעפטנ און די סיטואַציע. ער
גיט אַנ אָנווייזונג: „אומ יעדנ פּרייז אַפּ דעמ קעגנערס אַקסלענ אַריינ=
גיינ אינ קרימ. גרייט זיך גרינטלעכער. קאָנטראָלירט דורכ, צי זיינענ
אויסגעפאָרשט אַלע ערטער, ווו מע קאָנ איבערנ וואַסער דורכגיינ און
איינעמענ קרימ". לענינס אָנווייזונג איז אויסגעפילט געוואָרנ. אי=
נעמ דריטנ אָקטיאַבער=יאָרטאָג האָבנ די פּאָלקנ פונ דער רויטער אַר=
מיי אָנגעהויבנ דעמ שטורעמ פונ פּערעקאָפּ, זיינענ אַריבערגעגאַנגענ
צופוס דעמ סיוואַש און האָבנ צעקלאַפּט ווראנגעלנ. דעמ 16 נאָיאַ=
בער 1920 יאָר האָט דער פּראָלעטאַרישער אַרמיי=פירער פרונזע טע=
לעגראַפירט לענינען: „היינט האָט אונדזער קאַוואַלעריע פאַרנומענ
קערטש. דער דאָרעמ=פראָנט איז ליקווידירט".

וועגנדיק זיך צו די דעלעגאַטנ פונעמ VIII אַלרוסלענדישנ סאָ=
וועטנ=צוזאַמענפאָר, האָט לענינ געזאָגט, אַז אינ קאַמפּ קעגנ וורא=
נגעלנ האָט די רויטע אַרמיי אַרויסגעוויזנ אויסערגעוויינלעכנ העראָיזמ,
„האָבנדיק באַיינגעקומענ אַזעלכע שטערונגענ און אַזעלכע פאַרפעסטיקונגענ,
וואָס אַפילע מיליטערישע ספּעציאַליסטנ און אויטאָריטעטנ האָבנ זיי גע=
האַלטנ פאַר אומצוטריטלעכע. איינס פונ די גלענצנדיקסטע בלעטלעכ
אינ דער געשיכטע פונ דער רויטער אַרמיי — איז יענער פולער, אַנט=
שיידענער און מערקווירדיק שנעלער זיג, וועלכער איז אָפּגעהאַלטנ גע=
וואָרנ איבער ווראנגעלנ. אַזויאַרומ איז די מילכאָמע, וואָס די ווייס=
גוואַרדייער און אימפּעריאַליסטנ האָבנ אונדז אָנגעבונדנ, ליקווידירט
געוואָרנ"[1].

דאָס צעגראָמירנ ווראנגעלנ האָט באַדייט, אַז עס האָט גענומענ
א סאָפ צו דער אויסלענדישער אינטערווענציע און צומ בירגערקריג.

עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָבנ די אימפּעריאַליסטנ אָרגאַניזירט
איינ מאַרש נאָכנ צווייטנ קעגנ דעמ סאָוועטנ=לאַנד. קאָלטשאַק אינ
מיזרעכ, יודעניטש באַ פּעטראָגראַד, דעניקינ אינ דאָרעמ, ווראנגעל אינ
קרימ, דאָס פּאַנסקע פוילנ אינ מייַרעוו — אַלע האָבנ זיי זיך געהאַט
אַרופגעוואָרפנ אַפּ אונדזער לאַנד. לענינ איז אָבער שטענדיק געווענ
אַפּ דער וואַכ, ער פלעגט באַצייטנס טרעפנ די פּלענער פונ די סאָ=
נימ, פלעגט מייסטערהאַפט אופדעקנ די גרונט=ריכטונג פונ דעמ קעגנ=
נערס קלאַפּ, פלעגט שנעל איבערבויענ די קרעפטנ, פלעגט באַהעפטנ
די פּאָלקס=מאַסנ אינ אַנ אייזנפעסטער קראַפט און פלעגט אויסקעמפנ
דעמ זיג.

דערקלערנדיק די סיבעס פונ די זיגנ פונ דער סאָוועטנמאַכט, האָט
לענינ ניט איינ מאָל אונטערגעשטראָכנ, אַז דאָס סאָוועטנ=לאַנד איז

1 לענינ. ווערק, ב. XXVI, ז. 25.

ניט געווענ אײנזאמ אינ קאמפ קעגנ דער ווײסגווארדײישער קאָנטר-רעוואָליוציע אונ אויסלענדישער אינטערווענציע. דער קאמפ פונ דער סאָוועטנמאכט אונ אירע דערפאָלגנ האָבנ ארויסגערופנ סימפּאטיע אונ הילפ בא די ארבעטנדיקע פונ גאָר דער וועלט. די ארבעטער פונ די אויסלענדישע מעלוכעס האָבנ אָרגאניזירט שטרײקנ, זײ פלעגנ זיך אָפּזאָגנ צו לאָדנ קריגס-מאטעריאלנ פאר די אינטערווענטנ אונ ווײס-גווארדײישע גענעראלנ, זײ פלעגנ שאפנ „קאָמיטעטנ פונ טאט" אונטערנ לאָזונג — „די הענט אװעק פונ רוסלאנד!". לענינ האָט געזאָגט: „ווי נאָר די צווישנפעלקערלעכע בורזשואזיע פארמעסט זיך אפ אונדז, כאפנ זי אָנ באמ האנט אירע אײגענע ארבעטער"[1].

באגײסטערט דורכ לענינענ, האָבנ די ארבעטער אונ פויערימ צע-קלאפּט די אינטערווענטנ אונ די ווײסגווארדײער, געראטעוועט די סאָ-וועטנמאכט אונ די מעלוכישע אומאָפּהענגיקײט פונ זײער הײמלאנד.

1 ל ע נ י נ. ווערק, ב. XXV, ז. 405.

## XII

לענינ האָט מײַסטערהאַפט דורכגעפירט די סאָוועטישע שיפ דורכ די שטורעמס פונעמ בירגערקריג. אפ דער רעוואָליוציע האָבנ אָבער געלויערט נײַע גרויזאַמע געפארנ. באַם אריבערגײנ פונ מילכאָמע צו שאָלעמ האָט זיכ די פארטײ באָלשעוויקעס צונויפגעשטויסנ מיט נײַע גיגאַנטישע שוועריקײטנ. די פיליאָריקע מילכאָמעס אונ די אינטערווענציע האָבנ רויִנירט דאָס לאַנד. די אינדוסטריע, דער טראַנספאָרט אונ די לאַנדווירטשאַפט זײַנענ געווענ צעשטערט. די פאָלקס-מאַסנ זײַנענ געווענ מיד. דאָס פויערטומ האָט זיכ געוואַקלט, אומצופרידנ מיט דער פראָד-ראַזווערסטקע. פונ הונגער אונ מידקײט האָט זיכ געלאָזט פילנ אַנ אומצופרידנקײט אויכ צווישנ א טײל ארבעטער. דער קלאַסנ-סוינע האָט געפרווט אויסנוצנ צוליב קאָנטררעוואָליוציאָנערע צילנ די שווערע ווירטשאַפטלעכע לאַגע פונעמ פאָלק אונ די אומצופרידנקײט פונ די פויערימ. דער ארבעטער-קלאַס האָט געמוזט אָנשטרענגענ אַלע קויכעס, קעדײ בײַצוקומענ די שוועריקײטנ. לענינ האָט גענויִאַל אָנגעמערקט דעמ פלאַנ פונ ליקווידירנ דעמ כורבנ, פונ אויפשטעלנ אונ איבערגעשטאַלטנ אפ א סאָציאַליסטישנ אויפנ די פאָלקסווירטשאַפט.

אינ די יאָרנ פונ בירגערקריג זײַנענ אינ צענטער פונ לענינס אויפמערקזאַמקײט געשטאַנענ מילכאָמע-פראַגנ. גאַנצע טעג, אונ אָפט אויכ נעכט, פלעגט ער זײַנ פארנומענ מיט די פראַגנ פונ לאַנדשוץ. איצט, פונ נאָיאַבער 1920 יאָר, ארבעט לענינ אָנגעשטרענגט פאַנאַנדער די ווירטשאַפטלעכע פאָליטיק. אינ דעמ פאַקט, וואָס די סאָוועטנ-מעלוכע האָט באַזיגט די אינטערווענטנ אונ ווײַסגווארדייער, האָט ער אײַנגעזענ נאָכ אײנ באַשטעטיקונג דערפונ, אַז ס'איז מעגלעכ דער זיג פונעמ סאָציאַליזמ בא אונדז אינ לאַנד. אפ דער מאָסקווער קאָנפערענצ פונ די באָלשעוויקעס אינ נאָיאַבער 1920 יאָר האָט לענינ אָנגעוויזנ, אַז „די קאָמוניסטישע אָרדענונג, די סיסטעמ, קאָנ געשאַפנ ווערנ דורכנ פראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געזיגט אינ מילכאָמע“[1].

אינ דעקאַבער 1920 יאָר האָט לענינ פונ דער טריבונע פונ VIII אַלרוסלענדישנ סאָוועטנ-צוזאַמענפאָר ארויסגערוקט דעמ פלאַנ פונ אויפשטעלנ אונ איבערגעשטאַלטנ די פאָלקסווירטשאַפט פונעמ לאַנד, דעמ פלאַנ פונ שאַפנ דעמ עקאָנאָמישנ פונדאַמענט פונעמ סאָציאַליזמ. ער שטעלט די אויפגאַבע: אויפשטעלנ אונ אַלמעגלעכ אַנטוויק-

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXV, ז. 490.

לענ די שווערע אינדוסטריע, שאפנ פאר דער גאנצער ווירטשאפט, דערונטער אויכ פאר דער לאנדווירטשאפט, א נײַע טעכנישע באזע פונ דער מאָדערנער גרויסער מאשינ־פראָדוקציע. אזא באזע איז די עלעקטריפיקאציע. „קאָמוניזמ — דאָס איז סאָוועטנמאכט פליוס עלעקטריפיקאציע פונעמ גאנצנ לאנד...— האָט לענינ געזאָגט אפנ צוזאמענפאָר. — בלויז דעמלט, ווענ דאָס לאנד וועט זײַנ עלעקטריפיצירט, ווענ פאר דער אינדוסטריע, פאר דער לאנדווירטשאפט אונ פארנ טראנספאָרט וועט געשאפנ ווערנ א טעכנישע באזע פונ דער מאָדערנער גרויס־אינדוסטריע, ערשט דעמלט וועלנ מיר זיגנ ענדגילטיק“[1].

דאָס איז געווענ דער היסטאָרישער פלאנ פונ עלעקטריפיצירנ דאָס לאנד — דער פלאנ פונ גאָעלראָ[2], וואָס איז פאנאנדערגעארבעט געוואָרנ לויט לענינס איניציאטיוו אונ אונטער זײַנ אָנפירונג, באמ אָנטייל פונ קאָרעוו צוויי הונדערט בעסטע פאָרשטייער פונ דער וויסנשאפט אונ טעכניק. אינ אימ האָט לענינ מיט העלער שײַנ באלויכטנ די צוקונפט. ער האָט געלערנט, אז די גרויסע מאשינ־אינדוסטריע איז די איינציק־מעגלעכע עקאָנאָמישע באזע פונעמ סאָציאליזמ. בלויז א מעכטיקע אינדוסטריע, וואָס באזירט זיכ אפ דער עלעקטריפיקאציע פונעמ לאנד, איז פייִק צו זיכערנ די איבערבויונג פונ דער צעדריבלטער אינדיווידועלער פויערשער ווירטשאפט אונ דאָס אריבערפירנ זי אפ רעלסנ פונ גרויסער סאָציאליסטישער ערד־ארבעט.

„לויט מײַנ מיינונג, — האָט לענינ געזאָגט וועגנ דעמ פלאנ פונ עלעקטריפיצירנ דאָס לאנד, — איז דאָס אונדזער צווייטע פארטיי־פראָגראמ“[3].

דאָס איז געווענ א גראנדיעזער פלאנ פונ רעקאָנסטרוירנ די גאנצע פאָלקסווירטשאפט אפ סאָציאליסטישע יעסוידעס. פארנ פראָלעטאריאט איז געשטעלט געוואָרנ אנ אופגאבע — א גיגאנטישע לויט איר פארנעמ אונ אנ אומגעהערטע לויט דער דרייסטקייט, ברייטקייט אונ גאנצקייט פונ דער אידיי. אונ גלײַכצײַטיק איז עס געווענ א וויסנשאפטלעכ באגרינדעטע אונ פראקטיש אבסאָליוט אויספירבארע אופגאבע. זי איז באשטאנענ אינ דעמ: אינ מעשעכ פונ 10—20 יאָר לאכלותנ ענדערנ דאָס פאָנעמ פונ אונדזער ראכוועסדיק היימלאנד, אפ א ראדיקאלנ אופנ איבערמאכנ די פאָלקסווירטשאפט, אופבויענ די סאָציאליסטישע געזעלשאפט. אינ די באדינגונגענ פונ דער דעמלטיקער אָרעמקייט אונ רויִנירונג האָט זיכ א סאכ מענטשנ געדאכט, אז דער פלאנ, וואָס לענינ האָט אָנגעמערקט, איז א טרוימ, וועלכער וועט קיינמאָל ניט פארווירקלעכט ווערנ. בלויז לענינ האָט געקענט אזוי דרייסט קוקנ אינ דער צוקונפט, גלייבנדיק אינ די קויכעס פונ די מאסנ אונ אינ זייער פייִקייט צו שאפנ וווּנדער. דאָס לעבנ האָט באשטעטיקט

1 לענינ. ווערק, ב. XXVI, ז. 46, 47.

2 גאָעלראָ — מעלוכישע קאָמיסיע צו עלעקטריפיצירנ רוסלאנד. — Государственная комиссия по электрификации России.

3 לענינ, ווערק, ב. XXVI, ז. 45.

לענינס געניאלע נעוויִעס. אונטער סטאלינס אָנפירונג איז דער לענינישער פּלאנ פונ עלעקטריפיצירנ דאָס לאנד אויסגעפילט מיט א מויסרעס.

לענינ האָט פאָראויסגעזענ, אז די דערפאָלגנ פונ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג וועלנ דינענ אלס ביישפּיל און מוסטער פארנ זיגרייכנ פּראָלעטאריאט פונ יעטווידנ קאפּיטאליסטישנ לאנד. ער האָט געזאָגט: „אויב רוסלאנד וועט באדעקט ווערנ מיט א געדיכטער נעצ עלעקטרישע סטאנציעס און מעכטיקע טעכנישע אינסטאליאציעס, וועט אונדזער קאָמוניסטישע ווירטשאפטלעכע בויונג ווערנ א מוסטער פאר דער אָנקומענדיקער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אינ אייראָפּע און אינ אזיע“ [1].

לענינ און סטאלינ האָבנ צעקלאפּט די פּרווונ פונ די טראָצקיסטנ און פונ די ריקאָווצעס אראָפּצורייסנ דעמ פּלאנ פונ עלעקטריפיצירנ דאָס לאנד. אינ א בריוו צו לענינענ אינ מארט 1921 יאָר האָט סטאלינ געגעבנ א פארניכטנדיקע קריטיק פונ דער פּאָזיציע פונ די טראָצקיסטנ און ריקאָווצעס און באגלייכ דערמיט האָט ער געגעבנ אנ אלזייטיקע אָפּשאצונג פונעמ פּלאנ גאָעלראָ. „א מייסטערהאפטער עסקיז פונ א ווירקלעכ איינהייטלעכנ און ווירקלעכ מעלוכישנ ווירטשאפטלעכנ פּלאנ אָנ געגנדזנ־פּיסלעכ. אינ אונדזער צייט — דער איינציקער מארקסיסטישער פּרווו שאפנ אונטער דעמ סאָוועטישנ איבערגעבוי פונ דעמ ווירטשאפטלעכ אָפּגעשטאנענעמ רוסלאנד א ווירקלעכ רעאלע און בא די איצטיקע באדינגונגענ איינציק מעגלעכע טעכניש־פּראָדוצירישע באזע“ [2].

נאָכ דעמ, ווי עס האָט זיכ געענדיקט דער בירגערקריג און מע האָט אָנגעהויבנ אריבערגיינ צו דער פרידלעכער ווירטשאפטלעכער בויונג, האָט זיכ פאר דער פּארטיי געשטעלט די פראגע וועגנ אויסארבעטנ א נייע איינשטעלונג אינ אלע פראגנ פונ דעמ ווירטשאפטלעכנ לעבנ פונעמ לאנד. דעמ צענטראל־קאָמיטעט איז געווענ קלאָר, אז די סיסטעמ פונעמ קריגס־קאָמוניזמ האָט זיכ אליינ אויסגעשעפּט. עס איז אָפּגעפאלנ די נייטיקייט אינ דער פּראָדראזווערסטקע: מע האָט געדארפט געבנ די פויערימ די מעגלעכקייט אויסנוצנ א גרויסנ טייל פונ די מויסרעס פונ זייער פּראָדוקציע. דאָס וואָלט דערלויבט אופצולעבנ די לאנדווירטשאפט, דעמ סכוירע־אומזאצ, אופהייבנ די אינדוסטריע, פארבעסערנ די באזאָרגונג פונ די שטעט, שאפנ א נייע ווירטשאפטלעכע באזע פונעמ בונד פונ די ארבעטער און פויערימ.

לענינ האָט געהאלטנ, אז איבערבויענ די יעסוידעס פונ דער עקאָנאָמיק פונעמ לאנד אפ סאָציאליסטישע פּרינציפּנ, פארהיילנ די שווערע וונדנ, וואָס די מילכאָמעס און די אינטערווענציע האָבנ דערלאנגט דער פאָלקסווירטשאפט, איז מעגלעכ בלויז אפנ גרונט פונ ארייננציענ אינ דער דאָזיקער ארבעט אפנ ברייטסטנ אויפנ דעמ ארבעטער־קלאס און זיינע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציעס. ער האָט אונ־

---

1 לענינ, ווערק, ב. XXVI, ז. 48.

2 „פּראוודא“ נומ. 351, 22 דעקאבער 1930 י.

טערגעשטראָכנ, ווי נייטיק עס איז זיכ דערשלאָגנ, אז די ארבעטער אונ פויערים זאָלנ פארשטיינ, אז לעבנ אפנ אלטנ אויפנ איז אומעגלעכ, אז מע מוז ענדערנ די אלטע עקאָנאָמישע עקזיסטענצ-באדינגונגענ אונ דורכפירנ אינ לעבנ דעמ גרויסנ ווירטשאפטלעכנ פלאנ. אפנ ערשטנ אָרט האָבנ זיכ ארויסגערוקט די אויפגאבנ פונ אויפקלערערישער, דערציִערישער ארבעט. מיר דארפנ, האָט געזאָגט לענינ, שאפנ „א ברייטע אונ סאָלידע באזע פונ איבערצייגונג אונטער אלע נייע פראָדוציר-אויפגאבנ“ [1].

אינ אָט דעמ אָנגעשטרענגטנ מאָמענט, אינ דעמ מאָמענט, ווענ דאָס לאנד האָט געהאלטנ אינ דורכמאכנ דעמ שארפנ קער פונ מיליטערישנ צו פרידלעכנ ווירטשאפטלעכער בוינג, זיינענ קעגנ לענינענ אונ קעגנ דער פארטיי ארויסגעטראָטנ די טראָצקיסטנ. די טראָצקיסטישע פאָליטיק פונ „איבערטרייסלענ די פראָפאריינענ“ אונ טייקעפ פארוואנדלענ זיי אינ מעלוכע-אָרגאנענ, א פאָליטיק פונ הוילנ צוואנג אונ קאָמאנדעווענ בענעגייע די מאסנ האָט געהאט איינ איינציקנ ציל: אופשטעלנ די ארבעטער קעגנ דער פארטיי, שפאלטנ דעמ ארבעטער-קלאס. אזא פאָליטיק וואָלט געווענ קאטאסטראָפאל פאר דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט. נאָכ די טראָצקיסטנ זיינענ ארויסגעטראָטנ אויכ די אנדערע אנטיפארטייִשע גרופעס: די „ארבעטער-אָפאָזיציע“, די „דעמאָקראטישע צענטראליסטנ“, די „לינקע קאָמוניסטנ“. זיי האָבנ אָנגעבונדנ דער פארטיי די אזויגערופענע דיסקוסיע וועגנ די פראָפאריינענ.

מיט דער ענערגיע אונ אומקאָמפראָמיסלעכקייט, וואָס זיינענ אזוי כאראקטעריסטיש פאר אימ, האָט לענינ גראָמירט די דאָזיקע אלע סאָנימ פונ דער פארטיי, די צעשטערער פונ דער פארטיי-איינהייט. די ארויסטרעטונג פונ די טראָצקיסטנ אונ פונ די אנדערע אנטיפארטייִשע גרופעס האָט לענינ געהאלטנ פאר א מארש קעגנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, פאר א פרווו צו צערייסנ דעמ בונד פונ דעמ ארבעטער-קלאס מיטנ פויערטומ.

קעגנ דער פאָליטיש שעדלעכער אונ געפערלעכער טראָצקיסטישער פלאטפאָרמע איז לענינ טייקעפ ארויסגעטראָטנ אפנ פלענומ פונ צק אינ נאָיאבער 1920 יאָר. דעמ 30 דעקאבער 1920 יאָר האָט לענינ געהאלטנ א רעדע וועגנ די פראָפעסיאָנעלע פאריינענ אפ א פארזאמלונג פונ די באָלשעוויקעס די דעלעגאטנ פונעמ VIII סאָוועטנ-צוזאמענפאָר אונ אקטיווע טוער פונ דער פראָפאריינישער באוועגונג. ער האָט באוויזנ, אז די טראָצקיסטנ באטראכטנ די פראָפאריינענ אלס מיליטערישע אָרגאניזאציעס, ער האָט דעמאסקירט זייער פרווו קעגנשטעלנ די פראָפאריינענ דער פארטיי, ער האָט באוויזנ, ווי געפערלעכ עס זיינענ פאר דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט די טראָצקיסטישע פלאטפאָרמ אונ די אנדערע אנטיפארטייִשע פלאטפאָרמעס. דעמ הויפט-קלאפ האָט לענינ געווענדט קעגנ די טראָצקיסטנ, וואָס זיינענ געווענ די גרונט-קראפט פונ די אנטיפארטייִשע גרופירונגענ

1 לענינ, ווערק, ב. XXVI, ז. 74.

אינ יאנוואר 1921 יאָר איז לענינ ארויסגעטראָטנ קעגנ די אָפּאָזיציאָנעלע גרופּעס מיט אנ ארטיקל „דער קריזיס פונ דער פּארטיי" אונ מיט דער בראָשור „נאָכאמאָל וועגנ די פּראָפּאריינענ". אינ זיי האָט לענינ פּארטיידיקט אונ פאנאנדערגעוויקלט דעמ מארקסיסטישנ קוק אפ די פּראָפּאריינענ אינ דער עפּאָכע פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט: די פּראָפּאריינענ — דאָס איז א רעזערוואר פונ דער מעלוכע-מאכט, א שול פונ פאראייניקונג אונ סאָלידארישקייט, א שול פונ פארוואלטונג אונ ווירטשאפט-פירונג, א שול פונ קאָמוניזמ. ער האָט אופגעדעקט דעמ אנטימארקסיסטישנ, טעאָרעטיש אונ פּאָליטיש פעלערהאפטנ צוגאנג פונ די טראָצקיסטנ אונ אויכ פונ די בוכארינצעס אונ שליאפּניקאָווצעס צו דער פראגע וועגנ די פּראָפּאריינענ, ער האָט באוויזנ, אז זיי פארבייטנ די דיאלעקטיק מיט עקלעקטיזמ. לענינ האָט גערופנ די פּארטיי צו געבנ א ענערגישנ ווידערשטאנד אלע אנטיבאָלשעוויסטישע גרופּעס.

לענינס קאָלאָסאלער פארדינסט אינ דער פּראָפּאריינישער דיסקוסיע באשטייט דערינ, וואָס ער האָט אופגעדעקט דעמ ווירקלעכנ זינ פונ דעמ אינערלעכ פּארטייישנ קאמפּ. ער האָט באוויזנ, אז דער קאמפּ פונ אלע אנטיפּארטייישע גרופּעס איז געווענדט קעגנ דער אָנפירנדיקער ראָליע פונ דער פּארטיי, קעגנ דעמ בונד פונעמ ארבעטער-קלאס מיטנ פויערטומ, קעגנ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט. לענינס זיכערער אָנשפּאר אינ דעמ דאָזיקנ קאמפּ איז געווענ סטאלינ. לענינ אונ סטאלינ האָבנ אויסגעקעמפט די איינהייט פונ דער פּארטיי קעגנ די אטאקעס פונ די סאָנימ פונעמ לעניניזמ.

אינ מארט 1921 יאָר האָט זיכ געעפנט דער X צוזאמענפאָר פונ דער באָלשעוויסטישער פּארטיי. דעמ צוזאמענפאָר האָט צוגעגרייט אונ מיטנ צוזאמענפאָר האָט אָנגעפירט לענינ. ער איז געווענ דער פאָרטרעגער איבער אלע גרונט-פראגנ: וועגנ דער פּאָליטישער טעטיקייט פונ צק רקפּ(ב), וועגנ דעמ נאטור-שטייער, וועגנ דער איינהייט פונ דער פּארטיי אונ וועגנ דעמ אנארכאָ-סינדיקאליסטישנ אָפּנייג. ער האָט צוגעגרייט די פּראָיעקטנ פונ די וויכטיקסטע רעזאָליוציעס.

דער צוזאמענפאָר האָט זיכ פארזאמלט אינ איינעמ פונ די קריטישסטע מאָמענטנ אינ דער געשיכטע פונ דער רעוואָליוציע. אינ פעווראל — מארט איז אינ לאנד מיט דער גאנצער קראפט אויסגעבראָכנ א קריזיס אינ געביט פונ דערנערונג, הייצווארג אונ טראנספּאָרט. עס האָבנ זיכ פארשטארקט די וואקלונגענ אינעמ פויערטומ. א וואָכ פארנ צוזאמענפאָר האָט זיכ אָנגעהויבנ דער קראָנשטאדטער בונט — א נייער פרווו פונ דער קאָנטררעוואָליוציע אראָפּצווארפנ די סאָוועטנמאכט. די פּארטיי באָלשעוויקעס האָט נאָרוואָס איבערגעלעבט א פארביטערטע דיסקוסיע.

אָנגעפירט דורכ לענינ'ענ, איז דער צוזאמענפאָר געווענ דער קערפּונקט אי אינ פראט פונ באהעפטנ די פּארטיי פונעמ ארבעטער-קלאס אי אינ פראט פונ אויסארבעטנ א נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק.

אינעמ פאָרטראָג אונ אינ די ארויסטרעטונגענ איבער דער פראגע וועגנ דער איינהייט פונ דער באָלשעוויסטישער פּארטיי האָט לע-

נינ שארפ קריטיקירט אלע אָפאָזיציאָנעלע גרופעס, זייערע אנטימארקסיסטישע אָנשויונגענ אונ פרינציפלאָזע פאָליטיקאנערײַ, האָט אופגעדעקט זייער אידייִשע פארבינדונג מיט דער קלייִנבירגערלעכער קאָנטררעוואָליוציע. ער האָט אָנגעוויזנ, אז דער הויפט־סאכאקל אונ וויכטיקסטער אויספיר פונ דער דיסקוסיע איז: עס דארפ געפירט ווערנ דער ענערגישסטער קאמפ קעגנ פראקציאָנעלקייט, פאר דער אייִנהייט פונ דער פארטיי, דער צוזאמענפאָר דארפ מאכנ דעם דאָזיקנ אויספיר אונ פארוואנדלענ אים אינ א היסכייִוועס פאר די מיטגלידער פונ דער פארטיי, אינ א געזעצ. ער האָט באוויזנ דער פארטיי, וואָס עס לערנט אונדז די דערפארונג פונ אלע פריִערדיקע רעוואָליוציעס. ער האָט באוויזנ, אז די מינדסטע אָפשוואכונג פונ דער אייִנהייט פונ דער פארטיי — דעמ אוואנגארד פונעמ פראָלעטאריאט פארלייכטערט צו רעסטאווריר̇נ די מאכט אונ דאָס אייגנטומ פונ די קאפיטאליסטנ אונ פריצימ. מיט א ווונדערבארער וויטזיכטיקייט האָט לענינ דעמאסקירט די נייִע טאקטיק פונ די קלאסנ־סאָנימ, וואָס האָבנ אויסגערעכנט אפנ קאמפ אינעווייניק אינ דער קאָמוניסטישער פארטיי, האָבנ אויסגערעכנט אויסנוצנ די פארשיידענע אָפאָזיציאָנעלע גרופעס.

„די דאָזיקע סאָנימ, — האָט אָנגעוויזנ לענינס רעזאָליוציע, — האָבנדיק זיכ איבערצייגט אינ דער האָפענונגסלאָזיקייט פונ א קאָנטררעוואָליוציע אונטער אַ אָפענ ווייסגווארדייִשנ פלאָג, שטרענגענ איצט אָנ אלע קויכעס. אויסצונוצנ די מייִנונגס־פארשיידנהייטנ אינ דער רקפ, אונ אזוי צי אנדערש א רוק טאָנ די קאָנטררעוואָליוציע דורכ דעמ, וואָס די מאכט וועט איבערגעגעבנ ווערנ יענע פאָליטישע גרופירונגענ, וואָס זײַנענ אויסערלעכ מער נאָענט צו אָנערקענענ די סאָוועטנ־מאכט“[1].

לויט לענינס פארשלאָג האָט דער צוזאמענפאָר אָנגענומענ א רעזאָליוציע „וועגנ דער אייִנהייט פונ דער פארטיי“. איר באדײַטונג אינ צעקלאפנ די אנטילענינישע גרופירונגענ, אינ פארפעסטיקנ די אייִנהייט פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי איז אויסשליסלעכ גרויס.

דער צוזאמענפאָר האָט אויכ אָנגענומענ א רעזאָליוציע „וועגנ דעמ סינדיקאליסטישנ אונ אנארכיסטישנ אָפנייג אינ אונדזער פארטיי“. די דאָזיקע רעזאָליוציע איז פאָרגעלייגט געוואָרנ דורכ לענינענ אונ איז געווענ ענג פארבונדנ מיט דער רעזאָליוציע „וועגנ דער פארטיי־אייִנהייט“. אינ איר האָט דער צוזאמענפאָר פארורטיילט די אזוי־גערופענע „ארבעטער־אָפאָזיציע“ אונ האָט אָנערקענט, אז דאָס פראָפאגאנדירנ די אידייִענ פונעמ אנארכיסטיש־סינדיקאליסטישנ אָפנייג פאַרט זיכ ניט מיט דער אָנגעהעריקייט צו דער קאָמוניסטישער פארטיי. דער צוזאמענפאָר האָט גערופנ די פארטיי צו קעמפנ קעגנ דעמ דאָזיקנ אָפנייג.

לענינ האָט אָנגענומענ אנטשיידענע מיטלענ צו פארפעסטיקנ דעמ שטאב פונ דער רעוואָליוציע — דעמ צענטראל־קאָמיטעט. אינ צק זײַנענ אוסגעוויילט געוואָרנ די פעסטע אונ אויסגעפרווטע באָלשעוויזי־

[1] „אלקפ(ב) אינ רעזאָליוציעס“, ט. I, 1940, ז. 365.

קעמ: לענינ, סטאלינ, מאָלאָטאָוו, וואָראָשילאָוו, קאלינינ, דזערזשינסקי, אָרדזשאָניקידזע, פרונזע, קיראָוו, קויבישעוו אונ אנדערע.

צעקלאפנדיק די אָפּאָזיציע, האָט לענינ באהעפט די פּארטיי, גרייטנדיק זי צו נייע שלאכטנ קעגנ די סאָנימ, צומ נייעמ קאמפ קעגנ שוועריקייטנ. דאָס האָט געזיכערט דעמ דערפאָלג פונ דעמ שארפנ קער, וואָס די פּארטיי האָט געמאכט אינ דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק.

לענינ איז געווענ דער שעפער אונ אָרגאניזאטאָר פונ דעמ היסטאָרישנ באשלוס פונעמ X צוזאמענפאָר וועגנ אריבערגייג פונ פּראָדראזוויאָרסטקע צומ דערנערונגס-שטייער, וועגנ אריבערגייג צו דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק.

נאָכ א צייט פארנ צוזאמענפאָר האָט לענינ אופמערקזאמ אונ אלזייטיק דורכגעטראכט די פראגע וועגנ די וועגנ אונ פאָרמענ פונ בויענ דעמ סאָציאליזמ אינ א קליינפויעריש לאנד, וועגנ די קעגנזייטיקע באציונגענ צווישנ דעמ ארבעטער-קלאס אונ דעמ פויערטומ, וועגנ דער נייער עקאָנאָמישער באזע פונ זייער בונד. ארויסטרעטנדיק אפ א דיסקוסיע-פארזאמלונג דעמ 30 דעקאבער 1920 יאָר, האָט ער אָנגעוויזנ, אז אינ רעזולטאט פונ דעמ אריבערגאנג פונ מילכאָמע צו ווירטשאפטלעכער בויונג „ענדערט זיכ די באציונג פונעמ קלאס פּראָלעטאריאט צו דעמ קלאס פויערטומ“, אז „דערצו דארפ מענ זיכ אופמערקזאמ צוקוקנ“, אז „ביז מיר האָבנ זיכ ניט צוגעקוקט, דארפ מענ קענענ אויסווארטנ“[1]. אונ לענינ האָט זיכ אופמערקזאמ אונ פאָרשעריש צוגעקוקט צו דעמ, וואָס עס קומט פאָר אינעמ פויערטומ, ער האָט שטודירט מאטעריאלנ, בריוו פונ פויערימ, האָט ניט איינמאָל געשמועסט מיט פויערימ. אינ דעקאבער 1920 יאָר האָט לענינ אָנטייל גענומענ אינ א בעראטונג פונ אומפּארטייישע פויערימ — דעלעגאטנ פונ דעמ אלרוסלענדישנ סאָוועטנ-צוזאמענפאָר. ער האָט זיכ אופמערקזאמ צוגעהערט צו די הייסע דעבאטנ, וואָס האָבנ זיכ פאָנאנדערגעוויקלט אפ דער בעראטונג. דאָס זיינענ געווענ דעבאטנ וועגנ די סאמע אָנגעווייטיקטע פראגנ פונעמ פויערשנ לעבנ, ער האָט זאָרגזאמ פארשריבנ די ארויסטרעטונגענ פונ די אומפּארטייישע פויערימ. זיינע נאָטיצנ האָט לענינ פאנאנדערגעשיקט די מיטגלידער פונ צק אונ די פאָלקס-קאָמיסארנ, קעדיי צו באקענענ זיי מיט די באדערפענישנ פונ די פויערימ.

דעמ 8 פעווראל האָט לענינ צונויפגעשטעלט דעמ „פאָרלויפיקנ ערשטנ עסקיז פונ די טעזיסנ וועגנ די פויערימ“. אינ אימ זיינענ ארויסגערוקט געוואָרנ פאָלגנדיקע מאָמענטנ:

„1. באפרידיקנ דעמ פארלאנג פונ דעמ אומפּארטייישנ פויערטומ צו פארבייטנ די ראזוויאָרסטקע (אינ זינ פונ צונעמענ די מויסרעס) מיט טווּע-שטייער.

2. פארקלענערנ דעמ דאָזיקנ שטייער אינ פארגלייכ מיט דער פּאראָריקער ראזוויאָרסטקע.

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXVI, ז. 73.

3. אײַנשטימענ מיטנ פרינציפ, אַז די גרײס פונעם שטײַער זאָל אָפהענגיק זײַנ פונ דער פלײַסיקײַט פונעמ ערד=ארבעטער איג זינ פונ פארקלענערנ דעמ פראָצענט שטײַער, ווענ עס ווערט גרעסער די פלײַסיקײַט פונעמ ערד=ארבעטער.

4. געבנ דעמ ערד=ארבעטער מער פרײַהײַט אויסצונוצנ אינ דעמ אָרטיקנ ווירטשאפטלעכנ אומזאצ זײַנע מויסרעס, וואָס בלײַבנ בא אימ איבער נאָכנ שטײַער, בא דעמ באדינג, אַז ער זאָל שנעל אונ אינ דער פולער מאָס ארײַנטראָגנ דעמ שטײַער" [1].

אזוי איז אינ דעמ דאָזיקנ דאָקומענט, וואָס איז באשיידנ אָנגערופנ געוואָרנ „פאָרלויפיקער, ערשטער עסקיז“, אָנגעמערקט געוואָרנ דער איבערגאנג צו דער נײַער עקאָנאָמישער פאָליטיק.

אינ לענינס פאָרטראָג „וועגנ נאטורעלנ שטײַער“, וואָס ער האָט געהאלטנ אפנ פארטיי=צוזאמענפאָר, איז אלזײַטיק טעאָרעטיש באגרינדעט געוואָרנ דער איבערגאנג צום נעפ (נײַע עקאָנאָמישע פאָליטיק). עס איז קלאָר אונ דײַטלעכ פאָרמולירט געוואָרנ די פאָליטישע גרונט=אויפגאבע — די נײטיקײַט פונ אײַנשטעלנ אנ עקאָנאָמישנ בונד פונעמ ארבעטער=קלאס מיטנ פויערטומ אינ דער בויונג פונעמ סאָציאליזמ.

די אויפגאבע פונ לענינס פלאנ פונ דער נײַער עקאָנאָמישער פאָליטיק איז געווענ — אויפבויענ דעמ פונדאמענט פונ דער סאָציאליסטישער עקאָנאָמיק מיט די קרעפטנ פונ די ארבעטער אונ פויערימ. דער ערשטער שריט פונעמ נעפ איז געווענ דאָס, וואָס די פראָדראזוויאָרסטקע איז פארביטנ געוואָרנ מיטנ דערנערונגס=שטײַער, וועלכער איז געווענ קלענער אײדער די ראזוויאָרסטקע. די פויערימ האָבנ באקומענ די מעגלעכקײַט פרײַ צו שאפנ זיכ מיט זײערע מויסרעס. די פרײַהײַט פונ האנדל וועט פונ אָנהייב ברענגענ, האָט אָנגעוויזנ לענינ, צו א געוויסער אויפלעבונג פונעמ קאפיטאליזמ אינ לאנד, מע דארפ זיכ אָבער ניט שרעקנ דערפאר. לענינ האָט געהאלטנ, אַז א געוויסע פרײַהײַט פונעמ סכוירע=אומזאצ וועט פארינטערעסירנ די פויערימ, וועט העכערנ די פראָדוקטיווקײַט פונ זײער ארבעט אונ וועט ברענגענ צו א שנעלנ אויפשטײַג פונ דער לאנדווירטשאפט. אפ דער דאָזיקער באזע וועט מיט שנעלע טעמפנ גײנ די אויפשטעלונג פונ דער מעלוכע=אינדוסטריע, וועט גײנ די ארויסשטויסונג פונעמ פריוואט=קאפיטאל. אָנגעזאמלט קויכעס אונ מיטלענ, וועט מענ קענענ שאפנ א מעכטיקע אינדוסטריע — די עקאָנאָמישע באזע פונעמ סאָציאליזמ, אונ דערנאָכ וועט מענ קענענ איבערגײנ צומ אנטשײדענעמ אָנגריפ, קעדיי צו פארניכטנ די רעשטלעכ פונעמ קאפיטאליזמ אינ לאנד.

לענינ האָט אָנגעוויזנ, אַז די פאָליטיק פונ קריגס=קאָמוניזמ, צו וועלכער עס האָבנ אונדז געצוווּנגענ די מילכאָמע אונ דער כורבנ, איז ניט געווענ אונ האָט ניט געקענט זײַנ קײנ פאָליטיק, וואָס אנטשפרעכט די ווירטשאפטלעכע אויפגאבנ פונעמ פראָלעטאריאט אונ פונ די גרונט=מאסנ פויערטומ אינ די נײַע באדינגונגענ. דאָס איז געווענ א צײַטווײַליק מאָסמיטל.

---

1 לענינ־זאמלונג XX, ז. 57—58.

דער קריגס-קאָמוניזם איז געווענ א פרוּוו צו איינעמענ די פעסטונג פונ די קאפּיטאַליסטישע עלעמענטנ אינ שטאָט און אינ דאָרף דורכ א שטורעם-אטאַקע. אינ אָט דעם אָנגריפ איז די פארטיי פאַרלאָפנ ווייט פאָרויס, ריזיקירנדיק אָפּצורייסנ זיכ פונ איר באַזע. לענינ האָט פאָרגעלייגט אָפּטרעטנ אפ א געוויסער צייט א ביסל נענטער צום אייגענעם הינטערלאַנד, אריבערגייענ פונ שטורעם צו א מער דויערנדיקער באַלאַגערונג פונ דער פעסטונג, קעדיי אָנזאַמלענ קויכעס און ווידער אָנהייבנ דעם אָנגריפ. די טראָצקיסטנ און אנדערע אנטי-פארטיישע גרופּירונגענ, וואָס זייער ליניע איז געווענ רעסטאַווירנ דעם קאַפּיטאַליזם באַ אונדז אינ לאַנד, האָבנ געפּרוּווט פאָרשטעלנ די זאַכ אזוי, אז די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק איז דורכויס בלויז א צוריק-מאַרש. לענינ האָט געגעבנ א ביז גאָר אנטשיידענעם ווידערשטאַנד דער דאָזיקער טיפ שעדלעכער אנטי-פארטיישער אויסטייטשונג פונעם נעפּ.

אזוי האָט די פארטיי באָלשעוויקעס אונטער לענינס אָנפירונג אינ א ביז גאָר אָנגעשטרענגטער סיטואַציע געמאַכט א שאַרפנ קער פונ קריגס-קאָמוניזם צו דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק און האָט געזיכערט א פעסטנ עקאָנאָמישנ בונד פונעם ארבעטער-קלאַס מיטנ פויערטום, קעדיי צו בויענ דעם סאָציאַליזם. אינ אָט דעם קער האָט זיכ ארויסגעוויזנ לענינס געניאַלע רעוואָלוציאָנערע פאָרויסזעונג, האָט זיכ ארויסגעוויזנ די קלוגשאַפטלעכקייט פונ דער לענינישער פּאָליטיק.

נאָכנ X צוזאַמענפאָר האָט דאָס הויפּט-אָרט אינ לענינס טעטיקייט פאַרנומענ די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק — טעאָרעטיש פונאַנדערארבעטנ און אויפקלערנ זי, פּראַקטיש דורכפירנ זי אינ לעבנ, איבערבויענ די גאַנצע ווירטשאַפטלעכע בויונגענ אפ די יעסוידעס פונ נעפּ.

גלייכ נאָכנ צוזאַמענפאָר האָט לענינ אָנגעהויבנ שרייבנ און אינ אַפּרעל האָט ער פאַרענדיקט זיינ באַוווּסטע בראָשור „וועגנ דעם דערנערונגס-שטייער“. אינ דער בראָשור האָט לענינ באַוויזנ, וויאַזוי די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק איז פאַרבונדנ מיטנ פּלאַנ פונ צוטרעטנ צו דער סאָציאַליסטישער בויונג, וועלכנ ער האָט פונאַנדערגעאַרבעט נאָכ פרילינג 1918 יאָר, ער האָט אינ איר געגעבנ אנ אַלזייטיקע און אויסשעפּנדיקע באַגרינדונג פונ נעפּ אַלס פּאָליטיק, וואָס זיכערט די אויפבויונג פונעם סאָציאַליזם. לענינ האָט אָנגעוויזנ, אז די סאָוועטישע עקאָנאָמיק פונ יענעם פעריאָד איז אנ איבערגאַנגס-עקאָנאָמיק, אינ איר באַהעפטנ זיכ די עלעמענטנ פונ פינפ פאַרשיידענע סאָציאַל-עקאָנאָמישע סטרוקטורנ: פּאַטריאַרכאַלע, ד. ה. אינ א באַדייטנדיקער מאָס פרימיטיווע פויערים-ווירטשאַפט; קליינע סכוירע-ווירטשאַפט (אהער געהערנ די מערהייט פויערים פונ די, וואָס פאַרקויפנ טווּע); פּריוואַט-ווירטשאַפטלעכער קאַפּיטאַליזם; מעלוכע-קאַפּיטאַליזם; סאָציאַליזם. עס איז נייטיק אזא פאָרם פונעם אריבערגאַנג צום סאָציאַליזם, וואָס זאָל זיכ רעכענענ מיט דער פויערשער עקאָנאָמיק, וואָס זאָל זי נעמענ אַלס אויסגאַנג-פּונקט. די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק איז אויסגערעכנט אפנ זיג פונעם סאָציאַליזם, אפ אריינציִענ די גרונט-מאַסנ פויערטום אינ

דער סאָציאַליסטישער בויונג. די גרונט=אויפגאַבע פונעם נעפּ איז או=
בויען די עקאָנאָמישע באַזע פונעם סאָציאַליזם, אויסבויען דעם פונ=
דאַמענט פונ דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק, אריבערפירנ די קליינ=
סכוירעדיקע פויערים=ווירטשאַפט אַפנ וועג פונ גרויסער סאָציאַליסטי=
שער פּראָדוקציע.

אינ אַפּריל איז לענינ ארויסגעטראָטנ מיט א פּאָרטראָג אַפ א
פארזאַמלונג פונעם מאָסקווער פּאַרטיי=אַקטיוו, אינ מײַ — אַפ דער X
אַלרוסלענדישער קאָנפערענצ פונ דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, זי=
מער — אַפנ III קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ, האַרבסט — מיט פּאָר=
טראָגנ אַפנ II אַלרוסלענדישנ צוזאַמענפאָר פונ פּאָליט=אויפקלערער=
שע טוער אונ אַפ דער מאָסקווער גובערניאַלער פּאַרטיי=קאָנפערענצ.
אינ יענער צײַט האָט ער אויך אָנגעשריבנ די באַוווּסטע ארטיקלענ
„צום פערטנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאַבער=רעוואָליוציע“ אונ „וועג
דער באַדײַטונג פונ גאָלד איצט אונ נאָכנ פולנ זיג פונעם סאָציא=
ליזם“. אינ די דאָזיקע אַלע ארויסטרעטונגענ — פּאָרטראָגנ, ארטיק=
לענ — האָט לענינ אויפגעקלערט דעם זינ פונ דער נײַער עקאָנאָמישע=
פּאָליטיק, אירע אויפגאַבנ, די וועגנ אונ מעטאָדנ פונ דורכפירנ זי.
האָט קעסיידער געזענ זיך דערשלאָגנ, אַז זי זאָל דורכגעפירט ווע=
אינ לעבנ.

דער נעפּ באַדײַט, האָט קעסיידער אונטערגעשטראָכנ לענינ,
פארביטערטער קאַמפ אַפ לעבנ אונ טויט צווישנ דעם קאַפּיטאַליזם
אונ דעם סאָציאַליזם, א קאַמפ לויטנ פּרינציפּ „ווער — וועמע“. לענינ
האָט געלערנט די פּאַרטיי מיט אַלע מיטלענ פארפעסטיקנ די דיקטא=
טור פונעם פּראָלעטאַריאַט אונ איר באַזע — דעם בונד פונ די אר=
בעטער אונ פויערים, פירנ א קעסיידערדיקנ קאַמפ קעגנ די אינטרי=
געס פונ די קלאַסנ=סאָנים.

לענינ האָט גערופנ די פּאַרטיי ענערגיש פעסטיקנ די קריגס=מעכ=
טיקייט פונ אונדזער מעלוכע: „זײַט אַפ דער וואַך, — האָט ער ניט
איינ מאָל געזאָגט, — היט אָפּ די שוצפייקײַט פונ אונדזער לאַנד אונ
פונ אונדזער רויטער ארמיי, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונ אויג, אונ גע=
דענקט, אַז קיינ אָפּשוואַכונג... האָבנ מיר ניט קיינ רעכט צו דערלאָזנ
אַפ קיינ איינ רעגע“[1]. מע טאָר אונדז ניט טרעפנ ניט צוגעגרייטע.
„מיר האָבנ געענדיקט איינ פעריאָד פונ מילכאָמעס, מיר דארפנ זיך
גרייטנ צו א צווייטנ; נאָר וועג ער וועט קומענ, ווייסנ מיר ניט, אינ
מע דארפ מאַכנ אַזוי, אַז ווענ ער וועט קומענ, זאָלנ מיר שטיינ אַפ
דער געהעריקער הייך“[2].

לענינ האָט באַוויזנ, אַז די נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק האָט אַנ
אינטערנאַציאָנאַלע באַדײַטונג. „פּראַקטיש איז דאָס אַנ אויפגאַבע, וועל=
כע וועט שטיינ פאַר אַלע סאָציאַליסטנ... די נײַע געזעלשאַפט, וועלכע
וועט זיך באַזירנ אַפנ בונד פונ די ארבעטער אונ פויערים, איז אומ=
פארמײַדלעך. פריער צי שפּעטער, מיט צוואַנציק יאָר פריער אָדער

1 לענינ. ווערק, ב. XXVII, ז. 120.
2 לענינ. ווערק, ב. XXVI, ז. 35.

מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, וועט זי קומענ, און פאַר איר, פאַר דער דאָזיקער געזעלשאַפט, העלפנ מיר אויסאַרבעטנ די פאָרמענ פונעמ בונד פונ די אַרבעטער און פויערימ, ווענ מיר האָרעווענ איבערנ לייזנ אונדזער נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק"[1].

די מעלוכע-טעטיקייט פונ לענינענ אַלס ראָש פונ דער רעגירונג פונ דער ערשטער אינ דער וועלט סאָוועטנ-רעפּובליק איז געווענ אינ דעמ פעריאָד אויסערגעוויינלעכ פילזייטיק און פאַרשיידנאַרטיק. בויונג פונ עלעקטראָסטאַנציעס און קאָאָפּעראַציע; פאַרזיי-קאַמפּאַניע און פישפאַנג; טראַנספּאָרט און עלעקטרישע אַקער-אייזנס; קאַמפ מיטנ הונגער און דער אויסערנ-האַנדל; פינאַנסנ און פאַרבעסערונג פונעמ לעבנס-שטייגער פונ די געלערנטע; בויער-מאַשינעס פאַר דאָנבאַס און ראַדיאָ; שולנ און נאַפט-ציסטערנעס; באַזאָרגונג פונ די מאָסקווער און פּעטראָגראַדער אַרבעטער און אַ געאָגראַפישער לערנ-אַטלאַס; הידראָ-טאָרפ און אַ ווערטערבוכ פונ דער מאָדערנער רוסישער שפּראַכ „פונ פּושקינ ביז גאָרקי" — אינ די אַלע פראַגנ, פּונקט ווי אינ פיל אַנדערע, איז לענינ דעטאַל אַריינגעדרונגענ, האָט זיכ מיט זיי אַלע פאַרנומענ. ער האָט דיסקאָנטירט אַלע נייסטע דערגרייכונגענ פונ דער פאָטערלענדישער און אויסלענדישער וויסנשאַפט און טעכניק, האָט אָנגענומענ מיטלענ מאַקסימאַל אויסצונוצנ און איינגלידערנ אינ אונדזער ווירטשאַפט דאָס אַלצ, וואָס האָט געקאָנט העלפנ דער שנעלער ווירטשאַפטלעכער אופלעבונג פונעמ לאַנד.

אינ צענטער פונ לענינס גאַנצער אַרבעט איז אָבער געשטאַנענ די ליקווידאַציע פונעמ ווירטשאַפטלעכנ קריזיס, דאָס אויספילנ דעמ פּלאַנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג אַפּ די רעלסנ פונ דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק.

לענינ האָט פעסט און קאָנסעקווענט אָנגעפירט מיטנ צוריקטריט, וועלכנ די פּאַרטיי באָלשעוויקעס האָט פאָרגענומענ אינ אָנהייב נעפּ. ער האָט קלאָר פאָרויסגעזענ, אַז דער דאָזיקער צוריקטריט וועט געבנ „אַ ברייטערנ פראָנט פאַרנ אָנגריפ אינ דער נאָענטסטער צוקונפט" און וועט מאַכנ „דעמ בונד פונ די אַרבעטער און פויערימ — *די באַזע פונ אונדזער גאַנצער סאָוועטישער רעוואָלוציע*, פונ אונדזער גאַנצער סאָוועטישער רעפּובליק, **אומבאַזיגבאַר**". דער דאָזיקער אָנגריפ האָט לויט לענינס אידיי געדאַרפט זיכערנ דעמ צוזאַמענשלוס מיט דער פויערימ-ווירטשאַפט, ער האָט געדאַרפט באַפרידיקנ אירע דרינגענדיקע ווירטשאַפטלעכע באַדערפענישנ, זיכערנ דעמ פעסטנ עקאָנאָמישנ בונד מיט איר, „דאָס העכערנ די פּראָדוקטיווקרעפטנ אינ דער ערשטער ריי, דאָס אופשטעלנ די גרויס-אינדוסטריע"[2]. דער דאָזיקער פראַגע האָט לענינ אָפּגעגעבנ אַ סאַכ כוחעס, אופמערקזאַמקייט, ענערגיע.

אַ סאַכ אופמערקזאַמקייט גיט לענינ אָפּ דער אַרבעט פונ אָרגאַניזירנ די פּלאַנירונג פונ דער פאָלקסווירטשאַפט. „מע קענ ניט אַרבעטנ, ניט האָבנדיק קיינ פּלאַנ, וואָס איז אויסגערעכנט אַפּ אַ לענ-

1 לענינ. ווערק, ב. XXVII, ז. 140—141.

2 לענינ-זאַמלונג XXIII, ז. 286, 287.

גערנ פעריִאָד אונ אפ אנ ערנסטנ דערפאָלג"[1], — האָט ער געזאָגט. לויט זײַנ איניציִאַטיוו איז געשאַפנ געוואָרנ די מעלוכישע פלאַנ-קאָמיסיע (מעלוכע-פלאַנ). די גרונט-אופגאַבע פונעמ מעלוכע-פלאַנ איז געווענ פאַראַנדערארבעטנ אַנ איינהײַטלעכנ מעלוכישנ ווירטשאַפטלעכנ פלאַנ אונ אכטונג געבנ נאָכ דעמ, ווי ער ווערט פאַרווירקלעכט. ער האָט געדאַרפט פלאַנ'ירנ דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבנ פונעמ לאַנד אַזוי, אַז עס זאָל וואַקסנ דאָס געזעלשאַפטלעכע רײַכטומ, עס זאָל קעסיידער שטײַגנ דער מאַטעריעלער אונ קולטורעלער ניוואָ פונ די אַרבעטנדיקע, עס זאָל זיכ פאַרפעסטיקנ די אומאָפהענגיקײַט אונ פאַרשטאַרקנ די שוצפייִקײַט פונ דער סאָוועטנ-רעפובליק. קעדיי די פראָגראַמ פונ אופבויענ דעמ סאָציאַליזמ, וועלכע לענינ האָט אָנגעמערקט, זאָל פאַרווירקלעכט ווערנ, האָט געדאַרפט שטײַגנ אונ זיכ פאַרשטאַרקנ די ראָליע פונעמ פלאַנ-פרינציפ אינ אונדזער ווירטשאַפט אונ עס האָט געדאַרפט אַלצ גרעסער ווערנ די ווירקונג פונ דער דיקטאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט אופנ גאַנצנ גאַנג פונעמ ווירטשאַפטלעכנ לעבנ פונעמ לאַנד.

לענינ האָט זיכ אופמערקזאַמ צוגעקוקט צו דער אַרבעט פונעמ מעלוכע-פלאַנ, ער האָט איר קעסיידער געגעבנ אַ ריכטונג, האָט אָנגעמערקט קאָנקרעטע טוער, געגעבנ זיי אָנפירנדיקע אָנווײַזונגענ. ער האָט ענערגיש זיכ געזענ דערשלאָגנ, אַז די פלאַנירונג זאָל ניט זײַנ אָפגעריסנ פונעמ רעאַלנ באָדנ; ער האָט געפאָדערט, אַז באַגלײַכ מיטנ פערספעקטיוו-פלאַנ, וואָס איז אויסגערעכנט אופ אַ ריי יאָרנ, זאָלנ צונויפגעשטעלט ווערנ פלענער אופ אַ יאָר אונ אופ עטלעכע כאָדאָשימ. אויספילנ אונ איבערשטײַגנ די פלענער, האָט ער אָנגעוויזנ, הייסט „פאַרקירצנ דעמ פעריִאָד פונ הונגער, קעלט אונ אָרעמקײַט".

לענינ האָט פאַרווירקלעכט די טאָגטעגלעכע אָנפירונג מיטנ אויספילנ דעמ פלאַנ פונ עלעקטריפיצירנ דאָס לאַנד. ער האָט אופמערקזאַמ נאָכגעשפירט נאָכ דעמ, ווי עס גייט די בויונג פונ די עלעקטראָסטאַנציעס, וואָס זײַנענ געווענ אָנגעמערקט לויטנ פלאַנ, באַזונדערס, פונ דער קאַשירער אונ פונ דער וואָלכאָווער סטאַנציע — די ערשטע סטאַנציעס, וואָס זײַנענ געבויט געוואָרנ לויטנ פלאַנ פונ גאָעלראָ, ער האָט זיכ פאַרנומענ מיט די פראַגנ פונ מאַטעריעל-טעכנישער באַזאָרגונג אונ דערנערונגס-באַזאָרגונג פונ די נײַ-בויונגענ, ער האָט געזענ, אַז די בויונגענ זאָלנ צו דער צײַט באַקומענ אויסשטאַטונג, מאַטעריאַלנ אונ אַפאַראַטור, ער האָט זיכ אינטערעס'רט מיט דער קוואַליטעט פונ די בויונגס-אַרבעטנ, קאָנטראָלירט, צי זײַנענ די אונטערנעמונגענ גרייט צומ אופנעמענ דעמ שטראָמ פונ די נײַע סטאַנציעס. לענינ האָט מאָביליזירט די פאַרטיי אונ די אַרבעטנדיקע מאַסנ צומ קאַמפ פארנ דערפאָלגרײַכנ אויספילנ דעמ ערשטנ פאָלקסווירטשאַפטלעכנ פלאַנ.

אַנטשפרעכיק צומ פלאַנ פונ אופהייבנ די לאַנדווירטשאַפט, פונ אופשטעלנ די אינדוסטריע, דעמ טראַנספאָרט האָט זיכ אָרגאַניזירט אויכ דער ווירטשאַפטלעכער אַפאַראַט פונעמ לאַנד. אַ גרויסע באַדײַטונג אינ פאַרווירקלעכנ די דאָזיקע אופגאַבע האָט געהאַט די

1 לענינ, ווערק, ב. XXVI, ז. 43.

„אָנזאָג פונעמ ראט פאר ארבעט אונ שוץ צו די אָרטיקע סאָוועטי־שע אינסטיטוציעס“ וועגנ די גרונט־אויפגאבנ אינ געביט פונ דער ווירטשאפטלעכער בויונג. פאנאנדערגעארבעט דעמ דאָזיקנ „אָנזאָג“ האָט לענינ.

לענינ האָט געהאלטנ, אז דער „אָנזאָג“ האָט אנ אויסשליסלעכע באדייטונג, אונ האָט דעריבער מיט זיינ גאנצער ענערגיע געזען צו פארשנעלערנ די לייזונג פונ דער דאָזיקער פראגע. דער „אָנזאָג“ איז באהאנדלט געוואָרנ אפנ IV אלרוסלענדישנ פראָפפאריינ־צוזאמענפאָר, אפנ IV צוזאמענפאָר פונ די ראטנ פאר פאָלקסווירטשאפט אונ אפנ X אלרוסלענדישער פארטיי־קאָנפערענצ. לענינ האָט אָנגעשריבנ א ריי בריוו וועגנ דעמ „אָנזאָג“, ער איז ארויסגעטראָטנ מיט א רע־דע אפ דער סעסיע פונ וציק.

מיט א גוואלדיקער אויפמערקזאמקייט האָט לענינ קאָנטראָלירט, וויאזוי דער „אָנזאָג“ ווערט דורכגעפירט אינ לעבנ אפ די ערטער. ער האָט געהאלטנ, אז דער „אָנזאָג“ — דאָס איז דער אָנהייב פונ פארווירקלעכנ זיינ אידיי פונ מאסנ־קאָנטראָל מיצאד די ערטער אי־בער דער ארבעט פונ צענטער, א מעטאָד פונ צוציענ די אומפאר־טייִשע, וואָס זיינענ איבערגעגעבנ דער סאָציאליסטישער בויונג, אינ די אָרגאנענ פונ דער מעלוכישער אָנפירונג מיטנ לאנד.

צוציענ די מאסנ צו דער פארוואלטונג מיט דער מעלוכע, האָט לענינ געהאלטנ, איז איינע פונ די וויכטיקסטע אויפגאבנ. ער האָט קע־סיידער געלערנט, אז די סאָוועטנמאכט שטרעבט צוציענ אלע ארבע־טנדיקע, פארטייִשע אונ אומפארטייִשע, מאנצבלענ אונ פרויענ צומ אקטיוונ אָנטייל אינ דער מעלוכישער אונ ווירטשאפטלעכער בויונג.

דערציענדיק די מאסנ, האָט לענינ גלייכצייטיק זיכ געלערנט בא די מאסנ. לענינ האָט אָנ ראכמאָנעס געשטעמפלט די אלע, וואָס האָ־ציענ זיכ צו די מאסנ פונ אויבנ אראָפ, וואָס פרווונ בלויז לערנענ זיי, פארגעסנדיק וועגנ דער נויטווענדיקייט אליינ זיכ לערנענ בא די מאסנ, באזיניקנ דאָס, וואָס זיי טוענ, זאָרגזאמ שטודירנ אונ פאר־אלגעמיינערנ די פראקטישע קאמפ־דערפארונג פונ די מאסנ.

מיט טויזנטער פעדעמ איז לענינ געווענ פארבונדנ מיט די בריי־טע מאסנ ארבעטער אונ פויערימ אונ האָט ענערגיש געזוכט אונ זיכ באמיט איינשטעלנ נייע פארבינדונגענ. אינ יאנואר 1922 יאָר האָט לענינ געשריבנ צומ רעדאקטאָר פונ דער צייטונג „בעדנאָטא“: „צי וועט איר מיר ניט אָנשרייבנ קורצ (צוויי—דריי זייטלעכ מאקסי־מומ). וויפל בריוו פונ פויערימ באקומט די „בעדנאָטא“? וואָס איז פאראנ וויכטיקס (באזונדערס וויכטיקס) אונ נייס אינ די דאָזיקע בריוו? שטימונגענ? טאָג־פראגנ? צי קאָנ מענ ניט איינ מאָל אינ צוויי כאדאָשימ באקומענ אויכ די בריוו“[1].

באגעגענישנ, שמועסנ מיט ארבעטער אונ פויערימ, ארויסטרעטונ־גענ אפ מיטינגענ, אפ ברייטע פראָדוציר־קאָנפערענצנ פונ די פראָפעס־סיאָנעלע פאריינענ, אפ קאָנפערענצנ פונ אומפארטייִשע ארבעטער

1 לענינ, ווערק, ב. XXIX, ז. 522.

אינ פויערימ, אפ באראטונגענ פונ די אומפארטייִשע דעלעגאטנ פונ צוזאמענפאָרנ, אפ פילצאָליקע פארזאמלונגענ, שמועסנ מיט ארבקאָרנ אונ דאָרפקאָרנ, דאָס שטודירנ די באקומענע בריוו — דאָס זײַנענ די קוואלנ פונ לענינס פארבינדונג מיט די מאסנ.

דער טיפסטער גלויבנ אינ די מאסנ איז געווענ לענינס כאראקטעריסטישער שטריכ. פעסטיקנ די פארבינדונג מיט די מאסנ — ווײַזנ דעמ הערט לענינ גיט אופ צו דערמאָנענ דער פארטיי. „מיר קאָנענ פארוואלטנ בלויז דעמלט, ווענ מיר דריקנ ריכטיק אויס דאָס, וואָס דאָס פאָלק באזיניקט" [1], — האָט לענינ געזאָגט פרילינג 1922 יאָר אפנ XI צוזאמענפאָר. דאָס פאָלק האָט געוווּסט וועגנ לענינס ליבע צו אימ אונ האָט אימ גרענעצלאָז געגלייבט. די ארבעטער האָבנ געזאָגט: „לענינ — דאָס זײַנענ מיר אליינ".

אינ זײַנ רעדע אפנ אָוונט פונ די קרעמל-קורסאנטנ האָט כאווער סטאלינ אזוי כאראקטעריזירט לענינס גלויבנ אינ די מאסנ: „איכ ווייס ניט נאָכ א צווייטנ רעוואָלוציאָנער, וואָס זאָל אזוי טיפ גלייבנ אינ די שעפערישע קרעפטנ פונעמ פראָלעטאריאט אונ אינ דער רעוואָלוציאָנערער צוועקמעסיקײַט פונ זײַנ קלאסנ-אינסטינקט, ווי לענינ... פונדאנענ שטאמט דאָס אומדערמידלעכע פרײַדיקנ לענינס: לערנענ זיכ בא די מאסנ, באזיניקנ זייערע טאטנ, זאָרגזאמ דערלערנענ די פראקטישע דערפארונג פונעמ קאמפ פונ די מאסנ.

דער גלויבנ אינ די שעפערישע קרעפטנ פונ די מאסנ — דאָס איז יענע באזונדערקײַט אינ לענינס טעטיקײַט, וואָס פלעגט אימ געבנ די מעגלעכקײַט צו באזיניקנ די סטיכיע אונ ריכטנ איר באוועגונג אינ שטראָמ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָלוציע" [2].

לענינ, וואָס האָט פײַנט געהאט טומל, וואָס האָט געפאָדערט אינ אלצ פאָשעטקײַט אונ באשיידנקײַט, איז אליינ געווענ א מוסטער פונ אויסערגעוויינלעכער באשיידנקײַט. די ארבעטער האָבנ אזוי כאראקטעריזירט לענינס פאשטעס: „ער איז פאָשעט, ווי דער עמעס". „אָט די פאָשעטקײַט אונ באשיידנקײַט לענינס, אָט די שטרעבונג צו פארבלײַבנ אומבאמערקט אָדער, יעדנפאלס, ניט ווארפנ זיכ אינ די אויגנ אונ ניט אונטערשטרײַכנ זײַנ הויכע לאגע, — דער דאָזיקער שטריכ איז איינע פונ די שטארקסטע זײַטנ בא לענינענ, אלס נײַעמ פירער פונ נײַע מאסנ, פאָשעטע אונ געוויינלעכע מאסנ פונ די טיפסטע „אונטערשטע שיכטנ" פונ דער מענטשהײַט" [3].

לענינ האָט געהאלטנ, אז דער מעלוכע-אפאראט שפילט אנ אויסשליסלעכ וויכטיקע ראָליע אינ דער סאָציאליסטישער איבערגעשטאלטונג פונעמ לאנד אונ אינ פארפעסטיקנ דעמ בונד פונעמ ארבעטער-קלאס מיטנ פויערטומ.

לענינ איז געווענ א סוינע פונ יעדער פארשלעפעניש, ביוראָקראטיזמ. ער האָט אָנגענומענ די סאמע אנטשיידנדיקע מיטלענ קעגנ די ביוראָקראטנ. ער האָט ניט איינ מאָל אָנגעוויזנ, אז א פאָרמעלע בא-

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXVII, ז. 256.

2 י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז. 32, מעל.כע-פארלאג „דער עמעס", 1944.

3 דאָרטנ, ז. 27.

צוונג צו אוועלכער-ניט-איז פראגע מיצאד די סאָוועטישע אינסטיטוציעס, וואָס זײַנענ באַרופנ צו קעמפנ קעגנ ביוראָקראַטיזמ, איז אומדערלאָזבאר. ער האָט געפאָדערט איבערגעבנ צומ געריכט די איניאָנימ, וועלכע זיינענ פארבונדנ מיט פארשלעפעניש אונ ביוראָקראַטיזמ, ער האָט געהאלטנ פאר נייטיק, אז די ריכטער זאָלנ הארב באַשטראָפנ פאר פארשלעפעניש, האָט אָנגעוויזנ, אז „דער צק דארפ געבנ וועגנ דעמ שטרענגע אָנווײַזונגענ די ריכטער“.

אינ סעפּטעמבער 1921 יאָר האָט לענינ אינ א ספּעציעלנ בריוו צו דעמ פאָלקסקאָמיסאר פאר יוסטיצ פאָרגעלייגט: אומבאדינגט איבערגעבנ אינ מאָסקווע צומ געריכט אינ משך פונ הארבסט אונ ווינטער 6—4 איניאָנימ וועגנ מאָסקווער פארשלעפעניש, צוקלײַבנ פאלנ „וואָס מער בוילעטע“ אונ מאכנ פונ יעטווידנ פראָצעס א „פּאָליטישנ“ איניענ. געפינענ עטלעכע קלוגע „עקספּערטנ“ אינ די איניאָנימ וועגנ פארשלעפעניש, וועלכע דארפנ באַזונדערס גענויט „העצנ פארפארשלעפעניש“; ארויסגעבנ א גוטנ בריוו וועגנ קאמפ קעגנ פארשלעפעניש.

לענינ האָט פײַנט געהאט אָפּנארערײַ, באַזונדערס שטרענג איז ער געווענ צו די, וואָס צעשלעפנ דאָס סאָציאליסטישע אייגנטומ. ער פלעגט אָנעמענ די אנטשיידנסטע מיטלענ אינ אלע פאלנ, וואָס האָבנ געהאט א שײַכעס צו צעטרענצלענ מעלוכיש געלט, צעשלעפנ מעלוכיש פארמעגנ. לענינענ האָט מענ ניט געקענט אָפּנארנ. ער האָט אינ אלצ געפאָדערט אויפריכטיקײַט אונ עמעס.

אינ 1921 יאָר איז קיינ מאָסקווע געקומענ צו פאָרנ א רויטארמייער אונ האָט אינפאָרמירט לענינענ וועגנ דעמ, אז אייניקע טוער אינ דער דאָנער געגנט שטײַגנ איבער זייערע פולמאכטנ, פארנעמענ זיכ מיט גנייווע. אינעמ בריוו צו לענינענ האָט דער דאָזיקער באַוער אָנגעוויזנ, אז אָט די מעשׂימ זייערע רופנ ארויס גרויס אומצופרידנקײַט בײַ די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע פּויערימ. לענינ האָט טייקעפּ אריבערגעשיקט א קאָפּיע פונעמ בריוו דעמ סעקרעטאר פונ צענטראל-קאָמיטעט כאַווער מאָלאָטאָוו; ער האָט פאָרגעלייגט ארויסשיקנ אפנ דאָרט א ספּעציעלע קאָמיסיע פונ מיטגלידער פונ ווציק אונ 20—10 סטודענטנ פונעמ סווערדלאָוו-אוניווערסיטעט; מיטנעמענ מיט זיכ דעמ אווטאָר פונעמ בריוו; צעשיסנ אפנ אָרט די יעניקע וואָס וועלנ געכאפּט ווערנ בײַ גזיילע. בענגעייע דעמ, וואָס האָט געשיקט דעמ בריוו, האָט לענינ אינ א צעטל צומ סעקרעטאר געשריבנ: „1) געפינט דרינגענדיק דעמ אווטאָר, נעמט אימ אויפ, באַרויקט אימ, זאָגט אימ, אז איכ בינ קראנק, נאָר מיט זײַנ איניענ וועל איכ זיכ פארנעמענ“[1].

אפילע אינ די סאמע אָנגעשטרענגטע מאָמענטנ פונ קאמפ קעגנ די אינטערווענטנ אונ ווײַסגווארדייער פלעגט לענינ אָנווײַזנ אפ דער נייטיקײַט אלמעגלעכ אויפצוהייבנ דעמ קולטור-ניוואָ פונ די פאָלקסמאסנ. ווענ די פארטיי איז אריבערגעגאנגענ צו פרידלעכער ארבעט — צומ אויפשטעלנ די פאָלקס-ווירטשאפט, האָבנ זיכ די פראגנ פונ קולטור געשטעלט נאָכ שארפער, נאָכ דרינגענדיקער.

1 לענינ זאמלונג XX, ז. 333.

דערפונ שטאמט די אויסשליסלעכע באדײַטונג, וואָס לענינ האָט צוגעגעבנ די פראגנ פונעמ קולטורעלנ אויפשטײַג פונ די מאסנ אונ אינ דער ערשטער ריי — דער ליקווידאציע פונ דער אנאלפאבעטישקײַט. ער האָט ניט אויפגעהערט איבערצוכאזערנ, אז אנ אנאלפאבעט קאָנ זיכ ניט פארנעמענ מיט פּאָליטיק, מע דארפ אים צוערשט אויסלערנענ לייענענ אונ שרײַבנ.

לענינ האָט אויסגעדריקט די טיפסטע זיכערקײַט דערינ, אז אויב צום ליקווידירנ די אנאלפאבעטישקײַט וועלנ זיכ נעמענ די מאסנ אליינ, וועט מענ צו דער דאָזיקער צאָרע גיכ מאכנ א סאָפ. גלײַכצײַטיק האָט ער אָנגעוויזנ אפ דער דויערהאפטיקײַט אונ שווערקײַט פונ לייזנ די אויפגאבנ פונ דער קולטור-רעוואָליוציע אונ האָט גערופנ די מאסנ זיכ לערנענ, לערנענ אונ לערנענ.

לענינ האָט געהאלטנ, אז איינער פונ די וויכטיקסטע באדינגענ פארנ דערפאָלג פונ דער רעוואָליוציע איז אָנשליסנ די ברייטסטע מאסנ צו דער קולטור. דאָס אויפהייבנ דעמ קולטור-ניוואָ פונ די מאסנ האָט געגעבנ די מעגלעכקײַט אנטוויקלענ די וויסנשאפט, די טעכניק, די קונסט, אלזײַטיק אָנווענדנ די וויסנשאפט אינ דער בויונג פונ דער סאָוועטישער ווירטשאפט אונ מעלוכע.

לענינ האָט ארויסגערוקט אנ אויפגאבע פונ קאָלאָסאלער פּאָליטישער וויכטיקײַט: דערשלאָגנ זיכ, אז די „וויסנשאפט זאָל בא אונדז ניט בלײַבנ קיינ פוסטער קלאנג אָדער קיינ מאָדישע פראזע (און דאָס, לאָמיר זיכ ניט שעמענ אונ זאָגנ דעמ עמעס, טרעפט בא אונדז באזונדערס אָפט), אז די וויסנשאפט זאָל ווירקלעכ ארײַנ אינ בלוט אונ אינ פלייש, זאָל אינגאנצנ אונ אפנ געהעריקנ אויפנ פארוואנדלט ווערנ אינ א באשטאנד-עלעמענט פונעמ שטייגער“ [1].

די קליינבירגערלעכע סטיכיע אינעמ לאנד אונ די שוועריקײַטנ פונעמ אריבערגאנג צו דער נײַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק האָבנ די רעשטלעכ פונ די פײַנטלעכע קלאסנ געפרווט אויסנוצנ ניט נאָר אפנ ווירטשאפטלעכנ, נאָר אויכ אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט. לענינ איז אנטשיידנ ארויסגעטראָטנ צומ קאמפ פאר דער ריינקײַט פונ דער מארקסיסטישער טעאָריע.

אינ דער ערשטער העלפט מארט 1922 יאָר האָט לענינ אָנגעשריבנ פארנ זשורנאל „פּאָד זנאמענעמ מארקסיזמא“ („אונטער דער פאָנ פונ מארקסיזמ“) זײַנ באוווסט ארטיקל „וועגנ דער באדײַטונג פונעמ קריגערישנ מאטעריאליזמ“. דאָס דאָזיקע ארטיקל איז א פּראָגראמ פונ דער ארבעט פונ די קאָמוניסטנ אפנ טעאָרעטישנ פראָנט, אונ באזונדערס אינ געביט פונ פילאָסאָפיע.

לענינס אידיי וועגנ דער פארבינדונג פונ דער פארטיי מיט די מאסנ אונ וועגנ דער באדײַטונג פונ דער פארטיי אלס אוואנגארד אינ דער בויונג פונעמ קאָמוניזמ האָט געפונענ אינ אָט דעמ ארטיקל איר ווײַטערדיקע אנטוויקלונג. לענינ האָט געשריבנ:

---

1 לענינ. ווערק, ב. XXVII, ז. 407,

„אײנער פונ די גרעסטע אונ געפערלעכסטע פעלערנ פונ די קאָמוניסטנ (ווי איכ ביכלאל פונ די רעוואָליוציאָנערנ, וואָס האָבנ מיט דערפאָלג דורכגעמאכט דעמ אָנהײב פונ א גרויסער רעוואָליוציע) איז די פאָרשטעלונג, אז די רעוואָליוציע קאָנ מענ קלוימערשט מאכנ בלויז מיט די הענט פונ די רעוואָליוציאָנערנ אלײנ. פארקערט, פארנ דערפאָלג פונ יעדער ערנסטער רעוואָליוציאָנערער ארבעט איז נײטיק פארשטײנ אונ קענענ דורכפירנ אינ לעבנ דעמ געדאנק, אז די רעוואָליוציאָנערנ זײנענ אימשטאנד צו שפּילנ א ראָליע בלויז אלס אוואנגארד פונ א ווירקלעכ לעבנספײִקנ אונ פראָגרעסיוונ קלאס. אנ אוואנגארד פילט בלויז דעמלט אויס די אויפגאבנ פונ אנ אוואנגארד, ווענ ער קענ ניט אָפּרײסנ זיכ פונ דער מאסע, מיט וועלכער ער פירט אָנ, נאָר ווירקלעכ פירנ פאָרויס די גאנצע מאסע. אָנ א בונד מיט די ניט-קאָמוניסטנ אונ די פארשײדנסטע טעטיקײט-געביטנ קאָנ קײנ רײד ניט זײנ וועגנ אוועלכער-ניט-איז דערפאָלגרײכער קאָמוניסטישער בויונג"[1].

לענינ האָט אָנגעוויזנ אפ דער נײטיקײט אײנצושטעלנ א בינד פונ די קאָמוניסטנ מיט די מאטעריאליסטנ ניט-קאָמוניסטנ, מיט די פארשטײער פונ דער מאָדערנער וויסנשאפט, באזונדערס פונ דער נאטור-וויסנשאפט. אינ דעמ דאָזיקנ בונד דארפ די העגעמאָניע געהערנ צומ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ. בלויז דער דיאלעקטישער מאטעריאליזמ איז פײִק צו פירנ א דערפאָלגרײכנ קאמפ קעגנ דעמ אָנגריפ פונ די בורזשואזע אידײענ, קעגנ יעדנ מינ אידעאליזמ אונ טעאָלאָגיע. אינ אָט דעמ צוזאמענהאנג האָט לענינ אָנגעוויזנ אפ דרײ וויכטיקסטע אויפגאבנ: 1) פירנ אנ אומדערמידלעכע אטעיסטישע פראָפאגאנדע, אויסנוצנדיק דעמ פארשײדנארטיקסטנ מאטעריאל אפ צו פירנ אנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ קעגנ אלע פאָרמענ פונ טעאָלאָגיע; 2) באלײכטנ מיט דער שײנ פונ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ דעמ שארפנ איבערבראָכ אינ די טראדיציאָנעלע פאָרשטעלונגענ, וועלכנ עס לעבט איבער די מאָדערנע נאטורוויסנשאפט אונ וועלכנ די בורזשואזע פילאָסאָפנ נוצנ אויס אפ דורכצושלעפנ דעמ אידעאליזמ; 3) אלזײטיק אנטוויקלענ ווײטער די מאטעריאליסטישע דיאלעקטיק אלס פילאָסאָפישע וויסנשאפט. „אויב מע זאָל פאר זיכ אזא אויפגאבע ניט שטעלנ, אויב מע זאָל ניט דורכפירנ זי סיסטעמאטיש, קאָנ דער מאטעריאליזמ ניט ווערנ קײנ קריגערישער מאטעריאליזמ"[2].

דאָס ארטיקל „וועגנ דער באדײטונג פונעמ קריגערישנ מאטעריאליזמ" איז א מינ צוואָע לענינס אינ די פראגנ פונ פילאָסאָפיע. דאָס איז א מוסטער פונ פארטײִשער קריגערישקײט אינ געביט פונ טעאָריע. דאָס ארטיקל ווײזט אָנ דעמ וועג, אינ וועלכנ עס דארפ גײנ די אנטוויקלונג פונ דער טעאָרעטישער ארבעט בא אונדז אינ לאנד

לענינ האָט געהאלטנ, אז די אָרגאניזירטע אונ דיסציפּלינירטע ארבעט, די ארבעט אפ א נײעמ שטײגער האָט א קאָלאָסאלע בא-

1 לענינ. ווערק, ב. XXVII, ז. 180.
2 דאָרטנ, ז. 188.

דינונג. לענינס גאנצע פארטייִשע און מעלוכישע ארבעט איז א מוסטער פונ באָלשעוויסטישנ באהעפטנ דעם רוסישנ רעוואָליוציאָנערנ שווונג מיט דער אמעריקאנישער פראקטישקייט.

לענינ איז אנ אויסשליסלעכער מוסטער פונ פראָלעטארישער אָרגאניזירטקייט און דיסציפלינ. די זעלבע פאָדערונגענ האָט ער אויכ געשטעלט צו אנדערע. אינ דעם שטרענגסטנ אָפהיטנ די פארטייִשע און מעלוכישע דיסציפלינ האָט ער געזענ די גאראנטיע פונ זיג.

מער פונ אלצ האָט לענינ ליב געהאט די לעבעדיקע ארבעט. ער האָט אָנ ראכמאָנעס געשטעמפלט צעפאָרנקייט, אָפגעלאָזנקייט, די טענדענצ צו פארבײַטנ שעפערישע ארבעט, בויונגס=ארבעט מיט פוסטע רייד. ער האָט געשטעמפלט די יעניקע, וואָס נעמענ זיכ פאר אלצ און פארענדיקנ גאָרנישט. ער האָט טיפ געהאסט די אומנייטיקע זיצונגס=טומלערײַ, די אומאָרדענונג, די אָבלאָמאָווטשינע. „עס איז גענוג א קוק צו טאָנ אפ אונדז, וויאזוי מיר האלטנ אָפ אונדזערע זיצונגענ, וויאזוי מיר ארבעטנ אינ די קאָמיסיעס, קעדיי צו זאָגנ, אז דער אלטער אָבלאָמאָוו איז געבליבנ און מע דארפ אים לאנג וואשנ, רייניקנ, פוצנ און שמײַסנ, אז עס זאָל פונ אים ארויסקומענ א שטיקל טאכלעס“ [1].

לענינ האָט געלערנט, אז קאָנטראָלירנ די אויספילונג און ריכטיק צוקלײַבנ מענטשנ איז די וויכטיקסטע זאכ אינ דער ארבעט פונעמ אפאראט פונ דעם נײַעמ טיפ מעלוכע. אינ א ריי ארויסטרעטונגענ זײַנע אינ אָנהייב 1922 יאָר האָט ער ענערגיש ארויסגערוקט די דאָזיקע אויפגאבע פאר די פארטייִשע און סאָוועטישע קאדרענ.

לענינ הערט ניט אויפ צו זאָרגנ וועגנ דער איינהייט און פעסטקייט פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, וועגנ פארגרעסערנ אירע פארבינדונגענ מיט די אומפארטייִשע מאסנ. די נײַע עקאָנאָמישע פאָליטיק האָט ארויסגערופנ א ווידערשטאנד בײַ די ניט שטאנדהאפטיקע עלעמענטנ אינ דער פארטיי. דער דאָזיקער ווידערשטאנד איז געגאנגענ פונ צוויי זײַטנ. די פאָליטישע קריפלענ, די „לינקע“ שרײַער האָבנ זיכ געפרואווט „דערווײַזנ“, אז דער נעפ באדײַט רעסטאווראציע פונ קאפיטאליזמ, אז דער נעפ איז א טויט פאר דער סאָוועטנמאכט. די אָפענע קאפיטוליאנטנ — טראָצקי, זינאָוויעוו, קאמענעוו, ראדעק, בוכארינ, ריקאָוו, סאָקאָלניקאָוו און אנדערע, וואָס האָבנ ניט געגלייבט אינ דער מעגלעכקייט פונ דער סאָציאליסטישער אנטוויקלונג פונ אונדזער לאנד, וואָס האָבנ פארהערלעכט די „מעכטיקייט“ פונעמ קאפיטאליזמ, וואָס האָבנ געשטרעבט צו פארפעסטיקנ די פאָזיציעס פונעמ קאפיטאליזמ אינ דער סאָוועטנ=רעפובליק, האָבנ זיכ געפרואווט דערשלאָגנ גרויסע האנאָכעס פארנ פריוואט=קאפיטאל. זיי האָבנ געפאָדערט אָפגעבנ דעמ פריוואט=קאפיטאל א ריי קאָמאנדע=הייכנ פונ דער פאָלקסווירטשאפט, וואָס האָבנ זיכ געפונענ בײַ דער סאָוועטנ=

1 לענינ, ווערק, ב. XXVII, ז. 177.

מאַכט אינ די הענט. אונטער לענינס אָנפירונג האָט די פּאַרטײ דעמאַסקירט אונ איזאָלירט בײַ די סײַ יענע אונ האָט זײ געגעבנ אַנ אַנטשײדנעם ווידערשטאַנד.

דאָס, וואָס עס האָט עקזיסטירט אַ ווידערשטאַנד קעגנ דער פּאָליטיק פונ דער פּאַרטײ, האָט אָנגעוויזנ דערויפ, אַז עס איז נײטיק אָפּצורײניקנ די פּאַרטײ-רײענ פונ די ניט שטאַנדהאַפטיקע עלעמענטנ.

לענינ האָט קעסײדער אָפּגעהיט די רײנקײט פונ דער פּאַרטײ, קעסײדער געזאָרגט וועגנ פאַרבעסערנ איר באַשטאַנד. „קײנ פּאַרטײ-מיטגלידער נאָר לעפּאָנעמ וועגנ דאַרפנ מיר ניט אפילע אומזיסט, — האָט ער געשריבנ נאָכ אינ 1919 יאָר. — די אײנציקע רעגירונגס-פּאַרטײ אינ דער וועלט, וועלכע זאָרגט ניט וועגנ פאַרגרעסערנ די צאָל מיטגלידער, נאָר וועגנ העכערנ זײער קוואַליטעט, וועגנ אָפּרײניקנ די פּאַרטײ פונ אַזוינע, וואָס האָבנ זיכ „צוגעשמירט“, די אײנציקע פּאַרטײ אַזאַ איז אונדזער פּאַרטײ — די פּאַרטײ פונ דעמ רעוואָליוציאָנערנ אַרבעטער-קלאַס“ [1].

לענינ האָט געהאַלטנ, אַז די פּאַרטײ-רײניקונג, וואָס דער צק האָט דערקלערט אינ 1921 יאָר, האָט אַ קאָלאָסאַלע באַדײַטונג. ער האָט געווענדט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײט פונ אַלע פּאַרטײ-מיטגלידער אויפ דער נײטיקײט גרינטלעכ אָפּרײניקנ די פּאַרטײ „פונ זשוליקעס, פונ פאַרביוראָקראַטעוועטע, פונ ניט קײנ ערלעכע, פונ ניט קײנ פעסטע קאָמוניסטנ אונ פונ די מענשעוויקעס, וואָס האָבנ איבערגעפאַרבנ דעמ „פאַסאַד“, נאָר זײַנענ אינ האַרצנ געבליבנ מענשעוויקעס“. ער האָט אָנגעוויזנ אויפ דער וויכטיקײט פונ צוציענ צו דער רײניקונג די אומפּאַרטײיִשע. „עס זײַנענ פאַראַנ ערטער, ווו מע רײניקט די פּאַרטײ, שטיצנדיק זיכ הויפּטזאַכלעכ אויפ דער דערפאַרונג, אויפ די אָנווײַזונגענ פונ די אומפּאַרטײיִשע אַרבעטער, האַלטנדיק זיכ בײַ זײערע אָנווײַזונגענ, רעכענענדיק זיכ מיט די פאָרשטײער פונ דער אומפּאַרטײיִשער פּראָלעטאַרישער מאַסע. אָט דאָס איז דאָס סאַמע ווערטפולע, דאָס סאַמע וויכטיקע. אויב עס וואָלט זיכ אונדז ווירקלעכ אײַנגעגעבנ אויפ אַזאַ אויפנ אָפּרײניקנ די פּאַרטײ פונ אויבנ ביז אונטנ, „ניט שוינענדיק קײנעמ“, וואָלט דאָס בעפּײרעש געווענ אַ גרויסע דערגרייכונג פונ דער רעוואָליוציע“ [2].

לענינ איז באַשטאַנענ אויפ דעמ, אַז מע זאָל באַזונדערס אויפמערקזאַמ צוגײנ בײַמ אָנעמענ אַ מענטשנ אינ דער פּאַרטײ. ער האָט אַנטשײדנ געפאָדערט אָפּוואַרפנ זינאָוויעווס פאָרשלאָג וועגנ פאַרקירצנ דעמ פּראָדוציר-סטאַזש פאַר אַלע, וואָס טרעטנ אַרײַנ אינ דער פּאַרטײ. אינ אַ ספּעציעלנ צעטל צומ סעקרעטאַר פונ צק פונ דער פּאַרטײ כאַווער מאָלאָטאָוו האָט לענינ באַגרינדעט די נײטיקײט פונ פאַרקירצנ דעמ קאַנדידאַטנ-סטאַזש ביז אַ טערמינ פונ אַ האַלב יאָר בלויז פאַר די אַרבעטער, וואָס האָבנ פאַקטיש אָפּגעאַרבעט ניט ווײניקער פונ 10 יאָר אינ גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ. בײַמ אָנעמענ אינ

1 לענינ. ווערק, ב. XXIV, ז. 484.
2 לענינ. ווערק, ב. XXVII, ז. 13, 12.

דער פארטיי אנדערע קאטעגאריעס האט ער רעקאמענדירט איינשטעלנ לענגערע טערמינענ פונ פראדוציר=סטאזש. מיט זיינע ענערגישע פארשלאגנ האט לענינ געשטרעבט צו באשיצנ די פארטיי, אז אינ אירע רייענ זאלנ ניט אריינדרינגענ קיינ קליינבירגערלעכע אונ פיינטלעכע עלעמענטנ, וועלכע האבנ זיכ צופעליק אונ אפ א קורצנ טערמינ פארוואנדלט אינ ארבעטער. די דאזיקע געפאר איז געווענ באזונדערס גרויס אינ די באדינגונגענ פונ נעפ.

לענינ האט געפאדערט, אז באם אויפנעמענ אינ דער פארטיי קאמיוגיסטנ זאל מענ קאנטראלירנ, צי „האבנ זיי זיכ ווירקלעכ ערנסט געלערנט אונ עפעס=וואס זיכ אויסגעלערנט" אונ אויכ צי „האבנ זיי דורכגעמאכט א לענגערנ סטאזש פונ ערנסטער פראקטישער ארבעט (ווירטשאפטלעכער, קולטורעלער אדגל.)".

די גאנצע ארבעט פונ אנפירנ מיט דער פארטיי אונ מיטנ לאנד, די גאנצע ארבעט פונ פאנאנדערוויקלענ די סאציאליסטישע בויונג האט לענינ דורכגעפירט צוזאמענ מיט סטאלינענ, קעסיידער זיכ באראטנדיק מיט אים. פונקט ווי פריער, אינ די יארנ פונ דער אינטערווענצ אונ פונעמ בירגער=קריג, פלעגט די פארטיי שיקנ דעמ כאווער סטאלינ אפ די סאמע פאראנטווארטלעכע אונ אנטשיידנדיקע פראנט=באצירקנ, שיקט אויכ איצט די פארטיי דעמ כאווער סטאלינ אהינ, ווו עס ווערט געלייזט דער זיג אפנ ווירטשאפטלעכנ פראנט. דער גורל פונ אויפשטעלנ די פאלקס=ווירטשאפט ווערט געלייזט אינ דאנבאס, דעמלט — דער איינציקער קויל=מעטאלורגישער באזע פונעמ לאנד, נעמט כאווער סטאלינ דאנבאס אונטער זיינ ספעציעלער אויפזיכט. מע דארפ איינרעגולירנ די ארבעט פונעמ טראנספארט, דעמ דאזיקנ עקאנאמישנ גרונט=נערוו פונעמ לאנד, — ווערט כאווער סטאלינ מיטגליד פונ דער קאמיסיע פונ צק אפ אויפשטעלנ דעמ טראנספארט. עס שאפט זיכ אנ אנגעשטרענגטע לאגע אינ סיביר — שרייבט לענינ צו סטאלינענ: „איכ בעט ווענדנ די אויפמערקזאמקייט אפ דזערזשינסקיס מיטיילונגענ וועגנ סיביר. די געפאר, אז אונדזערע וועלנ ניט קענענ דורכקומענ מיט די סיבירער פויערים, איז אויסערגעווינלעכ גרויס אונ גרויזאמ". אפנ IV אלרוסלענדישנ צוזאמענפאר פונ די פראפפאריינענ האבנ די אנטיפארטייישע עלעמענטנ, בא טאמסקיס פארברעכערישער מיטהילפ, דעזאריענטירט די באלשעוויסטישע פראקציע — דעלעגירט דער צק אפנ צוזאמענפאר לענינענ אונ סטאלינענ, אונ די מאנעוורענ פונ די סאנים פונ דער פארטיי ווערנ דעמאסקירט. מע דארפ צעגראמירנ די אנארכיסטיש=סינדיקאליסטישע עלעמענטנ אינעמ מעטאליסטנ=פאריינ — שיקט דער צק אפנ צוזאמענפאר פונ די מעטאליסטנ לענינענ אונ סטאלינענ. לענינ גרייט זיכ צומ XI צוזאמענפאר. ער טראכט דורכ די פראגע — וויאזוי ארגאניזירט מענ דעמ קאנטראל פונ דער אויספילונג אונ דעמ אפקלייב פונ מענטשנ, ער מערקט אנ צוציענ צו אט דער ביז גאר וויכטיקער ארבעט די ארבעטער=פויערשע אינספעקציע, ער באראט זיכ וועגנ דעמ מיטנ כאווער סטאלינ. „עס זיינענ נייטיק געהילפנ, — האט געשריבנ לענינ צו סטאלינענ. — בלויז דער אפאראט פונ דער פארוואלטונג פונעמ ראטפאל=

קאָמ איז דערצו ווייניק, און פאַרגרעסערנ אים איז ניט ראַציאָנעל. איכ האָב אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז מע דאַרפ דערצו אײַנזעצנ... די אַרבעטער־פּויערשע אינספּעקציע. איכ וויל וויסנ, צי וועט איר באַגיטיקנ" [1].

אינ ענגער מיטאַרבעט האָבנ לענינ און סטאַלינ פאַנאַנדערגעאַרבעט די יעסוידעס פונ דער סאָוועטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, האָבנ אָנגעפירט מיטנ דורכפירנ זי אינ לעבנ. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט האָט לענינ אינ 1921 יאָר אָפּגעגעבנ טראַנסקאַווקאַז. זײַנ ערשטנ בריוו — די דירעקטיוו צו די קאָמוניסטנ פונ גרוזיע, נאָכ דעם, ווי דאָרט איז אײַנגעשטעלט געוואָרנ סאָוועטנמאַכט, האָט לענינ צוערשט געשיקט דעם כאַווער סטאַלינ. „איכ בעט איבערשיקנ, און אויב איר ערהווידערט, דורכשמועסנ זיכ טעלעפאָניש" [2], — האָט לענינ געשריבנ צו סטאַלינען. לענינ און סטאַלינ זײַנענ די איניציאַטאָרנ פונ שאַפנ די טראַנסקאַווקאַזער פעדעראַציע, די אָרגאַניזאַטאָרנ פונ דער ברידערלעכער מיטאַרבעט פונ די טראַנסקאַווקאַזער פעלקער. אָנגעשריבנ דעם פּראָיעקט פונ דעם פאָרשלאָג וועגנ אויסבילדנ די פעדעראַציע פונ די טראַנסקאַווקאַזער רעפּובליקנ, האָט אים לענינ געשיקט צו סטאַלינען. כאַווער סטאַלינ האָט אַרײַנגעטראָגנ אַנ אויסבעסערונג אינ לענינס פּראָיעקט. לענינ האָט די אויסבעסערונג אָנגענומענ. לענינ האָט אַק שאָנעסדיק און אומקאָמפּראָמיסלעכ געקעמפט קעגנ דעם גרויסרוסישנ שאָוויניזמ. אינ איינער פונ די זיצונגענ פונ פּאָליטביוראָ האָט ער אָנגעשריבנ צו סטאַלינען: „דעם גרויסרוסישנ שאָוויניזמ דערקלער איכ אַ קאַמפ ניט אויפ לעבנ, נאָר אויפ טויט, ווי נאָר איכ וועל פּטור ווערנ פונ דעם פאַרשאָלטענעמ צאָנ, וועל איכ אימ אויפעסנ מיט אַלע געזונטע ציינ.

מע מוז אַבסאָליוט באַשטיינ אויפ דעמ, אַז אינעמ פאַרבאַנדישנ וואָיק זאָלנ זײַנ פּאָרזיצערס לויט דער ריי

אַ רוס
אַנ אוקראַינער
אַ גרוזינער אאַוו.

אַבסאָליוט!

אײַער לענינ".

אויפ דעם דאָזיקנ צעטל האָט סטאַלינ געענטפערט: „ריכטיק" [3].

לענינ האָט אַרויסגעוויזנ אויסשליסלעכע זאָרג וועגנ דעם כאַווער סטאַלינ. באַקומענ אינ יול 1921 יאָר פונ צאָפנ־קאַווקאַז אַ מיטיילונג וועגנ דעמ, אַז סטאַלינ איז קראַנק, האָט לענינ טייקעפ טעלעגראַפיש אָנגעפרעגט באַמ כאַווער אָרדזשאָניקידזע: „ערשטנס: איכ בעט מיטיילנ וועגנ סטאַלינס געזונט־צושטאַנד און וואָס זאָגנ וועגנ דעמ די דאָקטוירימ" [4]. אינ עטלעכע טעג אַרומ האָט לענינ ווידער טעלעגראַ־

1 לענינ. ווערק, ב. XXIX, ז. 422.
2 לענינ. ווערק, ב. XXVI, ז. 189.
3 „פּראַוודאַ" נומ. 21 ,2י יאַנוואַר 1937 י.
4 לענינ־זאַמלונג XX, ז. 74.

פירט: „טיילט מיט די פאמיליע אונ דעמ אדרעס פונ דעמ דאָקטער, וואָס היילט סטאלינענ, אונ אפ וויפל טעג האָט מענ אָפגעריסנ סטאלינענ"[1]. לענינ האָט ווידער אונ ווידעראמאָל דערמאָנט אָרדזשאָניקידזענ: „עס וווּנדערט מיכ, וואָס איר רײַסט אָפ סטאלינענ פונ אָפרו. סטאלינ וואָלט נאָכ געדארפט אָפרוענ ניט ווייניקער פונ 4 אָדער 6 וואָכנ".

לענינ האָט זיכ אינטערעסירט אויכ מיט כאווער סטאלינס שטייגער-באדינגונגענ. אינ א צעטל צו דעמ קאָמענדאנט פונ קרעמל (אינ נאָיאבער 1921 יאָר) האָט ער געשריבנ, אז באמ כאווער סטאלינ איז אזא דירע, אז מע לאָזט אימ ניט שלאָפנ (בישביינעס האָט זיכ געפונענ א קיכ, ווו מע האָט געטומלט פונ גאנצפרי אָנ). ער האָט געבעטנ אריבערפירנ דעמ כאווער סטאלינ אינ א רויִקער דירע, אונ מאַכנ וואָס גיכער אונ אָנשרײַבנ, ווענ דאָס וועט געמאכט ווערנ.

אינ דעקאבער 1921 יאָר האָט לענינ אינ א צעטל צומ סעקרעטאר געשריבנ: „ווענ סטאלינ וועט אופשטיינ (ניט וועקנ אימ), זאָגנ אימ, אז איכ בינ פונ 11 אפ דער קאָמיסיע (בא מיר) אונ אז איכ בעט סטאלינענ געבנ מיר זײַנע טעלעפאָנענ (אויב סטאלינ וועט אוועקגיינ), ווײַל איכ דארפ זיכ טעלעפאָניש דורכשמועסנ מיט אימ"[2].

אינ מארט 1922 יאָר איז פאָרגעקומענ דער XI פארטיי-צוזאמענפאָר. דאָס איז געווענ דער לעצטער צוזאמענפאָר, אינ וועלכנ עס האָט אָנטיילגענומענ לענינ. די ביז גאָר אָנגעשטרענגטע ארבעט פונ די לעצטע עטלעכע יאָר האָט זיכ געלאָזט פילנ אפנ צושטאנד פונ זײַנ געזונט. ניט געקוקט אפ דער קראנקײַט, האָט זיכ לענינ, ווי אלעמאָל, אפנ זאָרגזאמסטנ אויפנ געגרייט צומ צוזאמענפאָר אונ, ווי ווײַט עס האָבנ דערלויבט זײַנע קויכעס, אָנגעפירט מיט זײַנ צוגרייטונג.

אפנ צוזאמענפאָר איז לענינ ארויסגעטראָטנ מיטנ פאָליטישנ באריכט פונעמ צענטראל-קאָמיטעט פונ דער פארטיי. אינ זײַנ פאָרטראָג האָט לענינ אנטשיידנ קריטיקירט די פאראנגענע פעלערנ, מאָביליזירנדיק די פארטיי אפ ליקווידירנ זיי; ער האָט אונטערגעצויגנ די סאכאקלענ פונעמ ערשטנ יאָר נעפ. שוינ דאָס ערשטע יאָר פונ דער נײַער עקאָנאָמישער פאָליטיק האָט באוויזנ, ווי ווײַט ריכטיק זי איז. אפ דער נײַער עקאָנאָמישער באזע האָט זיכ פארפעסטיקט דער בונד פונ די ארבעטער אונ פויערימ. עס איז קימאט פולשטענדיק ליקווידירט געוואָרנ דער באלעגופישער באנדיטיזמ. די גרויס-אינדוסטריע, דער טראנספאָרט, די בענק, די ערד, דער אינערנ-האנדל אונ אויסערנ-האנדל, דאָס הייסט אלע קאָמאנדע-הייכנ זײַנענ געבליבנ בא דער סאָוועטנמאכט אינ די הענט. די פארטיי האָט זיכ דערשלאָגנ אנ איבערבראָכ אפנ ווירטשאפטלעכנ פראָנט. עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א לאנגזאמער, נאָר א זיכערער אופשטײַג אפ אלע געביטנ פונ דער ווירטשאפטלעכער בויונג.

---

1 לענינ-זאמלונג XX, ז. 263.

2 לענינ-זאמלונג XXIII, ז. 329.

די דאָזיקע סאַכאקלען האָבנ געגעבנ לענינען א מעגלעכקײט צו דערקלערנ:

„א יאָר צײט זײַנען מיר אָפּגעטראָטנ. מיר דארפנ איצט זאָגנ אינ נאָמענ פונ דער פארטײ: — גענוג! דער ציל, װעלכנ דער צוריקטריט האָט געהאט, איז דערגרײכט. דער דאָזיקער פעריאָד ענדיקט זיך, אָדער האָט זיך געענדיקט. איצט װערט ארױסגערוקט אנ אנדער ציל — איבערגרופּירנ די קױכעס“[1]. אזא איבערגרופּירונג פונ די קױכעס איז געװענ נײטיק, קעדײ צו אָרגאניזירנ א נײַעמ אָנגריפ אפ די קאַפּיטאליסטישע עלעמענטנ אינ לאנד. לענינ האָט געזאָגט װעגנ אָט דער איבערגרופּירונג, אז דאָס איז „די צוגרײטונג צומ אָנגריפ אפ דעמ פריװאט=װירטשאפטלעכנ קאפּיטאל“[2].

לענינ האָט געלערנט די פארטײ צו פארשטײנ די צװײיִנדיקע נאטור פונ דער נײַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק. ער האָט אָנגעװיזנ, אז דער קאַפּיטאליזמ איז דערלאָזנ געװאָרנ, נאָר אז אלע קאָמאנדע=הײכנ פונ דער פאָלקס=װירטשאפט זײַנען געבליבנ בא דער פּראָלע=טארישער מעלוכע אינ די הענט. צװישנ די קאפּיטאליסטישע אונ די סאָציאליסטישע עלעמענטנ גײט א פארביטערטער קאמפ. אינ גאנג פונ אָט דעמ קאמפ װעט קעסײדער װאקסנ די ראָליע פונ די סאָציא=ליסטישע עלעמענטנ, װעלכע װעלנ באזיגנ די עלעמענטנ פונעמ קא=פּיטאליזמ. דער נעפּ איז טאקע אױסגערעכנט אפ דעמ דאָזיקנ זיג פונעמ סאָציאליזמ איבערנ קאפּיטאליזמ, ער איז אױסגערעכנט אפ דער פארניכטונג פונ די קלאסנ, אפ דער אופבױונג פונעמ פונדאמענט פונ דער סאָציאליסטישער עקאָנאָמיק. לענינ האָט געזאָגט אפנ צו=זאמענפאָר: „דאָס, װאָס די עקאָנאָמישע קראפט געפינט זיך אינ די הענט פונ דער פּראָלעטארישער מעלוכע פונ רוסלאנד, איז אבסאָליוט גענוג אפ צו זיכערנ דעמ אריבערגאנג צומ קאָמוניזמ“[3].

א יאָר נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק האָט באװיזנ דעמ פּױערטומ, אז די סאָװעטנ=מאכט פירט דורכ מאָססימלען, װעלכע זײַנען באר=שטענדלעכ, צוגענגלעכ פאר די ברײטע מאסנ פּױערטומ. דער נעפּ האָט באװיזנ דעמ פּױערטומ, אז די באָלשעװיסטישע פארטײ זאָרגט װעגנ די טאָגטעגלעכע באדערפענישנ זײַנע אונ העלפט אימ אינ דער פּראקטיק; דער נעפּ האָט באװיזנ, אז די באָלשעװיסטישע פארטײ גײט פעסט אונ קאָנסעקװענט צו איר ציל — צומ אופבױענ דעמ סאָ=ציאליזמ בא אונדז אינ לאנד, אפ דער באזע פונעמ בונד פונעמ אר=בעטער=קלאס מיטנ פּױערטומ אונטער דער אָנפירונג פונעמ ארבע=טער=קלאס.

לענינ האָט אפנ צוזאמענפאָר ענערגיש אָנגעװיזנ דערױפ, אז קע=דײ דער סאָציאליזמ זאָל זיגנ, איז נײטיק צו זיכערנ דעמ בונד צװישנ דעמ ארבעטער=קלאס אונ דעמ פּױערטומ, זיכערנ דעמ צוזאמענשלימ צװישנ דער סאָציאליסטישער אינדוסטריע אונ דער פּױערישער עקאָ=

1 לענינ. װערק, ב. XXVII, ז. 238.
2 דאָרטנ, ז. 213.
3 דאָרטנ, ז. 244.

נאָמיק. ער האָט געלערנט, אז, צוזאמענגעשלאָסנ זיכ מיט דער פויערימ-מאסע, מיטנ פאָשעטנ ארבעטס-פויערטומ, וועלנ מיר אָנהייבנ גיינ פאָרויס, האגאמ לאנגזאמ, נאָר „דערפאר אזוי, אז מיט אינדז וועט זיכ ווירקלעכ באוועגנ די גאנצע מאסע. דעמלט וועט אויכ די פארשנעלערונג פונ דער דאָזיקער באוועגונג זײַנער-צײַט זײַנ אזא, וועגנ וועלכער מיר קאָנענ איצט אפילע ניט טרוימענ"[1].

קיינער האָט אזוי ניט געקענט ווי לענינ געפינענ אינ דער קייט אופגאבנ דעמ גרונט-רינג, די צענטראלע אופגאבע, אויסערסט געפרעסט אונ קלאָר פאָרמולירנ זי, קאָנצענטרירנ די גאנצע קויכעס פונ דער פארטיי אפ אויסצופילנ זי. פאר אזא צענטראלער אופגאבע האָט לענינ דעמלט געהאלטנ דעמ האנדל צווישנ שטאָט אונ דאָרפ, ווײַל דער וועג צומ פארווירקלעכנ דעמ צוזאמענשלוס צווישנ דער סאָציאליסטישער אינדוסטריע אונ דער פויערשער עקאָנאָמיק איז געלעגנ דורכ דער אנטוויקלונג פונ דעמ סכוירע-אויסטויש צווישנ שטאָט אינ דאָרפ. אונ לענינ האָט ארויסגערוקט דעמ לאָזונג — לערנענ זיכ האנדלענ, האנדלענ קולטורעל.

לענינ האָט אָנגעוויזנ, אז דער איקער, וואָס עס פעלט די קאָמוניסטנ, — דאָס איז קולטורעלקײַט, דאָס איז קענענ פארוואלטנ אינ די באדינגונגענ פונ נעפ, וועלכער זיכערט סײַ עקאָנאָמיש סײַ פאָליטיש די מעגלעכקײַט צו שאפנ דעמ פונדאמענט פונ דער סאָציאליסטישער עקאָנאָמיק. ער האָט געזאָגט: „*קאָנטראָלירנ די מענטשנ אונ קאָנטראָלירנ די פאקטישע אויספילונג פונ דער ארבעט* — דערינ, נאָכאמאָל דערינ, בלויז דערינ איז איצט דער איקער פונ דער גאנצער ארבעט, פונ דער גאנצער פאָליטיק"[2].

לענינ איז אפנ צוזאמענפאָר שארפ אָנגעפאלנ אפ די טראָצקיסטנ (שליאפניקאָוו, פרעאָבראזשענסקי אונ אנד.), וועלכע זײַנענ ארויסגעטראָטנ קעגנ דורכפירנ די נײַע עקאָנאָמישע פאָליטיק אונ האָבנ געזײַט פאניק אינ די רייענ פונ דער פארטיי.

זײַנ רעדע באמ שלוס פונעמ צוזאמענפאָר האָט לענינ געווידמעט דער פארטיי, איר גרעסערער באהעפטקײַט אונ איינמוטיקײַט, דער גרעסערער אידייִשער אונ אָרגאניזאציאָנעלער איינהײַט, וועלכע די פארטיי האָט דערגרייכט אינעמ פעריאָד פונ X ביזנ XI צוזאמענפאָר.

העכער פונ אלצ האָט לענינ געשטעלט די פארטיי אלס אוואנגארד פונ די מאסנ, אלס אָנפירנדיקע קראפט פונ דער סאָוועטישער מעלוכע. ער האָט געהאלטנ, אז איר איינהײַט, מאָנאָליטקײַט, באהעפטקײַט האָבנ אנ אויסשליסלעכע באדײַטונג. „דאָס איקערדיקע אונ וויכטיקסטע, וואָס מיר האָבנ באקומענ „נײַס" אפ דעמ דאָזיקנ צוזאמענפאָר, דאָס איז דער לעבעדיקער באווײַז פונ דעמ, ווי ווײַט ניט גערעכט עס זײַנענ אונדזערע סאָנימ, וועלכע האָבנ אָנ אופהער גע-

1 לענינ. ווערק, ב. XXVII, ז. 231—232.

2 דאָרטנ, ז. 179.

מײַנעט אונ מײַנענ, אז אונדזער פארטײ פאלט ארײַנ אינ עלטער־שוואכקײַט, פארלירט די בײַגעוודיקײַט פונעם געדאנק אינ די בײַגעוודיקײַט פונ איר גאנצנ אָרגאניזם.

גײנ. די דאָזיקע בײַגעוודיקײַט האָבנ מיר ניט פארלוירנ"[1].

מע האָט געדארפט דורכפירנ אינ לעבנ די היסטאָרישע אויפגאבנ, וועלכע לענינ האָט אוועקגעשטעלט אפנ צוזאמענפאָר, מע האָט געדארפט אפ די רעלסנ פונ נעפ צוגרײטנ דעם זיגרײַכנ אָנגריפ פונעם סאָציאליזם.

לויט לענינס פאָרשלאָג האָט דער פלענום פונ צק נאָכנ צוזאמענפאָר אויסגעוויילט אלס גענעראל־סעקרעטאר פונעם צענטראל־קאָמיטעט לענינס טרײַענ שילער אונ מיטקעמפער — דעם כאווער סטאלינ. פונ דעמלט אָנ ארבעט כאווער סטאלינ קעסיידער אפ דעם דאָזיקנ פאָסטנ.

די פארוווּנדונג סאָפ זומער 1918 יאָר אונ די אויסשליסלעכ אָנגעשטרענגטע ארבעט האָבנ אונטערגעריסנ לענינס געזונט. שוינ אָנגעהויבנ פונ ווינטער 1921 יאָר האָט ער געמוזט אָפט איבערײַסנ זײַנ ארבעט.

אינ מײַ 1922 יאָר האָט זיכ לענינס געזונט־צושטאנד באדײַטנדיק פארערגערט. לענינ האָט זיכ דעמלט געפונענ אונטער מאָסקווע אינ גאָרקי, וווּהינ ער איז ארויסגעפאָרנ לויט דער פאָדערונג פונ די דאָקטוירים. סאָפ מײַ איז פאָרגעקומענ א שארפער אָנפאל פונ דער קראנקײַט אונ דער ערשטער אפאָפלעקסיע־שלאָג. דאָס האָט געבראכט צו א טײלווײַזנ פאראליטש. לענינ האָט צײַטווײַליק אופגעהערט צו באוועגנ מיט דעמ רעכטנ פוס אונ מיט דער רעכטער האנט, ס'איז בא אימ קאליע געוואָרנ דאָס לאָשנ. אינ מיטנ יונ האָט זיכ אינ וולאדימיר איליטשס געזונט געלאָזט מערקנ א געוויסע פארבעסערונג. אינ יול האָבנ אימ די דאָקטוירים דערלויבט אופנעמענ נאָענטע כאווײריִמ, נאָר מיטנ באדינג ניט צו פירנ קײנ געשעפטלעכע געשפרעכנ.

אָט וואָס כאווער סטאלינ שרײַבט וועגנ אײנער פונ די דאָזיקע באגעגענישנ אינ גאָרקי:

„דער כאווער לענינ האָט בײס מײַנ ערשטער זעונג מיט אימ סאָפ יול, נאָכ אנ אָנדערהאלבנ־כאדאָשימדיקנ איבערײַס, געמאכט אפ מיר גראָד אזא אײַנדרוק פונ אנ אַלטנ קריגער, וואָס האָט באוויזנ אָפצורוענ נאָכ די אויסצערנדיקע קעס־דערדיקע שלאכטנ אונ וואָס איז פרישער געוואָרנ נאָכנ אָפרו. א פרישער אונ א באנײַטער, נאָר מיט שפורנ פונ מידקײַט, פונ איבערגעמאטערטקײַט.

— „איכ טאָר ניט לײענענ קײנ צײַטונגענ, — באמערקט איראָניש דער כאווער לענינ, — איכ טאָר ניט רײדנ וועגנ פאָליטיק, איכ מײַד זאָרגזאמ אויס יעטװידער שטיקל פאפיר, וואָס וואלגערט זיכ אפנ טיש, מוירע האָבנדיק, אז דאָס זאָל זיכ ניט ארויסווײַזנ פאר א צײַטונג אונ פונ דעמ זאָל כאָלילע ניט ארויסקומענ קײנ דיסציפלינ־ברוכ".

איכ קײַכ פונ געלעכטער אונ לויב אינ הימל ארײַנ דעמ כאווער לענינס דיסציפלינירטקײַט. באלד מאכנ לאכנ מיר אויכ פונ די דאָקטוירים, וואָס קאָנענ ניט

---

1 לענינ, ווערק, ב. XXVII, ז. 271.

פֿאַרשטײנ, אַז פּראָפֿעסיאָנעלע פּאָליטיקער, װענ מע האָט זײ געלאָזט צונױפֿקומענ זיכ, קאָנענ ניט ניט רײדנ װעגנ פּאָליטיק.

עס איבעראַשט אײנעמ כאַװער לענינ די זשעדנעקײט צו פֿראַגנ אונ דער דראַנג, דער מוירעדיקער דראַנג צו אַרבעט. ס'איז קאָנטיק, אַז ער האָט זיכ אױסגעהונגערט. דער פּאַרטײ־פֿראַגנ, די עסערנ, גענועע אונ האַאַג, די נערעטעניש־אױסזיכטנ, די אינדוסטריע אונ די פֿינאַנצנ — די פֿראַגנ שװעבנ דורכ אײנע נאָכ דער אַנדערער"[1].

בײמ לענינ איז געװענ קראַנק, פֿלעגט אימ אָפֿט באַזוכנ סטאַלינ, װעלכער האָט אָנגעפֿירט מיט דער אַרבעט פֿונ דער פּאַרטײ. לענינ פֿלעגט אַרױסרופֿנ צו זיכ סטאַלינענ צו שמועסנ װעגנ דער לאַגע, צו באַהאַנדלענ געמײנזאַמ אַ רײ פֿראַגנ.

לענינס געזונט האָט זיכ שנעל גענומענ אױפֿשטעלנ, ער האָט װײַטער געפֿירט געשעפֿטלעכע קאָרעספּאָנדענצ, האָט געפֿאָדערט צושיקנ ביכער קײנ גאָרקי. ער האָט געשריבנ צו זײַנע סעקרעטאַרנ: „איר קאָנט מיכ גראַטולירנ מיט געזונט װערנ. אַ באַװײַז: די האַנטשריפֿט, װעלכע הײבט אָנ צו װערנ מענטשלעכ. הײבט אָנ צוגרײטנ פֿאַר מיר ביכער (אונ שיקנ מיר צעטלענ) 1) װיסנשאַפֿטלעכע, 2) בעלעטריסטיק, 3) פּאָליטיק (די לעצטע שפּעטער פֿונ אַלע, װײַל זי איז נאָכ ניט דערלױבט)". לענינ האָט זיכ געריסנ צומ אָנטײל אינ דער פּאַרטײישער אונ מעלוכישער אַרבעט, אָנ װעלכער ער האָט זיכ זײַנ לעבנ ניט פֿאָרגעשטעלט.

אינ מיטנ יול האָט כאַװער סטאַלינ טעלעגראַפֿירט צו סערגאָ אָרדזשאָניקידזע:

„נעכטנ האָבנ די דאָקטױרימ דערלױבט אילימשנ נאָכ אַנדערהאַלבנ כאָדאָשימ איבעררײַס באַזוכנ פֿרײַנט אונ פֿאַרנעמענ זיכ צו עטלעכע שאָ מיט אַרבעט.

איכ בינ געװענ בא אילימשנ אונ כ'האָב געפֿונענ, אַז ער האָט זיכ ענדגילטיק פֿאַריכט. הײַנט האָבנ מיר שױנ באַקומענ פֿונ אימ אַ בריװל מיט דירעקטיװנ װעגנ די לױפֿנדיקע פּאָליטישע פֿראַגנ.

די דאָקטױרימ גלײבנ, אַז אינ אַ כױדעש אַרומ װעט ער קענענ אַרײַנ אינ דער אַרבעט װי פֿריִער"[2].

אינ אױגוסט 1922 יאָר האָט די XII אַלרוסלענדישע פּאַרטײ־קאָנפֿערענצ געשיקט אַ באַגריסונג דעמ פֿירער פֿונ דער פּראָלעטאַרישער רעװאָליוציע, װעלכער האָט צוליב זײַנ קראַנקײט ניט געקאָנט בײַזײַנ אױפֿ דער קאָנפֿערענצ. זײַנ ענטפֿער האָט לענינ איבערגעגעבנ דורכ סטאַלינענ.

„כאַװײרימ, — האָט סטאַלינ מיטגעטײלט אױפֿ דער קאָנפֿערענצ, — איכ האָב צו מעלדנ, אַז הײַנט בינ איכ אַרױסגערופֿנ געװאָרנ צו דעמ כאַװער לענינ, אונ ער האָט אַלס ענטפֿער אױפֿ דער באַגריסונג פֿונ

---

1 י. סטאַלינ. װעגנ לענינענ, ז. 16—17, מעלוכע־פֿאַרלאַג „דער עמעס", 1944 י.

2 „זאַריאַ װאָסטאָקאַ" נומ. 25, 18 יול 1922 י.

דער קאָנפערענצ באפולמעכטיקט מיכ איבערגעבנ אײַכ, אז ער דאנקט פאר דער באגריסונג. ער האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אז עס איז ניט אזוי ווײַט דער טאָג, ווענ ער וועט זיכ אומקערנ אינ אונ- דזערע רייענ צו דער ארבעט".

דעמ 2 אָקטיאבער 1922 יאָר איז לענינ אריבערגעפאָרנ פונ גאָרקי קיינ מאָסקווע אונ האָט זיכ ווירקלעכ אומגעקערט צו דער ארבעט. שוינ אפ מאָרגנ האָט ער געפירט די זיצונג פונעמ ראטפאָלקאָמ. דעמ 5 אָקטיאבער האָט ער זיכ באטייליקט אינ דער זיצונג פונעמ פלענומ פונ צענטראל-קאָמיטעט. דאָס, וואָס לענינ האָט זיכ אומגעקערט צו דער ארבעט, איז געווענ א גרויסע סימכע פאר דער פארטיי, פאר אלע ארבעטנדיקע.

די דאָקטוירימ האָבנ פאָרגעשריבנ לענינענ א שטרענגנ רעזשימ, זיי האָבנ געפרווט באגרענעצנ זײַנ ארבעט מיט פינפ שאָ א טאָג: פונ 11 ביז 2 אונ פונ 6 ביז 8 אזייגער. כוץ זונטיק איז אײַנגעשטעלט געוואָרנ נאָכ איינ טאָג פונ אבסאָליוטער רו (וולאדימיר איליטש האָט אויסגעקליבנ מיטוואָכ). לענינ פלעגט אָבער אויווער זײַנ אפ די פאָר- שריפטנ פונ די דאָקטוירימ. פונ דעמ ערשטנ טאָג אָנ איז ער צוגע- טראָטנ צו דער ארבעט אינ איר גאנצנ פארנעמ. אינ זײַנ קאבינעט פלעגט ער קומענ 9 אזייגער מיט 30 מינוט אינדערפרי אונ פלעגט דורכקוקנ א קאָלאָסאלע צאָל צײַטונגענ. 10 אזייגער מיט 45 מינוט פלעגט לענינ ארויסרופנ צו זיכ דעמ סעקרעטאר. פונ 11 אזייגער אָנ פלעגט זיכ אָנהייבנ אנ אָנגעשטרענגטע ארבעט. 2 אזייגער, ווענ ער פלעגט אוועקגייענ אהיימ, פלעגט ער מיטנעמענ א גאנצנ בארג פאפירנ אונ פלעגט זיכ אומקערנ 6 אזייגער מיט א שלאל אופגאבנ פאר די סעקרעטארנ. דעמ צוגאָבלעכנ אָפרו-טאָג פלעגט וולאדימיר איליטש אָפט אויכ פארברענגענ בא דער ארבעט. אָט וואָס לענינס סעקרע- טארנ האָבנ פארשריבנ וועגנ איינעמ פונ אזוינע „אָפרו"-טעג: „1 נאָיאבער באטאָג. א בעראטונג מיט סטאלינס אָנטייל. אינאָווענט: פונ 7 ביז 8 אזייגער צוויי איטאליענישע כאווירימ. 8 אזייגער מיט 30 מינוט איז וולאדימיר איליטש אוועק אהיימ".

דעמ 31 אָקטיאבער האָט לענינ געהאלטנ א רעדע אפ דער סעסיע פונ וציק. דאָס איז געווענ די ערשטע ארויסטרעטונג נאָכ דעמ, ווי ער איז געזונט געוואָרנ. אלע האָבנ געוואַרט אפ דער דאָזיקער ארויס- טרעטונג מיט גרויס אומגעדולד. וולאדימיר איליטש האָט זיכ אויכ נערווירט. ער האָט גערעדט וועגנ דעמ גלענצנדיקנ זיג, וועלכנ די רויטע ארמיי אונ די סאָוועטישע דיפלאָמאטיע האָבנ אָפגעהאלטנ אינ צוזאמענהאנג מיט באפרײַענ פונ די יאפאָנישע אינטערווענטנ דעמ לעצטנ שטיקל סאָוועטישע ערד — וולאדיוואָסטאָק. ער האָט געזאָגט, אז דאָס סאָוועטנ-לאנד איז נאָכ באדײַטנדיק אָרעמער פונ די קאפי- טאליסטישע לענדער, עס וועט זיי אָבער דעריאָגנ מיט אזא שנעלקײַט, וועגנ וועלכער זיי קענענ אפילע ניט טרוימענ. „אינ א פאנטאסטישער שנעלקײַט פונ וועלכע-ניט-איז ענדערונגענ וועט קיינער בא אונדז ניט גלייבנ, אָבער דערפאר אינ דער ווירקלעכער שנעלקײַט, אינ דער שנעל- קײַט, אינ פארגלײַכ מיט יעטווידנ פעריאָד פונ דער געשיכטלעכער

אנטוויקלונג, גענומענ, ווי ער איז געווענ, — אינ אזא שנעלקײט, אויב מיט דער באוועגונג פירט אָנ א ווירקלעכ רעוואָלוציאָנערע פּארטײ, אינ אזא שנעלקײט גלײבנ מיר און אזא שנעלקײט וועלנ מיר זיכ אומבאדינגט דערשלאָגנ“[1].

דעם 13 נאָיאבער איז לענינ ארויסגעטראָטנ מיט א פּאָרטראָג אפּנ IV קאָנגרעס פונעם קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל „פינפ יאָר רוסלענדישע רעוואָליוציע און די פּערספּעקטיוונ פונ דער וועלט-רעוואָליוציע“. כאָטש די לאגע פונעם רוינירטנ סאָוועטנ-לאנד אינ דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג איז געווענ א ביז גאָר שווערע, איז לענינ געווענ איבערצײגט אינ זיג, ער האָט גערעדט וועגנ די אויסגעצייכנטע פּערספּעקטיוונ פונ די ערשטע סאכאקלענ פונעם נעפּ.

„די פארגאנגענע אָנדערהאלבנ יאָר באווײזנ פּאָזיטיוו און אבסאָליוט, אז מיר האָבנ ...דעם עקזאמענ אויסגעהאלטנ“, — האָט ער דערקלערט מיט שטאָלצ. מיר, האָט געזאָגט לענינ, האָבנ זיכ דערשלאָגנ אנ אלגעמײנעם אויפשטײג אפּ די ראָלנ פונ נעפּ: מיר האָבנ פארפעסטיקט דעם בונד פונ די ארבעטער און פויערים, פארבעסערט די לאגע פונעם ארבעטער-קלאס, סטאביליזירט דעם רובל, פארגרעסערט די פּראָדוקציע פונ דער לײכטער אינדוסטריע. „שוינ איצט האָבנ מיר א באווײז דערפונ, אז מיר, אלס מעלוכע, זײנענ אימשטאנד צו פירנ האנדל, אײנהאלטנ אינ אונדזערע הענט פעסטע פּאָזיציעס אינ דער לאנדווירטשאפט און אינ דער אינדוסטריע און גײנ פאָרויס“. אינ זײער א שווערער לאגע געפינט זיכ נאָכ די שווערע אינדוסטריע. „די שווערע אינדוסטריע נײטיקט זיכ אינ מעלוכע-סובסידיעס“, — האָט געזאָגט לענינ. — „אויב מיר וועלנ זײ ניט געפינענ, וועלנ מיר, אלס ציוויליזירטע מעלוכע — שוינ אָפּגערעדט, אלס סאָציאליסטישע — אומקומענ“. דאָס סאָוועטנ-לאנד האָט אָבער מעכטיקע קוואלנ פונ אינערלעכער אָנזאמלונג. און לענינ טײלט מיט מיט פרײד די פּאָרשטײער פונעם אינטערנאציאָנאלנ פּראָלעטאריאט, אז די סאָוועטנמאכט האָט אינ רעזולטאט פונ נעפּ שוינ אָנגעזאמלט די ערשטע 20 מיליאָנ רובל גאָלד און אָט די אלע מיטלענ וועט זי אָפּגעבנ אפּ אויפשטעלנ און אנטוויקלענ די שווערע אינדוסטריע, זי וועט שפּאָרנ אפּ אלצ, אפילע אפּ די שולנ. „דאָס דארפ זײנ, — האָט געזאָגט לענינ, — ווײל מיר ווײסנ, אז אויב מיר וועלנ ניט ראטעווענ די שווערע אינדוסטריע, אויב מיר וועלנ זי ניט אויפשטעלנ, וועלנ מיר ניט קענענ אויפבויענ קײנ שום אינדוסטריע, און אָנ איר וועלנ מיר ביכלאל אומקומענ אלס זעלבשטענדיק לאנד“. מיט דער גרעסטער פעסטקײט און הארטנעקיקײט האָט לענינ דערקלערט: „מיר האָבנ פארכאפּט די מאכט פונ די ארבעטערס וועגנ און מיר האָבנ פאר זיכ א ציל — שאפנ די סאָציאליסטישע אָרדענונג מיט דער הילפ פונ דער דאָזיקער מאכט“[2].

לענינ איז ארויסגעטראָטנ אפּ דײטש. דער פּאָרטראָג האָט געדויערט א שאָ צײט. דער קאָנגרעס האָט אימ אויסגעהערט מיט טיפער

1 לענינ, ווערק, ב. XXVII, ז. 318.
2 דאָרטנ, ז. 345, 349, 350.

אויפמערקזאמקייט. לענינענ איז שוינ אָבער שווער געווענ צו האלטנ דעם פאָרטראָג. ער האָט גערעדט מיט בעפייערשער אָנשטרענגונג. נאָכנ פאָרטראָג איז ער געווענ זייער מיד. עס האָט זיכ געלאָזט פילנ די קראנקייט.

אינ א וואָכ ארום, דעם 20 נאָיאבער 1922 יאָר, איז לענינ ארויסגעטראָטנ אפנ פלענום פונ מאָסקווער סאָוועט. אונטערציענדיק די סאכאקלענ פונ פינפ יאָר עקזיסטענצ פונ דער סאָוועטנמאכט, האָט ער זײַנ רעדע פארענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„מיר האָבנ דעם סאָציאליזם דורכגעשלעפט אינ טאָגטעגלעכנ לעבנ אונ דאָ דארפנ מיר זיכ פאנאנדערקלײַבנ. אָט אינ וואָס עס באשטייט די אויפגאבע פונ אונדזער הײַנט, אָט אינ וואָס עס באשטייט די אויפגאבע פונ אונדזער עפאָכע. דערלויבט מיר צו ענדיקנ דערמיט, וואָס איכ וועל אויסדריקנ א זיכערקייט, אז ווי די אויפגאבע זאָל ניט זײַנ שווער, ווי נײַ זי זאָל ניט זײַנ אינ פארגלײַכ מיט אונדזער פריערדיקער אויפגאבע, אונ וויפל שוועריקייטנ זי זאָל אונדז ניט פארשאפנ, — וועלנ מיר אלע צוזאמענ, ניט מאָרגנ, נאָר אינ משך פונ עטלעכע יאָר, וועלנ מיר אלע צוזאמענ לייזנ די דאָזיקע אויפגאבע וואָס עס זאָל אונדז ניט קאָסטנ, אזוי אז פונעם נעפישנ רוסלאנד וועט ווערנ א סאָציאליסטיש רוסלאנד“[1].

דאָס איז געווענ לענינס לעצטע ארויסטרעטונג פארנ לאנד.

---

1 לענינ, ווערק, ב. XXVII, ז. 366.

# XIII

לענינס געזונט־צושטאנד איז געוואָרנ וואָס אמאָל ערגער. אקשאָנעסדיק קעמפנדיק מיט דער קרענק, האָט ער ניט אופגעהערט צו ארבעטנ. ער פירט די זיצונגענ פונעמ ראטפאָלקאָמ. ער אינטערעסירט זיכ פונקט ווי פריִער מיט פארשיידנארטיקסטע פראגנ: פינאנצנ, עלעקטראָ־אינדוסטריע, קאָנצעסיעס, שיפ־רעמאָנט, פאָלקס־ציילונג און אָנ א שיר אנדערע פראגנ. ער נעמט אופ מענטשנ, שמועסט, שרײַבט בריוו, גיט א שלאל אופטראָגנ. שיקט באגריסונגענ דעמ III קאָנגרעס פונעמ קאָמוניסטישנ יוגנט־אינטערנאציאָנאל, דעמ אלוקראִינישנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר, די צוזאמענפאָרנ פונ די פראָפאריינענ פונ די סאָוו. טוער און פונ די בילדונגס־טוער. ער זאָרגט וועגנ א פאָפולערער אויסגאבע פונ מארקס' און ענגעלסעס בריוו. ער טראכט ערנסט דורכ די פראגנ פונ דער אויסערנ־פאָליטיק, פונעמ קאמפ קעגנ דער קריגס־געפאר, שרײַבט נאָטיצנ וועגנ די אופגאבנ פונ דער סאָוועטישער דעלעגאציע אפ דעמ האאגער שאָלעמ־קאָנגרעס.

אינ אָט די לעצטע וואָכנ פונ זײַנ ארבעט האָט זיכ לענינ א סאכ פארנומענ מיט די פראגנ פונ דער ווײַטערדיקער פארפעסטיקונג פונ דער סאָוועטישער מעלוכע. אלע יאָרנ פונ דער רעוואָליוציע האָט לענינ געשמידט די פרײַנטשאפט פונ די סאָוועטישע פעלקער, האָט אומיטלבאר אָנגעפירט מיטנ שאפנ די סאָוועטישע נאציאָנאלע רעפובליקנ. די לאנדשוץ, די אופגאבנ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג, די אלזײַטיקע אנטוויקלונג פונ אלע סאָוועטישע נאציאָנאליטעטנ — די אלע פראגנ האָבנ קאטעגאָריש געפאָדערט, אז דער בונד פונ די פעלקער פונעמ סאָוועטנלאנד זאָל וואָס מער פארפעסטיקט ווערנ. אינעמ טאָג־סיידער האָט זיכ געשטעלט די פראגע וועגנ אנ ענגערער פארייניקונג פונ די סאָוועטישע רעפובליקנ אינ אנ איינהײַטלעכער פארבאנדישער מעלוכע. אינ זײַנ באגריסונג צו דעמ אלוקראִינישנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר דעמ 10 דעקאבער 1922 יאָר האָט לענינ געשריבנ, אז איינע פונ די וויכטיקסטע פראגנ איז די פראגע וועגנ פארייניקנ די רעפובליקנ, אז „פונעמ ריכטיקנ לייזנ די דאָזיקע פראגע הענגט אָפ די ווײַטערדיקע אָרגאניזירונג פונ אונדזער מעלוכישנ אפאראט“[1].

סאָפ דעקאבער 1922 יאָר איז אפגנ X אלרוסלענדישנ און I אלפארבאנדישנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר לויט לענינס און סטאלינס פאָר־

1 לענינ, ווערק, ב. XXVII, ז. 378.

שלאָג אָנגענומענ געוואָרנ דער היסטאָרישער באַשלוס וועגנ א פרייוויליקער מעלוכישער פאַראייניקונג פונ די סאָוועטישע פעלקער אינעם פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקנ — פססר.

לענינ איז אפ די צוזאַמענפאָרנ ניט געווענ. ער האָט זיכ געגרייט ארויסטרעטנ אפנ X אַלרוסלענדישנ סאָוועטנ-צוזאַמענפאָר, ער האָט אָנגעשריבנ דעם פּלאַנ פונ זײַנ באַריכט-פאָרטראָג וועגנ דער טעטיקייט פונ דער רעגירונג, האָט געפירט די געשעפטלעכע קאָרעספּאָנדענצ. אינגיכנ אָבער האָט זיכ לענינס געזונט-צושטאַנד ווידער פאַרערגערט.

דעם 12 דעקאַבער 1922 יאָר האָט לענינ צום לעצטנ מאָל געאַרבעט אינ זײַנ קאַבינעט אינ קרעמל.

אינ די נאָטיצנ פונ די סעקרעטאַרנ וועגנ אָט דעם טאָג ווערט אָנגעוויזנ: „דעם 12 דעקאַבער אינדערפרי איז וולאַדימיר איליטש געקומענ צו פאָרנ פונ גאָרקי אונ איז געקומענ צו זיכ אינ קאַבינעט 11 אזייגער מיט 15 מינוט. געווענ איז ער דאָ ניט לאַנג אונ איז אוועק אהיים. 12 אזייגער האָט ער זיכ אומגעקערט אונ האָט אופגענומענ ציורופּאַנ, וועלכער איז בא אים געווענ ביז 2 אזייגער. ער איז אוועק פונ קאַבינעט 2 אזייגער באַטאָג אונ האָט קיינ שום אופטראָגנ אפ אינאָווענט ניט געגעבנ. אינאָווענט: וולאַדימיר איליטש איז געקומענ אינ קאַבינעט 5 אזייגער מיט 30 מינוט. ער האָט געשמועסט טעלעפאָניש עטלעכע מינוט. 6 אזייגער מיט 45 מינוט איז געווענ דזערזשינסקי. 7 אזייגער מיט 45 מינוט — א טוער פונעם פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערנ-האַנדל; וולאַדימיר איליטש איז אוועק אהיים 8 אזייגער מיט 15 מינוט“.

די קרענק האָט ניט אָפּגעשוואַכט לענינס ווילנ, זײַנ ענערגיע, זײַנ אומגעזעטיקטנ דאָרשט צו אַרבעט. עס האָבנ אים גערעגט א רײַ פראַגנ. דעם 13 דעקאַבער האָט ער דיקטירט א בריוו צו סטאַלינענ פאַרנ פּלענומ פונ צק. אינ אָט דעם בריוו איז ער קאַטעגאָריש באַשטאַנענ אפנ אָפּהיטנ די מאָנאָפּאָל פונ אויסערנ-האַנדל. בוכארינענ, וואָס האָט פאָרגעלייגט ליקווידירנ די מאָנאָפּאָל פונעם אויסערנ-האַנדל, האָט לענינ דעמאָלט געשטעמפּלט אַלס פאַרטיידיקער פונ ספּעקוליאַנטנ, נעפּלײַט, באַלעגופּימ.

דער פּלענומ פונ צק, וואָס איז דורכגעגאַנגענ אונטער כאַווער סטאַלינס אָנפירונג, האָט אָנגענומענ א באַשלוס אינ העסקעם מיט לענינס אָנווײַזונגענ אונ האָט ענערגיש אָפּגעוואָרפנ אַלע פרווונ צו ליקווידירנ די מאָנאָפּאָל פונעם אויסערנ-האַנדל.

לענינס געזונט-צושטאַנד האָט זיכ אַזוי ווײַט פאַרערגערט, אַז די דאָקטוירימ האָבנ אים פאָרגעשריבנ פולע רו. אינ מעשעכ פונ די לעצטע 2—3 טעג פאַר זײַנ געפּלאַנירטנ אַוועקפאָר פונ מאָסקווע האָט לענינ אופגענומענ בא זיכ אינדערהיימ כאַווײרימ, ער האָט דיקטירט בריוו, געגעבנ אופטראָגנ, האָט פאַראָרדנט, וווהינ וועלכע ביכער שיקנ. לענינ האָט ניט ליב געהאַט צו ריידנ וועגנ זײַנ קרענק אונ האָט זיכ קימאַט קיינמאָל ניט באַקלאָגט. דאָס מאָל האָט ער געזאָגט, אַז ער פילט זיכ ערגער, ער איז גיט געשלאָפנ די נאַכט.

לענינ האָט פאַרשטאַנענ, ווי ערנסט עס איז זײַנ לאַגע. דעמ 15 דעקאַבער האָט ער געשריבנ צו סטאַלינענ: „איכ האָב איצט געענדיקט ליקווידירנ מײַנע איניאַנימ אונ קאָנ רויִק אוועקפאָרנ... עס איז געבליבנ בלויז איינ אומשטאַנד, וואָס באַאומרויִקט מיכ אויסערגעוויינלעכ שטאַרק — דאָס איז די אומעגלעכקײַט אַרויסצוטרעטנ אפנ סאָוועטנ=צוזאַמענפאָר. דינסטיק וועלנ בא מיר זײַנ די דאָקטוירימ, אונ מיר וועלנ באַטראַכטנ, צי עס איז פאַראַנ כאָטש א קליינער שאַנס פאַר אַזאַ אַרויסטרעטונג. ווענ איכ דאַרפ זיכ אָפּזאָגנ פונ איר, וואָלט מיר געווענ זייער אומבאַקוועמ, ניט צו זאָגנ שטאַרקער. דער קאָנספּעקט פונ דער רעדע איז שוינ בא מיר געווענ אָנגעשריבנ מיט עטלעכע טעג צוריק. איכ לייג דעריבער פאָר, ניט אויפהערנדיק צו גרייטנ עמעצנ אַנדערש אַרויסצוטרעטנ אַנשטאָט מיר, איבערלאָזנ פונדעסטוועגנ ביז מיטוואָכ די מעגלעכקײַט, אַז איכ זאָל אַרויסטרעטנ אַליינ מיט א רעדע, וואָס וועט זײַנ מעגלעכ פיל קירצער ווי געוויינלעכ, צומ בײַשפּיל, מיט א רעדע אפ דרײַ פערטל שאָ. אַזאַ רעדע וועט אַבסאָליוט ניט שטערנ דער רעדע פונ מײַנ פאַרטרעטער (וועמענ איר זאָלט ניט האָבנ באַפולמעכטיקט דערצו), זי וועט אָבער, מיינ איכ, זײַנ נוצלעכ סײַ אינ פּאָליטישנ, סײַ אינ פּערזענלעכנ זינ, ווײַל זי וועט באַזײַטיקנ די סיבע פאַר א גרויסער נערווירטקײַט“.

א נײַער אָנפאַל פונ דער קרענק האָט ניט געגעבנ לענינענ די מעגלעכקײַט אַרויסצוטרעטנ אפנ סאָוועטנ=צוזאַמענפאָר. לענינס אָפּפאָר פונ מאָסקווע קיינ גאָרקי איז אָפּגעלייגט געוואָרנ.

די גאַנצע פאַרטיי, אַלע אַרבעטנדיקע האָבנ איבערגעלעבט לענינס קרענק, ווי זייערנ אַנ אייגנעמ גרויסנ אומגליק. אַלע האָבנ געלעבט אינ אומרו פאַרנ לעבנ פונעמ באַליבטנ פירער.

נאָר אויכ א שווער קראַנקער, האָט לענינ ניט אויפגעהערט צו אַרבעטנ לעטויוועס דער רעוואָליוציע, לעטויוועס דעמ סאָציאַליסטישנ היימלאַנד, וואָס ער האָט דעמ אוועקגעגעבנ אַלע זײַנע קויכעס, זײַנ גאַנצ לעבנ.

אינ די ערשטע צוויי כאָדאָשימ פונ 1923 יאָר האָט זיכ לענינס געזונט=צושטאַנד א ביסל פאַרבעסערט. אינ אָט דער צײַט האָט לענינ אָנגעשריבנ א ריי העכסט וויכטיקע אַרטיקלענ. דעמ 2 יאַנוואַר האָט ער דיקטירט די „בלעטלעכ פונעמ טאָגבוכ“; דעמ 4 אונ דעמ 6 יאַנוואַר — „וועגנ קאָאָפּעראַציע“; דעמ 9, 13, 19, 22 אונ 23 יאַנוואַר — „וויאַזוי דאַרפנ מיר רעאָרגאַניזירנ דעמ ראַבקרינ“; דעמ 16 אונ דעמ 17 יאַנוואַר — „וועגנ אונדזער רעוואָליוציע“; דעמ 2, 4, 5, 6, 7 אונ 9 פעוורואַל — „בעסער ווייניקער, אָבער בעסער“.

לענינ איז געווענ געוווינט אַליינ צו שרײַבנ זײַנע אַרטיקלענ. די סטענאָגראַפיסטקע, וועלכער לענינ האָט דיקטירט דעמ אַרטיקל „בעסער ווייניקער, אָבער בעסער“, האָט טאַקע דעמלט, דעמ 6 פעוורואַל, פאַרשריבנ: „דורכקוקנדיק דעמ אַרטיקל, פלעגט זיכ לענינ אָפּשטעלנ, פלעגט ריידנ וועגנ זײַנ אַלטער געוווינהײַט שרײַבנ, אונ ניט דיקטירנ; אַז איצט פאַרשטייט ער, פאַרוואָס די סטענאָגראַפנ פלעגנ אימ ניט באַפרידיקנ; אַז ער איז געוווינט צו זענ זײַנ קסאַוויאַד פאַר די אויגנ, זיכ אָפּשטעלנ,

באַטראַכטנ די שווערע ערטער, וווּ ער איז געבליבנ „שטעקנ“, אַרומגײנ איבערנ צימער, אַפילע פּאַשעט אונ פּראָסט אַנטלױפנ ערגעצ שפּאַצירנ; אַז אױכ איצט ווילט זיכ אימ אָפט כאַפּנ אַ בלײַפעדער אונ שרײַבנ אָדער אַלײנ אַרײַנטראָגנ אױסבעסערונגענ. ער האָט זיכ דערמאָנט אינ דעמ, ווי ער האָט זיכ געפּרווּוט דיקטירנ זײַנעמ אַנאַרטיקל אַ סטענאָגראַפ נאָכ אינ 1918 יאָר, אונ אַז ווענ ער פלעגט פילנ, אַז ער בלײַבט „שטעקנ“, פלעגט ער אױס פאַרלעגנהײַט „יאָגנ“ אַלצ ווײַטער אונ ווײַטער מיט „אומגעהײערער“ שנעלקײַט, אונ וויאַזױ דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ער האָט געמוזט פאַרברענענ דעמ גאַנצנ קסאַוויאַד. נאָכדעמ האָט ער זיכ אָװעקגעזעצט שרײַבנ אונ האָט אָנגעשריבנ „דער רענעגאַט קאַוטסקי“, מיט וועלכנ ער איז געבליבנ צופרידנ.

אינ זײַנע לעצטע אַרטיקלענ האָט לענינ אונטערגעצױגנ די סאַכאַקלענ פונ דער אַרבעט, וואָס איז דורכגעמאַכט געוואָרנ פאַר די יאָרנ רעוואָליוציע. אַלע גרונט־פראַגנ פונ דער רעוואָליוציע — דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט, מעלוכע־אַפּאַראַט, ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיק, פאַרהעלטענישנ מיטנ פּױערטומ, לאַנדשוצ, אױסערנ־פּאָליטיק, אײנהײַט פונ דער פּאַרטײַ — אָט די אַלע פראַגנ האָט לענינ נאָכאַמאָל דורכגעטראַכט.

מיט אױסערגעװײנלעכער קראַפט שטרײַכט לענינ נאָכאַמאָל אונטער אינ זײַנע אַרטיקלענ די מעגלעכקײַט פונעמ זיג פונ סאָציאַליזמ בא אונדז אינ לאַנד. די סאָװעטנ־רעפּובליק, דערקלערט ער, האָט „אַלדאָס נײטיקע אַפ אופצובױענ די פולע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט“. ער האָט ווידעראַמאָל אָנגעװיזנ אַפ דער באַדײַטונג פונ דער שווערער אינדוסטריע אַלס איקערדיקער מאַטעריעלער באַזע פונעמ סאָציאַליזמ. די אופגאַבע פונ דער פּאַרטײַ איז איבערזעצנ זיכ „פונעמ פּױערשנ, מוזשיקישנ, פאַראָרעמטנ פערד, פונעמ פערד פונ עקאָנאָמיעס, וואָס זײַנענ אױסגערעכנט אַפ אַ רוינירט פּױעריש לאַנד, — אַפנ פערד, וואָס אימ זוכט פאַר זיכ אונ קאָנ ניט ניט זוכנ דער פּראָלעטאַריאַט, אַפנ פערד פונ דער גרױסער מאַשינ־אינדוסטריע, פונ עלעקטריפיקאַציע, פונ וואָלכאָװבױ אאַװ.“ [1].

לענינ האָט געלערנט, אַז נאָר אַ מעכטיקע שווערע אינדוסטריע קאָנ זײַנ אַ זיכערע באַזע פאַרנ פאַרפעסטיקנ די אומאָפּהענגיקײַט אונ פאַרשטאַרקנ די שוצפײַיקײַט פונ דער סאָװעטישער מעלוכע.

לענינ האָט ניט אײנ מאָל אָנגעװיזנ, — אונ בא אָט דער אָנװײַזונג לענינס האָט זיכ שטענדיק געהאַלטנ די באָלשעװיסטישע פּאַרטײַ, — אַז בױענ דעמ סאָציאַליזמ קענ אונ דאַרפ דער אַרבעטער־קלאַס אינ בונד מיטנ פּױערטומ. דער נעפּ איז דערצו טאַקע אײַנגעפירט געוואָרנ, קעדײ צו זיכערנ דעמ אָנטײל פונעמ פּױערטומ אינ דער סאָציאַליסטישער בױונג. עס איז געבליבנ צו לײזנ אַ ביז גאָר וויכטיקע אופגאַבע, לײזנ זי טעאָרעטיש אונ פּראַקטיש, וויאַזױ, מיט וועלכע מיטלענ קאָנ מענ אינ בונד מיטנ פּױערטומ אופבױענ דעמ סאָציאַליזמ, אינ וואָס דאַרפ מענ זיכ אָנכאַפּנ, קעדײ אַרײַנצוציִענ דאָס פּױערטומ אינ דער בױונג פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. אינ זײַנע

1 לענינ. ווערק, ב. XXVII, ז. 417.

לעצטע ארטיקלענ האָט לענינ געגעבנ א גענ׳אלע לייזונג פונ אָט דער אויפגאבע — ער האָט ארויסגערוקט דעמ *קאָאָפּעראטיווג פּלאנ פונ אָנשליסנ דאָס פויערטומ אָנ דער סאָציאליסטישער בויונג*.

אינ דער קאָאָפּעראציע, אינ אלגעמיינ גענומענ, אונ אינ דער לאנדווירטשאפטלעכער פּראָדוציר-קאָאָפּעראציע באזונדערס, האָט לענינ, אינ די באדינגונגענ פונעמ סאָוועטנ-לאנד, אײַנגעזענ דעמ וועג צומ אריבערגיינ פונ דער אינדיווידועלער פויערשער ווירטשאפט צו גרויסע געמיינשאפטלעכע פּראָדוציר-פארייניקונגענ פונ די פויערימ.

אײַנגלידערנ די פּרינציפּנ פונ קאָאָפּעראציע צוערשט אינ געביט פונ אָפּזאצ, אונ דערנאָכ אינ געביט פונ אויסארבעטנ די לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ — אָט דאָס איז דער וועג פונ ארײַנציִענ מיליאָנענ פויערימ אינ דער סאָציאליסטישער בויונג, א וועג, וואָס איז זיי צוטריטלעכ אונ פארשטענדלעכ.

„די מאכט פונ דער מעלוכע אפ אלע גרויסע פּראָדוציר-מיטלענ, די מאכט פונ דער מעלוכע אינ די הענט פונעמ פּראָלעטאריאט, דער בונד פונ אָט דעמ פּראָלעטאריאט מיט פיל מיליאָנענ קליינע אונ קלענסטע פויערימ, דאָס זיכערנ די אָנפירונג פונעמ פּראָלעטאריאט בנוגע דעמ פויערטומ אאוו., — צי איז עס דענ ניט אלצ, — האָט געשריבנ לענינ, — וואָס עס איז נייטיק, קעדיי פונ דער קאָאָפּעראציע, בלויז פונ דער קאָאָפּעראציע אליינ, וועלכע מיר האָבנ פריִער טרעטירט, אלס הענדלעריש, אונ וועלכע מיר האָבנ רעכט אינ א געוויסנ זינ צו טרעטירנ פונקט אזוי אויכ איצט בייסנ נעפּ, צי איז עס ניט אלדאָס נייטיקע אפ אויפבויענ די פולע סאָציאליסטישע געזעלשאפט? דאָס איז נאָכ ניט די אויפבויונג פונ דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט, דאָס איז אָבער אלדאָס נייטיקע פאר אָט דער אויפבויונג“[1].

דער לענינישער קאָאָפּעראטיווער פּלאנ איז א ביז גאָר וויכטיקער שריט אינ דער אנטוויקלונג פונ דער לענינישער טעאָריע וועגנ דעמ זיג פונעמ סאָציאליזמ בא אונדז אינ לאנד.

א באזונדער אויפמערקזאמקייט האָט לענינ אינ זײַנע לעצטע ארטיקלענ אָפּגעגעבנ דער צווישנפעלקערלעכער לאגע אונ דער אויסערנ-פּאָליטיק פונ דער סאָוועטנ-רעפּובליק. ער האָט פארלייגט די יעסודעס פונ דער אויסערנ-פּאָליטיק פונ דער סאָציאליסטישער מעלוכע. ניט אײַנ גלענצנדיקנ זיג האָט אָפּגעהאלטנ די סאָוועטישע דיפּלאָמאטיע אונטער לענינס אָנפירונג. אונדזער אויסערנ-פּאָליטיק, האָט ער געלערנט, דארפ זײַנ אנ אומאָפּהענגיקע אונ א זעלבשטענדיקע — זי דארפ ארויסגיינ פונ די אינטערעסנ פונ דער סאָוועטישער מעלוכע, פונ די אינטערעסנ פונעמ סאָציאליזמ. אפנ גאנצנ פעריאָד ביזנ ענדגילטיקנ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ גאָר דער וועלט דארפ דער גרונט-פּרינציפּ פונ דער סאָוועטישער דיפּלאָמאטיע זײַנ — אויסנוצנ די ווידערשפּרוכנ אינעמ לאגער פונ די אימפּעריאליסטנ, קעדיי צו שטערנ זיי שאפנ אנ אײַנהײַטלעכנ פראָנט קעגנ דעמ סאָוועטנ-לאנד. אינ דער זעלבער

1 לענינ, ווערק, ב. XXVII, ז. 392.

צײַט דאַרפ די סאָװעטנ-מאַכט אפ קײנ אײנ רעגע ניט אָפּשװאַכנ דעמ קאַמפ פאַר פאַרפעסטיקנ די שוצפײַיקײַט פונ דער סאָציאַליסטישער מעלוכע.

אינ מאַרט 1923 יאָר האָט זיכ לענינס געזונט-צושטאַנד װידער פאַרערגערט. דעמ 9 מאַרט האָט זיכ איבערגעכאַזערט אַנ אָנפאַל פונ דער קרענק, דאָס מאָל אינ זײער א שװערער פאָרמ. לענינ האָט זיכ מער ניט געקענט אופהײבנ פונ בעט.

ער האָט ניט געקענט נעמענ קײנ אָנטײל אינ דער אַרבעט פונעמ XII פאַרטײ-צוזאַמענפאָר, װאָס איז פאָרגעקומענ אינ אַפּריל 1923 יאָר. פונ זינט די באָלשעװיקעס האָבנ גענומענ די מאַכט, איז דאָס געװענ דאָס ערשטע מאָל, װאָס לענינ האָט ניט געקענט בײַזײַנ אפ א פאַרטײ-צוזאַמענפאָר.

דער XII פאַרטײ-צוזאַמענפאָר האָט אינ זײַנע באַשלוסנ גענומענ אינ אַכט אַלע אָנװײַזונגענ, װאָס לענינ האָט געגעבנ אינ זײַנע לעצטע אַרטיקלענ אונ בריװ. לויט לענינס פאָרשלאָג, װעלכנ ער האָט צוגעשיקט דעמ צוזאַמענפאָר אינ א שריפטלעכער פאָרמ, האָט דער XII צוזאַמענפאָר געשאַפנ א פאַראײניקטנ אָרגאַנ — צקק — אַפּאַי — ЦКК — РКИ (צענטראַלע קאָנטראָל-קאָמיסיע — אַרבעטער-פױערשע אינספּעקציע). פאַר אָט דעמ אָרגאַנ זײַנענ געשטעלט געװאָרנ פאַראַנטװאָרטלעכע אופגאַבנ: אָפּהיטנ די אײנהײַט פונ אונדזער פאַרטײ, פאַרפעסטיקנ די פאַרטײיִשע אונ מעלוכישע דיסציפּלינ, מיט אַלע מיטלענ פאַרבעסערנ דעמ אַפּאַראַט פונ דער סאָװעטנ-מעלוכע.

ביז מײַ האָט זיכ ניט געלאָזט מערקנ קײנ שום פאַרבעסערונג אינ לענינס געזונט-צושטאַנד. אינמיטנ מײַ האָט מענ לענינענ אַריבערגעפירט קײנ גאָרקי. דאָרט האָט זיכ פונ דער צװײטער העלפט יולי לענינס געזונט װידער אָנגעהױבנ פאַרבעסערנ.

דעמ 19 אָקטיאַבער 1923 יאָר איז לענינ אפ עטלעכע שעה געקומענ צו פאָרנ קײנ מאָסקװע. ער איז אַרײַנ צו זיכ אַהײמ, האָט אַרײַנגעקוקט אינעמ זיצונגס-זאַל, האָט זיכ אַרײַנגעכאַפּט אינ זײַנ אַרבעטס-קאַבינעט אינ קרעמל, איז דורכגעפאָרנ איבער די צענטראַלע גאַסנ פונ דער הױפּטשטאָט, איז געװענ אפ דער לאַנדװירטשאַפטלעכער אױסשטעלונג אונ האָט זיכ אומגעקערט צוריק קײנ גאָרקי.

דאָס איז געװענ דאָס לעצטע מאָל, װענ לענינ איז געװענ אינ מאָסקװע.

דעמ 21 יאַנואַר 1924 יאָר 6 אַזײגער אינאָװנט האָט זיכ אינגאַנצנ אומגעריכט אָנגעהױבנ א שאַרפער אָנפאַל פונ דער קרענק. לענינ האָט פאַרלאָרנ דעמ באַװוּסטזײַנ. 6 אַזײגער מיט 50 מינוט אינאָװנט איז לענינ געשטאָרבנ אינ גאָרקי פונ א בלוט-אױסגוס אינ מאַרכ.

עס איז געשטאָרבנ דער, „װאָס האָט פאַרקערפּערט אינ זיכ די גאַנצע רוסישע רעװאָלוציע, דער, װאָס האָט זי אױסגעטראָגנ אינ זײַנ מױעכ, צוגעגרײט, פאַרװירקלעכט, געראַטעװעט. לענינ, דער גרעסטער אונ אינ אַלע הינזיכטנ רײנסטער צװישנ אַלע, װאָס האָבנ געשאַפנ געשיכטע; א מענטש, װאָס מער פונ אימ האָט פאַר מענטשנ קײנער ניט געטאָנ" (באַרבוס).

דער טויט פונ לענינענ, דעמ פירער, דעמ לערער, איז געווענ א שווערער קלאפ פאר דער פארטיי, פארנ ארבעטער־קלאס, פאר די פאָלקס־מאסנ פונ אונדזער לאנד, פאר די ארבעטנדיקע פונ גאָר דער וועלט.

לענינס טויט האָט ארויסגערופנ א ווילדע פרייד אינעמ לאגער פונ די אימפעריאליסטנ: זיי האָבנ געהאלטנ, אז אָנ לענינענ וועט די פראָלעטארישע דיקטאטור אומקומענ. לענינס טויט האָט באפליגלט אויכ די, וואָס האָבנ געוואָלט אראָפפירנ די פארטיי פונ לענינס וועג: זיי האָבנ געהאלטנ, אז אָנ לענינענ וועט זיכ איינגעבנ אנטבאָלשעוויזירנ די לענינשע פארטיי.

די סאָנימ האָבנ געהאט א ביטערנ טאָעס אינ כעזשבנ. זיי האָבנ ניט גענומענ אינ אכט, אז לענינ האָט געגעבנ זיינ פארטיי דאָס אומבאזיגבארע געווער פונ זיינ שרעקלאָזנ אונ קלאָרנ געדאנק — דאָס געווער פונ לעניניזמ. לענינ האָט אריינגעהויכט אינ דער פארטיי זיינ פלאמיקע סינע צו דער בורזשואזער אָרדענונג, זיינ אייזערנעמ ווילנ, וואָס איז געווענדט צו צעשטערנ די דאָזיקע אָרדענונג, צומ שאפנ דעמ קאָמוניזמ. לענינ האָט אויסגעלערנט די פארטיי ניט מוירע האָבנ פאר שוועריקייטנ, ניט דערלאָזנ קיינ מידקייט, קיינ וואקלונגענ, ניט אראָפפאלנ בא זיכ.

אינ דער נאכט פונ 21 אפנ 22 יאנוואר האָט זיכ פארזאמלט דער פלענומ פונעמ צענטראל־קאָמיטעט פונ דער פארטיי באָלשעוויקעס.

דעמ 22 יאנוואר האָט זיכ דער צענטראל־קאָמיטעט געווענדט צו דער פארטיי, צו אלע ארבעטנדיקע מיט א מיטיילונג וועגנ לענינס טויט.

אינ דער מיטיילונג איז געשטאנענ:

„דעמ 21 יאנוואר האָט געענדיקט זיינ לעבנס־וועג דער כאווער לענינ.

עס איז געשטאָרבנ דער מענטש, וועלכער האָט געגרינדעט אונדזער שטאָלענע פארטיי, געבויט זי יאָר־איינ יאָר־אויס, געפירט זי, ניט געקוקט אפ די קלעפ פונעמ צאריזמ, געלערנט זי אונ פארהארטעוועט אינ פארביטערטנ קאמפ קעגנ די סאָנימ פונעמ ארבעטער־קלאס, קעגנ האלביקע, קעגנ זיכ וואקלדיקע, קעגנ אָפטריניקע. עס איז געשטאָרבנ דער מענטש, וואָס אונטער זיינ אָנפירונג האָבנ די אייזנפעסטע רייענ פונ די באָלשעוויקעס זיכ געשלאָגנ אינ 1905 יאָר, זיינענ אָפגעטראָטנ אינ די צייטנ פונ רעאקציע, האָבנ ווידער אָנגעגריפנ, זיינענ געווענ אינ די ערשטע רייענ קעמפער קעגנ דער זעלבסטהערשונג, האָבנ באוויזנ צו צעקלאפנ, דעמאסקירנ, אראָפווארפנ די אידייִשע הערשאפט פונ די מענשעוויקעס אונ עסערנ. עס איז געשטאָרבנ דער מענטש, וואָס אונטער זיינ קאמפס־אָנפירונג האָט אונדזער פארטיי, איינגעהילט אינ שלאכט־רויכ, אופגעהויבנ די רויטע פאָנ פונ אָקטיאבער אינעמ גאנצנ לאנד, האָט צעשמעטערט דעמ ווידערשטאנד פונ די סאָנימ, האָט פעסט איינ־

געפונדעוועט די הערשאַפט פון די אַרבעטנדיקע אינעם געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד. עס איז געשטאָרבן דער גרינדער פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, דער פירער פונעם וועלט-קאָמוניזם, די ליבע און דער שטאָלץ פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, די פאָן פונעם אונטערדריקטן מיזרעכ, דער ראָש פון דער אַרבעטער-דיקטאַטור אין רוסלאַנד.

נאָכ מאַרקסן האָט די געשיכטע פון דער גרויסער באַפרייונגס-באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט נאָכ קיינמאָל ניט אַרויסגערוקט אַזאַ גיגאַנטישע פיגור, ווי אונדזער פאַרשטאָרבענער פירער, לערער, פריינט. אַלץ, וואָס אין פּראָלעטאַריאַט איז פאַראַן ווירקלעכ גרויס און העלדיש—שרעקלאָזער געדאַנק, אייזנפעסטער, אַקשאָנעסדיקער, אַלץ ביינקומענדיקער ווילן, הייליקע סינע, סינע ביז אין טויט אַריין צו קנעכטשאַפט און אונטערדריקונג, רעוואָליוציאָנערע ליידנשאַפטלעכקייט, וואָס מאַכט באַוועגן בערג, גרענעצלאָזער גלויבן אין די שעפערישע קויכעס פון די מאַסן, קאָלאָסאַלער אָרגאַניזאַציאָנעלער געני, — דאָס אַלץ האָט געפונען אַ פּרעכטיקע פאַרקערפּערונג אין לענינען, וואָס זיין נאָמען איז געוואָרן דער סימבאָל פון דער נייער וועלט פון מיירעו ביז מיזרעכ, פון דאָרעם ביז צאָפן.

לענין האָט געקענט, ווי קיינער ניט, זען אי דאָס גרויסע אי דאָס קליינע, פאָרויסזאָגן די גראַנדיעזסטע היסטאָרישע איבערבראַכן און אין דער זעלבער צייט נעמען אין אַכט און אויסנוצן יעדע קלענסטע דעטאַל; ער האָט געקענט, ווען מע האָט באַדאַרפט, פאַרביסן אָנגרייפן און, ווען מע האָט באַדאַרפט, צוריקטרעטן, כּדי צו גרייטן אַ נייעם אָנגריף. ער האָט ניט געוווסט פון קיין שום פאַרגליווערטע פאָרמולעס, קיין שום שאָרעס האָט ער ניט געהאַט אויף זיינע קלוגע, אַלץ זעענדיקע אויגן. ווייל ער איז געווען אַן איינגעבוירענער פירער פון דער פּראָלעטאַרישער אַרמיי, דער געני פונעם אַרבעטער-קלאַס"[1].

דעם 21—23 יאַנוואַר זיינען קיין גאָרקי געקומען די מיטגלידער פונעם צענטראַל-קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי בעראָש מיטן כאַווער סטאַלין, די מיטגלידער פון דער רעגירונג, דעלעגאַציעס פונעם II אַלפאַרבאַנדישן סאָוועטן-צוזאַמענפאָר און פון די מאָסקווער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס. עס זיינען געקומען פויערים פון די אַרומיקע דערפער.

דעם 23 יאַנוואַר 10 אַזייגער אינדערפרי איז דער אָרן מיט לענינס קערפּער אויף די הענט אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון גאָרקי אויף דער סטאַנציע געראַסימאָוואָ, און איינס אַזייגער באַטאָג איז דער טרויער-צוג געקומען צו פאָרן קיין מאָסקווע.

1 „אַלקפּ(ב) אין רעזאָליוציעס", ט. I, ז' 557,

פארבײַ רײענ פאָנענ אונ הונדערטער טויזנטער מענטשנ האָבנ די נאָענטסטע פרײַנט אונ כאַווײרימ אריבערגעטראָגנ דעמ אָרנ אינעמ קאָלאָנענ־זאַל פונעמ פאַרײנענ־הויז. גיט געקוקט אפנ ברענענדיקנ פראָסט, זײַנענ אינ מעשעכ פונ פיר טעג, פונ 23 ביזנ 27 יאַנוואַר, הונדערטער טויזנטער ארבעטער אונ פויערימ, רויטאַרמײער אונ אָנגעשטעלטע, דעלעגאַציעס פונ מאָסקווע אונ פונ פיל אַנדערע שטעט, דעלעגאַציעס פונ די ארבעטער פונ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער דורכגעגאַנגענ דורכנ קאָלאָנענ־זאַל, האָבנ זיכ געזעגנט מיטנ פירער.

דעמ 27 יאַנוואַר, גײַנ אזײגער אינדערפרי, איז דער אָרנ מיט לענינמ קערפּער אריבערגעטראָגנ געוואָרנ פונ פאַרײנענ־הויז אפנ רויטנ פלאַצ, וווּ עס איז פאָרגעקומענ די געזעגענונג פונעמ פאָלק מיטנ פירער. 4 אזײגער באַטאָג איז לענינמ אָרנ אריבערגעטראָגנ געוואָרנ אינ מאַוזאָליי. עס האָבנ אימ באַגלייט קלאַנגענ פונ טרויער־מוזיק, טויזנטער פאַבריק־סירענעס אונ האַרמאַטנ־זאַלפּנ.

אַהער, אפנ רויטנ פלאַצ, אינעמ מאַוזאָליי קומענ איצט מיליאָנענ מענטשנ פונ אַלע עקנ וועלט, קעדיי אײַנצוקריצנ אפ אײביק אינ זײער זיקאָרנ אונ אינ זײער האַרצ די גרויסע געשטאַלט פונ דעמ געני פונ דער מענטשהײַט — לענינ.

אינעמ טאָג פונ לענינמ לעווײַע האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט דערקלערט א פינפמינוטיקע האַפּסאָקע אינ אַלע ארבעטנ. עס האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט אווטאָמאָבילנ אונ צוגנ, עס איז איבערגעריסנ געוואָרנ די ארבעט אינ די פאַבריקנ אונ זאַוואָדנ. מיט טיפנ צאַר האָבנ די ארבעטנדיקע פונ דער גאַנצער וועלט באַגלייט אינ קײווער זײער פאָטער אונ לערער, זײער בעסטנ פרײַנט אונ פאַרטײדיקער — לענינ.

אפ לענינמ טויט האָט דער ארבעטער־קלאַס פונעמ סאָוועטנ־פאַרבאַנד געענטפערט דערמיט, וואָס ער האָט נאָכ פעסטער באַהעפט זײַנע רײענ ארומ דער לענינשער פאַרטיי.

דעמ פירערס טויט האָט באַוויזנ, ווי נאָענט עס איז אונדזער פאַרטיי די ארבעטער־מאַסנ אונ ווי די ארבעטער האַלטנ טײַער די לענינשע פאַרטיי. אינ פאַרטיי זײַנענ ארײַנ נײַע צענדליקער טויזנטער ארבעטער. אינ א קורצנ טערמינ זײַנענ העכער צוויי הונדערט פערציק טויזנט ארבעטער ארײַנגעטראָטנ אינ די רײענ פונ דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי. אינ דער פאַרטיי זײַנענ געגאַנגענ די, וואָס זײַנענ גרייט געווענ אָפּצוגעבנ דאָס לעבנ פאַר דער פאַרטיי, פאַר לענינענ. דאָס איז געווענ דער לענינשער פריזיוו אינ דער פאַרטיי.

לענינמ פאָנ האָט אױפגעהויבנ אונ טראָגט ווײַטער סטאַלינ — דער בעסטער זונ פונ דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי, דער ווירדיקער יורעש אונ דער גרויסער פאָרזעצער פונ לענינמ זאַכ.

דעמ 26 יאַנוואַר 1924 יאָר האָט זיכ געעפנט די טרויער־זיצונג פונעמ II אַלפאַרבאַנדישנ סאָוועטנ־צוזאַמענפאָר. עס איז שווער איבערצוגעבנ מיט ווערטער די אָנגעשטרענגטע אױפמערקזאַמקײַט, מיט וועלכער דער צוזאַמענפאָר האָט זיכ צוגעהערט צו סטאַלינס ווערטער. נאָכ אינ יענער צײַט, ווענ עס האָט זיכ ערשט אָנגעהויבנ די בוױונג

פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, האָבנ זיכ לענינס און סטאַלינס לעבנ און טעטיקייט ענג צונויפגעפלאָכטנ אינ קאַמפּ פאַר דער רעוואָליוציע. סטאַלינ — דער טרײַער שילער און מיטקעמפער לענינס — זעצט פאָר לענינס אומשטערבלעכ ווערק.

כאַוועך סטאַלינס רעדע איז געווענ אויסערגעוויינלעכ שטאַרק. אינ נאָמענ פונ דער פּאַרטיי האָט סטאַלינ געגעבנ א דערהויבענע שוווּע. ער האָט געזאָגט:

„מיר, קאָמוניסטנ, זײַנענ מענטשנ פונ א באַזונדער שניט. מיר זײַנענ אויסגעקנאָטנ פונ א באַזונדערנ מאַטעריאַל. מיר זײַנענ יענע, וואָס בילדנ די אַרמיי פונ דעמ גרויסנ פּראָלעטאַרישנ סטראַטעג, די אַרמיי פונעמ כאַוועך לענינ. ס'איז ניטאָ קיינ העכערע זאַכ, ווי דער קאָווער צו געהערנ צו דער דאָזיקער אַרמיי. ס'איז ניטאָ קיינ העכערע זאַכ, ווי דער נאָמענ מיטגליד פונ דער פּאַרטיי, וואָס איר גרינדער און אָנפירער איז דער כאַוועך לענינ...

אוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט דער כאַוועך לענינ אונדז פאַרזאָגט צו האַלטנ הויכ און אָפּהיטנ אינ ריינקייט דעמ גרויסנ נאָמענ פּאַרטיי-מיטגליד. מיר שווערנ דיר, כאַוועך לענינ, אַז מיר וועלנ מיט ערע אויספילנ דעמ דאָזיקנ געבאָט דײַנעמ!..

אוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט דער כאַוועך לענינ אונדז פאַרזאָגט אָפּצוהיטנ די איינהייט פונ אונדזער פּאַרטיי, ווי דעמ שוואַרצאַפּל פונ אויג. מיר שווערנ דיר, כאַוועך לענינ, אַז מיר וועלנ מיט ערע אויספילנ אויכ דעמ דאָזיקנ געבאָט דײַנעמ!..

אוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט דער כאַוועך לענינ אונדז פאַרזאָגט אָפּצוהיטנ און פאַרפעסטיקנ די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט. מיר שווערנ דיר, כאַוועך לענינ, אַז מיר וועלנ ניט שאַנעווענ אונדזערע קויכעס, כדי אויסצופילנ מיט ערע אויכ דעמ דאָזיקנ געבאָט דײַנעמ!..

אוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט דער כאַוועך לענינ אונדז פאַרזאָגט צו פאַרפעסטיקנ מיט אַלע קויכעס דעמ בונד פונ די אַרבעטער און פּויערימ. מיר שווערנ דיר, כאַוועך לענינ, אַז מיר וועלנ מיט ערע אויספילנ אויכ דעמ דאָזיקנ געבאָט דײַנעמ!..

דער כאַוועך לענינ האָט אומדערמידלעכ גערעדט צו אונדז וועגנ דער נייטיקייט פונ א פרײַוויליקנ בונד צווישנ די פעלקער פונ אונדזער לאַנד, וועגנ דער נייטיקייט פונ זייער ברידערלעכער מיטאַרבעט אינ די ראַמענ פונ דעמ פעלקער-פאַרבאַנד פונ די רעפּובליקנ.

אוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט דער כאַוועך לענינ אונדז פאַרזאָגט צו פאַרפעסטיקנ און פאַרברייטערנ דעמ פאַרבאַנד פונ די רעפּובליקנ. מיר שווערנ דיר, כאַוועך לענינ, אַז מיר וועלנ אויספילנ מיט ערע אויכ דעמ דאָזיקנ געבאָט דײַנעמ!..

לענינ האָט אונדז ניט איינ מאָל אָנגעוויזנ, אז די פארפעסטיקונג פונ דער רויטער ארמיי אונ די פארבעסערונג פונ איר צושטאנד איז איינע פונ די וויכטיקסטע אויפגאבנ פונ אונדזער פארטיי... איז לאָמיר שווערנ, כאווייריմ, אז מיר וועלנ ניט שאנעווענ קיינ קרעפטנ אפ צו פארפעסטיקנ אונדזער רויטע ארמיי, אונדזער רויטנ פלאָט...

אוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט דער כאווער לענינ אונדז פארזאָגט טרײַ זײַנ די פרינציפנ פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל. מיר שווערנ דיר, כאווער לענינ, אז מיר וועלנ ניט שאנעווענ אונדזער לעבנ, קעדיי צו פארפעסטיקנ אונ פארברייטערנ דעמ בונד פונ די ארבעטנדיקע פונ גאָר דער וועלט — דעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל!"[1].

דאָס איז געווענ די שווּע פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי צו איר פירער, לענינענ, וועלכער וועט לעבנ אינ דוירעס. ארומקוקנדיק זיכ אפנ דורכגעגאנגענעמ וועג, קענענ די באָלשעוויקעס מיט שטאָלצ דערקלערנ: די דאָזיקע שווּע ווערט מיט ערע אויסגעפילט.

***

זײַנ גאנצ לעבנ האָט לענינ אָפגעגעבנ צו באפרײַענ די ארבעטער אונ פויערימ פונ אונטערנ יאָכ פונ קאפיטאל, פונ אונטער דער מאכט פונ די קאפיטאליסטנ אונ פריצימ, אויפצובויענ דעמ סאָציאליזמ.

לענינס לעבנ אונ טעטיקײַט גיסנ זיכ צונויפ מיט דער טעטיקײַט פונ דער גרויסער אונ העלדישער באָלשעוויסטישער פארטיי, וואָס ער איז געווענ דער שעפער אירער.

לענינ איז געווענ דער געני פונ דער רעוואָליוציע. אינ די שארפסטע קלאסנ-שלאכטנ פונ דער נײַער עפאָכע, פונ דער עפאָכע פונ מילכאָמעס אונ רעוואָליוציאָנערע אויפטרייסלונגענ, איז לענינ געגאנגענ בעראָש פונ די פאָלקס-מאסנ. אונטער זײַנ אָנפירונג האָט געזיגט די גרויסע סאָציאליסטישע אָקטיאבער-רעוואָליוציע אינ ססר. די דאָזיקע רעוואָליוציע האָט באדײַט א ראדיקאלנ איבערבראָכ אינ דער וועלט-געשיכטע פונ דער מענטשהײַט, א קער פונ דער אַלטער, דער קאפיטאליסטישער וועלט צו דער נײַער, צו דער סאָציאליסטישער וועלט.

פונ די קלעמענ פונ דער ערשטער אימפעריאליסטישער וועלט-מילכאָמע, פונ דעמ גענעמ פונעמ אימפעריאליזמ האָט די ערשטע באָלשעוויסטישע רעוואָליוציע ארויסגעריסנ די ערשטע הונדערט מיליאָנ מענטשנ אפ דער ערד. די פאָלגנדיקע רעוואָליוציעס, האָט אָנגעוויזנ לענינ, וועלנ ארויסרײַסנ פונ די צוואנגענ פונ אימפעריאליסטישע מילכאָמעס אונ פונ דער וועלט פונעמ קאפיטאליזמ די גאנצע מענטשהײַט.

,,מיר האָבנ דאָס רעכט צו שטאָלצירנ אונ האלטנ זיכ פאר גליקלעכ דערמיט, — האָט געשריבנ לענינ, — וואָס אונדז איז די ערשטע

---

1 י. סטאלינ. וועגנ לענינענ, ז' 19—24. מעלוכע-פארלאג „דער עמעס", 1944.

אויסגעפאלנ אראָפּצוװארפנ אינ איינ װינקל פונ דעמ ערד-קײלעכ יענע כײע-ראָע, דעמ קאפּיטאליזמ, װאָס האָט פארגאָסנ די װעלט מיט בלוט, דערפירט די מענטשהײט ביז הונגער אונ פארװילדעװעטקײט, אונ װאָס װעט אומקומענ אומפארמײדלעכ אונ אינגיכנ, װי גװאלדיק בעסטיאליש עס זאָלנ ניט זײנ די אנטפלעקונגענ פונ איר פארגסיסעדיקנ װילדעװענ“.

לענינ איז דער געניאלער אָנפירער פונ דער פארטײ באָלשעװיקעס, דער פירער אונ לערער פונעמ ארבעטער-קלאס. ער איז א פירער פונ א נײעמ טיפּ — א פּאָשעטער אונ א באשײדענער, ענג פארבונדנ מיט די מאסנ דורכ טױזנטער פעדעמ, א פירער פונ נײע מאסנ — פּאָשעטע אונ געװײנלעכע טיפּסטע „אונטערשטע שיכטנ“ פונ דער מענטשהײט, װאָס האָבנ זיכ אופגעהױבנ צומ קאמפּ פאר זײער באפרײונג. אונ אינ דער זעלבער צײט איז ער דער גרעסטער געני פונ אלע צײטנ אונ פעלקער, א געני, װאָס איז באװאָפנט מיט אלע אויצרעס פונ מענטשלעכנ װיסנ אונ קולטור, װאָס באהערשט פולקומ דאָס אלצ באזיגנדיקע געװער פונעמ פּראָלעטאריאט — דעמ רעװאָלוציאָנערנ מארקסיזמ.

זײנ רעװאָלוציאָנערע טעטיקײט אינ געביט פונ איבערגעשטאלטנ די מענטשלעכע געזעלשאפט האָט לענינ געבויט אפ דער גראניט-באזע פונ מארקסיזמ. ער האָט באהערשט דעמ גאנצנ אויצער פונ מארקסיזמ. „לענינ איז געװענ אונ בלײבט, — האָט געזאָגט דער כאװער סטאלינ, — דער טרײסטער אונ קאָנסעקװענטסטער שילער פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ, װאָס שטיצט זיכ אינגאנצנ אפ די פּרינציפּנ פונ מארקסיזמ“.

מיט קאָלאָסאלער ליבע האָט זיכ לענינ באצויגנ צו יעדנ װאָרט אונ צו יעדנ געדאנק פונ די גרונט-לײגער פונעמ װיסנשאפטלעכנ קאָמוניזמ. מיט גרויסער קראפט אונ לײדנשאפט האָט ער געשטעמפּלט די יעניקע, װאָס האָבנ געפּרוּװט פּרײדיקנ „פרײהײט פונ קריטיק“ בענעגײע דער מארקסיסטישער טעאָריע אונ דורכשלעפּנ אפ אזא אופנ די בורזשואזע אידײענ. ער האָט אָנ ראכמאָנעס דעמאסקירט די אלע, װאָס האָבנ מיטנ מויל געשװוירנ טרײהײט מארקסנ אונ ענגעלסנ, אונ פאקטיש האָבנ זײ פאראטנ דעמ מארקסיזמ. לענינ האָט פארטײדיקט אונ אופגעשטעלט די װירקלעכע אָנשױנגענ פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ. ער האָט אָפּגערײניקט דעמ מארקסיזמ פונ פארשײדענערלײ אָפּאָרטוניסטישע פארקריפּלונגענ.

באגלײכ דערמיט האָט לענינ פיל מאָל אונטערגעשטראָכנ, אז דער מארקסיזמ — דאָס איז ניט קײנ דאָגמע, נאָר א ריכט-ליניע פאר דער טעטיקײט, אז די מארקסיסטישע טעאָריע דארפ מענ באװעגנ פאָרויס, אנטװיקלענ זי אינ אלע ריכטונגענ. ער האָט גערעדט װעגנ דעמ, אז „מע דארפ **זעלבשטענדיק** פאנאנדערארבעטנ מארקס' טעאָריע, װײל די דאָזיקע טעאָריע גיט בלויז אלגעמײנע **אָנפירנדיקע** פּרינציפּנ, װאָס װערנ אָנגעװענדט **ביפראט** צו ענגלאנד אנדערש, װי צו פראנקרײכ, צו פראנקרײכ אנדערש, װי צו דײטשלאנד, צו דײטשלאנד אנדערש, װי צו רוסלאנד“. מע טאָר ניט פארטײדיקנ די

אלטע באשלוסנ פונעמ מארקסיזמ, האָט ער געלערנט, ווענ די סיטואציע האָט זיכ געענדערט אונ פאָדערט נײַע באשלוסנ. מע דארפ זיכ קענענ באנוצנ מיט די מעטאָדנ פונ מארקסיסטישער פאָרשונג צו אנאליזירנ די נײַע היסטאָרישע באדינגונגענ, די נײַע סיטואציע.

אונ לענינ — דער קאָריפײַ פונ וויסנשאפט, דער אומפארגלײַכלעכער מײַסטער פונ מאטעריאליסטישער דיאלעקטיק — האָט שרעקלאָז געבראָכנ די אלטע אונ אָפּגעלעבטע אָנשווינגענ, האָט ארויסגערוקט אונ געלייזט נײַע פראגנ, וועלכע דאָס לעבנ האָט געשטעלט.

עס איז ניטאָ קיינ איינ געביט אינ דער וויסנשאפט אונ אינ דער פראקטיק, וואָס איז פארבונדנ מיטנ קאמפ פונעמ ארבעטער-קלאס פאר זײַנ באפרײַונג — עס איז ניטאָ קיינ איינ געביט אזא, וועלכנ לענינ זאָל ניט האָבנ בארײַכערט מיט די גרעסטע אידייענ. מע קאָנ ניט אָנרופנ קיינ איינ מער אָדער וויניקער גרויסע געשעעניש אינעמ לעבנ פונ די פעלקער אינ סאָפ פונ XIX אונ אינעמ ערשטנ פערטל XX יאָרהונדערט, קיינ איינ מער אָדער וויניקער ערנסטע דערשײַנונג אינ געביט פונ וויסנשאפט אונ רעוואָלוציאָנערנ קאמפ פונ די ארבעטער-מאסנ, וועלכע זאָלנ ניט האָבנ באקומענ קיינ גענויאלע באלײַכטונג אינ לענינס ווערק.

לענינ האָט בארײַכערט דעמ אידייִשנ אויצער פונעמ מארקסיזמ אפנ גרונט פונ דער דערפארונג פונ דער נײַער עפּאָכע. *לענינ האָט אנטוויקלט דעמ מארקסיזמ ווײַטער, אויפגעהויבנ אימ אפ א נײַער, העכערער שטופע.* ער איז דער שעפער פונעמ *לענינ יזמ*. כאווער סטאלינ האָט געגעבנ א קלאסישע דעפיניציע פונעמ לענינגיזמ: „לענינ יזמ דאָס איז מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימפעריאליזמ אונ פראָלעטארישער רעוואָלוציע. פּינקטלעכער: לענינ יזמ דאָס איז די טעאָריע אונ די טאקטיק פונ דער פראָלעטארישער רעוואָלוציע בכלל, די טעאָריע אונ די טאקטיק פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט באזונדערס". כאווער סטאלינ האָט באוויזנ די איינהײַט אונ די קאָנטינויִטעט פונ מארקס' אונ לענינס לערע, האָט גענויאל באלויכטנ דאָס נײַע, וואָס לענינ האָט ארײַנגעטראָגנ אינעמ אידייִשנ אויצער פונעמ מארקסיזמ.

לענינס לערע איז א לײַכט-טורעמ, וואָס באלײַכט דעמ וועג פונעמ זיגרײַכנ קאמפ פונ די ארבעטנדיקע פאר זייער באפרײַונג. האָבנדיק באהערשט די מאסנ, זײַנענ לענינס אידייענ געוואָרנ א גרויסע קראפט פונ איבערגעשטאלטנ די געזעלשאפט אפ די יעסוידעס פונעמ סאָציאליזמ. דער לענינ יזמ — דאָס איז די פאָנ פונ מיליאָנער פראָלעטאריער אונ ארבעטנדיקע אינ גאָר דער וועלט.

לענינ איז געווענ א טרײַער זונ פונעמ רוסישנ פאָלק. ער איז געווענ פול מיטנ געפיל פונ נאציאָנאלנ שטאָלצ פארנ פאָלק, וואָס האָט געשאפנ א מעכטיקע, לעבנספייִקע מעלוכע, האָט זי פארטיידיקט אינ דוירעסלאנגנ קאמפ קעגנ פרעמדלענדישע פארכאפער, האָט געשאפנ א רײַכע, בליענדיקע קולטור, א פראָגרעסיווע וויסנשאפט אונ קונסט. לענינ איז געווענ פול מיטנ געפיל פונ נאציאָנאלנ שטאָלצ פארנ רוסישנ פאָלק, וואָס האָט אויסגעטיילט פונ זיכ דעמ רעוואָ-

ליוציאָנערסטנ ארבעטער־קלאס אינ דער וועלט, וואָס האָט דערצויגנ אינ זיכ דעמ טיפסטנ האס צו יעדנ מינ נאציאָנאלע אונטערדריקונג, וואָס האָט געשאפנ די ערשטע אינ דער וועלט סאָציאליסטישע מעלוכע — דעמ פארבאנד סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליקנ, וואָס באזירט זיכ אפ דער ברידערלעכער מיטארבעט פונ אלע פעלקער.

האלטנדיק זיכ בא לענינס לערע, האָט די באָלשעוויסטישע פארטיי באהעפט אירע רייענ, האָט אופגעהויבנ דעמ ארבעטער־קלאס אונ דאָס פויערטומ צומ קאמפ קעגנ דער זעלבסטהערשונג אונ קעגנ דעמ קאפיטאליזמ. אונטער לענינס פאָנ איז דער ארבעטער־קלאס פונ אונדזער לאנד געגאנגענ שטורעמענ די פעסטונגענ פונעמ קאפיטאל אונ האָט געזיגט אינ די שלאכטנ פאר דער גרויסער סאָציאליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אונטער לענינס פאָנ האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק גראָמירט אונ פארניכטעט די כאיאָלעס פונ די ווײַסגווארדייער אונ אינטערווענטנ אינ די יאָרנ פונעמ בירגערקריג. מיט לענינס נאָמענ זײַנענ פארבונדנ די זיגנ פונעמ סאָוועטישנ פאָלק אפ אלע קאמפס־פראָנטנ — אפנ מיליטערישנ, ווירטשאפטלעכנ, דיפלאָמאטישנ, קולטורעלנ. מיט לענינס נאָמענ איז פארבונדנ די שאפונג אונ די פארפעסטיקונג פונ דער סאָוועטישער מעלוכע, די שאפונג אונ די פארווירקלעכונג פונ גרויסנ פלאנ פונ אופבויענ דעמ סאָציאליזמ בא אונדז אינ לאנד. מיט זײַנ נאָמענ גייענ די ארבעטנדיקע פונ סססר צו די ליכטנדיקע הייכנ פונעמ קאָמוניזמ, בײַקומענדיק אפ זייער וועג אלע שטערונגענ אונ אָפשלײַדערנדיק אלע סאָנימ פונעמ סאָציאליזמ.

דאָס לעבנ, די טעטיקײַט אונ די גרויסע ווערק לענינס לערנענ אונדז דערפאָלגרײַכ צו קעמפנ פארנ קאָמוניזמ. „געדענקט, האָט ליב, שטודירט איליטשנ, אונדזער לערער, אונדזער פירער", — רופט כאַווער סטאלינ. כאַווער סטאלינ לערנט אונדז „אייצע האלטנ זיכ" מיט לענינענ, ווענדנ זיכ צו אימ באמ לייזנ גרויסע אונ קליינע פראגנ.

א גרויסע געשטאלט פונ א טוער פונ לענינישנ טיפ האָט געשילדערט כאַווער סטאלינ אינ זײַנ ארויסטרעטונג אפ דער פאָרוואל־פארזאמלונג פונ די וויילער דעמ 11 דעקאבער 1937 יאָר.

דאָס פאָלק דארפ פאָדערנ פונ זײַנע דעפוטאטנ, האָט געזאָגט כאַווער סטאלינ, „אז זיי זאָלנ בלײַבנ אפנ פאָסטנ פונ פאָליטישע טוער פונעמ לענינישנ טיפ, אז זיי זאָלנ זײַנ אזעלכע קלאָרע אונ פעסטע טוער, ווי לענינ, אז זיי זאָלנ זײַנ אזוי שרעקלאָז אינ שלאכט אונ אָנראכמאָנעסדיק צו די סאָנימ פונ פאָלק, ווי עס איז געווענ לענינ, אז זיי זאָלנ זײַנ פרײַ פונ יעטווידער פאניק, פונ יעטווידנ סימענ פונ פאניק, ווענ די זאכ הייבט אָנ ווערנ קאָמפליצירט אונ אפנ האָריזאָנט מערקט זיכ אָנ עפעס א געפאר, אז זיי זאָלנ זײַנ אזוי פרײַ פונ יעטווידנ סימענ פונ פאניק, ווי ס'איז פרײַ געווענ לענינ, אז זיי זאָלנ זײַנ אזוי קלוג אונ ניט אײַליק באמ לייזנ קאָמפליצירטע פראגנ, ווו עס איז נייטיק אנ אלזײַטיקע אָריענטאציע אונ אנ אלזײַטיקער דיסקאָנט פונ אלע פלוסנ אונ מינוסנ, ווי עס איז געווענ לענינ, אז זיי זאָלנ זײַנ אזוי עמעס־

דיק אונ ערלעכ, ווי עס איז געווענ לענינ, אז זײ זאָלנ אויכ אזוי ליב האָבנ זײער פאָלק, ווי ס'האָט עס ליב געהאט לענינ".

אונדזער רומפולע באָלשעוויסטישע פארטײ האָט באקומענ בעיערושע פונ לענינענ זײנ גענ:אלע לערע, זײנ מעכטיקנ, אומבאזיגבארנ ווילנ, זײנ הײסע ליבע צומ פאָלק. מיר האָבנ געזיגט אדאנק דער טרײַקײט צו לענינס זאכ, צומ לענינ:זמ!

לענינס נאָמענ, זײנע מײסימ אונ זײנ לערע וועלנ איבערלעבנ יאָרהונדערטער אונ יאָרטויזנטער.

לענינס אידײענ האָבנ באקומענ א לעבעדיקע פארקערפערונג אינעמ פארבאנד סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליקנ, אינ דער העלדישער פארטײ באָלשעוויקעס, אינעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל. זײ זײנענ פארקערפערט אינ די ווערק אונ אינ דער טעטיקײט פונ לענינס גרויסנ מיטקעמפער, דעמ טרײַענ פאָרזעצער פונ זײנ זאכ — כאווער סטאלינ.

לענינ לעבט אינ די מויכעס אונ אינ די הערצער פונ די ארבעטנדיקע פונ ססר אונ פונ די אונטערדריקטע פונ גאָר דער וועלט. לענינס נאָמענ קלינגט פארנ ארבעטער-קלאס אונ פאר די ארבעטנדיקע פונ גאָר דער וועלט ווי א פלאמיקער רופ צומ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ די אונטערדריקער, פאר א פרײַ גליקלעכ לעבנ, פארנ קאָמוניזמ.

אינ די טעג פונ גרויזאמע ניסיוינעס, ווענ אונדזער הײמלאנד פירט א טויט-געראנגל מיטנ רויבערישנ היטלערישנ אימפעריאליזמ, באגײַסטערט די גרויסע מוטיקע געשטאלט פונ לענינענ די העלדישע פעלקער פונעמ סאָוועטנפארבאנד צו אומשטערבלעכע העלדנטאטנ פאר דעמ סאָציאליסטישנ פאָטערלאנד. דאָס גאנצע סאָוועטישע פאָלק האָט זיכ אופגעהויבנ צו דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע קעגנ די דײַטשיש-פאשיסטישע פארכאפער, וואָס זײנענ טרײַבערעכעריש אָנגעפאלנ אפ אונדזער פרידלעכ לאנד. אונטער לענינס פאָנ, אונטער דער אָנפירונג פונעמ גרויסנ סטאלינ פארטײדיקט דאָס סאָוועטישע פאָלק מיט לײַב-אונ-לעבנ זײנ הײמלאנד קעגנ די פרעמדלענדישע האָרדעס, עס פארטײדיקט די דעראָבערונגענ פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, די סאָציאליסטישע אָרדענונג, די סאָציאליסטישע קולטור.

דוירעס סאָוועטישע העלדנ זײנענ אופגעצויגנ אונ דערצויגנ געוואָרנ אפ לענינס אלצ-באזיגנדיקע אידײענ, זײ זײנענ דורכגעדרונגענ מיט זײנ גרויסנ גײַסט. גײענדיק אפ אומשטערבלעכע העלדנטאטנ, אפ העלדישע אופטוענ אינ דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, טראָגנ אינ זײער הארצנ מיליאָנענ זינ אונ טעכטער פונעמ סאָוועטישנ פאָלק, מעסירעסנעפעשדיק איבערגעבענע זײער מוטער — דעמ הײמלאנד, די געשטאלט פונעמ גרויסנ לענינ.

לענינס זאכ איז אומבאזיגבאר!

